א. ל. שוסהיים

# פון קליינע און גרויסע זאַכן

א זאַמלונג עסייען, אַרטיקלען
און פעליעטאָנען



אַרויסגעגעבן דורך דעם יובל־קאָמיטעט
צום 70סטן געבוירנטאָג פונעם מחבר.

בוענאָס־איירעס

1949

A. L. SCHUSSHEIM

# "Fun Kleine un Groise Zajn"

**(De pequeñas y de grandes cosas)**

SELECCION DE ENSAYOS

EDITADO POR UN COMITE DE HOMENAJE

IMPRESO EN LA ARGENTINA

PRINTED IN ARGENTINE

# פאָרוואָרט פון דר. לעאָן דובאָווגע

ווען אַ. ל. שוסהיים איז געקומען קיין אַרגענטינע מיט דרײַ און צוואַנציק יאָר צוריק און האָט דאָ אָנגעהויבן זײַן אַרבעט אין „די אידישע צײַטונג", איז צום אידישן זשורנאַליזם אין בוענאָס־אײַרעס צוגעקומען אַ נײַע שטים מיט קלאָרע כאַראַקטער־שטריכן. אַ נײַע שטים, מיט אַן אײגענעם, אײגנאַרטיקן קלאַנג. אין די אַרבעטן וועלכע זײַנען אײַנגעשלאָסן אין אָט דעם באַנד וואָס די פרײַנט פון אַ. ל. שוסהיים גיבן אַרויס צו זײַן 70־יעריקן געבוירנטאָג, וועט דער לײענער נאַטירלעך נישט האָבן די גאַנצע פאַרצווײַגטע און ערנסטע אַרבעט פון שוסהײמס פעדער. די דאָזיקע בלעטער זענען נישט מער ווי אַן אָפּקלײַב פון אַ שאַפונג פון אַרײַבער פיר יאָרצענדליקער, אַן אַרבעט פון אַ זשורנאַליסט און עסײַאיסט, וועלכער שאַפט מיט ערנסט און איבערגעבנקייט. אָבער, הגם דאָס איז נאָר אַן אָפּקלײַב, גיט עס אַ מעגלעכקייט — אויסער דער אָנערקענונג וואָס די אַרטיקלען רופן אַרויס צוליב זײער אינערלעכן ווערט — צו באַטראַכטן די הויפּט־שטריכן פון דער ליטעראַרישער פּערזענלעכקייט פון דעם מחבר און דעם ספּעציעלן באַדײַט פון זײַן ווערק אין דער ייִדיש־אַרגענטינער סביבה.

דאָס ווערק, געשאַפן דורך דעם טעמפּעראַמענט פון אַ מענטשן, וועלכער אַנטלויפט פון פיקציעס און מאַכט פון דער אידייאישער ערלעכקייט דעם ציל פון זײַן טאָג־טעגלעכער אַרבעט, ווערט באַשטימט אפשר אין זײער אַ גרויסער מאָס דורך די עטאַפּן פון א ל. שוסהײמס אינטעלעקטועלער אויספורעמונג.

אונדזער מחבר איז געבוירן געוואָרן אין ראַדימנע, אַ קלײן שטעטל אין גאַליציע. פריער אין שטעטלשן חדר, און שפּעטער אין חדר און אין ישיבה אין לעמבערג, האָט ער באַקומען די געוויינלעכע אויסבילדונג, וואָס עס פלעגן באַקומען ייִדישע קינדער אין מזרח־אײראָפּע אין די לעצטע יאָרצענדליקער פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. זײַן יוגנט פאַרברענגט

ער אין קראָקע און אין ווין. צוויי נייע שפּראַכן מיט זייערע ליטעראַטורן באַרייכערן זיין גייסט, וואָס האָט זיך לכתחילה געשפּייזט מיט דעם טראַ־דיציאָנעל־יידישן. און יידיש איז פאַרבליבן די שפּראַך, אין וועלכער ער ווענדעט זיך געוויינטלעך צו דער עפנטלעכקייט.

דאָס באַהערשן פון אייראָפּעאישע שפּראַכן האָט דערמעגלעכט אונ־דזער מחבר אַריינצודרינגען אין דער געדאַנקען־וועלט פון יענע יידישע גייסטער, וועלכע האָבן געווירקט אויסער דעם תחום פון די יידישע לשו־נות, און האָט אים אויך מעגלעך געמאַכט צו אַנטדעקן יענע אינטעלעקט־טועלע עלעמענטן, וועלכע טראָגן־ביי צו פאַרפולן דאָס טאָטאַלע בילד פון יידנטום אין דער מאָדערנער געשיכטע. דאָס האָט אים אויך דערמעגלעכט צו באַטראַכטן מיט דעם שאַרפזין פון אַ פּסיכאָלאָג און מיט דער פעאיקייט פון אַ סאָציאָלאָג די פּאָזיציע און די ווערק פון יידישע פערזענלעכקייטן וועמען די וועלט האָט געקענט אין אַנדערע שפּראַכן. אַ באַמערקבאַרער אינטערעס האָט נישט איינמאָל געטריבן שוסהיימען זיך צו דערנענטערן צו אָט־די פערזענלעכקייטן, וועלכע זענען געווען טעטיק אין דער ניט־יידי־שער וועלט, אַמאָל אָפּהיטנדיק זייער אָנגעהעריקייט צום יידנטום און אַמאָל ווידער, זיך אָפּטיילנדיק אינגאַנצן פון אים. א. ל שוסהיים טוט עס מיט דעם נייגיר פון געשיכטס־שרייבער און מיט דער אויפנאַם־פעאיקייט פון אַ קינסטלער

אַ דאַנק דער ברייטקייט פון שוסהיימס אינטעלעקטועלע האָריזאָנטן, זענען אין דעם באַנד פאַראַן בלעטער, ווי די וואָס געהערן צום ערשטן אָפּטייל: „פונעם היימישן קוואַל”, וו דער מחבר ווייזט אַרויס זיין אינע־רע פאַרבונדנקייט מיט די פאַרשידענע פאָרמען פון יידישקייט; ער ווייזט זיך ווי אַ דענקער וואָס איז גענוי באַקאַנט מיט דער יידישער ווירקלעכ־קייט און מיט אַ נטיה צו אַרויפברענגען געשיכטלעכע עפּיזאָדן און גאַנצע תקופות מיט פיל לעבעדיקייט. עס זענען אויך פאַראַן אין דעם באַנד צען אַרטיקלען אונטערן אַלגעמיינעם קעפּל „יידן אין דער פרעמד”. אויב בשעת ער באַהאַנדלט דאָס אייגנאַרטיק יידישע, האָט ער געזוכט צו אַנטפּלעקן די פעדים וועלכע שאַפן דאָס געוועב פון יידישן לעבן, איז ווען ער באַ־טראַכט די יידן אין דער פרעמדער וועלט, זעט ער פאַרשיידענע אַספּעקטן — נישט תמיד באַקאַנטע — פון יידנטום אין אונדזער צייט און ער אַנט־פּלעקט פאַר אונדז אינדיווידועלע דראַמעס איבער וועלכע ס'איז כדאי נאָכצודענקען.

שוסהיים איז פאַרבונדן מיט דער ליטעראַטור אין יידיש און ער האָט אין איר געשטעלט זיינע ערשטע טריט מיט 45 יאָר צוריק, אונטער דער דערמוטיקונג פון אברהם רייזען. שוין לאַנגע יאָרן ווי ער דרוקט עסייען אין טאָג־אַרטיקלען איבער אַקטועלע טעמעס. אין זיינע עסייען, ווען ער

דערמאָנט זאַכן פון דער פאַרגאַנגענהייט, איז שוסהיים גלייכצייטיק דער היסטאָריקער פון דאָס געשעענע און אינטערפּרעטירט די געשעענישן פון טאָג. אין זיינע אַרטיקלען באַגרענעצט ער זיך קיינמאָל נישט צו קאָמענטירן נאָר די געשעענישן פון מאָמענט; ער האָט ליב צו גיין צום בראשית פון די פּאַסירונגען, צו די מקורות, אַנטפּלעקן זייער קרובהשאַפט. אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן איז ער אויך היסטאָריקער בשעת ער שרייבט וועגן טאָג־געשעענישן.

אַ ציוניסט, נאָך פון דער תקופה ערב דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס וואָס איז פאַרופן געוואָרן דורך הערצלען אין 1897, האָט ער זיך פּערזענלעך פאַרבונדן מיט אַ סך ציוניסטישע פירער און האָט נאָכגעפאָלגט זייער לעבן און ווערק. זינט דעמאָלט פאַרנעמט דער ציוניזם אַ צענטראַלן אָרט אין זיינע זאָרגן, אין זיינע אינטערעסן, אין זיין געפילסלעבן. דעריבער באַציען זיך כמעט אַלע אַרבעטן וואָס זענען איינגעשלאָסן אין אָפּטייל „מענטשן און ווערק", צו ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן. הגם שוסהיים איז אַ מיטגליד פון אַ פּאַרטיי אין ציוניזם, איז אים אָבער זיכער נישט גרינג זיך אונטערוואַרפן אַ פּאַרטיי־דיסציפּלין. ער וויל תמיד און האָט הנאה פון רעזערווירן פאַר זיך די פרייהייט פון קריטעריום וואָס זאָל אים דערמעגלעכן צו משפטן פּערזענלעך געשעענישן, מענטשן, האַנדלונגען.

אין זיינע יונגע יאָרן האָט שוסהיים געלעבט אַ שטיקל צייט אין ענגן קאָנטאַקט מיטן נתן בירנבוים. עפּעס האָט ביי אים געקאָנט פאַרבלייבן פון זיין השפּעה: דער רעבעלירנדיקער גייסט, דער ווידערשטאַנד זיך צו אונטערוואַרפן אַ דאָגמע.

שוסהיים איז אַ מענטש מיט שטאַרקע געפילן, אפשר מיט ליידנשאַפטן. אָבער ווען ער שרייבט, ווערן די ליידנשאַפטן ניט אויסגעדריקט אין דעקלאַמאַטאָרישע פראַזן אָדער אין רעטאָרישע אויסגעשרייען. זיי דריקן זיך אויס אין אַ באַמיאונג צו איבערצייגן, אויף אַ זשורנאַליסטישן אופן וואָס באַשטייט אין וועלן צוציען דעם לייענער צו זיינע מיינונגען מיט שכלדיקע אַרגומענטן און ניט באַאיינפלוסן אים מיט פּאַרטיקע קימאַלן'ס. שוסהיימס טעזן, וואָס ווערן אָפט דיסקוטירט אַפילו דורך יענע פריינט זיינע וואָס שעצן אַמערסטן זיינע אַרבעטן, זענען געבויט אויף דעם פעסטן גלויבן אַז די לאָגיק איז אַן איבערצייגנדיקער כוח, וואָס דער ציוויליזירטער מענטש טאָר נישט מינדערשעצן. אין אַ געוויסער מאָס לאַדט ער אַליין איין מ'זאָל מיט אים דיסקוטירן, צוליב דעם אופן דורך וועלכן ער באַמיט זיך אַז אויך אַנדערע זאָלן טיילן מיט אים זיינע מיינונגען.

אָפטמאָל באַנוצט א. ל. שוסהיים אין זיינע אַרטיקלען די מעטאָדיק פון לערער: פריער שטעלט ער פעסט די אַלגעמיינע כללים און דאַן ווענדעט ער זיי אָן אויף דעם פאַקט צו וועלכן ס'באַציט זיך דער קאָ־

מענטאַר. שוסהיימס לייענער ווערט געצוווּנגען צו נאָכטראַכטן, ווייל דער מחבר גופא גיט אים דעם ביישפּיל פון זיין דענקען בשעת ער אַנטוויקלט די עקספּאָזע פון זיינע אַרטיקלען.

אַן ערנסטער מענטש, מיט ערנסטע און פעסטע איבערצייגונגען, באַטראַכט שוסהיים די מענטשלעכע ענינים מיט דער פילאָזאָפישער רו פון אַ ליבהאָבער פון לעבן, וואָס איז ביכולת צו אַנטפּלעקן אויך דאָס פיינטאַרעסקע וואָס דאָס לעבן ברענגט אַרויס. פון דאַנען שטאַמט דער הומאָר וואָס מ'באַמערקט אין אייניקע פון די אַרבעטן וואָס זענען איינגעשלאָסן אין דעם פינפטן אָפּטייל פון דעם באַנד — „אויף קאַטאָוועס און אין רעכטן אמת", — אָבער דער הומאָריסטישער אַקצענט איז ווייניקער אָנגרייפעריש ווי זיינע אַרגומענטאַציעס, כאָטש ער באַמיט זיך תמיד אַרויסצוברענגען זיינע אַרגומענטן אין אַן אָביעקטיוון טאָן. דערביי דערווייטערט ער זיך קיינמאָל נישט פון דער גוטמוטיקייט פון זיין גייסט.

זיין זיבעציק־יעריקער געבוירנטאָג טרעפט שוסהיימען אין פולער גייסטיקער פרישקייט מיט אַ פולער, שפּרודלדיקער וויטאַליטעט. זיין טעמפּעראַמענט פון אַ „מעורב עם הבריות" דערלויבט אים צו האָבן פעריזענלעכע פאַרבינדונגען מיט מענטשן פון אַלע קרייזן, נישט געקוקט אויף דער שטרענגקייט מיט וועלכער ער באַהאַנדלט אָפטמאָל זייערע פּאָליטישע טענדענצן. און הגם ער איז תמיד מוכן ומזומן צו דיסקוטירן איבער אַלץ און אַלעמען, איז אָבער פאַראַן פאַר אים איין זאַך וואָס קען נישט ווערן דיסקוטירט: דער חוב פון יעדן יידן צו זיין טריי צום יידנטום און צו זיינע טראַדיציעס. אַרום דעם וויל ער אויסבויען די אייניקייט פון זיין סביבה ווי אַ מין מאָדעל אין מיניאַטור פון אחדות ישראל.

ב. איירעס, אַפּריל 1949.

לעאָן דובאָוונע.

# אַ באַגלייט-וואָרט פֿונעם מחבר

דער טיטל פֿון דעם דאָזיקן בוך „פֿון קליינע און גרויסע זאַכן" איז דער זעלבער, אונטער וועלכן דער מחבר שרייבט זייט יאָרן טאָג-טעגלעך אין „די אידישע צייטונג" פֿון בוענאָס-איירעס. די מערסטע פֿון די אַרבעטן אין דעם בוך זענען געדרוקט געוואָרן אונטער דעם דאָזיקן טיטל אין דער צייטונג.

פֿון דער זשורנאַליסטישער אַרבעט פֿונעם מחבר, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין 1905, זענען אַריין אין דער דאָזיקער זאַמלונג נאָר אַרטיקלען וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין דער צייט צווישן 1933 און אָנפֿאַנג 1949. פֿון די פֿריערדיקע אַרבעטן אין פֿאַרשידענע יידישע בלעטער איז ניט געבליבן דעם מחבר קיין שום אויסשניט, ניט קיין מאַנוסקריפּט.

דער מחבר איז זיך באַוווּסט פֿון דער שוועריקייט צונויפֿצונעמען אין איין בוך אַרטיקלען פֿון פֿאַרשידנאַרטיקן אינהאַלט, געשריבענע אין פֿאַרשידענע צייטן, אין פֿאַרשידענע סיטואַציעס און ביי פֿאַרשידענע עפּנטלעכע שטימונגען. ס'איז שווער צו שאַפֿן אַן איינהייט פֿון זאַכן, וועלכע זענען געשאַפֿן געוואָרן אין אַזוי פֿאַרשידענע מאָמענטן. אָבער אַ געוויסע איינהייט פֿונעם געדאַנק פֿונעם נאַציאָנאַלן ציל וועט דער אָביעקטיווער לייענער אפשר דאָך אַרויסגעפֿינען. און וואָס ס'איז נוגע די פֿאַרשידנקייט פֿון די טעמעס און אפשר אויך די ניט אַקטועלקייט פֿון אַ טייל אַרבעטן אין דעם בוך, טיילט די דאָזיקע זאַמלונג דעם גורל פֿון אַלע ביכער פֿון דעם מין.

פֿון דער זאַמלונג האָב איך אויסגעשלאָסן די זאַכן וואָס האָבן אַ שייכות צו גאַליציע, ווייל איך טראַכט אַרויסגעבן אַ בוך וועגן דער געוועזענער יידישער גאַליציע, אויב דער אויבערשטער וועט מיר שענקען נאָך אַביסל יאָרן און געזונט.

נאָך אַ וואָרט וועגן דער קאָרעקטור און דער אָרטאָגראַפֿיע. די קאָרעקטור האָט דער מחבר מערסטנס אַליין געמאַכט און פֿאַר די געבליי-

בענע גרייזן וועט ער אַליין מוזן אָפּגעבן דין וחשבון פאַרן בית דין של מעלה. צוליב דער ניט גענוגנדער קאָרעקטור לײדט אויך די אָרטאָגראַפיע באַזונדערס פון די פרעמדווערטער. אַזוי קומט אַרויס דאָס וואָרט „אידײ״ אין דריי פאַרשידענע אויסלייגן אַלס „אידיי״, אידייע״ און „אידעע״. איך ווייס אַליין נישט וויפל זעצער און קאָרעקטאָרן האָבן זיך דאָ פאַרזינדיקט קעגן דער ריינער אידייע.

צום סוף וויל איך אויסדריקן מיין אויפריכטיקן דאַנק די אַלע פּער־זאָנען פונעם יובל־קאָמיטעט, וועלכע האָבן מיט זייער מי און אַרבעט דערמעגלעכט אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל קענען דערשיינען. דאָס זענען: דר. יעקב העלמאַן, אַ דאַנק וועמענס איניציאַטיווע דער קאָמיטעט האָט זיך אָרגאַניזירט, דר. אברהם מיבשן, דער פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט, דאַן די ה״ה מענדל אַבזאַץ, דוד גרויסמאַן, דר. משה גאָלדמאַן, דר. רי־קאַרדאָ דובראָווסקי, דר. יואל זינגער, איליאַ טראַצקי, נחום לעווין, מאַק־סימאָ לעווין, יעקב פּאַלאַטיצקי און, אהרון אחרון חביב, דר. לעאָן דוכאָוונע.
ב. איירעס, אַפּריל 1949.

א. ל. ש.

**פונעם היימישן קוואַל**



**מענטשן און ווערק**

## פּאָלעמיש



## יידן אין דער פרעמד



## אויף קאַטאָוועס און רעכטן אמת

## נעכטן און היינט

## דברי מוסר



## דער אַרגענטינער ישוב אין דער יידישער וועלט

# פּרץ און אונדזער דור

— 1 —

מיר פייערן זיין דרייסיקסטן יאָרצייט, און דאָך קענען מיר זיך אַלץ נישט צוגעוווינען צו באַטראַכטן אים אַלס טויטן. פּרץ שוין דרייסיק יאָר טויט? ער איז אונדז נאָך אַזוי לעבעדיק, ער איז נאָך אַזוי שטאַרק צווישן אונדז. מיר ווילן אים נעמען אַלס גבית עדות פאַר אונדזערע געדאַנקען און שטרעבונגען, פאַר אונדזערע נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און קולטורעלע באַוועגונגען. און נישט צולעצט אויך פאַר פּאַרטייאישע. פּרץ איז אונדזערער — טענהט איין פּאַרטיי. ניין — ער איז אונדזערער — רופט זיך אָן אַן אַנדערע. און ביידע האָבן רעכט. וואָרום פּרץ איז אַלעמענס. און אַלע זענען זיינע.

יעדעס מאָל ווען מען דערנענטערט זיך צו פּרצן איז פאַראַן די סכנה, אַז די אָדער יענע פּאַרטיי זאָל אים נישט אַנעקסירן פאַר זיך און אים צונעמען ביי אַלע אַנדערע יידן. און פּונקט אַזוי איז פאַראַן אַ צווייטע סכנה, אַז געוויסע פּאַרטייען זאָלן נישט פּרוּוון מוותר זיין אויף פּרצן. ביידע דרכים וואָלטן געווען גלייך שעדלעך און גלייך פּרעמד צום פּרץ־גייסט. וואָרום פּרץ איז נישט דער דיכטער פון דער אָדער יענער פּאַרטיי — ער איז אונדזער אַלעמענס. יעדע פון די שיטות אינעם היינטיקן יידישן קולטור־לעבן קאָן אין פּרצעס גייסטיקער ירושה געפינען געדאַנקען און רעפלעקסן, וועלכע זי קאָן נעמען פאַר זיך. פּרץ איז נישט קיינעמס „אַנטי" — ער איז נאָר אַנטי־פּינצטערניש, אַנטי־קולטור־לאָזיקייט, אַנטי — דעם גראָבן עגאָאיזם, אַנטי־אַסימילאַציע און אַנטי־תקיפות. און נאָר ווען מען דערנענטערט זיך צו פּרצן מיט דער ערלעכער כוונה זיך מתיחד צו זיין מיט זיין גייסט, מיט זיין גייסטיקן און דיכטערישן ווערק, נאָר דאַן ווערט מען גערעכט צו אים.

— 2 —

פּרץ איז אונדזער אַלעמענס. און ער לעבט. ער לעבט מיט זיין גאַנצער תקופה, וועלכע איז נאָך נישט לחלוטין פאַרשוווּנדן. די דאָזיקע תקופה, איר גייסט, לעבט נאָך אין אונדז — אין גוטן און אין שלעכטן. מיר זענען קינדער פון דעם דאָזיקן גייסט אָדער זיינע ייִנגערע ברידער. און פּרץ איז מיט אונדז.

— 3 —

פּרץ דאַרף מען זיך לערנען פאַרשטיין פון זיין פּויליש־יידישער סביבה, פון דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער לאַגע פון די פּוילישע יידן אין 19־טן יאָרהונדערט און פון די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט ביז צו דער וועלט־מלחמה. פּרץ האָט געזען און מיטגעליטן פון דער עקאָנאָמישער געדריקטקייט פון די יידישע מאַסן, וועלכע ער האָט געוואָלט סאָציאַל און קולטורעל דערהייבן און דערפאַר איז ער געווען מיטן גאַנצן האַרצן מיטן סאָציאַלן קאַמף פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין וועלכער ער האָט געזען דעם אַוואַנגאַרד פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. אָבער גלייכצייטיק מיט דער סאָציאַלער נויט האָט ער געזען די גייסטיקע נויט וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַסימילאַטאָרישער קריכערישקייט, פון דעם נאָכמאַכפּעוודיקן פרעמדע זיטן, פון דעם אויבנאויפיקן צו־פּאַסן זיך צו פרעמדע קולטורן, אָבער אויך פון אונדזער אייגענער פינצטערניש און אָפּגעשטאַנענקייט.

— 3 —

פּרץ איז אונדזערער. ער איז אונדזער אַלעמענס. ער לעבט אין אונדז. ער איז דער עמוד האש פון דער נייער יידישקייט, דער וועגווייזער צווישן צוויי גרויסע תקופות. און מיר אַלע זענען, ווי זאַראַטוסטראַ זאָגט, די בריק. מיר אַלע, וועמענס דערציאונג ליגט אין דער תקופה פון סוף 19־טן יאָרהונדערט, און וועמענס רייפקייט־יאָרן זענען געלאָפן אין דער צייט פאַר דער מלחמה.

מיר אַלע זענען צוזאַמען מיט פּרצן די בריק צווישן צוויי תקופות און מיר טראָגן אין זיך אַרום די סתירהדיקייט פון פּרצעס גייסטיקער פערזענלעכקייט. פּרץ דער קינסטלער איז דער ראָמאַנטיקער פון דער פאַרשווינדענדיקער אַלטער יידישקייט. ער קוקט אַרויף מיט פאַרוווּנדערונג אויף די „בערג", אויף דער וועלט פון דער אַלטער לומדות, פון יידישער תורה און חכמה. ער ווייזט אונדז די תמימות פון חסידיזם, דעם טיפן ממש קינדישן גלויבן אין דעם כוח פון אמונה און דאָס פּשטות. איבער אַלץ אָבער שיינט דאָס מסירת נפש, די אמתע אַלט־יידישע מסירת נפש, דאָס זיך מקריב זיין פאַרן גלויבן, פאַר יידישקייט, פאַר תורה און מצוות — פאַר אַ הייליקער, געהייליקטער אידייע.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר י. ל. פּרצעס קינסטלערישן שאַפן ווי אָפט עס חזרט זיך ביי אים איבער די טעמע פון מסירת נפש. דאָס איז נישט קיין צו־פאַל און נישט סתם „ליטעראַטור". די אידייע פון מסירת נפש איז דער פּונקט, וווּ עס טרעפן זיך צוזאַמען ביי פּרצן די עסטעטיק מיט דער עטיק, דער אידעאַל פון שיינקייט מיט דעם אידעאַל פון זיטלעכקייט און דעריבער אויך מיט דער פּאָליטיק. און מען קען זיך דענקען, אַז ביי פּרצן איז אויך אין דער פּאָליטיק דער איינציקער מאַסשטאַב — מסירת נפש: ווי ווייט קאָנסטו דיך מקריב זיין פאַר דער אידייע, וועלכע דו פּרעדיגסט? און דער דאָזיקער מאַסשטאַב האָט אָריענטירט זיין באַציאונג צו די מענטשן פון דער פּאָליטיק און פון די פּאַר־

טייען. דאָס האָט אים געהאָלפן צו זיין גערעכט און מענטשלעך צו אַלעמען, וועלכע האָבן געשטרעבט צו זיין גערעכט און מענטשלעך.

— 4 —

די אידייע פון מסירת נפש איז דער פּאָדעם, וועלכער פאַרבינדט ביי פּרצן די וועלט פון דער אַלטער יידישקייט מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן צאַריזם, קעגן יענטווערדן פּאָליטישן אַבסאָלוטיזם, קעגן געוואַלד־הערשאַפט און קעגן רשעות און אומגערעכטיקייט בכלל.

צו מסירת נפש זענען פעאיק מענטשן פון אַ טיפן און הייליקן גלויבן. פּרץ, דער פּאָליטישער ראַדיקאַל, איז אין דער קונסט אַבסאָלוט אומפּאַרטייאיש. ער שליסט נישט אויס אפילו דעם רייכן גביר פון דער מאָראַלישער פעאיקייט צו מסירת נפש. דאָס איז דער גביר, וועמען גזלנים זענען איבערגעפאַלן אין מיטן נאַכט און וועלכער קוקט גלאַסן־צו ווי מען נעמט ביי אים צו זיין גאַנץ פאַר־מעגן. „גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט גענומען — טראַכט ער — געלויבט איז זיין הייליקער נאָמען". דער ייד קוקט רואיק צו ווי די גזלנים שלעפּן אַרויס פון די שופלאָדן זעקלעך מיט גאָלד און זילבער, זעקלעך מיט צירונג און אַלערליי טייערע כלים און ער שווייגט. נאָר ווען די גזלנים ווילן אַוועקנעמען אַ זעקל ארץ ישראל־ערד, גיט ער אַ געשריי „רירט נישט" און ער פאַלט אַ קרבן פונעם גזלנישן מעסער. דאָס איז מסירת נפש פאַר אַ קליין ביסל ארץ־ישראל־ערד. דאָס איז כדאי צו געדענקען.

און פּרץ, וועלכער באַזינגט די אַלטע מסירת נפש פאַר דער אמונה, פאַר דער תורה און פאַר יידישער מענטשלעכקייט, איז מיטן האַרצן אינגאַנצן מיט די רעוואָלוציאָנערע קעמפער, מיט די, וועלכע זענען זיך מוסר־נפש פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט — פרייהייט און גערעכטיקייט פאַר זייער פאָלק און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. און אַזוי ווערט די מסירת נפש פון אונדזערע רעוואָ־לוציאָנערע קעמפער די פאָרזעצונג פון דער אַלטער מסירת נפש, פון די, וואָס האָבן זיך מקריב געווען על קידוש השם. וואָרום אויך יענע האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט פאַר אַ העכערן מענטשלעכן אידעאַל, פאַר אַ מענטשהייט פון מער גערעכ־טיקייט, מער אמת און מער מענטשלעכקייט. דאָס איז די ליניע, וועלכע פאַר־בינדט אונדזערע אַלטע קדושים מיט די יידישע רעוואָלוציאָנערע קעמפער, מיט דעם „זעלבסטשוץ" און מיט די אַלע וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעבן אין דער פאַרטיידיקונג פון יידישן כבוד, יידישן מענטשן־רעכט און פרייהייט אין אַלע צייטן, אין אַלע גלותן און אין ארץ ישראל.

— 5 —

מען קען נישט נעמען פּרצן פון אַ געוויסן אַפּשניט פון זיין לעבן, פון גע־וויסע שטימונגען, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס און אָנווייזן אויף דעם דאָזיקן

אויסדרוק פון אַ מאָמענטאַנער שטימונג, אַז דאָס איז פּרץ. דאָס טאָר מען אַגב נישט טון מיט קיין שום קינסטלער און גייסטיקן מענטשן. פּרצן דאַרף מען נעמען אין זיין גאַנצקייט דורך זיין גייסטיקער לעבנס־אַרבעט, דורך זיין גאַנצער תקופה. אויב מיר וועלן מאָלן פּרצן לויט זיינע צייטונגס־אַרטיקלען און פעליע־טאָנען, וועלן מיר האָבן אַ פאַלש בילד. עס וועט זיין ווי אַ מאָמענטאַן־אויפגע־כאַפּטע פאָטאָגראַפיע, וועלכע ווייזט נישט דעם גאַנצן מענטשן, נישט זיין כאַ־ראַקטער. מען מוז נעמען פּרצן פון זיין גאַנצער ליטעראַרישער שאַפונג, און נאָר דער סינטעז פון זיין גאַנצער אַלזייטיקער שאַפונג און פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט קען אונדז געבן אַ בילד פון דעם מענטשן און דיכטער י. ל. פּרץ.

אינעם קאַמף פאַר סאָציאַלער קולטורעלער דערהויבונג איז פּרץ געוואָרן דער גייסטיקער פירער פון די פאָלקסמאַסן און פון זייער אַקטיווסטן טייל, די אַרבעטערשאַפט. אָבער אינעם קאַמף האָט פּרץ זיך נישט געלאָזט בינדן מיט די רציעות פון אַ פּאַרטיי. פּרץ דער פּובליציסט קעמפט פאַר פּראָגרעס, פאַר ביל־דונג, פאַר סאָציאַלער פרייהייט; אָבער פּרץ דער קינסטלער זעט די טיפע עטישע ווערטן אינעם יידישן רעליגיעזן געדאַנק, די אידייען פון מענטשלעכער ברידער־שאַפט און פון מסירת נפש, ער זעט די שיינקייט פונעם חסידיזם ווי אין דער גייסטיקער עקשנות פונעם מתנגדיזם. אַט אַזוי שאַפט פּרץ אין זיין ווערק, דאָס וואָס די משכילים האָבן געוואָלט איבעררייסן: המשך. פּרץ דער פּובליציסט קעמפט פאַר בילדונג, פאַר סאָציאַלער און גייסטיקער פרייהייט, קעגן דער דיק־טאַטור פון אַ מעכאַניזירטער רעליגיע. אָבער פּרץ דער קינסטלער פירט אונדז צוריק צו די גייסטיקע און עטישע טיפקייטן פון אונדזער רעליגיעזן געדאַנק, צו יענע רעליגיעז־ עטישע פּרינציפּן דורך וועלכע דער מענטש גרייכט „אויב נישט נאָך העכער" פונעם הימל.

פּרץ, וועלכער האָט דורך זיין קאַמף פאַר בילדונג און גייסטיקער פרייהייט אָפּגעריסן די פאָלקס־מאַסן פון דער רעליגיעזער דאָגמאַטיק, האָט דורך זיין קינסטלערישן ווערק צוריקגעפירט די פונעם רעליגיעזן לעבן אָפּגעריסענע מאַסן צו די וואָרצלען פונעם יידישן געדאַנק, צום יידישן עטאָס, צום הוד שבתפארת פון דעם מסירת נפש־געדאַנק און פון „שבת זאָל זיין!" און אַזוי באַקומט די מאָדערנע יידישע קולטור ביי פּרצן און דורך פּרצן אַ יידישן תוך, און אַזוי ווערט זי אונדזער היינטיקע קולטור־אידייע.



פּרץ איז נישט געווען קיין יידישיסט, אין פּאַרטייאישן זין פון וואָרט, ער איז נישט געווען קיין אַנטי־ציוניסט און נישט קיין סאָציאַליסט לויט אַ פּאַרטייאישן נוסח. פאַר פּרצן איז די יידישע שפּראַך נאָר דאַן יידיש, ווען זי איז יידיש אין תוך, ווען זי זאַפּט איין אין זיך די אַלטע קולטור־ווערטן און די טראַדיציעס פונעם יידישן פאָלק.

פרץ וויל, אז די יידן וואָס רעדן יידיש זאָלן נישט פאַרגעסן, אז זיי זענען זין פון אַן אַלט קולטור פאָלק — פון דעם עלטסטן פאָלק! דערפאַר איז ער קעגן דעם באַנוגענען זיך מיט דער בלויזער שפּראַך. יידישע שפּראַך אָן יידישער קולטור־טראַדיציע איז נישט יידיש. אַט זענען אייניקע געדאַנקען פון פּרצעס אַ רעדע וועגן יידישער ליטעראַטור:

„די שפּראַך, דאָס לאַנד און אַנדערע אַטריבוטן פון אייראָפּעאישע נאַציאָנאַליטעטן זענען ביי אונדז נישט מאָסגעבנד. מיר בייטן לענדער און שפּראַכן, פליסן זיך אַריין אין פרעמדע עקאָנאָמישע סטרוקטורן און בלייבן תמיד די זעלבע, תמיד די זעלבע".

„ריין בלוט איז רעליגיאָנס־איינהייט, וועלט־אָנשויאונג. די יידישע ליטעראַטור איז דעריבער נאָר איין רינג אין דער קייט און דאַרף באַטראַכט ווערן נאָר אַלס מאָמענט פון דער אייביק־יידישער קולטור".

און אָנווייזנדיק אויף דעם אונטערשייד צווישן דעם יידישן און נישט־יידישן באַנעם פון ליטעראַטור, זאָגט פּרץ: „פאַר אונדז איז קונסט נישט שפּיל, קיין מיטל אָפּצוטויטן די צייט... אויף יידיש איז קונסט, ליטעראַטור, אַזוינס וואָס שטייט איבערן לעבן און ציט עס צו זיך, — וואָס שאַצט דאָס לעבן פון אַ העכערן, אידעאַלן שטאַנדפּונקט און לויבט און שטראָפט עס".

דאָ האָט איר די עטישע, די אייביק יידישע, די נביאישע אידייע פון קולטור.

„ביי אונדז" — זאָגט ווייטער פּרץ — „איז דאָס וואָרט הייליק. די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן מיטן וואָרט: „ויהי אור" — און עס איז געוואָרן ליכט! בעשרה מאמרות נברא העולם, און דין וחשבון וועלן אָפּגעבן די וועלכע צעשטערן די וועלט, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן מיטן וואָרט... נאַציאָנאַל הייליק איז דאָס וואָרט און זיין פירער, דער נביא... נישט קיין שפּיל איז דאָס וואָרט. עס איז און מוז זיין אונדזער וועלט־אָנשויאונג, אונדזער רעליגיע, אונדזער געוויסן"...

„און דעריבער" — קומט פּרץ צום אויספיר, — „ווייל די יידישע ליטעראַטור מוז זיין יידיש, מוז זי עס זיין נישט נאָר אין דער שפּראַך, אין דער אויסערלעכער פאָרם פון וואָרט, זי מוז ווערן יידיש אין תוך, אין דער נשמה, אין פּראָבלעם! זי מוז אויפהערן נאָכצומאַכן אייראָפּע. אויפלעבן און קלינגען מוז דאָס יידישע וואָרט. רענעסאַנס פון דער ביבל אַרויס, רענעסאַנס פון פּראָפּענטום אַרויס!"

אַט אַזוי וואָרנט פּרץ קעגן דאָס נאָכמאַלפּעווען אייראָפּע, קעגן דעם שאַפן אין יידיש „פאַרווײלונגס־ביכער". אויב מיר וועלן שאַפן אַזאַ מין ליטעראַטור, וואָרנט פּרץ, וועלן מיר דינען „דער זעלבער אַסימילאַציע", קעגן וועלכער מיר קעמפן. ווייל — זאָגט פּרץ — „יידישקייט איז נישט אָפּהענגיק פון לאַנד און שפּראַך, יידישקייט איז רעליגיע, וועלט־אָנשויאונג, — ריין בלוט".

דאָס קאָן אויסזען ווי אַ סתירה. וואָרום ערשט האָט פּרץ געזאָגט, אַז דאָס וואָרט איז הייליק. אָבער די הייליקייט באַקומט דאָס וואָרט נאָר דורך זיין עטישן

תוך (און עטישער תוך איז ביי אונדז אויך עסטעטישער). אוודאי איז „יידיש־קייט נישט אפהענגיק פון שפראך", אבער ס'איז דאך יידישער אויסצודריקן יידישע געדאנקען, צו שאפן יידישע ווערק אין דער יידישער שפראך. ווארום יידישע שפראך מיט יידישן תוך איז שטענדיק יידישער ווי ווען מיר גיבן ארײַן יידישע תוך־געדאנקען אין א נישט־יידישער שפראך.

פרץ אליין מיינט דאס טאקע אזוי. פרץ האט די אויבן ציטירטע געדאנקען אויסגעדריקט אין א פארטראג „וועגן דער יידישער ליטעראטור", וועלכן ער האט געהאלטן א געוויסע צייט נאך דער טשערנאוויצער שפראך־קאנפערענץ. און דער־קלערנדיק, אז נאכגעבנדיק דער מערהייט, האט ער אונטערגעשריבן די רעזאלו־ציע וועגן דערקלערן יידיש אלס א נאציאנאלע יידישע שפראך, שטרייכט פרץ אונטער: „אבער דערמיט טארן מיר נישט מיינען, אז העברעאיש זאל פארגעסן ווערן!"



פרץ אן אנטי-ציוניסט? זיכער האט פרץ געהאט מאמענטן, ווען ער האט זיך געפילט אין א שארפן קעגנזאץ צום ארגאניזירטן ציוניזם. עס זענען אבער אויך געווען מאמענטן פון א זייער פאזיטיווער באציאונג צו דער קאלאניזאציע אין ארץ ישראל.

אין אן ארטיקל אין יאר 1891 („וואס הערט זיך?") שרייבט פרץ וועגן דער געפאלנקייט פון די יידישע פרנסות, וועלכע זענען שוין אזוי געפאלן, „אז אפילו אונדזערע שונאים האבן שוין נישט דאס הארץ צו רעדן פון אונדזער אנגעגזלטער עשירות". אבער די דאזיקע „ליבע פריינט" ווילן טראצדעם די יידן אויסהונגערן.

און דא שרייבט פרץ געוויסע זאצן, וועלכע באווייזן, אז די יידישע צרות זענען דעמאלט געווען כמעט די זעלבע ווי היינט, און דער יידישער אופן פון רעאגירן איז געווען דער זעלבער וואס היינט. פרצעס ארטיקל וואלט געקענט ווערן געדרוקט ממש היינט.

„דער אנטיסעמיטיזם אין אויסלאנד — שרייבט פרץ — שטייט אויפן איי־גענעם ארט; קיין נייעס איז עס נישט, אין אלע דורות זענען געווען אנטיסעמיטן, נאר אין גוטע צייטן ליגן זיי פארשטעקט אין די לעכער און מען הערט נישט זייער קול, קומען שלעכטע צייטן — שטייען זיי אויף בימה'ס און דרשענען".

און רעדנדיק וועגן דעם אנטיסעמיטיזם אין דייטשלאנד, זעט פרץ שוין דעמאלט דעם נאציאנאלן שורש פון דייטשן יידן-האס: „אין פרייסן וויל די רעגירונג שטארקן דעם נאציאנאליזם, ווייל ער האלט גאנץ דייטשלאנד צוזא־מען, און דעריבער קוקט זי אביסל דורך די פינגער אויף די אנטיסעמיטן, וואס ווילן אויסרייניקן דייטשלאנד, עס זאל בלייבן נאר פאר ריינע דייטשן"...

און וואָס איז די עצה צום אַנטיסעמיטיזם און צו די דערשלאָגענע יידישע פּרנסות?

עמיגראַציע?

„מער ווייניק איז יעדן באַקאַנט — שרייבט פּרץ — אַז קיין רעגירונג איז נישט צופרידן, אַז עס קומען צו איר אַרימעלייט מיט ליידיקע הענט". אומע-טום, אויך אין אַמעריקע, זענען דאָ מער הענט ווי מען ברויכט. דורך דער אַנט-וויקלונג פון דער מאַשין בלייבט ווייניקער אַרבעט פאַר די מענטשן און עס פּאַלט דער אַרבעטס-לוין".

דאָס שרייבט פּרץ אין 1891, און שוין דעמאָלט דריקט עס אויס אַזעלכע כעסימיסטישע געדאַנקען וועגן דער יידישער לאַגע אין אייראָפּע:

„ווייניקע האָפן אויף בעסערע צייטן פאַר יידן אין אייראָפּע, און אפילו די, וואָס האָפן נאָך, רעכענען אויף אַ לאַנגער לאַנגער צייט. דעריבער איז, על כל פּנים דערווייל, די קאָלאָניזאַציע אַ לעבנס-פראַגע פאַר יידן".

און אָט ווי אַזוי פּרץ רעדט וועגן קאָלאָניזאַציע:

„די הויפּט-שטעלן זענען פּאַלעסטינע און אַרגענטינע. פון אַרגענטינע ווייסן מיר זייער ווייניק. דער באַראָן הירש האָט געקויפט ערד, מן הסתם האָט ער זיך נישט געלאָזט נאַרן. די ערד איז אוודאי גוט, דער קלימאַט איז געזונט. עס פעלט אונדז נישט אַיין שטאַרק מסופק צו זיין, די יידן זענען פעאיק צו ערד-אַרבעט, ווייל דער מוז איז דער בעסטער לערער, און אַ ייד איז פון אייביק אָן אַ גוטער תלמיד...

„די קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע איז עלטער, מיר האָבן שוין דאָרטן אַ סך קאָלאָניעס, נאָר ליידער ווייסן מיר פון דאָרטן אויך זייער ווייניק. נאָכפאָלגן מענטשן, וואָס האָבן פּאַלעסטינע פאַר די אויגן נישט געזען, האָבן מיר נישט דאָס האַרץ. ווער ס'איז אַ הייסער פּאַלעסטינער האָט רעכט צו גיין אַליין אומ-באַרעכנט... ווי שטייען די קאָלאָניעס, וואָס מען האָט ביז אַהער געמאַכט? צי איז באמת פון דעם „ארץ זבת חלב ודבש" געוואָרן אַ סדום ועמורה? עס איז שווער צו גלויבן, עס לאָזט זיך נישט גלויבן, וויפל קללות עס איז אויף אונדז נישט געקומען, קענען מיר זיך דאָך נישט איינשטעלן נאָר אויף דער קללה צו רעכענען!"

און דאָס זענען פּרצעס טענות צו די חובבי-ציון:

„פאַרוואָס שווייגט די חובבי-ציון? פאַרוואָס האָבן מיר חשבונות פון הוצאה והכנסה און קיין חשבון פון דעם, וואָס עס דאַרף שוין זיין אונדזער קנין, אונ-דזער נחלה, אונדזער אייגנטום?"

זענען דאָס טענות פון אַן אַנטי-ציוניסט? אָדער גאָר חלילה פון אַ שונא-ציון?

פּרץ האָט נאָר מורא, טאָמער האָבן די חובבי-ציון געמאַכט פעלערס.

„די חובבי-ציון — שרייבט ער — זענען מענטשן און אַלס מענטשן האָבן זיי אוודאי גרויסע פעלערן געמאַכט. ווער ווייסט ווי אַזוי מען האָט זיי געגאַרט ביים ערד־קויפן"...

אָט! דאָס בלייבט אונדז נאָך צו קלערן. די חובבי־ציון אַלס גרויסע אי־דעאַליסטן, זענען אוודאי געווען זייער נישט פּראַקטיש ביי פּראָסטע זאַכן, ווי ערד קויפן, פאַרזייען און פלאַנצן...

יאָ, דעם נישט פּראַקטישן פּרץ האָט זיך גאַרנישט געקענט חלומען, אַז די „נישט־פּראַקטישע" חובבי־ציון האָבן זיך ווייניקער געלאָזט אָפּנאַרן ביים קויפן די ערד ווי דער פּראַקטישער באַראָן הירש... אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. כ'האָב נאָר געוואָלט אָנווייזן אויף פּרצעס פּאָזיטיווער, ממש סענטימענטאַלער באַציאונג צו דער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל. צי קען מען דענקען, אַז פּרץ וואָלט ביי די היינטיקע אומשטענדן זיך באַצויגן פייַנטלעך צו דער גרויסער יידישער אָנשטרענגונג און צו דער גרויסער פאָלקס־האָפענונג אין ארץ ישראל?



מיר מוזן זיך נאָך אַמאָל אומקערן צו פּרצעס שטעלונג צו אונדזער שפּראַכן־פּראַגע. פּרץ האָט דאָ דורכגעמאַכט גייסטיקע עוואָלוציעס. ער האָט געהאַט זיין תקופה פון „זשאַרגאָניזם", ווען ער האָט „געשריבן זשאַרגאָן" פאַר די, וואָס פאַרשטייען נאָר זשאַרגאָן, כדי צו „בילדן דאָס פאָלק", דערביי האָט ער אויסגעדריקט זיין סימפּאַטיע מיט די, וואָס „פאַרבייטן דעם זשאַרגאָן אויף אַ לעבעדיקער לאַנדעס־שפּראַך". אָבער דאָס האָט פּרץ געשריבן אין יאָר 1890, ווען ער איז ערשט אַרויס פון די השכלה־פעדערן. די דאָזיקע באַציאונג האָט פּרץ שפּעטער געביטן, אַזוי ווייט געביטן, אַז ער האָט געקענט גיין ביז קיין טשערנאָוויץ.

און אינעם מאָמענט ווען פּרץ פּראָקלאַמירט אין טשערנאָוויץ יידיש אַלס אונדזער קולטור־שפּראַך — „אין דער שפּראַך ווילן מיר אונדזער אוצר זאַמלען, אונדזער קולטור באַשאַפן, אונדזער נשמה וועקן" — אין דעם זעלבן מאָמענט, אין דער זעלבער טשערנאָוויצער רעדע דערקלערט פּרץ: „מיר ווילן מער קיין לינקישע פּאַרוועניע, קיין אויפגעקומענע עשירים נישט זיין! קולטור איז אויך טראַדיציע!" און פּרץ שטעלט אַרויס אַ תנאי: „זאָל יידיש ווערן אַן אַלגעמיין יידישע שפּראַך, אַזוי מוזן אין איר איבערגעטראָגן ווערן אונדזערע אַלטע קולטור־גיטער פון דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט". דאָס הייסט: יידישע קולטור טאָר זיך נישט אָפּרייסן פונעם שורש, פון דער טראַדיציע, פונעם יידישן עבר. זי מוז בילדן אַ המשך — אויב נישט וועלן מיר זיין „לינקישע פּאַרוועניען, אויפגעקומענע עשירים".

יאָ, „קולטור איז אויך טראַדיציע". און אויך שפּראַך איז אַ טייל פון

קולטור, פון דער נאַציאָנאַלער קולטור־טראַדיציע. יידיש איז אַ טייל פון אונ־דזער קולטור־טראַדיציע, אָבער ווען פּרץ האָט אָנגעוויזן אַז „צוויי שפּראַכן האָט דאָס יידישע פאָלק: אַ שפּראַך פאַר לומדים אין בית המדרש: תורה לשון, גמרא לשון; און דאָס צווייטע פּאַרן „המון" און פאַר דער יידישער טאָכטער" — דע־מאָלט זענען די פּאָזיציעס פון די צוויי שפּראַכן געווען אַנדערש ווי היינט, סיי אינעם געדאַנק ווי אין דער פּראַקטיק. היינט איז יידיש נישט בלויז די שפּראַך פונעם המון, נאָר זי איז די שפּראַך פון דער יידישער קולטור, פון אַ רייכער יידישער ליטעראַטור, און זי איז די פאַרמיטלונגס־שפּראַך צווישן די פאַרשי־דענע יידישע ישובים און די פאַרשידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס. אָבער אויך העברעאיש איז היינט נישט מער „די שפּראַך פאַר לומדים אין בית המדרש", נישט מער בלויז „תורה־לשון, גמרא־לשון". — היינט איז העברעאיש געוואָרן אַ שפּראַך אפילו פון עמי־הארצים, וועלכע האָבן נאָך קיינמאָל אין זייער לעבן קיין גמרא אין האַנט נישט געהאַט. העברעאיש איז געוואָרן די שפּראַך פון אַ יידישער מדינה און פון אַ אַרבעטנדיקן ישוב פון אַ 800.000 נפשות. יידישע אַרבעטער לייענען היינט אין העברעאיש נישט בלויז בּאָראָכאָוון און בערל קאַ־צענעלסאָן, נאָר אויך לענין און סטאַלין און דעם לעצטן ראָמאַן פון דער וואַסי־לעווסקאַ. און פּרץ ווערט געלייענט אין ארץ ישראל אין העברעאיש ווי אין יידיש.

אויב ס'איז היינט דאָ ביי אונדז אַ קולטור־באַציאונג צווישן אונדזערעביידע שפּראַכן, צווישן די גייסטיקע אַרבעטער אין אונדזערע צוויי שפּראַכן, איז דאָס אַדאַנק דער קולטור־השפּעה פון פּרצן אָבער אויך פון ביאַליקן.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט פּרץ געביטן זיין באַציאונג צום ענגהאַר־ציקן העברעאיזם. אָבער זיין אידעאַל איז שטענדיק געווען אַז די העברעאישע שפּראַך זאָל זיין דער קנין פונעם גאַנצן פאָלק. ער האָט נישט אויסגעמעקט פון זיינע שריפטן די דאָזיקע שטעלע, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אין 1890:

„מיר ווילן דאָס פאָלק אינגאַנצן זאָל קענען העברעאיש, כדי ס'זאָל דאָס תנ"ך נישט פאַרגעסן... דאָס תנ"ך איז דער אוצר פון אונדזער אמונה, פון אונדזער נאַציאָנאַליטעט, פון אונדזער עטיק (מוסר). מען דאַרף זען, עס זאָל זיין ביי יעדן ייד, נישט נאָר אין שראַנק, נאָר אויך אין האַנט, אין האַרץ און אין מוח... מיר ווילן אייביק לעבן, און אייביק איז נישט צו באַרעכענען. עס טווישן זיך די צייטן, עס טווישן זיך טעג און נעכט... מאָרגן קענען מיר ווייטער קומען צו גרויסע נסיונות. דעמאָלט קען אונדז נאָר דאָס תנ"ך געבן מוט און כוח".

און ווייטער שרייבט פּרץ:

„ווער קען אויף זיך זאָגן, אַז ער געהערט צו אַ פאָלק? דער, וואָס האָט פאַרבינדונג מיט אַלע אויגן פון דער נעץ, פון דער פאַרשפּרייטער אויף דער

גאנצער וועלט און קען גוט די קייט, וואָס ציט זיך פון אברהם אבינו ביז דעם היינטיקן טאָג.

„די העברעאישע שפּראַך, וואָס אַלע יידן פאַרשטייען אין אַלע לענדער. איז דער רימען, וואָס האַלט צוזאַמען די רעדלעך, זיי זאָלן זיך נישט פאַנאַנדער־לויפן; דער איינציקער קליי וואָס האַלט אונדזערע צעשיטע ביינער צוזאַמען.

„די העברעאישע שפּראַך האַלט אויך צוזאַמען די רינגען אין דער צייט, זי פאַראייניקט אונדז מיט משה רבינו, מיט די נביאים, מיט דער משנה, מיט דער גמרא, מיט אַלע אונדזערע גרויסע שטערן, וואָס האָבן אַמאָל אויף אונדזער הימל געלויכטן!

„די העברעאישע שפּראַך בינדט אונדז צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן פּירא־מידן געבוים; מיט די, וואָס האָבן זייער בלוט אויף ירושלימער מויערן פאַר־גאָסן, ווי אויך מיט די, וואָס האָבן אויף דעם ברענענדיקן פייער „שמע ישראל" געשריגן.

„פאַרגעסן די העברעאישע שפּראַך הייסט: פאַרגעסן די תורה, די נביאים, פאַרגעסן די געשיכטע, אָפּרייסן זיך, ווי אַ צווייג פון בוים, פוילן אַ קורצע צייט און פאַרשווונדן ווערן!"

— 9 —

און וואָס איז מיט פּרצס באַציאונג צו די פּאַרטייען?

פּרץ איז נישט געווען קיין פּאַרטיי־מאַן. זיינע סימפּאַטיעס אָדער אַנטי־פּאַטיעס צו געוויסע פּאַרטייען זענען געווען אָפּהענגיק פון מאָמענטאַנע סיטואַצ־יעס, אפשר אויך טיילמאָל פון שטימונגען. מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז פּרצס הויפּט־אַקטיוויטעט איז אויסגעפאַלן אין אַ עפּאָכע, ווען אין דער פּוילישער אינטעלעקטועלער וואַרשע האָט געהערשט דער פּאָזיטיוויזם פון דעם פראַנצוי־זישן סאָציאָלאָג אויגוסט קאָנט. דער פּאָזיטיוויזם איז געווען דער עמוד האש פון דעם יונגן שווענטאָכאָווסקי, (דעם שפּעטערדיקן פאַרביסענעם שונא ישראל) פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ און פון עליזאַ אָרזשעשקאָ. אויפן סאָציאַלן געביט האָט פּרץ אין דער יידישער גאַס געטון די זעלבע אַרבעט, וואָס די דערמאָנטע פּוי־לישע שריפטשטעלער האָבן געטון פאַרן פּוילישן דאָרף און פאַר די פּוילישע פאָלקסמאַסן. אויך פּרץ האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן „בילדונג", גענומען וועקן דעם רעאַלן זין פונעם פאָלק, אָנגעוויזן אויף דער פּרוכטלאָזיקייט פון דער חדר־דערציאונג, פון באַנוגענען זיך מיט אַ שטיקל חומש מיט רש"י, ער האָט גע־וועקט די פּוילישע יידן און זיי כסדר געוויזן אין אַ וואָסערער וועלט זיי לעבן, זיי געלערנט, אַז מען דאַרף זיך בעסער צוגרייטן צום קאַמף פאַרן לעבן, מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף די וואַקלדיקע לופט־פּרנסות פונעם קליינעם האַנדל און פון פּוטשעריי אין מלאכה, נאָר מען דאַרף זיך סאָלידער צוגרייטן צום לעבן,

לערנען אויף א סאָלידן אופן א פאַך, כדי נישט אונטערצוגיין אינעם קאָנקורענץ־קאַמף.

די דאָזיקע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע אויפקלערונג איז נישט געווען קיין פּאַר־טייאיש. אודאי, דאָרט ווו דער יידישער ארבעטער איז ארוים אין קאַמף פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען קענען זיין יידישן באַלעבאָס, איז פּרץ געשטאַנען אויף דער זייט פון די ארבעטער, אודאי האָט פּרץ געשריבן:

„איך בין געשטאַנען, שטיי און רעכן ביזן לעצטן אָטעם־צוג צו שטיין אין די רייען פון די קעמפער פאַרן פאָרשריטלעכן, ראַדיקאַל־פאָרשריטלעכן יידישן געדאַנק".

אָבער, ביטע: פאַרן יידישן געדאַנק. און דער דאָזיקער פאָרשריטלעכער ראַ־דיקאַל פּרץ האָט פיינט געהאַט דעם קליינקעפּלדיקן, פּאַרטייאישן אומטאָלע־ראַנטן „בראָשורן־ראַדיקאַל".

און פּרץ, וועלכער שווערט צו שטיין ביזן לעצטן אָטעם־צוג אין די רייען פונעם ראַדיקאַל־פאָרשריטלעכן יידישן געדאַנק, וויל דאָך נישט האָבן קיין שום שייכות מיט די, וואָס פירן אָן א קאַמף קעגן דער רעליגיע.

„אונדזער רעליגיע — שרייבט ער, — הערשט נישט; די סינאַגאָגע האָט נישט קיין מאַכט צו באַצווינגען; אירע דינער, די כלי־קודש, זענען די אָרימסטע, שוואַכסטע און אונטערטעניקסטע אין פאָלק".

דאָס שרייבט דער זעלבער פּרץ, וועלכער באַגעגנט זיך טאָג־טעגלעך אין זיין קאַמף פאַר בילדונג מיט דער עקשנותדיקער אָפּאָזיציע פון די פאַנאַטיזירטע רע־ליגיעזע פירער און זייערע חסידים. אָבער פּרץ האָט, ווייזט אויס, נישט געוואָלט אָפּשוואַכן דעם יידישן לאַגער דורך אַן אינערן אַנטי־רעליגיעזן קאַמף. דער דאָ־זיקער קאַמף האָט אים נישט אויסגעוויזן אזוי שטאַרק וויכטיק. ער האָט געזען די מאַכטלאָזיקייט פון דער „סינאַגאָגע" און פון אירע דינער. און וויכטיקער ווי דער פּרוכטלאָזער אינערער קאַמף האָט אים אויסגעוויזן די פּאָזיטיווע ארבעט פאַר דער קולטורעלער, מאָראַלישער און סאָציאַלער סאַנירונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.

נאָכאַמאָל: פּרץ איז נישט געווען קיין פּאַרטיי־מאַן. פּרץ איז אונדזער אַלע־מענס. ער געהערט צום פאָלק. זיין געדאַנק איז נאָך היינט לעבעדיק צווישן אונדז. און איצט דאַרף מען נאָר אויסדריקן דעם ווונטש, אז דאָס פאָלק זאָל מער לייע־נען פּרצן. באַנוגנט אייך נישט מיט די מפורשים. לייענט פּרצן גופא. ער איז אייביק אַקטועל!

# די מענטשן פון גלופסק און זייערע אָרדענונגען

— 1 —

אין יאָר 1869, האָט א דריי־און־דרייסיק יעריקער יונגערמאַן, שלום יעקב אבראַמאָוויטש, ארויסגעגעבן א פּאָליטישע סאַטירע אונטערן טיטל „די טאַקסע". דאָס איז נישט געווען די ערשטע ליטעראַרישע ארבעט פון דעם דאָזיקן יונגנמאַן, וועלכער האָט אגב, שוין זייט צען יאָר זיך באַנוצט מיטן פּסעוודאָנים מענדעלע מוכר ספרים. מיט א פינף יאָר פריער פאַר דער „טאַקסע", אין יאָר 1864, האָט מענדעלע פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ביכל, „דאָס קליינע מענטשעלע". און, כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר דער גייסטיקער אָריענטאַציע פון דעם יונגן אבראַמאָוויטש, איז דער פאַקט; וואָס די ערשטע ליטעראַרישע ארבעט וואָס דער, דאַן איין־און־צוואַנציק־יעריקער, האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1857, איז געווען אן ארטיקל וועגן קינדער־דערציאונג. דער יונגער אבראַמאָוויטש, האָט געפאָדערט אז יידישע קינדער זאָלן באַפרייט ווערן פון דער אַלטער פאַרשימלטער חדר־דערציאונג, זיי זאָלן לערנען די לאַנדעס־שפּראַך, רוסיש, און אַנדערע פּראַקטישע, נויטיקע פאַרן לעבן לימודים.

מענדעלע האָט אַלזאָ אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע ארבעט אַלס א דערציער און א פאָלקס־דערציער אין בעסטן זין פון דעם וואָרט, איז ער געבליבן זיין גאַנץ לעבן, דורך זיין גאַנצער ליטעראַרישער שאַפונג. ווי אַן אמתער דערציער האָט מענדעלע דעם פאָלק כסדר אקעגן דעם שפּיגל פון זיין לעבן, פון זיין התנהגות, פון אַלץ וואָס איז מיאוס און קרום און געמיין אינעם פּריוואַטן און קהלשן לעבן, און אַזוי פירט ער דאָס פאָלק ארויף אויפן וועג נאָכצוטראַכטן וועגן דער נויטי־קייט צו פאַרבעסערן, ענדערן, רעפאָרמירן, פאַראיידלען די מענטשן, די אינסטי־טוציעס און דאָס גאַנצע לעבן. א דערציער איז מענדעלע אויך אין זיינע קאַמף־שריפטן.

— 2 —

„קאַמף־שריפטן" דאַרף ביי מענדעלען פאַרשטאַנען ווערן א שריפט וואָס וועקט, וואָס רודערט אויף דעם גייסט צום קאַמף. נישט מענדעלע אַליין, און נישט אפילו זיין שלמה וועקער — דער איינציקער מענטשלעכער מענטש אין דער

„טאקסע" — זענען קעמפער, פּאָלקס־אויפרודער אינעם רעוואָלוציאָנערן זין פון דעם וואָרט. מענדעלע איז דער שרייבער, וועלכער זעט דאָס שלעכטס און וועלכער ווייזט דעם פּאָלק די עלנטע לאַגע אין וועלכער עס געפינט זיך א דאנק די פארשידענע פאַלשע בעלי־טובות. און טאַקע דעריבער, ווייל ער, מענדעלע אַליין, איז נישט קיין קעמפער, איז צו באַוואונדערן דער בירגערלעכער מוט וועלכן עס האָט געהאַט דער יונגער אַבראַמאָוויטש, אַרויסשטעלנדיק אויפן גאַס, פאַר די אויגן פון גאַנצן פּאָלק, די גאַנצע „באַנדע שטאָט בעלי טובות" אין זייער גאַנצער מיאוסער נאַקעטקייט.

ס'איז שוין דאָ דערמאָנט געוואָרן, אַז אַבראַמאָוויטש האָט אָנגעשריבן „די טאַקסע" אַלס א דריי־און־דרייסיק־יעריקער יונגערמאַן. ער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען דער באַרימטער מענדעלע מוכר ספרים, דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור. און טאַקע דאָס רופט אַרויס אונדזער באַוואונדערונג איבער דעם בירגערלעכן מוט פון דעם יונגן אַבראַמאָוויטש. אָנשרייבן און פאַרעפנטלעכן אַזאַ בוך האָט געהייסן זיך אַרויסשטעלן קעגן דער „שטאָט", זיך מאַכן די „שטאָט" פאַר א שונא. וויפיל היינטיקע שריפטשטעלער וואָלטן געוואַגט אַזאַ געפערלעכן שריט? און אויב עס זאָל זיך שוין געפינען א שריפטשטעלער מיט ערלעכקייט און בירגערלעכן מוט, ווו האָט איר דעם דרייסטן רעדאַקטאָר וואָס זאָל וואַגן „אָנהויבן מיט דער שטאָט"?

— 3 —

מען מוז דאָ אויך אַוועקשטעלן די פראַגע וועגן מאָראַלישן אחריות. וואָרים אייגנטלעך איז „די טאַקסע" א געפערלעך בוך, אַזוי וואָלטן מיר היינט געזאָגט ביי ענלעכע אומשטענדן. מענדעלע פירט פאַר אונדז פאָר אין זיין „טאַקסע" א גאַלעריע מיט פּערזאָנען, וועלכע וואָלטן געווען א צירונג פאַר יעטווועדן פּאָליציייִשן פאַרברעכער־אַלבום. עס נעמט אַרום א גרויל ממש, ווען מען דערמאָנט זיך אַז די דאָזיקע גאַנצע פאַרברעכער זענען די יידישע „בעלי טובות, די פירער פון דער „שטאָט" פון דער יידישער קהלה. די דאָזיקע איציק וואָלף ספּאָדיק, שמעיה תם, משה בעל־תכלית, יוסף מהיכאתיתי, יודעלע שטאַנדהאַפּט, יוסליע שינדער, נתן שיפּרהס, ראובן פּיאַווקין, מענדעל דער געלער, — אַלע, אַלע, וועלכע מענדעלע פירט פאָר אין דער „טאַקסע" — א חוץ וועקערן, פּיקהאָלצן און אייזיק זאַאיקע — אַלע זענען ווערט דעם שטריק. אין גלופּסק אָבער זענען זיי געווען די „טובי העיר", די שטאָט בעלי טובות, די פּאָלקס־פּאַרזאָרגער. און „גלופּסק" איז דאָך נישט קיין געאָגראַפישער באַגריף. גלופּסק איז געווען אומעטום. צי קענען מיר צולאָזן דעם געדאַנק אַז מיר האָבן אומעטום געהאַט אַזעלכע פירער, אין ערגעץ נישט קיין אַנדערע, קיין בעסערע, ווי די דאָזיקע איציק וואָלף ספּאָדיקס, שינדערס, פּיאַווקינס, פּרעכמאַנס וכדומה, וכדומה?

איך האָב אָנגערופן „די טאַקסע״, „אַ געפערלעך בוך״, און דאָס איז זי נאָך הײנט. די דאָזיקע באַנדע פּאַראַזיטן און בלוט־זויגערס, װעלכע פרעסן און זויפן און נאָגן אויס דעם פאָלק דעם מאַרך פון די בײנער, זענען באמת נישט קײן שײנע פאַרשטײער מיט װעלכע ייִדן זאָלן זיך קענען װײַזן פאַר דער װעלט. און דאָ קאָן מען נישט פאַרדעקן די שאַנד מיט אַזעלכע װערטער װי „בורזשואַזיע — פּראָלעטאַריאַט״. װאָרים אין גלופּסק איז נישט געװען אַזוי בולט די מחיצה צװישן בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע קלאַסן זענען נאָך דעמאָלט אפילו נישט געװען. ס׳איז נאָר געװען אַ פינצטערע, פאַרפינצטערטע מאַסע, און עס זענען געװען די פּיאַװקינס, די שינדערס, די ספּאַדעקס און די אַנדערע „שקצים״ און פרעכמאַנס װעלכע האָבן זיך אַרויפגעװאָרפן אויף דער דאָזיקער מאַסע, אויף איר אַרומגעריטן און געזויגן איר בלוט און גענאָגט איר מאַרך פון די בײנער. און די מאַסע איז געװען אַזוי פאַרפינצטערט, אַזוי אינדאָלענט אַזוי פאַרחושכט׳ אַז זי האָט געלאָזט אויף זיך אַרומרײַטן, געלאָזט זיך אויסזויגן דאָס בלוט, געלאָזט זיך פאַרפינצטערן און דערנידעריקן פון — אײגענע.

„די טאַקסע״ איז נישט קײן בוך װאָס זאָל קענען דערװעקן סימפּאַטיע אָדער אַכטונג צו ייִדן. מילא, װעגן דער „באַנדע שטאָט בעלי־טובות״ איז דאָך שױן אָפּגערעדט. אָבער אויך די מאַסע, די דאָזיקע בעלי מלאכות און האַרעפּאַשניקעס, װעלכע לאָזן זיך אַזױ מיאוס פאַרפינצטערן און באַשװינדלען, דערװעקן נישט אונדזער סימפּאַטיע. העכסטנס נאָר אַ ביסל רחמנות װי מיט געשלאָגענע הינט. די „באַנדע שטאָט בעלי טובות״ װעלכע מענדעלע װײַזט אונדז, זענען דער מיאוסטער און ערגסטער טיפּ פון פאָלקס־פאַרפירער און פאָלקס־באַשװינדלער װאָס מען קאָן זיך נאָר אויסמאָלן. קײן שום בורזשואַ־קאַפּיטאַליסט, קײן שום פעאָדאַל־האַר האָט נישט באַװיזן אַזױ פיל געמײנהײט און נידערטרעכטיקײט װי די דאָזיקע ספּאַדיקס, פּיאַװקינס, שינדערס און פרעכמאַנס. דערבײַ זענען זײ נאָר פּאַסקודנע שונאים פון די, װעמענס בלוט זײ זױגן. דער צבועק ר׳ איציק װאָלף ספּאַדיק, למשל, האָט נאָר אײן דאגה: אַז „ייִדן זאָלן בלײַבן דאָס װאָס זײ זענען״, כדי ער זאָל האָבן פון װעמען דאָס בלוט צו זױגן. „דער עיקר — זאָגט ער אין זײַן ציניזם — איז פאַר ייִדן גוטע שוחטים. װאָס מאַכט עס אויס אַ שטיקל פלײש מער אָדער אַ שטיקל פלײש װײניקער? אַ ייִד דאַרף נישט קוקן אויף אַזעלכע זאַכן...״ דער עיקר איז גוטע שוחטים. „און מכוח דעם מעגן זײ זיך שױן אויף מיר פאַרלאָזן, זײ װעלן שױן האָבן גוטע שוחטים...״ אָדער למשל דער דאָזיקער נתן שיפּרהס, דער „װילדער בעל עצה און שטאָט בורר״, ער האָט אַזאַ קאָנצעפּט װעגן ייִדן:

„װער הערט ייִדן אַז זײ שרײַען? ייִדן, כע כע! קען איך. זײ זענען נאָר

ווי די קאַמאַרן. זיי נעמען זיך צונויף זשושען, זשוזשען דאַכט זיך, גאַר שרעק־לעך, פּרווו נאָר אַ מאַך טון מיט דער האַנט, צעפליען זיי אין אַלע זייטן".

דער זעלבער נתן האָט נאָך אַזאַ קאָנצעפּט וועגן יידן: „אַ ייד העלפט נישט איין מאָל זאָגן. דעריבער האָב איך מיר געמאַכט, אַז אַ ייד מעג רעדן פאַר מיר אפילו אַ טאָג מיט אַ נאַכט, זאָל איך מיר זיצן און שווייגן. ער רעדט זיך אָן ביז זואָגן עס ווערט אים טרוקן אין האַלדז און גייט דערנאָך אַליין אַוועק"...

די דאָזיקע אָן־האַרציקע באַציאונג צו יידן דריקט דער פאַרשוין אויס, ווען אַן אָרימער געפּאַלענער באַלעבאָס קומט מיט טרערן אין די אויגן בעטן אַ שטי־צע ביים שטאָט בעל־טובה שטאַדהאַפּט. די דאָזיקע יידישע בעלי־טובות לער־נען אַליזאַ, אַז אויף אַ יידן דאַרף מען נישט קיין רחמנות האָבן. טאָ וואָס־זשע פאַר אַ טענות קאָן מען נאָך האָבן צו די גוישע שונאי ישראל?

און די דאָזיקע נעגאַטיווע באַציאונג צו יידן אַלס מענטשן האָבן אפילו די בעסערע מענטשן, פונעם מיפּ פון ר' גדליה פּיקהאָלץ: „אי שלמה — זאָגט ער צו וועקערן — ביי יידן ווילסטו ווירקן! פאַר די וואָס דו ווערסט זיך אָננעמען, טאַקע די אַליין וועלן דיר זיין שונאים. דער וואָס טרינקט זיך וויל תמיד אריינ־שלעפּן אין וואַסער דעם דאָזיקן וואָס ראַטעוועט אים. קראַנקע האָבן כמעט אַלע פיינט דעם דאָקטאָר — דאָס ליגט שוין אַזוי אין דער נאַטור".

אָט אַזאַ איז דאָס בילד פון דער מענטשהייט פון גלופּסק, וועלכעס מענדעלע מאָלט אונדז אין דער „טאַקסע": אַ כאַפּטע פּאַראַזיטן, שווינדלער, וועלכע שפּילן די ראָלע פון שטאָטישע בעלי־טובות און וועלכע באַגנבענען און באַגזלען די יידישע באַפעלקערונג, אויסנוצנדיק אויף אַן אומפאַרשעמטן, חוצפּהדיקן אופן די „קאָראָבקע" פאַר זייערע רויבערישע צוועקן. אקעגן דער דאָזיקער מאַפּיע פון די בעלי־טובות זעען מיר די מאַסע פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַרפינצ־טערט, פאַרנאַרט, פאַרפאַלן אין רעליגיעזן פאַנאַטיזם, וועלכן עס נוצן אויס די צבועקעס. און צווישן דער פאַרפינצטערטער מאַסע און דער מאַפּיע פון די בעלי טובות. זעען מיר דעם מיטעלן שיכט פון די סוחרים, סוחרימלעך, קליינע פאַברי־קאַנטלעך, וועלכע גייען דורך דורכן לעבן מיט דער באַקאַנטער פילאָזאָפיע פון „וואָס גייט עס דיך אָן? מיש דיך נישט אין קהלשע עסקים". דער דאָזיקער מי־טעלער שיכט איז תמיד און אומעטום גרייט נאָכצולויפן די וועלכע ער גלויבט אַז זיי האָבן די מאַכט, און צו אַנטלויפן פון די וועלכע ער האַלט פאַר מאַכטלאָז. און דעריבער, ווען וועקער וויל אויפרודערן דאָס פאָלק אין גאַס קעגן די רויבע־רייען פון די בעלי טאַקסע, אַנטלויפט פון אים דער עולם און מ'לאָזט אים אי־בער אַליין אין קאַמף. און דאָן האָבן די דעמאַגאָגן שוין אַ לייכט שטיקל אַרבעט צו פאַרשרייבן וועקערן אַלס אפּיקורס, אַלס איינער וואָס וויל „מאַכן שקאָלעס" און וויל „אָפּשמדן יידישע קינדער".

אַזוי גייט דער קאַמף פאַרלוירן. דער קאַמף קעגן די דעמאַגאָגן און קעגן דער „לאָז־מיך־צורו"־פּאָליטיק פון אונדזער מיטלשטאַנד, איז נאָך היינט נישט קיין

געוואונענער. כאָטש קיין קאראבקע עקזיסטירט שוין נישט און נישט קיין טאַקסע און פאַר יידן איז שוין היינט נישט דער עיקר „גוטע שוחטים". אָבער אונדזער קאָלעקטיווע פּסיכאָלאָגיע איז נאָך היינט כמעט די זעלבע ווי דאַן, ווען מענדעלע האָט געשריבן „די טאַקסע".

און דעריבער קענען מיר נאָך היינט אפילו נישט געפינען קיין טרייסט אין אַזאַ בוך ווי „די טאַקסע". וואָרים ווי געזאָגט, דער קאַמף האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט און איז אַלזאָ נישט געוואונען. נישט די איינצלנע מענטשן און נישט די מאַסע פון גלופּסק פאַרדינען אונדזער סימפּאַטיע. און ווען מענדעלע האָט אין „די קליאַטשע", וועלכע איז אין אַ געוויסן זין אַ המשך פון דער „טאַקסע", טענות צו די אומות העולם און צו דער „וועלט" פאַר וואָס זי אונטערדריקט און פּייניקט אַזוי די יידישע קליאַטשע, קענען די אומות העולם ענטפערן, אַז זיי באַציִען זיך צו דער אָרימער קליאַטשע יעדנפאַלס נישט מיט מער שנאה ווי די אייגענע יידישע „בעלי טובות".

אָט דערפאַר טאַקע זאָג איך, אַז די טאַקסע איז אַ געפערלעך בוך. אַנטיסעמיטן קענען פון אַזאַ בוך מאַכן אַ גאַנצן ציטעס. זיי קענען דערפון לערנען אַ גאַנצן אַנטיסעמיטישן קל וחומר: וואָרים מאַי-דאַך ביי זיך אַליין זענען יידן אַזעלכע שעדלעכע פּירער, ווי די דאָזיקע „באַנדע שטאָט בעלי טובות", טאָ וואָס קאָן מען שוין דערוואַרטן פון יידן אַלס פאַרטרעטער פון נישט יידישע אינטערעסן?..

אוודאי, אוודאי האָט מענדעלע, דער דעמאָלסט יונגער שלום יעקב אבראַמאָוויטש, אַ היבש ביסל איבערגעטריבן. און ער האָט דער אָרימער „גלופּסק" צו פיל פאַרשוואַרצט דאָס פּנים. וואָרים אַז אין גלופּסק זאָל זיך געפינען נישט מער ווי נאָר איין גערעכטער, נאָר איין לייטישער מענטש, ווי דער דאָזיקער שלמה וועקער, און ער זאָל נישט קענען דאָרט אויסהאַלטן און מוזן אוועק פון דאָרט, דאָס גרייכט באמת נישט צום לויב פון גלופּסק.

און איך האָב מורא, אַז די באַפרייטע פון גלופּסק טראָגן נאָך היינט מיט זיך אַביסל פון דער רשעות, פון דער נאַרישקייט, פון דער מאָראַלישער אומדיסציפּלינירטקייט און פון דער בירגערלעכער אומדערצויגנקייט פון גלופּסק. און ווער ווייסט, וויפיל מיר ליידן נאָך פון דער דאָזיקער פּסיכאָלאָגיע פון גלופּסק. כאָטש מענדעלע לאָזט גלופּסק אויסגיין אין פייער. ווען שלמה וועקער פאַרלאָזט מיט ווייב און קינדער די שטאָט, דערזעט ער זי פּלוצים אין פלאַמען. און וועקער־מענדעלע רופט דאַן אויס: „אַך, גלופּסק! אַ צאָרן פון גאָט איז אויף דיר אויסגעגאָסן, ער שטראָפט דיך מיט ברעב, מיט הונגער, בדבר ומגפה, מיט כאָלערע, באַש, מיט פייער, מיט שרפות, ובחיות רעות, מיט שטאָט בעלי טובות!.. גאָט האָט דיך געשטראָפט, גאָט זאָל אויף דיר רחמנות האָבן, גאָט זאָל געבן אין הארצן פון דער גוטער און פרומער און באַרמהערציקער רעגירונג, אַז זי זאָל אויף דיר אַ בליק טון מיט חסד און מיט רחמנות! זי זאָל סליעדעווען, נאָכפאָרשן און דער־

ווייטערן פון דיר די אומגערעכטיקייט, זי זאָל דיר געבן מוט און דיך נעמען אונטער איר שוץ! זי זאָל מאַכן אין דיר גוטע אָרדענונגען...״

אָט אַזוי: מענדעלע בעט דעם שוץ פון דער רעגירונג (פון דער צארישער רעגירונג!) קעגן די יידישע שטאָט בעלי טובות. און כאַראַקטעריסטיש פאַר מענ־דעלעם בירגערלעכער (נישט בורזשואַזנער!) שטרעבונג איז דער לעצטער ווונטש, אַז ביי יידן זאָל זיין „גוטע אָרדענונגען". און ער איז גרייט, די דאָזיקע גוטע אָרדענונגען אָנצונעמען אפילו פון דער האַנט פון דער צארישער רעגירונג.

„גוטע אָרדענונגען", — דאָס איז דער סאַמער בולטער שטריך פון מענדע־לעם ליטעראַריש־פּאָליטישן קאַמף. און עס ווייזט אויס, אַז אין גלופּסק האָט נאָך מער ווי דעמאָקראַטיע און ווי פּאָליטישע פרייהייט געפעלט „גוטע אָרדענונג". כאָטש עס איז קלאָר, אַז אָן פּאָליטישער פרייהייט איז נישט מעגלעך קיין גוטע אָרדענונג. אָבער עס קאָן געמאָלט זיין אַ צושטאַנד פון פולער פּאָליטישער פרייהייט און פון דעמאָקראַטיע און פון זייער ווייניק בירגערלעכער אָרדענונג. און אָט די דאָזיקע גוטע בירגערלעכע אָרדענונג פעלט נאָך היינט אין גלופּסק. מענדעלע אָבער, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט פון „גוטע אָרדע־נונגען", האָט זיך דערמיט אַוועקגעשטעלט אין דער רייע פון די באַדייטנדיקס־טע קעמפער פאַר דער בירגערלעכער איינאָרדענונג פון די יידן.

# וואָס איז פאַר אונדז היינט „די קליאַטשע״?

— 1 —

דאָס פּאָפּולערסטע ווערק פון מענדעלען איז אָן א שום ספק „די קליאַטשע״. די דאָזיקע אידייע פון דער אָרימער געפּייניקטער קליאַטשע, אויף וועלכער אַלע רייטן אַרום, וועלכע יעדער נוצט אויס, געבנדיק איר די שווערסטע ארבעטן אָבער נישט קיין עסן, די אויסגעדאַרטע, הויט־און־ביינערדיקע קליאַטשע, וועלכע מען לאָזט נישט אריין אין דער געזעלשאַפט פון די פיינע, אָנגעפּרעסענע פּריצישע פערד און וועלכע מען שליסט אויס פון אַלע פּראַווען פון די שטאַרקע פערד, — די דאָזיקע קליאַטשע אַלס סימבאָל פון דער געפּייניקטער און פאַרפאָלגטער כנסת ישראל, איז געוואָרן באַזונדערס נאָענט דער מאַסע פון די יידישע לייענער. מענדעלע האָט נאָך פאָלקסטימלעכער געמאַכט דעם סימבאָל דורך דעם מאָטאָ וועלכע ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיטל־בלאַט פון דעם ווערק דעם פּסוק פון שיר השירים: „לסוסתי ברכבי פרעה דימיתיך״, מיטן זיין באַקאַנטן טייטש אויף יידיש: „צו מיין קליאַטשע אין פּרעהס רייטוואָגן פאַרגלייך איך דיך, כנסת ישראל״.

אין היפּך צו דער „טאַקסע״ וועלכע איז נישט מער ווי פּובליציסטיק, שאַרפע פע פּובליציסטיק אין א דיאַלאָגישער פאָרם, איז די קליאַטשע א קינסטלעריש ווערק פון א הויכן פאַרנעם. מענדעלע אַליין האָט אָפּגעשאַצט דעם קינסטלערישן ווערט פון „די קליאַטשע״ מיט אָט די ווערטער: „די קליאַטשע איז געשריבן אויף א הויכן גאַנג, אויף דעם גאַנג, ווי די אַלטע האָבן געשריבן. איטלעכער וועט זי פאַרשטיין כפי זיין פאַרשטאַנד און זיין מדרגה. פאַר מענטשעלעך פון א קליינע מדרגה וועט זי זיין פּשוט א ווונדערשיינע מעשה, זיי וועט גלאַט געפעלן דער פּראָסטער פּשט. די דאָזיקע אָבער פון א גרעסערער מדרגה וועלן אויך אין איר געפינען עפּעס א ווונק, א רמז אַקעגן אונדז זינדיקע מענטשן״...

„די קליאַטשע״ האָט אויסערלעך נאָר אויף אַזויפיל א שייכות מיט דער „טאַקסע״, אויף וויפל דאָ ווערט אויך אָפּטמאָל גערעדט וועגן די גלופּסקער שטאָט־פּאַרזאָרגערס, בעלי־טובות וכדומה. גערדאַנקלעך ווערט אָבער אין דער קליאַטשע״ ווייטער געשפּונען און אַנטוויקלט דער געדאַנק וועגן דער דערצי־

אונג פונעם יידן צום בירגער, וועגן דער דערוועקונג און קולטיווירונג פון די בירגערלעכע מידות ביי די יידן — א געדאנק וואס איז אזוי לגמרי פרעמד די מענטשן פון גלופסק.

אין דער „קליאטשע" באהאנדלט מענדעלע דעם פראבלעם פון ישראל אין גלות ביי די אומות העולם. און פונקט ווי ער פראטעסטירט אין דער „טאקסע" אויף א שארפן אופן קעגן דעם גלות וואס יידן ליידן, פראטעסטירט ער אין דער „קליאטשע" קעגן די אומות העולם וועלכע פארפאלגן און אונטערדריקן און לאזן נישט לעבן די יידן און נעמען זיי ארוים פון די פעלקער. די קליאטשע איז אלזא א ווערק פון פראטעסט קעגן אומרעכט, קעגן רדיפות, קעגן אויסנאמס-געזעצן און אן אפאלאגיע קעגן די באשולדיקונגען וואס די שונאים ווארפן ארויף אויפן יידישן פאלק. אבער סיי דער פראטעסט, סיי די אפאלאגיע איז געשריבן ווי מענדעלע אליין זאגט, „אויף א הויכן גאנג", אין טיפע פאעטישע אלעגאריעס, אפטמאל מיט א פיינעם, טראגישן הומאר, ווי צום ביישפיל אין די פארשידענע טענות פון דער בידנער-קליאטשע, אין דעם בריוו צו דער חברה צער בעלי חיים און דעם ענטפער פון דער דאזיקער חברה, וכדומה, וכדומה.

איך מוז דא בעטן די לייענער, זאלן זיך מטריח זיין און נאך אמאל איבער־לייענען „די קליאטשע". איך וויל דא דערווייל נאר ברענגען די פאלגנדע פסוקים פון דער קליאטשע:

„אוודאי איז דיר גוט צו רעדן! — האט זי (די קליאטשע) זיך אנגערופן און א מאך געגעבן מיט דעם קאפ. אן אנדערער זאל ווי איך פארשטעלט ווערן אין א קליאטשע אזוי פיל יאר, אן אנדערער זאל ווי איך אזוי פיל אויסשטיין, זיין פארוואגלט, דערהרגעט, דערשלאגן, אזוי פיל איבערטראגן צרות און לייד פון איטלעכן באזונדער, וואלט ער, כ'לעבן, שוין לאנג פארלוירן זיין פארשטאנד, זיין געפיל. עס וואלט אים איינגאנצן דאס לשון אפגענומען און ער וואלט געווען א ריינע אמתע בהמה".

די דאזיקע זעלבסט-פארטיידיקונג פון דער קליאטשע איז דער בעסטער ענטפער אויף די טענות פון די שונאים ווי אויך אנטקעגן די אייגענע, וועלכע האבן טענות צו די מענטשן פון גלופסק און צו זייער סדר לעבן.

אויף ישראליקס טענות צו דער קליאטשע, פארוואס זי פילט זיך אזוי וויל אין דער בלאטע, ענטפערט זי, די קליאטשע: „אלץ בעסער ווי פריער. עס זענען געווען צייטן, וואס מען האט מיך נאר געטריבן און נישט געלאזט אויסרוען מיך אפילו קיין רגע. מיינע שונאים פלעגן מיך אלץ טרייבן, טרייבן און צונעמען ביי מיר דעם לעצטן כוח. איצט ווייניקסטנס רו איך דא אביסל, אויף דער בלאטע איז מיר ווייך צו ליגן און איך גלייך כאטש אביסל אוים מיינע אלטע קראנקע ביינער".

אט אזוי, דער געוועזענער בן מלך, דער פרינץ צווישן די פעלקער איז פאר־וואנדלט געווארן אין א בידנער געפייניקטער קליאטשע. און נאכדעם ווי מען

האָט אים יאָרהונדערטער לאַנג געדרודפט, געיאָגט און געטריבן איז ער צופרידן וואָס ער קאָן זיך אויסרוען אויף דער ווייכקייט פון דער בלאָטע.

די דאָזיקע אַפּאָלאָגיע איז פאַר אונדזער אייגענעם אינערלעך יידישן גע־ברויך. מיר זאָלן נישט האָבן קיין אומזיסטע טענות צו דער געפּלאָגטער קליאַטשע.

די סצענע ווו ישׂראליק פּרוווט „ארויסשלעפּן די קליאַטשע פון דער בלאָ־טע״ און ווי די קליאַטשע לאָזט זיך בשום אופן נישט און קריכט דווקא נאָר אין דער בלאָטע, די מוסר־רייד וועלכע ער האַלט איר, איז פול מיט טיפע מענטש־לעכע געדאַנקען. ישׂראליקס פאַרצווייפלטע טענות: „וואָס טוט מען? וואָס הייבט מען אָן? טענות העלפן נישט, דרשות טויגן נישט, עס איז נישט צו מאַכן נישט מיט בייזן נישט מיט גוטן. אַוועקוואַרפן זי — לאָזט מיך דאָס האַרץ נישט, עפּעס האָב איך אויף איר שרעקלעך רחמנות און עס ציט מיך צו איר ווי אַ מאַגנעט״. דאָס שפּיגלט אָפּ דעם דראַמאַטישן קאַמף פון דער אינטעליגענטער יידישער יוגנט אין דער צווייטער העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט, דעם אינערן קאַמף צווישן אַסימילאַציע, פאַרפרעמדונג, און בלייבן ביים פאָלק. און ווען ישׂראליק איז אַזוי פאַרנומען מיט דער קליאַטשע, טייטלען די פרעמדע פאַרבייגייער מיט די פינגער: „וואָס האַלט איר זיך, יונגערמאַן, נעבן אַזאַ שלימזל? גייט אייך אייער וועג און לאָזט די נבלה אייערע צופרידן. וואָס דולט איר אייך אומזיסט אַ קאָפּ? איר וועט מיט אַזעלכע גאָרנישט מאַכן! זעט איר דען נישט אַז זי שמעקט שוין מיט קברות־בלעטלעך, מיט צדוק הדין?״

— 2 —

פון עסטעטישן שטאַנדפּונקט קאָן מען האָבן אַ סך אויסצוזעצן קעגן דעם סענטימענטאַל וויינערישן טאָן („שפּיל, סאָלאָוויטשיקל, שפּיל, איך וויל אַביסל וויינען״) פון דער „קליאַטשע״. דורך די סענטימענטאַל ליריש־וויינערישע השׂ־תּפכות הנפש פון דעם אויטאָר ווערט אָפטמאָל איבערגעריסן דער סיפּור־המעשׂה. אָבער מענדעלע באַנוצט דעם השתּפּכות־הנפש כּדי אויסצודריקן אַלמענטשלעכע אידייען און געפילן. ער פּראָטעסטירט קעגן סאָציאַלע אומאָרדענונג און אומגע־רעכטיקייט, קעגן די מלחמות וועלכע צעשטערן די בליענדע נאַטור און די ווערק פון דער ציוויליזאַציע, די אַרבעט פון דורות. מענדעלע אָדער זיין העלד ישׂראליק רעדט מיט ביטערקייט וועגן דער „ציוויליזאַציע״, וועלכע שאַפט פאַבריקן ווו עס ווערן פאַבריצירט אירע אייגענע צעשטערער, פאַבריקן אין וועלכע מען פאַבריצירט, נישט דאָס וואָס דאָס פאָלק דאַרף האָבן נאָר געמיינע טאַנדייט סחורה אויף אָפּצונאַרן דעם עולם און צו פאַרדאַרבן זיין געשמאַק. מענדעלע, וואַרשיינ־לעך אונטער דער השפּעה פון זשאַן זשאַק רוסאָ רעדט אַזוי סענטימענטאַל („פּאַ־מעלעך, סאָלאָוויי־פּאַמעלעך, נישט אַזוי שטאַרק שפּיל, זינגער, אוי, עס לאָפּ־נעט, עס האָט ביי מיר אין האַרץ שוין געלאָפּנעט אַ סטרונע!״) צום מענטשן:

„אומגליקלעך ביסט דו מענטש! פאַרפלוכט ביסט דו פון אַלע בהמות און אַלע באַשעפענישן אויף דער וועלט. דער אויבערשטער האָט דיך באַשאַפן מייסטעריש מיט מעלות פיל, בעסערע ווי ביי אַלע אַנדערע באַשעפענישן זיינע, דיר טאַקע לטובה, און דו האָסט מיט די מעלות טובות זיך באַנוצט צו דיין רעה. פיל פאַרשטאַנד האָט דיר מענטש, גאָט געגעבן, און דו האָסט דיך באַגאַנגען מיט איס נישט ווי מען באַדאַרף. האָסט אָנגעהויבן פאַרעבענדעווען צופיל, קלערן, גריבלען זיך, אַראָפּנעמענדיק זיך צופיל אין דער זייט, האַנדלען קעגן דיר אַליין און קעגן דער נאַטור". און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער אין דעם דאָזיקן סענטימענטאַל וויינערישן טאָן. און יעדעס מאָל די ווענדונג צום סאָלאָוויי: „פּאַמעלעכער, פּאַמעלעכער שפּיל, סאָלאָוויי! עס האָט שוין אין האַרצן געלאָפּנעט ביי מיר נאָך אַ סטרונע!"

און ווידער: „וויין, ישראל, וויין! האָט מיט איטלעכן שפּיל דאָס וואַלדקלעזמערל מיר געזאָגט". פאַר אונדז, מענטשן פון היינט, איז דאָס שוין אַ היבש ביסל צופיל סענטימענטאַליזם און וויינערישקייט. אָבער מען דאַרף פאַרשטיין און אָפּשאַצן דעם דיכטער אין ראַמען און אין סטיל פון זיין צייט.

— 3 —

פונקט אַזוי ווי דער סענטימענטאַליזם, דאָס צעגיסן זיך אין טרערן, איז אויך דער אשמדאי אונדז היינטיקע נישט צום טעם. פון עסטעטישן שטאַנדפּונקט קאָן מען האָבן אַ סך טענות קעגן מענדעלען צו וואָס ער האָט אַריינגעפירט אין זיין „קליאַטשע" דעם אויבער־טייוול אשמדאי און די גאַנצע כאָפּטע קלענערע טייוולאָנים און מכשפות. צי איז ווייניק געווען די אַלעגאָריע פון דער קליאַטשע וואָס שטעלט פאַר די כנסת ישראל, און צי האָט מען טאַקע געמוזט האָבן צום רומל די חברה טייוולאָנים?

אָבער אויך דאָס דאַרף מען אָפּשאַצן לויטן גייסט פון יענער צייט. דער טייוול איז דאַן געווען אין דער מאָדע. די קליאַטשע איז אַרויס אַ פערציק יאָר נאָך געטעס „פאַוסט", און אויך אין די אַנדערע ליטעראַטורן זענען די טייוולאָנים געווען שטענדיקע אַריינגייער. מען האָט זיי באַנוצט צו יעטווועדער אַרבעט, אין דער דראַמע און אינעם ראָמאַן. און דעריבער מוז מען שוין מוחל זיין מענדעלען פאַרוואָס זיין ישראליק וואָס איז דורכגעפאַלן ביים עקזאַמען פון גימנאַזיום מוז (פאַר אַן אָפּקומעניש) נאָך אַריינפאַלן אין די הענט פון אשמדאי און פון זיינע אונטער־שמשים.

אָבער דער אשמדאי איז ביי מענדעלען דער שאַרפסטער קריטיקער פון מענטשלעכער אומגערעכטיקייט און פון מענטשלעכער משוגעת. „איך, אשמדאי — זאָגט ער — פאַרדאַרב נישט אַזוי די וועלט, ווי איר מענטשעלעך". און אָט אַזוי גייט דער טייוול אַלס קריטיקער און מוכיח פון די מענטשן. „פון מיין

שלעכטקייט ווי איר מיינט — זאָגט ווייטער אַמשדאַי — קומט נישט אַרויס פאַר דע רוועלט אַזוי פיל צרות און אַלדאָס בייז ווי פון אייער גוטסקייט". דאָס הייסט שאַרף אַריינגעזאָגט. „איר האַלט זיך פאַר גרויסע חכמים — אַנטוויקלט אַשמדאַי ווייטער זיינע טענות — איר זעצט אויס פעלער אין דער נאַטור, אין דעם גאַנג פון דער וועלט, שמועסט זיך איין, אַז איר וואָלט מיט אייער שכל באַשאַפן אַ וועלט נאָר אַן אַנטיק — און אַז איר האָט אין אייערע הענט גענומען אַ פּאַרטיקע וועלט אינגאַנצן, ווי זי איז, האָט איר זי שרעקלעך פאַרדאָרבן, אַר־מעטום פאַרדרייט, אומעטום קאַליע געמאַכט"... אַשמדאַי מוסרט אַזוי אָפּ די מענטשעלעך: „איר קוילעט אויס מיטאַמאָל אַ וועלט, מאַטערט, טוט אָן גרויסע צרות, און איר הייסט גוטע און פרומע!"

אַשמדאַי רעדט — טאַקע ווי אַן אמתער אַשמדאַי! — קעגן די מע טש־לעכע פּאַראַנדקעס, קעגן דער צעטיילונג פון די מענטשן אויף טויזנטערליי בעל־קער, אמונות, קלאַסן, שטאַנדן, צעכן, קעגן דער פאַלשקייט וואָס בעת מען רעדט נאָר אַלץ כסדר פון רחמנות און מענטשלעכקייט הערשט אומעטום אכזריות, רדיפות און עוולות. פּונקט אַזוי ווענדט זיך אַשמדאַי קעגן די יידישע אינטעלי־גענטן משכילים, וועלכע פאָדערן פון דער ביד:ער יידישער קליאַטשע „בילדונג". „באַטראַכט זיך אדרבה אַליין, — זאָגט אַשמדאַי — אויב דו ביסט נישט משוגע! פאַר דיר שטייט אַ פאַרכמאַרעטע, אַ הונגעריקע קליאַטשע, וואָס זי באַדאַרף נייטיק ווי אין לעבן אַריין האָבן כאָטש אַביסל מנוחה, אַ מעסטל האָבער, אַ בינטל היי, ווילסט דו איר נאָר באַווייזן אַ היי אין סידור און אַלץ אויסדרינגען ווי גוט, ווי שיין עס איז זיך אויסצולערנען עפּעס קונצן!"

מיט דעם זעלבן געזונטן ראַציאָנאַליזם רעדט אַשמדאַי קעגן די דעמאָלטיקע יידישע פּאַראַנדקעס, קעגן דאָס אָפּגעבן קי:דער צו אַזעלכע מלמדים־קאַטשאַנעס „וואָס מאַכן פון זייערע תלמידים ווילדע מענטשן טויגעניכטסן", קעגן דאָס חתונה מאַכן קינדער, נאָך איידער זיי האָבן זיך עפּעס אויסגעלערנט ווי אַזוי צו פירן אַ לעבן און צו פאַרדינען אויף אַ לעבן. און אַקעגן די, וואָס קלאָגן כסדר איבער די יידישע בעלי־טובות, שטאָט־פאַרזאָרגערס, בעלי־טאַקסעס, וכדומה, ווייזט אַשמדאַי אָן אויפן נאַטירלעכן געזעץ וואָס אַלע ווילן עסן, איטלעכער וויל דערהאַלטן זיין לעבן, און נישט האָבנדיק קיין אַנדערע פרנסה, ווערט מען שטאָט־פאַרזאָרגערס, בעלי־טובות, שדכנים, בטלנים וכדומה שיינע יידן.

אַשמדאַי פירט אַרום ישראַליקן און ווייזט אים די גרוילקייטן פון מלחמה. „אויף פעלדער ווייט אַרום און אַרום ליגן אויסגעשטרעקט טויטע קערפּערס פון מענטשן אינאיינעם מיט נבלות, געפּגרטע פערד. ביי אַ טייל זענען אָפּגעריסן די הענט, ביי אַ טייל די פיס, ווידער ביי אַנדערע קריכן אַרויס די געדערים... הינט לעקן בלוט, און מענטשן — באַפאַלן ווי די הינט זייערע טויטע ברידער, באַזוכן זיי, באַגנבענען און באַרייסן זיי אָן אַ פיצל געפיל פון מע:טש־לעכקייט, פון רחמנות".

דאָס איז דער גרויל פון מלחמה. און נאָך דער גרויל פון מלחמה ווייזט אשמדאי דעם גרויל פון פאָגראָמען — אין רומעניע. יאָ, רומעניע איז אַ פּראָגרעסיוו לאַנד — האָט שוין דאַן געהאַט פּאָגראָמען.

אשמדאיס טענות קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע זענען נאָך היינט אינטערעסאַנט און אַקטועל. ער בלאָזט אַוועק דעם רויך פון די קוימענס און ווייזט: „דאָס רויכערן דאָרט גרויסע הויכע קוימענס פון מיינע טויזנטערליי פאַבריקן, פאַבריקן פון הארמאטן, ביקסן און כל־המיני אַנדערע כלי־זין אויף צו מאַכן דעם טויט; פאַבריקן מער ווי מען באַדאַרף אויף צו פעלשן אין לעבן נייטיקע זאַכן, און אויך פאַבריקן אַזוינע אויף צו מאַכן שמאַכטעס, וואָס זענען עפּעס נישט אַזוי שטאַרק נייטיק אין לעבן אַריין; פאַבריקן פון כלים און מאַשינעס, צו פאַרשפּאַרן מענטשנס הענט, פאַרוועלוולערן זייער אַרבעט און צונעמען ביי אַ סך די פּרנסה“...

און ווייטער:

„פאַבריקן צו דרוקן און פאַרשפּרייטן אין דער וועלט גיך און געשווינד זייער פיל נאַרישקייטן, ליגנס, רכילות, בלבולים, וואָס נישט געשטויגן נישט געפלויגן, שנאה־קנאה, נאָך און נאָך אַזעלכע מיאוסע זאַכענישן און אַלדאָס־בייז איינע אַקעגן די אַנדערע... דאָס איז — פאַרענדיקט אשמדאי דעם דאָזיקן שמועס — דער רויך פון דער ציוויליזאַציע“...

די דאָזיקע טענות מכוח דער פאַבריקאַציע פון ליגנס, רכילות און בלבולים זענען באַזונדערס אינטערעסאַנט צוליב דעם פאַקט, וואָס מענדעלע האָט דאָס געשריבן זיבעציק יאָר פאַר דעם באַווייזן זיך פון דער גרויסער שקרים־אינדוסטריע פון אונדזער צייט.

די ווייטערדיקע געדאַנקען, וועלכע מענדעלע גיט אַריין אין מויל פון אשמדאי, זענען דער אויסדרוק פון אַ טיפער דערקענטעניש פון דער יידישער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע. די דאָזיקע געדאַנקען וואָלט מען באַדאַרפט אַריינשטעלן אין סידור פאַר די יידן וואָס דאַוונען, און פאַר די וואָס דאַוונען נישט, וואָלט מען זיי באַדאַרפט אָפּדרוקן אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן דאָס קענען לייענען יעדן טאָג.

אשמדאי וויל שוין אָפּלאָזן ישראלן, און ער פרעגט אים ווו ער זאָל אים אַראָפּלאָזן. ישראל קערט זיך אום צו מזרח־זייט... אשמדאי קומט דאַן מיט אַזעלכע טענות:

„דיינע געדאַנקען, ישראל, וויים איך; דיין אומקערן זיך מיטן פּנים אין מזרח־זייט, פאַרשטיי איך אויך, וואָס דאָס באַטייט. פאַרלאַנגען פאַרלאַנגסטו דו גאָר אַ גרויסע זאַך, נאָר דיין אומגליק איז, ישראל, וואָס דו ביסט נישט פּראַקטיש, ישראל, נאָר אַ פאַנטאַזיאָר. נישט נאָר אַ פאַנטאַזיאָר ביסטו, נאָר אַ גרויסער בעל פּלפּול. אָט די מידה פון פּלפּול און פּשטלען־זיך, דאָס איז דער גרויסער חסרון, וואָס געפינט זיך ביי אַלע דיינע ברידערלעך, סיי ביי מאַרק מענטשן, סיי

ביי בית־המדרשניקעס. דער פּלפּול פאַרקרימט זיי דעם שׂכל, ער מאַכט זיי פאַר פאַרקאָכטע קנאים, פאַר גרויסע באַרימערס און איבערטרייבער. ער מאַכט אַן שׂנאה און קריג און מחלוקת. און ס'ווערט צעשטערט דאָס ברידערשאַפט צווישן זיי. זיי זענען זיך מפלפּל און דרשענען אַ סך דרשות און טון טוען זיי גאָרנישט. אָט די מיאוסע מידה לאָזט זיי נישט פאַראייניקן זיך צו אַ בשותפותדיקער אַר־בעט לטובת דעם גאַנצן פאָלק. דיר, ישׂראל, פעלט וועלט, און דערווייל קאָן מען דיר נישט געבן קיין אַנדערע עצה ווי די, וואָס דו האָסט געגעבן דער קליאַטשע, זי זאָל זיך לאָזן לערנען און פאַרשטיין. און ביז דו וועסט קומען צום שׂכל און באַקומען דיר דיין אָרט אויף דער ערד, וועסט דו פליען אין דער לופטן"...

אָט אַזעלכע טיפע רעיונות און קלוגע באַמערקונגען דריקט מענדעלע אויס דורכן מויל פון אשמדאי. מיר ווילן דאָ צום סוף נאָר אָנווייזן אויף מענדעלעס באַמערקונגען — אַלץ דורכן מויל פון אשמדאי — קעגן דער אינדוסטריאַליזיר־טער עפנטלעכער מיינונג, קעגן דער שרייבעריי אָן אַ סוף. אשמדאי ווייזט אָן אויף די „טייכן און וועלדער" — דאָס, זאָגט ער, „האָב איך אָנגעגרייט פאַר דיינע ברידערלעך. מען וועט אויף זיי שרייבן און שרייבן כּל־זמן עס וועט נישט אויסגיין דאָס טינט פון דעם טינטער און די פענעס פון די וועלדער".

אשמדאי קאָמאַנדעוועט ווי מען באַדאַרף האַלטן די פענעס, צו טונקען און דאַן גיט ער אויף אַ קול אַ געשריי: „שרייבט!"

און:

„די קאָמאַנדע האָט זיך אַ נעם געטון שרייבן, אַלע כּמעט די זעלבע זאַכן און די אייגענע ווערטער. די האָר האָבן מיר זיך געשטעלט, לייענענדיק די אָנ־געשריבענע ווערטער. זיי זענען געווען אַזוי שפּיציק, מיט קרוטשקעס און גע־שטאָכן ווי די שפּיזן... חוץ דעם האָבן אַ טייל געאַרבעט ווי די פאַזשאַרנע קאָ־מאַנדע און געשפּריצט פּשוט מיט בלאָטע".

אָט אַזאַ איז „די קליאַטשע". זי איז באמת געשריבן „אויף אַ הויכן גאַנג". כאָטש אַ היבש ביסל פון די אַוואַנטורעס מיט די טייוואָלאָנים און מכשפות זענען פאַרן היינטיקן מענטשן נישט מער געניסבאַר, באַזונדערס פאַר דער יוגנט. און פאַר אונדזער היגער יוגנט, וועלכע, אפילו ווען זי האָט באַקומען אַ יידישע דערצי־אונג איז דאָס נאָר אַ מינימום יידישקייט, אַ יידישקייט פּחות־מכּזית, איז מענ־דעלעס ווערק שוין בכלל אַ בוך וואָס איז פאַרמאַכט מיט זיבן זיגלען. פאַר דער יוגנט וואָלט נייטיק געווען אַרויסצוגעבן ספּעציעלע אויסגאַבן פון די גרויסע יידישע שרייבער. אונדזערע פּעדאַגאָגן וואָלטן באַדאַרפט אַ טראַכט טון וועגן דער זאַך. מען וואָלט געקענט מאַכן אַ פּרווו און אַ אָנפאַנג מיט דער „קליאַטשע". צו אַזאַ אַרבעט פאָדערט זיך אַ היבש ביסל ליטעראַרישע אחריות און געשמאַק, אָבער ביי די אומות העולם זענען שוין פון לאַנג פאַראַן ספּעציעלע יוגנט־אויס־גאַבן פון זייערע גרויסע שרייבער. „די קליאַטשע" איז נישט בלויז אַ טיף יידיש און אַלמענטשלעך בוך, נאָר זי איז אויך אַ דערציהעריש בוך פאַר גרויסע און פאַר קליינע און טאָקע דעריבער דאַרף מען זי מאַכן צוגענגלעך פאַר אונדזער יוגנט.

# אַ מאָנומענט פאַר דער אומבאַקאַנטער אשת־חיל

ווו איז אהינגעקומען אונדזער אשת־חיל?

יאָרהונדערטער לאַנג האָט זי באַהערשט אונדזער לעבן — באַהערשט אין איר פרום־פּרויאישער איבערגעגעבנקייט צו איר מאַן. זי איז געווען די גראַ־מטענע באַלעבאָסטע, די טרייע מוטער, וועלכע האָט געזאָרגט פאַרן פיזישן און מאָראַלישן וווילזיין פון אירע קינדער און די איבערגעבנסטע חברטע צו איר מאַן, צו וועלכן זי האָט אַרויפגעקוקט מיט יראת הכבוד און טאַקע ווידער מיט מוטערלעכער זאָרג. דערצו איז זי געווען די אמתע עזר כנגדו — טאַקע אַ מיט־העלפערין, אַ מיטאַרבעטערין און אַ מיטבאַראָטערין, אין אַלע ענינים פון דער פּרנסה, פון דער שטוב־באַלעבאַטישקייט און פון דער דערציאונג פון די קינדער.

און זייער אָפט איז זי געווען נישט בלויז אַ מיטאַרבעטערין, נאָר טאַקע די הויפּט־אַרבעטערין, די פירערין פון די געשעפטן, די גאַנצע פּרנסה־געבערין, און דאָס אַלץ האָט זי געטון אָן גאווה, נישט פּרוּוונדיק אַפילו זיך צוליב דעם צו דערהייבן מיט שטאָלץ איבער איר מאַן. וואָרום זי האָט דאָך פאַרשטאַנען, אַז איר מאַן איז פאַרנומען מיט וואַזשנערע זאַכן ווי די קראָם, די קלייט. דער מאַן האָט דאָך געלערנט תורה און זי האָט פאַרשטאַנען, די אשת־חיל, אַז צוליב איר מאַנס תורה וועט זי אויך האָבן אַ חלק לעולם הבא, כאָטש אַ קלענערן חלק, זיצנדיק נאָר אויפן פיסנבענקעלע פון איר מאַן, ווען ער וועט זיצן מיט אַלע גרויסע צדיקים פאַר דער פמליא של מעלה מיט דער עטרה אויפן קאָפּ... און חוץ דעם איז דאָך תורה די בעסטע סחורה אויך אויף דער דאָזיקער זינדיקער וועלט. וואָרום אַ פרוי, אַ ווייב פון אַ בן־תורה, האָט אויך אַ שטיקל חלק אינעם כבוד התורה פון איר מאַן און היינט די קינדער, וואָס וואַקסן־אויף ביי אַ בן־תורה זענען דאָך אירע קינדער. עפּעס אַ קלייניקייט צו זיין אַ מאַמע פון זין בני־תורה אָדער אַ שוויגער פון אַן איידעם אַ בן־תורה!

האָט טאַקע דער מאַן פון דער פרוי וואָס האָט מיט אַזוי פיל זעלבסטאָפּ־פּערונג אָפּגעגעבן כבוד דער תורה און אויך די קינדער, איר צוריק אָפּגעצאָלט מיט כבוד און אכטונג.

אשת־חיל מי ימצא
ורחוק מפנינים מיכרה.

האָבן דער מאַן און די זין געזונגען יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס, אהיימקו־מענדיק פון דער שול נאָכן אָפּגעזעגענען זיך מיט די מלאכים, וועלכע האָבן זיי באַגלייט פון דער שול אהיים.

אַן אשת חייל ווער קען געפינען?
און העכער פון פּערל איז איר ווערט.
דאָס האַרץ פון איר מאַן פאַרזיכערט זיך אויף איר,

און אים פעלט נישט קיין איינקום.
זי טוט אים גוטס און נישט שלעכטס,
אַלע טאָג פון איר לעבן
און אַרבעט מיט אירע ווילּיקע הענט.

זי איז אַזוי ווי די האַנדלס־שיפן,
פון דערווייטנס ברענגט זי איר ברויט
און זי שטייט אויף אין נאַך נאַכט,
און גרייט צו שפּייז פאַר איר הויזגעזינד
און די אויסקומעניש פאַר אירע דינסטמיידלעך.
זי פאַרטראַכט אַ פעלד, און קויפט עס,
פון דער פרוכט פון אירע הענט פלאַנצט זי אַ ווייננגאַרטן.
זי גורט אַן מיט קראַפט אירע לענדן,
און זי שטאַרקט אירע אָרעמס.
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
באַקאַנט אין די טויערן איז איר מאַן
און ער זיצט מיט די עלטסטע פון לאַנד.
אַ לייוונטוך מאַכט זי און פאַרקויפט,
און גאַרטלען שטעלט זי צו דעם האַנדלסמאַן,
שטאַרקייט און שיינקייט איז איר מלבוש,
און זי לאַכט פון שפּעטערדיקן טאָג.
און די לערנונג פון גענאָד איז אויף איר צונג.
איר מויל עפנט זי מיט חכמה
זי קוקט נאָך דעם גאַנג פון איר הויז,
און זי עסט נישט דאָס ברויט פון פוילקייט.
אירע קינדער שטייען אויף און לויבן זי,
איר מאַן — און ער רימט זי:
„פיל טעכטער האָבן אויפגעטון בריהשאַפט,
אָבער דו שטייגסט זייַ אַלע אַריבער."

ווי־זשע איז זי אהינגעקומען, די אשת־חיל אונדזערע?

הונדערטער יאָרן האָט זי, ווי די האַנדלס־שיפן פון דערווייטנס געבראַכט איר ברויט, זי איז „אויפגעשטאַנען ווען נאָך נאַכט", זי האָט געקויפט פעלדער און פון דער פרוכט פון אירע הענט האָט זי געפלאַנצט ווייננגערטנער. און דער־ביי איז שטאַרקייט און שיינקייט געווען איר מלבוש, און פּלוצים איז זי כמעט

פארשוווּנדן געוואָרן פון אונדזער מיט. וואָרום נישט די מאָדערנע דאַמע, וועלכע שפּילט פּאָקער און לייענט ראָמאַנען אָדער לעבט-איבער ראָמאַנען, איז אַ טאָכ־טער פון דער אַמאָליקער אשת-חיל, נישט אויך די ראַדיקאַלע אָדער רעוואָלו־ציאָנערע יידישע פרוי, וועלכע מישט זיך און קאָכט זיך אין פּאָליטיק, פון וועל־כער זי פאַרשטייט גאָר ווייניק, האָט עפּעס אַ שייכות מיט אונדזער אַמאָליקער אשת-חיל.

אויב ס'איז נאָך געבליבן עפּעס, וואָס קאָן אויסהאַלטן אַ געוויסן פאַרגלייך מיט דער אַמאָליקער אשת-חיל זענען דאָס פרויען אין די קבוצות און קיבוצים אין ארץ-ישראל און אפשר די פרויען אין סאָוועט־רוסלאַנד. אָבער ס'איז דאָך ניט די אשת־חיל פון אַמאָל — כּמעט קיינער וועט נישט וואַגן צו לייקענען די סאָ־ציאַלע און קולטורעלע באַדייטונג פון דער אַרבעטנדיקער פרוי פון היינט.

זיצנדיק דאָ נישט לאַנג אין טעאַטער, ביי דער פאָרשטעלונג פון מאָרים שוואַרצס „וועלוול די באַלעבאָסטע", האָב איך זיך דערמאָנט אין אונדזער אַמאָ־ליקער אשת-חיל. דער דאָזיקער טיפּ פון דער אשת-חיל איז דאָך געווען פאַר־טראָטן אין אַלע סאָציאַלע שיכטן אונדזערע, נישט בלויז צווישן די גבירים נאָר אויך אין די סאַמע אָרעמסטע שיכטן. דאָס ווייב פון דעם אָרעמען „וועלוול", וועלכע מוז האָרעווען און אַליין זיין די פּרנסה-געבערין, האָט אייגנטלעך נישט די מאַיעסטעט פון דער אשת-חיל. זי איז נאָר אַן אומגליקלעכע פרוי, וועלכע האָט אַ מאַן אַ לא יצלח, אַ טויגעניכטס. מוזנדיק אַרבעטן אויף איר מאַן, דעם לא יצלח, וועלכער איז דערצו נאָך אַן עם הארץ, און וועלכער קאָן גאָרנישט אַ חוץ פירן די ווייבערישע באַלעבאַטישקייט, האָט זי נישט די מאָראַלישע באַ־פרידיקונג, וואָס עס האָט געהאַט די אמתע אשת-חיל, וועלכע ווען זי האָט אַליין געמוזט זיין די פּרנסה-געבערין, האָט זי געוווּסט, אַז זי טוט דאָס פאַר איר מאַן דעם בן־תורה און זי האָט געוווּסט, אַז אויף איר שיינט־אַראָפּ אַן אָפּשיין פון דעם ליכט פון דער תורה פון איר מאַן.

אַ טיפּ פון אַן אָרעמער אשת-חיל האָט אַמאָל געמאָלן דער פּוילישער שריפטשטעלער אַלעקסאַנדער שוויענטאָכאָווסקי אין דער צייט פון זיין פּאָזיטי־וויזם, איידער ער איז געוואָרן דער בייסנדיקער אַנטיסעמיט. דאָס איז געווען שוויענטאָכאָווסקיס שיינע דערציילונג „חוה רובין". דער פּוילישער שריפטשטע־לער האָט געזען דעם גאַנצן העראָאיזם פון דער יידישער פרוי, וועלכע אַרבעט שווער, מיט אַבנעגאַציע פון דער אייגענער פּערזאָן, פאַרן וויל פון איר מאַן און פון אירע קינדער.

אָבער אויף וויפיל די אָרימע חוה רובינס, וועלכע האָבן מיט זייער שווע־רער אַרבעט געהאָלפן זייערע מענער צו קאָנען זיצן און לערנען תורה, האָבן אַליין נישט געמוזט זיין זייער אינטעליגענט, באַזיצנדיק אפשר מער מאָראַל ווי גייסטיקע שאַרפקייט, האָבן די רייכע אשת-חילס, וועלכע האָבן אַליין אָנגע־פירט גרויסע געשעפטן, אָדער וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט, מיטגעהאָלפן זייערע

מענער אין געשעפט, שוין געמוזט פארמאָגן אַ הויכן גראַד פון אינטעליגענץ. דאָס איז געווען פון דעם מין אינטעליגענץ, וועלכע מען באַקומט נישט אין די שולן, נישט פון די ביכלעך, דאָס האָט געמוזט זיין איינגעבוירענע אינטעליגענץ, חכמה געירשנטע פון דורות קאָפּ-מענטשן. דאָ איז געווען אינטעליגענץ, חכמה, געפּאָרט מיט אַ שטאַרקער מאָראַל.

מיט אַלע אירע כוחות און מיטן שכל — שרייבט אַ היסטאָריקער — איז די דאָזיקע פרוי געשטאַנען פון דער פרי ביזן אָוונט צו הילף פון איר מאַן. אין דער אַרבעט איז זי עקשנותדיקער און געדולדיקער ווי ער. זי איז פאַר אים געווען נישט בלויז אַ געהילפין, נאָר, אין יעדער באַציאונג, אַ שטיצע און אַ אונטער־שטיצונג. די דאָזיקע פרוי, אָן שול־בילדונג, אפילו אָן דעם, וואָס מען רופט היינט „דערציאונג", האָט באַזעסן גענוג אינטעליגענץ, נישט בלויז מיטצואַרבעטן אי־נעם געשעפט, נאָר אויך גענוג קלוג, אַז מען זאָל זיך דאַרפן צוהערן צו איר ראַט. אַ פרוי, וועלכע אַרבעט־מיט ביי דער אָנפירונג פון אַ גרויס געשעפט האָט שטענדיק צו טון מיט מענטשן, און אויב זי וויל האָבן דערפאָלג אינעם געשעפט, מוז זי זיך פאַרטראַכטן וועגן זאַכן און מענטשן און שטענדיק ווידער איבער־טראַכטן. דאָס געשעפט פאָדערט מען זאָל איינקויפן און גוט פאַרקויפן. מען מוז פאַרשטייען אַ וואָסערע סחורה צו קויפן און אַרויסווייזן גענוג קלוגשאַפט, זיך נישט צו לאָזן אָפּנאַרן ביים איינקויף. און פונקט אַזוי מוז מען באַזיצן אַ גרויסע מאָס קלוגשאַפט ביים פאַרקויפן, מען מוז באַזיצן אַ סך פּסיכאָלאָגישע מענ־טשן-קענטעניש ביים באַהאַנדלען דעם קונה, אים אָפּשאַצן צי מעג מען אים געבן קרעדיט — דערצו נויטיקט זיך מער אינטעליגענץ ווי צו לייענען ראָמאַנען.

צווישן די דאָזיקע פרויען איז געווען אַ היפּשע צאָל פּערזענלעכקייטן. זיי האָבן בדרך כלל געהאַט מער וועלט־קענטעניש און מער מענטשן־קענטעניש פון זייערע מענער, וועלכע זענען געזעסן און געלערנט תורה. און דערפאַר טאַקע זע־נען זיי אָפט אַרויסגעטראָטן פאַר די קריסטלעכע שררות, ווען ס'איז נויטיק גע־ווען צו פאַרטיידיקן די באַדראָטע אינטערעסן פון די יידן, אָדער פון רעליגיעזע אינסטיטוציעס. אַזאַ פרוי, ווי גליקעל פון האַמעלן, איז נישט געווען קיין אויס־נאַמס-דערשיינונג. די „גאָלדענע רויזע" פון לעמבערג געהערט אויך צו דעם דאָזיקן טיפּ פרויען, וועלכע האָבן געוואַגט און געקאָנט אַרויסטרעטן פאַר די קריסטלעכע שררות צו פאַרטיידיקן די יידישע רעכט. און אַזעלכע ווי גליקעל פון האַמעלן און ווי די גאָלדענע רויזע זענען געווען נישט איינע.

***

די געשיכטע פון דער אשת־חיל איז נאָך נישט געשריבן געוואָרן און מען קען זאָגן, אַז מיר, דאָס הייסט, אונדזער דור, באַגייט אַ גרויסן אומרעכט קעגן

דער דאָזיקער שענסטער דערשיינונג פון דער יידישער ווייבלעכקייט. אַ פרוי, וועלכע איז ווי אַ נייע רות געקומען פון דער פרעמד צו דער יידישער געמיינשאַפט, רות לאַזאַרוס, די פרוי פון דעם יידישן פּסיכאָלאָג און מאָראַליסט, פּראָפעסאָר לאַזאַרוס, האָט אַמאָל געפּרוווט צו שילדערן דאָס יידישע ווייב. זי האָט געשילדערט אַ גאַנצע גאַלעריע פון יידישע פרויען. אָבער קיין מאָנומענט פאַר דער אשת-חיל איז דאָס נאָך אַלץ נישט. דעם דאָזיקן מאָנומענט דאַרפן מיר ערשט שאַפן.

# דער עלטסטער דיפּלאָמאַטישער אָפּמאַך

יאָ, דאָס איז זיכער דער ערשטער באַריכט וועגן אַ דיפּלאָמאַטישן אָפּמאַך. מיט דעם דאָזיקן באַריכט אין אונדזער חומש הויבט זיך אפשר אָן די געשיכטע פון דער דיפּלאָמאַטיע. איך מיין דעם אָפּמאַך צווישן אבימלך, דעם קעניג פון די פּלישתים און אברהם אבינו.

דעם קאָנפליקט צווישן אבימלכן און אברהמען געדענקט איר אפשר פון חומש. פאַר די, וועלכע געדענקען נישט דעם פּסוק חומש, וויל איך די מעשה בקיצור דערמאָנען..

ס'איז געווען, ווען אברהם איז אוועק פון סדום און ער איז אָנגעקומען אין נגב. ווו ער האָט זיך באַזעצט אין גרר, צווישן קדש און שור. אברהם האָט דאָן מורא געהאַט, אַז מען זאָל אים ניט הרגע'נען און ביי אים צונעמען זיין ווייב שרה, האָט ער דערקלערט אין דער עפנטלעכקייט, אַז שרה איז זיין שוועסטער. אַזוי האָט אבימלך, דער קעניג פון גרר, שוין געקענט צונעמען שרהן. אָבער ביינאַכט האָט אים גאָט געזאָגט אין חלום, ער זאָל זיך נישט צורירן צו שרהן, און ער זאָל זי צוריקגעבן צו איר מאַן, אברהם, וועלכער וועט דערפאַר מתפלל זיין פאַר אים צו גאָט. טאָמער אָבער וועט ער נישט פאָלגן, וועט אים גאָט שטראָפן און ער וועט שטאַרבן צוזאַמען מיט זיין גאַנצן הויזגעזינד מיט אַלע זיינע קנעכט.

האָט אבימלך זיך געפּעדערט און פאַרטאָג, האָט ער גערופן צו זיך אברהמען און אים אָפּגעגעבן זיין ווייב שרה און אים געפרעגט, מיט וואָס האָב איך דאָס אַזוי זיך פאַרזינדיקט פאַר דיר, וואָס דו האָסט מיר אָפּגעטון אַזאַ זאַך צו דערקלערן דיין ווייב אַלס דיין שוועסטער?

און אבימלך האָט נישט בלויז צוריקגעגעבן אברהמען זיין ווייב שרה, נאָר ער האָט אים אויך צוגעגעבן שאָף און רינדער און קנעכט און דינסטן און ער האָט אים דערקלערט: דאָ איז מיין לאַנד פאַר דיר, באַזעץ דיך, ווו און ווי דיר געפעלט. און ער האָט נאָך צוגעגעבן אברהמען אַ מתנה טויזנט זילבערשטיק.

אָבער, קענטיק, אַז אבימלך איז נאָך אַלץ נישט זיכער געווען, צי ער האָט יוצא געווען מיט אברהמען. און נאָך אַ געוויסער צייט פון יאָרן, וואָס אברהם האָט געוווינט אין גרר און זיין ווייב שרה האָט אים געבוירן אַ זון און דאָס קינד איז אַנטוויינט געוואָרן און נאָך דעם ווי עס האָט פּאַסירט די באַוווסטע מעשה

מיטן ארויסטרייבן הגרן מיט איר זון, איז אבימלך געקומען צו אברהמען מיט אים פארהאנדלען וועגן אן אפמאך. ווי וויכטיק אבימלך האט באטראכט זיינע פארהאנדלונגען מיט אברהמען, קען מען זען דערפון, וואס ער האט מיט זיך מיטגענומען זיין מיליטערישן קאמענדאנט אדער זיין גענעראליסימוס, פיכל. אבימלך האט אליין מורא געהאט, טאמער האט ער דעמאלט, בעת דער מעשה מיט שרהן, דאך זיך פארזינדיקט קעגן אברהמען. ווארום אברהם איז דאך געווען נישט גלאט עפעס א פריוואטע פערזאן, נאר א פארשטייער פון א פרעמדער מאכט — פון א גרויסער מאכט, פון דעם גאט, וועלכער קאן באשטראפן זיינע פיינט, ווי ער האט דאס באוויזן אין סדום.

דערפאר טאקע איז אבימלך געקומען צו אברהמען באגלייט פון פיכל, דעם העכסטן קאמענדאנט פון זיין ארמיי, און ער האט געבעטן ביי אברהמען, ער זאל אים שווערן, אז ער וועט געדענקען צו זיינע קינדער און זיינע אייניקלעך דעם חסד, וואס ער, אבימלך, האט אים געטון, ווען ער, אברהם, האט זיך באזעצט ביי אים אין לאנד. און דא פארענטפערט זיך אבימלך אויפסניי וועגן יענעם עפיזאד מיט שרהן וועלכע ער האט גענומען צו זיך, און ער מאכט ווידער אברהמען א לייכטן פארוואורף הלמאי ער האט אים נישט געזאגט, אז שרה איז זיין ווייב. און דא גיט אברהם אבימלכן א מתנה שאף און רינדער, און זיבן לעמלעך גיט ער אים באזונדער אלס עדות, אז ער, אברהם, האט אויסגעגראבן א ברונעם אויף דעם פלאץ. דערפאר ווערט דער פלאץ גערופן באר שבע — דער ברונעם פון דער שבועה. און אין באר שבע האבן אברהם און אבימלך געשלאסן א פרידנס-אפמאך.

און דאס ווונדערבארע פון דער דאזיקער מעשה איז נישט אזוי דער אפמאך גופא, נאר דער פאקט, וואס די קינדער פון אברהמען האבן זיך ארומגעטראגן מיט דער געשיכטע פון דעם דאזיקן אפמאך דורך אומצאליקע וואנדערונגען אין דער לענג און אין דער ברייט פון דער וועלט, דורך יארהונדערטער איז יארטויזנטער, און מיר דערציילן זיך די געשיכטע פון דעם דאזיקן אפמאך אין א פייערלעכן טאן אין א פייערלעכער צערעמאניע אין די פייערלעכע טעג פון אונדזער ראש השנה.

און א דור, וואס איז אין גאנצן פארקניפט און פארבונדן מיט די פראבלעמען פון דער היינטיקער צייט, לייענט נאך אליין די אלטע מעשה וועגן די פארהאנדלונגען און דעם אפמאך צווישן דעם קעניג אבימלך מיט דעם אור-פאטער פון פאלק ישראל, אברהם.

ווי ווייט איז אונדזער היינטיקע צייט פון יענע טעג, פון יענע קינדעריארן פון דער מענטשהייט, ווען א קעניג האט מורא געהאט פאר א פארשטייער פון דער מאכט פון א גאט! כאטש די דיפלאמאטישע מיטלען זענען נאך אין עצם די זעלבע. היינט באמיט מען זיך איינצונעמען א קעגנער מיט גוטע רייד

און טאַקע אויך מיט די מתנות. נאָר די מתנות זענען היינט אַביסל אַנדערע ווי שאָף און רינדער און קנעכט און דינסטן.

און ווי וואונדערלעך איז דער געשיכטלעכער גורל פון אונדזער פאָלק! וואָרום פון יענער צייט, ווען אבימלך האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט אברהמען אין באר שבע, האָבן מיר זיך דערווייטערט אין דער צייט נישט מיט קנאַפּע 4000 יאָר, נאָר אפשר מיט 40.000 יאָר, ווען מען זאָל אָנווענדן די מאָס פון דעם טעכנישן פּראָגרעס, וואָס די מענטשהייט האָט דערגרייכט אין דער דאָזיקער צייט. אָבער היינט, קנאַפּע 4000 יאָר נאָכדעם, ווי אברהם האָט געגראָבן אַ ברונעם אין באר שבע, היינט קעמפן יידן פאַרן באַזיץ פון דעם דאָזיקן באָדן, אויף וועלכן אברהם און אבימלך האָבן געשלאָסן אַ פריידנס־בונד. און מאָדנע: מיט 4000 יאָר צוריק האָט אַ יידישער פּאַטריאַרך אָנגעהויבן זיין ציוויליזאַטאָרישע אַרבעט אויף דעם דאָזיקן באָדן מיט גראָבן אַ ברונעם. און איצט 4000 יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי די אָפּשטאַמיקע פון אבימלכן האָבן געלאָזט פאַרטריקענען די ערד, געלאָזט זי פאַרוויסטן צו אַ מדבר, זענען ווידער געקומען די בני אברהם גראָבן ברונעמער, באַפרוכפּערן דעם אויסגעהונגערטן, אויסגעטריקנטן באָדן און דאָס מוזן זיי טון אין קאַמף קעגן דעם פאָלק, מיט וועלכן זיי האָבן אַזוי אָפט געמוזט קעמפן פאַר העכערע, פאַר מער מענטשלעכע לעבנס־פאָרמען און לעבנס־צילן.

און דאָ האָבן מיר ווידער דאָס אייביק גורלדיקע אין אונדזער לעבן. אלס הפטורה דעם צווייטן טאָג ראש השנה זאָגט מען קאַפּיטל ל"א פון ירמיהו ביז פסוק י"ט. און ווי זענען די דאָזיקע ווערטער פונעם נביא צוגעפּאַסט צום היינטיקן טאָג — ממש אַקטועל.

איך וויל דאָ איבערגעבן אייניקע פסוקים פון דער דאָזיקער הפטורה. אין דער איבערזעצונג פון יהואש:

„פון ווייטן האָט גאָט זיך באַוויזן צו מיר:
יאָ, אייביקע ליבשאַפט האָב איך דיך ליב,
דרום צי איך דיך צו מיט גנאָד.
איך וועל דיך נאָך אויפבויען,
און וועסט אויפגעבויט ווערן, יונגפרוי ישראל,
וועסט נאָך אָנטון דיינע פּייקלער,
און אַרויסגיין אין לוסטיקן טאַנץ.
וועסט נאָך פלאַנצן וויינגערטנער אויף די בערג פון שומרון;
פלאַנצן וועלן פלאַנצער און פאַרנוצן אַליין.
וואָרום זיין וועט אַ טאָג,
וואָס די וועכטער רופן אויפן געבערג פון אפרים:
שטייט אויף, און לאָמיר אַרויפגיין קיין ציון.
צו אונדזער גאָט".

— — — — — — — — — — — — — — — —

„זע איך ברענג זיי פון צפון־לאַנד,
און וועל זיי איינזאַמלען פון די עקן ערד;
צווישן זיי דעם בלינדן און דעם הינקענדיקן,
די טראָגעדיקע און די געווינערינס אין איינעם;
אַ גרויס געזעמל וועלן זיי זיך אומקערן אַהער.
מיט געוויין וועלן זיי קומען

— — — — — — — — — — — — — — —

און מיט לייטזעליקייט וועל איך זיי ברענגען";"
„הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איר פעלקער
און דערציילט אין די אינדזלען פון דער וויט און זאָגט:
דער וואָס האָט צעשפּרייט ישראל, טוט אים איינזאַמלען,
און היט אים ווי אַ פּאַסטוך זיין סטאַדע
וואָרום גאָט האָט אויסגעקויפט יעקב און האָט אים אויסגעלייזט
פון דער האַנט פון דעם שטאַרקערן פון אים".

לייענענדיק די ווערטער פון דעם נביא און פון אַנדערע נביאים, דערפילן מיר ערשט די גרויסקייט פון די טעג וואָס מיר לעבן איבער.

און נאָך עפּעס: געוויסע פּאַפּירענע טעאָרעטיקער און סאָציאָלאָגן האָבן אונדז יידן אַמאָל אַריינגעשטעלט צווישן די „געשיכטסלאָזע פעלקער". און געווען יידן, וועלכע האָבן צוליב דער הייליקייט פון דער טעאָריע מסכים געווען מיט דער דאָזיקער פּאָזיציע פון יידן ווי פון אַ „געשיכטסלאָזן" פאָלק. דאָס באַווייזט צו אַ וואָסערע אַבסורדן מען דערגייט, ווען מען דערווייטערט זיך פון אייביקלעבנדיקן קוואַל פונעם יידנטום און פון יידישן גייסט. מיר, אַ געשיכטלאָז פאָלק! מיר, וועמענס געשיכטע עס הויבט זיך אָן מיט די „דיפּלאָמאַטישע" פאַרהאַנדלונגען צווישן אבימלך און אברהם, און וועמענס נביאים האָבן געדעכט אַזוי דורכאויס היסטאָריש, אַז זיי זענען אַקטועל היינט, נאָך דריי טויזנט יאָר!

# הערצל — דער זיווג פון אַ גרויסער פּערזענלעכקייט מיט אַ גרויסער אידייע

— 1 —

דאָס צונויפפאָרן זיך פון טעאָדאָר הערצל מיט דער ציוניסטישער אידייע איז איינע פון די וווּנדערבאַרסטע „שטערן־שעהן פון דער מענטשהייט”, וועגן וועלכע עס רעדט סטעפאַן צווייג. דער פאַקט וואָס אַן עלעגאַנטער און גייסטרייכער אייראָפּעאישער שרייבער, וועמעס וועלט איז ווייט פונעם יידנטום און פון יידישע דאגות, דערפילט פּלוצים די יידישע טראַגעדיע, און פּלוצים לויכט־אויף אין זיין קאָפּ דער געדאַנק וועגן באַפרייען דאָס יידישע פאָלק דורך צונויפזאַמלען אים פון אַלע טיילן פון גלות און גרינדן אַ יידישע מלוכה — דער דאָזיקער פאַקט איז איינע פון די וווּנדערבאַרסטע דערשיינונגען אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן געדאַנק. ווען ביי הערצלען איז אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן דעם יידנשטאַט, האָט ער נישט געוווּסט, נישט וועגן ענלעכע געדאַנקען פון פריערדיקע שרייבער, נישט וועגן די פּרוּוון פון פּראַקטישער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט וואָס פאַרשידענע יידישע געזעלשאַפטן האָבן דאַן שוין געהאַט געמאַכט אין ארץ ישראל. די השערה פון דעם הערצל־ביאָגראַף אַלעקס ביין, אַז הערצל האָט אין זיינע יוגנט־יאָרן געמוזט עפּעס הערן וועגן ישוב ארץ ישראל פון זיין זיידן שמעון־לייב הערצל, וועלכער האָט געלעבט אין דער סערבישער גרעניץ־שטאָט זעמלין, און וועלכער האָט זיך געקענט מיט דעם חובב־ציון הרב אלקאלי — די דאָזיקע השערה האָט נישט קיין יסוד. וואָרום מיר האָבן נישט קיין שום ידיעה, צי הערצלס זיידע האָט זיך אינטערעסירט פאַר ישוב ארץ־ישראל. וואַרשיינלעכער איז, אַז דער געדאַנק וועגן גרינדן אַ יידישע מלוכה האָט אויפגעבליצט אין הערצלס מוח פון זיך אַליין. דער געדאַנק איז אייגנטלעך אַזוי פּשוט און אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער „ליגט זיך אויפן שכל”. אַלס קאָרעספּאָנדענט פון אַ גרויסער צייטונג אינעם צענטער פון דער קולטור־וועלט, אין פּאַריז, האָט הערצל זיך באַגעגנט מיט די דערשיינונגען פון שנאה צו יידן, פון העצרייען קעגן יידן און פון פּאַרטייען וועלכע לעבן פון דער דאָזיקער שנאה און פון דער העצעריי. שוין אין זיין פריעסטער יוגנט, אין דער רעאַל־שולע, איז

הערצל אין זיין נשמה פארוואונדעט געוואָרן פון דעם אָרומיקן יידן־האַס. און שפּעַ־
עלטערע זאַך, וועלכע שטימט נישט מיטן טעכנישן פּראָגרעס פון אונדזער צייט.
ריז, באַגעגנט זיך הערצל מיט דער דאָזיקער שנאה און פּראָוורטייל צו יידן.
דער געדאַנק וועגן גרינדן די יידישע מלוכה האָט דעריבער געמוזט קומען ממילא.
פאַר דעם רעאַל־דענקענדן הערצל האָט זיך דאָס פּראָבלעם געמוזט פאָרשטעלן
אַזוי: פאַרוואָס האַסט מען די יידן און פאַרוואָס רודפט מען זיי? ווייל די פעל־
קער צווישן וועלכע די יידן לעבן, האַלטן זיי פאַר פרעמדע און פאַרגינען זיי
נישט דאָס לעבן צווישן זיי. פון דעם דאָזיקן געפיל פון פרעמדקייט, וואָס די
אַנדערע פילן צו זיי, קענען די יידן זיך נישט באַפרייען. די אַסימילאַציע
ווירקט נישט און העלפט נישט. כדי אַסימילאַציע זאָל ווירקן, וואָלט דאָס באַ־
דאַרפט זיין אַ ראַדיקאַלע אַסימילאַציע, אַן אַסימילאַציע ביז צום פולשטענדיקן
זיך־פאַרגעסן פון איין זייט, און ביז צום פולשטענדיקן נישט דערקענען אויף
דער אַנדערער זייט. אַזאַ ראַדיקאַלע אַסימילאַציע איז אָבער נישט מעגלעך. און
פאַרוואָס זאָל טאַקע אַ פאָלק זיך אַליין אַזוי פולשטענדיק פאַרלייקענען? אַלזאָ,
אַסימילאַציע ווירקט נישט. בלייבט דער יידן־האַס און די רדיפות פון פאַר־
שידנסטער פאָרם און פאַרשידנסטן גראַד. און אַנטלויפנדיק פונעם יידן־האַס
און פון די רדיפות פון איין לאַנד, לויפט־נאָך נאָך די יידן דער אַנטיסעמיטיזם
אין די נייע לענדער, ווו זיי האָבן געגלויבט צו געפינען אַ רואיק לעבן, פריי פון
שנאה און פאַרלוימדונגען. אָט אַזוי איז אין הערצלס מוח אויפגעקומען די אידיי
פון דער יידישער מלוכה, ממש ווי אַ צוואַנגס־אידיי, וואָס חוץ איר איז קיין
אַנדערע לייזונג נישט מעגלעך.

די אידייע איז דאָך אַזוי פשוט און איינפאַך: נישט קוקנדיק אויף אונדזער
צוזאַמענלעבן מיט זיי דורך יאָרהונדערטער, קוקן די פעלקער אויף אונדז נאָך אַלץ
ווי אויף פרעמדע און האַסן אונדז און באַהאַנדלען אונדז ווי פרעמדע. אַזוי ווי
די פאַרשידענע אַסימילאַציעס האָבן אונדז נישט דערנענטערט צו די פעלקער,
טאָ לאָמיר קודם ציען די קאָנסעקווענצן און לאָמיר זיך דערקלערן אַלס
איין פאָלק, איין יידיש פאָלק אויף דער גאַנצער וועלט, נישט געקוקט אויף
די פאַרשידנקייטן פון גרעסערער אָדער קלענערער אַסימילאַציע. און אַלס איין
פאָלק דאַרפן יידן גרינדן אַן אייגענע מלוכה, אָדער ווי מען זאָל די זאַך נישט
אָנרופן. מיט ווייניקער אָנשטרענגונגען ווי מען דאַרף האָבן צום קאַמף קעגן די
פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אַנטיסעמיטיזמען קענען די יידן זיך אויסבויען זייער
אייגן לאַנד, כדי נישט צו זיין שטענדיק אָפּהענגיק פון די סימפּאַטיעס אָדער
אַנטיפּאַטיעס פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן.

אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער באַטראַכטונג האָט הערצל געקוקט אויפן
אַנטיסעמיטיזם און אויף די יידישע ליידן פון אַנטיסעמיטיזם ווי אויף אַ פאַר־
עלטערטע זאַך, וועלכע שטימט נישט מיטן טעכנישן פּראָגראַם פון אונדזער צייט.
הערצל האָט געזען אין דער יידנפראַגע „אַ פאַרשלעפּט שטיק מיטלאַלטער״.

טאַ פאַרוואָס זאָלן מיר ליידן פון דעם דאָזיקן מיטלאַלטער? דער טעכנישער פּראָ־גרעס גיט אונדז די מעגלעכקייט זיך צו באַפרייען פון מיטלאַלטער. דאָס עלעק־טרישע ליכט, שרייבט הערצל, איז נישט דערפונדן געוואָרן דערצו, כדי עטלעכע סנאָבן זאָלן דערמיט באַלויכטן זייערע פּאַלאַצן (דעמאָלט אין 1895, האָט דאָס עלעקטרישע ליכט באַלויכטן נאָר די פּאַלאַצן), נאָר כדי מיר זאָלן ביי זיין שיין לייזן די פראַגן פון דער מענטשהייט. און אָנווייזנדיק אויף די פאַרשיידענע זייטן פונעם טעכנישן פּראָגרעס (קיין אַוויאַציע און קיין ראַדיאָ איז נאָך דאַן נישט געווען), דערקלערט הערצל די יידן־פראַגע אַלס אַנאַכראָניזם, ד"ה אַלס אַ זאַך וואָס איז אין סתירה צו דער צייט... וואָרום די טעכנישע מיטלען פון דער צייט גיבן אונדז די מעגלעכקייט זיך צו באַפרייען פונעם „פאַרשלעפּטן שטיק מיטלאַל־טער" און פון אַלע צרות וואָס יידן ליידן פון דעם דאָזיקן שטיק מיטלאַלטער.

— 2 —

אָבער די אַזוי פּשוטע אידיי, וועלכע איז אין עצם אפילו נישט געווען קיין נייע, העכסטנס נאָר אין דער פאָרם ווי הערצל האָט זי עקספּאָנירט, — די דאָ־זיקע אידייע האָט, ווי אַלע פאַרנונפטיקע אידייען זיך קודם באַגעגנט מיט דער אומפאַרשטענדעניש פון דער מאַסע, דער באַשרענקטקייט און שמאָלקעפּלדיקייט פון דעם צעפּרידענעם, זאַטן בירגער און מיט דער גייסטיקער פּחדנות פון די אַזוי גערופענע געבילדעטע קרייזן.

ווי יעדע נייע אידיי, האָט אויך הערצלס פּאָליטישער ציוניזם זיך קודם אָנ־געשטויסן אינעם חוזק פון די קליין־קעפּלדיקע. און ס'איז דאָך געווען פון וואָס חוזק צו מאַכן! האָט איר געהערט אַ מעשה: עפּעס אַ דאָקטאָר, אַ שרייבער פון ווין האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַלס משיח, און ער וויל פירן די יידן קיין ארץ־ישראל! כאַ־כאַ־כאַ! עס האָבן געלאַכט די גרויסע און די קליינע, די רייכע און די אָרימע, די פרומע און די נישט־פרומע, די אומגעבילדעטע און אפילו אַ טייל פון די געבילדעטע, אויך רבנים זענען געווען צווישן די חוזק־מאַכער: רבנים און ראַבינער. יעדער פון זיי האָט געדרשנט אַנדערש דעם פּסוק. און מען האָט באַ־דאַרפט זיין באמת פון אייזן, נישט צו פאַלן ביי זיך, נישט צו פאַרלירן דעם מוט און צו גיין אויף דעם זיך אָנגעצייכנטן וועג. אָט דאָס איז עס ווען אַ גרוי־סע אידיי פאַרבינדט זיך מיט אַ גרויסער פערזענלעכקייט! נישט קוקנדיק אויף אַלע בייזוויליקע קריטיקער, נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון רעכטס און פון לינקס, נישט קוקנדיק אויפן חוזק פון די אומפאַרשטענדיקע, פון די דומע און פון די בייזוויליקע, איז הערצל געגאַנגען זיין וועג און אַזוי האָט ער געשאַפן אַ גרויסע היסטאָרישע זאַך: די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, די פאָלקס־באַוועגונג פונעם ציוניזם — דעם „יידנשטאַט אונטערוועגנס".

און ווי הערצל האָט געאַרבעט: ענדע 1894, אָדער אָנפאַנג 1895 איז ביי

אים אין מוח אויפגעקומען דער געדאַנק פון דער יידישער מלוכה. אין די ערשטע טעג פון מאַי 1895, שרייבט ער שוין צו באַראָן הירש, וווילנדיק אים פאָרלייגן זיין פּלאַן. ער הויבט דאַן אָן זיין טעטיקייט צו אינטערעסירן די ראָטשילדס אין פּאַריז און אין ווין פאַר זיין פּלאַן. אין צווישן גיט ער אַרויס דעם „יידנ-שטאַט", פאַרבינדט זיך מיט די קליינע גרופּעס ציוניסטן אָדער חובבי־ציון וואָס זיינען דאַן פאַראַן אין ווין און אין גאַליציע. די איינצלנע חובבי־ציון אין פראַנק-רייך, ענגלאַנד און דייטשלאַנד דערשרעקן זיך פאַר דער גראַנדיעזקייט פון הערצלס יידנשטאַט־קאָנצעפּציע. די רוסישע חובבי־ציון זענען דערווייל נישט זיכער. אַט אַזוי גייט אַוועק אַ צייט מיט צונויפזאַמלען פון די פריינט, מיט קאָנ-פערענצן, מיט אויפקלערן פון אייגענע און מיט פּאָלעמיקעס קעגן אומפריינטלע-כע קעגנער, מיט פּרוּוון צו געווינען די „גרויסע אין ישראל", די ראָטשילדס און זייערע מקורבים. אַזוי גייען אַוועק די יאָרן 1895, 1896. די נייע באַוועגונג גע-ווינט פריינט — באַזונדערס צווישן דער סטודענטישער יוגנט, ווי אויך צווישן די אַנדערע פאָלקס־קרייזן. אויגוסט 1897 — דער ערשטער ציוניסטן־קאָנגרעס. דער ציוניזם פּרעזענטירט זיך פאַר דער וועלט־עפנטלעכקייט. נאָך מוז ער פירן אַ ביטערן קאַמף קעגן דער אומפאַרשטענדיקייט פון די אייגענע. דאָס ווינער בלאַט, וועלכן הערצל גיט אַוועק די שענסטע פרוכטן פון זיין פעדער, דערמאָנט נישט מיט קיין וואָרט נישט דעם ציוניזם, נישט דעם ציוניסטן־קאָנגרעס — אַזוי דורך אַלע יאָרן, ביז נאָך הערצלס טויט. די באַוועגונג וואַקסט־אויס און קעמפט זיך־דורך דורך אינערע שוועריקייטן און קריזיסן, קעגן די רייען פון די פאַרשי-דענע יידישע און נישט־יידישע קעגנער. און אין מיטן דער דאָזיקער קאָכנדיקער אַרבעט, אינמיטן פון שווערע פּראָבלעמען וועלכע וואַרטן און קאָנען זיך נישט דערוואַרטן אויף זייער לייזונג, שטאַרבט אַוועק הערצל, דער פירער, וועלכער האָט צוזאַמענגעהאַלטן די פאַרשידענע קעגנערישע שטרעמונגען פון דער באַווע-גונג, פּערזאָניפיצירנדיק די איינהייט פון ציוניזם, פון דעם „יידנשטאַט אונטער-וועגנס". און דאָס האָט געטראָפן קנאַפּע זיבן יאָר נאָכן ערשטן ציוניסטן־קאָנ-גרעס, אַכט יאָר נאָכן דערשיינען פונעם „יידנשטאַט".



ווען דער ציוניזם וואָלט נישט געווען פאַרוואָרצלט טיף אין דער פאָלקס-נשמה, וואָלט די באַוועגונג נישט געווען איבערגעשטאַנען דעם שווערן קלאַפּ וואָס זי האָט באַקומען דורכן טויט פון איר פירער. מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען די סיטואַציע אין וועלכער דער ציוניזם האָט זיך דאַן געפונען: צו די דרויסנדיקע קעגנער און שונאים, וועלכע האָבן נישט איבערגעקליבן קיין מיטלען אין זייער קאַמף קעגן ציוניזם, צו דער „אייזערנער וואַנט" וועלכע די טערקיי האָט דע-מאָלסט געבילדעט קעגן יעטוועדער ציוניסטישער האָפענונג, איז צוגעקומען די

אינערע צעריסנקייט צוליב דעם אוגאנדע־ענין, די מחלוקתן און פיינטשאפטן צווישן די פארשידענע פארטייען אין דער באוועגונג, דערצו פערזענלעכע קנאה־שנאה און אומפארשטענדעניש. וועלכע באוועגונג, דערצו נאך אזא קאמפליצירטע באוועגונג ווי די ציוניסטישע, וואס איז אפהענגיק פון פאליטישע, קולטורעלע און עקאנאמישע השפעות פון צענדליקער לענדער, — וועלכע באוועגונג, דערצו נאך א יונגע באוועגונג, וואס האט זיך נאך נישט געהאט קאנסאלידירט, וואלט דאס איבערגעלעבט אזא שווערן קלאפ, ווי דעם טויט פון א פירער אין אזא מאמענט?

דער פאקט וואס דער ציוניזם האט איבערגעלעבט דעם טויט פון זיין באגרינדער און פירער און דעם שווערן קריזיס פון יענער צייט און אלע שפעטערדיקע קריזיסן, דער פאקט וואס דער ציוניזם פייערט היינט דעם 40-יאריקן יארצייט נאך ד"ר הערצל אלס א גרויסע פאלקס-באוועגונג, ממש דאס פאלק גופא, בעת דער ציוניזם געפינט זיך אין דער סטאדיע פון פארווירקלעכונג, אט דאס באווייזט די גרויסע מאראלישע מאכט וואס אונדזער פאלק האט באקומען א דאנק דער פארבינדונג פון א גרויסער פערזענלעכקייט מיט א גרויסער נאציאנאל-היסטארישער אידיי. ווארום די ציוניסטישע אידיי לעבט נאך אלץ מיטן שוווּנג פון הערצלס פערזענלעכקייט. פארן ציוניזם איז הערצל נישט געשטארבן.

.(1944)

# צום יובל פונעם „יידנשטאַט“

— 1 —

דער יובל פון אַ בוך און דער מזל פון אַ בוך:

פּאָליטישע ביכער דערלעבן זעלטן אַ פופציק־יעריקן יובל.

פּאָליטישע ביכער האָבן די טבע, וואָס זיי עלטערן זיך שנעל. זעלטן ווען אַ פּאָליטיש בוך זאָל קענען דערלעבן אַ צען־יעריקן געבורטסטאָג. פּאָליטישע ביכער ווערן אומאַקטועל, אומאינטערעסאַנט אָפט שוין נאָך פינף־זעקס יאָר. פאַראַן פּאָליטישע ביכער וואָס ווערן פאַרעלטערט אינעם צווייטן אָדער אפילו שוין אינעם ערשטן יאָר פון זייער באַווייזן זיך אויף דער וועלט.

ד״ר הערצלס „יידנשטאַט“ קאָן מען מיט רעכט באַטראַכטן אַלס איינס פון די פּאָליטישע רעקאָרד־ביכער. אין לעבנס־כוח, אין אַקטואַליטעט קאָן זיך דער „יידנשטאַט“ מעסטן אפילו מיט אַזאַ שריפט ווי דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט. און מען קאָן זאָגן, אַז דער „יידנשטאַט“ איז אַקטועלער, לעבעדיקער און פּאָ־ליטיש ווירקנדיקער ווי די קאָמוניסטישע עשרת הדברות פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס.

איך וויל זיך היטן פאַר גוזמאות, אָבער דוכט זיך, אַז ס׳איז נישטאָ קיין צווייט פּאָליטיש בוך, וואָס זאָל האָבן דערהאַלטן זיין באַפרוכפּערנדיקן לעבנס־כוח ביז אויפן היינטיקן טאָג, אַזוי ווי דאָס בוך פון ד״ר הערצל, וואָס איז אַרויס פון דרוק אין ווין דעם 14־טן פעברואַר 1896.

און דאָך איז דער „יידנשטאַט“ נישט געווען הערצלס הויפּט־ווערק. זיין הויפּט־ווערק איז געווען זיין טאַט: די שאַפונג פון דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און פון דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל. דער „יידנשטאַט“ איז געווען ווי אַ מין הקדמה צו הערצלס לעבנס־ווערק. אָבער די דאָזיקע הקדמה איז נייטיק געווען. דורך דער דאָזיקער הקדמה האָט הערצלס לעבנס־ווערק באַקומען דעם שטויס צו ווייטערדיקער אַנטוויקלונג און צו באַוועגן דאָס יידישע לעבן פון זיין גלות־לעטאַרגיע.

ווען ס'איז ביי הערצלען אויפגעקומען די אידייע פון דער יידישער מלוכה, האט ער נישט געוווסט, אז שוין פאר אים האבן אנדערע, יידן און קריסטן, גע־טראכט דעם זעלבן געדאנק און אין פארשידענע פארמען אים אויסגעדריקט. הערצל האט נישט געוווסט וועגן „רוים און ירושלים" פון משה העס, און וועגן פינסקערס „אויטא־עמאנציפאציע" האט הערצל זיך דערוווסט פון הרב צדוק כהן אין פאריז. דעמאלט איז הערצל אויך ערשט געוווּיר געוואָרן וועגן דער חובבי־ציון־באוועגונג. „דער יידנשטאט" איז דאן שוין געווען פארטיק צום דרוקן. דאס הייסט, אז אן א גייסטיקער השפעה פון דרויסן איז הערצל געקומען צו דער אידייע צו וועלכער עס זענען שוין פאר אים אויך אנדערע געקומען. אזא דער־שיינונג פלעגט מען אין פריערדיקע מער רעליגיעזע צייטן באטראכטן אלס א השפעה פונעם רוח הקודש. און עפעס הייליקס איז געווען אין דעם. מען דארף נאר א קוק טון אין הערצלס טאג־ביכער, כדי צו זען ווי שטארק הערצל איז בא־הערשט געוואָרן פון זיין אייגענער אידייע. מיט דער פארצייכענונג פון דער דא־זיקער אידייע הייבט ער טאקע אן זיינע טאג־ביכער.

הערצל שרייבט דארט:

„איך ארבעט זייט א געוויסער צייט אויף א ווערק, וועלכעס איז אומענד־לעך גרויס. איך ווייס הייַנט נישט, צי איך וועל עס קענען אויספירן. עס זעט אויס ווי א מעכטיקער טרוים. אבער זייט טעג און וואכן פילט דאס מיך אוים ביז צו באוווסטלאזיקייט, באגלייט מיך אומטום ווו איך ווענד מיך, שוועבט אי־בער מיר ביי מיינע געוועגלעכע שמועסן, קוקט מיר אריבער איבער די אקסל אין מיין קאמיש קליינער זשורנאליסטישער ארבעט, שטערט מיך און בארוישט מיך.

„וואס עס וועט פון דעם ווערן, האב איך איצט נאך נישט קיין אנונג. נאר מיין דערפארונג זאגט מיר, אז ווען אפילו בלויז אלס טרוים, איז דאס גענוג מערקווירדיק, און אז איך דארף דאס אויפשרייבן, אויב נישט אלס מאנומענט פאר די מענטשן, איז דאך פאר מיין אייגענעם שפעטערדיקן פארגעניגן אדער צום פארטראכטן זיך. און אפשר, צווישן די דאזיקע צוויי מעגלעכקייטן, איז דאס כדאי צו פארשרייבן פאר דער ליטעראטור. אויב פון דעם ראמאן וועט נישט ווערן קיין טאט, קאן דאך לפחות פון דער טאט ווערן א ראמאן".

דאס האט הערצל פארשריבן ארום די ערשטע טעג פון מאי 1895, און ער רופט אן דעם טיטל פון דעם ווערק, וועלכעס באהערשט אזוי מעכטיק זיין גייסט:

„דאס געבענטשטע לאנד"!

„איך ווייס באמת נישט — שרייבט ער וויטער — צי האב איך נישט קודם געטראכט וועגן אנשרייבן א ראמאן. יעדנפאלס האט דאס נישט געזאלט זיין בעלעטריסטיק אלס זעלבסט־צוועק, נאר אין דינסט פון א אידייע".

הערצל אַליין האָט זיך נישט געקענט אָפּגעבן קיין קלאָרן חשבון וועגן דעם עצם־געדאַנק, וואָס האָט אים באַהערשט. און דאָס איז געווען ערשט אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי די אידייע איז אין אים אויפגעקומען. דערפאַר טאַקע, באַמערקט ער, נעמט ער שרייבן אַ טאָג־בוך. דער באַגרינדער פון דער מאָדערנער ציוניסטישער באַוועגונג געדענקט אויך נישט ווען ער האָט אָנגעהויבן זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דער יידן־פראַגע. „וואַרשיינלעך — פאַרצייכנט ער אין זיין טאָג־בוך — זייט זי איז אויפגעקומען. זיכער, זייט איך האָב געלייענט דיהרינגס בוך".

דיהרינגס בוך האָט ער געלייענט אין 1881 אָדער 1882. דאָס בוך האָט אויף דעם 21־יעריקן הערצל געמאַכט אַ שווערן איינדרוק, וועלכער האָט אים נאָך אין די שפּעטערדיקע יאָרן „געקוועלט און זייער אומגליקלעך געמאַכט".

דאָס אַנטיסעמיטישע בוך און וואַרשיינלעך אויך אַנדערע אַנטיסעמיטישע עפּיזאָדן, וועלכע האָבן זיכער נישט געפעלט, האָבן געווירקט אויף הערצלס שטאָלץ, אַזוי אַז ער האָט זיך פון די דאָזיקע איינדרוקן נישט געקענט באַפרייען. קודם האָט אים די יידן־פראַגע ביטער געקרענקט — שרייבט ער. די יידן־פראַגע איז אים נאָכגעגאַנגען, ווו ער האָט זיך נאָר געוווּנדעט. ער האָט געזיפצט און חוזק געמאַכט, זיך געפילט אומגליקלעך, און זיך נישט געקאָנט אינערלעך באַפרייען פון דער שטימונג וואָס דער אַרומיקער האַס האָט אין אים דערוועקט. אין דער דאָזיקער שטימונג האָט ער געוואָלט אָנשרייבן אַ יידישן ראָמאַן, וועמענס העלד עס האָט באַדאַרפט זיין זיין אינטימער פריינט היינריך קאַנא, וועלכער האָט זיך דערשאָסן אין פעברואַר 1891 אין בערלין, טאַקע צוליב דעם אַנטיסעמיטיזם.

דעם פּלאַן אָנצושרייבן אַ יידישן ראָמאַן האָט הערצל באַלד פאַרביטן מיטן געדאַנק צו אַ מער פּראַקטישער זאַך. הערצל אַליין קאָן זיך נישט דערקלערן, ווי אַזוי ער איז פון דער ראָמאַן־אידייע אַריבערגעגאַנגען צום באַשלוס אָנצושרייבן אַ פּאָליטישע זאַך. פאַר דער דאָזיקער שריפט האָט ער תחילת געהאַט דעם טיטל „דער מצב פון די יידן" (צושטענדע דער יודען). אָבער ווען ס'איז ביי אים אויפגעקומען דער געדאַנק צו שרייבן דאָס דאָזיקע בוך וועגן דעם „מצב פון די יידן" קאָן זיך הערצל ווידער נישט דערמאַנען. ער גלייבט, זאָגט ער אינעם טאָג־בוך, אַז דער געדאַנק איז ביי אים אויפגעקומען נאָך מיט יאָרן צוריק, אין ווין — אַלזאָ, נאָך פאַר דעם טראַגישן עפּיזאָד פון דער מוראַדיקער שטראָף, וועלכע מען האָט אויסגעפירט אין פּאַריז איבער דעם יידישן קאַפּיטאַן אַלפרעד דרייפוס. דעמאָלט, ווען ער האָט געפּלאַנט דאָס בוך „דער מצב פון די יידן", האָט הערצל געטראַכט באַזוכן רוסלאַנד, גאַליציע, אונגאַרן, בעהמען און די מזרח־לענדער, כדי זיך צו באַקענען מיטן מצב פון די יידן אין די אַלע לענדער.

אָבער קענטיק, אַז די אידייע האָט אים מיט איין מאָל אַזוי באַהערשט, ווי מיר זעען דאָס פון דער אויבן איבערגעגעבענער פאַרצייכענונג פון זיין טאָג־בוך.

ער איז פשוט בארוישט געוואָרן פון דער אידייע. און אין משך פון אַ דריי וואָכן איז דער געדאַנק וועגן דעם יידנשטאַט שוין געווען אויסגעאַרבעט. יעדנפאַלס אין די ערשטע טעג פון מאַי 1895, ווען הערצל האָט געשריבן זיין ערשטן בריוו צו באַראָן הירש, איז דער פּלאַן וועגן דעם יידישן שטאַט שוין געווען ביי אים פאַרטיק מיט אַלע פּרטים.

— 3 —

דער גרונט-געדאַנק פון הערצלס יידנשטאַט איז: מיר יידן ליידן אומעטום פון דער שנאה פון אונדזערע נישט-יידישע שכנים. די דאָזיקע שנאה איז נישט קיין פאָראיבערגייענדיקע, נאָר אַן אייביקע דערשיינונג פון אונדזער לעבן צווישן די פעלקער. דער אַנטיסעמיטיזם וועט נישט אויפהערן דורך דער פאַרשפּרייטונג פון בילדונג און אויפקלערונג. דער אַנטיסעמיטיזם איז דער באַגלייטער פון די יידן דורך אַלע לענדער. אין לענדער ווו ס'איז נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם, ווערט ער אַריינגעבראַכט דורך די איינוואַנדערנדע יידן. ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז יידן וואַנדערן-אויס פון לענדער ווו מען אונטערדריקט זיי, אין לענדער, ווו זיי האָפן צו קענען לעבן אַלס פרייע מענטשן אָן דער שנאה פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. אָבער ווי נאָר עס וואַקסט אָן אַביסל די יידישע באַפעלקערונג אין דעם ביז אַהער ליבעראַלן לאַנד, הייבט דאָרט אויך אָן צו וואַקסן די שנאה צו יידן און עס שאַפט זיך אַן אַנטיסעמיטישע באַוועגונג. און הערצל ברענגט אַלס ביי-שפּיל ענגלאַנד און אַמעריקע. און ער קומט צום אויספיר, אַז דער אַנטיסעמי-טיזם, די אונטערדריקונג און די רדיפות קעגן אונדז, זענען אַ רעזולטאַט פון אונ-דזער היימלאָזיקייט אַלס פאָלק. די פעלקער באַטראַכטן אונדז אַלס פרעמדע צווישן זיי. די עמאַנציפּאַציע, וועלכע זיי האָבן אונדז געגעבן איז נישט געווען קיין אויסדרוק פון אַן אויפריכטיקער באַציאונג, נאָר ס'האָט גלאַט נישט געפּאַסט פאַרן מאָדערנעם ליבעראַלן שטאַט, אַז קעגן אַ געוויסן קלאַס בירגער זאָלן עק-זיסטירן אויסנאַמס-געזעצן צוליב רעליגיעזע אָדער ראַסיסטישע מאָטיוון. מען האָט אונדז די עמאַנציפּאַציע געשאָנקען, אָבער די וואָס האָבן אַזוי גרויסמוטיק אונדז געשאָנקען די מתנה, האָבן נישט קיין חשק זי דורכצופירן. אַ טייל פון זיי באַדויערן שוין זייער גרויסמוטיקייט. און הערצל קומט צום ווייטערדיקן אויס-פיר, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום זינען אין אונדזער ליידן און דערטראָגן דעם אַנ-טיסעמיטיזם. דאָס דאָזיקע ליידן איז פשוט אַ באַוויז פון היסטאָרישער אָפּגע-שטאַנענקייט. די טעכנישע דערגרייכונגען פון דער היינטיקער צייט (דאָס איז שוין געווען די צייט מיט פופציק יאָר צוריק!) מאַכן אונדז מעגלעך זיך צו באַ-פרייען פון די מאָטיוון פון אַנטיסעמיטיזם — פון אונדזער היימלאָזיקייט אַלס פאָלק; זיי גיבן אונדז אויך די מעגלעכקייט זיך אויפצובויען אַן אייגן לאַנד און צו לעבן פריי אַלס פאָלק, אומאָפּהענגיק פון דער שנאה צי פון דער ליבע פון אַנ-דערע פעלקער.

דאָס איז דער גרונט־געדאַנק פון דעם „יידנשטאַט“, א געדאַנק וועלכער ווערט ביי הערצלען פּראָיעקטירט מיט אַלע פּרטים — לויט אונדזערע היינטיקע באַגריפן שוין מיט צופיל פּרטים. אָבער הערצל, וועלכער האָט זיך אויפן טיטל־בלאַט פון דער ערשטער אויסגאַבע פונעם „יידנשטאַט“ אונטערגעשריבן מיט זיין טיטל אַלס דאָקטאָר פון שטאַטס־רעכט, איז דאָך געווען דער עיקר א דיכטער א טרוימער, און מיר האָבן שוין אויבן געזען ווי הערצל איז באַהערשט געוואָרן פון זיין אידייע און דער קינסטלער אין אים האָט אין א טייל קאַפּיטלען גובר געווען דעם דאָקטאָר פון שטאַטס־רעכט און ער האָט זיך אריינגעלאָזט אין מאַסן פּרטים וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון דער אידייע — פּרטים וועלכע זענען אפשר דאַן געווען נייטיק, כדי אויף אַלע אופנים צו באַווייזן די רעאַליטעט פון דער אידייע.

דאָס אידייאיש וויכטיקסטע אין הערצלס געדאַנקען־גאַנג איז געווען דאָס, וואָס ער האָט אוועקגעשטעלט פאַר דער גאַנצער וועלט די יידן־פראַגע אַלס א נאַציאָנאַלע פראַגע. „מיר זענען — א יי ן   פ אָ ל ק — איין פאָלק“, חזרט איי־בער און שטרייכט אונטער הערצל. אויסרופן פאַר דער גאַנצער וועלט, אז די איבער לענדער און ימים צעזייטע און צעשפּרייטע יידן בילדן „א יי ן   פ אָ ל ק“, איז געווען א מרידה קעגן אַלע אין יענער צייט אָנגענומענע אָפּי־ציעלע אידייען. דער דאָזיקער זאָג „מיר זענען איין פאָלק“ האָט געטראָפן ווי א בליץ אין אַלע קהל־שטיבער פון פּאַריז, בערלין, בריסעל, ווין, מינכען א. א. וו. דאָס איז געווען א פּולשטענדיקע פאַרלייקענונג פון דער טעאָריע פון די פראַנ־צויזן, ענגלענדער, דייטשן, עסטרייכער, אונגאַרן „פון יידישן גלויבן“. און פאַר־שטייט זיך, אז די פאַרשידענע פּאַטריאָטן „פון יידישן גלויבן“ האָבן נישט גע־קאָנט שווייגן. זיי האָבן געמוזט ארויס צום אַטאַק.



ס'איז טאַקע נישט געווען קיין קליניקייט אין יענע צייטן, ווען דער ליי־בעראַליזם אין מערב־ און צענטראַל־אייראָפּע האָט זיך פּאָליטיש און עקאָנאָמיש געטרייסלט, ווען דאָס קליינבירגערטום איז אין כמעט גאַנץ אייראָפּע געשטאַנען אין פראָנט קעגן דעם „יידישן“ קאַפּיטאַליזם, און ווען די דינאַסטיעס, די קריסט־לעכע אריסטאָקראַטיע, די קירכע און דער מיליטאַריזם האָבן געשטיצט דעם דאָ־זיקן קאַמף קעגן דעם „יידישן קאַפּיטאַליזם“ — כדי צו באַנוצן די יידן אַלס בליץ־אַפּלייטער פאַר דער אָנגעזאַמלטער אומצופרידנקייט פון די פאָלקס־מאַסן —: ס'איז געווען געוואַגט, אין יענע צייטן ארויסצוקומען מיט געדאַנקען, וועלכע די איבערגעשראָקענע יידישע בורזשואַזיע האָט געזען ממש ווי וואַסער אויף די מיל־שטיינער פונעם אַנטיסעמיטיזם. און מען קאָן זיך אויסמאָלן ווי שטאַרק די אַסימילירטע יידן האָבן זיך איבערגעשראָקן און ווי בייז זיי זענען געווען אויף דעם נייעם ציוניסטישן נביא. דעם דאָזיקן פחד און די פאַרצווייפ־

לונג האָבן קודם אויסגעדריקט די דייטשע ראַבינערס. אָבער נאָך שטאַרקער און כאַראַקטעריסטישער ווי די ראַבינער, וועלכע האָבן באַקומען אין דער געשיכטע דעם נאָמען פון „פּראָטעסט־ראַבי ער", האָט שטאַרקער ווי די דאָזיקע ראַבינערס האָט אויסגעדריקט זיין פּחד א באַקאַנטער אין יענער צייט ווינער יידישער זשורנאַליסט, אַלעקסאַנדער שאַרף, דער רעדאַקטאָר פון דער „זאָן־אונד מאָנ־טאַגס־צייטונג".

שאַרף איז געווען הערצלס א פריינט און ער האָט זיך פאַרן דערשיינען פונעם „יידנשטאַט" געוועדעט צו הערצלען מיט די דאָזיקע ווערטער:

„ווען איך זאָל נישט וויסן, אַז אייך קאָן מען נישט קויפן, און ווען איך וואָלט זיין ראָטשילד, וואָלט איך אייך אָנגעבאָטן פינף מיליאָן, איר זאָלט די בראָשור נישט אַרויסגעבן. אָדער איך וואָלט אייך דערהרגעט. וואָרום איר וועט די יידן א מוראדיקן שאָדן ברענגען."

די אַסימילירטע יידן האָבן פּשוט מורא באַקומען, ווייל זיי האָבן דערזען, אַז הערצל וועט צעשטערן זייער פויגל־שטרויס־פּאָליטיק. אין פּחד האָבן א טייל געשריגן און זיך געבייזערט, אַנדערע ווידער האָבן געפּרוווּט זיך נוקם זיין דורך אָפּחוזקן פון דעם געוואַגטן שריפטשטעלער. אָבער סיי די שרייער, סיי די חוזק־מאַכער האָבן נישט באַוויזן אָראָפּצופירן הערצלען פון זיין אָנגעצייכנטן וועג.

דער „יידנשטאַט" געהערט נישט צו די ביכער, וועלכע ווערן פון אויטאָרן דערלאַנגט „צום טיש" ממש נאָך בריענדיק פון דער קיך. פונעם פאַרענדיקן דאָס בוך ביז צו זיין דערשיינען אין דער עפנטלעכקייט, זענען אַוועק היבשע עטלעכע מאָנאַטן. די אידייע און דעם פּלאַן פונעם בוך האָט הערצל שוין געהאַט פאַרטיק אין מאַי 1895, ווען ער האָט זיך געווענדעט מיט זיין ערשטן בריוו צו באַראָן הירש. דער צוועק פון הערצלס באַזוך ביי באַראָן הירש איז טאַקע געווען, אים פאַרצולייגן דעם פּלאַן פונעם יידנשטאַט מיט אַלע מאָטיווירונגען און אַלע אויס־פירן אין פּרטים. דער באַראָן האָט נישט געהאַט קיין געדולד אויסצוהערן הערצלס עקספּאָזע, ער האָט אים איבערגעריסן, און הערצל דעקט אויף א טייל פון זיין פּלאַן אין דעם דריטן בריוו צו הירשן. אין דעם דאָזיקן בריוו זענען שוין פאַראַן געוויסע פּרטים (ווי למשל דער ע ין מיט דער פאָן), וועלכע הערצל האָט אַזוי ברייט עקספּאָנירט אין דעם בוך.

נישט האָבנדיק קיין דערפאָלג ביי הירשן האָט הערצל באַשלאָסן זיך צו ווענדן מיט זיין פּלאַן צו די ראָטשילדס, כאָטש הירש האָט אים מיט א ביטערן סאַרקאַזם געזאָגט, אַז ראָטשילד וועט פאַרן יידישן לאַנד צייכענען פינף הונדערט פראַנק. הערצל האָט אָבער דאָך געגלויבט צו קענען דערוועקן דעם אינטערעס פון די ראָטשילדס פאַר זיין פּלאַן.

א גאַנצע רייע געדאַנקען וועלכע זענען שפּעטער אריין אין „יידנשטאַט" האָט הערצל פאַרצייכנט אַפּאָריסטיש אין זיין טאָג־בוך אונטער דער באַמער־קונג „פאַרן פאַמיליען־ראַט". דער „פאַמיליען־ראַט" מיינט דעם ראַט פון דער

פאַמיליע ראָטשילד, פאַר וועלכן הערצל האָט געוואָלט פאָרלייגן זיינע אידייען און זיין פּלאַן. ער האָט שפּעטער אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן מעמאָראַנדום פאָרצו־לייגן דעם פאַמיליען־ראַט פון די ראָטשילדס, אַ מעמאָראַנדום וועלכער האָט אַנטהאַלטן דעם גאַנצן יידנשטאַטס־פּלאַן מיט אַלע מאָטיווירונגען און אויספי־רונגען. אין דעם מעמאָראַנדום האָט הערצל געוואָלט איבערציייגן די ראָטשילדס, אַז די שאַפונג פון אַ יידישער מלוכה איז אין אינטערעס נישט בלויז פון די אָרימע יידן, נאָר אויך אין זייער אינטערעס, ווייל דער שטענדיק וואַקסנדער אַנטיסעמיטיזם איז אַ געפאַר פאַר זייערע פאַרמעגנס.

ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דער דאָזיקער אַרגומענטאַציע דערמאָנט מען זיך אין דעם דייטשן דיכטער פרידריך שילער, אַז „פון דעם דערהויבענעם ביז צו דעם לעכערלעכן איז נאָר איין שריט". דער שריפטשטעלער, וועלכער פאַר־מאָגט סוף־כל־סוף נישט קיין סך מער ווי זיין פעדער, קומט וואָרענען איינע פון די רייכסטע פאַמיליעס אין אייראָפּע, צו ראַטעווען איר פאַרמעגן! אין אַזאַ ראָלע וואָלט אַן אַנדערער זיך געפונען האַרט ביים תהום פון דער לעכערלעכקייט. אָבער דאָס וואָס האָט געקאָנט אויסזען אין 1895 אַלס אַ לעכערלעכקייט איז אין דער תקופה פון היטלערן געוואָרן אַ ביטערער פאַקט. אַ ראָטשילד, איינער פון דער „פאַמיליע" איז געווען אַ יאָר לאַנג היטלערס געפאַנגענער אין ווין, און דאָ אין בוענאָס־איירעס האָבן מיר געזען אַ פאַריזער ראָטשילד אַלס פּליטשלינג.

הערצל איז ביי די ראָטשילדס נישט געווען. ער האָט זיך געסטאַרעט ביים ווינער אויבער־ראַבינער גידעמאַן, ער זאָל פועלן ביי די ראָטשילדס זיי זאָלן הערצלען צו זיך איינלאַדן. גידעמאַן האָט תחילת צוגעזאָגט, שפּעטער חרטה גע־קראָגן — אַדאַנק דער השפּעה פון די קרייזן, וועלכע האָבן מורא געקראָגן פאַר הערצלס פּלאַן. הערצל האָט שפּעטער נאָך געפּרוּווט, דורכן גראַן־ראַבען פון פראַנקרייך, צדוק כהן, זיך צו דערנענטערן צו די ראָטשילדס, אָבער אויך דער דאָזיקער שריט האָט נישט געבראַכט קיין דערפאָלג. ס'איז דעריבער נייטיק גע־ווען אַרויסצוקומען מיטן פּלאַן פאַר דער עפנטלעכקייט. אָבער זייער איילנדיק האָט דאָס הערצל נישט געטון.



„קודם — שרייבט הערצל אין זיין קורצער אויטאָביאָגראַפיע — האָב איך געטראַכט, מיין קליינע שריפט וועגן דער לייזונג פון דער יידנפראַגע צו לאָזן צירקולירן נאָר פּריוואַט צווישן מיינע פריינט. וועגן פאַרעפנטלעכן דאָס בוך האָב איך ערשט שפּעטער גענומען טראַכטן; איך האָב נישט געהאַט די כוונה אָנצוהייבן אַ פּערזענלעכע אַגיטאַציע פאַר דער יידישער זאַך. די מערסטע לייע־נער וועלן זיכער דערשטוינט ווערן, הערנדיק וועגן מיין ווידערשטרעבונג..."

און דאָ דערציילט הערצל, ווי זיינער אַ פריינט, וועמען ער האָט געגעבן אי־

בערצוליייענען דעם מאַנוסקריפּט פון זיין שריפט, האָט פּלוצים אָנגעהויבן צו וויינען, מיינענדיק אַז הערצל איז משוגע געוואָרן.

אָט אַזאַ איינדרוק האָט געמאַכט אויף אַ טייל יידן מיט פופציק יאָר צו־ריק דער געדאַנק, וועלכער איז שפּעטער אנערקענט געוואָרן פון דער גרויסער מער־הייט פונעם יידישן פאָלק און אויך פון דער קריסטלעכער וועלט אַלס דער סאַמע פאַרנונפטיקסטער און גערעכטער. דער געדאַנק, וועלכער איז איצט אַ ווירק־לעכקייט.

פופצן יאָר פאַר הערצלען האָט פּינסקער אויסגעדריקט אין עצם כמעט דעם זעלבן געדאַנק. און אין זיין מאָטיווירונג, אין זיין אַרגומענטאַציע איז פּינסקער נישט ווייניקער שאַרף ווי הערצל.

אָט, למשל, אייניקע געדאַנקען פון פּינסקערן:

„די בירגערלעכע און פּאָליטישע עמאַנציפּאַציע זענען נישט גענוג, אויף צו פאַרשאַפן די יידן רעספּעקט צווישן די פעלקער.

„דאָס איינציקע מיטל איז די שאַפונג פון אַ יידישער נאַציאָנאַליטעט, די יידן זאָלן זיין אַ פאָלק אויף אַן אייגענעם באָדן...

„מען זאָל זיך נישט איינרעדן, אַז די הומאַניטעט, די אויפקלערונג קענען אַמאָל ווערן אַ ראַדיקאַלע רפואה קעגן דער דעגענעראַציע פון אונדזער פאָלק.

„כדי מיר זאָלן נישט זיין געצוווּנגען צו וואַנדערן פון איין גלות צום אַנ־דערן מוזן מיר האָבן אַ גרויסע, פּראָדוקטיווע ארץ־מקלט, אַ זאַמלפּונקט, וועלכער זאָל זיין אונדזער אייגנס.

„נישט אין אילוזאָרישע זעלבסט־אָפּנאַרערייען, נאָר אין דעם ווידעראויפבוי פון אַן אייגענער איינהייטלעכער נאַציאָנאַלער היים, דאַרפן מיר זוכן אונדזער עהרע און אונדזער דערלייזונג.״

פּינסקער האָט נאָר געהאַט דאָס „גליק", וואָס זיין רוף צו „זעלבסטבאַ־פרייאונג" האָט נישט געפונען אַזאַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער וועלט, ווי הערצלס „יידנשטאַט". ס'איז דאַן אין איראָפּע נאָך נישט געווען די „ריכטיקע צייט".

— 6 —

אומגעפער אַ מאָנאַט פאַרן דערשיינען פונעם בוך, האָט הערצל פאַרעפנט־לעכט אַ קיצור פונעם „יידנשטאַט" אינעם לאָנדאָנער דזשוּאיש קראָניקל". ס'איז נישט געווען לייכט צו געפינען אַ פאַרלעגער פאַר דער שריפט, וועלכע האָט באַקומען אַזאַ באַדייטונג אין אונדזער געשיכטע.

דער יידישער פאַרלעגער קראָנבאַך אין בערלין, וועלכער האָט נישט געהערט צו די ערשטקלאַסיקע פירמעס אינעם דייטשן בוך־האַנדל, האָט נישט געוואָלט דאָס בוך אַרויסגעבן אין זיין פאַרלאַג, דערקלערנדיק, אַז דאָס איז קעגן זיינע איבערצייגונגען. „דונקער עט הומבאָלדט", אַן ערנסטער דייטשער פאַרלאַג, וועל־

בער האָט ארויסגעגעבן הערצלס בוך „דאָס פאַלעי בורבאָן“, האָט דאָס מאָל אָפּ־געזאָגט. הערצל האָט שוין געטראַכט ארויסגעבן די שריפט אין זעלבסט־פאַר־לאַג. ער האָט נאָר מורא געהאַט, טאָמער וועט די בראָשור גיין, וועט ער אויסזען ווי א קרעמער. ענדלעך האָט הערצל דערגרייכט, אז דער ווינער פאַרלאַג ברייטענשטיין, האָט די בראָשור אָנגענומען, ביי „ערנהאַפטע באַדינגונגען“.

אָבער נאָך איידער דאָס בוך איז ארויס, האָט מען אין ווין געלייענט דעם קיצור פון „דזשואיש קראָניקל“. אויך אין דער „נייער פרייער פרעסע“ האָט מען אים געלייענט. איינער פון די מיטאַרבעטער פון דער צייטונג האָט זיך גע־ווענדעט צו הערצלען מיט חוזק און מיט א שטאָך: „א יידישער זשול ווערנע“, און ער האָט צוגעגעבן, אז ער וועט דעם „שטאָף“ (פונעם יידנשטאַט) באַנוצן פאַר זיין הומאָריסטישן וואָכן־פעליעטאָן.

הערצל האָט אויף דעם געענטפערט ערנסט: ווער עס מאַכט איצט וויצן, איבער דעם וועט ער שפּעטער וויצן מאַכן. ער קאָן מאַכן זייער בייזע וויצן.

יענער האָט געענטפערט: „דער סאַמע בייזער וויץ און די פובליקריונג פון דער זאַך. ווען דער ארטיקל פון „דזשואיש קראָניקל“ זאָל דערשיינען אין דייטש, וואָלט דאָס זיין א נחת פאַר די אַנטיסעמיטן.

אָט אזוי האָבן די „קלוגע יידן“ זיך געחוזקט און געוויצלט. אויף א סך פון זיי איז אָנגעפאַלן א פּחד, זיי האָבן מורא געקראָגן און זיי זענען אריין אין כעס. די דירעקטאָרן פון דער „נייע פרייע פרעסע“, מאָריץ בענעדיקט און ווילהעלם באַכער, באַמיען זיך צו ווירקן אויף הערצלען, ער זאָל דאָס בוך נישט ארויסגעבן.

דעם 2־טן פעברואַר פאַרשרייבט הערצל אין זיין טאָג־בוך: „די „נייע פרייע פרעסע“ קעמפט מיט מיר — דער שעף מיט דעם אָנגעשטעלטן. ער האָט די גאַנצע קראַפט פון א העכערער פּאָזיציע; איך האָב נאָר דאָס רעכט אויף מיין זייט“.

דער דאָזיקער קאַמף, וועלכער האָט זיך געפירט כמעט ביז צו הערצלס טויט, האָט דעמאָלט געהאַט זיינע סאַמע דראַמאַטישע מאָמענטן. דעם 4־טן פעברואַר פאַרשרייבט הערצל אין זיין טאָג־בוך:

„ א קאַמף־געשפּרעך מיט בענעדיקט.

„ער האָט געזאָגט: ערשטנס טאָר א יחיד נישט נעמען אויף זיך די מאָ־ראַלישע אחריות, די דאָזיקע לאַווינע אין באַוועגונג צו ברענגען; צווייטנס: מיר וועלן דאָס איצטיקע פאָטערלאַנד פאַרלירן און דעם יידישן שטאַט נאָך נישט האָבן; דריטנס: די בראָשור איז נאָך נישט רייף צום פאַרעפנטלעכן.

„ס'איז א פערזענלעכע געפאַר פאַר מיר, דורכדעם וואָס איך ריזיקיר מיט מיין דערוואָרבענעם ליטעראַרישן נאָמען. מיט דעם ברענג איך אויך שאָדן דער צייטונג, צו וועמעס באַזיץ מיין ליטעראַרישער פּרעסטיזש געהערט. חוץ דעם געפין איך מיך אין א דירעקטער סתירה צו פאַרשידענע פּרינציפּן פון דער „נייער פרייער פרעסע“. ער בעט דערפאַר, אז איך זאָל דאָס בוך נישט ארויסגעבן.

„איך האָב געענטפערט: מיין ערע איז דאָ אין שפּיל. איך האָב דעם גע־דאַנק שוין אין „דזשואיש קראָניקל“ פאַרעפנטלעכט. ווען איך זאָל איצט אַנט־שווייגן ווערן, וואָלט איך ערשט אויף אַן אמת געשעדיקט מיין רעפּוטאַציע“.

בענעדיקט פּרוווט צו פּועלן אַז הערצל זאָל דערווייל אָפּלייגן די פאַרעפנט־לעכונג פון דער שריפט. הערצל וויל אויף דעם נישט איינגיין. בענעדיקט פּרוווט מיט אַ מילדער דראָאונג. ער וואָרנט אים אַלס פריינט און ער „ראָט אים דרינ־גענד“ דאָס בוך נישט צו פאַרעפנטלעכן. צום סוף קומט ער אַרויס מיטן אַרגו־מענט, אַז הערצל איז דאָך גאָר נישט קיין עסטרייכער, נאָר אַן אונגאַר. הערצל ענטפערט, אַז ער איז אַן עסטרייכישער בירגער. צום סוף פּרוווט בענעדיקט אַפּעלירן צו הערצלס זעלבסטליבע: „ס׳איז נישט קיין גלייכגילטיקע זאַך, זאָגט ער, ווען דער ד״ר טעאָדאָר הערצל גיט אַרויס אַזאַ שריפט. איר זענט איינער פון אונדזערע באַדייטנדסטע מיטאַרבעטער — אַ שטיק „נייע פרייע פּרעסע“. אויב איר ווילט שוין דווקא די שריפט פאַרעפנטלעכן, זאָלט איר לפּחות דאָס נישט אונטערשרייבן מיט אייער נאָמען“.

אָבער אויף אַזאַ מאָראַלישער פּחדנות איז הערצל נישט פּעאיק.

בענעדיקט און באַכער האָבן נאָך געפּרוווט דורך גידעמאַן צו ווירקן אויף הערצלען. גידעמאַן האָט גערעדט מיט הערצלס פאָטער, וועלכער איז אָבער גע־ווען ענטוזיאַזמירט פון זיין זונס בוך. און אַזוי איז דער „יידנשטאַט“ אַרויס אין דער ברייטער וועלט דעם 14־טן פעברואַר 1896, און מיט אים האָט זיך אָנגע־הויבן אַ נייע תקופה אין דער יידישער געשיכטע.

# ווען „די וועלט״ איז באַשאַפן געוואָרן

די טעג איז געוואָרן פופציק יאָר פון זינט דר. הערצל האָט געגרינדעט „די וועלט״. דער ערשטער נומער איז ארויס אין א פרייטיק, דעם 4-טן יוני 1897.

פארשטייט זיך, אז קיינער האָט דעם דאַטום נישט דערמאָנט. די ציוניסטן אינטערעסירן זיך נישט שטארק פאר דער געשיכטע פון דעם ציוניזם און דער־פאר לאָזן זיי אהורך א סך וויכטיקע היסטאָרישע דאַטן פון דער באוועגונג אָן וועלכער ס׳איז אויפמערקזאַמקייט.

אָבער אין דער „וועלט״ וואָלטן די ציוניסטן נישט באַדאַרפט פארגעסן. „די וועלט״ האָט געשפּילט א גאָר גרויסע ראָלע אין דער אנטשטייאונג און דער אַנטוויקלונג פונעם ציוניזם און פון דער ציוניסטישער באוועגונג. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אז קודם איז באַשאפן געוואָרן די וועלט און דערנאָך די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע.

„די וועלט״ איז נישט געווען סתם אזוי א בלאַט, סתם אזוי א קאַמפּס־אָרגאַן — זי איז געווען עפּעס גאָר נייעס אין דער ייִדישער וועלט. זי איז גע־ווען באַזונדערס עפּעס נייעס אין דער געשיכטע פונעם ייִדישן צייטונגס־וועזן. „די וועלט״ איז געווען א קאַמף־בלאַט. אָבער נאָך קיינמאָל נישט אין דער גע־שיכטע פונעם געדרוקטן וואָרט איז נישט געקעמפט געוואָרן פאר א נייער אידיי מיט אזוי פיל נאָבלעס, מיט אזוי פיל סאָלידקייט אין דער פאָרם ווי אינעם אויסדרוק, ווי דאָס איז געטון געוואָרן אין דער „וועלט״.

אין דער קורצער געשיכטע פון דר. הערצלס טעטיקייט פארן ייִדישן פאָלק — היינט קומט אונדז פאָר, אז דאָס האָט געמוזט פארנעמען כאָטש א יאָרהונ־דערט, אָבער דאָס דאָזיקע שטיק ענערגיע און אַקטיוויטעט האָט זיך אויסגע־שפּרייט איבער א צייט־שטח פון 8 ביז 9 יאָר — אין דער קורצער געשיכטע פון דער דאָזיקער אַקטיוויטעט פארנעמט „די וועלט״ א גאָר וויכטיקן פּלאַץ. די גרינדונג פון דער „וועלט״ איז דעם דר. הערצל נישט לייכט אָנגעקומען. קודם האָט ער געמוזט פירן א לאַנגן קאַמף מיט די בענעדיקטס און באַכערס, די די־רעקטאָרן פון דער „נייע פרייע פּרעסע״, ווו הערצל האָט פארנומען דעם פּלאַץ פון איינעם פון די וויכטיקסטע רעדאַקטאָרן. די ארויסגעבער פון דעם דאָזיקן

גרויסן בלאַט האָבן געפּרוווט קודם מיט גוטן אָפּרעדן הערצלען פון זיין פּלאַן, דערנאָך מיט איידעלע דראָאונגען און אָנצוהערעניִשן. עס האָט זיי נישט גע־פּאַסט, אַז אַ רעדאַקטאָר פון דער „נייער פרייער פּרעסע״ זאָל שטייען אָן דער שפּיץ פון אַזאַ טריבונע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען צו פּראָפּאַגירן אַזעלכע, פאַר יענער צייט, אויסטערלישע אידייען, ווי די גרינדונג פון אַ יידישן שטאַט און נאָך מער האָבן זיי מורא געהאַט פאַר דער אידייע, אַז די יידן פון דער גאַנצער וועלט בילדן איין פאָלק.

אָבער פּונקט אַזוי ווי עס האָט זיך די באַלעבאַטים פונעם גרויסן ווינער בלאַט, מיט אַ יאָר פריער נישט איינגעגעבן אָפּצוהאַלטן הערצלען פון אַרויס־געבן זיין „יודענשטאַאַט״, האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן אָפּצוהאַלטן אים פון אַרויסגעבן דאָס נייע בלאַט. אַלס תנאי פאַר נישט אַרויסגעבן „די וועלט״, האָט הערצל פאָרגעלייגט די ה״ה בענעדיקט און באַכער נאָר איין קלייניקייט: זיי זאָלן אים לאָזן פריי די שפּאַלטן פון די „נייע פרייע פּרעסע״. פאַר דער פּראָפּאַגי־רונג פון זיין געדאַנק. דאָס האָבן זיי נישט געוואָלט נאָכגעבן. זיי האָבן געהאָפט צו קענען באַזיגן דעם ציוניזם דורך פאַרשוויַיגן אים. און זיי האָבן אים פאַר־שוויגן. פאַר די לייענער פון דער „נייער פרייער פּרעסע״ האָט נישט עקזיס־טירט קיין ציוניזם, קיין ציוניסטישע באַוועגונג, קיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און קיינע ציוניסטישע קאָנגרעסן. די „נייע פרייע פּרעסע״ האָט פאַרשוויגן דעם ציוניזם פאַר דער גאַנצער צייט פון הערצלס ציוניסטישער פירערשאַפט און אויך לאַנגע יאָרן נאָך הערצלס טויט. ערשט אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די עקזיסטענץ פון די יידן פון אייראָפּע און באַזונדערס אין עסט־רייך איז געוואָרן באַדראָט פון דעם וואָס אַמאָל מער חוצפּהדיקן אַנטיסעמיטיזם, האָט די „נייע פרייע פּרעסע״ באַוויליקט צו דערמאָנען דעם ציוניזם און אפילו צו ברענגען ידיעות פון דער נייער ארץ־ישראל. די „נייע פרייע פּרעסע״ האָט פאַר־דינט איר גורל: זי איז נאָך דער פאַרכאַפּונג פון עסטרייך דורך די נאַצים „אַריאַ־ריזירט״ געוואָרן און אירע לעצטע יידישע רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן. אַזוי איז זי אויסגעגאַנגען אין דער שטיל.

„די וועלט״ האָט הערצל געגרינדעט מיט זיינע אייגענע מיטלען און ער האָט ביז צום סוף פון זיין לעבן געדעקט איר דעפיציט. דאָס האָט הערצלען אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן — כמעט אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אָבער דער ציוניזם האָט געהאַט אַ טריבונע, פון וועלכער ער האָט זיך געקאָנט ווייזן פאַר דער וועלט.

איך האָב אויבן געזאָגט, אַז קודם איז באַשאַפן געוואָרן די וועלט און דער־נאָך ערשט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אָבער עס האָט נאָך לאַנג געדויערט, ביז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועמענס גרונט־פאָרמען זענען באַשלאָסן גע־וואָרן אויפן ערשטן ציוניסטישן־קאָנגרעס אין באַזעל אין די לעצטע דריי טעג פון אויגוסט 1897, האָט זיך צעצווייגט איבער די פאַרשידענע לענדער פון תפו־

צות ישראל. און נאָך לאַנג נאָך דעם ערשטן ציונ.־קאָנגרעס איז „די וועלט" גע-ווען דער וויכטיקסטער, אָפּט כמעט דער איינציקער פאַרבינדונגס-פאַקטאָר צווישן די ציוניסטן, צווישן די ציוניסטן פון איין לאַנד און די פון אַן אַנדערן, און אפילו צווישן דער מאַסע פון די ציוניסטן און דער פירערשאַפט פון דער נייער באַוועגונג.

פאַר די לייענער פון דער „וועלט" — און איך האָב געהערט צו אירע לייע-נער פונעם ערשטן נומער ביז צו איר אונטערגאַנג דורך דער ערשטער וועלט־מלחמה — איז יעדער נומער פון דעם דאָזיקן בלאַט געווען אַ מין גייסטיקער יום־טוב. ווען ס'איז געקומען פרייטיק, האָבן מיר געוואַרט מיט אומגעדולד אויפן אָנקומען פון דעם וואָכנבלאַט, וועלכעס האָט מיט יעדן נומער אונדז פעסטער צוגעבונדן צו דער נייער אידייע, צו דער באַוועגונג, און געשטאַרקט אונדזער האָפנונג.

און אָט וואָס הערצל האָט געזאָגט אינעם פּראָגראַם־אַרטיקל אינעם ערשטן נומער פון דער „וועלט":

„...די זאַך, וועלכער מיר דינען, איז גרויס און שיין, — אַ פרידנס־ווערק, די לייזונג פון דער יידנפראַגע... מיר פאַראייניקן זיך אונטער דער פאָן פונעם ציוניזם. אָבער כאָטש מיר האָבן פאַר זיך אַ ווייטן ציל, טאָרן מיר דאָך נישט און מיר ווען נישט אָפּווענדן אונדזער אויפמערקזאַמקייט פון דער היינטיקער לאַגע פון די יידן".

און, דערקלערנדיק, אַז „די וועלט" וועט זיין אַ וואָפן פאַרן יידישן פאָלק קעגן זיינע שונאים — אַן אונטערשיד פון גלויבן — האָט הערצל ווייטער דערקלערט:

„מען זאָל פון אונדז נישט דערוואַרטן, אַז מיר וועלן זיך דערנידעריקן צו דער שפּראַך פונעם פּעבל, אָדער אַז מיר וועלן לויבן אַלץ וואָס יידן טוען אָדער טוען נישט. אַן ערלעכע ערנסטע זעלבסט-קריטיק וועט זיין אַ טובה פאַרן יידנטום און די דאָזיקע זעלבסטקריטיק ווילן מיר אָנווענדן, כאָטש עס וועלן זיך אוודאי געפינען יידן, וואָס וועלן קלאָגן דעריבער, וואָס מיר טוען דאָס אין אַזאַ צייט".

„די וועלט" איז געווען די לערערין און דערציערין פון אַ דור ציוניסטן. אין די יאָרן פון איר עקזיסטענץ — פון יוני 1897 ביז ענדע יולי 1914 — איז „די וועלט" געווען די גייסטיקע פירערין פון איר גרויסן קרייז לייענער איבער דער גאַנצער וועלט. דער אויסברוך פון דער מלחמה דעם 1-טן אויגוסט 1914 האָט איבערגעשניטן די עקזיסטענץ פון דעם דאָזיקן בלאַט, — די יידן, און אויך די ציוניסטן, צעטיילטע אין פיינטלעכע לענדער, האָבן נישט געקאָנט האָבן קיין איינהייטלעכן צענטראַלן אָרגאַן.

אין דער צייט פון איר עקזיסטענץ האָט „די וועלט" אייניקע מאָל געביטן אירע רעדאַקטאָרן פון וועלכע איך וויל דאָ דערמאָנען: שואל רפאל לאַנדוי, בער־

טאָלד פייוועל (דער דייטשער איבערזעצער פון מאָרים ראָזענפעלד), אהרן קאָ־ראָלניק און נחום סאָקאָלאָוו. זיי זענען שוין אַלע אויפן עולם האמת. אויך מאַר־טין בובער איז אַ קורצע צייט געווען רעדאַקטאָר פון דער „וועלט". אויך פון די אַמאָליקע לייענער פון דער „וועלט", באַזונדערס פון די פון די ערשטע יאָרן, איז קיין סך נישט געבליבן. מיר בילדן היינט אַ קליינע עדה איבער דער גאַנצער וועלט. דאָ, אין בוענאָס איירעס, קען איך איינעם. דאָס איז אַן אַלטער ווינער העבר. ווען מיר באַגעגענען זיך, רעדן מיר פון יענע צייטן פון די אָנפאַנגען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אָבער ווי ווייט זענען די, וועלכע דערקלערן זיך היינט אַלס הערצעליאַנער, פון הערצלס געדאַנק און פון הערצלס נאָבעלע קאַמפּס־מעטאָדן.

# משה העס — דער אומבאַקאַנטער

## (צום 70־טן יאָרטאָג פון זיין טויט, — דעם 6־טן אַפּריל 1875)

מען וואָלט געקענט איינגיין אויף אַ וועט: צונויפזאַמלען הונדערט לאַטיין־אַמעריקאַנער לינקע אינטעלעקטואַלן, סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן און אַנאַרכיסטן און זיי אַ פרעג צו טון, ווער איז משה העס? און קיינער פון די הונדערט זאָל נישט וויסן צו ענטפערן.

אָבער נישט בלויז ביי די לאַטיין־אַמעריקאַנער — אויך ביי אַנדערע פעלקער און אויך צווישן יידישע געבילדעטע איז דער נאָמען משה העס אומבאַקאַנט אָדער כמעט אומבאַקאַנט. אין ציוניסטישע קרייזן ווייסט מען עפּעס וועגן משה העס, „רוים און ירושלים". אָבער וויפיל זענען פאַראַן ביי אונדז ציוניסטן, וועלכע האָבן געלייענט „רוים און ירושלים"? און וויפיל קענען די געדאַנקען־וועלט פון משה העס?

די געדאַנקען־וועלט פון משה העס, סיי זיין סאָציאַליסטישער געדאַנק ווי זיין שפּעטערדיקער יידישער שטאַטס־געדאַנק, איז נישט צוגענגלעך פאַר די מאַסן. העס, וועלכער האָט געפּרעדיקט די „פילאָזאָפיע פון דער טאַט", איז אייגנטלעך זיין גאַנץ לעבן געבליבן אַ מענטש פון געדאַנק. און אַלס מענטש פון געדאַנק איז אים אויסגעקומען די ראָל פון אַ פאָרלויפער. און אין אַלע ציטן, אין אַלע גייסטיקע און פּאָליטישע באַוועגונגען איז דער גורל פון די פאָרלויפער דער זעלבער: מען פאַרגעסט אָן זיי.

אָן משה העסן האָט דער דייטשער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם בכיוון פאַרגעסן. און ווייל דער דייטשער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם איז געווען דער מקור פון דער סאָציאַליסטישער פּובליציסטיק פאַר אַלע פעלקער, באַזונדערס פאַר די יונגע פעלקער, האָט מען זיך וועגן משה העסן כמעט ווי גאָר נישט דערוווסט.

העס, וועמענס אָנדענק לעבט ביי אונדז אַלס דער אויטאָר פון „רוים און ירושלים" האָט דורך זיין גאַנצן לעבן געקעמפט אַלס אַ סאָציאַליסט רעוואָלוציאָנער. און אויך ווען זיין געדאַנק האָט זיך דורכגעדרונגען צום פּאָזיטיוון יידנטום, און אויך נאָך „רוים און ירושלים" האָט העס נישט פאַרלאָזן זיין סאָציאַליסטיש רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

משה העס איז געבוירן געוואָרן אין באָן, דעם 21־טן יאַנואַר 1812. ער האָט באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציאונג, און ביי זיין זיידן, אַ ייד אַ למדן, האָט ער „געטרונקען פונעם קוואל פון דער תורה". זיין פאָטער וועלכער האָט געהאַט אַ צוקער־פאַבריק האָט געוואָלט פונעם יונגן „מאָריץ" — דאָס איז געווען זיין נאָמען, וועלכן ער האָט פאַרביטן אויף „משה", באַדויערנדיק, וואָס ער קאָן זיך נישט רופן „איציק" — געוואָלט מאַכן אַ סוחר. אָבער דעם יונגן העס האָט נישט אינטערעסירט קיין געשעפט. אים האָט מער געצויגן די פילאָ־זאָפיע, די וועלט פון געדאַנק. שוין אין די יונגע יאָרן באַקענט ער זיך מיט דער לערע פון שפּינאָזאָן. פון דער אוניווערזיטעט אין באָן ווערט ער אויסגעשלאָסן אַלס „רעוואָלוציאָנער". זיין זינד איז באַשטאַנען אין פאַרפאַסן אַ פּאָליטישע בראָשורקע, אין וועלכער ער האָט געפאָדערט דעמאָקראַטישע רעכט פאַרן פאָלק. אין זיין פאָטערס שטוב איז מען וואַרשיינלעך נישט געווען צופרידן מיט דער דאָזיקער אַנטוויקלונג, און העס לאָזט זיך אַוועק שוין אין די יונגע יאָרן אויף דער וואַנדערונג. ער וואַנדערט איבער האָלאַנד, פראַנקרייך, פאַרנעמט די שטע־לע פון אַ דאָרף־לערער אין עלזאַס. אָבער קענטיק, אַז ס'איז אים נישט גוט גע־גאַנגען אויף דער וואַנדערונג. ער קומט צוריק אַהיים, בעט זיך איבער מיט זיינע עלטערן און הויבט אָן אַרבעטן אין דער ביוראָ פון זיין פאָטערס פאַבריק. אָבער לאַנג קאָן ער אין דער דאָזיקער וועלט פון געשעפט און פון קאָמערציעלע ביכער נישט אויסהאַלטן. זיין קאָפּ איז פאַרנומען פון געדאַנקען פון אַ גאַנץ אַנדערן מין, פון שפּינאָזאָן און פון העגלען, און ער פאַרלאָזט אַ צווייט מאָל די „וואַרע־מע" שטוב פון זיינע עלטערן. און אין יאָר 1837 גיט דער 25 יאָריקער העס אַרויס אַ ביכל אונטערן טיטל „די הייליקע געשיכטע פון די מענטשהייט" און אַלס אויטאָר פון דעם בוך ווערט אָנגעגעבן „אַ תלמיד פון שפּינאָזאָן".

אין דעם דאָזיקן יוגנט־ווערק איז אייגנטלעך שוין פאַראַן דער גרונט־גע־דאַנק פון „רוים און ירושלים", דעם בוך, וועלכעס העס האָט פאַרעפנטלעכט 26 יאָר שפּעטער און וועלכעס האָט אים געבראַכט געוויסן פאַרגעסן ווערן. שוין אין זיין יוגנט־ווערק באַטראַכט העס די מענטשלעכע געשיכטע אין אַלע אירע קאַמפן און ווידערשטאַנדן אַלס אַ שטרעבונג צו גאָט־דערקענטעניש און שלימות, אַ שטרעבונג וועלכע ווערט געטראָגן דורך די שענסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער מענטשהייט. גאָט־דערקענטעניש איז פאַר העסן אַן עטישער באַגריף אין גייסט פון שפּינאָזאַס לערע. די אַנטוויקלונג פונעם גאָט־באַוואוסטזיין מוז פירן צו אַן אַלוועלטלעכער רעליגיע פון עטישער שלימות. און מענטשן־ליבע. אין דער אַלוועלטלעכער רעליגיע פון העסן איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין באַ־זונדערע רעליגיעס. דער דאָזיקער געדאַנק, וועלכער ווייזט אויס אויבנאויפיק צו זיין אַן אַפּיקורסישער, איז אין עצם אַ טיף־יידישער געדאַנק. אָט ווי העס שטעלט אַוועק דעם יידישן מלוכה־געדאַנק: „אין די יידן לעבט־אויף זייער אַלט געזעץ... דאָס דאָזיקע פאָלק איז פון אָנפאַנג אָן דערצו באַשאַפן געוואָרן, די

וועלט צו דעראָבערן דורך די אינערע טוגנט פון זיין גייסט. דער דאָזיקער גייסט האָט שוין דורכגעדרונגען די וועלט, שוין שטרעבט די וועלט נאָך אַ נייעם געזעץ, וועלכעס זאָל זיין ווירדיק דער אַלטער מוטער... דאָס נייע געזעץ וועט קומען, די נייע הייליקע קאָנסטיטוציע; דאָס אַלטע געזעץ וועט אויפשטיין אין אַ פאַראיידלטער פאָרעם"...

אָט אַזוי טראַכט העס און דריקט אויס אַל־יידישע געדאַנקען, אין אַ צייט, ווען ער האַלט, אַז דאָס יידנטום דאַרף אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַר אַן אַלוועלטלעכער רעליגיע. אין יענער צייט האָט העס געהאַלטן, אַז דאָס יידנטום דאַרף פאַרשווינדן, און ער רעקאָמענדירט צו דעם צוועק געמישטע חתונות. אָבער צוזאַמען מיט דער שטרעבונג אַז דאָס יידנטום זאָל פאַרשווינדן אַלס אַ רעליגיע און אַלס אַ באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע גרופּע, ווירקט נאָך אויף העסן די אידייע פון דער יידישער שליחות אין דער וועלט. „דאָס יידנטום — שרייבט ער שפּעטער אין „די אייראָפּעאישע טריארכיע" — דאַרף מען אפשר, סוף כל סוף, באַטראַכטן אַלס דעם גרונט־געדאַנק פון דער געשיכטלעכער באַוועגונג. יידן מוזן עקזיסטירן אין דער וועלט אַלס אַ סטימול אינעם קערפּער פון דער מערבדיקער מענטשהייט"... און ווייטער: „די יידן זענען דער פערמענט אין דער מערב־מענטשהייט, פון תחילת אָן דערצו באַשטימט, איר (דער מענטשהייט) אויפצודריקן דעם טיפּ פון דער באַוועגונג". אָט אַזוי פּראָפּאַגירט העס די אידייע פון דער „יידישער מיסיע", איינע פון די סתירות אין העס' געדאַנקען פון יענער צייט. פון דער דאָזיקער אידייע פון דער „יידישער מיסיע" צווישן די פעלקער צוליב וועלכער די יידן מוזן כלומרשט בלייבן אין גלות, צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, זאָגט זיך העס אָפּ אין „רוים און ירושלים", ווו ער ווייזט אָן, אַז אויב יידן האָבן באמת צו דערפילן אַ „מיסיע", אַ מאָראַלישע פאַר דער מענטשהייט, וועלן זיי דאָס בעסער קענען דערפילן ווען זיי וועלן בילדן אַן אייגענעם שטאַט, ווי אַלס אַן אונטערדריקטע, פאַראַכטעטע, איבער דער גאַנצער וועלט צעזייטער און צעשפּרייטער מענטשן־גרופּע.

מען האָט העסן אין זיין צייט אָנגערופן דעם „פּאָטער פונעם סאָציאַליזם". דעם דאָזיקן ערן־טיטל האָט ער באַקומען באַזונדערס פאַר זיין דערמאָנטן בוך, „די אייראָפּעאישע טריארכיע". די אייראָפּעאישע טריארכיע זענען פאַר אים געווען ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד. די דאָזיקע דריי לענדער האָבן באַדאַרפט פאַרווירקלעכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. פאַקטיש איז העס געווען דער ערשטער סאָציאַליסט, אָדער ווי מען האָט דאָס דאַן אָנגערופן, דער ערשטער „קאָמוניסט" אין דייטשלאַנד. ער האָט מיט זיין קאָמוניזם געווירקט אויף מאַרקסן און ענגעלסן. באַזונדערס האָט ער זיך באַצויגן מיט ענטוזיאַזם צו מאַרקסן.

זיין ענטוזיאַסטישע באַציאונג צו מאַרקסן דריקט־אויס העס אין אַ בריוו צום דייטש־יידישן שרייבער בערטאָלד אוערבאַך. העס בעט אוערבאַכן ער זאָל

קומען אים באַזוכן אין קעלן. און כדי צו פּועלן ביי אַוערבאַכן, ער זאָל דאָך קור־מען, שרייבט אים העס:

„דו וועסט האָבן די פרייד, דאָ זיך צו באַקענען מיט אַ מענטשן, וועלכער געהערט איצט צו אונדזערע פריינט, כאָטש ער וווינט אין באָן, וווּ ער וועט באַלד האַלטן זיינע לעקציעס אויפן אוניווערזיטעט... דאָס איז אַ דערשיינונג, וועלכע האָט אויף מיר געמאַכט אַן אימפּאָזאַנטן איינדרוק, כאָטש איך באַוועג מיך אויף דעם זעלבן פעלד; הקיצור, דו קאָנסט דיך ריכטן, זיך צו באַקענען מיט דעם גרעסטן, אפשר דעם איינציקן איצט לעבעדיקן אמתן פילאָזאָף, וועלכער וועט אין דער נאָענטסטער צייט, ווו ער וועט נאָר אויפטרעטן, אין דער עפנטלעכקייט, שריפטלעך, ווי אויך פון דער קאַטעדרע, צוציען צו זיך די אויגן פון גאַנץ דייטשלאַנד... ווען איך וואָלט קענען זיין אין באָן, ווו ער וועט פאָרטראַגן וועגן לאָגיק, וואָלט איך געוועזן זיין פלייסיקסטער תלמיד. אַזאַ מאַן האָב איך מיר שטענדיק געוווּנטשן צו האָבן אַלס לערער פון פילאָזאָפיע. איצט פיל איך ערשט אַ וואָסערער לא יצלח איך בין אין דער אייגנטלעכער פילאָזאָפיע... ד"ר מאַרקס — אַזוי הייסט מיין אָפּגאָט, איז נאָך אַ גאַנץ יונגער מענטש (אפשר 24 יאָר אַלט), וועלכער וועט דער מיטלאַלטערלעכער־רעליגיע און פּאָליטיק דערלאַנגען דעם לעצטן שטויס; ער פאַרבינדט מיט דעם טיפסטן פילאָזאָפישן ערנסט דעם שאַרפסטן וויץ; דענק דיר רוסאָ, וואָלטער, האָלבאַך, לעסינג, היינע און העגעל אין איין פערזאָן פאַרייניקט — וועסטו האָבן פאַר דיר דעם ד"ר מאַרקס".

אַזוי האָט געשריבן דער 29 יעריקער העס, וועלכן מען האָט דאַן שוין באַ־טראַכט אַלס דעם „פאָטער פון סאָציאַליזם", וועגן דעם מיט 5 יאָר פון אים יונ־גערן, אַלס סאָציאַליסט נאָך נישט באַקאַנטן קאַרל מאַרקס. מאַרקס האָט קיינ־מאָל נישט אַרויסגעוויזן העסן קיין גלייכע געפילן, אנערקענונג אָדער פריינט־שאַפט.

בכלל האָט מען אין די קרייזן פון די אינטעלעקטועלע רעוואָלוציאָנערן זיך באַצויגן צו העסן מיט קנאה־שנאה און עס האָבן נישט געפעלט אפילו קיין אַנ־טיסעמיטישע שטעכווערטלעך. דער יונג־העגעליאַנער רוגע האָט געגעבן העסן אַ צונאָמען, דער „קאָמוניסטישער רבי". דערפאַר אָבער האָט העס געהאַט די פריינטשאַפט פון די אַרבעטער צווישן וועלכע ער האָט געווירקט. די דייטשע סאָציאַליסטישע אַרבעטער אין פאַריז האָבן אים אויסגעקליבן צום פאָרזיצער פון זייער פאַריין. די זעלבע פריינטשאַפט האָבן אים אויך אַרויסגעוויזן די דייטשע אַרבעטער אין בריסל. העס, וועלכער האָט געהאַט אַ גייסטיקע השפּעה אויף די אויטאָרן פונעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" (אַ צייט לאַנג האָט ער צוזאַ־מען מיט ענגעלסן אַרויסגעגעבן אין עלבערפעלד אַ טעאָרעטישן סאָציאַליסטישן זשורנאַל, דעם „געזעלשאַפטס־שפּיגל") און אַ טייל פון וועמענס אידייען האָבן באַקומען אַן אויסדרוק אינעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט, — העס האָט איין מאָל, אין יוני 1846, מחמת עקל צו די אינטריגעס און דער קנאה־שנאה צווישן

די קריזן פון די אינטעלעקטועלע פירער, פארלאָזן די פּאַרטיי. מאַרקס האָט אים צוריק אַריינגעצויגן אין דער פּאַרטיי. העס איז דאַן אין בריסל געוואָרן פאָר־זיצער פון דעם דייטשן אַרבעטער בילדונגס־פאַריין, און ער האָט אָנטיילגענומען אין דער גרינדונג פון דער „דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט פאַר דער פאַרייניקונג פון די פעלקער". אָבער קענטיק — אַזוי לפּחות באַהויפּטן אַ טייל דייטשע פּובליציסטן — אַז קאַרל מאַרקס און באַזונדערס ענגעלס זענען געווען אייפערזיכטיק אויף העס' פּאָפּולאַריטעט ביי די דייטשע אַרבעטער, און זיי האָבן אים אַוועקגע־שטופּט אַן אַ זייט. כאָטש ווי אַזוי דאָס דאָזיקע „אַוועקשטופּן אַן אַ זייט" איז פאָרגעקומען איז שווער, פאַר אונדז דאָ זיך אויסצומאָלן. עס פעלן דאָ די נוי־טיקע ליטעראַרישע קוועלן פאַר באַקענען זיך גענויער מיט דעם דאָזיקן ענין. צווישן מאַרקסן און העסן איז אַנטשטאַנען אַ טיפער תהום, וועלכער האָט קענ־טיק נאָכגעווירקט אויף די שפּעטערדיקע היסטאָריקער פון דער דייטשער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג. העס, אָבער, האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו אָנער־קענען מאַרקסן אַלס דעם גרויסן דענקער פונעם סאָציאַליזם, אפילו נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי, ווען העס איז צוגעשטאַנען צו דער גרופּע קעגנער פון מאַרקסן.

וועגן דעם פּערזענלעכן לעבן פון משה העס איז ווייניק וואָס באַקאַנט. מען קאָן משער זיין, אַז העסן האָט זיך נישט געלעבט איבעריק גוט. שטענדיק אַ געדרודפטער פון דער פּרייסישער פּאָליציי האָט ער געמוזט פירן אַ לעבן פון אַ נע־ונדניק, אַרומוואַנדערן צווישן פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד און ווען נישט ווען זיך אַריינכאַפּן קיין דייטשלאַנד. אויך אין אויסלאַנד האָט אים די פּריי־סישע פּאָליציי נישט געלאָזט אין רו. אַזאַ לאַגע, צוזאַמען מיט די רייסענישן און דער קנאה־שנאה אין דער פּאַרטיי האָבן געמוזט געגוג פאַרביטערן זיין לעבן. די איינציקע טרייסט האָט ער קענטיק געפונען צווישן די אַרבעטער גופא. כאָטש אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער פאַרלוירן זיין גלויבן אין דער מאַכט פון דער דייטשער אַרבעטערשאַפט. די דאָזיקע ספיקות אין דער דייטשער אַרבעטער־שאַפט דריקט ער אויס אין אַ בריוו צו לאַסאַלן, אין וועלכן ער שרייבט, אַז אויב דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט וועט נישט געשטיצט ווערן פונעם פּראָלעטאַריאַט פון מערב און דרום־אייראָפּע, האַלט ער אים פאַר אומפעאיק אַליין דורכצופירן אַ וועלכע נישט איז אַנטשיידנדיקע פּאָליטישע באַוועגונג.

דאָס איז אַ בריוו פון 1863, אַלזאָ פון אַ צייט נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון „רוים און ירושלים". דאָס הייסט, אַז מיט דעם דאָזיקן בוך איז משה העס נישט אַוועק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין יאָר 1863 איז העס אין קעלן דער באַפולמעכטיקטער רעפּרעזענטאַנט פון לאַסאַלס „אַלגעמיינעם דייטשן אַרבעטער פאַריין", ער פירט דאָרט אָן די פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער, ער קעמפט פאַרן אַלגעמיינעם און גלייכן וואַלרעכט און פאַר מלוכהשע פּראָדוקטיוו־קאָאָפּע־ראַטיוועס. גלייכצייטיק פאַרנעמט ער זיך מיט יידישער וויסנשאַפט, אָבער קענ־

טיק אַז אויך דאָן האָט ער זיך געפילט מער „אין דער היים" צווישן סאָציאַ־ליסטן און אַרבעטער. און ווען ער שטאַרבט אין פּאַריז דעם 6־טן אַפּריל 1875, איבערלאָזנדיק אַ צוואה, אַז מען זאָל אים ברענגען צו קבורה אינעם ירושה־קבר פון זיינע עלטערן אויפן יידישן בית־עלמין אין קעלן, זענען דאָס די פּאַריזער רעוואָלוציאָנערן און אַרבעטער וועלכע באַגלייטן דעם ארון ביז צו דער באַן.

**
*

אויבנאויפיק באַטראַכט, קאָן דאָס אויסזען אביסל מאָדנע און אומפאַר־שטענדלעך, ווי קומט העס אינמיטן פון זיין רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער אַרבעט אָנצושרייבן אזא, מען קאָן זאָגן, קאָנסערוואַטיוו יידיש בוך ווי „רוים און ירושלים" און ווי קומט ער אין יענער צייט, ווען די יידן אין מערב־אייראָפּע און באַזונדערס די דייטשע יידן, האָבן געשטרעבט מיט אַלע כוחות אָפּצומעקן יעטוועדן סימן פון אַ יידישן נאַציאָנאַליזם, כדי זיך צו „פאַרדינען" די גלייכבאַ־רעכטיקונג, — ווי קומט העס צו טראַכטן די אידייע פון אַ יידישער נאַציע און פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל? דאַרף מען דאָ דערמאָנען, אַז ביי העסן איז גאָר נישט געווען אויסטערליש, גאָר נישט צופעליק. פּונקט אזוי ווי זיין סאָ־ציאַליזם איז אַ טייל פון זיין יידיש־שפּינאָזיסטישער עטישער וועלט־אַנשויאונג. איז זיין יידנטום אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט פון דער תורה, וועלכע ער האָט גע־לערנט ביי זיין פרומען זיידן דעם למדן און פון זיין פילאָזאָפישן וועלט־באַנעם. פאַר העסן איז סאָציאַליזם אַ מין „קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו" פון דער יידי־שער עטיק, פון דער נביאישער שטרעבונג צו אַ וועלט פון יושר, אמת און גע־רעכטיקייט. און יידישקייט איז פאַר העסן נישט קיין אומבאַקוועמלעכקייט פון וועלכער די אויפגעקלערטע יידן און זייערע ראַבינער האָבן געפּרוווט זיך אַרויס־צודרייען דורך פאַרשידענע רעפאָרמען פונעם סידור און פונעם צערעמאָניאַל, שטרעבנדיק צו געבן דער סינאַגאָגע אַ גלייכן כאַראַקטער ווי דער הערשנדיקער קירכע; ס'איז אָבער פאַר אים אויך נישט די אין האַרטע פּסוקים פאַרשטיינער־טע אָרטאָדאָקסיע. כאָטש אינעם מחלוקת צווישן רעפאָרם און אָרטאָדאָקסיע, איז העס מיט זיין סימפּאַטיע גיכער אויף דער זייט פון די אָרטאָדאָקסן. אָבער העס גלויבט דאָך אין דער אידיי פון אַ יידישער מיסיע. די דאָזיקע מיסיע, די דאָזיקע העכערע שליחות קאָן דאָס יידישע פאָלק נישט דערפילן אַלס אַ צע־זייט און צעשפּרייט פאָלק. כדי די יידן זאָלן קענען מקיים זיין זייער שליחות, איז נויטיק, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל פריער דערגרייכן זיין נאַציאָנאַלע באַ־פרייאונג און אויפלעבונג אין אַן אייגענעם יידישן שטאַט.

וועגן דעם „פּינטעלע ייד" אין העס' נשמה אין די יאָרן ווען ער איז גע־ווען ווייט פון יידנטום און פון יידישע אינטערעסן, ווערן מיר געוווּיר פון דעם

אופן ווי העם האָט גייסטיק רעאַגירט אויפן בלוט־בלבול פון דמשק. העס אַליין דערציילט אונדז וועגן דעם דעם אינעם פינפטן בריוו פון „רוים און ירושלים".

„מיט צוואַנציק יאָר צוריק" — שרייבט העס — ווען פון דמשק איז צו אונדז אייראָפּעער אַריבערגעקומען די אַבסורדע באַשולדיקונגען קעגן די יידן, און ווען אין אַלע יידישע הערצער האָט זיך דערוועקט אַ ביטער געפיל פון צער איבער דער באַרבאַרישקייט און די לייכטגלויביקייט פון דעם אַזיאַטישן און אייראָפּעאישן המון, וועלכער הערט זיך צו צו יעדער פאַרלוימדונג קעגן די יידן, היינט פּונקט ווי מיט צוויי־טויזנט יאָר צוריק; דעמאָלסט, ווען ס'איז מיר אינ־מיטן פון סאָציאַליסטישער טעטיקייט צום ערשטן מאָל ווידער געקומען מיט צער צום באַוווסטזיין, אַז איך געהער צו אַ פאָלק וואָס איז אומגליקלעך, פאַרלוימ־דעט, פון דער גאַנצער וועלט פאַרלאָזן, אַ פאָלק וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע לענדער, — דעמאָלסט, כאָטש איך בין דאַן געשטאַנען ווייט פונעם יידנטום האָב איך געוואָלט אויסדריקן מיינע יידיש־פּאַטריאָטישע געפילן אין אַ געשריי פון צער, וועלכער איז אָבער דערשטיקט געוואָרן אין מיין ברוסט דורכן גרעסערן שמערץ, וועלכן דער אייראָפּעאישער פּראָלעטאַריאַט האָט אין מיר דערוועקט".

דער דאָזיקער דערשטיקטער ווייגעשריי איז אָבער נישט אינגאַנצן פאַר־לוירן געגאַנגען; ער האָט זיך קענטיק באַהאַלטן אין העס' האַרץ ביז ער האָט באַקומען זיין אויסדרוק אין „רוים און ירושלים".

# הערצל און ביאַליק

דורך איינעם פון יענע צופאַלן, דורך וועלכע געשיכטע באַקומט איר באַזונדערן אויסדרוק, קומט אויס ביי אונדז דער יאָרצייט נאָך חיים־נחמן ביאַליק א טאָג נאָך הערצלס יאָרצייט. איז דאָס טאַקע נאָר אַ צופאַל, וואָס ביאַליק איז געשטאָרבן כ״א תמוז. ער האָט געקאָנט שטאַרבן אַ חודש פריער אָדער אַ חודש שפּעטער. און בלויז דורך אַזאַ צופאַל איז געגעבן געוואָרן דער אויסערער מאָטיוו צו רעדן אין איין אָטעם וועגן הערצל און ביאַליק און איינצואָרדענען שותפותדיקע אזכרה־אַקטן צום אָנדענק פון די צוויי גרויסע יידן. אָבער צי איז בלויז דער אויסערער צופאַל, וואָס ביאַליק איז געשטאָרבן אַ טאָג נאָך הערצלס יאָרצייט. דער מאָטיוו וואָס מען דערמאָנט זיי צוזאַמען און וואָס מען פאַרבינדט די דאָזיקע צוויי נעמען? איז חוץ דעם אויסערן צופאַל נישט געווען קיין שום נאַציאָנאַל־גייסטיקע קרובהשאַפט צווישן טעאָדאָר הערצל און חיים־נחמן ביאַליק?

ווען אַ יידישער פּלוטאַרך זאָל אַמאָל אויף זיך נעמען די היסטאָריש־קריטישע אויפגאַבע צו שאַפן פאַרגלייכנדע ביאָגראַפיעס פון יידן, וועלכע זענען צוריקגעקומען צום יידנטום פון אַ דרויסנדיקער פרעמדער וועלט, און יידן וועלכע האָבן זיך דערהויבן צו גייסטיקע און מאָראַלישע הויכן אין דער אינערער וועלט פונעם יידנטום, וואָלט דוכט מיר, נישט געווען קיין בעסערער אָביעקט פאַר אַ פאַרגלייכנדיקן שטודיום ווי דאָס לעבן, די ווערק און די טאַטן פון טעאָדאָר הערצל און חיים־נחמן ביאַליק. ביאַליק איז די געשיכטלעכע דערגענצונג פון הערצלען, פּונקט ווי הערצל, דער פון אַ פרעמדער גייסטיקער וועלט געקומענער ווינער שריפטשטעלער, האָט געשאַפן די נאַציאָנאַלע מאָראַלישע אַטמאָספערע, אין וועלכער עס זאָל זיך קענען אויסווירקן אין איר גאַנצער פולקייט די שטאַרקע גייסטיקע פערזענלעכקייט פון חיים־נחמן ביאַליק.

חיים־נחמן ביאַליק איז נישט בלויז אַ גרויסער דיכטער, נישט בלויז דער גאון, וועלכער האָט מיט זיין גייסט אַרומגענומען די יידישע גייסטיקע שאַפונג פון אַלע צייטן, נאָר ער איז קודם כל דער דיכטער פון אַן עפּאָכע פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, פון אַן עפּאָכע פון אַ שטאַרקער נאַציאָנאַלער אַנטשלאָסנקייט צו אַ נייעם שאַפנדן לעבן אויפן אַלטן היסטאָרישן באָדן פונעם יידישן פאָלק.

און די דאָזיקע עפּאָכע און די דאָזיקע גייסטיקע און פּאָליטישע אַטמאָספּערע וואָלט נישט מעגלעך געווען אָן דעם געדאַנק און דער טאַט פון טעאָדאָר הערצ־לען. און אויך דער דאָזיקער פאַקט, וואָס הערצל איז געקומען כלומרשט פון דער פרעמד, פון דעם אַסימילירטן מערב און ביאַליק פונעם יידישן מזרח באַווייזט מער ווי אַלץ די יידישע אייגהייט פון מזרח און מערב, די גייסטיקע און מאָראַ־לישע איינהייט פון די יידן פון אַלע קולטור־קרייזן און פון אַלע שפּראַכן.

ליידער איז ביאַליק, וועלכער האָט געשריבן העברעאיש און יידיש, די פאָלקסמאַסן כמעט אַזוי אומבאַקאַנט ווי הערצל, וועלכער האָט געשריבן דייטש. ביאַליקן האָבן ליידער די „גרויסע לומדים" אַרומגערינגלט און אַרומגעמויערט מיט זייער טיפער געלערנטקייט, אַזוי אַז פּשוטע יידן זעען אים נישט אַרוים און זיי האָבן מורא, אָדער זיי שעמען זיך צו אים צו דערנענטערן. דערביי ווערט ליידער פאַרגעסן, אַז ביאַליק האָט אויך געשריבן יידיש, נישט בלויז כדי זיך, גרויסמוטיק „אַראָפּצולאָזן" צו די פּשוטע פאָלקסמאַסן, נאָר ווייל יידיש איז פאַר אים געווען אַ האַרץ־זאַך. אַזוי האָט ער נישט בלויז איבערגעדיכטעט זיין בעיר ההריגה אין יידיש נאָר ער האָט געשאַפן אין יידיש אַזעלכע לידער ווי „דאָס לעצטע וואָרט". און נישט בלויז וואָס ער האָט געשאַפן אין יידיש, נאָר ער האָט אויך איבערזעצט פון העברעאיש אויף יידיש — און דאָס דריקט דאָך אויס צום בעסטן זיין אינערע באַציאונג צו יידיש. אַזוי האָט ער איבערגעדיכ־טעט אויף יידיש ר' יהודה הלוים „ציון הלא תשאלי", די „ים לידער" און היי־נעם „פּרינצעסן שבת". אַזעלכע זאַכן טוט מען נישט, ווען מען האָט נישט קיין אמתע באַציאונג פון ליבע צו דער שפּראַך אין וועלכער מען גיסט אַריבער שאַ־פונגען פון אַן אַנדערער שפּראַך.

דאָ דאַרף מען אויך דערמאָנען דעם „ספר האגדה" וועלכן ביאַליק האָט צונויפגעזאַמלט, רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן אין העברעאיש און אין יידיש צוזאַמען מיט ראַווניצקין. דאָס הייסט, אַז דער יידישער מענטש, וועלכער לייענט נישט קיין העברעאיש, דאַרף נישט אַנטלויפן פון ביאַליקן. פאַרקערט, ער דאַרף זיך באַמיען, זיך צו דערנענטערן צו ביאַליקן דורך די ווערק וועלכע ביאַליק האָט געשאַפן אָדער איבערזעצט אין יידיש, און דורך די זאַכן וואָס אַנדערע האָבן איבערזעצט אויף יידיש.

עס וואָלט באמת כדאי געווען, אַז די אַלע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס וועלכע אָרדנען איין אזכרה־אַקטן צו ביאַליקס יאָרצייט, זאָלן אַרויסגעבן אַ פּאָפּולערע אויסגאַבע פון ביאַליקס ווערק אין יידיש, כדי די פּשוטע יידישע פאָלקס־מענטשן זאָלן זיך באַקענען מיט דעם גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער. דאָס וואָלט געווען דער שענסטער אופן פון אָפּגעבן כבוד דעם אָנדענק פון חיים־נחמן ביאַליק, וועלכער איז געווען נישט בלויז אַ גרויסער דיכטער, נאָר ער האָט אויך אויף זיך גענומען דעם עול פון יידישער אחריות מער ווי וועלכער נישט איז אַנדערער פון אונדזערע גייסטיקע פירער.

זיין נאציאָנאַלע אחריות און זיין יידיש געוויסן האָט ביאַליק נאָך אויסגע־דריקט אין איינעם פון זיינע, לעצטע לידער, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, בעת ער איז געווען אין באַזעל אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1931, דאָס איז דאָס ליד „און ווידער זע איך אייך, ווען איר זענט שוואַך"... דאָס דאָזיקע ליד וואָלט באַדאַרפט פאַרשפּרייט ווערן אין מאַסן, יעדער ייד וואָלט דאָס באַדאַרפט קענען פון אויסנווייניק, אין העברעאיש אָדער אין יידיש, און אפילו אין אַנדערע שפּראַכן. דאָס דאָזיקע ליד איז געשריבן פאַרן היינטיקן טאָג און ס'איז דאָך אַזוי יידיש אייביק. איך וויל דאָ ציטירן אייניקע, פּערזן פון דעם ליד לויט דער יידישער איבערזעצונג פון שמואל פרידמאַן:

„און ווידער זע איך אייך, ווען איר זענט שוואַך, און ס'טריפט
מיין האַרץ מיט בלוט.
ווי אָרעם זענט איר איצט, ווי הילפלאָז מיט אַמאָל!
ווי איינזאַם אין דער וועלט, אָן וועגן און אָן אַ ראַט,
און אָן אַ טרייסט־וואָרט, אָן איין פריינט, אָן אָנווייזער פון טריט"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„און ווער האָט אָנגערייצט אויף אייך די ציין־און פעדער־קריצער
פון גאָט באַשטראָפטע, צעפרעסענע פון האַס און שוואַרצער קנאה,
זיי זאָלן אייך צעקריגן איינעם מיטן צווייטן
און שפּייזן אייך מיט אייער אייגן פלייש און בלוט
זיי זאָלן יעדע הייליקייט ביי אייך פאַרשוועכן
מיט אָטעם פון אַ טמאדיקן מויל און מיטן ריר פון טמאדיקע פינגער?
און ווער האָט אייער בונד צעשטערט און אים פאַרטיילט צווישן
יינגלעך־נאַרן?"

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„ווי אָרעם זענט איר איצט, ווי הילפלאָז מיט אַמאָל,
ווי איינזאַם אין דער וועלט, אָן וועגן און אָן אַ ראַט!"...

אַזוי קאָן זינגען נישט בלויז אַ גרויסער קינסטלער, נאָר אַ דיכטער מיט אַ גרויסער ליבע צום פאָלק און מיט אַ צעווייטיקטן געוויסן איבער די צרות און דערנידערונגען, וואָס דאָס פאָלק ליידט פון דער דרויסנדיקער פיינטלעכער וועלט און איבער די פאַלשקייטן פון די

„וואָס קומען מיט האַס צו שמוצן אייער שענסטן האַרצנס־טרוים".
און ווען דער דיכטער פרעגט מיט צער:
„ווער האָט צעשטערט אין אייערע געצעלטן די האָפענונגס־פרייד
און דעם צוקונפטס־טרוים?
און ווער האָט צוגענומען קינדערשן געלעכטער און טומלדיקע
מאַסן פרייד פון פאָלק?

ווער האָט די יונגע זין און טעכטער אראָפּגעפירט פון יוגנטלעכע וועגן,

געלאָזט צעשטויבן זייער קראַפט
צונישט און ווערן פאַר דער וועלט צו שאַנד און שפּאָט,
זיי אַנגעפילט די קעפּ מיט ווינט,
דאָס מויל מיט חוצפּהדיקע פּוסטע רייד
און, אַנשטאָט צו האָרכן און צו לערנען, געגעבן זיי דעם מוט
צו לערנען אַנדערע מיט שרייענדיקן וואָרט?"

— פאַרשטייען מיר, וועמען דער דיכטער האָט געמיינט. לײַדער איז די דאָזיקע צרה היינט אַ פיל גרעסערע ווי אין יאָר 1931.

ביאַליק איז געווען דאָס געוויסן פונעם יידישן פאָלק, און נאָר אַ דיכטער מיט אַזאַ נאַציאָנאַלער אחריות, מיט אַזאַ ליבע צום יידישן פאָלק און מיט אַזאַ געוויסן ווי דאָס האָט פאַרמאָגט ביאַליק האָט געקאָנט שרייבן אַזעלכע פערזן:

„איך בין צו אייך פון גאָט געשיקט:
ער האָט געזען איר ווערט דערשטיקט,
ער האָט געזען, איר פוילט און פאַלט,
איר ווערט פון טאָג צו טאָג מער אַלט;
און אָפּגעלאָזט האָט זיך די האַנט
און אויסגעלאָזט האָט זיך די מאַכט —
און גאָט האָט זיך אָן אייך דערמאַנט,
און ער האָט מיך צו אייך געבראַכט".

אַזוי שרייבן האָט זיך געקאָנט דערלויבן נאָר ביאַליק. ביי אָן אַנדערן וואָלט דאָס אויסגעזען טריוויאַל און עס וואָלט געמאַכט אַ פאַרקערטן איינדרוק. מיט ביאַליקן אָבער איז דאָס פאָלק מסכים געווען, אַז ער מעג זיך באַנוצן מיט דעם דאָזיקן נביאישן טאָן. און נישט בלויז ער מעג, נאָר דאָס פאָלק האָט פּשוט דערוואַרט פון אים אַזאַ נביאיש וואָרט און צומאָל אפילו די האַרבסטע שטראָףרייד.

אמת, אין דעם ציטירטן פערז ליידט דאָס פּאָעטישע פונעם נביאישן: „איר ווערט פון טאָג צו טאָג מער אַלט" איז נישט קיין שענער פּאָעטישער קלאַנג. אָבער וועגן דעם מעגן זיך אַמפּערן די קונסט קריטיקער. פאַרן יידישן פאָלק איז ביאַליק דער נביא און דער מוכיח — חוץ זיין גראַנדיעזער אַרבעט אַלס מאסף פון די אַלטע יידישע קולטור אוצרות — און דאָס פאָלק וויל הערן פון אים אַ וואָרט פון האָפענונג און אויפמונטערונג און עס הערט זיך אויך-צו גערן צו

זיינע שטראָף-רייד ווי עס האָט זיך צוגעהערט צו אים פון זינט „משא נעמי־רוב”.

היינט אָבער, ווען מען דערמאָנט ביאַליקס יאָרצייט, דאַרפן די נאַציאָנאַלע עסקנים וויסן, אַז ס׳איז נישט גענוג יוצא צו זיין מיט די שאַבלאָנעןהאַפטע אזכרה־אַקטן, וועלכע זענען געוואָרן אַ פּוסטע פאָרמאַליטעט אין אונדזער גע־זעלשאַפטלעכן לעבן. פּונקט אַזוי ווי הערצלען דאַרף מען אויך ביאַליקן דערמאָ־נען נישט בלויז אין טאָג פון זיין יאָרצייט, און מען דאַרף דערנעענטערן דאָס פאָלק צום גייסט פון ביאַליקן דורך דער פאַרשפּרייטונג פון ביאַליקס גייסטיקע ירושה וועלכע דאַרף זיין די ירושה פון אַלע פאָלקס-קרייזן.

# דער נאָכפאָלגער

— א. —

די שווערסטע ראָלע וואָס קאָן אויסקומען א מענטשן צו שפּילן אין דער פּאָליטיק ווי אינעם אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז די ראָל פון א נאָכ־פאָלגער. אַזאַ ראָל איז שווער ביים לעבן און זי איז זייער „אומבאַקוועם" אין דער געשיכטע, אין דער אייביקייט. געווענלעך איז מען האָך א נאָכפאָלגער נאָך עפּעס א גרויסן מאַן, אָדער נאָך איינעם, וועלכן די מענטשן האַלטן פאַר א גרויסן מאַן. א געווענלעכער מענטש האָט נישט קיין „נאָכפאָלגער". קיינער רייסט זיך נישט נאָך דער דאָזיקער ראָלע. דער וואָס נעמט איבער אַן אַמט וואָס איז פאַר־לאָזן געוואָרן פון א געווענלעכן, מיטלמעסיקן מענטשן, איז נישט קיין נאָכפאָל־גער, נישט ער רייסט זיך נאָך דעם דאָזיקן טיטל.

דער נאָכפאָלגער געפינט זיך אינעם לעבן ווי אין דער געשיכטע אין א שווערער לאַגע. די מענטשן, צווישן וועלכע אים קומט אויס צו ווירקן, זענען פול מיט ענטוזיאַזם און מיט, טיילמאָל, באַוווּנדערונג פאַר דעם פאַרשטאָרבע־נעם אָדער אַוועקגעגאַנגענעם פירער. דער וואָס קומט נאָך דעם גרויסן מאַן איז טאָקע נישט אַזוי גרויס, נישט אַזאַ גאון ווי דער אַוועקגעגאַנגענער אָדער פאַר־שטאָרבענער. ער האָט גאָר נישט קיין פּרעטענזיעס דאָס צו זיין און ער וויל אפילו נישט, מען זאָל אים פאַרגלייכן מיט דעם גרויסן, צו וועמעס נאָכפאָלגער מען האָט אים באַשטימט. ער איז סתם אַן אינטעליגענטער, פּעאיקער, ענערגי־שער, קלוגער אָדער אַרבעטסוויליקער מענטש, אָבער די אַרומיקע מענטשן, אין זייער באַוווּנדערונג פון דעם פאַרשטאָרבענעם, דערזעען נישט די פּאָליטישע און סתם מענטשלעכע מעלות פון דעם נאָכפאָלגער. זיי מעסטן אים כסדר מיט דער מאָס פון דעם פאַרשטאָרבענעם פירער. און מענטשן מעסטן נישט תמיד מיט אַן ערלעכער מאָס. אָפט פעלשן זיי די מאָס בשוגג, און זייער אָפט טועז זיי דאָס בכיוון מחמת בייזוויליקייט. אָט אַזוי פאַרקלענערן זיי, פאַרמיאוסן זיי די ראָל פון דעם נאָכפאָלגער אינעם לעבן און נעמען אים צו זיין פּלאַץ אין דער געשיכטע.

דוד וואָלפזאָן, וועמעס דרייסיקסטן יאָרצייט די היגע ציוניסטן האָבן נישט דערמאָנט (ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1914 אין דער נאַכט פון 15־טן צום 16־טן

סעפטעמבער — כ"ה אלול תרע"ד) האָט באקומען די געשיכטלעך־אומבאַקוועמע ראָלע פון א נאָכפאָלגער. ער אליין זאָגט אָן אין זיין צוואה, אז אויף זיין מצבה זאָל מען נאָר אויסקריצן זיין נאָמען און די ווערטער: הערצלס נאָכפאָלגער, פרע־זידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאציע. איז דאָס טאַקע נישט קיין קליי־ניקייט, די זכיה צו זיין הערצלס נאָכפאָלגער. דוד וואָלפזאָן איז געווען געגוג פערזענלעכקייט, צו קענען אָפּשאצן די דאָזיקע זכיה. אָבער מען מוז זאָגן, אז די ציוניסטן, די גרויסע מאַסע פון די ציוניסטן האָבן נישט גענוג אָפּגעשאַצט די דאָיקע זכיה און זיי האָבן נישט דערשאַצט, אָפט נישט געדעכט אָפּגעשאַצט דעם מענטשן, וועלכער האָט געהאַט דאָס גליק צו זיין הערצלס נאָכפאָלגער... אזוי ווייט האָט מען וואָלפזאָנס באַדייטונג נישט דערשאַצט, אז טייל־מאָל באקומט מען דעם איינדרוק, אז מען האָט אין דוד וואָלפזאָנען, הערצלס ערשטער נאָכ־פאָלגער, כמעט לחלוטין פארגעסן. איך קאָן מיך נישט דערמאַנען צו האָבן אמאָל ערגעץ בייגעוווינט א יאָרצייט־פייערונג צום אָנדענק פון וואָלפזאָנען. זיין יאָר־צייט־דאַטום איז נישט באַקאַנט אפילו צווישן דעם פירנדן שיכט פון דער ציוני־סטישער באַוועגונג.

און דאָך איז דוד וואָלפזאָן געווען דער נאָכפאָלגער פון טעאָדאָר הערצל, און דאָך איז ער געווען נישט בלויז הערצלס נאָכפאָלגער, וואָס דאָס אליין איז, ווי געזאָגט, שוין א זכיה, און וואָלפזאָן האָט זייער הויך אָפּגעשאַצט די דאָזיקע זכיה, נאָר ער איז אויך געווען א פערזענלעכקייט — ווי דאָס קאָן גאָר אַנדערש נישט געמאָלט זיין.

יאָ: וואָלפזאָן איז געווען נישט בלויז א נאָכפאָלגער. ער איז אליין געווען א פערזענלעכקייט. און די דאָזיקע פערזענלעכקייט פון דוד וואָלפזאָן, וועלכער איז פון א זון פון א גמרא־מלמד אין דעם קליינעם ליטווישן שטעטל דאַרביאַני (קאָוו־נער גובערניע), געוואָרן א גרויסער סוחר אין דייטשלאַנד, פרעזידענט פון דער יידישער קאָלאָניאַל באַנק און פרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע נאָך הערצלען, פאַרדינט אָפּגעשאַצט צו ווערן לויט איר פאַרדינסט.

— ב. —

לאָמיר נאָך א מאָמענט פאַרווייַלן ביים באַגריף פון נאָכפאָלגער. עס זענען פאַראַן נאָכפאָלגער, וועלכע האָבן נישט קיין שום פערזענלעכע באַציאונג צו זייער פאָרגענגער. צום ביישפיל: ראובן פאַרנעמט אַן אַמט, וועלכן עס האָט פריער אָנגעפירט שמעון. ראובן האָט נישט קיין שום פערזענלעכע באַציאונג צו שמעונען. ער איז נאָר דער, וואָס האָט פאַרנומען דעם אַמט וועלכן עס האָט פאַר אים אָנגעפירט שמעון — נישט מער.

עס איז אָבער פאַראַן א נאָכפאָלגערשאַפט א פערזענלעכע, אזא ווו דער נאָכפאָלגער איז פאַרבונדן דורך געמיינזאַמע אידעאַלן, דורך א טיפער פערזענ־

לעבער פריינטשאפט ביים לעבן מיט דעם, וועמעס נאכפאלגער ער איז געווארן. צו די געפילן פון פריינטשאפט און ליבע צו דעם טויטן פריינט, קומען צו שפע־טער די געפילן פון פיעטעט און דער ווילן פארצוזעצן די ארבעט פאר די צילן און אידעאלן וועלכע מען האט געטיילט מיט דעם פארשטארבענעם פירער. אט אזא איז געווען די נאכפאלגערשאפט פון דוד וואלפזאנען. פאר דוד וואלפזאן איז טעאדאר הערצל געווען דער פריינט, וועמעס גרעסערע פערזענלעכקייט ער האט אנערקענט אן א שום קנאה, און וועמען ער איז געווען גרייט צו געהארכן און צו דינען ווי א פריינט און ווי א טרייער תלמיד זיין רבין, צו וועלכן ער איז אי־בערגעגעבן מיט ליבע.

די פריינטשאפט צווישן הערצלען און וואלפזאנען איז געווען די טיפסטע, די הארציקסטע און די שטארקסטע וואס קאן זיין צווישן צוויי מענער. דערביי זענען זיך ביידע געווען באוווסט פון זייער אייגענער פערזענלעכקייט און יעדער פון ביידן איז זיך געווען באוווסט וועגן דעם ווערט און דער באדייטונג פון דער פערזענלעכקייט פון דעם אנדערן. הערצל אלס די שטארקערע פערזענלעכקייט איז זיך געווען באוווסט וועגן דער באדייטונג פון זיין פערזענלעכקייט, פון זיין היסטארישער ראלע אינעם יידישן פאלק און ער האט געפאדערט פון זיין פריינט פולשטענדיקע טרייהייט און איבערגעגעבנקייט און געהארכזאמקייט ביז צו מבטל זיין דעם אייגענעם ווילן. און וואלפזאן, וועלכער איז געווען מיט א צוויי אדער דריי יאר עלטער פון הערצלען, (און אין ציוניזם איז ער געווען מיט א סך יארן עלטער) האט פארשטאנען אז דאס איז מצד הערצלען נישט צופיל פאר־לאנגט, אז ס'איז טאקע זיין חוב אלס פריינט און ציוניסט צו דינען הערצלען געטריי און צו פאלגן אים אין אלץ וואס ער וועט פון אים פארלאנגען.

וואלפזאן האט זיך באגעגנט מיט הערצלען דאס ערשטע מאל אין 1896 אייניקע מאנאט נאכן דערשיינען פונעם „יידנשטאט". הערצל איז דאן געווען א יונגערמאן פון 36 יאר און שוין באלאדן מיט אזא שווער, אחריותפולער היס־טארישער מיסיע, וועלכע ער אליין האט אויף זיך גענומען. וואלפזאן איז געווען, ווי שוין באמערקט, מיט א צוויי־דריי יאר עלטער (זיין געבורטסיאר איז נישט באשטימט: 1856 אדער 1858). אבער בעת הערצל איז דעמאלט אין 1896 גע־ווען א ציוניסט, ערשט זייט צוויי יאר, איז דער 38־יעריקער וואלפזאן געווען שוין אן אלטער ציוניסט. דעם גייסט פון דער אלטער רעליגיעזער חיבת־ציון האט דוד וואלפזאן איינגעזאפט אין זיך נאך אין זיין פאטערס שטוב. שפעטער איז ער אלס א יונגער בחור'ל אנגעקומען קיין מעמעל אין דער תלמוד־תורה פון דעם דארטיקן רב, דעם באוווסטן חובב־ציון ד"ר יצחק רילף. ער האט זיך אויך אין די יונגע יארן באקענט מיט דוד גארדאן, דעם ארויסגעבער פון דעם „המגיד" אין ליק, וואס האט פראפאגירט דעם געדאנק פון ישוב ארץ ישראל. אזוי אז ווען דוד וואלפזאן האט מיט עטלעכע יאר שפעטער זיך באזעצט אין קעלן ביים רהיין, איז ער שוין געווען א גאנצער ציוניסט.

ווי אין יעדער גרעסערער דייטשער קהילה, איז אויך אין קעלן געווען א „פאריין פאר יידישע געשיכטע און ליטעראטור". אין דעם דאזיקן פאריין האט דוד וואלפזאן זיך באגעגנט מיט א יונגן יוריסט, דעם שפעטערדיקן באוווסטן ציוניסט און דירעקטאר פון קרן-קימת, ד"ר מאקס באדענהיימער. דער יונגער באדענהיימער איז שוין דאן געווען נישט בלויז א חובב-ציון לויטן מערב-איי־ראפעאישן שטייגער, נאר אויך א נאציאנאלער ייד. ער האט דאן שוין געהאט פארפאסט א שריפט אונטערן טיטל „וואס זאל געשען מיט די רוסישע יידן?" וואלפזאן האט זיך באלד באפריינדעט מיט דעם יונגן דייטשן יידן, אין וועלכן ער האט געזען אן אידייען-חבר. די דאזיקע פריינטשאפט פון דעם „דייטש" באדענהיימער מיט דעם „רוס" וואלפזאן, האט ארויסגערופן א געוויסן אומרו אין די קרייזן פון די אסימילירטע יידן אין דעם ליטעראטור־פאריין. א ראבי־נער פון קעלן האט געווארנט באדענהיימערן: „היט אייך פאר דעם דאזיקן רוס: אלס דייטש קענט איר נישט מיט אים צוזאמענגיין".

נו, פארשטייט זיך, אז אלס „דייטש" האט באדענהיימער נישט געקענט האבן קיין שום שייכות מיט דעם „רוס" וואלפזאן. אז דער איינער איז נישט קיין דייטש און דער צווייטער נישט קיין רוס, דאס האט זיך נישט געקענט לייגן אויפן שכל דעם אסימילירטן ראבינער.

אבער מען מוז דעם אומבאקאנטן און פולשטענדיק פארשטארבענעם רא־בינער מוחל זיין: ס'איז געווען פארוואס מורא צו האבן פאר דעם „רוס". ער איז דאך געווען איינער פון די, וועלכע האבן צעשטערט די אידיליע פון דעם קארטן-שטיבל פון דער דייטשער אסימילאציע.

דער רוס וואלפזאן האט פשוט אנגעהויבן צו אגיטירן פאר ציוניזם צווישן די דייטשע „געשיכטע און ליטעראטור"-יידן. אין א פארטראג וועגן ציוניזם, וועלכן ער האט געהאלטן אין דעם קעלנער געשיכטע־ און ליטעראטור-פאריין עטלעכע יאר פארן ארויסטריט פון ד"ר הערצל, האט דוד וואלפזאן גערעדט אזעלכע דיבורים:

„צו וואס האבן מיר יארטויזנטער געקעמפט, צו וואס זיך געלאזט ברענען אויף די שייטערהויפנס, צו וואס ליידן אזוי פיל צרות, אויב מיר זאלן נישט האבן די האפענונג אויף בעסערע צייטן אין ציון? אבער — זאגט מען אונדז — וואס וועלן אונדזערע שונאים זאגן? וועלן אונדזערע שונאים, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן דעם סוד פון אונדזער ליבע צו ציון, נישט דערקלערן, אז מיר זענען פרעמדע אין לאנד אין וועלכן מיר לעבן? וועלן זיי אונדז נישט פארווארפן, אז מיר האבן אונדזערע אייגענע, באזונדערע אינטערעסן, און וועלן זיי אונדז נישט צוליב דעם פארדאמען אלס לאנדס-פארעטער?"

אזעלכע פראגן ווארפט־אויף דער יונגער ליטווישער ייד פאר די פאר־פלעפטע דייטש־יידישע אסימילאנטן. און ער רעדט צו זיי בזה הלשון:

„וואס אונדזערע שונאים וועלן זאגן? האבן זיי דען ביז איצט גארנישט געזאגט? אונדזערע שונאים וועלן מיר קיינמאל נישט צופרידנשטעלן, אפילו ווען מיר זאלן זיין ווי די מלאכים."

אזא שפראך האט גערעדט דער יונגער „אסט־יודע" צו די דייטשע יידן. און אט וואס נאך ער האט גערעדט:

„לאמיר נאר א טראכט טון, אז מיליאנען פון אונדזערע שוועסטער און ברידער שרייען נאך זייער מוטער...

„ישראל איז געגליכן צו א טראפישער פלאנץ, וואס איז פארפלאנצט גע־ווארן אין אלע וועלט־טיילן. אין געוויסע געגנטן ווו זי האט גענוג לופט און ליכט, וואקסט זי, כאטש זי איז נישט אינגאנצן זיכער. אבער אינעם גרויעלדיק קאלטן צפון וועט די דאזיקע דרום־פלאנץ זיך קיינמאל נישט איינווארצלען. זי מוז דארט פארטרוקנט ווערן און אומקומען".

מען קאן זיך אויסמאלן דעם ציטער וואס האט דורכגענומען די דייטשע יידן, ווען זיי האבן געהערט אזעלכע ווערטער. בפרט ווען וואלפזאן האט נאך צוגעגעבן, אז:

„דער ציוניזם וויל נישט בלויז גרינדן א היימאט פאר די ארימע היימ־לאזע יידן; אויך פאר די אנדערע יידן, וועלכע האבן געפונען א היים אין אנ־דערע לענדער, ברענגט ער א סך גוטס".

אמת, וואלפזאן האט געטרייסט די דייטשע יידן, אז דער ציוניזם וויל זיי נישט ארויספירן פון דייטשלאנד קיין ארץ ישראל — אויב זיי פילן זיך גוט אין דייטשלאנד. נו, פארשטייט זיך, יידן האבן זיך געפילט זיכער אין דייטשלאנד נישט בלויז ביז 1933. געווען אזעלכע וואס האבן געטראכט אז „דאס וועט פאראיבערגיין", אויך נאך דעם באיקאט־טאג פון מערץ 1933.

פאר דער כאראקטעריסטיק פון וואלפזאנען זענען אינטערעסאנט די פאל־גנדע שטעלן פון זיין פארטראג:

„ווען דער באראן הירש וואלט געווען בעסער געקענט די רוסישע יידן, וואלט ער געווען אוועקגעגעבן זיין פארמעגן נישט פאר ארגענטינע נאר פאר ארץ ישראל. דאן וואלט געווען באלד מקוים געווארן דער טויזנט־יעריקער ווונטש פון מיליאנען יידן. אבער אפשר איז בעסער אזוי. די אידייע פון ווידעראויפבוי פון א יידישער מלוכה איז א צו גרויסע, אז זי זאל קענען געטראגן ווערן בלויז פון איין מענטשן. זי וואלט געקענט ווידער אנטשלאפן ווערן, ווען עס פאלט אוועק די שיצנדע האנט פון דעם איינעם מענטשן. אבער ווען די דאזיקע אידייע ווערט געטראגן פון דער מאסע, פונעם כלל, וועט און מוז זי זיגן".

דא האבן מיר אלזא צוויי הויפט־געדאנקען: וואלפזאן רעדט וועגן דעם ווי־דעראויפבוי פון א יידישער מלוכה און וועגן אן אידייע, וואס דארף האבן הינ־

מער זיך נישט אָן אײנצלנעם רייכן פילאַנטראָפּ, נאָר די גרויסע מאַסע, דעם כּלל פונעם פאָלק. ער ווייזט דאָ אַלזאָ אָן אויף דער נייטיקייט פון אַ גרויסער ציוניסטישער פאָלקס־באַוועגונג וועלכע זאָל ארומנעמען דאָס גאַנצע פאָלק. די דאָזיקע רעדע האָט וואָלפזאָן געהאַלטן — ס'איז נייטיק נאָכאַמאָל צו דערמאָנען — עטלעכע יאָר פאַרן באַווייזן זיך פון הערצלס „יידנשטאַט".

— ד. —

די ערשטע ידיעה וועגן הערצלען און זיין „יידנשטאַט" האָט וואָלפזאָן באַקומען אין 1896 פון דעם בערלינער חובב־ציון ווילי באַמבוס. ער האָט זיך תיכף געסטאַרעט צו באַקומען די פּראָבע־בויגנס פון דער שריפט, וועלכע האָט אים אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט זי נישט ארויסגעלאָזט פון האַנט, ביז ער האָט נישט געהאַט דורכגעלייענט ביז צום סוף. פאַרשטענדלעך, אַז דער גרונט־געדאַנק פון דעם בוך איז נישט געווען קיין נייעס פאַר וואָלפזאָנען. אָבער — שרייבט וואָלפזאָן — „די ווייטע פּערספּעקטיוון און דער נביאיש־שטאַרקער גלויבן, וועלכער רעדט ארויס פון יעדער שורה פון דעם „יידנשטאַט" האָט מיר געעפנט אַ נייע וועלט, וועלכע איך האָב שוין לאַנג געהאַט אין דמיון".

באַקענענדיק זיך מיטן „יידנשטאַט" גאַרט וואָלפזאָן וואָס גיכער זיך צו באַקענען מיט דעם אויטאָר פון דעם בוך. אין האַרבסט 1896 באַזוכט וואָלפזאָן הערצלען אין ווין, גראָד אין מאָמענט ווען ביי אים אין שטוב קומט פאָר אַ באַראַטונג מיט אייניקע ווינער חובבי־ציון, וועלכע זענען באַלד צוגעשטאַנען צו הערצלען. פון דעם ערשטן באַזוך אָן האָט זיך פאַרבונדן אַ פריינטשאַפט צווישן די צוויי מענער, אַ פריינטשאַפט וועלכע איז געווען אַזוי שטאַרק און אַזוי טיף, אַז זי האָט געקענט אויסהאַלטן אפילו גרויסע קליינע פּערזענלעכע און געשעפטלעכע קאָנפליקטן.

וואָלפזאָן ווערט באַלד הערצלס נאָענטסטער מיטאַרבעטער. אָבער פונעם ערשטן מאָמענט איז דאָס אַ פאַרהעלטעניש ווי פון אַ תּלמיד צו אַ רבין, כאָטש דער תּלמיד איז עלטער פונעם רבין, און כאָטש תּלמיד און רבי זענען פאַרבונדן דורך פּערזענלעכער פריינטשאַפט. די באַציאונג פון די צוויי איז אַ קעגנזייטיקע: הערצל דערזעט אין וואָלפזאָנען אַ פריינט וועלכער וועט אים זיין טריי איבערגעגעבן און וועט אין יעדן פּונקט אַנערקענען זיין אויטאָריטעט. און וואָלפזאָן איז גרייט צו דער דאָזיקער טרייהייט און אַנצואַנערקענען הערצלס אויטאָריטעט און אים צו פאָלגן אויף אַלע וועגן פון דער נייער באַוועגונג. וואָלפזאָן ווערט דער פאַרמיטלער צווישן הערצלען און די פירער פון דייטשע חובבי־ציון און פון די חובבי־ציון אין רוסלאַנד. הערצל באַשטימט וואָלפזאָנען אַלס דעם מאַן פון זיין צוטרוי ביי דער גרינדונג פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק. וואָלפזאָן זאָל זיך פאַרבינדן צו דעם צוועק מיט די יידישע פינאַנץ־לייט און באַנסירן, אָבער, פאָדערט הערצל, ער זאָל אים וועגן יעדן שריט אינפאָרמירן.

וואָלפזאָן וויל טאָן זיין אַרבעט אַזוי צו זאָגן הינטער די קוליסן און ער באַ-

קלאָגט זיך איינמאָל פאַר הערצלען, הלמאי מען האָט אין אַ באַריכט (אין דער „וועלט") דערמאָנט זיין נאָמען. הערצל ענטפערט אים, ער זאָל זיך אויף אים פאַרלאָזן אין אַזעלכע ענינים. „פאַר די ווייטערדיקע צוועקן איז גייטיק אַז די מענטשן זאָלן קענען אייער נאָמען, ווייל איך וויל אייך האָבן אין דער שפיץ פון דער באַנק־דירעקציע". און אין אַ צווייטן בריוו (פון 10-טן אויגוסט 1898), אין וועלכן הערצל שרייבט צו וואָלפזאָנען דער עיקר וועגן דער באַנק, געפינט זיך דער פאָלגנדער זאַץ:

„אלס גענעראַל־דירעקטאָר האָב איך אין אויסזיכט אַ מאַן אויף וועלכן מען קאָן זיך פאַרלאָזן. ער הייסט דוד וואָלפזאָן".

אַזוי וואַקסט די פריינטשאַפט און דער צוטרוי פון הערצלען צו וואָלפזאָנען און די טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט פון וואָלפזאָנען צו הערצלען. די אַנט־וויקלונג פון דער דאָזיקער פריינטשאַפט קאָן מען באַמערקן אין די בריוו פון ביידע. אין די ערשטע בריוו שרייבט וואָלפזאָן: „מיין ליבער הער דאָקטאָר" און הערצל: „מיין ליבער הער וואָלפזאָן". דערנאָך גייט מען אַריבער צו „ליבער פריינט" און „טייערער פריינט". דערנאָך גייט הערצל אַריבער צו „מיין טייע־רער דאַאַדע" („דאַאַדע" איז דער צערטלונגס־נאָמען פאַר דוד) און ער שרייבט זיך אונטער, בנימין. וואָלפזאָן אָבער בלייבט אין זיינע בריוו ביי „מיין ליבער פריינט" אויך דאַן, ווען ער איז מיט הערצלען אויף „דו" (דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט מען דעם „דו" אין וואָלפזאָנס אַ בריוו פון 13־טן דעצעמבער 1900).

איין בריוו פון הערצלען צו וואָלפזאָנען איז ביז גאָר אינטערעסאַנט. קענ־טיק אַז וואָלפזאָן האָט איינגעלאַדן הערצלען ער זאָל געבן אַביסל געלט פאַר דער באַנק. הערצל ענטפערט:

„איך קאָן נישט געבן אפילו קיין גרייצער פאַר דער באַנק. איך האָב שוין גענוג געזינדיקט קעגן מיינע קינדער, אויסגעבנדיק אַזוי פיל געלט אויפן ציו־ניזם, נישט רעכענענדיק די אַרבעט, וועלכע איך וואָלט געוווען געקענט און באַ־דאַרפט פאַרווענדן אויף פאַרדינען געלט. איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַז איך האָב גערן געגעבן, אָבער ווייטער קאָן איך נישט. פאַרגעסט נישט, אַז איך האָב אָנגעהויבן פריער פון אַנדערע און מער פון אַנדערע צו ברענגען קרבנות. די „וועלט" קאָסט מיך מער ווי 25.000 גולדן. זי פאָדערט נאָך ווייטערדיקע קרבנות, ווער ווייסט ווי לאַנג איך וועל זיי קענען ברענגען".

אין ווייטערדיקן המשך פון דעם דאָזיקן בריוו זעט מען, אַז הערצל האָט שוין געהאַט געגעבן 500 פונט פאַר דער באַנק, און ער דערקלערט, אַז ער בעט נישט צוריק די דאָזיקע סומע. אָדער דאָס געלט איז געגאַנגען אויף היזק, אָדער אויב נישט, זאָל דאָס בלייבן אַלס אַדערויף פון זיינע סוסקריבירטע 2.000 אַק־ציעס (צו 1 פונט יעדע).

די אינטערעסן פון דער באַנק האָבן שטאַרקער פאַרבונדן הערצלען מיט וואָלפזאָנען, אָבער די זעלבע אינטערעסן האָבן אין אַ געוויסן מאָמענט גע־דראָט צו פאַרנעפּלען די פריינטשאַפט פון די צוויי מענער. עפּעס זענען פאָר־געקומען זאַכן, וועלכע האָבן אַ קליין ביסל פאַרביטערט וואָלפזאָנען. ווען נישט די טיפע פריינטשאַפט, וועלכע ער האָט געפילט צו הערצלען און ווען נישט זיין זאָרג פאַרן ציוניזם און די מורא, אַז די באַנק זאָל נישט ליידן, אויב ער וועט זי פאַרלאָזן. גענומען האָט זיך די דאָזיקע פאַרביטערונג ביי וואָלפזאָנען צוליב הערצלס געוווינהייט, זיך נישט צו פאַרלאָזן אין קיין שום זאַך אינגאַנצן אויף קיינעם נישט אפילו נישט אויף אַזאַ טרייעם פריינט ווי דוד וואָלפזאָן. הערצל האָט געהאַט די געוווינהייט נאָכצוקוקן אויף יעדער זאַך פון דער באַ־וועגונג, און אפילו קיין קלייניקייט, קיין שום פּרט נישט אַרויסצולאָזן פון זיין אויפמערקזאַמקייט. האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, מיט אַ אַנאָנימען בריוו פון אַ (ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן) אָנגעשטעלטן פון דער באַנק מיט מסירות קעגן דער באַנק־לייטונג. הערצל האָט דעם אַנאָנימען בריוו גענומען ערנסט, דורך וואָס וואָלפזאָן האָט זיך געפילט געקרענקט — נישט אַזוי פאַר זיך, פאַר זיין כבוד, ווי פאַר דער באַנק און — פאַר הערצלען גופא. אין אַ בריוו פון פעברואַר 1900 פּרוווט וואָלפזאָן איינצורעדן הערצלען און דערביי מאַכט ער אים אין דער צאַרטסטער פאָרם לייכטע פאָרוואורפן, הלמאי ער מישט זיך אַריין אין קליי־ניקייטן. וואָלפזאָן שרייבט הערצלען, אַז ער וועט אַלץ אָנווענדן אים צו באַ־וועגן, ער זאָל דעם גאַנצן ענין פון דער באַנק איבערלאָזן אים, וואָלפזאָנען. דערביי שטרייכט ער אונטער, אַז ער מיינט נאָר די אינערע ענינים פון דער באַנק, חלילה נישט די גרויסע באַנק־פּאָליטיק. „איר מאַטערט אייך אָפּ מיט אַזעלכע זאַכן — שרייבט וואָלפזאָן — און עס וואָלט געווען דער גרעסטער שאָדן וואָס קאָן אונדז פּאַסירן" (ד. ה. ווען הערצל זאָל צוליב די קליינע באַנק־ענינים פאַרלירן זיין געזונט — ש.).

„גלויבט מיר, — שרייבט וואָלפזאָן ווייטער — אַז אויך פאַר דער באַנק וועט זיין בעסער" אויב הערצל וועט זיך נישט אַריינמישן אין די אינערע קליי־נע געשעפטן. און דאָ רעדט וואָלפזאָן וועגן דער נערוועאישקייט פון פּאָליטי־קער, קינסטלער און פּריוואַטע מענטשן, בעת בענק און קאָמערציעלע אונטער־נעמונגען מוזן אָנגעפירט ווערן קאַלט און רואיק.

„איר, טייערער פריינט, — שרייבט וואָלפזאָן, — קענט אַ סך זאַכן, אָבער קיין סוחר זענט איר — גאָט צו דאַנקען — גאָרנישט. איר וואָלט נישט געווען דער וואָס איר זענט, (ווען איר וואָלט געווען אַ סוחר), איר קאָנט אָבער זיכער זיין, אַז די ציוניסטישע באַנק געפינט זיך אין גוטע ערלעכע הענט, פאַר וועלכע איר און אייער כבוד זענט אַזוי טייער, ווי זייער אייגענע".

הערצלס ענטפער אויף דעם דאָזיקן בריוו האָב איך נישט פאַר דער האַנט. אָבער קענטיק, אַז ער האָט וואָלפזאָנען נישט באַפרידיקט, און וואָלפזאָן האָט וואַרשיינלעך געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז גרייט צו גיין. דאָס זעט מען פון אַ בריוו פון מאַי 1900 אין וועלכן הערצל שרייבט וואָלפזאָנען אַביסל פאַרביטערט: „איר וועט דאָך נישט זוכן קיין תירוצים, כדי אונדז צו פאַרלאָזן? איר דאַרפט נישט קיין תירוצים. אויב עס וועט קומען אַזאַ מאָמענט, דאַן קענט איר פשוט זאָגן: „איך האָב גענוג!" און איר גייט אייך אַוועק". אין דעם בריוו פרעגט הערצל ווייטער, ווי אַזוי וואָלפזאָן קאָן אים חושד זיין אין אומדאַנקבאַרקייט, בעת ער ווייסט דאָך ווי הויך ער (הערצל) שאַצט יעדן חבר, וועלכער גייט־מיט מיט אים פון דער ערשטער שעה.

און ווייטער:

„מיין ליבער דאַדע, ווערט נישט אַפּהענטיק. איר לאָזט אייך פון צופיל מענטשן משפיע זיין. איך וועל אייך געבן אַ שליסל צו יעדער סיטואַציע, אין וועלכער איר וועט זיך געפינען. תמיד זאָלט איר זיך אַליין פרעגן, צי איר גלויבט נאָך אין ציוניזם. אויב יאָ, דאַן וועט איר גיין מיט מיר דורך אַלע שוועריקייטן".

אַזוי ווערטלען זיך איבער די צוויי פריינט,ביידע איבערגעגעבן מיטן גאַנצן לעבן דעם ציוניסטישן אידעאַל. עס ווייזט אויס, אַז ווער עס האָט מער רעכט אין דעם דאָזיקן בריוולעכן וויכוח איז דוד וואָלפזאָן. אָבער אין מיטן דעם וויכוח, האָבן די צוויי פריינט זיך פאַרזענלעך נאָך מער דערנענטערט און אין זייערע בריוו פאַרנעמט דער „דו" דעם פּלאַץ פונעם פריערדיקן „איר". דער וויכוח גייט אָבער ווייטער. ביידע פריינט טענהן זיך אויס. צום סוף, 28־טן נאָוועמבער 1901, שטעלט וואָלפזאָן זיינע באַדינגונגען, צווישן וועלכע די וויכטיקסטע איז, אַז דער דירעקטאָריום פון דער באַנק זאָל זיין די איינציקע אויטאָריטעט, וועלכע פירט אָן מיט דער באַנק אונטער איר אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

הערצל איז מיט די באַדינגונגען נישט צופרידן. ער הייבט אָן זיין בריוו מיט די ווערטער: „דיין בריוו געפעלט מיר נישט". אין דעם בריוו געפינען זיך אַזעלכע ווערטער:

„צי דו האָסט שלעכטע ראַטגעבער, וועלכע העצן דיך־אויף קעגן מיר, אָדער דו ביסט אַ שלעכטער רעקרוט געוואָרן — אויב דו ווילסט גיין, טאָ גיי אין גאָטס נאָמען. עס וועט מיר באַנג טון נאָך דיר, אָבער נישט נאָך דעם וואָס דו ביסט איצט, נאָר נאָך דעם וואָס דו ביסט געווען. איך האָב אימער געהאַט צו דיר דעם גרעסטן צוטרוי. זאָל איך האָבן געהאַט אַ טעות?"

אַט אַזוי ציט זיך דער דאָזיקער וויכוח ביז אין יאָר 1902. אין אַ בריוו פון 28־טן פעברואַר, באַקלאָגט זיך וואָלפזאָן ווידער, הלמאי הערצל גלויבט, אַז ער איז „געוואָרן אַן אַנדערער". „איך גיי דיר נאָך — שרייבט וואָלפזאָן — היינט ווי נעכטן. און וועל דאָס טון מיין גאַנץ לעבן. אָבער נאָך דיר גיי איך נאָך,

נישט דיינע ראטגעבער. אין אַלע גרויסע זאַכן בין איך שטענדיק געווען אויף דיין זייט". און צום סוף שרייבט וואָלפזאָן:

„ווייסט דו, וואָס איך פאַרלאַנג פון מיין צד? נאָר אַז דיין ווערק זאָל געלינגען און איך זאָל קיינמאָל נישט דערפון באַקומען עפּעס פאַר מיר. ווי קאָנסטו גלויבן, אַז דו קאָנסט דיך אויף מיר מער נישט פאַרלאָזן? אויף וועמען דען?"

— ו. —

אַזאַ איז געווען דער, וואָס האָט געוואָלט אויף זיין מצבה פאַראייביקן, אַז ער איז געווען דער נאָכפאָלגער פון טעאָדאָר הערצל. ער איז דאָס געווען מיט דער גאַנצער ליבע און מיט דער גאַנצער פּיעטעט צו דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן פריינט. הערצל האָט געוווסט, אַז ער האָט אין אים זיין בעסטן און טייערסטן פריינט. און ער האָט טאַקע אים באַשטימט פאַרן אַפּיטרופּוס פון זיינע יתומים. אַלס נאָכפאָלגער הערצלס האָט וואָלפזאָן קודם-כל געזאָרגט, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, הערצלס גרעסטע שאַפונג, זאָל נישט פונאַנדערפאַלן. און ער האָט אָנגעפירט מיט דער ציוניסטישער שיף דורך די שווערסטע יאָרן פון דער באַוועגונג, דורך די שטורמען און אויפברויזן פון די פיינטלעכע צדדים וועלכע זענען אָפט געווען גרייט דאָס קינד צו צעטיילן.

היינט, דרייסיק יאָר נאָך זיין טויט, מוז מען מודה זיין, אַז די קעגנער און פּערזענלעכע שונאים האָבן וואָלפזאָנען נישט לייכט געמאַכט זיין אויפגאַבע. זיי האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו איזדיקעווען איבער אים, דערמאָנענדיק אים אויף שריט און טריט, אַז ער איז נישט הערצל. גלייך ווי ער וואָלט דאָס נישט געווען שטענדיק אַליין אונטערשטראָכן. סוף־סוף האָבן די אויפרעגונגען פונעם קאַמף אויך זיין האַרץ צעריסן. און נאָר מיט צען יאָר האָט ער איבערגעלעבט דעם, וועמעס נאָכפאָלגער ער איז געווען.

ביים אָפענעם קבר פון הערצלען, ווו מען האָט נישט געטאָרט לויט הערצלס צוואה האַלטן קיין הספּדים, האָט דוד וואָלפזאָן געשוווירן אין נאָמען פון אַלע ציוניסטן: „אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני". דוד וואָלפזאָן האָט זיין שבועה געהאַלטן.

.(1944)

# חיים ווייצמאַן

— א. —

פאַרטראַכטנדיק זיך אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין זיבעציק־יעריקן געבורטס־טאָג וועגן ד״ר חיים ווייצמאַנס ראָל אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג קומט מען צום באַשלוס, אַז וועגן ווייצמאַנען דאַרף מען לפּחות שרייבן אַ בוך. און אַ בוך וואָלט דאָס באַדאַרפט זיין אַ פולער, אַן אויספירלעכער. אין וועלכן עס וואָלט באַדאַרפט געשילדערט ווערן מיט דער גאַנצער נייטיקער אָביעקטיוויטעט די באַדייטונג פון חיים ווייצמאַנס ציוניסטישער טאַט און די באַציאונג צווישן דעם מענטש חיים ווייצמאַן און זיין יידיש־פּאָליטישע, יידיש־היסטאָרישע טאַט. איך אָבער מוז די טעמע שטאַרק ארומגרעניצן, און נאָך אַלע־מען איז מען ערשט אין סכנה צו איבערחזרן זאַכן באַקאַנטע און שוין אָפט אי־בערדערציילטע.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז אין די שטורמישע אַנטוויקלונגס־יאָרן פון דער ציו־ניסטישער באַוועגונג נאָך הערצלס טויט, האָט ווייצמאַן געשפּילט נאָר אַ באַ־גרעניצטע ראָל. מען האָט אים פון קיין שום זייט נישט אַרויסגערוקט צו אַ פירנדער פּאָזיציע אין דער באַוועגונג. ערשט אין פעברואַר 1919, ווען ער האָט שוין פון לאַנג געטראָגן אויף זיך די אחריות פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג, מער ווי אַ יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווערט ווייצמאַן, אויף דער סע־סיע פונעם גרויסן ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט אין לאָנדאָן, אויסגעוויילט אַלס מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. טעאָדאָר הערצל דערמאָנט אים נישט אין זיינע טאָג־ביכער. כאָטש ער האָט געמוזט קענען דעם יונגן אָפּאָ־זיציאָנער פון דער דעמאָקראַטישער פראַקציע און באַזונדערס פון זיין שאַרפער שטעלונג אין דער אוגאַנדע־דעבאַטע. הערצל האָט אים געמוזט קענען פון אַ בריוו, וועלכן ער האָט פון אים באַקומען אין 1903, אין וועלכן ווייצמאַן האָט אים אָנ־געוויזן אויף דער אַנטפרעמדונג צווישן דער ציוניסטישער פירונג אין רוסלאַנד און דער יידישער יוגנט. די ציוניסטישע פירונג, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אין רוסלאַנד אין די הענט פון יידן פון מיטעלן קלאַס און פון דער אָרטאָדאָק־סיע, האָט נישט געקאָנט האָבן קיין השפּעה אויף דער יידישער אינטעלעקטוע־לער און רעוואָלוציאָנערער יוגנט.

שארפער איז ווייצמאַן אַרויסגעטרעטן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די רוס־לענדישע קאָנגרעס-דעלעגאַטן אין 1903, ווו ער איז געווען איינער פון די שאַרפ־סטע קעגנער פונעם אוגאַנדע־פּראָיעקט. ער האָט דאַן אויסגעדריקט די באַדויע־רונג, פאַרוואָס דער רוסישער ציוניזם איז נישט בכוח אַרויסצוברענגען פון זיין מיט אַ פירער, אַזוי אַז די באַוועגונג זאָל נישט זיין אָפּהענגיק פון די יידן פון מערב — פון עסטרייך און דייטשלאַנד. „ס'איז אַ פאַקט — האָט ווייצמאַן גע־זאָגט — אַז מיר זענען נישט קיין „פּאָליטישע", נאָר דיפּלאָמאַטישע ציוניסטן, און די גאַנצע דיפּלאָמאַטיע ליגט אין די הענט פון איין מאַן". אַזאַ שאַרפע קריטיק האָט זיך דער 29-יעריקער ווייצמאַן דערלויבט קעגן דער אַנערקענטער נאַציאָנאַלער אויטאָריטעט פון הערצלען. ער האָט דאַן אויסגעדריקט דעם ווונטש, אַז די גייסטיקע פירונג פונעם ציוניזם זאָל ווערן איבערגעגעבן די רו־סישע יידן, און די טעכנישער און פּאָליטישע דורכפירונג זאָל בלייבן אין די הענט פון די מערב־יידן. אַזוי האָט דער פּראַקטישער ציוניסט, דער מזרח־ייד ווייצמאַן, געקוקט אויף די ציוניסטישע פּאָליטיקער פון מערב.

— ב. —

אויף אַ פייערונג אין רחובות, ווו מען האָט אים איבערגעבראַכט די גרוסן פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צו זיין געבורטסטאָג, האָט ווייצמאַן דערמאַנט, אַז זיין 70־טער געבורטסטאָג פאַלט אויס גלייכצייטיק מיטן 50-טן יובילי פון זיין ציוניסטישער טעטיקייט. די דאָזיקע דאַטע איז כדאי צו געדענקען. שוין אין חדר אין זיין שטעטל מאָטעלע ביי פּינסק האָט זיך ווייצ־מאַן אָנגענומען מיט דער אידייע פון חיבת-ציון. צוויי פון זיינע מלמדים זענען געווען חובבי-ציון. איינער פון זיי, דוד פרידמאַן, איז געווען אַ דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ פון די חובבי-ציון אין קאַטאָוויץ אין 1888. די דאָזיקע לערער האָבן געמוזט האָבן אַ השפעה אויף דעם יונגן בחור. דערצו דאַרף מען געדענקען, אַז אַריבערגייענדיק פון חדר אין גימנאַזיע, האָט ווייצמאַן זיך נישט פאַר־פרעמדט פון יידישן לימוד. ער האָט ווייטער געלערנט גלייכצייטיק מיט זיינע גימנאַזיע-לימודים תנ"ך, תלמוד און די נייע העברעאישע ליטעראַטור. אַזוי קומט דער יונגער כעמיע-סטודענט אין די אויסלענדישע הויכשולן פון דאַרמ־שטאַט, בערלין־שאַרלאָטנבורג און שפּעטער אין דער שווייץ אַלס אַ גאַנצער ייד. אַלס אַ יונגער בחור שליסט ער זיך אָן אין דעם רוסיש־יידישן וויסנשאַפטלעכן פאַריין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין בערלין דורך ג. סירקין, מאָצקין און לייב ווילענסקי, פון וואַנען ס'איז פאַרשפּרייט געוואָרן דער ציוניסטישער גע־דאַנק אויך צווישן די דייטשע יידן.

מיטן אויפקום פון הערצלס פּאָליטישן ציוניזם איז ווייצמאַן איינער פון זיינע ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטן. ער פירט אָן אַן אַגיטאַציע פאַר דער באַטייליי־

קונג פון די רוסישע יידן אין דעם ציוניסטן־קאנגרעס און ער אליין ווערט באַ־שטימט אלס דעלעגאט שוין צום ערשטן קאנגרעס. ווייצמאן איז דאן נאך נישט אלט קיין פולע 23 יאר. ביי אומות העולם קאן מען נישט ווערן קיין דעפוטאט אונטער 30 יאר. און דער דאזיקער פארלאמענט, וואס לאזט צו אזעלכע יונגע דעפוטאטן, האט פאר זיך נישט קיין קלענערע אויפגאבע, ווי גרינדן א מלוכה מיט א פאלק, וואס איז צעשפרייט איבער דער גאנצער וועלט, וואס רעדט פאר־שידענע לשונות, האט פארשידענע עקאנאמישע, פאליטישע און קולטורעלע אינ־טערעסן און וואס ליידט אין די פארשידענע לענדער אויף פארשידענע אופנים צוליב דעם זעלבן מאטיוו — צוליב זיין יידישקייט.

— ג. —

דער היינטיקער דור יידן און אויך דער איצטיקער דור ציוניסטן באנעמט נישט אינגאנצן די חלוקי־דעות און אויך די אינערע קאמפן, וועלכע דער פאָ־ליטישער ציוניזם האט מיט זיך ארייננגעבראכט אין דער דעמאלט נישט גרויסער מחנה פון די ציוניסטן. די דאזיקע קאמפן צווישן „פראקטישע" און „פאליטי־שע" ציוניסטן, וועלכע האבן זיך אנגעהויבן כמעט באלד מיט דער דערשיינונג פון הערצלען אינעם יידישן לעבן, און וועלכע האבן געדויערט ביז ערב דער וועלט-מלחמה פון 1914, — די דאזיקע גאנצע חלוקי־דעות און קאמפן אין דער ציוניסטישער באוועגונג ווערן היינט שוין כמעט נישט פארשטאנען.

וואס זענען דאס געווען פאר „פראקטיקער"— פרעגט זיך דער ייד פון היינט — וואס האבן געוואלט אויפבויען א יידישע מלוכה אן פאליטיק, אן א פאליטישער אקציע? און וואס פאר „פאליטיקער" זענען דאס געווען, וואס האבן געקעמפט קעגן פראקטישער ארבעט, וואס האבן געוואלט קודם־כל דורך ריין־פאליטישע מיטלען דערגרייכן א יידישע מלוכה און דערנאך ערשט זיך נעמען איר אויפבויען?

דארף מען פעסטשטעלן, אז אונטער די דאזיקע באגריפן פון „פאליטישע" און „פראקטישע" ציוניסטן האבן זיך באהאלטן פארשידנארטיקע נאציאנאל־פאליטישע און נאציאנאל-קולטורעלע אינטערעסן און אויך פארשידענע פסיכאָ־לאגישע צוגאנגען צו דער יידישער פראבלעם. נישט אלע פאליטישע ציוניסטן זענען געווען פון דעם זעלבן טייג און זיכער נישט אלע פראקטיקער. אין עצם האט הערצלס פאליטישער ציוניזם ארייננגעבראכט א רעוואלוציע אינעם יידישן לעבן און באזונדערס אינעם רואיק-פליסנדיקן חובבי־ציוניזם. אבער דער חובבי־ציוניזם איז נישט געווען אומעטום דער זעלבער. אן אנדערער איז ער געווען אין מערב־אייראפע און אן אנדערער אין רוסלאנד און אפילו אין גאליציע און אין די באלקאן־לענדער. פאר די חובבי־ציון אין מערב־אייראפע איז חבת־ציון גע־ווען א ריין אידעאליסטישע באוועגונג אן ווייטע האריזאנטן, אן א גרויסן נאַ־ציאנאלן אידעאל, אן גרויסע צילן. אין רוסלאנד אבער האט חבת־ציון ארויסגע־

בראכט אזא באוועגונג ווי „בילו“. אין רוסלאנד האָבן די חובבי־ציון געהאט פאָרן אויג כמעט די זעלבע צילן, ווי די, וועלכע עס האָט זיך געשטעלט דער פּאָליטישער ציוניזם, כאָטש ער האָט געוואָלט דערגרייכן די דאָזיקע צילן מיט פאַרשלטערטע, פּאָליטיש נישט צוגעפּאסטע מעטאָדן.

ווען דער פּאָליטישער ציוניזם איז ארוים מיט זיין קריטיק פון די אומפּראַקטישע מעטאָדן פון דעם אזוי גערופענעם „פּראקטישן ציוניזם“, איז די רעאַקציע קעגן אים געווען אַן אַנדערע אין מערב־אייראָפּע און אַן אַנדערע אין רוסלאנד. אין מערב־אייראָפּע האָבן די יידן און אויך די קלענערע גרופּן פון די חובבי־ציון זיך דערשראָקן דערפאר, וואָס דער פּאָליטישער ציוניזם רעדט „אזוי הויך“ וועגן יידן און יידנטום, וואָס ער טרעט ארויס אזוי אָפן פאר דער גאַנצער וועלט מיט יידישע טענות. מען איז דאָרט אויך געווען שטאַרק אומצופרידן מיט דער נאַציאָנאַלער ארגומענטאַציע פון דער נייער באַוועגונג מיט דעם אָפענעם שארפן קאמף קעגן אסימילאַציע.

אין רוסלאנד דאַקעגן האָט מען באַגריסט דעם פּאָליטישן ציוניזם אלס דעם דערוועקער פון די יידישע מאסן צו נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, אלס דער באַוועגונג, וואָס וויל שאַפן נייע וועגן פאר דער פאַרווירקלעכונג פונעם אַלטן נאַציאָנאַלן אידעאַל. אויף וויפל דער פּאָליטישער ציוניזם האָט ארויסגערופן קעגן זיך אַ רעאַקציע ביי די חובבי־ציון אין רוסלאנד, איז דאָס געווען ווייל ער, דער פּאָליטישער ציוניזם, האָט צו די רוסישע יידן גערעדט מיט דער שפּראַך פון די מערב־אייראָפּעאישע יידן, דאָס הייסט, ווייל ער איז פאַר זיי געווען צו ווייניק נאַציאָנאַל, צו ווייניק יידיש־פאָלקסטימלעך, צו ווייניק יידיש קולטור־טראַדיציאָנעל. די רוסישע ציוניסטן האָבן נישט געקענט מסכים זיין מיטן אָפּשטעלן די פּראַקטישע ארבעט אין ארץ ישראל ביז דעם טאָג, ווען עס וועלן דערגרייכט ווערן די פּאָליטישע באַדינגונגען פאַר דער דאָזיקער ארבעט. און כאָטש די פּראַקטישע ארבעט אין ארץ ישראל איז געווען אַן אומלעגאַלע, כאָטש קיין ייד האָט לעגאַל נישט געקענט זיך באַזעצן אין ארץ ישראל, כאָטש די געגרינדעטע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל האָבן נישט געהאַט קיין רעכטלעכע גאַראַנטיעס, האָבן דאָך די רוסלענדישע ציוניסטן נישט געקענט מסכים זיין מיט יענער פּאָליטיק, וועלכע האָט געוועקט די יידישע מאַסן צו אַ גרויסער נאַציאָנאַלער טאַט, אָבער דערביי געהייסן דער דאָזיקער מאַסע וואַרטן ביז מען וועט זי אויפרופן צו דער דאָזיקער טאַט.

ווי ווייט דער „פּראַקטישער“ ציוניזם איז געווען פאַרשידן אין מזרח און אין מערב, דערמאָנט דער פאַל אַלפרעד נאָסיג. נאָסיג, וועלכער האָט אויף זיינע אַלטע יאָרן דערלעבט די נאַצישע אָקופּאַציע אין קראָקע, און וועלכער איז וואַר־

---

*) איצט איז שוין באַוווּסט נייסיגס סוף, כאָטש איך האַלט, אַז דער מישפּט קעגן נייסיגן מוז נאָך רעווידירט ווערן. ש.

שיינלעך אומגעקומען אונטערן נאַציזם*), איז אין די ערשטע יאָרן פונעם פּאָלי־טישן ציוניזם אויך געווען איינער פון הערצלס אָפּאָזיציאָנערן, כאָטש ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און גענומען אָנטייל אין די ערשטע קאָנגרעסן. נאָסיג, דער סאָציאָלאָג, סקולפּטאָר, מאָלער, דיכטער און מו־זיקער, וועלכער האָט געקעמפט קעגן הערצלען אין נאָמען פון „פּראַקטישן ציו־ניזם" איז אין עצם געווען אַ ייִד אַן אַסימילאַנט, אָן אַ טיפערער ייִדישער קול־טור־טראַדיציע. אינעם קאַמף קעגן פּאָליטישן ציוניזם האָט נאָסיג געגרינדעט מיט אַסימילירטע מערב־ייִדן אַ געזעלשאַפט צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע — די „אַאיקאָ" (אַלגעמיינע ייִדישע קאָלאָניזאַציאָנס־אָרגאַניזאַציע). פון נאָסיגס „אַאי־קאָ" איז גאָרנישט געוואָרן. זי האָט גאָרנישט באַוויזן אויפצוטון. מען קאָן נישט פּאַרווירקלעכן ציוניזם מיט דער הילף פון אַנטיציוניסטן און דורך אַנטיציוניס־טישע מיטלען.

ווייצמאַנס פּראַקטישער ציוניזם פון יענע ערשטע קאַמפּף־יאָרן איז געווען, ווי דער ציוניזם אין רוסלאַנד בכלל, אינטעגראַלער ציוניזם: ס'איז געווען דער קאַמף אויסצונוצן אַלע מעגלעכקייטן פאַר פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ ישראל, נישט אָפּזאָגנדיק זיך פון דער פּאָליטישער אַקציע פאַר דער דערגרייכונג פונעם נאַציאָנאַל־פּאָליטישן ציל פונעם ציוניזם. גלייכצייטיק איז דאָס געווען אַ באַ־וועגונג פאַר סאָציאַלער און פּאָליטישער אָרגאַניזירונג פון די ייִדישע מאַסן פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע אין זייערע ווין־לענדער צוזאַמען מיט אַ קולטורעלער פאַרטיפונג און פאַרפעסטיקונג קעגן אַסימילאַטאָרישע שטרעמונ־גען. דאָס איז געווען דער ציוניזם פון דער „דעמאָקראַטישער פראַקציע", וועלכע האָט געפאָדערט פּראַקטישע אַרבעט אין ארץ ישראל, פּאָליטישע „קעגנוואַרטס־אַרבעט" אין די גלות־לענדער און אינטענסיווע ייִדישע קולטור־אַרבעט אומעטום. די דעמאָקראַטישע פראַקציע איז געווען נישט קיין „רוסישער ענין. אירע גרינ־דער זענען געווען, חוץ חיים ווייצמאַן, מאַרטין בובער, דער ווינער פון גאַליציש־שורש, בערטאָלד פייוועל, דער מעהרישער ייִד, וועלכער האָט זיך צוזאַמענגע־לעבט מיט דער קולטור פון די מזרח־ייִדן, און דער לעמבערגער ד"ר אַלעקסאַנדער האַוזמאַן.

אַזאַ איז געווען דער „פּראַקטישער" ציוניזם פון חיים ווייצמאַן. ס'איז גע־ווען דער ציוניזם פון אַ פּראַקטיקער, וועלכער וועט שפּעטער באַדאַרפן רעאַ־ליזירן דעם פּאָליטישן פּראָגראַם פון ציוניזם.

— ד. —

ווען מען דערמאָנט זיך דעם אופן ווי אַזוי די מיליטערישע אַדמיניסטראַ־ציע אין ארץ ישראל האָט כמעט דריי יאָר לאַנג סאַבאָטירט די באַלפור־דעקלאַ־ראַציע און זי אַ צייט לאַנג אפילו נישט געוואָלט באַקאַנט מאַכן דער באַפעל־קערונג פון לאַנד, קאָן מען זיך מאַכן אַ באַגריף, וואָס עס האָט געקאָנט ווערן,

ווען ד"ר הערצל וואָלט געווען דערגרייכט דעם „טשאַרטער" ביי אַבדול האַמי־דון, און יידן וואָלטן נישט געווען געהאַט אין לאַנד קיין שום עקאָנאָמישע פּאָזיציע. טערקישע באַאַמטע און מיליטער־לייט זענען געווען בעסערע אויסטויגער ווי די ענגלישע גענעראַלן סטאָרס און באָלס אויף צו סאַבאָטירן און אָפּמאַך, וועלכער איז זיי נישט געווען צום האַרצן. די ציוניסטן מיטן טשאַרטער אין דער קעשענע וואָלטן גאָרנישט געקענט אויפטון קעגן אַזאַ מין סאַבאָטאַזש, וועלכער וואָלט אפשר שטילערהייט געווען געשטיצט געוואָרן פון סטאַמבול. טערקישע באַאַמטע האָבן בעסער געקענט אָרגאַניזירן אַראַבישע אויפשטאַנדן ווי די קאָלאָניאַלע ענגלענדער. מען וואָלט דאָן, אויך מיטן „טשאַרטער" זיך געווען געמוזט נעמען צום אַלטן מיטל פון „באַקשיש".

וועגן דעם דאָזיקן ענין פון בריטיש־מיליטערישן סאַבאָטאַזש קעגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע וועלן מיר נאָך ווייטער רעדן. דער דאָזיקער סאַבאָטאַזש און זיין ווירקונג אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה באַווייזט אַמבעסטן ווי נייטיק די פּראַקטישע אַרבעט אין ארץ ישראל איז געווען פאַר די פּאָליטישע צילן פון ציוניזם. אָן די פּאָזיציעס, וועלכע דער „פּראַקטישער" ציוניזם האָט געשאַפן אין ארץ ישראל, וואָלט דער סאַבאָטאַזש פון די אַנטיציוניסטישע בריטישע מיליטאַרן געווען געקענט לגמרי מבטל מאַכן די באַלפור־דעקלאַראַציע.

און דאָ איז כדאי צו דערמאַנען אַ זייער כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד פון דער געשיכטע פון ציוניזם און פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע:

די ציוניסטישע לייטונג אין לאָנדאָן באַשליסט, אַ קורצע צייט נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, אַרויסצושיקן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע (ועד הצירים) קיין ארץ ישראל, כדי צו שטאַרקן פּאָליטיש און מאָראַליש דעם פון דער מלחמה און פון דזשעמאַל פּאַשאַס רדיפות אָפּגעשוואַכטן ישוב כלפּי דער בריטישער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע. אין דער קאָמיסיע, וועלכע ווערט אָנגעפירט פון ווייצמאַנען, גייען אַריין די ענגלישע ציוניסטישע פירער דזשאָזעף קאָוען, עדער, זיף און עדווין סעמועל (דער זון פון הערבערט סעמועל, דעם שפּעטערדיקן הויך־קאָמיסאַר). ווייצמאַן נעמט מיט מיט זיך רעקאָמענדאַציע־בריוו פון דער בריטישער רעגירונג, פון באַלפורן און פון לויד דזשאָרזשן: עס באַגלייט אים אַלס פאַרבינדונגס־אָפיציר דער מאַיאָר אָרמסבי גאָר, אַלס פאַרטרעטער פון דער בריטישער רעגירונג. און אויך עדווין סעמיועל איז געווען אַטאַשירט צום שטאַב פון דעם העכסטן מיליטער־קאָמאַנדאַנט אין ארץ ישראל, גענעראַל אַלענבי. פאַרן פאַרלאָזן ענגלאַנד ווערט ווייצמאַן אויפגענומען פון קעניג דזשאָרזש, וועלכער דריקט אים אויס זיין סימפּאַטיע פאַרן ציוניזם. און אָט די דאָזיקע קאָמיסיע, וועלכע קומט אין ארץ ישראל דעם 14־טן אַפּריל 1918, ווערט פון דער מיליטער־אַדמיניסטראַציע קאַלט אויפגענומען. דער אַנטיציוניסטישער און אַנטיסעמיטישער שעף פון דער מיליטער־אַדמיניסטראַציע, גענעראַל באָלס, ענדערט נישט זיין אַנטי־יידישע פּאָליטיק און זיין סאַבאָטאַזש קעגן דער באַלפור־דעקלאַ־

ראציע. די דאָזיקע פיינטלעכע פּאָליטיק מצד די בריטישע מיליטאַרן איז געווען באַווירקט פון דעם פאַקט, וואָס דער יידישער ישוב אין ארץ ישראל האָט בעת דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שום כוח.

אין דער געשיכטע פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע שפּילט ווייצמאַן די צענ־טראַלע ראָלע. די דאָזיקע געשיכטע איז שוין אַזוי אָפט דערציילט געוואָרן, און אַנעקדאָטישער מאַטעריאַל מישט זיך דאָ אַזוי אָפט צוזאַמען מיט היסטאָרישע פאַקטן, אַז ס'איז שווער אַרויסצושיילן די ריינע היסטאָרישע פאַקטן פון דער אַרומיקער אַנעקדאָטישער שאָלעכץ. ס'איז עפּעס שווער אָנצונעמען דעם היסטאָ־רישן פאַקט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע בלויז אַלס באַלוינונג פאַר אַ יידישן געלערנטן, וועלכער האָט דערפונדן אַ גאַר נוצלעכן מיטל פאַרן בריטישן קריגס־פלאָט. ס'איז עפּעס שווער אָנצונעמען געשיכטע אַלס רעזולטאַט פון צופעליקייטן, כאָטש מען קאָן נישט לייקענען די ראָל פון צופעליקייטן אין דער געשיכטע, אָבער ביי אַזאַ אַנעקדאָטיזירונג פון דער געשיכטע מוז מען זיך פרעגן: נו, ווען חיים ווייצמאַן וואָלט נישט געווען שטודירט קיין כעמיע, וואָלט נישט געווען אַריינגעטראָטן אין 1916 אין דינסט פון דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע פון דער ענגלישער אַדמיראַליטעט, וואָלט די יידישע געשיכטע פון אונדזער תקופה געווען גענומען אַן אַנדערע ווענדונג?

דער אמת איז, אַז ווייצמאַן האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר דער באַלפור־דעקלאַראַציע שוין מיט אַ צען יאָר פריער, איידער ער איז געוואָרן דער דירעק־טאָר פון דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע פון דער בריטישער אַדמיראַליטעט. ווייצמאַן איז באַקאַנט געוואָרן מיט באַלפורן נאָך אין יאָר 1906. דאָס איז גע־ווען אין שייכות מיטן אָפּוואַרפן דעם אוגאַנדאַ־פּראָיעקט דורך דעם ציוניסטישן קאָנגרעס. באַלפור, וועלכער איז געווען קאָלאָניע־מיניסטער אין קאַבינעט פון דזשאָזעף טשעמבערליין, וועלכער האָט פאָרגעלייגט הערצלען דעם אוגאַנדאַ־פּלאַן, האָט נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי די ציוניסטן האָבן געקענט אָפּ־וואַרפן אַזאַ פּלאַן. ס'איז דאַן צווישן די צוויי פאָרגעקומען אַזאַ מין שמועס:

ווייצמאַן: שטעלט אייך פאָר, מר. באַלפור, ווען מען זאָל אייך אָנבאָטן פאַריז אָנשטאָט לאָנדאָן, וואָלט איר עס אָנגענומען?

באַלפור: מיר האָבן דאָך שוין לאָנדאָן.

ווייצמאַן: מיר האָבן געהאַט ירושלים ווען לאָנדאָן איז נאָך געווען אַ זומפּ, און מיר ווילן אויך איר נישט מוותר זיין.

באַלפור: דענקען אַ סך יידן אַזוי ווי איר?

ווייצמאַן: אין מזרח־אייראָפּע זענען דאָס ריזיקע מאַסן.

באַלפור: אויב אַזוי, זענט איר אַ גרויסע מאַכט.

אַזוי האָט ווייצמאַן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער באַלפור־דעקלאַראַ־ציע נאָך אין 1906.

צען יאָר שפּעטער נאָך דעם דאָ איבערגעגעבענעם שמועס, ווען וויַיצמאַן איז שוין געווען דירעקטאָר פון דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע פון דער בריטי־שער אַדמיראַליטעט, האָט ער איינמאָל געמוזט אַריינגיין אין ביוראָ צו באַל־פורן, וועלכער האָט אינצווישן באַקומען דעם לאָרדן־טיטל און ער איז דאַן גע־ווען דער ערשטער לאָרד פון דער אַדמיראַליטעט. וויַיצמאַן האָט זיך אַביסל גע־קווענקלט אַריינצוגיין, ווי ער דערציילט אַליין אין אַ רעדע, וואָס ער האָט גע־האַלטן אין נאָוועמבער 1929. אָבער ווען ער איז נאָר אַריבער די שוועל פון באַל־פורס צימער, האָט באַלפור זיך צו אים געווענדעט מיט די דאָזיקע ווערטער: „איר ווייסט דאָך, ד"ר וויַיצמאַן, ווען די פאַרבינדעטע וועלן געווינען די מלחמה, קענט איר אפשר באַקומען אייער ירושלים".

וויַיצמאַן באַצייכנט דאָס אין זיין רעדע אַלס „היסטאָרישן פאַקט". ער וויל דערמיט באַווייזן, אַז די פּאָליטיק, וועמעס רעזולטאַט ס'איז געווען די באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט בלויזער קריגס־פּראָפּאַ־גאַנדע און זי איז אויך נישט קיין מיטל פאַר די קריגס־נויטן אין אַ שווערן מאָמענט.

דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז די באַלפור־דעקלאַראַציע איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ מאָראַלישער דערקענטעניש און אַן אַקט פון היסטאָרישער גערעכטיקייט, זאַכן, וועלכע קענען צומאָל שפּילן אַ ראָל אַפילו אין דער רעאַליס־טישער פּאָליטיק פון דער בריטישער אימפּעריע.

וויַיצמאַנס ראָל ביי דער דערגרייכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז באַקאַנט און דאָס וועט פאַרבלייבן זיין היסטאָרישער פאַרדינסט. אָבער וויַיצמאַן אַליין אַנערקענט די פאַרשידענע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן מיטגעווירקט אויף דער ענגלישער רעגירונג פון יענער צייט, אַז זי זאָל אַרויסגעבן די דעקלאַראַציע און נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסע היסטאָרישע אחריות. נעבן די אידעאַליסטישע מאָ־ראַלישע פאַקטאָרן האָבן זיכער מיטגעווירקט רעאַלע אוטיליטאַרע מאָמענטן פאַר דער בריטישער אימפּעריאַלער פּאָליטיק. דער לעצטער פּונקט איז אייגנטלעך דער וויכטיקסטער פאַר דער פּאָליטישער לעבנס-פעאיקייט פונעם ציוניזם און פון דער ייִדיש-נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל. אָבער אַ וויכטיקער פאַקטאָר פאַר דער דערגרייכונג פון דער היסטאָרישער דעקלאַראַציע איז אויך געווען דער אומ־שטאַנד, וואָס אין דעצעמבער 1916 איז לויד דזשאָרדזש געוואָרן פּרעמיער־מי־ניסטער און אַרטור באַלפור זיין אויסערן־מיניסטער און וואָס ביידע האָבן שוין פון פריער נאָך פון הערצלס צייטן געהאַט סימפּאַטיעס פאַרן ציוניזם.

וויַיצמאַן האָט אָנגעהויבן זיינע פּאָליטישע באַמיאונגען מיט אַ צייט פריער. אין אָקטאָבער 1916, נאָך פאַר דער צייט פון דער רעגירונג פון אַסקוויט און פון זיין אויסערן־מיניסטער גרעי, האָט וויַיצמאַן דערלאַנגט דער ענגלישער רעגירונג אַ מעמאָראַנדום מיט די ציוניסטישע פּאָליטישע פאָדערונגען. איינע פון די פּרינ־ציפּיעלע פאָדערונגען פון דעם מעמאָראַנדום איז געווען, אַז די ייִדן פון דער

גאנצער וועלט זאָלן ווערן אָנערקענט אַלס אַ נאַציאָנאַלע איינהייט. די פאָדע־רונג פון אַ „טשאַרטער־קאָמפּאַני" פאַר דער קאָלאָניזירונג פון ארץ ישראל איז אפשר געווען ווייניקער ווי דאָס, וואָס עס האָט אונדז שפּעטער פּאָליטיש גע־געבן די באַלפור־דעקלאַראַציע.

דעם מעמאָראַנדום האָט ווייצמאַן אויסגעאַרבעט נישט אָן דער באַראַטונג מיט די אַנדערע פירנדע פּערזענלעכקייטן אינעם ציוניזם און אין ענגלישן יידנ־טום. דאָ איז כדאי אונטערצושטרייכן דעם פאַקט, אַז אחד־העם, דער קולטור־ציוניסט, וועלכער האָט געמאַכט אַזוי פיל אָפּאָזיציע קעגן הערצלס פּאָליטישן ציוניזם, האָט איצט געשטאַרקט ווייצמאַנען און אים צוגערעדט צו פאָדערן וואָס מער. אָבער עס זענען געווען אַנדערע יידן, וועלכע זענען תמיד גרייט צו מאַכן די זאַך אַ סך „ביליקער". אַזאַ איינער איז געווען דער באַוווסטער לוסיען וואָלף, דער פּרעזידענט פון דעם פאַראייניקטן אויסערן־קאָמיטעט פון דעם ועד הקהילות (דזשאָינט פאָרעין קאָמיטי אָוו דהי באָרד אָוו דעפּיוטים). וואָלף האָט אָן דעם וויסן פון די ציוניסטן, דעם 3־טן מערץ 1916, אַריינגעטראָגן אַ מעמאָראַנדום צו דער ענגלישער רעגירונג, אין וועלכן עס האָט זיך גערעדט נאָר וועגן רעכט פון אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל. קיין נאַציאָנאַלע רעכט האָט וואָלף נישט געפאָדערט, נאָר פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג. די ענגלישע רע־גירונג פון אַסקוויט און גרעי האָט דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום פאָרגעלייגט די אַליאירטע רעגירונגען.

דאָס הייסט, אַז די ציוניסטן מיט ווייצמאַנען בראש האָבן געוווסט, אַז זיי האָבן קעגן זיך אַ גענוג שטאַרקע קעגנערשאַפט מצד אייננפּלוסרייכע ענגלישע יידן. די דאָזיקע יידן האָבן פּשוט מורא געהאַט, אַז זייער לאַגע אַלס ענגלישע בירגער וועט זיך פאַרערגערן, אויב עס וועלן דערגרייכט ווערן די פּאָליטישע צילן פונעם ציוניזם. וואָלף איז געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון די דאָזיקע ענגלישע יידן.

אינעם פראַנצויזישן יידנטום איז די אָפּאָזיציע קעגן דעם ציוניזם געווען נאָך שאַרפער און נחום סאָקאָלאָוו האָט געהאַט אַ שווערע אַרבעט ביי זיינע פאַר־האַנדלונגען מיט די פראַנצויזישע רעגירונגס־מענער. די דאָזיקע קעגנערשאַפט מצד איינפלוסרייכע יידן אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך האָט נישט ווייניק געווירקט אויף דער רעדאַקציע פונעם דאָקומענט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

און אויך נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָבן די שונאים פון ציוניזם נישט גערוט און זיי האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין שום מיטלען, אפילו פון נישט קאָרעקטע און אומאָרנטלעכע, צו שטערן דער דער־גרייכונג פון די יידישע צילן אין ארץ ישראל.

אַזאַ קעגנער איז געווען למשל דער פראַנצויזישער ייד סילוואַן לעווי, וועל־כער איז געלאַדן געוואָרן אַלס פאָרשטייער פון פראַנצויזישן יידנטום צו קומען

צו דער זיצונג פון דער פרידנס־קאנפערענץ גלייכצייטיק מיט דער ציוניסטישער רעפרעזענטאנץ.

אט ווי ווייצמאן אליין שילדערט דעם אויפטריט פון סילוואן לעווי:

„קודם־כל האט ער געלויבט דעם ציוניזם ביז אין הימל אריין, כדי דערנאך אונדז וואס טיפער אראפצוווארפן. ער האט געשילדערט די אנטוויקלונג פון ארץ ישראל, די אויסשפרייטונג פון דער העברעאישער שפראך, די ארבעט פון די חובבי־ציון, פון דער אליאנס (כי"ח) און פון ראטשילדן. ער האט מודה געווען, אז דער ציוניזם האט געהויבן די מאראל פון די יידישע מאסן, אבער אין דער פארווירקלעכונג פון ציוניזם זעט ער א סכנה, ערשטנס איז ארץ ישראל א קליין ארעם לאנד, זיין אנטוויקלונג איז צו שווער, און די יידן וועלן דאס נישט קענען באזיצן. צווייטנס זענען די יידן, וואס וועלן גיין קיין ארץ ישראל, די רוסישע יידן, פון א בייזן („עקספלאסיוון") כאראקטער".

אט אזוי האט דער רעפרעזענטאנט פון פראנצויזישן יידנטום געלייגט שטיינער אונטער די רעדער פון יידישן פאלק צו זיין לאנד.

ווייצמאן באמערקט אין זיין באריכט וועגן דער דאזיקער רעדע: „ווען ער האט געענדיקט, האבן מיר זיך געפילט שטארק דערדריקט. אמת, ער האט נישט געמאכט קיין איינדרוק אויף דער קאנפערענץ, אבער ס'איז געווען א גרויסער חילול השם".

וואס האט מען געקענט טאן צו אזא רעדע? ענטפערן? איז געווען אונטער דער ווירדע פון דער ציוניסטישער דעלעגאציע. חוץ דעם וואלט דאס געווען ארויסגערופן א דיסקוסיע. דאס האט די ציוניסטישע רעפרעזענטאנץ געוואלט פארמיידן אבער דא, שרייבט ווייצמאן, איז פלוצים געשען א נס: דער נארד־אמעריקאנער רעפרעזענטאנט, מר. לענסינג, וועלכער האט בעת לעווים רעדע זיך אוועקגערוקט וואס אמאל מער אין א זייט, האט, נאכדעם ווי לעווי האט געענדיקט א פראגע געטאן ווייצמאנען, וואס די ציוניסטן פארשטייען אונטער א „יידישע נאציאנאלע היים". ווייצמאן האט אים אויף דעם געענטפערט: „אונטער דעם ווארט א „יידישע נאציאנאלע היים" פארשטייען מיר די שאפונג פון אזעלכע באדינגונגען אין ארץ ישראל, וועלכע זאלן דערמעגלעכן צו באזעצן אין לאנד יערלעך 50 ביז 60 טויזנט יידן, אונדזערע אינסטיטוציעס, אונדזערע שולן און די העברעאישע שפראך צו אנטוויקלען און לסוף צו שאפן אזעלכע באדינגונגען, אז ארץ ישראל זאל זיין אזוי יידיש ווי אמעריקע איז אמעריקאניש און ענגלאנד ענגליש". מיט דעם דאזיקן ענטפער איז נישט בלויז מר. לענסינג געווען צופרידן, נאר אויך באלפור און אויך די רעפרעזענטאנטן פון איטאליע.

— ז. —

אט אזוי האט ווייצמאן דער פראקטיקער, וועלכער האט ביז 1916 נישט גע־האט קיין שום אנטייל אין דער ציוניסטישער אויסערן־פאליטיק, רעאליזירט, נאך

הערצלען, די גרעסטע פּאָליטישע טאַט פונעם ציוניזם: ער האָט דורך דער באַלפור־דעקלאַראַציע דערגרייכט צו שאַפן די פּאָליטישע און רעכטלעכע באַדינגונגען פאַר דער פּראַקטישער אויפבוי־אַרבעט פונעם ציוניזם. דעם דאָזיקן היסטאָרישן דערפאָלג האָט ווייצמאַן דערגרייכט אין קאַמף קעגן שוואַכמוטיקייט, אינטריגעס און פּיינטשאַפטן און פּאַראַט פון אינעווייניק און קעגן מעכטיקע שונאים פון דרויסן, וועלכע האָבן געהאַט געגנוג מיטלען און געגנוג כוחות צו סאַבאָטירן די גרויסע פּאָליטישע דערגרייכונג פאַרן יידישן פאָלק. אינעווייניק אָבער, אינעם יידישן פאָלק און אויך אינעם ישוב אין ארץ ישראל, האָבן דעמאָלט געפעלט די כוחות, וועלכע זאָלן שטיצן און דערהאַלטן דאָס דערגרייכטע. דערפאַר אָבער, האָבן, ווי געוועלנלעך ביי אונדז, נישט געפעלט קיין קריטיקער, וועלכע אַנשטאָט צו אַנערקענען דאָס דערגרייכטע, האָבן זיי קריטיקירט די לאָנדאָנער לייטונג און באַזונדערס ווייצמאַנען פאַרוואָס זיי האָבן אַזוי ווייניק, לויט דער מיינונג פון די קריטיקער, דערגרייכט. די באַלפור־דעקלאַראַציע איז פאַר די דאָזיקע קריטיקער געווען צו ווייניק און האָט, לויט זייער מיינונג, נישט פאַרדינט קיין אָנערקענונג. אַקעגן דער דאָזיקער קליינלעכער און אומבאַרעכטיקטער קריטיק אויף דער ציוניסטישער יערלעכער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן (פעברואַר 1920) האָט ווייצמאַן אויסגערופן אַ פאַרביטערטער: „יידיש פאָלק, וואָס האָסטו געטון?״

די גויים אָבער האָבן דאָס דערגרייכטע אַנדערש אָפּגעשאַצט. לאָיד דזשאָרזש האָט אין סאַן רעמאָ זיך געווענדעט צו די יידן: „מיר האָבן אייך אַ שטאַט געגעבן, אַצינד הענגט עס פון אייך אָפּ, צו דערפילן די דערוואַרטונגען, וואָס מיר האָבן מיט דעם פאַרבונדן״.

און אויף אַ מאַסן־מיטינג אין לאָנדאָן, אין יולי 1920, האָט לאָרד באַלפור אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז עס וועט זיך די יידן איינגעבן בייצוקומען די מניעות, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן דורכפירן פון דער גרויסער אויפגאַבע (פון אויפבוי פון דער נאַציאָנאַלער היים). דאָס וויכטיקסטע איז צו דערהאַלטן דעם ציוניסטישן אידעאַליזם — האָט באַלפור דערמאָנט — און אַז די איינצלנע פאַרטייען זאָלן נישט שטעלן זייער פאַרטיי־דאָגמאַטיק העכער איבער די אינטערעסן פונעם ציוניזם.

ווען ווייצמאַנען אַלס רעפּרעזענטאַנט פונעם יידישן פאָלק כלפּי דער ענגלישער רעגירונג וועט זיין אַמבעסטן איבערצייגעבן אַן אָפּשאַצונג פון אַן ענגליש בלאַט. ווען ווייצמאַן איז אין יאָר 1929 צוריקגעטראָטן פון דער ציוניסטישער לייטונג, האָט דאַן געשריבן דאָס ענגלישע וואָכנבלאַט „דהי עקאָנאָמיסט״ פאָלגענדעס:

„זיין פּערזענלעכקייט באַזיצט אַ חן און אַ צוציאונגס־קראַפט, וועלכע מוז מאַכן אַן איינדרוק אויף יעדן, וואָס האָט וועז עס איז געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו קומען מיט אים אין קאָנטאַקט. די קאָמבינאַציע פון שטאַטסמענישן רעאַליזם און פון דיכטערישער פאַנטאַזיע מאַכט אים אויף אַ באַזונדערן אופן דערצו מסוגל, צו שפּילן די ראָלע פון אַ פאַרמיטלער צווישן דער בריטישער רעגירונג און זיין אייגן פאָלק״.

# וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי

עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער נאָמען פון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי וועט זיין אינגאַנצן אָוועקגערוקט פון דער טאָג־פּאָליטיק, און ווען ער וועט געהערן אינגאַנצן דער יידישער געשיכטע. דאַן וועלן אַלע ציוניסטן, ווי אַלע יידן בכלל אָפּגעבן כבוד דעם אָנדענק פון דעם דאָזיקן גלענצנדיקן שרייבער און פייערדיקן קעמפער, ווי איינעם וואָס איז געפאַלן אין קאַמף. עס וועט דאַן אפשר אויך פּאַר־קומען, אַז די היינטיקע חסידים פון זשאַבאָטינסקין, וועלכע, ווי געוועגלעך חסי־דים, באַנעמען נאָר אַ געוויסע אויסערע התנהגות פון זייער רבין, נישט דערגרונ־טעוונדיק זיך צו די טיפענישן פון געדאַנק, וועלן מיט דער צייט דאָך לערנען פאַרשטיין, אַז די גרויסקייט אין זשאַבאָטינסקין איז זיין ציוניזם, אַז פאַרן ציו־ניזם האָט ער געלעבט און פאַרן ציוניזם איז ער געשטאָרבן און פאַרן ציוניזם איז ער באַגאַנגען זיינע טראַגישע טעותן. ווען עס וועט קומען די דאָזיקע צייט, — און איך מיין, אַז זי וואָלט שוין געקאָנט זיין — ווען זשאַבאָטינסקיס נאָמען וועט אַוועקגערוקט ווערן פון שטח פון די פּאַרטיי־קאַמפן, וועלן די, וואָס זענען געוועזן די קעגנער פון זשאַבאָטינסקיס פּאָליטישע מעטאָדן ביי זיין לעבן, פייערן זיין אָנדענק צוזאַמען מיט זיינע חסידים, און די ווידער, וועלן אָפּגעבן כבוד דעם אָנדענק פון חיים אַרלאָזאָראָוו, פון בערל קאַצענעלסאָן און פון אַנדערע „גרויסע אין ציון", פון וועלכע זיי האָבן זיך פריער אַזוי ליידנשאַפטלעך אָפּגע־ווענדט. אין דער גרויסער גאַלעריע פון די „טרוימער און קעמפער" פון ציוניזם וועלן דאַן אַלע האָבן זייער פּלאַץ אין דער אייביקייט אַלס די מאָנער און וועקער און קעמפער פאַר יידישער דערלייזונג.

וולאַדימיר זשאַבאָטינסקיס נאָמען וואָלט שוין היינט געקענט באַפרייט ווערן פון די פּאַרטיי־קייטן, אין וועלכע זיינע חסידים האַלטן אים נאָך אַלץ איינגע־בונדן. איבער זשאַבאָטינסקיס פּאָליטישע טעותים איז די צייט שוין אריבער און זי האָט שוין אַלץ אויסגעגלייכט. זיין עצם־געדאַנק אָבער איז געווען דער ציו־ניסטישער געדאַנק, הערצלס ציוניסטישער געדאַנק, וועלכן זשאַבאָטינסקי האָט נאָר צו געגעבן זיין פּערזענלעכע נאָטע.

די דאָזיקע פּערזענלעכע נאָטע ווערט פון קיינעם נישט געלייקנט. זשאַבאָ־טינסקי איז געווען אַ פּובליציסט פון אַ הויכן פּערזענלעכן סטיל, אַ גלענצנדער

רעדנער, אזוי אז דער ציוניזם האָט געמוזט עפּעס באַקומען פון זיין פּערזענ־לעכקייט. צי איז ער אויך געווען אזוי גרויס אַלס פּאָליטיקער ווי אַלס שרייבער און רעדנער? פּאָליטיקער און שטאַטסמענער ווערן פונקט ווי גענעראַלן, גע־מאָסטן און אָפּגעשאַצט לויט זייערע דערפאָלגן. און דערפאָלגן זענען, נישט בלויז אויפן שלאַכטפעלד, נאָר אויך אין דער פּאָליטיק, אָפט אָפּהענגיק פון צופאַלן. כאָטש א גוטער גענעראַל דאַרף קענען אויסרעכענען די צופאַלן, און שפּילן אזוי, אז ער זאָל האָבן די גינסטיקע צופאַלן.

וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי האָט געהאַט דעם פּאָר א פּאָליטיקער אפשר שעד־לעכן טאַלאַנט פון א בריליאַנטענעם שריפטשטעלער, וועלכער קאָן צומאָל שרייבן שיין אפילו פון נישט קיין שיינער זאַך. דאָס איז געווען למשל זשאַבאָטינסקיס קאַמף קעגן די אַרבעטער אינעם ציוניזם, קעגן דער הסתדרות. דאָס איז געווען זיין באַרימט געוואָרענער אַרטיקל „יאָ, ברעכן". דאָס איז געווען זשאַבאָטינסקיס א טראַגישער טעות. קעגן דעם ברעכן די „הסתדרות" און קעגן ברעכן שטרייקן זענען אַרויסגעטראָטן אפילו אַזעלכע קאָנסערוואַטיווע ציוניסטן ווי דער ראַבי־נער ד"ר יהושיע טאָן פון קראָקע. און דער רעזולטאַט: מען האָט די אַרבעטער אינעם ציוניזם נישט געקענט ברעכן — נישט אפילו איינברעכן. די „הסתדרות" איז, אפשר אויך אַדאַנק דעם דאָזיקן רוף, זי צו ברעכן, געוואָרן געשטאַרקט און וואָס אַמאָל מער געשטאַרקט. דער רוף זי צו ברעכן האָט אויך גוואַלדיק גע־שטאַרקט איר מאָראַלישע פּאָזיציע.

היינט רעדן מיר וועגן די דאָזיקע זאַכן אָן א וועלכער נישט איז איבער־בלייבעניש פון האַס אָדער פון בייזקייט. די צייט האָט אַלץ אויסגעגלייכט און פאַרהיילט. און אויב ס'איז פאַראַן א ציוניסטישער הימל, דאַן זיצן דאָרט אוודאי וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, חיים אַרלאָזאָראָוו און בערל קאַצענעלסאָן און רעדן בנעימות וועגן „אַמאָליקע נאַרישקייטן" און כביכול שמייכלט זיי צו מיט צו־פרידנקייט.

אזוי דאַרף מען היינט אויך קוקן אויף די אַנדערע היסטאָרישע טעותים פון זשאַבאָטינסקין, דאָס צערייסן די דעלעגאַטן־קאַרטע אויף דעם ציוניסטישן קאָנ־גרעס, זיין אַרויסטריט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און זיין גרינדן די „נייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע". דאָס זע:ען געווען פאַרפעלטע שריט פון אַן אימפּולסיוון מענטשן אין אַן אויפגערעגטער צייט. אָבער אויך דאָס האָט די צייט שוין אויסגעגלייכט. און די צייט וועט ביסלעכווייז היילן די וווּנדן וואָס די דאָזיקע טעותים האָבן גורם געווען.

***

די פראַגע פון דער „עוואַקואַציע":

אויך אין דער פראַגע וועגן דער „עוואַקואַציע" גייט נאָך אַלץ אָן דער קאַמף פון די מיינונגען, — אָדער ריכטיקער א קאַמף פון די פּאַרטייען. און ווי

געווענלעך ביי פּאַרטייען, ווערן די אידייען אין קאַמף פאַרדרייט און פאַרקרומט, אָבער דער אמת בלייבט אין דרויסן — פון דערוווייטנס.

עס זענען פאַראַן סתם קעגנער פון דעם בלויזן וואָרט „עוואַקואַציע", אויסנוצנדיק די דאָזיקע קעגנערשאַפט ספּעציעל קעגן זשאַבאָטינסקין. דאַרף מען דאָ דערמאָנען, אַז נישט זשאַבאָטינסקי איז געווען דער אויטאָר פון דער עוואַקואַציע־אידייע. געווען איז דאָס פריער, פאַר זשאַבאָטינסקין, ד"ר טעאָדאָר הערצל. דער „יידנשטאַט" פון ד"ר טעאָדאָר הערצל איז אייגנטלעך אַ גרויסער עוואַקואַציע־פּלאַן, אַ פּלאַן צו עוואַקואירן די יידן פון אייראָפּע. דער דאָזיקער פּלאַן איז פון הערצלען אָנגעצייכנט געוואָרן מיט אַלע פּרטים. דאָס הייסט, אַז ציוניסטן, וועלכע רעדן מיט ביטול וועגן דער „עוואַקואַציע"־אידייע, טרעטן אַרויס מער קעגן הערצלען ווי קעגן זשאַבאָטינסקין.

אָבער די, וועלכע נוצן־אויס זשאַבאָטינסקיס עוואַקואַציע־לאָזונג אין דעם פּאַרטיי־קאַמף קעגן אַנדערע ציוניסטן, באַגייען נאָך אַ גרעסערע עוולה, ווייל זיי דערווייטערן זיך אַזוי פונעם אמת.

געווענלעך קומען די דאָזיקע פּאַרשפּעקטיקמע פּאַרטיידיקער פון דער עוואַקואַציע מיט אַזעלכע טענות: זשאַבאָטינסקי האָט פאַראויסגעזען די יידישע טראַגעדיע און געוואָרנט צו עוואַקואירן די יידן פון פּוילן אָבער די אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן געשטערט. דורך דער עוואַקואַציע וואָלט מען געווען געקענט ראַטעווען די יידן, — און דאָ קומט דער אויספיר, אַז דורך זייער צונישטמאַכן דעם עוואַקואַציע־פּלאַן זענען די ציוניסטישע פּאַרטייען שולדיק אין דער אויסראָטונג פון די יידן אין פּוילן.

פאַר מענטשן, וועלכע האָבן נישט די טבע צו דענקען, איז דער באַשולדיקונגס־אַקט קלאָר און באַוויזן. אָבער מען דאַרף נישט זיין קיין גאָר טיפער פילאָזאָף כדי צו זען ווי דער גאַנצער באַשולדיקונגס־אַקט שטיצט זיך אויף אַ רוישטאָוואַניע פון שפּינוועבעכץ.

וואָס הייסט דאָס די ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן געשטערט דעם עוואַקואַציע־פּלאַן? איז דאָס מעגלעך, אַז ציוניסטן און סתם יידן וועלכע האָבן זיך ממש געשלאָגן פאַר יעדן סערטיפיקאַט צו קענען אויסוואַנדערן קיין ארץ ישראל, זאָלן נאָר שטערן אַ ברייטן עוואַקואַציע־פּלאַן, וואָס וואָלט זיי מיט איין מאָל געווען באַפרייט פון גלות פּוילן?

איז, פאַרשטייט זיך די גאַנצע מעשה מיט דער עוואַקואַציע געווען אַ גאַנץ אַנדערע. דער אמת איז, אַז ס'איז דאָן נישט געווען אַזאַ פּאַרטיקער עוואַקואַציע־פּלאַן, וואָס מען האָט נאָר באַדאַרפט איינפּאַקן די טשעמאָדאַנעס און אוועקפאָרן. אַזאַ פּלאַן און אַזעלכע מעגלעכקייטן וואָלטן נישט די ציוניסטן און נישט די אַנדערע יידן אין פּוילן נישט געווען געשטערט.

דער אמת איז, אַז ס'איז דאָן נישט געווען קיין קאָנקרעטער עוואַקואַציע־פּלאַן מיט עוואַקואַציע מעגלעכקייטן — מען האָט נאָר ג ע ר ע ד ט וועגן

„עוואקואירן די יידן פון פוילן". וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי איז דעמאָלט, אין סעפּטעמבער 1936, געקומען קיין וואַרשע מיט אַ טעאָרעטישן פּלאַן וועגן עוואַקואירן אַנדערטהאַלבן מיליאָן יידן פון פוילן אין משך פון צען יאָר — צו 150 טויזנט אַ יאָר. פאַר דעם דאָזיקן טעאָרעטישן פּלאַן האָט ער געוואָלט באַקומען די שטיצע פון דער פּוילישער רעגירונג און פון דער פּוילישער געזעלשאַפט. די פּוילישע רעגירונג — די רעגירונג פון די פּאָלקאָווניקעס און פון דעם דאָזיקן פּאָלקאָווניק בעק, וועלכער האָט זיך געלאָזט ווי אַ חדר־יינגל אָפּנאַרן פון גערינגן און פון די אַנדערע נאַציס — דער דאָזיקער בעק האָט דאָס באַדאַרפט אויספּועלן ביי די ענגלענדער דעם הסכם אַריינצולאָזן אַנדערטהאַלבן מיליאָן יידן קיין ארץ ישראל אין משך פון צען יאָר. די אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען און די פּוילישע יידן בכלל האָבן נישט געזען אין דעם עוואַקואַציע־פּלאַן קיין שום רעאַלן אינהאַלט. און טאַקע, ווייל דעם פּלאַן האָט געפעלט יעטוועדער רעאַלער אינהאַלט, האָבן די פּוילישע יידן געזען אין אים אַ געפערלעכן אינסטרומענט פאַר דער אַנטיסעמיטישער העצע אין פוילן, ווו פּאָליטישע דילעטאַנטן האָבן זיך דאַן פאַרנומען מיטן „פּלאַן" צו עוואַקואירן די יידן קיין מאַדאַגאַסקאַר.

זשאַבאָטינסקיס עוואַקואַציע־פּלאַן פון 1936 דאַרף אַריינגערעכנט ווערן צווישן זיינע טראַגישע פּאָליטישע טעותים. די עוואַקואַציע־לאָזונג האָט דעמאָלט שיער נישט צעבראָכן די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי אין פוילן. די פּוילישע יידן זענען געווען מוראדיק אויפגעבראַכט צוליב דעם דאָזיקן „פּלאַן", און די דאָזיקע אויפרעגונג האָט זיך דאַן אויסגעדריקט אויף אַזאַ אופן, אַז ביי די קהילה־וואַלן אין וואַרשע האָבן די רעוויזיאָניסטן באַקומען די קלענסטע צאָל שטימען, אפילו פון די סאַמע קלענסטע צופעליקע וואַל־פּאַרטייען. שלום אַש, וועלכער איז דאַן געקומען קיין וואַרשע כמעט דעם זעלבן טאָג וואָס זשאַבאָטינסקי, איז דאַן אַרויס מיט אַ שאַרפן אַרטיקל קעגן דעם שפּילן זיך מיט פייער פון דער עוואַקואַציע־פּראָפּאַגאַנדע אין דער אַנטיסעמיטישער פּוילישער אַטמאָספער.

דער דאָזיקער ענין געהערט, ווי געזאָגט, צו זשאַבאָטינסקיס טעותים, צוליב וועלכן מען טאָר נישט פאַרגעסן זיין פּאָזיטיוון פּאָליטישן געדאַנק, וועלכן ער האָט אויסגעדריקט אין זיין לעצטן בוך וואָס ער האָט אָנגעשריבן עטלעכע מאָנאַט פאַרן טויט, דאָס בוך „די מלחמה און דאָס יידישע פאָלק".

***

דער אַנטיסעמיטיזם פון די „מענטשן" און פון די „זאַכן":

ווי די אַנדערע ציוניסטישע דענקער איז אויך וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי געווען אַ שאַרפער דיאַגנאָסטיקער פון דער אַלטער און געפערלעכער סאָציאַלער קרענק, וואָס רופט זיך די יידן־פראַגע. לעאָן פּינסקער איז געווען אפשר דער שאַרפסטער דיאַגנאָסטיקער פון דער דאָזיקער הולאת, וועלכע ער האָט באַטראַכט

ביז דעם טיפסטן גרונט. אין אַ מאָמענט פון „רו" נאָך די פּאָגראָמען פון 1-1880 האָט ער זיין אויספירלעכן דיאַגנאָז צוזאַמענגענומען אין עטלעכע קורצע זאַצן:

די יידן ווערן אומעטום באַטראַכט אַלס פרעמדע, דערפאַר ווערן זיי פאַראַכטעט.

די בירגערלעכע און פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג אי נישט גענוג אויף צו דערהייבן די יידן אין דער אַכטונג פון די פעלקער.

דאָס איינציקע מיטל איז: די זעלבסט־באַפרייאונג פון די יידן אַלס פאָלק אין אַן אייגן לאַנד.

דאָס זענען נאָר עטלעכע קורצע זאַצן פון דעם לאַנגן און זייער אויפירלעכן דיאַגנאָז וואָס עס בילדעט פינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציע".

טעאָדאָר הערצל האָט נישט אַזוי דראַסטיש באַשריבן די „קרענק" ווי דער מעדיצינער פינסקער. אָבער אויך הערצל האָט (שוין אין 1895!) זיך צוגעהערט צום אַנטיסעמיטישן געשריי אין בערלין: „יידן אַרויס!" און ער פרעגט (שוין אין 1895!) מוזן מיר שוין „אַרויס", איז וווהין? אָדער, פרעגט ער, קענען מיר אפשר נאָך בלייבן? איז, ווי לאַנג? און אין זיין טיפן אַנאַליז פון דער יידישער לאַגע צווישן די פעלקער, האָט הערצל שוין פאָראויסגעזען די לייזונגען וואָס די גרויסע „פּראָגרעסיווע" חכמים לייגן היינט פאָר: מען זאָל עפענען די גרענעצן פון אַלע לענדער פאַר די יידן און אַפילו „אויך פּאַלעסטינע". איז, ערשטנס הערן זיך די רעגירונגען גאָרנישט צו צו דער שטים פון אונדזערע „פּראָגרעסיווע" לייט. די גרענעצן בלייבן וואָס אַמאָל פעסטער פאַרשלאָסן פאַר יידן. הערצל האָט אָבער מיט פופציק יאָר צוריק געוואָרנט קעגן „דער דאָזיקער באַבסקער רפואה" פון פאַרשפרייטן די יידן איבער אַלע לענדער און איבער אַלע ימים. וואָרום, פאַר־וואָס אַנטלויפן יידן פון די אַלטע לענדער? זיי אַנטלויפן פאַר אַנטיסעמיטישע רדיפות. אָבער נאָך איידער זיי האָבן זיך רעכט איינגעאָרדנט אין די נייע לענ־דער, באַגעגענען זיי דאָ דעם זעלבן, אָדער נאָך אַ שאַרפערן אַנטיסעמיטיזם.

הערצל איז דעריבער, פונקט ווי מיט 14 יאָר פריער פינסקער, (פון וועמען ער האָט נישט געוווסט) געקומען צו דער זעלבער לייזונג וואָס פינסקער: מיר זענען איין פאָלק, און נאָר ווען מיר וועלן זיך קאָנסטיטואירן אַלס אַ פאָלק אויף אַן אייגענעם באָדן, וועלן מיר באַפרייען זיך און די וועלט פון דער מכה פון אַנ־טיסעמיטיזם. אָבער אַ נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ אין אַן אייגן לאַנד, לעבנדיק אַלס צעשפּרייטע מינדערהייט צווישן די פעלקער, וועלן מיר שטענדיק אַרויסרופן צו זיך חשדים און די קנאה־שנאה פון די פעלקער, און אַלס רעזולטאַט דערפון, וועלן מיר שטענדיק באַדראָט ווערן פון דער דאָזיקער שנאה און פון פאַרשידענע רדיפות.

זשאַבאָטינסקי האָט געהאַט די זכיה אָפּצוזאָגן פון דער וועלט פאַר דער מוראדיקער תוכחה פון היטלערס „אויסראָטונג". זשאַבאָטינסקי איז געשטאָרבן דעם 3־טן אויגוסט 1940, כמעט עלף מאָנאַטן פאַר היטלערס איבערפאַל אויף

רוסלאַנד, ווען דער „אויסראָטונגס"־פּראָגראַם האָט ערשט באַקומען זיין ריכטיקן אָנפאַנג. אָבער אויך אין דעם קאַרגן מלחמה־יאָר וואָס זשאַבאָטינסקי האָט איבערגעלעבט, פאַר דער צייט פון 1־טן סעפּטעמבער ביזן 3־טן אויגוסט 1940, האָבן די דייטשן מיט אַ טייל פון זייערע שותפים באַגאַנגען גענוג רציחות קעגן יידן, גענוג אומשולדיק יידיש בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן, אַז דאָס זאָל אָנפילן מיט טיפער זאָרג יעדן יידישן מענטשן — באַזונדערס ווען מען האָט געזען ווי גלייכגילטיק אייראָפּע, מיט אירע אינטעלעקטואַלן און אַנדערע מאָראַלישע כוחות קוקט זיך צו צו דעם קאַלטן מאַסן־מאָרד פון יידישע מענטשן. דעמאָלט, אינעם ערשטן מלחמה־יאָר, איז נאָך אפשר ניט געווען דער פּלאַן פון אַ פולשטענדקער אויסראָטונג פון אַלע יידן, אָבער מען האָט שוין אַרויסגעטריבן גאַנצע יידישע ישובים פון די שטעטלעך, טעלעכע הונדערט אָדער טעלעכע טויזנט יידן, וועלכע די דייטשע רוצחים פּלעגן אַרויסטרייבן אויף אַ פעלד און זיי אויסהרגענען. דאָס הייסט, אַז יידן זענען שוין דעמאָלט, אינעם ערשטן מלחמה־יאָר, געווען רעכטלאָז, הפקר, מען האָט געמעגט יידן הרגענען, איינצלנע אָדער אין מאַסן און מען האָט צוליב דעם קיינעם נישט באַשטראָפט, קיינער אפילו קיין פּראָצעס נישט געמאַכט. און אייראָפּע, גאַנץ אייראָפּע, פון דער קאָנסערוואַטיוו־דעמאָקראַטישער ענגלאַנד ביז צו דער קאָמוניסטישער רוסלאַנד האָבן דערצו געשוויגן. די שטאַטסמענער, באַזונדערס פון גרויס־בריטאַניע און פון נאָרד־אַמעריקע פּלעגן דאַן פאַרדאַמען די דייטשע גרויזאַמקייטן און זיי האָבן דערביי אויסגערעכנט די אַלע פעלקער וועלכע האָבן געליטן די גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען, נאָר די יידן פלעגן זיי פאַרשווייגן.

דאָס דאָזיקע פאַרשווייגן פון די יידישע ליידן האָט זשאַבאָטינסקין נאָך מער אויפגעטרייסלט כמעט ווי די באַגאַנגענע רציחות. זשאַבאָטינסקי וויל נישט חלילה חושד זיין אין אומגערעכטיקייט די „הומאַניטאַרע רעגירונגס־מענער, וועלכע וויינען איבער די ליידן פון אַלע פעלקער נאָר וועגן די מוראדיקע ליידן פון די יידן שווייגן זיי. אָבער אין זיין בוך „דאָס יידישע פאָלק און די מלחמה" ברענגט ער אַלס אַ ביישפּיל צוויי פּראָמינענטע ליבעראַלע ענגלענדער. סער וואָלטער לייטאָן, וועלכער האָט אין אַ בוך וועגן די „קריגס־צילן פון די אַליאירטע" באַטראַכט דעם אופן ווי דייטשלאַנד באַהאַנדלט די יידן אַלס אַן „אינטערנאַציאָנאַלע אומבאַקוועמלעכקייט", וואָרום דורך די נאַצישע רדיפות אויף די יידן איז „געשאַפן געוואָרן פאַר די אַנדערע לענדער אַ פליכטלינגען־פּראָבלעם אין אַזאַ מאָס וואָס איז ביז איצט געווען אומבאַקאַנט אין דער געשיכטע". און זשאַבאָטינסקי פירט דאָ אויס סער וואַלטערס געדאַנק, אַז ווען די נאַצים וואָלטן געווען אָנגעווענדט פּרעהם מעטאָד און וואָלטן נישט געווען דערלויבט די יידן צו אַנטלויפן אין אַנדערע לענדער, וואָלט ער, דער ענגלישער ליבעראַל, נישט געווען געהאַט וואָס צו באַקלאָגן זיך אויף די דייטשן. און אַז די דאָזיקע השערה פון זשאַבאָטינסקין איז געווען אַ ריכטיקע באַווייזט אונדז די ווירקלעכקייט פון

היינט. די ענגלישע דעמאָקראַטן פון אַלע מינים זענען צופרידן מיט דער צווייטער סטאַדיע פון היטלערס „לייזונג פון דער יידנפראַגע", ווען ער האָט שוין נישט געלאָזט קיין יידן אַנטלויפן אין „אַנדערע לענדער", נאָר ער האָט זיי אויסגעמאָרדעט וויפל ער האָט נאָר געקאָנט. די פיינע ענגלישע הומאַניטאַריער ווייזן נישט אַרויס קיין ברעקל מענטשלעכן מיטגעפיל מיט דער קליינער צאָל יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פונעם גיהנום פון היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגערס.

דער צווייטער ענגלישער ליבעראַל, וועלכן זשאַבאָטינסקי דערמאָנט אין זיין בוך, איז סער אַרטשיבאַלד סינקלער, וועלכער האָט אין אַ רעדע אין פּאַרלאַמענט דערקלערט דאָס רעכט פון די פעלקער זיך אויסצוקלויבן אַזאַ רעגירונגס־סיסטעם ווי עס געפעלט זיי — אפילו אַ דיקטאַטור. אין שייכות מיט דער דאָזיקער פּרינציפּיעלער דערקלערונג, האָט דער פיינער ליבעראַל גערעדט וועגן דער פּאָליטיק פון אונטערדריקונג, וועגן די אכזריות פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און וועגן דער באַרבאַריע פון דער ראַסן־פּאָליטיק. אָבער זאָגט ער, דער ליבעראַל, „ס'איז נישט אונדזער זאַך צו באַשטראָפן אַן אַנדער פאָלק פאַר זיין שלעכטער רעגירונג, אָער צו גיין אין מלחמה אַריין צוליב די דייטשע יידן. דאָס דייטשע פאָלק דאַרף אַליין מאַכן אָרדענונג אין זיין הויז און מיר דאַרפן אָנערקענען זיין רעכט, זיך צו רעגירן אַזוי ווי אים געפעלט."

דאָס הייסט, אַז אין פּרינציפּ האָבן די ענגלישע ליבעראַלן גאָרנישט קעגן דעם, אַז די דייטשן זאָלן זיך פירן זייער מלוכה אַזוי ווי זיי געפעלט און אפילו די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און די ראַסן־רדיפות ווייטיקן נישט שטאַרק די ענגלישע ליבעראַלן — אויף וויפל עפּעס אַ היטלער וועט גאָר נישט אַרויסלאָזן די קרבנות פון זיין פּאָליטיק, זיי זאָלן שאַפן „אומבאַקוועמלעכקייט" אין דער דעמאָקראַטיש־ליבעראַלער ענגלאַנד.

אָט דאָס זענען די גליקן וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט צו דערוואַרטן פון די ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע רעזשימען. אין די קאָנסטיטוציעס און אין די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן שרייבט מען אַריין די אַלע שיינע זאַכן: גלייכע רעכט פאַר אַלע, אָן אונטערשיד פון רעליגיע און ראַסע. אָבער די גלייכע רעכט ווערן דאָך באַשטימט פון די פעלקער גופא אָדער פון זייערע רעגירונגען. און נישט געקוקט אויף דעם וואָס אין דעם פרידנס־אָפּמאַך פון בערלין פון 1878 האָט רומעניע זיך מתחייב געווען צו געבן די יידן גלייכע רעכט, האָט נישט גרויס־בריטאַניע, נישט פראַנקרייך, נישט קיין אַנדערע מאַכט גאָרנישט געטון, צו צווינגען רומעניע, מקיים צו זיין די דאָזיקע התחייבות. דאָס זעלבע איז געווען מיטן ווערסאַלער אָפּמאַך וועגן רעכט פאַר די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע מינדערהייטן. קיין שום פעלקער־בונד האָט נישט געקענט צווינגען די מלוכות, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן די מינדערהייט־אָפּמאַכן, מקיים צו זיין זייערע פאַרפליכטונגען. זשאַבאָטינסקי קומט צום אויספיר, אַז יידן, וועלכע זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט, לעבנדיק אומעטום אַלס מינדערהייט אין די שטעט, זענען אומעטום אָפּ־

הענגיק פון דער קריסטלעכער מאַיאָריטעט און קיין שום קומענדיקער פעלקער־בונד און נישט די בעסטע קאָנסטיטוציע, אפילו וועלן זיין בכוח צו פאַרבעסערן דעם רעכטלעכן יסוד פון דער יידישער עקזיסטענץ אין דער וועלט. זשאַבאָטינסקי איז שוין אין יאָר 1940 זיכער, אַז דער נאַצי־רעזשים וועט האָבן די מפּלה, אָבער דאָס וועט נישט האָבן קיין ראַדיקאַלע השפּעה אויף דער לאַגע פון די יידן אין דייטשלאַנד (דעמאָלט האָט מען נאָך געקענט רעכענען, אַז עס וועלן זיך נאָך אומקערן יידן אין אַ גרעסערער צאָל קיין דייטשלאַנד). זשאַבאָטינסקי ווייזט אָן זייער ריכטיק, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז נישט מיט געוואַלד אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף די דייטשן דורכן נאַציזם. פאַראַן אפשר געוויסע דייטשן וועלכע זענען נישט מסכים מיט די מעטאָדן פונעם ברוטאַלן נאַצישן אַנטיסעמיטיזם. אָבער אַנטיסעמיטן זענען די דייטשן נאָך פון פאַר דער צייט פון נאַציזם. זשאַבאָטינסקי מאָלט די אַנטיסעמיטישע צוזאַמענשטויסן וואָס וועלן אויסברעכן אַלס רעזולטאַט דערפון וואָס די אַהיימקערנדיקע דייטשע יידן וועלן צוריקפאָדערן זייערע פאַבריקן, געשעפטן און הייזער, זייערע פאַרשידענע באַאַמטן־פּאָסטנס און זיי וועלן זיך צוריקנעמען צו זייערע פּראָפעסיעס — די אַלע קאָנפליקטן וועלכע מיר האָבן שפּעטער געזען אין פראַנקרייך, אין טשעכאָסלאָוואַקיע, אין עסטרייך, און וועלכע האָבן אָנגענומען טראַגישע פאָרמען אין פּוילן.

אַ נייעם באַגריף, וועלכן זשאַבאָטינסקי האָט, אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, דער ערשטער, אַריינגעבראַכט אין דער יידישער פּובליציסטיק, דאָס איז די דעפיניציע פון דעם „אַנטיסעמיטיזם פון די מענטשן" און דעם „אַנטיסעמיטיזם פון די זאַכן". דער „אַנטיסעמיטיזם פון די מענטשן" דאָס איז בדרך כלל דער דייטשער אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז דער אַנטיסעמיטיזם וועלכער שטיצט זיך אויף טעאָריעס, אויף פילאָזאָפיעס, נו, און פאַרשידענע רעדערייען, פעלשונגען, רכילות, בכלל — אויף פּראָפּאַגאַנדע.

דער „אַנטיסעמיטיזם פון די זאַכן" איז דער עיקר אין פּוילן (ד. ה. די פּוילן וועלכע זשאַבאָטינסקי האָט פאַר זיך געהאַט און אויך די פּוילן וועלכע ער האָט דערוואַרט צו זען ווידער אויפגעבויט נאָך דער מלחמה, מיט יעדנפאַלס אַ גרעסערער צאָל יידן). דער „אַנטיסעמיטיזם פון די זאַכן" איז אַ רעזולטאַט פון די ווידעראַנאַנדיקע אינטערעסן, ווידעראַנאַנדיקע לעבנס־פאַקטן, וועלכע שטויסן זיך אָן אַנאַנדער, אפילו ווען זיי וואָלטן נישט אויפגערייצט געוואָרן פון קיין שום זייט. דער „אַנטיסעמיטיזם פון די זאַכן" קאָן נישט ווערן אינגאַנצן אויסגעמידן אפילו ביי דער בעסטער רעגירונג. בפרט, ווען די רעגירונגען, נישט בלויז וואָס זיי געבן זיך נישט קיין מי אָפּצושוואַכן אָדער צו פאַרהיטן די צוזאַמענשטויסן, בלאָזן זיי נאָך אַליין אונטער דאָס פייער, ווי דאָס האָבן געטון כמעט אַלע רעגירונגען אין פּוילן פון 1919 ביז סעפּטעמבער 1939.

זשאַבאָטינסקיס דעפיניציע פונעם „אַנטיסעמיטיזם פון די זאַכן" און דאָס אונטערשיידן אים פונעם „אַנטיסעמיטיזם פון די מענטשן" איז סאָציאָלאָגיש

ביז גאָר אינטערעסאַנט, און ס'איז אַ הידוש, פאַרוואָס די ציוניסטישע פּובלי־ציסטיק האָט געלאָזט אין אַ זייט דעם דאָזיקן נייעם באַגריף. דאָס איז מסתמא דערפאַר, וואָס מען האָט תחילת נישט גענומען אין אַכט דעם נייעם באַגריף, וועלכער האָט זיך דערצו באַוויזן צום ערשטן מאָל אין אַ קריגס־בוך. קריגס־ביכער האָבן דעם מזל אַז זיי ווערן גיך פאַרגעסן. דאָס איז גאָר אַנדערש נישט מעגלעך. ווייל זיי ווערן פּראָדוצירט אין אַ צו גרויסער מענגע. אָבער זשאַבאָ־טינסקים בוך „דאָס יידישע פאָלק און די מלחמה" האָט פאַרדינט אַ בעסער גורל.

# נתן בירנבוים

נתן בירנבוימס זיבעציק־יעריקער געבורטסטאָג איז פון דער יידישער פּרעסע כמעט ווי נישט באמערקט געוואָרן. ווו נישט ווו האָט מען געפונען אַ קליינע נאָטיץ, צוגעשיקט פון דער איט"א, אָבער נישט מער. אין ערגעץ נישט קיין אָפּשאַצונג פון דער פּערזענלעכקייט פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן מאַן. נישט אפילו אין די בלעטער פון דער אגודה, אָבער וואָס איז ד"ר נתן בירנבוים פאַר דער אגודה? סוף־כל־סוף נישט מער ווי אַ שטיק פּאַרטייאישער טריאומף. דער געוועזענער אפיקורס און היינט פּרומער ד"ר נתן בירנבוים האָט דער אגודה קיין סך נישט געגעבן, נישט געקענט געבן. אונדז אָבער, זיינע אַמאָליקע פריינט און תלמידים, אונדז האָט ער זייער אַ סך געגעבן. ס'איז דעריבער נישט קיין יושר, אַז מיר זאָלן אים פאַרגעסן.

אָבער רעדנדיק וועגן בירנבוימען מוז מען דאָס טון מיט דער גרעסטער איינגעהאַלטנקייט און טאַקט. מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז ד"ר נתן בירנבוים איז היינט אַ מיטגליד פון דער אגודת ישראל, וועלכע פירט אָן אַ שאַרפן און בימערן קאַמף קעגן אַלע נאַציאָנאַלע און מאָדערנע ריכטונגען אינעם יידנטום. און מיר טאָרן ווייטער נישט פאַרגעסן, אַז אַוועקגייענדיק פון אונדז, אַרום דעם יאָר 1917, האָט ד"ר בירנבוים דערקלערט, אַז ער וויל מיט אונדז, מיט אונדז מאָדערנע יידן, קיין שום שייכות מער נישט האָבן. ער וויל אונדז מער נישט קענען. און פּאַקטיש האָט זיך בירנבוים לגמרי אָפּגעטיילט פון זיין אַמאָליקער סביבה, פון זיינע אַמאָליקע פריינט, פאַרערער און תלמידים. נישט בלויז אידייאיש, נאָר אויך ריין־מענטשלעך האָט ער לגמרי איבערגעריסן אַלע באַציאונגען מיט אונדז.

און דאָך קענען מיר אים נישט פאַרגעסן. אונדזער באַציאונג צו ד"ר בירנבוימען איז נישט ווי צו אַ פירער, וועלכער האָט פאַרלאָזן זיין מחנה — ווייל בירנבוים איז קיינמאָל קיין פירער נישט געוועזן, נישט ער האָט זיך געקענט אריינפּאַסן אין וועלכע נישט איז פּאַרטיי־ראַמען, — אונדזער באַציאונג צו אים איז ווי צו אַ רבין, וועלכער האָט פאַרלאָזן זיינע תלמידים און איז אַוועק אויף אַן אַנדערן, אויף אַ ווייטערן וועג. דער רבי איז אַוועק, אָבער זיין תורה, זיין געדאַנק איז געבליבן.

אָבער איך רעד דאָ וועגן בירנבוימען צו יידן, וועלכע ווייסן אָדער גאָרנישט וועגן אים, אָדער וועלכע ווייסן אומגעפער, אַז איינער אַ ד"ר נתן בירנבוים, איז געווען אַמאָל אַ ציוניסט, אַ נאַציאָנאַליסט, אַ יידישיסט, געביטן אָפּט די מיינונגען, און דערנאָך געוואָרן פרום און אַריבער צו דער פרומער אגודה.

די וואָס ווייסן דאָס, ווייסן נאָך ווייניקער ווי גאָרנישט. דער דאָזיקער פאָרוווּרף פון „בייטן די מיינונגען" איז זייער אַן אויבנאויפיקער. אייגנטלעך האָט בירנבוים נישט געביטן די מיינונגען, ווי מען פאַרשטייט דאָס געוועהנלעך. בירנבוים האָט, איידער ער איז אַוועק צו דער אגודה, אָפּט זיך באַנוצט מיט דעם פּסעוודאָנים מתתיהו אחר. דעם דאָזיקן היסטאָרישן נאָמען האָבן זיינע קעגנער אינעם ציוניסטישן לאַגער אויסגעטייטשט ווערטערלעך. זיי האָבן געטענהט, אַז בירנבוים איז אַלע מאָל אַן אַנדערער. אַן אחר. דאָס איז פאַלש. בירנבוים, דער דענקער, וועלכער ווייזט אויס כסדר צו בייטן זיין מיינונג און יעדן טאָג צו ווערן אַן אַנדערער, איז אייגנטלעך תמיד דער זעלבער. ער איז דער מענטש פון עכטן יידישן נביאישן פּאַטאָס, דער זוכער, וועלכער בייט אָפּט ד ע ם ו ו ע ג צו זיין ציל, צו יידיש פאָלקסטום, צו דער יידישער פּסיכע, צו יידישער וועלט־באַנעמונג און יידישן וועלט־ציל. ביי די דאָזיקע זוכענישן האָט בירנבוים גע־מוזט קומען אויף זיין ו ו ע ג צ ו ג אָ ט.

פון ד"ר בירנבוימס זיבעציק יאָר זענען מער ווי פופציק געווען יאָרן פון קאַמף און פון גייסטיקן געראַנגל. וועגן די לעצטע זיבעצן יאָר, זייט בירנבוים איז אַוועק צו דער אגודה, איז מיר וועגן זיין לעבן און טעטיקייט גאָרנישט באַ־קאַנט. אָבער ער האָט אָנגעהויבן זיין נאַציאָנאַלע טעטיקייט אַלס אַ גאָר יונגער מענטש פון אַ יאָר 18. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער ווינער „קדימה", וועלכע האָט מיט אַ צוויי יאָר צוריק געפייערט איר הונדערטסטן סע־מעסטער. צו יענעם ווינער קרייז פון די גרינדער פון דער קדימה האָט אויך געהערט פּרץ סמאָלענסקין און ד"ר ראובן בירער, אַ ציוניסט פון דער פאַר־הערצלישער עפּאָכע, וועלכער האָט געווירקט אין גאַליציע און בולגאַריע, און וועמעם אייניקלעך בויען היינט ארץ ישראל. בירנבוים איז אַלזאָ געווען אַ ציו־ניסט פאַר הערצלען. זיין בוך „די נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט דעם יידישען פאָל־קעס אין זיינעם לאַנדע" האָט דערשיינט פאַר ד"ר הערצלס „יודענשטאַט". אין דעם דאָזיקן בוך איז בירנבוים אַ חובב־ציון מיט ווייטגייענדיקע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע צילן. דאָס זעט מען שוין פון דעם טיטל פון דעם בוך. עס רעדט זיך וועגן „נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט פון יידישן פאָלק אין זיין לאַנד". דאָס איז אַלזאָ נישט דער פילאַנטראָפּישער ציוניזם פון די שפּעטערדיקע אַזוי גערופענע „פּראַקטישע ציוניסטן". עס פאַרשטייט זיך, אַז בירנבוים איז געווען, האָט גע־מוזט זיין איינער פון די ערשטע מיטאַרבעטער הערצלס, ווען הערצל איז צוריק־געקומען קיין ווין אָרגאַניזירן די באַוועגונג פון פּאָליטישן ציוניזם. אָבער לאַנג האָט נישט געדויערט דאָס צוזאַמענגיין פון די דאָזיקע צוויי מענער, וועלכע

זענען געווען אזוי פארשידן אין זייערע כאראקטערן, אין טעמפעראמענט און אין זייער גייסטיקייט. הערצל איז געווען דער רעאל־פאליטיקער, דער ערשטער יידישער פאליטיקער מיט א שטאטסמענישן צוגאנג צו דער יידן־פראגע. בירנבוים, דער מענטש פון פאטאס, האט נישט געהאט קיין פארשטענדעניש פאר הערצלען דעם רעאליסט. א חוץ דעם, ווי געווענלעך אין אזעלכע פאלן, האט דא געמוזט מיטשפילן דער מאמענט פון פערזענלעכער אמביציע. בירנבוים האט זיך באטראכט אלס דער ערשטער, דער עלטערער אינעם ציוניזם. געגוג, אז נאך דעם ערשטן ציוניסטישן קאנגרעס, ווו בירנבוים האט געלייענט א רעפעראט וועגן יידישער קולטור, איז ער אוועק פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. און ער איז אוועק א פארביטערטער פארן גאנצן לעבן.

מעגלעך, אז איך בין זיך דא טועה אין א טייל דאטעס. איך האב נישט פאר דער האנט נישט קיין אייגציקע שורה פון בירנבוימען, נישט וועגן אים און בכלל קיין שום שריפטלעכע דאקומענטן. אבער נישט די צייט פון בירנבוימס אוועקגיין פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע איז דא וויכטיק, נאר דער פאקט גופא. דער דאזיקער פאקט האט איבערגעלאזט שפורן אין בירנבוימס ווייטערדיקן לעבן און טעטיקייט.

ווער עס איז געווען שולדיק אין דעם איבעררייס צווישן די דאזיקע צוויי מענער, איז היינט שווער צו זאגן. איך האב דעם איינדרוק, אז הערצל איז געווען ווייניקער שולדיק. יעדנפאלס האט הערצל געוואלט האבן בירנבוימס מיטארבעט אלס פירער פון א ספעציעלן קולטור־דעפארטאמענט ביי דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. ביי בירנבוימען איז אבער געווען א געפיל, אז הערצל האט נישט גענוג אפגעשאצט זיין, בירנבוימס באדייטונג. בירנבוים האט נאך אפילו אין די שפעטערדיקע יארן נישט געקענט רעדן וועגן הערצלען אן א געפיל פון דערשטיקטער פארביטערונג. איך דערמאן מיך דא אן עפיזאד פון דער צייט, ווען הערצל האט נאך געלעבט. ס׳איז געווען ארום 1899 אדער 1900. די אנטיציוניסטן האבן דעמאלט אנגעפירט א ליידנשאפטלעכע ביטערע פערזענלעכע קאמפאניע קעגן הערצלען און אויך קעגן נארדויען. די קאמפאניע האט זשורנאליסטיש אנגעפירט ד״ר יוסף שמואל בלאך, דער ארויסגעבער פון „די עסטרייכישע וואכנשריפט״. דעם ד״ר בלאך האבן סעקונדירט א טייל פון די „פראקטישע ציוניסטן״. די קראקויער העברעאישע וואכנשריפט „המגיד״ און אפילו אהרן מארקוס, א חסידישער פילאזאף, פון וועלכן הערצל און נארדוי האבן שטארק געהאלטן, איז ארויסגעטראטן קעגן די ציוניסטישע פירער, די „אוכלי טריפות און מחללי שבת״. אין איינעם א נומער פון ד״ר בלאכס עסטרייכישער וואכנשריפט, איז געווען א באזונדערס שארפער פערזענלעכער אנפאל אויף הערצלען. ד״ר בירנבוים איז אין יענער צייט גראד אנגעקומען קיין קראקע, און כאטש ער האט שוין נישט באלאנגט צו דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, פלעגט ער דאך פארקערן נאר אין קרייז פון ציוניסטן. און ביים טיש האט איינער

פון די ציוניסטן דערמאָנט די קאַמפּאַניע קעגן הערצלען און געמאַכט אַן אָנ־דייט אויף בירנבוימען אַלס דעם אויטאָר פון יענע פיינטלעכע אַרטיקלען. בירנ־בוים איז דאַן אויפגעשטאַנען און דערקלערט: איך האָב די אַרטיקלען אין דער וואָכנשריפט נישט געשריבן, אָבער איך שרייב אונטער יעדעס וואָרט, וואָס זאָגט זיך אין די דאָזיקע אַרטיקלען.

פון זינט יענער דערקלערונג האָט מען אין די שטרענג־פּאַרטייאישע ציו־ניסטישע קרייזן באַטראַכט בירנבוימען ווי אַן אַנטי־ציוניסם. כאָטש ער איז דאָס נאָך לאַנג נישט געווען. בירנבוים דער „אַנטי־ציוניסט” האָט אָבער נישט גע־קענט אַרויס פון דעם ציוניסטישן קרייז. אפילו זיינע כלומרשטע „אַנטיציוניס־טישע” אידייען האָט ער פאַרשפּרייט אין דער ציוניסטישער סביבה, געדרעדט נאָר פון ציוניסטישע אָדער (פּועלי־ציוניסטישע) טריבונעס, געשריבן אין בלעטער און אין זשורנאַלן, וועלכע זענען געווען מער אָדער ווייניקער אָנגעבערענט פון ציוניזם זיינע מאָדערנע יידישע קולטור־געדאַנקען און שטרעבונגען, זיין ענטוזיאַזם פאַר דער יידישער שפּראַך, יידישע ליטעראַטור, יידיש טעאַטער האָט ער פאַרשפּרייט צווישן ציוניסטן, כאָטש קולטורעל־אַסימילירטע, אָבער דאָך ציוניסטן. און אפילו בעת זיין קורצן בונדיסטישן אינטערמעצאָ האָט ער געלעבט צווישן ציוניסטן, מיט דער ציוניסטישער און פּועלי־ציוניסטישער יוגנט. זיין ענטוזיאַסטישן אַרטיקל וועגן דעם „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד” האָב איך, דוכט מיר איבערזעצט אויף יידיש פאַר אברהם רייזענס „דאָס יידישע וואָרט”. אברהם ריי־זען איז דעמאָלט געווען אפשר דער איינציקער בונדיסט, וועלכער האָט זיך דערנענטערט צו בירנבוימען, און אפשר נישט אַזוי צו בירנבוימען דעם בונ־דיסט, ווי צום ענטוזיאַסט פאַר יידיש און פאַר דער יידישער ליטעראַטור. אגב פון יענער בונדיסטישער צייט שטאַמט בירנבוימס אַן ענטוזיאַסטישער אַרטיקל וועגן די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע, וועלכע האָבן דעמאָלט געמאַכט אַן אָר־גאַניזירטן איבערפאַל איבער די יידישע שאַנד־הייזער. דער דאָזיקער אַרויסטריט פון די אַרבעטער האָט אויף אונדז אַלעמען געמאַכט אַן אומגעהויערן רושם. אין דעם איבערפאַל קעגן דער טומאה האָבן מיר געזען אַ פּראָטעסט פון דעם יידישן ערן־געפיל, פון דעם נאַציאָנאַלן געניוס, וועלכער האָט אונדז באַשטימט צו זיין אַ „הייליק פאָלק”. בירנבוים האָט מיט זיין אַרטיקל דעמאָלט אויסגעדריקט אונ־דזער אַלעמענס געפילן וועגן דעם דאָזיקן טאַט פון די וואַרשעווער יידישע אַרבעטער.

בכלל האָט בירנבוים דער „אַנטיציוניסט” גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין ציוניסטישן געדאַנקען־געראַנגל. ער האָט אין אַ פאָרטראַג, וועלכן ער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן אין אַ בוך־פאָרם, הייס פאַרטיידיקט דעם כבוד פון אחד־העם, וועלכער איז שאַרף פאַרוואונדעט געוואָרן פון מאַקס נאָרדויס בייסנדיקער קריטיק (אין שייכות מיט אחד־העמס אַ רעצענזיע וועגן הערצלס „אַלטנייַלאַנד”). און ער, בירנבוים, דער „אַנטיציוניסט” האָט שוין אין זיין „אַנטיציוניסטישער”

צייט געגעבן די סאַמע פּאָזיטיוו׳סטע, די סאַמע נאַציאָנאַלסטע באַגרינדונג פאַר דעם ציוניזם: אין זיין ארבעט „ציוניזם אָן באַווייזן״. בירנבוים האָט אַלזאָ געשאַפן די אידייע פון דעם אבסאָלוטן ציוניזם, פון ציוניזם וואָס איז נישט אָפּהענגיק פון קיין שום עקאָנאָמישע, פּאָליטישע אָדער היסטאָרישע אומשטענדן. זיין ציוניזם איז, אָדער איז געווען אַן אבסאָלוטער, אַן אייביקער: צ י ו נ י ז ם אָ ן ב אַ ו ו י י ז ן.

אָבער דער דאָזיקער אבסאָלוטער ציוניסט איז געווען דער ביטערסטער קעגנער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון איר פּאָליטיק. אין פּריוואַטע שמועסן פלעג בירנבוים אָפט אייננטענהען, אַז אַ פאָלק טאָר נישט שטעלן זיין גורל נאָר אויף איין קאָרט. דאָס יידישע פאָלק איז פריער, פאַר ארץ ישראל.

און דערפאַר האָט טאַקע בירנבוים מיט אַזאַ לײדנשאַפט פאַרטיידיקט די נאַציאָנאַלע גלות-פּאָליטיק. דאָ האָט בירנבוים נישט בלויז סעקונדירט דער ציוניסטישער באַוועגונג, נאָר אָפטמאָל איז ער געווען דער פאָן־טרעגער. אין די קאַמפן פאַר דער אנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט אין עסטרייך, פאַרן רעכט פון דער יידישער שפּראַך, פאַר אַ גערעכטער יידישער פאַרטרעטונג אין פּאַרלאַמענט, איז בירנבוים געגאַנגען מיט די ציוניסטן, מער נאָך מיט די פּועלי־ציון. אין 1907, ביי די ערשטע אַלגעמיינע וואַלן אין עסטרייך, האָט בירנבוים געקעמפט צוזאַמען מיט די גאַליציישע יידן פאַר אַן אייגענער פאַרטרעטונג, און אין דער נאַציאָנאַלער עקשנות, אין דעם בירגערלעכן שטאָלץ און אומבויגזאַמקייט, אין דער מסירת-נפש און קרבנות-גרייטקייט פון די גאַליציאַנער יידן האָט בירנבוים געזען „איינע שטראַלנדע וועלט״.

געווען אַ טייל, וואָס האָבן אין בירנבוימס נאַציאָנאַלער גלות־אידעאָלאָגיע ווי אויך אין זיין שפּעטערדיקן „אַל-יידנטום״, וואָס איז פּראָפּאַגירט געוואָרן פון זיין תלמיד, דעם פּרי־פאַרשטאָרבענעם פריץ מרדכי קויפמאַן, געזען אַ השפּעה פון דובנאָוון. דאָס איז פאַלש. בכלל האָט די יידיש-נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע זיך אַנטוויקלט אין עסטרייך אומאָפּהענגיק פון ענלעכע שטרעמונגען אין רוסלאַנד. און בירנבוים איז זיכער נישט דער מאַן, וואָס זאָל פּלאַנירן פרעמדע אידייען, פרעמדע געדאַנקען. בירנבוים איז אַן אָריגינעלער יידישער דענקער, מיט אַן אָריגינעלן, אייגענעם, פּערזענלעכן סטיל.

אָט דער דאָזיקער פּערזענלעכער סטיל און זיין פּאַטאָס איז עס, וואָס האָט בירנבוימען געגעבן אַזאַ מאַראַלישן כוח, אפילו איבער מענטשן, וועלכע האָבן נישט מסכים געווען מיט זיינע אידייען. דאָס האָט זיך באַזונדערס ארויסגעוויזן, בשעת זיין דראַמאַטישן געזעגענען זיך מיט זיינע פריינט, ווען ער איז אַוועק אויף זיין „וועג צו גאָט״.

פריער אָבער האָט בירנבוים זיך דערפילט אָפּגעטיילט פון זיין געוועזענער סביבה, ווען ער איז אין זיין יידישיזם דערגאַנגען ביז צו דער טשערנאָוויצער שפּראַך-קאָנפערענץ. די דאָזיקע קאָנפערענץ איז געבוירן געוואָרן אין בירנ־

בוימס מוח. די ציוניסטן האָבן זיך שאַרף אָפּגעטיילט פון דער דאָזיקער קאָנ־פערענץ, און פון די פּועלי־ציון זענען אויך נישט אַלע געווען אומבאַדינגטע אָנהענגער פון דער נייער לערע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון טשערנאָוויץ. אין דעם קרייז פון די יידישיסטן איז בירנבוים געווען אַ נייער מענטש.

דער קאַמף אַרום דער שפּראַך־קאָנפערענץ און אַרום דער הויפּט־רעזאָלוציע, וואָס איז פון דאָרטן אַרויסגעגאַנגען, נעמלעך די דערקלערונג פון יידיש אַלס אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק, דער קאַמף פון די קעגנער פון דער דאָזיקער רעזאָלוציע, האָט בירנבוימען פּשוט פערזענלעך באַרירט. ער האָט דעמאָלט יעדע שטימע פון קריטיק מצד זיינע פריינט קעגן זיין יידישיזם באַטראַכט ממש ווי אַ פּערזענלעכע קרענקונג. אַ חוץ דעם איז אויך זיין מאַטעריעלע לאַגע דעמאָלט געיוען אַ זייער שווערע. בירנבוים האָט נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ זיך באַזעצט אין טשערנאָוויץ און דאָרט געגרינדעט אַ זשורנאַל אין יידיש, אונטערן נאָמען „ד״ר בירנבוימס וואָכנשריפט״. פון אַלע בלעטער, וואָס בירנבוים האָט אין משך פון זיין פּובליציסטישער טעטיקייט אַרויסגעגעבן, איז זיין ערשטער און איינציקער אָרגאַן אין יידיש געווען דער שוואַכסטער. בירנבוים, דער גלענצנדיקער סטיליסט, וועלכער האָט געשריבן אַזאַ קערנדיקן, אַזאַ פּערזענלעכן דייטש, איז אין זיינע יידיש־געשריבענע אַרבעטן געווען קוים מער ווי מיטלמעסיק. „ד״ר בירנבוימס וואָכנשריפט״ האָט זיך לאַנג נישט געקענט האַלטן, טראָץ דער מיטאַרבעט, וועלכע ער האָט באַקומען פון אַ רייע יידישע שרייבער. דאָס האָט געהייסן ווייטער צונויפּפּאַקן די טלאָמאַקעס און ווייטער וואַנדערן פון טשערנאָוויץ קיין ווין און בערלין. די דאָזיקע יאָרן פון נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ ביז כמעט צום אויסברוך פון דער מלחמה, זענען געווען די שווערסטע פאַר בירנבוימען, סיי אין מאַטעריעלן, סיי אויך אין מאָראַלישן זין, פילנדיק זיך ממש פאַרלאָזן פון זיינע פריינט.

נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה קומט בירנבוים צוריק פון בערלין קיין ווין און ער נעמט איבער די ליטונג פון דעם יידישן קריגס־אַרכיוו, וועלכן די ווינער ציוניסטן האָבן געגרינדעט. פריער שוין, אַרום 1912 אָדער 1913 האָט בירנבוים דורכגעמאַכט זיין גייסטיקע עוואָלוציע צום רעליגיעזן געדאַנק. אָבער די דאָזיקע רעליגיעזישקייט וועלכע איז פריער געווען אפשר נאָר אַ פּלאַטאָנישע, אַ ריין־פילאָזאָפישע, איז שפּעטער ביי בירנבוימען געוואָרן אַ פּשוטע פרומע יידישקייט אין פאָלקסטימלעך־טראַדיציאָנעלן זין פון דעם וואָרט.

פאַרן אוועקגיין אין דער וועלט פון די ד׳ אמות של הלכה, אין דער וועלט פון שולחן ערוך־יידישקייט, האָט בירנבוים צונויפגערופן זיינע פריינט און פאַר־ערער אויף אַ פאָרטראַג, וועלכער איז געווען אַ מין ווידוי און אַ מין געזעגע־גען זיך מיט זיין ביז־איצטיקן אופן פון לעבן, מיט זיינע ביז־איצטיקע פריינט און תלמידים. און געזעגנט האָט זיך בירנבוים מיט זיין ביז־איצטיקן לעבן און מיט אונדז, זיינע פריינט, מיט אַ שאַרפער פאַראורטיילונג, און מיט אַ דער־

קלערונג, אַז ער האָט מיט אונדז מער קיין שום שייכות נישט, און אַז ער וויל פון אונדז מער נישט וויסן.

דעם דאָזיקן „געזעגענונגס־אַקט" אין לאָקאַל פון יידישן קריגס־אַרכיוו אויף דער פראַטער־שטראַסע אין ווין, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, און וואַר־שיינלעך וועט אים קיינער פון דער קליינער גרופּע, וואָס איז דאָרט אַנוועזנד געווען, נישט פאַרגעסן.

בירנבוים האָט גערעדט צו אונדז, ווי צו די פאָרשטייער פון אַ וועלט אַ זינדיקער, אַ פאַרדאָרבענער, אַ ווערימדיקער. אַ וועלט, וועלכע האָט לחלוטין פאַרלוירן איר וועג און איר ציל, סיי אויפן געביט פון פּאָליטיק און מאָראַל, פון וויסנשאַפט און פון קונסט. מיט שאַרפע ווערטער האָט ער פאַראורטיילט די קולטור פון מאַטעריאַליסטישן גענוס, די קולטור פון זשורנאַליסטישער אויבנ־אויפיקייט, לייכטזיניקייט און פון גייסטיקן שמוץ. דאַן איז ער אַריבערגעגאַנ־גען צו זיין נייער וועלט־אַנשויאונג. זיין פילאָזאָפישע באַגרינדונג פון זיין רע־ליגיעזער וועלט־אַנשויאונג איז געווען פילאָזאָפיש זייער קנאַפּ, ממש פּרימי־טיוו. ווו ס'איז דאָ אַ שאַפונג — האָט ד"ר בירנבוים פילאָ־זאָפירט — דאָרט מוז זיין אַ שעפער. די וועלט, הייסט עס, האָט נישט געקענט אנטשטיין אָן אַ בורא. מילא, איז דאָס אַ פילאָזאָפישער אַרגומענט, וועגן וועלכן עס לאָזט זיך דיסקוטירן, אָבער דעם גאַנצן ענין פון פרומער יידישקייט, פון מצוות מעשיות, האָט שוין בירנבוים נישט געפּרווט אפילו פילאָזאָפיש באַווייזן און באַגרינדן. דאָס האָט ער אויפגעשטעלט פשוט אַלס פּרינציפּ פון זיין רעליגיעזער עטיק. דאָס הייסט, אַז כדי זיך אַרויסצוראַטעווען פון דער הפקרות, פון דער פאַרדאָרבנקייט פון דער מאָדערנער מאַטעריאַליס־טישער קולטור, מוזן מיר אנערקענען און אויסבויען די רעליגיעזע היעראַרכיע. מיר מוזן פאָלגן און טון וואָס גוטע און פרומע יידן, וואָס די רבנים און די יידישע טראַדיציע הייסן אונדז טון. כדי צו דערהאַלטן דעם גייסט פון פרומער יידישקייט, האָט בירנבוים אויפגעשטעלט אַ רייע פון פאָדערונגען, פון וועלכע די מאָדערנע יידישע דעמאָקראַטיע האָט שוין לאַנג מוותר געווען. בירנבוים פאָ־דערט, אַז יידן זאָלן אויסמיידן דאָס גרויס־שטאָטישע לעבן און זיך סטאַרען וווינען אין קליינע שטעטלעך, זיך פאַרנעמען מיט „יידישע מלאכות" (ווו ס'איז נישטאָ דער נסיון פון חילול שבת) און זיך קליידן אפילו ווי יידן. יאָ, יאָ, אפילו „הלבשה יהודית" — יידישע קליידונג האָט געפאָדערט דער אַמאָליקער פרייער גייסט ד"ר נתן בירנבוים, דער אַמאָליקער מתתיהו אחר!

און דאָך האָט אונדז בירנבוים דעמאָלט באַהערשט מיטן כוח פון זיין וואָרט, מיט דער מאַכט פון זיין נביאישן פּאַטאָס. געווירקט האָט ער אויף אונדז נישט אַזוי מיט זיין פּאָזיטיוון פּראָגראַם, נישט אַזוי מיט זיין „היעראַרכיע" און מיט זיין „יידישער קליידונג" ווי מיט זיינע שטראָף־רייד. מיט זיין קריטיק פון דער מאָדערנער מאַטעריאַליסטישער קולטור און אירע מאָראַלישע סתירות.

אוודאי: מיר האָבן דעמאָלט אויך פון בירנבוימס פּאָזיטיוון פּראָגראַם מער דערוואַרט. מיר האָבן געהאָפּט אַז מיט זיין נביאישן פּאַטאָס, מיט דעם פייער פון זיינע שטראָף־רייד וועט ער אַריינברענגען אַ רעוואָלוציע אין יידישן רעלי־גיעזן לעבן.

מיר האָבן געהאָפּט, אַז ער וועט אויפטרייסלען די אין גייסטלאָזער פרומ־קייט פאַרשטיינערטע יידיש-טראַדיציאָנעלע מאַסן: אַז מתתיהו אחר וועט פאַר־מערן דעם לעגיאָן פון די פרומע יידן מיט נאָך איין פרומען ייד, נאָך איין ייד, וואָס דאַוונט און איז אָפּגעהיט אין אַלע דינים און מנהגים פון דער טראַדיציאָ־נעלער יידישקייט — דאָס האָבן מיר ניט דערוואַרט. און אַמווייניקסטן האָבן מיר דערוואַרט, אַז ד״ר בירנבוים וועט זיך איינרייען אין דער אַרמיי פון אגודת ישראל.

ווייזט אָבער אויס, אַז בירנבוים האָט נישט געקלערט, און האָט נישט גע־וואָלט זיין קיין רעליגיעזער באַנייער, קיין אויפטרייסלער פון רואיקע נשמות. אריבערגייענדיק אין דער רעליגיעזער וועלט האָט בירנבוים ווייזט אויס געוואָלט געפינען פאַר זיך אַ שטילן ברעג, וווּ מען קען זיך אויסרוען נאָך די לאַנגע יאָר־צענדליקער פון שטורעם און דראַנג. ער האָט געוואָלט געפינען פאַר זיך אַ רואיקן פונקט, וווּ דער מידער גייסט קען זיך אויסרוען פון יאָרנלאַנגע קאַמפן, פון בי־טערנישן און פון ספיקות. און אויב בירנבוים האָט דערגרייכט פאַר זיך די דאָזי־קע גייסטיקע רו, דאַרף מען אים דאָס פאַרגינען פון גאַנצן הארצן. און אויך זיינע פריינט, וועלכע האָבן נישט געקענט מיטגיין מיט אים און וועלכע זענען גע־בליבן אויף דער אַנדערער זייט ברעג, מעגן פאַרגינען בירנבוימען זיין איצטיקע גייסטיקע פרייד אינעם שטילן האַפן פון שולחן־ערוך און פון דער טראַדיציאָ־נעלער יידישקייט.

(1938)

# א. קאראלניק

איך האָב געטראַכט אַרומנעמען די פּערזענלעכקייט פון ד״ר א. קאראַלניק אין איין וואָרט, אין איין כאַראַקטעריזירנדיקן זאַץ: כ׳האָב געטראַכט שרייבן: „דער אייראָפּעער״, „דער גוטער אייראָפּעער״, „דער יידישער אייראָפּעער״ — דאָס אַלץ וואָלט געווען ריכטיק. אָבער עס וואָלט נאָר געווען אַ טייל, אַ ווינציקער טייל פון דער וואונדערבאַרער גייסטיקער דערשיינונג וואָס האָט געלעבט צווישן אונדז אונטער דעם נאָמען ד״ר א. קאראַלניק. די דאָזיקע דערשיינונג איז שווער, איז אוממעגלעך אַריינצופּאַקן אין אַ באַשטימטער דעפיניציע-שאַכטל מיט אַן אויפגעקלעפּטער מאַרקע: אָט דאָס איז געווען דער ד״ר א. קאַראַלניק. קאָן זיין, אַז קאַראַלניק איז געווען דאָס אַלץ: ער איז געווען דער אייראָפּעער, דער „גוטער אייראָפּעער״ — אַ באַגריף, וועלכער איז דעם היינטיקן דור היבשליך פּרעמד; קאָן זיין אַז ער איז געווען דער יידישער אייראָפּעער, דער אייראָפּעער אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז געווען דאָס אַלץ און נאָך עפּעס מער. וואָרום דער מענטש ד״ר א. קאַראַלניק איז געווען אַ צו פיל קאָמפּליצירטע גייסטיקע פּערזענלעכקייט, מען זאָל אים קענען אַרומנעמען מיט אַ שאַבלאָנענדיקן שלאָג-וואָרט. ער איז געווען אַ טיף קינסטלערישע נאַטור, אַ שעפּערישער גייסט, אַ סקעפּטיקער און דערביי אַ רעליגיעזע נשמה, אַ „באַהעמיען״ און אַ הויך עטישע פּערזענלעכקייט.

זיין סקעפּסיס: קאַראַלניק וועלכער האָט אַלס יונגער מענטש באַקומען זיין דאָקטאָר-טיטל פאַר אַ דיסערטאַציע איבער דער סקעפּטישער פילאָזאָפיע, איז זיכער געווען אַ סקעפּטיקער, ווי עס זענען דאָס אַלע גייסטיק הויכשטייענדיקע מענטשן. זיין סקעפּסיס איז געווען אָן עכט סאָקראַטיש. עס איז געווען די ספּיקות אינעם מענטשלעכן גייסט, אין דער וויסנשאַפט און אין די מענטשלעכע גוטע מידות. אָבער די דאָזיקע ספיקות איז נישט געווען קיין נעגאַטיווע. וואָרום דער סקעפּטיקער קאַראַלניק האָט דווקא געשטעלט הויכע מאָראַלישע און קולטורעלע פאָדערונגען צו די מענטשן.

זיין סקעפּסיס איז געווען אין זיין סטיל, אין זיין צוגאַנג צו גייסטיקע ענינים. ער איז געווען דורכאויס ערלעך צו זיך און מיט זיך. ער האָט פיינט געהאַט די געווענלעכע, באַנאַלע „גייסטרייכקייט״ — די דאָזיקע ליגנערישע פּרוכט פון אַ ליגנערישער קולטור.

זיין פובליציסטישע ארבעט, וועלכע פלעג דערפרייען און גייסטיק דער־הויבן טויזנטער לעזער אין דער ברייטער יידישער וועלט, האָט קאראלניק באַטראכט ווי א „דיאלאָג מיט זיך אליין". אָט די הונדערטער פראגן וועלכע ער האָט באהאנדלט אין זיינע ארטיקלען און עסייען, די גאנצע מאסע פון קריטיק פון דער קולטור; פון די מענטשן און פון דער געזעלשאפט, די אלע קינסטלעריש־אויסגעדריקטע פאָרמען פון מאָראלישן פראָטעסט קעגן מענטשלעכער שלעכטקייט, פלאַכקייט און דומהייט, דאָס אלץ איז פאר קאראָלניקן געווען, הייסט עס נאָר א „דיאלאָג מיט זיך אליין".

ווי אלע גייסטיק־רייפע מענטשן האָט ער נישט געפסקנט קיין שאלות. ער איז נישט געווען קיין גלח פון קיין שום פארטיי־קלויסטער, אפילו דאַן ווען ער האָט מיטגעארבעט אויף א פאראנטוואָרטלעכער פאָזיציע אין א פארטיי. ער איז נישט געווען קיין גלח און האָט זיך נישט געלאָזט איינשפאַנען אין דינסט אלס נאָכלויפער אָדער שמש פון א גלח אָדער פון א קלויסטער. דעריבער האָט ער קיינמאָל נישט געפרווט אפילו אויפצודרינגען עמיצן זיין גלויבן. און דעריבער איז ער קיינמאָל נישט געווען אומטאָלעראנט צו די מענטשן וואָס זענען געווען פון אן אנדערן גלויבן.

ער האָט נישט געפסקנט קיין שאלות: אין דער הקדמה צו דער זאמלונג פון זיינע עסייען זאָגט ער: „איך גלויב נישט אין אויסשעפנדיקע ענטפערס. און אויך נישט אין אלזייטיקע באלייכטונגען. מיין וועלט איז נישט אין ליניעס נאָר אין פאסעטן, און ווו דער שטראל פאלט, זעט זי אנדערש אויס. היינט אזוי און מאָרגן אנדערש. און קיינמאָל נישט גלייך".

אזוי איז ער, דער סקעפּטיקער. ער שטעלט נאָר פראגן. און נישט בלויז וואָס ער נעמט זיך נישט אונטער צו געבן פארטיקע, קאנאָניזירטע תשובות אויף די פראגן, נאָר „גלויבט נישט אין אויסשעפנדיקע ענטפערס". איר ווילט האָבן ענטפערס: טאָ, זייט אזוי גוט און טראכט זיך איין אין די פראגן און דענקט נאָך. און געפינט אייך אייער אייגענעם ענטפער. און אויב איר געפינט נישט תיכף קיין פארטיקן ענטפער, איז אויך נישט קיין אומגליק. וואָרום „נישט דער ענטפער איז אינטערעסאנט, נאָר דאָס זוכן" — זאָגט קאראלניק אויף אן אנדער אָרט. וואָרום שוין דאָס זוכן אליין „באווייזט אז מען דענקט; באווייזט, אז מען פילט דעם דראנג צו פארטיפן זיך".

עס רעדט זיך וועגן פארטיפן אין די פראגן פון יידנטום. דאָס איז די פראַגע, איך וואָלט זאָגן די צענטראלע פראגע, צו וועלכער קאראלניק קערט זיך אלץ ווידער צו. די פראגע פון יידנטום איז פאר אים נישט קיין פראגע פון קיום־היהדות, נישט קיין פראגע פון א באנאלן לויט אייראָפּעאישע מאָדעס נאָכגעשפּעטן נאציאָנאליזם, נישט קיין פראגע פון א באנאלער גייסטלאָזער „קולטור" און אויך נישט קיין שפראכן פראגע. יידנטום איז, פאר קאראלניקן לעבעדיקע קולטור, די אלע גייסטיקע ברייטן און טיפקייטן ארומנעמענדיקע קולטור פון

דעם יידישן מענטשן. אין זיין איגערסטן וועזן איז קאַראַלניק, דער סקעפּטיקער, אַ רעליגיעזע נאַטור. קאַראַלניק מאַכט נישט דעם פיינעם אונטערשיד צווישן „דאָס רעליגיעזע" און „די רעליגיע", אַ באַגריף וועלכער איז אַזוי קלאָר און אַזוי טיף דיפערענצירט ביי בובערן. אָבער אויך קאַראַלניק מיינט דאָס זעלבע, כאָטש ער מאַכט נישט קיין דעפיניציעס. אויך ער זוכט און פאָדערט נישט די רעליגיע מיט איר פאַרטיקן סטאַטוס פון געזעצן, באַפעלן און פאַרבאָטן — ער זוכט דאָס רעליגיעזע, דעם געדאַנק, דאָס גייסטיקע פאַרטראַכטן און אַריינטראַכטן זיך אין וועלט און לעבן. דאָס זוכן דעם אמת און די שטרעבונג צו אַ העכערן און שע-נערן מענטשנטום.

קאַראַלניק איז אפילו נישט מבטל דעם מאָראַלישן ווערט פון די איסורים פון דער רעליגיע. ער שרייבט־צו די איסורים אַ הויכן־קולטורעלן ווערט.

אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען, ווו ער באַהאַנדלט זיין אייביקע טעמע: יידנטום, שרייבט ער: „יידן ליידן פון גייסטיקער „אינהיביציע". זיי זענען אָפּ-געצוימט פון דעם לעבן. טויזנטער יאָרן פון „מען טאָר נישט", איין איינציקע געשיכטע פון „פאַרבאָטן". אויף דער פּאַרטאַל פון יידנטום שטייט דאָס וואָרט „אָסור" — מען טאָר נישט. און — ווי דאָס אַלטע ליד דאָרט — דאָס וואָס מען מעג, טאָר מען דאָך אויך אַ ביסעלע נישט". און דערפאַר איז דאָס יידנטום גע-וואָרן אַזאַ אומגעהויערע קולטור־קראַפט. נאָך מער דערפאַר איז דאָס יידנטום — די קולטור".

אַלזאָ, איר פאַרשטייט: ווייל דאָס יידנטום איז איין איינציקע געשיכטע פון „פאַרבאָטן", טויזנטער יאָרן פון „מען טאָר נישט". דערפאַר איז דאָס יידנ-טום — די קולטור, „ווייל" — שרייבט ווייטער קאַראַלניק — „די קולטור שטייט אויף דעם מען טאָר נישט. די גאַנצע קולטור איז נישט מער ווי די צוי-מונג פון דעם „פרייען" מענטש".

דאָ איז קאַראַלניק שוין נישט „דער אייראָפּעער", און אודאי שוין נישט דער „יידישער אייראָפּעער". דאָס האָט זיך דער ייד קאַראַלניק אוועקגעשטעלט אַלס אַנטיטעזיס צום „פרייען" דורך קיין שום מאָראַלישן געזעץ נישט געבונ-דענעם „אייראָפּעער", און דער יידישער „מען טאָר נישט" ווערט ביי אים פשוט דערקלערט אַלס „די קולטור".

אַזעלכע געדאַנקען וועגן יידנטום, וועגן דאָס רעליגיעזע אַלס דעם יידישן אינהאַלט פון מענטשנטום, קומט ביי קאַראַלניקן צום אויסדרוק אין פאַרשי-דענע צייטן און וואַריאַציעס.

אינעם אַרטיקל וועלכן מיר ציטירן דאָ, ברענגט קאַראַלניק אַ וואָרט פון פרוידן, וואָס ער האָט אַמאָל געזאָגט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון פסיכאָ־אַנאַליטי-קער:

„מיר יידן" — האָט פרויד געזאָגט — „זענען די באַפרוכטער פון דער קולטור, און באַפרוכטער ווערן געטראָטן מיט די פיס".

באמערקט דערצו קאראלניק, אז „מען קאן נישט תמיד וועלן זיין א מיטל צו א צוועק. עס קומט א צייט, ווען מען וויל אליין זיין א צוועק פאר זיך״. אבער מיר האבן אויפגעהערט צו זיין דער צוועק פאר זיך, ווייל אונדזער לעבן האט פארלוירן דעם רעליגיעזן אינהאלט.

„און דערפאר האבן מיר שוין כמעט אויפגעהערט צו זיין דער וועלט-פאק־טאר וואס מיר זענען געווען, און וואס מיר דארפן זיין: דער רעליגיעזער פאק־טאר. וואס פאר א ראלע שפילן מיר היינט אין דעם גייסטיקן לעבן? — פרעגט קאראלניק. „מיר האבן געלערנטע — שרייבט ער — מיר האבן פארשער, קינסטלער, — אלצדינג, אבער פארוואס אזוי ווייניק שאפונג? ווייל גראד דארט ווו מיר זענען די בארופענע, באהאלטן מיר זיך. ווי ווארט די וועלט אויף א ווארט? זי בענקט, זי מאטערט זיך, זי זוכט, זי פארלירט זיך. און ווי דאנק־באר איז זי, ווען זי האט עס. איז דען נישט שפינאזא געווארן א גרויסער קול־טור שאפער בלויז דערפאר, ווייל ער האט גערעדט צו דער וועלט ווי א ייד? נישט ווי דער רמב״ם וואס האט גערעדט ווי אריסטאטעל, וואס האט געוואלט פארטייטשן, אויסטייטשן און פארהיטן — נאר ווי א ייד מיט א שעפערישער באציאונג צו דער וועלט, צו גאט און צו זיך?״

אבער מיט ציטאטן וועלן מיר צו קיין סוף נישט קומען. איך האב דא נאר געוואלט אנווייזן אויף דאס רעליגיעזע און קאראלניקס גייסטיקער פער־זענלעכקייט.

ווי אלע גרויסע שרייבער האט אויך קאראלניק געליטן פון דעם מזל, וואס צוליב זיין פארם האט מען נישט באמערקט דעם אינהאלט. דאס הייסט אין פולן זין: צוליב די געדיכטע בוימער נישט באמערקן דעם וואלד. קאראלניק איז געווען דער שענסטער סטיליסט אין דער יידישער פובליציסטיק. ער איז אייגנטלעך דער שעפער פונעם עסיי אין יידיש. ער האט פון דער יידישער שפראך געמאכט פאר זיך א פיינעם אינסטרומענט און ס'איז נישט געווען קיין געדאנק, קיין טאן וועלכן ער זאל נישט געווען קענען אויסשפילן אויף דעם דאזיקן אינסטרומענט. די דאזיקע יידישע פאלקס-שפראך, וועלכע א יידישער פאעט, ש. פרוג האט עפנטלעך מבזה געווען, און אויף וועלכער אפילו י. ל. פרץ האט גערעדט לשון הרע, פון דער דאזיקער שפראך האט קאראלניק ארויסגע־צויבערט די שענסטע געדאנקען און געדאנקען-ניואנסן. ער האט געשריבן אין יידיש, נישט „כדי צו בילדן דאס פאלק״, נאר ער האט אין יידיש „געהאלטן א דיאלאג מיט זיך אליין״ און מיט אנדערע, וועלכע ער האט געדענקט, אז זיי קענען נעמען אנטייל אין זיין דיאלאג. און אזוי האט ער געשריבן אין יידיש פאר זיך און פאר אנדערע יידישע יידן איבער סאקראטעס און פלאטאן, איבער קאנט, ניצשע, ספענסער, ווונדט, פאאולוס, מאקיאוועלי, דזשארדאנא ברונא, מאליער, דאנטע, לעאנארדא דא ווינטשי, בעטהאווען, וואלטער רענאן, און

איבער צענדליקער אנדערע בויער און שעפער פון דער מענטשלעכער קולטור פון אלע פעלקער און אלע צייטן.

שרייבנדיק אין יידיש פאר יידישע יידן איבער איבסען און מעטערלינק, איבער ריכארד דעהמעל און רילקע, האט ער גישט געוואלט שאפן קיין פאלקס־טימלעכע אויפקלערונג און „בילדונג", נאר ער האט איינגעלאדן די לעזער צו א גייסטיקער סעודה מיט די סאמע גרויסע גייסטער פון דער אלמענטשלעכער קולטור. און אט אזוי, אן א כונה, צו פארשפרייטן „בילדונג" האט ער דער־הויבן דעם יידישן לעזער, האט ער ארויפגעהויבן אונדזער פובליציסטיק צו אזא מדרגה, וועגן וועלכער מען האט פריער נישט געחלומט אפילו. אט אזוי האט ער אייראפעאיזירט אונדזער יידישע פובליציסטיק, וועלכע האט פריער זיך באגנוגנט מיט דער באשיידענער אויפגאבע פון ברענגען „בילדונג" צו די „פאלקסמאסן". (ווי נאאיוו: גלייך ווי מען וואלט קענען געבן בילדונג די וואס זוכן איר נישט!)

**
*

ד"ר א. קאראלניק, דער דאזיקער פיינער סטיליסט פון דער יידישער שפראך, האט אנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאריערע אין דייטש. אלס א יונ־גער 20־יעריקער בחור האט ער אין יאר 1903 אנגעהויבן שרייבן אין דעם ציו־ניסטישן צענטראל־ארגאן „די וועלט" וועלכן ד"ר טעאדאר הערצל האט גע־שאפן אין ווין. דער יונגער קאראלניק פלעג שרייבן אין יעדן נומער קורצע גלאסן פון דער וואך, וועלכע ער פלעגט אונטערשרייבן „א. קאר." מען קאן זיך פארשטעלן אז אנקומען אלס שטענדיקער מיטארבעטער אין „די וועלט" איז נישט געווען קיין קלייניקייט.

ווארום „די וועלט" איז געשטאנען אונטער הערצלס ליטעראַרישער לייַ־טונג. אבער קאראלניק האט זיך באלד געמאכט א נאמען. ער האט זיך, ווי מען זאגט דאס, מיט שטורעם, דעראבערט זיינע לעזער. פון ערשטן מאמענט אן פון זיין מיטארבעטערשאפט איז ער געווארן איינער פון יענע שרייבער וועלכע דער לעזער האט געזוכט אין דער „וועלט". א חוץ די וועכנטלעכע קאמענטארן האט דער יונגער קאראלניק אויך געשריבן ארטיקלען, גרעסערע אפהאנדלונגען, אין וועלכע מען האט שוין דערקענט א צייטיקן אלזייטיק געבילדעטן גייסט. און שוין אין די יונגע יארן האט ער זיך ארויסגעוויזן אלס דער ליטעראַרישער סקעפטיקער.

ס'האט געדויערט נאך לאנג ביז קאראלניק איז אריבערגעגאנגען צו יידיש. ערשט ערגעץ אין יאר 1915 אויף א באזוך אין אמעריקע, זאל ער האבן גע־מאכט דעם ערשטן פרווו אין יידיש. פריער האט ער, דער בחור פון אומאן אין אוקראינע, רעדאקטירט דייטשע טאג־צייטונגען: אין ווין, אגראם און טשערנא־

וויץ. אַלזאָ אייגנטלעך נישט פאַר קיין דייטשן. ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין די גרויסע דייטשע צייטונגען ווי „פאָסישע צייטונג", „פראַנקפורטער צײַ־טונג" און ער שרייבט אויך אין דייטש אייניקע דראַמען און אַ בוך ווענן — זוהר.

צווישן זיין פובליציסטישער אַרבעט אין דייטש און זיין אַריבערגאַנג צו יידיש איז פאַראַן אַ רוסישער אינטערמעצאָ. קאַראַלניק אַרבעט קודם אַלס איי־ראָפּעאישער קאָרעספּאָנדענט פון ליבעראַלע רוסישע צייטונגען, און אין יאָר 1917 ווען ער קערט זיך צוריק קיין רוסלאַנד, רעדאַקטירט ער דאָרט פּאַרשי־דענע צייטונגען און זשורנאַלן. ער איז דער אמתער שפּראַכן־„בומלער", פאַר וועלכן עס איז נישט קיין חילוק אין אַ וואָסער שפּראַך ער שרייבט. ס'איז אפשר נישט געווען קיין אייראָפּעאישע שפּראַך, וועלכע ער זאָל נישט פאַרשטייען — סיידן אפשר די פרעמדע שפּראַכן אין אייראָפּע, ווי אונגאַריש, טערקיש, וכדומה. אָבער פאַרשטייענדיק מער ווי אַ טוץ שפּראַכן, און שרייבנדיק אין עט־לעכע שפּראַכן, האָט קאַראַלניק, דער קולטור־מענטש זיך דאָך געמוזט פילן פרעמד אין די אַלע שפּראַכן. וואָרום דער אמתער קולטור־מענטש קאָן נישט לעבן ווייט פון זיין שורש. פונקט ווי ס'איז נישט פאַראַן קיין עכטע קולטור מחוץ פונעם שורש. אָט דאָס איז עס וואָס מיר באַצייכענען קאַראַלניקן אַלס דעם „גוטן אייראָפּעער". ער, וואָס האָט אַזוי סוווערען באַהערשט דייטש, רוסיש, פראַנצויזיש, און נאָך עטלעכע שפּראַכן, ער קאָן זיך שעפעריש־קינסטלעריש נישט אַנדערש אויסלעבן ווי נאָר אינעם אייגענעם שורש — אין יידיש. און אַזוי קומט ער, דער גייסטיק רייכער אייראָפּעער, צו דער יידישער שפּראַך. אַ „גוטער אייראָפּעער" איז דער, וועלכער ווירקט שעפעריש און שאַפט קולטור אין זיין אייגענער קולטור־סביבה, אין זיין אייגענער שפּראַך.

***

קאַראַלניק איז ווייט פון דעם גאַנצן טאַראַראַם וואָס רופט זיך העברעאיש יידישער שפּראַך־קאַמף. ער איז נישט קיין יידישיסט. ער איז צופיל קולטור מענטש, ער זאָל דאָס קענען זיין. ער איז נישט קיין יידישיסט, פונקט ווי קיין שום דייטש איז נישט קיין דייטשיסט, קיין שום פראַנצויז — קיין פראַנצוי־זיסט און קיין שום ענגלענדער, קיין ענגלישיסט. ער שרייבט יידיש און דענקט יידיש און שאַפט קולטור־ווערטן אין יידיש, געפינענדיק פאַר ווילד און קול־טורלאָז, ווען עס קענען זיך געפינען יידן פון יידישן שפּראַך־קרייז, וועלכע באַ־רימען זיך, אַז זיי קענען נישט קיין יידיש. און קעגן די קנאים קעגן יידיש אין א"י מאַכט קאַראַלניק די באַמערקונג, אַז „אין דעם העברעאיש פון איתמר בן אבי" אָדער פון דעם „דואר היום", איז דאָ ווייניקער המשך פון דורות, ווי אין דעם יידיש פון מענדעלע מוכר ספרים אָדער פון פרץ".

קאַראַלניק איז נישט קיין שפּראַך־פאַנאַטיקער. ער באַטראַכט עס פאַר „קליינקעפּיקייט, פאַר אונטערשעצונג פונעם יידנטום ווען מען שטעלט אים (דאָס יידנטום) אַוועק אויף דעם פונדאַמענט פון אַ שפּראַך".

ער האַלט, אַז „העברעאיש איז נאַטירלעך אין ארץ ישראל". „נישט דער־פאַר ווייל עס איז העברעאיש, ווייל עס איז „עברית" נאָר ווייל ס'איז אַן אָריענטאַלישע שפּראַך און ווייל עס איז דער איינציקער מיטל צוזאַמענצו־שמעלצן די פאַרשידנסטע יידישע קולטור-אָדער אומקולטור עלעמענטן אין אַ נייער גאַנצקייט. יידיש אַלס אַ שפּראַך קאָן די דאָזיקע פונקציע נישט דער־פילן".

קאַראַלניק צווינגט אייך אָבער נישט ארויף זיין מיינונג. איר מעגט דענ־קען אַנדערש וועגן דער זאַך. איר מעגט קומען צו אַנדערע מסקנות. ער וועט אייך דערפאַר אין חרם אריין נישט וואַרפן... וואָרום ער איז אַ קולטור-מענטש — יעדער צאָל אַ קולטור-מענטש. אַן אייראָפּעאישער קולטור־מענטש. א. קאַ־ראַלניק איז געווען אַ מענטש פון ברייטע קולטור־האָריזאָנטן, אַ מענטש פון טיפן קריטישן געדאַנק, אַ סקעפּטיקער מיט דער עטיק פון אַ טיף גלויביקן. אין קאַראַלניקן איז יידנטום און אייראָפּעערטום געקומען צו אַ האַרמאָנישן אויסגלייך.

# בער באָראָכאָוו

## (צו זיין 30־טן יאָרצייט)

באָראָכאָוו, דער טעאָרעטיקער פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, דער באַגרינדער פון מארקסיסטישן פועלי־ציוניזם און דער טיפזיניקער פאָרשער פון דער יידישער שפּראַך, איז געשטאָרבן אין 37-טן יאָר פון זיין לעבן. דאָס הייסט, אַז באָראָכאָווס וויסנשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז פאָרגעקומען אין אַ שטח צייט פון נישט קיין גאַנצע צוואַנציק יאָר.

שוין אין זיינע ערשטע פּובליציסטישע ארבעטן אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, האָט זיך באָראָכאָוו ארויסגעוויזן אַלס דער שאַרפער און טיפער דענקער. ס'איז אים נישט שווער געווען צו ווערן באַלד דער אַנערקענטער גייסטיקער פירער פון אַ באוועגונג, וועלכע איז געוואָרן באַלד ביי איר געבורט געשפּאָלטן אין פאַרשידענע טעאָרעטישע ריכטונגען, שטרעמונגען און שטרעבונגען, אין פאַרשידענע אידעאַלן און אידעאָלאָגיעס. די פאַרשידענע אינטעליגענטישע און ארבעטער־שטרעמונגען, וועלכע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער ציוניסטישער באוועגונג, פונעם שוווּנג פון די נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־לאָזונגען פונעם ציוניזם, זענען געווען אין זיך גייסטיק און פּסיכאָלאָגיש צעריסן. פון איין זייט זענען זיי געווען פאַרכאַפּט פונעם פּאָליטישן און סאָציאַלן ראַדיקאַליזם, וועלכער האָט באַהערשט די בעסטע יוגנט און די ארבעטער אין דער צאַרישער רוסלאַנד, און פון דער אַנדערער זייט די נייע באוועגונג פונעם ציוניזם, וועלכע האָט אויפגעוואַכט און געמאַכט אקטועל אַלטע האָפענונגען פון דורות אַלטע טרוימען און בענקשאַפטן פון יאָרהונדערטער.

אין דעם דאָזיקן שפּאַלט פון אידייען און אידעאַלן האָט די יוגנט און די זוכנדע ארבעטערשאַפט נישט געקענט געפינען קיין קלאָרן זיכערן וועג. פונעם קלאָרן וועג איז מען אָפט אָראָפּגערוקט געוואָרן דורך אַ וויסטער פּאַרטיי־פּאַלעמיק פון די פאַרשידענע פּאַרטייען, וועמעס פירער זענען געווען געגנוג גייסטיק באַשרענקט זיך צו פאַרשיכורן מיט די ברעקלעך אמתן פון זייער פּאַרטיי־טעאָלאָגיע. פון איין זייט איז געווען איין פּאַרטיי, דער בונד, וועלכער האָט

שוין געהאט דערגרונטעוועט דעם גאנצן אמת און וועלכע האט זיך פראקלאַ־מירט אלס די איינציקע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי — אַט אַזוי אַ שטייגער ווי די הייליקע קאַטוילישע קירכע דערקלערט זיך אלס איינציקע, פון דער אנדערער זייט האָבן די אנדערע פּאַרטייען, וועלכע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם ציוניסטישן אידעאַל, געמוזט אויסגלייכן דעם ציוניזם — די האָפענונג און די שטרעבונג צו אַ יידיש לעבן אין ארץ ישראל —, אויסגלייכן די דאָזיקע שטרעבונג, וואָס איז אין עצם געווען אַזוי ראָמאַנטיש-סענטימענטאַל, מיט די פּראָזאאיש־ניכטערע שטרעבונגען פון סאָציאַליזם.

ס'איז נישט געווען קיין קלייניקייט צוצופּירן צו איין ליניע די בענקשאַפט נאָך אַן אייגן יידיש לעבן אין ארץ ישראל, מיט די אידעאַלן, די טעאָריעס און דער פּראַזעאָלאָגיע פון פּראָלעטאַריאַט, פון אינטערנאַציאָנאַלער אייניקייט פון פּראָלעטאַריאַט, פון קלאַסן־קאַמף און פון קלאַסן־צעטיילונג פון יעדער געזעלשאַפט. מ'איז געשטאַנען פאַר דער הארבער פּראָבלעם, ווי אַזוי קאָן דער יידישער אַרבעטער שטרעבן צו דער זעלבער זאַך וואָס דער יידישער בורזשוי, וועלכער איז דאָך זיין קלאַסן-שונא. (דערביי האָט מען אין דער פרומקייט און אין דער היץ פונעם קאַמף פאַרגעסן, אַז די יידישע קאַפּיטאַליסטן און בורזשויען האָבן זיך גאָרנישט געיאָגט נאָך דער דאָזיקער ארץ ישראל און אַז זיי האָבן אָפט צוזאַמען מיט זייערע „קלאַסן־שונאים", די יידישע סאָציאַליסטן, באַקעמפט דעם ציוניזם — פון פאַרשידענע קאַמפּס-פּאָזיציעס).

און עס איז דאָך געווען נישט קיין קלייניקייט עפּעס, אַז אַרבעטער, סאָציאַליסטן, זאָל זיך פּלוצים פאַרגלוסטן צו גיין קיין ארץ ישראל, וווּ עס זענען פאַראַן אַזעלכע זאַכן ווי די מערת המכפלה, דער מוטער רחלס קבר, די כותל־המערבי וכדומה זאַכן, וועלכע האָבן נישט קיין שום שייכות מיטן קלאַסנקאַמף און נישט מיט די שטרעבונגען דאָגמען פון מאַרקסיזם.

האָבן טאַקע די סאָציאַליסטן, וועלכע זענען נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון ציוניזם, נישט ווייניק חוזק געמאַכט פון דער דאָזיקער „מערת המכפלה" און פון דער „מוטער רחלס קבר". צום אומגליק זענען נאָך צו די אַנטיציוניסטישע בונדיסטן צוגעקומען פּאַרטייען, וועלכע האָבן זיך גערופן ציוניסטן און וועלכע האָבן אויך נישט געוואָלט וויסן פון קיין שום כותל־המערבי און קיין שום „מוטער רחלס קבר". דאָס זענען געווען די פאַרשידענע סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע גרופּעס, וועלכע זענען אייפגעקומען אין דער צייט פונעם אוגאַנדאַ-פּראָיעקט. די דאָזיקע טעריטאָריאַליסטן, וועלכע האָבן נאָך שאַרפער פון די ציוניסטן באַוויזן די אוממעגלעכקייט פאַרן יידישן פאָלק צו עקזיסטירן אין גלות, און די נייטיקייט צו קאָנצענטרירן דאָס יידישע פאָלק אויף אַ באַזונדערער אייגענער טעריטאָריע, האָבן באַקעמפט דעם ארץ ישראלדיקן ציוניזם נאָך שאַרפער און אומברחמנותדיקער ווי די בונדיסטן. נו, טאַקע, ווי קענען דאָס סאָציאַליסטן גאָר טראַכטן וועגן אַזאַ זאַך ווי ארץ ישראל, אַ לאַנד, ווו חוץ

אַלע צרות געפינט זיך דאָרט אַזאַ זאַך ווי דער „מוטער רחלס קבר"? ווי קאָן אַזאַ זאַך זיך גאָר לייגן אויפן שכל פון אַן אמתן גלויביקן מאַרקסיסט?

אמת, עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געפרעגט ביי די מאַרקסיסטן, צי מעג אַ ייד אַ סאָציאַליסט זיין אַ ציוניסט און אַרבעטן פאַרן ארץ ישראל־אידעאַל. דאָס זענען געווען די עסטרייכישע פועלי־ציון, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ שטענדיקן אידעאָלאָגישן קאָנפליקט מיט די רוסלענדישע חברים, אגב, דער גייסטיקער און פּאָליטישער פירער פון די עסטרייכישע פועלי־ציון איז געווען דער ביאַליסטאָקער שלמה קאַפּלאַנסקי — היינט דער רעקטאָר פון טעכניקום אין חיפה. אויך די אַמעריקאַנער פועלי־ציון האָבן נישט קיין מורא געהאַט צוליב ארץ ישראל עובר צו זיין אויף די הייליקע דאָגמעס פון די מאַרקסיסטן. פונדעסטוועגן דערמאָן איך מיך, אַז ווען נאָכן 7־טן ציוניסטן־קאָנגרעס, נאָכן זיג פון די „ציוני ציון" אין פרייבורג, אין דער שווייץ, זענען אַראָפּגעקומען קיין קראָקע 2 קאָנגרעס־דעלעגאַטן אמתע מאַרקסיסטן און ציוניסטן און זיי האָבן באַוויזן, אַז דער מאַרקסיזם פירט לאָגיש און דירעקט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט קיין ארץ ישראל, איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ. וואָרום אויב מ׳קאָן זיין אַ ציוניסט און נישט זיין צעקריגט מיטן מאַרקסיזם, איז דאָך אוודאי און אוודאי גוט. אגב: איינער פון יענע צוויי קאָנגרעס־דעלעגאַטן, וועלכע האָבן געבראַכט קיין קראָקע דעם מאַרקסיסטישן הכשר אויף ציוניזם און ארץ ישראל, איז געווען אַלעקסאַנדער כאַשין, וועלכער האָט זיך ביי אונדז פאָרגעשטעלט אַלס וויטעבסקי. דאָס איז געווען אין 1905. שפּעטער איז אַלעקסאַנדער כאַשין געוואָרן אַ קאָמוניסט און אַ שונא פון ציוניזם פון ארץ ישראל.

און דאָ וויל איך דערמאָנען נאָך איינעם פון די טשיקאַווע עפּיזאָדן פון יענע יאָרן: אַזוי אַרום ווינטער פון 1904-5, האָט ד"ר יחזקאל וואָרטסמאַן, אַ בעמיקער, וועלכער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט ציוניסטישער פּאָליטיק און פּובליציסטיק און וועלכן (ער איז שוין אויפן עולם האמת) מען האָט סיי אַלס בעמיקער, סיי אַלס פּאָליטיקער נישט געקענט פאַרגלייכן מיט ד"ר חיים ווייצמאַן, אַרויסגעגעבן אין קראָקע אַ חודש־זשורנאַל „די אידישע האָפּענונג". אין איינעם פון די נומערן פון „די אידישע האָפּענונג" האָט ד"ר וואָרטסמאַן געמאַכט אַ רוף צו די פועלי־ציון: אַזוי ווי עס געפינען זיך פאַרשידענע פועלי־ציון־פּאַרטייען און יעדע פּאַרטיי האָט אַן אַנדערן פּראָגראַם, לכן בעט ער די פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס פון די פאַרשידענע שטעט און פּראָווינצן, זיי זאָלן אים אַריינשיקן יעדע זייער פּראָגראַם, וועט ער, ד"ר וואָרטסמאַן, פון די אַלע פּראָגראַמען אויסאַרבעטן איין פּראָגראַם.

אַזאַ איז געווען די גייסטיקע אַטמאָספערע אין די דאָזיקע קרייזן, וווּ מען האָט זיך באמת צו געפינען אַ סינטעז צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם. און מען דאַרף געדענקען, אַז די דאָזיקע קרייזן זענען געווען גאָר צאָלרייך און אַז זיי האָבן אַרומגענומען טויזנטער און טויזנטער יידישע אינטעליגענטן, סטו־

דענטן, סתם יונגעלייט אידעאַליסטן און אַ געוויסער טייל פון „קלאַסן־באַ־וווסטע" יידישע אַרבעטער. דאָס אַלץ איז נייטיק צו געדענקען, כדי צו קענען ריכטיק אָפּשאַצן די גייסטיקע ווירקונג פון בער באָראָכאָוון.

באָראָכאָווס גייסטיקע באַדייטונג באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אָנ־געצייכנט אַ „מאַרקסיסטישן" צוגאַנג צו דער באַטראַכטונג פון דער לאַגע פון די יידן צווישן די פעלקער. אייגנטלעך איז זיין צוגאַנג גיכער אַן עקאָנאָמישער. באָראָכאָוו ווייזט אָן, אַז די יידן אַלס אַ פאָלק אָן אַן אייגן לאַנד האָבן נישט קיין אייגענע ווירטשאַפט און זענען עקאָנאָמיש אָפּהענגיק פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן. מיר האָבן נישט קיין פּויערים־קלאַס. דער יידישער אַר־בעטער איז נישט באַשעפטיקט ביי דער אור־פּראָדוקציע, נאָר ביי די שפּיץ־אינדוסטריעס, דאָס הייסט, ביי די לעצטע פונקציעס פון דער אינדוסטריע, וועל־כע פאַרנעמט זיך מיטן שאַפן סחורות פאַרן פאַרברויך. נישט אין די מינעס, נישט אין דער „שווערער" אינדוסטריע, נישט ביי די גרויסע מאַשינען טרעפט מען די יידישע אַרבעטער אין די גלות־לענדער. וואָס מער אַן אינדוסטריע פּראָ־דוצירט דורך מאַשינען, דאָס קלענער איז אין איר די פּראָצענט פון יידישע אַרבעטער. דורך דער דאָזיקער דערווייטערונג פון דער אור־פּראָדוקציע ווערט אָפּגעשוואַכט דער קלאַסנקאַמף פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דער יידישער אַרבעטער ליידט נישט בלויז אַלס מיטגליד פון אַ סאָציאַל־אונטערדריקטן קלאַס, נאָר אויך אַלס זון פון אַ אונטערדריקטן פאָלק. דער יידי־שער אַרבעטער מוז דערפאַר האָבן אַ נאַציאָנאַלע טעריטאָריע אַלס „סטראַטע־גישע באַזע" פאַר זיין קלאַסנקאַמף.

באָראָכאָווס מאַרקסיסטישע באַגרינדונג פונעם ציוניזם אָדער „טעריטאָ־ריאַליזם" ווי ער רופט דאָס אָן טאַקע צוליב מאַרקסיסטישע טעמים, לאָזט זיך אין אַ סך פונקטן אָפּפרעגן — באַזונדערס דאָרט, וווּ ער גייט אַוועק פונעם פּראָגנאָז פון דער עקאָנאָמישער יידנפראַגע און ער ווענדעט זיך צו דער מאַרק־סיסטישער טעראַפּיע פון דער סאָציאַלער חולאת פונעם יידישן פאָלק. בכלל לאָזט זיך מיטן קאָנסעקווענטן ריינעם מאַרקסיזם נישט פאַרשטיין אַזעלכע דער־שיינונגען ווי רעליגיע, רעליגיעזער האַס, ראַסן־האַס, אַנטיסעמיטיזם, און אַזוי אויך פון דער אַנדערער זייט אַזאַ דערשיינונג פון אַ פאָלק, וועלכעס האָט זיך גלאַט איינגעשפּאַרט און עקזיסטירט צוויי טויזנט יאָר אין פרעמדע לענדער — קעגן אַלע געזעצן פון מאַרקסיזם.

איך האָב דאָ גערעדט וועגן באָראָכאָווס מאַרקסיסטישער טעראַפּיע צו די יידישע סאָציאַלע חולאתן. די רפואה באַשטייט אין אַ יידיש לאַנד, אין אַן איי־גענער עקאָנאָמיע, אַ „סטראַטעגישע באַזיס" פאַר דעם קלאַסנקאַמף. אָבער אייגנטלעך איז באָראָכאָוו נישט דער דאָקטאָר, וועלכער פאַרשרייבט רפואות פאַר סאָציאַלע חולאתן. ער איז דער דאָקטאָר, וועלכער זאָגט, אַז די קרענק

וועט זיך אזוי צו זאָגן אַליין פון זיך, דורכן „סטיכישן פּראָצעס" פון דער יידי־שער לאַגע און פונעם יידישן לעבן אויסהיילן.

דאָס צוריקגיין פון די יידן קיין ארץ ישראל איז פאַר באָראָכאָוון אַ סטי־כישער פּראָצעס, וועלכער ווערט דורכגעפירט דורך צוויי פאַרשידענע באַווע־גונגען, וועלכע האָבן נישט קיין שום שייכות מיטאַנאַנדער; די צוויי באַווע־גונגען זענען דער ציוניזם פון די יידישע קאַפּיטאַליסטן און פון דער בורזשואַ־זיע און די טעריטאָריאַליסטישע באַוועגונג פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. דיביידע באַוועגונגען האָבן נישט און טאָרן נישט האָבן קיין שום שייכות מיט זיך. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, לערנט באָראָכאָוו, פאַרווירקלעכט זיינע טע־ריטאָריאַליסטישע שטרעבונגען דורכן קלאַסנקאַמף. דערביי דאַרף מען אָבער אונטערשטרייכן, אַז באָראָכאָוו לאָזט נישט איבער קיין ספק, אַז טעריטאָריאַ־ליזם, „די" טעריטאָריע איז פאַר אים ארץ ישראל.

ווי אזוי דער יידישער פּראָלעטאַריאַט קומט דורך זיין קלאַסנקאַמף צו דער דערגרייכונג פון זיין טעריטאָריאַליסטישן ציל — דאָס איז העכערע מאַרק־סיסטישע מעטאַפיזיק, וואָס איז נישט צום באַנעמען מיטן שכל פון אַ פּשוטן בן־אָדם.

באָראָכאָוו האָט פּשוט אַ דערשייַנונג פון נאַציאָנאַלן לעבנס-ווילן איינגע־שמידט אין אַ מאַרקסיסטיש־סאָציאָלאָגישן געזעץ. אָבער סאָציאָלאָגישע גע־זעצן מוזן ווערן באַוויזן און מען מוז קענען דערקלערן די כוחות, וועלכע רופן זיי אַרויס. אָבער באָראָכאָווס מאַרקסיסטישער געזעץ, אַז „דער ציוניזם ווערט פאַרווירקלעכט דורכן קלאַסן-קאַמף פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַ סטיכישע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע רעוואָלוציע אינעם יידישן לעבן" (פּראָ־גראַם פון די פּועלי-ציון אין רוסלאַנד, אָנגענומען אויפן צוזאַמענפאָר אין קראָ־קע 1907), איז נישט באַווייזבאַר. דאָס איז פּשוט אַ דאָגמע, אין וועלכער מען מעג גלויבן אָדער נישט. פּונקט אַזוי איז דעמאָלט, אין 1907, דורכאויס נישט געווען זיכער, אַז „אַ גרויסער טייל" פון דער יידישער עמיגראַציע קאָנצענ־טרירט זיך סטיכיש אין פּאַלעסטינע" — גאָר נישט „סטיכיש" זענען געגאַנגען קיין ארץ ישראל די אידעאַליסטן פון דער צווייטער עליה.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אין אַ קורצן יאָרצייט־אַרטיקל קאָן מען דורכ־פירן אַ קריטישן אַנאַליז פון באָראָכאָווס מאַרקסיסטישן ציוניזם. דערצו וואָלט נייטיק געווען אָנצושרייבן לפּחות אַ בוך.

אָבער נישט געקוקט אויף זיינע טעותים דאַרף מען אָנערקענען די באַ־דייטונג פון באָראָכאָוון אַלס גייסטיקן פירער פון אַ גרויסן טייל פון דער ראַ־דיקאַליזירטער יידישער יוגנט און פון דער סאָציאַליסטישער יידישער אַרבע־טערשאַפט אין אַ צייט פון שווערע בלאָנדזשעניש. מיט זיין מאַרקסיסטישן ציוניזם האָט באָראָכאָוו געוויזן אַ וועג דער יוגנט, וועלכע האָט געשטרעבט צום ציוניזם און געגעבן אַ האַלט־פּונקט די בלאָנדזשענדיקע. עס מאַכט נישט, וואָס

זיין דיאגנאָז וועגן „סטיכישן קאָנצענטרירן זיך" פון דער יידישער עמיגראַציע אין ארץ ישראל איז געווען נישט ריכטיק, אָבער מיט זיין מאַרקסיסטישער באַזע פאַרן פּאַלעסטיניזם האָט ער באַווירקט, אַז אַ גרויסער טייל פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט איז געבליבן ציוניסטיש.

דער אמת איז, אַז באָראָכאָוו איז געווען אַ ציוניסט ווי מיר אַלע, אָבער אַלס מאַרקסיסט האָט ער געמוזט האָבן דעם הסכם פון זיין פילאָזאָפיע צו זיין נאַציאָנאַלן אידעאַל. און איך גלויב, אַז דער ציוניסטישער ווילן אין באָראָכאָוון האָט געצוווּנגען דעם מאַרקסיסט אין אים צו זאָגן אָמן צו זיין ציוניזם.

# ד ר. י ה ו ש ע ט ה אָ ן

ד"ר יהושע טהאָן איז געווען איינער פון די גייסטיקע פירער פונעם ציוניזם און פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער אויפלעבונגס-באַוועגונג, פון וועלכע ער אַליין איז געווען איינער פון די שעפער.

דר. טהאָנס גייסטיקע און פּאָליטישע ווירקונג האָט זיך צעטיילט אויף פאַרשידענע געביטן: אַלס רעדנער און אַלס פּובליציסט, אַלס מאָדערנער ראַבינער־פּרעדיקער און אַלס ציוניסטישער עסקן און צולעצט, נאָך דער פאַראייניקונג פון גאַליציע מיט פּוילן, אַלס פּאַרלאַמענטאַריער, אַלס סיים-דעפּוטאַט. און אויף אַלע די דאָזיקע געביטן האָט זיך דר. טהאָן אויסגעצייכנט ווי אַ מאַן פון אויסערגעוועהנלעכע פעאיקייטן און פון אַ גאָר הויכער מאָראַל.

ווען מען באַטראַכט דר. טהאָנס לעבנס־ווערק איז ממש שווער צו גלויבן, אַז דער דאָזיקער מענטש האָט דערגרייכט נישט מער ווי 66 יאָר. כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט ער אַנטיילגענומען אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג און תמיד אין די פאָדערשטע רייען: אַלס קעמפער, אַלס מוכיח, אַלס לערער און אַלס וועג־ווייזער אין שווערע סיטואַציעס.

דער 66 יעריקער, וועלכער איז איצט געשטאָרבן, איז געשטאַנען ביי דער וויג פון דער מאָדערנער ציוניסטישער באַוועגונג. דר. הערצל האָט אים שוין געטראָפן אַלס אַקטיוון ציוניסט. ווען הערצל איז אַרויס פון זיין שרייב־-צימער אין דאָס ברייטע יידישע לעבן און גענומען שאַפן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע **און דעם ציוניסטן־קאָנגרעס, האָט ער געפונען צווישן די אַנדערע פריערע חובבי** ציון, אויך דעם יונגן דר. טהאָן און זיין לאַנדסמאַן אַדאָלף שטאַנד. זיי, צוזאַמען מיט דר. נתן בירנבוים זענען געווען די ערשטע, וועלכע זענען צוגעשטאַנען צו דעם, דאָן אין דער יידישער וועלט נאָך פרעמדן ווינער פעליעטאָניסט. און פון זינט דעמאָלט, פון זינט יענע באַראַטונגען אין דער ווינער רעמבראַנדט שטראַסע אין יאָר 1896, איז דר. יהושע טהאָן כסדר געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, תמיד אין די ערשטע רייען, דערפרישנדיק און באַלויכטנדיק די פאַרשידענע זייטן פון דער באַוועגונג, די פאַרשידענע אויפקומענדיקע פּראָבלעמען מיט זיין וואָרט. און די יידישע וועלט האָט זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט ווי צום וואָרט פון אַ תלמיד חכם. און דאָס דאָזיקע וואָרט האָט זיך

געלאָזט הערן אין פאַרשידענע שפּראַכן. מיט דער זעלבער לייכטקייט ווי העב־רעאיש האָט טהאָן אויך געשריבן דייטש און פּויליש. און אין די לעצטע אַכצן יאָר האָט ער אויך געשריבן אַ סך אין יידיש. אויף די שפּאַלטן פונעם ווארשעווער „היינט". די פּובליציסטישע ארבעטן פון דר. טהאָן וואָלטן געקענט אויספילן עטלעכע בענדער ווען מען זאָל זיי זאַמלען. און אַ טייל פון זיי, באַזונדערס זיינע עסעיען וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דייטש, אינעם אַמאָליקן ציוניסטישן צענטראַל־אָרגאַן „די וועלט" און אויך זיינע העברעאישע ארבעטן אינעם „השלוח" זענען פון אַ באַזונדערן ליטעראַרישן ווערט, וועלכער שטעלט אַוועק דר. טהאָן אין דער רייע פון די בעסטע עסעאיסטן.

***

דר. יהושע טהאָן איז געבוירן געוואָרן אין לעמבערג אין יאָר 1870. זיין פאָ־טער איז געווען אַן ארבעטער, אַ דרוקער און אַ ייד אַ תלמיד חכם. דאָס איז גע־ווען פון יענע דרוקער־ארבעטער, וועלכע האָבן געהאַט אַ השגה זיך אָנצורופן „עוסקים במלאכת הקודש" און טאַקע צו גרינדן אַ חברה מיט אַ שולעכל אונטער אָט דעם נאָמען. דער יונגער טהאָן האָט אין לעמבערג געהערט צו אַ גרופּע, צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט דר. מרדכי ערענפּרייז, דר. מרדכי ברוידא, דר. דוד ניימאַרק, אַדאָלף שטאַנד, און אַנדערע. פון די דערמאָנטע לעבן היינט נאָך די צוויי (ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!): דר. ערענפּרייז און דר. ברוידא.

אַלס יונגער מאַן, צוויי יאָר נאָכן פאַרענדיקן זיין שטודיום אין בערלין, איז דר. טהאָן אָנגעקומען אַלס ראַבינער־פּרעדיקער אין דער „פּאָרטשריטלעכער סי־נאַגאָגע" אין קראָקע. פאַר טהאָנען האָט דעם דאָזיקן פּאָסטן פאַרנומען דער אַביסל מער קאָנסערוואַטיווער דר. י. ל. לאַנדוי (שפּעטער ראַבינער אין יאָהאַ־נעסבורג).

די ערשטע צייט איז פאַר טהאָנען געווען גענוג שווער אין קראָקע. ער, דער ציוניסט, וועלכער האָט אַלס זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע אָנגעשריבן אַ בוך „צור געשיכטספילאָזאָפישן באַגרינדונג דעם ציוניזמוס", איז פּלוצים אַריינגעקו־מען אין אַן אַסימילאַטאָרישן אַמביענט. די קראָקויער טעמפּל־יידן האָבן דער־וואַרט, אַז דער יונגער ראַבינער וועט זיי פּרעדיקן דאָס באַקאַנטע אַסימילאַטאָ־רישע „איזראַעליטענטום". דער יונגער ראַבינער אָבער האָט גענומען פּרעדיקן דעם ריינסטן נאַציאָנאַלן געדאַנק, דעם ריינסטן ציוניזם. די טעמפּל הערן איז דאָס נישט זייער געפעלן. דער דאָזיקער יונגער ענטוזיאַסטישער נאַציאָנאַליסט האָט געדראָט זיי צו שטערן זייערע אַסימילאַטאָרישע געשעפטן. אָבער דר. טהאָן האָט מיט יעדער פּרעדיק זיך צוגעצויגן מער פריינט, מער ענטוזיאַסטישע צוהע־רער. זיינע פּרעדיקטן זענען געוואָרן אַן ענין פאַר די געבילדעטע און אינטעלי־גענטע קרייזן פון שטאָט. אויך נישט רעליגיעזע יידן, אָדער אייגנטלעך כמעט

נאָר נישט־רעליגיעזע פּלענער אויסשפּילן דעם טעמפּל בשעת טהאָנס פּרעדיקטן. און וואָס גרעסער ס'איז געוואָרן דער קרייז פון זיינע צוהערער, אַלץ זיכערער האָט זיך געפילט דער יונגער נאַציאָנאַלער ראַבינער כלפּי זיינע אסימילאַטאָרי־שע טעמפּל־הערן. לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָבן די דאָזיקע דרשות צעשטערט די פעסטונג פון אסימילאַציע אין קראָקע. אַזוי ווייט צעשטערט, אַז אין דער דאָזי־קער קראָקע ווו אַ פּאָפּולערער ציוניסטישער קאַנדידאַט איז אַמאָל סקאַנדאַליעז דורכגעפאַלן באַקומענדיק אַרום הונדערט שטימען, איז נאָך דער פּאַרייניקונג מיט פּוילן טאַקע טהאָן אַליין געוועלט געוואָרן אַלס סיים־דעפּוטאַט קעגן אַ זייער פּאָפּולערן און איינפלוסרייכן אסימילאַטאָרישן ראַדיקאַלן קאַנדידאַט.

דר. טהאָנס טעטיקייט אַלס פּאַרלאַמענטאַריער אין פּוילישן סיים, איז אַל־געמיין באַקאַנט. די דאָזיקע טעטיקייט איז נישט תמיד געפעלן די פּוילישע יידן. טהאָן האָט דאָס געוווסט, אָבער דער מענטש מיט דער עסטרייכיש־בערלינער דערציאונג האָט זיך נישט געקענט צופּאַסן צו דער פּאָליטישער מענטאַליטעט פון די יידן וועלכע זענען אויפגעוואַקסן אין אַן אַנדערער פּאָליטישער אַטמאָס־פערע. וואָס מען זאָל נישט זאָגן וועגן דר. טהאָנס פּאַרלאַמענטאַרישער טעטי־קייט, מוז מען אָבער מודה זיין, אַז ער האָט קיין מאָל נישט פאַרשוויגן קיין שום עוולה וואָס די רעגירונג איז באַגאַנגען קעגן די פּוילישע יידן. ער האָט זיך נאָר באַדינט מיט אַן אַנדערער טאַקטיק.

אין דער צייט פון לעצטן סיים האָט זיך טהאָן מער ראַדיקאַליזירט און זיין קריטיק פון דער רעגירונגס־פּאָליטיק לגבי די יידן האָט אָנגענומען וואָס אַמאָל שאַרפערע טענער.

אָבער טהאָנס באַדייטונג אַלס יידישער פירער ליגט נישט אין זיין פּאַר־לאַמענטאַרישער טעטיקייט. די דאָזיקע טעטיקייט דאַרף מען גיכער באַטראַכטן ווי אַן עפּיזאָד אין טהאָנס רייכן עפּנטלעכן לעבן. זיין גייסטיקע באַדייטונג ליגט מער אין זיין פּובליציסטישער אַרבעט און אַלס קאַנצעל־רעדנער. אויף די דאָ־זיקע ביידע געביטן האָט טהאָן געשאַפן גרויסע גייסטיקע און מאָראַלישע ווערטן. מיר ווייסן נישט צי דר. טהאָן האָט אויפגעשריבן וועלכע נישט איז פון זיינע פּרעדיקטן. אויב דאָס זאָל פאַרלוירן גיין וואָלט געווען באמת אַן אומדערשעצ־באַרער שאָדן. וואָרים טהאָן אַלס קאַנצעל־רעדנער קאָן פאַרגליכן ווערן מיט די גאַנץ גרויסע פון אַלע פעלקער און אַלע רעליגיעס. ער פאַרטונקלט זיי נאָך מיט דעם גלאַנץ פון זיין פלאַמענדיקער, ענטוזיאַסטישער אָבער דערביי הארציק אויפריכטיקער רעטאָריק.

# ראָבערט שטריקער

לויט א מיטטיילונג פון ד"ר יוסף לעווענהערץ, דעם געוועזענעם פּרעזידענט פון דער ווינער קהילה, האָבן די נאַציס דעפּאָרטירט קיין פּוילן דעם אינזשעניער ראָבערט שטריקער, און אז פון זינט דאַן האָט מען פון שטריקערן מער נישט געהערט. שוין אין א פריערדיקער צייט איז געווען א ידיעה וועגן דער דערמאָרדונג פון שטריקערן אין א קאָנצענטראַציע-לאַגער. אָבער עס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן אין דער דאָזיקער ידיעה. איצט, נאָך דער דערקלערונג פון לעווענהערצן, איז דוכט זיך, שוין קיין שום האָפענונג נישטאָ.

ווער איז געווען ראָבערט שטריקער?

ראָבערט שטריקער האָט געהערט צום צווייטן דור פון די עסטרייכישע ציוניסטישע פירער, וועלכע האָבן געאַרבעט אונטער דער פירערשאַפט פון הערצלען און מיט הערצלען. ראָבערט שטריקערס ציוניסטישע און גלות-פּאָליטישע טעטיקייט פאַלט אוים אין דער תקופה פון אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914 ביז צו דער פארכאַפּונג פון עסטרייך דורך היטלערן. כאָטש זיין ערשטער ארויסטריט אויף דער פּאָליטישער ארענע איז פאָרגעקומען מיט עטלעכע יאָר פריער. וואָרום שוין ביי די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין 1911 איז ראָבערט שטריקערס קאַנדידאַטור ארויסגעשטעלט געוואָרן קעגן דעם סאָציאַל-דעמאָקראַט פריץ אויסטערליץ, דעם רעדאַקטאָר פון דער ווינער „ארבעטער צייטונג". שטריקער האָט דאַן געמוזט זיין נאָך א יונגער מענטש צווישן 30 און 35 יאָר. דער פאַקט וואָס די יידיש-נאַציאָנאַלע פּאַרטיי האָט ארויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור אין אזא וויכטיקן וואַל-קרייז, זאָגט עדות וועגן זיין פּערזענלעכן ווערט און וועגן זיין פּאָליטישער פעאיקייט. די דאָזיקע קאַנדידאַטור, האָט זיכער באַפרידיקט שטריקערס א פּאָליטישע ליידנשאַפט: צו קעמפן קעגן א סאָציאַל-דעמאָקראַטישן אסימילאַנט. קעגן א נישט-יידישן סאָציאַל-דעמאָקראַט וואָלט שטריקער אין יענע יאָרן ווארשיינלעך נישט געווען ארויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור. אָבער פריץ אויסטערליץ, איינער פון די בעסטע זשורנאַליסטן אין דער דייטשער שפּראַך, איז געווען א ייד, אַן אסימילאַנט און „קאָנפעסיאָנסלאָז", דאָס הייסט ארויסגעטראָטן פון דער יידישער קהילה, און אזעלכע מענטשן האָבן באַזונדערס ארויסגערופן שטריקערס פּאָליטישע קאַמף-ליידנשאַפט. די ווירקונג פון די יידישע אסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטן ביי די עסטרייכישע פּעל-

קער און אויך אין דייטשלאַנד האָט שטריקער אויך שפּעטער באַקעמפט אין אַ בראָשור „דער יידישער נאַציאָנאַליזם" וואָס איז אַרויס אין ווין אין 1918. ביי יענע וואַלן אין 1911 איז שטריקער דורכגעפאַלן אָבער ער האָט זיך געגעבן צו דערקענען אינעם יידישן פּאָליטישן לעבן פון עסטרייך אַלס אַ שאַרפער קעמפער און אָרגאַניזאַטאָר.

אַלס ציוניסט האָט שטריקער געהערט צו יענער גרופּע פון ציוניסטן, פאַר וועלכע ס'איז נישט געווען קיין פראַגע, צי מעגן, צי דאַרפן ציוניסטן זיך פאַר־נעמען מיט יידישע פּאָליטיק אין די גלות-לענדער, אָדער גאָר אָנפירן די דאָ־זיקע פּאָליטיק. דאָס איז פאַר אים געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. דאָס האָט אָריענטירט זיין ציוניסטישע פּאָליטיק. דער דעמאָקראַטישער אינהאַלט פון דער דאָזיקער פּאָליטיק האָט אים שפּעטער געבראַכט אין די רייען פונעם ראַ־דיקאַלן ציוניזם, ווו ער איז געווען דער קאַמף-חבר פון יצחק גרינבוים, ד"ר נחום גאָלדמאַן, ד"ר סאָלאָווייטשיק, ד"ר ישראל וואַלדמאַן און אַנדערע.

שטריקערס אייגנטלעכע אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן באַלד מיטן אָנהויב פון דער וועלט-מלחמה פון 1914, ווען ער האָט דער ערשטער זיך פאַרנומען מיט דער אָרגאַניזירונג פון הילף פאַר די מאַסן יידישע פּליכט־לינגע וועלכע האָבן אָנגעהויבן קומען פון גאַליציע קיין ווין. שפּעטער איז די דאָזיקע טעטיקייט אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער רעגירונג און איז אַריבער אין אַנדערע הענט. אָבער אַ וויכטיקער אויפטו שטריקערס איז געווען די גרינדונג פונעם יידישן קריגס־אַרכיוו אין אָנפאַנג פון 1915. דאָס איז געווען אַ ביז גאָר וויכטיקע אינסטיטוציע וועלכע האָט צונויפגעזאַמלט אַ מאַסע מאַטעריאַל וועגן יידן אַלס סאָלדאַטן, וועגן די פאַרשידענע אויסערונגען פונעם מיליטערישן אַנ־טיסעמיטיזם און וועגן די ליידן פון די יידן אונטער דער צאַרישער אָקופּאַציע ווי אויך פון אַנטיסעמיטישע פאַראָרדענונגען פון געוויסע עסטרייכישע קאָמאַנ־דאַנטן אינעם קריגס-געביט. דער קריגס-אַרכיוו וועמענס דירעקטאָר ס'איז גע־ווען ד"ר נתן בירנבוים, האָט אַרויסגעגעבן אַ חודש ביולעטין טאָקע אונטערן נאָמען „יודישעס קריגס־אַרכיוו" מיט אַ מאַסע מאַטעריאַל און דאַטן קעגן די פאַרלוימדונגען מצד געוויסע מיליטערישע אַנטיסעמיטן. צי דער אַרכיוו פון דעם דאָזיקן קריגס-אַרכיוו איז געראַטעוועט געוואָרן, און ווו ער געפינט זיך, איז מיר נישט באַקאַנט.

אין יענע מלחמה-יאָרן איז ראָבערט שטריקער אַרויסגערוקט געוואָרן צו דער פירערשאַפט פון די עסטרייכישע ציוניסטן. און מען דאַרף דערמאָנען, אַז עס האָבן זיך דאַן געפונען אין ווין אַזעלכע ציוניסטן ווי ד"ר יהושע טהאָן, אַדאָלף שטאַנד, ד"ר דוד מאַלץ א. א. די דערמאָנטע זענען שוין אַלע אויפן עולם האמת. אונטער שטריקערס פירערשאַפט האָט דער ציוניזם אין עסטרייך אָריענ־טירט די פּאָליטיק פון די עסטרייכישע יידן אין אַ שאַרפן קאַמף פאַר די ציווי־לע און פּאָליטישע רעכט פון די יידן ווי אויך קעגן אַנטיסעמיטיזם און קעגן

יעטוועדער אַנטיסעמיטישער דיסקרימינאַציע. און דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז שטריקער איז געווען אַ מלוכה־באַאַמטער, ער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּאָסטן ביי די מלוכהשע אייזנבאַנען. אין זיין פּאָליטישן קאַמף האָט ער זיך נישט גערעכנט מיט זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן.

אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד פון שטריקערס פּאָליטישער טעטיקייט איז געווען זיין אודיענץ ביים קייזער קאַרל אין די לעצטע טעג פון דער מלחמה. קאַרל האָט דעמאָלסט אין לעצטן מאָמענט געפּרוווט ראַטעווען די אַלטע מאָנאַרכיע פון אונטערגאַנג. ער האָט איינגעלאַדן צו זיך די פירער פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען פונעם פּאַרלאַמענט און זיי אויסגעפרעגט וועגן זייערע נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע פאָדערונגען, דערקלערנדיק זיין גרייטקייט צו געבן די פעלקער די פולסטע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע אויטאָנאָמיע. אין דעם זינען האָט קאַרל אויך פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט, אויף וועלכן די טשעכן האָבן זיך שוין נישט געוואָלט אפילו אומקוקן.

ביי יענע אודיענצן ביים יונגן און פּאָליטיש נישט דערפאַרענעם קייזער זענען אויך געווען צוויי יידישע פּאַרלאַמענטאַריער: ד״ר נתן לעווענשטיין, און דער סאָציאַליסט ד״ר הערמאַן דיאַמאַנד. ביידע האָבן גערעדט ווי פּאָליאַקן וועגן פּוילישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן און נישט דערמאָנט אפילו וועגן יידן. ראָבערט שטריקער האָט דאַן אין לעצטן מינוט געפּועלט, אַז אַלס יידישע פאָרשטייער זאָלן ווערן איינגעלאַדן הויז אים אַליין, אויך ד״ר טהאָן און אַ ראַדיקאַלער דעפּוטאַט פון גאַליציע, רייצעס, וועלכער האָט שפּעטער אין דער פּוילישער קאָנסטיטואַנטע זיך באַצייכנט אַלס נאַציאָנאַלער ייד. די דריי, באַזונדערס אָבער שטריקער און טהאָן האָבן עקספּאָנירט פאַרן קייזער דעם יידיש נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, קעגן די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן. אמת, קאַרל האָט שוין דאַן נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, אָבער, מען האָט נישט געקאָנט וויסן — אפשר דאָך.

נאָך דער צעברעקלונג פון דער עסטרייכישער פעלקער־מלוכה איז ראָבערט שטריקער, וועלכער איז דאַן געווען דער פּרעזידענט פון דער עסטרייכישער ציוניסטישער לאַנדעס־אָרגאַניזאַציע, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט פונעם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין עסטרייך. די אָרגאַניזאַציע פון די נאַציאָנאַל־ראַטן און זייער פּראָגראַם איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אַ ציוניסטישער קאָנפערענץ אין ווין אַ קורצע צייט פאַרן סוף פון דער מלחמה. די יידישע נאַציאָנאַל־ראַטן האָבן אין יענער צייט פון כאַאָס, פון איבערגאַנג פון דער עסטרייכישער שטאַטלעכקייט צו דער שטאַטלעכקייט פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע מלוכות, דערפילט אַ זייער וויכטיקע אויפגאַבע. אָן דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע וואָלטן זיך די יידן אין יענעם מאָמענט פּשוט געווען פּאָליטיש פאַרלוירן. אין אַ טייל פון די ניי אַנטשטאַנענע נאַציאָנאַלע מלוכות האָבן די נאַציאָנאַל־ראַטן געמוזט פאַרטיידיקן מיט וואָפן אין די הענט נישט בלויז די רעכט פון די יידן נאָר פּשוט דאָס לעבן און יידיש האָב און גוטס. דאָס איז געווען אין מערב גאַליציע (קראָ-

קע), אין מזרח-גאַליציע (לעמבערג און סטאַניסלאַוו) און אויך אין ווין, וווּ ביים יידישן נאַציאָנאַל-ראַט איז אָרגאַניזירט געוואָרן די „יידישע פאָלקסוועהר". די ווינער יידישע פאָלקסוועהר איז געווען שטריקערס אַן אָרגאַניזאַטאָרישע טאַט. אין די טעג און וואָכן פונעם איבערגאַנג, האָט די פאָלקסוועהר, באַשיצט מיט וואָפן אין די הענט די יידישע געגנטן פון ווין קעגן איבערפאַלן פון כּלערליי אַנ-טיסעמיטן. די יידישע פאָלקסוועהר איז אָנערקענט געוואָרן פון דער רעגירונג.

אַן אַנדערע אָרגאַניזאַטאָרישע טאַט פון שטריקערן איז געווען די גרינדונג פון דער „ווינער מאָרגן-צייטונג" אין אָנפאַנג 1919, וועלכע איז געווען די איינ-ציקע יידישע ציוניסטישע טאָג-צייטונג אין דייטש, באַשטימט פאַר די יידן און פאַר דער פּאָליטישער עפנטלעכקייט פון מיטל-אייראָפּע. די „ווינער מאָרגן-צײ-טונג" האָט עקזיסטירט ביז סוף 1927.

אין דער ציוניסטישער וועלט-אָרגאַניזאַציע האָט שטריקער פאַרנומען דעם אַמט פון וויצע-פּרעזידענט פון גרויסן ציוניסטישן אַקציאָנס-קאָמיטעט פון 1921 ביז צום קאָנגרעס פון 1927, ווען ער איז צוריקגעטראָטן פון דעם דאָזיקן אַמט צוליב זיין אָפּאָזיציע קעגן דער קוראַטאָריע פון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. עס האָט זיך דאַן געהאַנדלט וועגן דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונגס-פרייהייט פון דער אוניווערזיטעט. ד"ר וויצמאַן אַלס דער גרינדער און פּאָרזי-צער פון דער קוראַטאָריע האָט נעמלעך באַווירקט דעם פּאַריזער באַראָן ראָט-שילד, ער זאָל געבן 100.000 פונט פאַר דער גרינדונג פון דער אוניווערזיטעט. ראָטשילד האָט געשטעלט די באַדינגונגען, אַז אין דער אוניווערזיטעט זאָל נישט געטון ווערן קיין זאַך וואָס קאָן פאַרלעצן די יידישע רעליגיע — דאָס האָט גע-מיינט, אַז אין דער אוניווערזיטעט זאָל מען זיך נישט טאָרן פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטלעכער ביבל-פאָרשונג. די קוראַטאָריע האָט דערצו מסכים געווען. שטריקער האָט געהאַלטן אַ שאַרפע רעדע קעגן דעם אויפן 14-טן ציוניסטן-קאָנגרעס אין 1927. דער פאַקט וואָס שטריקער איז מערערע מאָל געוויילט גע-וואָרן אַלס פּרעזידענט אָדער וויצע פּרעזידענט פון די פּערמאַנענץ-קאָמיסיעס פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן, באַווייזט, נישט בלויז זיין אָרגאַניזאַטאָרישע פעֹ-איקייט, נאָר אויך דעם צוטרוי, וואָס מען האָט צו אים געהאַט אין די קרייזן פון אַלוועלטלעכן ציוניזם.

שטריקער איז געווען אַ גוטער רעדנער און אַן אינטערעסאַנטער פּובליציסט. אַ זאַמלונג פון זיינע רעדעס און אַרטיקלען איז אַרויס אין 1920 אין ווין אונטערן טיטל „די וועגן פון דער יידישער פּאָליטיק". ער איז געווען דער איינציקער יידי-שער פאַרטרעטער אינעם ערשטן פּאַרלאַמענט פון דער נייער עסטרייך. אין יאָר 1936 האָב איך אים באַגעגנט אויפן יידישן וועלט קאָנגרעס אין גענף, וווּ ער האָט רעפּרעזענטירט דאָס עסטרייכישע יידנטום. מ'האָט דאַן באַמערקט אַן אים אַ געוויסע גייסטיקע מידקייט, אַ געוויסע פאַרביטערטקייט און יאוש — אַ יאוש וועלכער האָט דאַן כאַראַקטעריזירט די דענקנדע יידן פון כמעט אַלע לענדער פון מיטל-אייראָפּע.

# יוסף טרומפּעלדאָר

## (צו זיין 25־טן יאָרצייט)

י״א אדר איז דער יאָרצייט פון יוסף טרומפּעלדאָר, וועלכער איז געפאַלן אין קאַמף, צוזאַמען מיט נאָך פינף חלוצים און חלוצות, פאַרטיידיקנדיק א ברעקל יידיש לאַנד אין סאַמע צפון פון ארץ־ישראל, — די קבוצה תל חי אין גליל העליון. וועט מען אפשר פרעגן: וואָס איז דער מער? מיט 25 יאָר צוריק זענען געפאַלן זעקס יידן, דאַרף מען זיי דערמאָנען היינט, ווען מיר דאַרפן באַוויינען דעם טויט פון מיליאָנען יידן, דערהרגעטע און פאַרפייניקטע, — היינט ווען טאָג־טעגלעך ווערן נאָך אַלץ געמאָרדעט יידן, הונדערטער, אפשר טויזנטער? דאַרף מען אויף דעם ענטפערן, אז סיי דער טויט ווי דער קאַמף פון יוסף טרומפּעלדאָר און זיינע חברים פאַר א קליין שטיקל יידיש לאַנד האָט געהאַט א זינען פאַרן קאַמף פונעם יידישן פאָלק פאַר זיין נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. דער פאַרטיידיקונגס־קאַמף אין תל חי און פאַר תל חי איז געווען א קאַמף פאַר ארץ־ישראל, א קאַמף, דורך וועלכן מען האָט באַדאַרפט באַווייזן די אַראַבער פון מדבר, די בעדואינער, אז ארץ־ישראל איז נישט הפקר, אז עס וועט זיך זיי נישט איינגעבן צו שטערן און צעשטערן יידישע אַרבעט און דעם אויפבוי פונעם יידישן לאַנד. אָט דערפאַר האָט דער קאַמף פון תל חי א נאַציאָנאַל היסטאָרישע באַדייטונג.

די נאַציאָנאַלע באַדייטונג פון תל חי איז, וואָס א גרופּע פון עטלעכע חלוצים, צווישן זיי צוויי חלוצות, האָבן געשטעלט א ווידערשטאַנד א מחנה פון צעיושעטע בעדואינער און א גרויסע טייל פון די איבערפאַלער זענען געפאַלן פון די קוילן פון דער קליינער גרופּע פאַרטיידיקער. דער קאַמף־גייסט פון תל־חי איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען. ער לעבט אין די הערצער פון דער יידישער יוגנט אין דער גאַנצער וועלט. דער גייסט פון תל חי האָט געלעבט אין דער יידישער יוגנט פון ווארשע, ביאַליסטאָק און אין אַנדערע געטאָס און זיי געפירט צום קאַמף פאַרן יידישן כבוד קעגן א פילפאַכיק שטאַרקערן שונא.

דער קאַמף אין תל חי איז פאָרגעקומען י״א אדר תר״פ (1920). אין ארץ־

ישראל האָבן דעמאָלסט געלעבט א 70.000 יידן, אומגעפער 10 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג פון לאַנד. עס זענען דאן געווען אין לאַנד א 30 קבוצות מיט ארום 600 חלוצים. די קליינע גרופּע חלוצים אין תל חי זענען דאן געווען דער אוואַנגאַרד פונעם גאַנצן ישוב און אין זייער קאַמף האָבן זיי זיך געפילט ממש ווי דער אוואַנגאַרד פונעם גאַנצן יידישן פאָלק. טרומפּעלדאָר איז געפאַלן אין קאַמף און צוזאַמען מיט אים זענען געפאַלן די חלוצים שניאור שאַפּאָשניק, אהרן שאָר, דבורה דראַכלער, בנימין מונטער, שאַרף, שרה טשיזשיק און טאָקער. די אנדערע חלוצים, זעענדיק דעם קאַמף פאַר האָפענונגסלאָז, האָבן זיך צוריקגע־צויגן קיין כפר גלעדי. ווען די קאַמף־חברים האָבן אוועקגעטראָגן דעם שווער פאַרוווּנדעטן טרומפּעלדאָר פונעם קאַמף־פּלאַץ, האָט ער זיי געטרייסט: אין דבר, טוב למות בעד ארצנו („ס'מאַכט נישט — ס'איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונ־דזער לאַנד"). טרומפּעלדאָר איז דאן נאָך נישט אַלט געווען קיין פולע 40 יאָר.

דער קאַמף אין תל חי איז געפירט געוואָרן 4 חדשים לאַנג. פיר חדשים לאַנג האָט די קליינע קבוצה איבערגעטראָגן איבערפאַלן פון מחנות באַוואָפנטע בעדואינער. קיין באַפעסטיקטער פונקט איז תל חי נישט געווען. דער יידישער ערד־אַרבעטער האָט מיט איין האַנט געזייט און מיט דער אנדערער האַנט גע־האַלטן דאָס געווער. די אַראַבישע באַנדעס, וועלכע האָבן געזוכט רויב, פלעגן זיך פון צייט צו צייט פאַרשטעלן פאַר פריינט פון יידן און דערקלערן, אַז זיי האַלטן מלחמה נאָר מיט די פראַנצויזן. און מיט אַזעלכע „פריינטלעכע מיט־לען" זענען זיי איבערגעפאַלן די יידישע דערפער און גערויבט. די חלוצים האָבן דעריבער געוואָלט באַווייזן די רויבער, אַז יידישע פּראַצע איז נישט הפקר. און די קעמפער פון תל חי האָבן דאָס באַוויזן.

ווי מען האָט דאן אָפּגעשאַצט אינעם ישוב דעם קאַמף פון תל חי, קאָן מען זען פון די פאָלגנדע שורות פון יוסף חיים ברענער:

„תל חי איז פאַרברענט געוואָרן. אָבער דאָס יידישע הארץ לעבט. אונדזע־ברידער און שוועסטער דאָרט, סיי די וואָס זענען געהרגעט געוואָרן, און סיי די וואָס זענען לעבן געבליבן און דערגאַנגען צו אונדז, זיי האָבן אונדז געוויזן אַז דאָס דאָזיקע הארץ לעבט, אַז עס איז געלייטערט געוואָרן אין פייער — זיי האָבן אויך געוויזן ווו דאָס הארץ איז געווען. און מיר? מיר די צעשפּרייטע, די שוואַ־כע — צי וועט פון איצטער אָן יעדער שוואַכער צווישן אונדז א זאָג טון: א העלד בין איך — און ווערן א העלד?

„תל חי. דאָס יידישע הארץ לעבט. אָבער די אנדערע אברים זיינע? צי וועלן זיי אויך אויפלעבן? צי זענען מיר אַלע גרייט צו לעבן מיט דעם קלאַפּ פון דעם דאָזיקן הארץ ביז צום לעצטן אָטעם־צוג? צי זענען מיר אַלע אריין אין די הארץ־קאַמערן אונדזערע אין דער דאָזיקער צעווילדעוועטער צייט וואָס וועט נישט געשווינד אריבער, צי האָבן מיר דאָרט געהערט דעם אָפּקלאַנג פון דעם שטיל־דערהויבענעם רוף פון דעם העלד מיט דעם אָפּגעשניטענעם אָרעם:

„גוט איז צו שטארבן פאר אונדזער לאנד"?

„גוט! ווייל איז צו דעם וואס שטארבט מיט דער דאזיקער דערקענטעניש — און מיט תל חי צוקאפנס".

ווי אזוי איז טרומפעלדאר געקומען קיין תל-חי?

לאמיר קודם געבן א פאר ביאגראפישע דאטן וועגן טרומפעלדארן:

געבוירן אין 1880, אין פיאטיגארסק (קאווקאז). דער פאטער איז א געוו. „ניקאלאיעווער סאלדאט", שטאלץ אויף אפהיטן זיין יידישקייט במשך די 25 יאר דינסט, אבער אן יידישן וויסן. די משפחה, די סביבה — שטארק אסימי-לירט. נאר אייניקע חדשים באזוכט ער א חדר, דורכן פארטיפן זיך אין יידי-שער געשיכטע דערוועקט זיך אין אים א שטרעבונג פאר א פריי יידיש לעבן אין ארץ-ישראל. מען דארף דא אין זינען האבן דעם קריגערישן פרייהייט-ליבנדן גייסט פון די קאווקאזער יידן. ווען עס ברעכט אויס די רוסיש יאפאנישע מל-חמה, מעלדעט זיך טרומפעלדאר, א פיזיש שטארקער יונגער מענטש, אלס פריי-וויליקער צום מיליטער.

ביי דער פארטיידיקונג פון פארט-ארטור צייכנט ער זיך אויס מיט זיין העלדישקייט, מיט זיינע ארגאניזאטארישע פעאיקייטן, מיט זיין ווירקונג אויף די ארומיקע סאלדאטן. ער פארלירט א האנט אין א שלאכט, אבער גלייך ווי ער הייזלט זיך אויס, בעט ער צוריקגעשיקט צו ווערן אויפן פראנט, און פאלט אריין אין יאפאנישער געפאנגענשאפט. נאך דער מלחמה, צוריקקומענדיק קיין רוס-לאנד, ווערט ער דערהויבן צו אפיצירן-ראנג. ער איז דער ערשטער יידישער אפי-ציר אין דער צארישער ארמיי. ביי דעם אלעמען איז ער אן איבערצייגטער אנטי-מיליטאריסט. ער גיט אויף די מיליטערישע קאריערע און נעמט זיך שטודירן, כדי צו קענען פארן נאכהער קיין ארץ-ישראל און זיין נוצלעך זיין פאלק.

טרומפעלדאר ווערט באהערשט פון חלוצישע אידעאלן. ער איז איינער פון דער קליינער גרופע פון זיבן מאן, וועלכע האלטן אפ אין אויגוסט 1911 אין ראמני א קאנפערענץ וועגן דער אידעאלאגיע און פראבלעמען פון דער קבוצה.

יוסף טרומפעלדאר האט געפילט א באזונדערע ליבע צו רוסלאנד און צום רוסישן מענטשן. אבער — שרייבט ער: — „פיל, פיל מער האב איך ליב מיינע אידייען וועגן אומאפהענגיקן לעבן פון די יידן אין ארץ-ישראל, וואריס יידיש בלוט פליסט אין מיינע אדערן. פון די קינדער-יארן אן האב איך צוזאמען מיט אלע יידן געטרונקען פונעם בעכער פון דערנידעריקונגען און באליידיקונגען. אן א שיעור מאל האט מען מיר געווארפן אין פנים אריין דאסווארט „ייד"... אין מיר לעבט א ליבע צו נאציאנאלער און מענטשלעכער פרייהייט און אויך דער פארוואונדעטער יידישער שטאלץ".

בשעת דער וועלט-מלחמה באגעגנט זיך טרומפעלדאר אין אלעקסאנדריע (מצרים) מיט זשאבאטינסקין, וועלכער טראגט זיך דאן ארום מיט דער אידייע פונעם יידישן לעגיאן. אבער די ענגלישע מיליטערישע פירער זענען קעגן. עס

ווערט דאָן געשאַפן (סוף 1915) דער „ציון מויל-אייזל-קאָרפּוס" פאַר מיליטער־ רישן הילפס־דינסט אין פראָנט. דער קאָמאַנדאַנט פון דעם קאָרפּוס איז דער קאַ־ ראָנעל פּאַטערסאָן. טרומפּעלדאָר, אַלס קאַפּיטאַן, ווערט שפּעטער פּאַטערסאָנס נאָכפאָלגער.

נאָכן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע קערט זיך טרומפּעלדאָר אום קיין רוסלאַנד (דער מויל-אייזל-קאָרפּוס איז פריער אויפגעלייזט געוואָרן). ווו ער באַטייליקט זיך אַלץ ארמיי־קאָמענדאַנט אין דער פאַרטיידיקונג פון פּעטראָ־ גראַד, קעגן דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד פון קאָרנילאָוון. אָבער אין מיטן דעם קאַמף פאַר רוסלאַנד פאַרגעסט נישט טרומפּעלדאָר אָן ארץ־ישראל. ער וואַרפט זיך אַריין אין דער ארבעט צו אָרגאַניזירן חלוצים־באַטאַליאָנען פאַר אַרבעט אין ארץ ישראל. זיין פּראָפּאַגאַנדע רופט אַרויס באַגייסטערונג אין גרויי־ סע טיילן פון דער יידישער יוגנט איבער גאַנץ רוסלאַנד. טראָץ אַלע שוועריג־ קייטן פון קאָמוניקאַציע, מצד דער רעגירונג, דעם בירגער קריג א. אז. וו., פירט אָן טרומפּעלדאָר מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער חלוצישער באַוועגונג, און ברענגט צוזאַמען דעם ערשטן החלוץ־צוזאַמענפאָר אין פּעטראָגראַד, 6-טן יאַנואַר 1919 — אויף וועלכן עס ווערן אויסגעאַרבעט די אידייאישע און אָרגאַניזאַציאָ־ נעלע יסודות פון דער החלוץ-באַוועגונג.

דאָן מאַכט ער דורך די געפערלעכע שווערע רייזע קיין א"י, כדי דאָרט צו־ גרייטן פּלאַץ און אַרבעט פאַר די טויזנטער חלוצים וואָס וועלן קומען נאָך אים. ער פאַרהאַנדלט מיט דער ענגלישער רעגירונג און מיט די לייטנדע קרייזן פון דעם ישוב וועגן דער איינאָרדענונג פון א גרויסער עליה. ער רופט די אַרבעטער־ שאַפט צו פאַראייניקונג, כדי מיט געשלאָסענע כוחות בעסער דערפילן די היס־ טאָרישע מיסיע פון אויפבויען דאָס נייע ארץ-ישראל.

דאָס איז געווען אין נאָוועמבער 1919. טרומפּעלדאָר האָט דאָן געוואָלט נאָך א קורצע צייט בלייבן אין לאַנד און זיך באַלד אומקערן קיין רוסלאַנד, ווו עס האָבן אויף אים געוואַרט נאָך וויכטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעטן פאַר דער חלוצישער באַוועגונג. אָבער דערוויסנדיק זיך וועגן דער באַדראָטער לאַגע וואָס האָט זיך געשאַפן אין גליל העליון דורך די אַראַבישע איבערפאַלן, האָט ער גע־ איילט צו העלפן די באַדראָטע יידישע פּאָזיציעס. נאָכדעם ווי ער האָט פאַר־ טריבן די רויבער-באַנדעס פון מתולה, האָט ער געשריבן צום ועד הצירים אין ירושלים בעטנדיק צו שיקן 200 מאַן צו הילף און אויך פינאַנציעלע מיטלען (א סומע פון 2.000 פונט), כדי צו קענען צוריקשלאָגן די באַנדעס. אויף דער זיצונג פון ועד הצירים האָט אוסישקין און די אַרבעטער־פאַרשטייער געשטיצט טרומפּעלדאָרס פאָדערונג, צו פאַרטיידיקן תל חי. נאָר זשאַבאָטינסקי איז צוליב פּאָליטישע טעמים געווען קעגן און „מיט רעכט" — אונטערשטרייכט אַדאָלף בעהם אין זיין געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. (באַנד 2, זייט 49). אָבער זשאַבאָטינסקיס שטאַנדפּונקט איז נישט אָנגענומען געוואָרן. מען האָט

באשלאָסן באַוויליקן טרומפּעלדאָרס פּאָדערונג. נאָר ביז מען האָט געקאָנט צו-נויפזאמלען 200 וואָלונטירן און 2.000 פונט איז שוין געווען צו שפּעט. טרומ-פּעלדאָר און זיינע חברים זענען דערווייל געפאַלן אין קאַמף און די רויבער באַנדעס האָבן פאַרברענט תל חי, וואו ס'איז אָבער שפּעטער אויפגעבויט געוואָרן אַ נייע יידישע קאָלאָניע.

***

דערמאָנענדיק צו זיין 25־טן יאָרצייט דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן אויסער-געוויינלעכן מענטשן יוסף טרומפּעלדאָר, דעם קעמפער און אידעאַליסט, וועלכן די ציוניסטישע אַרבעטער באַטראַכטן אַלס זייערן אַ פירער און קעמפער, און וועמענס נאָמען די רעוויזיאָניסטן האָבן אַרויפגעשטעלט אויף דער פאָן פון זייער יוגנט־באַוועגונג, וואָלט זיך וועלן וויסן, וועמענס איז ער געווען, יוסף טרומפּעל-דאָר, און וועלכע זענען די אמתע פאַרווירקלעכער פון טרומפּעלדאָרס געדאַנק און פון זיין נאַציאָנאַלן אידעאַל?

אַמבעסטן קאָן מען דערקענען טרומפּעלדאָרן פון זיינע מעשים און פון זיי-נע אייגענע ווערטער. זיינע מעשים זענען: די שאַפונג פון דער החלוץ־באַוועגונג, די שטרעבונג צו אַן איינהייטלעכער יידישער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל.

און דאָ זענען אייניקע געדאַנקען פון טרומפּעלדאָר:

„אַזוי ווי איך קען זיך נישט אויסמאָלן אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען איך וועל שלום מאַכן מיט דער עקזיסטירנדיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אַזוי קען איך מיר נישט אויסמאָלן, אַז איך וועל שלום מאַכן מיט דער דאָזיקער לאַגע פון יידישן פאָלק — די לאַגע פון קנעכט וואָס זענען אָפּהענגיק פון דער מיינונג פון זייער באַלעבאָס. עס ווייטיקט דאָך דאָס האַרץ אין מיר און דאָס באַוווּסטזיין פון מענטשלעכן ווערט אין מיר שרייט אַרויס פון דער טיף — סיי ווען מיינע אויגן זעען ווי מיין יידישער ברודער ווערט דערנידעריקט און מבוזה, און סיי ווען דער זאַטער מענטש, דאָס לייב אָנגעגאָסן פון גוט לעבן, ברייטערט אויס די גרעניצן פון זיין דערהאָבערונג און שליטה, און לאַכט אויס און חוזקט אָפּ מיט גיפטיקער פרייד פון פאַריאָגטע, צעווייטיקטע און הונגעריקע".

און אויף אַן אַנדער אָרט שרייבט טרומפּעלדאָר:

„נישט קיין שווערד, נאָר שלום טראָגן מיר קיין ארץ־ישראל; און בלויז אַן אויסערגעוויינלעכע לאַגע וועט אונדז קענען צווינגען איבערצושמידן אונדזערע גראָב־אייזנס אויף שווערדן".

***

„די מלחמה איז אין זיך פאַרדאָרבן, און פאַרדאָרבן זענען אַלע אירע באַ-גלייט־דערשיינונגען.

***

„אין דער ארבעט ווערט דער מענטש געפרוווט און געריייניקט".

„זאָלסט געדענקען אז קיין ארץ-ישראל גייסטו נישט צוליב גבורה-מעשים, נישט צוליב ברענגען קרבנות, נאָר צוליב ארבעט.

***

„מיר ווילן שאַפן קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, מיר ווילן די מענטשן באַקענען מיט דעם וועג, אויף וועלכן זיי זאָלן גיין און קומען צו זיכערער מאַטעריעלער עקזיסטענץ און צו דער מעגלעכער גייסטיקער פאָלקאָמענהייט.

„נאָר אין דער קאָמוניסטישער לעבנס-פאָרם קען מען דערגיין צו דער גרעסטער אָפּשפּאָרונג פון ארבעט און קאַפּיטאַל.

„די נאַציאָנאַליזירונג פון באָדן איז אַ נויטווענדיקער תנאי פאַר אַ געזונטער יידישער קאָלאָניזאַציע, פאַר אַן איינוואַנדערונג פון מאַסן און זייער פאַרוואָרצלונג אין דער ארבעט".

אָט אזא איז ער געווען דער דאָזיקער יוסף טרומפּעלדאָר, וועלכער איז געפאַלן אין קאַמף פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אַ שפּאַן באָדן פון ארץ-ישראל, און וועלכער האָט, שטאַרבנדיק, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן דערקלערט אז „אין דבר טוב למות בעד ארצנו" — ס'איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונדזער לאַנד.

# פון די אָנפאַנגען פון דער פּועלי-ציון-באַוועגונג

די ערשטע ארבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין דעם ציוניזם זענען אַנטשטאַנען כמעט גלײכצײטיק מיטן אויפקום פון ציוניזם אלס אַ יידיש-פּאָליטישע באַוועגונג.

ס'איז כדאי דאָ אָנצווייזן אויף אַן אינטערעסאַנטן שטריך: דער ציוניזם איז ביי זיין דערשיינען אין דער יידישער וועלט לײדנשאַפטלעך באַקעמפט געוואָרן פון די צוויי עקסטרעמען פון אונדזער געזעלשאַפט: פון דעם הויכן פינאַנץ-קאַפּיטאַל, די באַנקירן און פון דער אַסימילירטער בורזשואַזיע, און פון דער אַנדערער זייט פונעם יידישן, אָבער אויך אַסימילירטן סאָציאַליזם. און אַלס רעאַקציע צום אַנטי-ציוניזם פון אונדזערע דאַמאָלסדיקע סאָציאַליסטן, זענען אַנטשטאַנען די ערשטע אָרגאַניזירטע גרופּן פון ארבעטער און אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן זיך באַקענט צום ציוניזם.

די ערשטע ארבעטער-גרופּן, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין די ראַמען פון ציוניזם האָבן פּאַרטיידיקט די פאָלקסטימלעכקייט פון ציוניזם קעגן די פאַלשע ארגומענטן פון די אַסימילירטע סאָציאַליסטן. בעת די סאָציאַליסטן פּלעגן טענהן, אַז דער סאָציאַליזם לייזט אַלע סאָציאַלע פראַגן, אַלזאָ אויך די יידישע, האָבן די ציוניסטישע ארבעטער און די אינטעליגענץ נישט געגלויבט אין דער דאָזיקער לייזונג, אגב איז דעמאָלט דער סאָציאַליזם געווען „צוקונפטס-מוזיק״ און די דעמאָלסדיקע קעגנווארט האָט די ציוניסטן געלערנט, אַז מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיין פרעמדע ישועות, נאָר דאָס יידישע פאָלק דאַרף נעמען זיין גורל אין זיינע אייגענע הענט.

איין אינטערעסאַנטער שטריך פון די ערשטע יאָרן פון ציוניזם, איז דער פאַקט, וואָס בעת די יידישע סאָציאַליסטן האָבן באַקעמפט די נייע באַוועגונג מיט לײדנשאַפט און נישט איבערקלייבנדיק אין די מיטלען, האָבן די סאָציאַליסטן פון די נישט-יידישע פעלקער זיך באַצויגן קאָרעקט, מיט פאַרשטענדעניש, אָפטמאָל זאָגאַר מט אָפענער סימפּאַטיע צו דער נייער באַוועגונג. אזוי למשל האָבן די שווייצאַרישע סאָציאַליסטישע ציימונגען באַגריסט דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל אין יאָר 1897 און אייניקע האָבן געבראַכט גאָר ענטוזיאַסטישע אָפּשאַצונגען וועגן ציוניזם, דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און וועגן

די ציוניסטישע פירער. עס האָט זיך דאָ ארויסגעוויזן דער פאַקט, אַז סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען, וועלכע זענען פריי פון דער השפּעה פון די יידישע סאָציאַליסטן, באַציען זיך אָביעקטיווער צום ציוניזם, ווי די פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון יידישע פירער. אַזעלכע שטרענג אַנטיציוניסטישע פּאַר־טייען זענען געווען למשל די רוסישע, די פּוילישע (פּ.פּ.ס.), די עסטרייכישע, א. א. דער דאָזיקער פאַקט איז נישט געבליבן פאַרשטעלט פאַרן באַוווסטזיין פון די מער נאָכדענקלעכע, מער יידיש־געשטימטע ארבעטער און דאָס האָט זיי גע־פירט צו דער דערקענטעניש, אַז ציוניזם איז אַ פאָלקס־באַוועגונג, אין וועלכער אויך דער ארבעטער דאַרף און קען פאַרנעמען זיין פּלאַץ, און אַז ציוניזם מוז נישט דווקא זיין אַנטי־סאָציאַליסטיש. און פון דער דאָזיקער דערקענטעניש ביז צו דער גרינדונג פון די ערשטע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּן איז שוין גע־ווען נאָר אַ קורצער שריט.

ווען און ווו ס'איז צום ערשטן אויפגעקומען דער נאָמען פּועלי ציון, ווען דעם האָב איך נישט קיין דאַטעס. זיכער האָט זיך דער דאָזיקער נאָמען צום ערשטן מאָל באַוויזן אין רוסלאַנד אין די שטעט פון תחום המושב. אין רוסלאַנד איז גלייכצייטיק מיטן ציוניזם געגרינדעט געוואָרן דער „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין ליטע, רוסלאַנד און פּוילן. דער בונד האָט פון ערשטן טאָג אָן באַקעמפט דעם ציוניזם מיט דער גרעסטער שאַרפקייט. און אַלס רעאַקציע קעגן בונד האָבן זיך געבילדעט די ערשטע פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס. און אַזוי ווי די אָרגאַניזאַציעס זענען געווען אומלעגאַלע, זענען אין פאַרשידענע שטעט אַנטשטאַנען פּועלי־ציון־גרופּעס, וועלכע האָבן אָפט נישט געוווסט, איינע פון די אַנדערע. צוליב דער דאָזיקער לאַגע איז דער פּועלי־ציוניזם באַלד ביי זיין אַנטשטייאונג געווען געשפּאָלטן אין פאַרשידענע „ריכטונגען": אין „מינסקער", אין „וויטעבסקער", אין „פּוילישע", אין „פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס" און אין פּאַלעסטינער טעריטאָריאַליסטן (אָדער טעריטאָריאַליסטישע פּאַלעסטינצעס) וכדומה.

כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט איז אַן אויפרוף, וואָס איז דאַן דער־שינען אין דעם חודש־זשורנאַל „די יידישע צוקונפט", וועמענס ארויסגעבער עס איז געווען דר. יחזקאל וואָרטסמאַן. אין דעם דאָזיקן אויפרוף שרייבט דר. וואָרטסמאַן, אַז היות עס זענען דאָ פאַרשידענע ריכטונגען און שטרעמונגען צווישן פּועלי־ציון און יעדע ריכטונג האָט אַן אַנדער פּראָגראַם, על כן ראָט ער, אַז יעדע ריכטונג זאָל אַריינשיקן איר פּראָגראַם אין רעדאַקציע „די יידישע צו־קונפט", וועט מען פון די אַלע פּראָגראַמען אויסאַרבעטן איין פּראָגראַם. דאָס איז געווען געדרוקט ערגעץ אַרום דעם יאָר 1904.

און אין 1905 איז שוין געווען אין עסטרייך אַן אָרגאַניזירטע פּועלי־ציון באַוועגונג, מיט אַ צענטראַלן פּראָפעסיאָנעלן פאַרבאַנד (דער „אַלגעמיינער יידי־שער ארבעטער און האַנדלס־אַנגעשטעלטע פאַרבאַנד פּועלי ציון" אין עסטרייך),

מיטן צענטראַלן זיץ אין קראָקע און מיט אַ גאַנצער נעץ פון פּאַריינען. און אויף וויפיל פון רוסלאַנד איז אַרויסגעגאַנגען די תורה פון פּועלי־ציוניזם, איז פון עסטרייך די באַוועגונג אָרגאַניזירט געוואָרן און די עסטרייכישע פּאַרטיי איז געוועזן דער פאַרבינדונגס־פּונקט צווישן די פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס פון דער גאַנצער וועלט — ביז ס'איז געשאַפן געוואָרן דער וועלט־פאַרבאַנד פּועלי ציון אין יאָר 1907.

די באַוועגונג האָט דאַן געהאַט דריי צענטערן: רוסלאַנד, עסטרייך און אַמעריקע, ד. ה. די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. אין רוסלאַנד איז דער פּועלי־ציוניזם געוועזן שטרענג מאַרקסיסטיש: באָראָכאָוו האָט אונטערגעבויט דעם מאַרקסיסטישן פונדאַמענט אונטערן פּועלי־ציוניזם. אין עסטרייך איז די באַוועגונג געוועזן מער רעכטס־סאָציאַליסטיש־רעפאָרמיסטיש. די אַמעריקאַנער האָבן דאָס רוב מסכים געוועזן מיט די עסטרייכער, בעת די ארץ־ישראלדיקע גרופּע איז נאָך דעמאָלט געוועזן אידייאיש ענג פאַרבונדן מיט דער רוסישער פּאַרטיי.

***

איך האָב דאָ נאָר געוואָלט קורץ סקיצירן די אָנפאַנגען פון דער פּועלי ציון באַוועגונג. די פאַרשידענע אידייאישע עלעמענטן פון וועלכע דער פּועלי ציוניזם האָט גענומען זיין אָנפאַנג, ציען זיך ווי אַ דירעקטע ליניע דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער דאָזיקער באַוועגונג. די דאָזיקע פאַרשידענע אידייאישע עלעמענטן האָבן געבילדעט דעם הויפּט־אָביעקט פון די פאַרשידענע אינערלעכע קאַמפן פון דער באַוועגונג, פון די פאַרשידענע שפּאַלטונגען און פאַראייניקונגען און פון איר נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער אַקציע. די אידייאישע עלעמענטן, אויף וועלכע דער פּועלי־ציוניזם האָט זיך באַזירט, זענען געווען: די נאַציאָנאַלע אידייע, דאָס לאַנד — ארץ־ישראל, און דער סאָציאַליזם. אויפן געביט פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע זענען פון ערשטן מאָמענט אָן פאָרגעקומען אינערלעכע קאַמפן און רייבונגען. איך האָב שוין אויבן אָנגעוויזן די אידעאָלאָגישע פאַרשידנהייט צווישן די עסטרייכער און אַמעריקאַנער פון איין זייט, און די רוסישע און ארץ־ישראלדיקע פון דער אַנדערער זייט. די דאָזיקע פאַרשידנקייט איז געקומען צום אויסדרוק שוין דורך דעם נאָמען. די עסטרייכער און די אַמעריקאַנער האָבן זיך גערופן סאָציאַליסטן, בעת די רוסישע פּ. צ. האָבן זיך גערופן יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אין יענע צייטן איז „סאָציאַל־דעמאָקראַט" געוועזן די באַצייכענונג פון אָרטאָדאָקסישן מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, בעת אַ „סאָציאַליסט" איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ תלמיד פון אַ מער ליבעראַלער, אידעאַליסטישער שולע פון סאָציאַליזם. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַפילו פאַר די סאַמע רעכטע סאָציאַליסטן צווישן די פּועלי־ציון, איז געוועזן אַנגענעם, ווען זיי האָבן זיך דערוווסט, אַז דער ציוניזם לאָזט זיך באַגרינדן און פאַרטיידיקן אַפילו פון

סאמע אָרטאָדאָקסאַלסטן מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט. נאָך מער: נישט בלויז „עס לאָזט זיך" באַגרינדן, נאָר פאַרקערט, אַ פאָרשטייער פון דער דאָזיקער ריכ־טונג פון די מאַרקסיסטישע פּועלי־ציון, אַלעקסאַנדער כאַשין, וועלכער איז שפּע־טער געוואָרן אַ קאָמוניסט, האָט דעמאָלסט געמאַכט אַ טור מיט אַ פאָרטראָג אונטערן טיטל „פּועלי ציון, די איינציקע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". ער האָט אַלזאָ באַוויזן, אַז אַ יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קען גאָר נישט זיין אַנטי־ציוניסטיש. דאָס האָט געהייסן אַז דער פּועלי־ציוניזם איז די איינציקע יידישע מאַרקסיסטישע באַוועגונג. באָראָכאָוו האָט אין זיין „פּלאַטפאָרם" און אין זיין „נאַציאָנאַלער פראַגע" געשאַפן אַ ברייטערן און טיפערן פונדאַמענט פאַר דער דאָזיקער ריכטונג. און ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז אפילו די נישט־מאַרק־סיסטן צווישן די פּועלי־ציון האָבן זיך נישט געוואָרפן מיט אַזאַ סאָרט מאַרק־סיזם. פאַר דער פּאָלעמיק מיט די דרויסנדיקע קעגנער איז דאָס געווען זייער נוצלעך. כאָטש אינערלעך האָט מען אָפט געהאַט צרות פון די נייע מאַרקסיסטן.

***

איך קען דאָ נישט אפילו קורץ אָנדייטן די געשיכטע פון די אידעאָלאָ־גישע קאַמפן צווישן די פאַרשידענע פּאַרטיי־ריכטונגען אין פּועלי־ציוניזם. די דאָזיקע קאַמפן, וואָס האָבן געפירט צו דער שפּאַלטונג אין יאָר 1919, אין רעכ־טע און לינקע פּועלי־ציון און צו שפּעטערדיקע נייע פאַראייניקונגען און נייע בילדונגען. איך וויל דאָ נאָר אָנווייזן אויף דעם פּועלי־ציוניזם אַלס אַ פאַקטאָר אין דער אַלוועלטלעכער יידישער פּאָליטיק.

די פּועלי־ציון ווערן אַ וויכטיקער כוח אינעם פאַרווירקלעכונגס־פּראָצעס פון ציוניזם. און צוזאַמען מיט אַנדערע ריכטונגען פון סאָציאַליסטישן ציוניזם ווערן זיי אַ מאַכט־פאַקטאָר אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אויפן קאָנגרעס, און ציען־צו וואָס אַמאָל גרעסערע יידישע מאַסן.

אָבער אפילו אין דער צייט, ווען די פּועלי־ציון זענען באַשטאַנען פון קליי־נע גרופּעס, זענען זיי געווען אַ באַדייטנדער פּאָליטישער און קולטורעלער כוח אין דער יידישער וועלט. דער אַרבעטער־ציוניזם האָט פון ערשטן מאָמענט אָן פון זיין עקזיסטענץ געבילדעט אַ פערמענט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין די קאַמפן פאַר דער אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט אין עסט־רייך, אין די קאַמפן פאַר יידישער אויטאָנאָמיע, פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַר אַ נאַציאָנאַלער יידישער קולטור, האָבן די פּועלי־ציון מאַרשירט אין דער ערשטער רייע און מיטגעריסן די בירגערלעכע ציוניסטן. אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן די פּועלי־ציון געקעמפט אַזוי לאַנג ביז זיי האָבן דורכגעבראָכן די וואַנט פון דעם אַסימילאַטאָרישן סאָציאַליזם. דער דאָזיקער זיג איז אָנגעצייכנט דורך די, יעדעס יאָר גרעסערע דערפאָלגן פון אַמעריקאַנער געווערקשאַפטס־

קאמפיין פארן ארבעטנדן ארץ־ישראל. ביי דעם דאָזיקן קאמף האָבן די אמערי־קאנער פועלי־ציון געוואונען נישט בלויז געלט, גרויסע זאמלונגען פאר די פאנדן, נאר אויך די הערצער פון נישט איין ארבעטער־פירער און פון דער ארבעטער און פאָלקס־מאסע. די פועלי־ציון האָבן אָנגעפירט מיט דערפאָלג דעם קאמף קעגן דער אסימילירטער בורזשואזיע אין אלטן עסטרייך. זיי האָבן געצוווּנגען דעם ווינער געלט־ייד ריטער פאָן טאוסיג ממש צו אנטלויפן פון דער ווינער קהלה, נאָכדעם ווי עס האָט זיך דערהערט א קלאנג, אז ער פארהאנדלט וועגן א הלואה פאר דער צארישער רעגירונג, נאָך די אָקטובער־פאָגראָמען.

א זייער באדייטנדן פאָליטישן פארנעם האָט געהאַט די טעטיקייט פון די פועלי־ציון בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער וועלט־פארבאנד פועלי־ציון האָט דאַן אונטערן טיטל „דאָס רויטע בוך" ארויסגעגעבן א זאמלונג פון דאָקו־מענטן וועגן דער יידישער לאגע, דער עיקר אין פוילן און רוסלאנד. דאָס "רויטע בוך" האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון דער אינטערנאציאָנאלער וועלט צו דער יידישער טראגעדיע. בכלל האָט דער פועלי־ציוניזם אין אלע זיינע ריכ־טונגען געווירקט אלס פערמענט אין דער יידישער פאָליטיק.

# אַלעקסאַנדער כאַשין און יחזקאל ניסאַנאָוו

אַלעקסאַנדער כאַשין איז געשטאָרבן אין אַ סאָוועטישער טורמע — אַזאַ ידיעה איז אָנגעקומען פון רוסלאַנד.

— ווער איז געווען אַלעקסאַנדער כאַשין?

פאַר די, וועלכע האָבן דעם נאָמען נאָך נישט געהערט, און דאָס זענען זי־בער דער רוב לייענער פון יידישע צייטונגען, וויל איך דערווייל קורץ באַמערקן, אַז אַ. כאַשין איז אַמאָל געווען איינער פון די פירנדע קעפּ אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג אין רוסלאַנד. ער איז געווען באָרוכאָוום אַ תּלמיד און חבר. אָבער נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז ער אריבער אין באָלשעוויסטישן לאַגער, געוואָרן אַ ברענענדיקער שונא־ציון. און איצט איז ער געשטאָרבן — אַלס שונא־ציון אין אַ סאָוועטישער טורמע, אַלס אַ „פאָלקס־פיינט" אַ פיינט פון אַרבעטנדיקן פאָלק און פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און אַ „נאַ־ציאָנאַליסט", אַ טראָצקיסט וכדומה, וכדומה.

און ווער איז געווען יחזקאל ניסאַנאָוו?

דאָס איז געווען אַ פּשוטער יידישער שניידער־געזעל פון קאַווקאַז, וועלכער איז אַלס שומר אין ארץ־ישראל געפאַלן אין קאַמף קעגן אַראַבישע רוצחים ערגעץ אַרום דעם יאָר 1908.

פאַרוואָס איך דערמאָן דאָ דעם נאָמען פון ניסאַנאָוון צוזאַמען מיט אַלעק־סאַנדער כאַשין?

דאָס איז נישט בלויז, ווייל איך האָב זיי ביידן געקענט אין איין צייט אין קראָקע, און אויך נישט צוליב דעם האַרציקן הספּד, וועלכן כאַשין האָט אָנגע־שריבן איבער כאַסקעל ניסאַנאָוו, ווען יענער איז געפאַלן פון אַן אַראַבישער קויל. (דער דאָזיקער הספּד געפינט זיך אינעם באַקאַנטן יזכור־בוך אויפן טויט פון די ערשטע שומרים). דער נאָמען פון כאַסקל ניסאַנאָוו איז מיר פלוצים געקו־מען אין זינען אינעם מאָמענט, ווען איך האָב זיך דערוווּסט וועגן כאַשינס טויט אין דער סאָוועטישער טורמע.

כאַשין איז מיר אַמאָל געווען זייער נאָענט. אמת, די פריינטשאַפט האָט געהאַט צייט אויסצוועפּן אין די מער ווי דרייסיק יאָר, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען. אָבער דער טויט דערוועקט תּמיד אַלטע געפילן און שטימונגען. און ווען אַ פריינט — זאָל זיין אפילו אַ געוועזענער פריינט, שטאַרבט, ווילט זיך וויסן: ווי

אזוי איז ער געשטאָרבן? און דאָ האָט זיך מיר דערמאָנט'אַ וואָרט, וואָס איך האָב געהערט ביים קבר פון ד"ר שאַבאַד אין ווילנע: „ווער עס לעבט שיין, שטאַרבט שיין".

איז כאַשין „שיין געשטאָרבן"?

נו, איין גאָט ווייסט דעם אמת, אז אזא טויט איז נישט'קיין שיינער. עס איז אַ ביטערער טויט פון אַ פאַרביטערטן. נאָר ווער ווייסט, צי איז ער געווען פאַרביטערט, אַלעקסאַנדער כאַשין, דער אַמאָליקער פועלי־ציוניסטישער ר'עדנער און טעאָרעטיקער, וועלכער איז געוואָרן אַ שונא-ציון און וועלכן דער גורל האָט פאַרמשפּט צו שטאַרבן אין אַ טורמע אַלס „פאָלקס-פיינט" — פאַרלאָזן פון אַלעמען?! צי איז נישט דער דאָזיקער טויט געווען אַ שטראָף פאַר אַ פאַראַטן באַליידיקט לעבן?

ווער עס לעבט שיין, שטאַרבט שיין. אַלעקסאַנדער כאַשין האָט זיך פאַר־זינדיקט קעגן לעבן — קעגן זיין אייגענעם לעבן.

***

ווער עס לעבט'שיין, שטאַרבט שיין: ווען דער געוועזענער קאַווקאַזער שניידער־געזעל כאַסקל ניסאַנאָוו איז געפאַלן אין קאַמף מיט די אַראַבער אויפן וועג קיין בית־גן, איז געקומען זיין מוטער און מיט שטאָלץ זיך אוועקגעשטעלט ביים טויטן קערפּער'פון איר זון. און איר ערשטע פראַגע איז געווען: האָט ער גענומען נקמה פון די מערדער? און ווען מען האָט דער אָרימער, שטאָלצער קאַוו־קאַזער יידענע דערציילט, אַז איר זון האָט פאַרן טויט געשאָסן אויף די'אַראַ־בישע אָנפאַלער און אַז ער האָט איינעם שווער פאַרווונדעט, האָבן אירע ליפּן אַרויסגעזאָגט: „געלויבט איז גאָט".

צי וואָלט אויך כאַשינס מוטער געקענט שטייען מיט אַזוי פיל שטאָלץ ביים טויטן קערפּער פון איר זון?

***

איך נעם דאָ אַלעקסאַנדער כאַשין און כאַסקל ניסאַנאָוו נישט אַלס צוויי פּערזאָנען, נאָר אַלס צוויי סאָציאַלע טיפּן: כאַשין דער אינטעליגענט און כאַסקל דער אַרבעטער.

כאַשין איז געקומען קיין קראָקע מיט היבשע עטלעכע חדשים פאַר ניסאַ־נאָוון. ער איז געקומען פון יענעם ציוניסטן-קאָנגרעס אין דער שווייץ, ווו מען האָט באַגראָבן דעם אוגאַנדאַ־פּלאַן. די ציוני־ציון האָבן דעמאָלט דורכגעפירט אַ דעמאָנסטראַציווען מאַרש אין דער שווייצאַרישער שטאָט פרייבורג. צווישן די ציוני-ציון, די קעגנער פון יעטוועדער אַנדערער טעריטאָריע, זענען דאַן אויך געווען די'שטרענג-מאַרקסיסטישע פועלי־ציון און כאַשין צווישן זיי.

קומענדיק פון שווייץ קיין קראָקע, צוזאַמען מיט נאָך אַ חבר (וועמענס נאָמען כ'דערמאָן מיך נישט) און מיט יצחק גרינבוימען, האָט כאַשין זיך תיכּף אַריינגעוואָרפן אין דער אַגיטאַציע פאַרן פּאַלעסטיניזם. פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט האָט דאַן כאַשין „באַוויזן", אַז פּועלי־ציון איז „די איינציקע ייִדי־שע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". קיין אַנדערע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז גאָר נישט מעגלעך, זי וואָלט זיין נישט מאַרקסיסטיש, אָדער אפשר גאָר אַנטי־מאַרקסיסטיש.

כאַשין איז געווען פון יענעם מין דיאַלעקטיקער, וועלכע קענען אַלץ „באַ־ווייזן". ער איז געווען אַ ייִד אַ למדן, וואָס איז פון תלמוד און פּוסקים אַריבער־געגאַנגען צו מאַרקס און ביעלינסקין. זיין דיאַלעקטיק איז געווען אַ תלמודיש־מאַרקסיסטישע. ער איז אָבער געווען אַ גוטער רעדנער און כאָטש אַ רעדע פלעגט ביי אים דויערן 4-5 שעה, איז מען געלאָפן מאַסנווייז אויף זיינע קאָנפערענצן. איבער וואָס ער זאָל נישט געווען רעדן, איז אַלץ געווען אינטערעסאַנט אים צו הערן. אָבער, אַז ער וועט מיט דער זעלבער דיאַלעקטיק, מיט וועלכער ער האָט באַוויזן, אַז די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פירט די ייִדן ממש אויטאָמאַטיש קיין ארץ־ישראל, דערנאָך באַווייזן, אַז ארץ־ישראל איז דאָס „געפּגרטע לאַנד", וואָלט זיך פון אים קיינער נישט געווען געריכט.

כאַשין איז געווען דער טיפּאָוועך אינטעלעקטואַל, אָדער געניוער, דער טי־פּאָוועך קאָפּ־מענטש. ארץ־ישראל איז ביי אים געווען נאָר אַ קאָפּ־זאַך. שפּע־טער, ווען ער האָט זיך אָפּגעקערט פונעם ציוניזם, האָט פאַר דעם אַמאָליקן „ציוני־ציוניסט" באַדאַרפט נישט שווער זיין צו באַווייזן על פּי מאַרקס די שעד־לעכקייט און רעאַקציאָנערישקייט פונעם ציוניזם. קאָן זיין, אַז דער ציוניזם איז ביי כאַשינען גאָר קיין אידעאַל נישט געווען. ס'איז נאָר געווען אַ „מאַרקסיסטי־שער דיאַגנאָז". און מיט אַ דיאַגנאָז קאָן מען זיך אַמאָל טועה זיין, ווי מען קאָן זיך טועה זיין אין אויסטייטשן אַ פּסוק פון מאַרקסן. אָט אַזוי ווערט דאָס לעבן אַן אָביעקט פון אַ פּסוק, וועלכן מען קאָן אויסטייטשן אַזוי אָדער אַזוי. נאָר אומ־גליקלעך איז דאָס לעבן, וואָס ווערט אָפּהענגיק פון אַ פּסוק. פּסוקים האָבן אין אונדזער לעבן שוין נישט איין מאָל געהאַט מוראַדיקע ווירקונגען.



דער שניידער־בחור יחזקאל ניסאַנאָוו פון טעמירכאַן־שור אין דאַגעסטאַן האָט ווייניק־וואָס פאַרשטאַנען פון פּסוקים. מיט אַזעלכע איידעלע זאַכן האָט ער זיך נישט פאַרנומען, נישט ביי זיין פאָטער דעם האַלץ־העקער, מיט וועלכן ער פלעגט אָפּטמאָל אַרויסגיין צוזאַמען אויף אַרבעט, און נישט ביי זיין מוטער, דער וועשערקע, וועלכע פלעגט גיין וואַשן אין ייִדיש־אַשכנזישע הייזער. די בערג־ייִדן פון דאַגעסטאַן האָבן זיך נישט פאַרנומען קיין סך מיט פּסוקים, נישט מיט די אַלטע פּסוקים און נישט מיט די „פּסוקים" פון מאַרקסן. זיי האָבן אפילו קיין ייִדיש נישט פאַרשטאַנען און רוסיש אויך נישט. כאַסקלען איז אָבער געפעלן

דאָס לעבן פון די אשכנזישע, ד"ה רוסישע יידן, און דעריבער האָט ער זיך אויס־געלערנט אַ יידיש פאַך — שניידעריי. אַלס שניידער־אַרבעטער איז ער קודם געקומען פון טעמירכאַן־שור קיין באַקו. דאָרט האָט ער הפּנים דערהערט עפּעס וועגן ציוניזם, וועגן ארץ־ישראל, און ער האָט באַשלאָסן אויסצוואַנדערן קיין ארץ־ישראל. ווייזט אויס, אַז ער האָט שוין אין באַקו זיך דערוווּסט עפּעס וועגן אוסישקינס „אונדזער פּראָגראַם", וווּ אוסישקין האָט געפאָדערט, אַז יעדער יידי־שער יונגערמאַן זאָל גיין אויף פינף יאָר קיין ארץ־ישראל, אַרבעטן פאַרן אויפ־בוי פונעם לאַנד.

כאַסקל האָט באַשלאָסן גיין קיין ארץ־ישראל. אָבער ווי אַזוי נעמט מען זיך דאָס וואַנדערן אָן אַ קאָפּיקע אין קעשענע?

נו, אויף דעם איז מען דאָך עפּעס אַ שניידער! האָט כאַסקל גענומען וואַנ־דערן פון באַקו ביז אָדעס, אַרבעטנדיק אויפן וועג אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך און אומעטום נאָר אַזוי לאַנג, אויף אָפּצושפּאָרן די הוצאות ביז צו דער נאָענטסטער שטאָט. אַזוי האָט ער געאַרבעט אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך און געוואַנדערט פון אָדעס ביז בעסאַראַביע, פון בעסאַראַביע ביז טשערנאָוויץ אין דער בוקאָווינע און פון טשערנאָוויץ איבער לעמבערג ביז קראָקע.

איך דערמאָן מיך, ווען ער איז אָנגעקומען קיין קראָקע, ערגעץ אין הערבסט 1905. ער איז געקומען נאָך מיט אַן אַנדערן חבר, אויך אַ שניידער, מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען געאַרבעט און געוואַנדערט.

דער ערשטער איינדרוק, וואָס כאַסקעל האָט געמאַכט איז געווען, ווי פון אַ קראַפט־מענטש. מיט זיין פעסטן קערפּער און די צוויי שטאַרקע ידים איז יחזקאל ניסאַנאָוו געווען פּשוט די פאַרקערפּערונג פון געזונטקייט און קראַפט. און ער האָט פאַרשטאַנען, כאַסקל, אַז מיט דעם דאָזיקן כוח זיינעם איז ער מחויב צו גיין בויען דאָס יידישע לאַנד.*)

---

*) ווען מען רעדט וועגן יחזקאלן, דאַרף מען אויך דערמאָנען זיין מוטער, וועגן וועל־כער דער „דבר" האָט געשריבן נאָך איר טויט אין יאָר 1934 פאָלגנדעס:

„די מוטער פון די זין, די „מוטער פון די ניסאַנאָווס". פינף זענען זיי געווען און דריי זענען געשטאָרבן ביי איר לעבן. י ח ז ק א ל איז דערהרגעט געוואָרן אין גליל, בעת ער האָט פאַרטיידיקט די מויל־אייזלען און די פאַרטיידיקונגס־מיטלען, וועלכע ס'איז טאַקע געלונגען אָפּצושלאָגן ביי די אָנפאַלער. איינער איז געשטאָרבן אין רחובות, און איי־נער איז אַוועק קיין קאַווקאַז, און איז דערהרגעט געוואָרן דאָרט. אויפן קבר פון יחזקאלן האָט זי זיך נישט אָנגעטון קיין זאַק און נישט אַרויפגעשאָטן קיין אַש אויפן קאָפּ — זי האָט בלויז געפאָדערט ביי אירע זין נקמה פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון זייער ברודער. אַ סך מוטערס זענען ביי אונדז געשטאָרבן, אָבער ס'איז נישט געווען ביי אונדז אַזאַ מוטער, ווי שושנה, וואָס זאָל זיין אַזוי געליבט ביי אַלע חברים פון „השומר" און זאָל זיי אַזוי שטאַרק ליבן. ווער ס'האָט געקענט איר שטאַלץ, דעם שטאָלץ פון אַ מוטער, וועלכע מ'געפינט נאָר ביי נאָרמאַלע פעלקער, האָט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי האָט זוכה געווען צו אַזאַ זון, ווי יחזקאל ניסאַנאָוו.

„איינמאָל האָט זי געריטן אויף איר פערד פון בית־גן קיין מסחה און איר זון איז

אַט דאָס איז געווען זיין ציוניזם. פון טעאָריעס, אידעאָלאָגיעס און פּרינ־ציפּן האָט כאַסקל קיין סך נישט פאַרשטאַנען. און זיכער האָט ער נישט געהאַט קיין שום חוש פאַר כאַשינס מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק, וועלכע האָט באַוויזן, אַז פּועלי ציון איז די „איינציקע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". צו וואָס טויג מיר די „איינציקע"? — וואָלט כאַסקל געווען געפרעגט. ער האָט פאַרשטאַנען און געפילט, אַז ער דאַרף פאָרן אַרבעטן קיין ארץ־ישראל. און איך האָב שוין דערציילט ווי אַזוי ער איז געפאָרן: אַרבעטנדיק און וואַנדערנדיק פון שטאָט צו שטאָט. אין וויפל צענדליקער שטעט האָט כאַסקל געמוזט זיך אָפּשטעלן און אַרבעטן אויף צו פאַרדינען די רייזע־הוצאות? אָבער פאַר ארץ־ישראל איז כדאי זיך אַביסל צוצופּלאָגן. און כאַסקל האָט זיך ערלעך צוגעפּלאָגט ביי דער אַרבעט, צוגעגעבן אָפּט אַ נאַכט צום טאָג — דאָס דערציילט כאַשין אין זיין הספּד איבער כאַסקלען. כאַשין, וועלכער האָט אויסגעטראַכט אַזעלכע „קלוגע" טעאָריעס וועגן ארץ־ישראל, האָט אויף זיך אַזאַ פּלאָגעריי נישט גענומען. ער האָט דער־גרייכט ארץ־ישראל אַ סך לייכטער. דערפאַר איז אים אַזוי לייכט געווען דאָס לאַנד צו פאַרלאָזן און — שפּעטער צו פאַרשעלטן.



איך האָב געקענט כאַשינען אַלס אַ יונגן בחור פון אַ יאָר 23-25. ער האָט זיך דאַן גערופן וויטעבסקי. ער איז דאַן געווען אַ לאַנגער, אַ דאַרער — ממש צום איבערברעכן. דאָס דאַרע, גייסטיקע פּנים איז געווען איינגעראַמט אין אַ דינעם בלאָנדן בערדל. אינגאַנצן האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ישיבה־בחור אַ בטלן. אַט אַזאַ איז ער געבליבן ביי מיר אין זכרון. פריינט, וועלכע האָבן אים געקענט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, דערציילן מיר, אַז ער איז געוואָרן אַן עס־טעט, אַ דענדי און אַ „גאַלאַן" מיט פּרויען. זרבבל דערציילט וועגן אים אין זיינע זכרונות, אַז געפינענדיק זיך אין ארץ־ישראל, האָט ער געהאַט חשק מיטצואַר־בעטן אין דעם נישט־מאַרקסיסטישן „הפּועל הצעיר" מיט ליטעראַרישע אַרטיק־לען. אַזוי ווייט האָט כאַשין דעמאָלט געהאַלטן, אַז אין ליטעראַטור האָט ער נישט אַנערקענט קיין מאַרקסיסטישע דיסציפּלין. ערשט זרבבל האָט זיך אים גע־

---

געגאַנגען נעבן איר צופוס. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די טערקישע קאָנסטיטוציע. דער אַראַבישער ישוב האָט פאַרשטאַנען בלויז איין זאַך: „חור־ריה" — פרייהייט. די פרייהייט האָט זיך אויסגעדריקט אין רויב און אין מאָרד. די וועגן אין גליל זענען געווען הפקר און פול מיט „קאָנסטיטוציאָנעלע" באַנדעס. נעבן דאַרף מוגרבי — נעבן מסחה — האָט זי באַגעגנט אַ באַנדע באַוואָפנטע רויבער. די מוטער איז אַראָפּ פון פערד און אַ זאָג געטון צום זון מיט אַ קאַלטער און שטרענגער שטימע:

„— זעץ זיך אַרויף! זאָלן איבער זיי ווייַנען זייערע מוטערס. איך וויל נישט וויינען איבער מיין זון. גיי זיי אַקעגן מיט מוט — — —"

מוזט אקענגשטעלן און אים געבן צו פארשטייען, אז אויב ער וויל ליטעראריש מיטארבעטן אין „הפועל־הצעיר", זאָל ער אינגאנצן אוועקגיין צו יענער פּאַר־טיי. אזוי שוואך איז געוואָרן כאשינס מאַרקסיזם אין ארץ־ישראל...



ווי אזוי קומט ביי אזא מענטשן דער איבערבראָך פון א טעאָרעטיש פעסט־פונדירטן ציוניזם ביז צו אזא העסלעכן אנטיציוניזם, ווי ביי כאשינען? דאָס קומט פון איבערגעטריבענעם אינטעלעקטואַליזם און פון דעם פעלן פון אן ער־דישער פאַרבונדנקייט מיט די זאכן. פאַר כאַסקל ניסאַנאָוו איז ארץ־ישראל גע־ווען א פשוטע, נאטירלעכע זאך, ממש אן ענין פונעם אינסטינקט. און אזוי איז זי פאַר אלע „ניסאַנאָווס" און אויך פאַר די אינטעלעקטואַלן, פאַר וועלכע אר־בעט איז נישט קיין טעאָריע, נאָר זייער אייגענע ווירקלעכקייט. למשל: בן־גור־יון, אָדער בן־צבי און צענדליקער און הונדערטער אנדערע. פאַר כאשינען אָבער איז ארץ־ישראל קיינמאָל נישט געווען מער ווי א טעאָריע, און דעריבער איז ער דורך זיין אינטעלעקט פאַרפירט געוואָרן צום באָלשעוויזם און צו יענער פאַנא־טישער שנאת־ציון, וועלכע האָט געפונען איר אויסדרוק אינעם מיאוסן וואָרט פונעם „געפנרטן לאַנד".

פון שנאה ווערט געבוירן אלץ נייע שנאה. און אזוי איז אלעקסאַנדער כא־שין געפאַלן א קרבן פון דער שנאה, וועלכע ער האָט געהאָלפן קולטיווירן אין סאָוועט־רוסלאַנד.

כאשין האָט זיך באַצויגן מיט שנאה צו זיינע אמאָליקע חברים, וועלכע האָבן געליטן אין די באָלשעוויסטישע טורמעס און פאַרשיקונגס־פּלעצער. צענדלי־קער פון יענע חברים זענען געשטאָרבן אין מאַטערניש און יסורים. אָבער זיי זענען „שיין געשטאָרבן" — אזוי שיין ווי זיי האָבן געלעבט. אויף כאשינס טויט אין דער סאָוועטישער טורמע קאָן מען דאָס נישט זאָגן.

# הסתדרות — די נאַציאָנאַלע אידייע און נאַציאָנאַלע טאַט

## (צום 25־יעריקן יובל פון הסתדרות)

— 1 —

עס זענען נאָך אַלץ פאַראַן ביי אונדז מענטשן וועלכע האַלטן ממש פאַר אַ נאַציאָנאַלן חוב צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פונעם יידישן מיטעלן שטאַנד קעגן דער אַלץ פאַרכאַפנדיקער הסתדרות. און דאָס וואָרט וועגן דער „אַלץ פאַרכאַפנדיקער" הסתדרות ווערט פון די דערמאָנטע מענטשן באַנוצט כמעט פונקט אַזוי ווי מען פלעגט אַמאָל אין פוילן און אויך אין געוויסע קרייזן אין אַנדערע לענדער רעדן וועגן די יידן וועלכע זאָלן כלומרשט האָבן „אַלץ פאַרכאַפּט": דעם האַנדל, די אינדוסטריע, דאָס צייטונגסוועזן. נו און, פאַרשטייט זיך, אויך דאָס אינטערנאַציאָנאַלע באַנק־וועזן. די וואָס רעדן אַזוי וועגן די יידן וואָס האָבן „אַלץ פאַרכאַפּט", באַזונדערס, די וואָס האָבן אַזוי גערעדט אין פוילן פאַר דער מלחמה, האָבן נישט געוואָלט אַריינטראַכטן זיך, אַז די מעשה מיטן „פאַרכאַפּן" איז גאָר נישט אינגאַנצן ריכטיק· די יידן אין פוילן האָבן גאָרנישט פאַרכאַפּט; זיי האָבן נאָר פאַרנומען ליידיקע פּאָזיציעס, און די ליידיקייט האָבן זיי אויסגעפולט מיט זייער אונטערנעמונגס־גייסט, אַרבעטזאַמקייט, פלייס, עקשנות, גרייטקייט אויסצוהאַלטן אין שלעכטע צייטן און צו וואַרטן מיט געדולד אויף בעסערע. אָט אַזוי האָבן די יידן געשאַפן אָדער אַנטוויקלט אין אַ סך לענדער דעם האַנדל, אינדוסטריע און די פאַרשידנאַרטיקע אָפּצווייגן ברענגענדיק נוצן דעם יחיד, האָבן זיי אויך פאַרמערט דעם וווילשטאַנד און דעם סאָציאַלן פראָגרעס פונעם כלל. און די וואָס האָבן גערעדט און רעדן וועגן דעם יידן וואָס האָט אַלץ פאַרכאַפּט, זענען געווען פוילאַקעס און נישט־פאַרגינער, וועלכע האָבן געוואָלט, אַז עס זאָלן זיי אַריינפאַלן „געבראָטענע טייבעלעך" דירעקט אין מויל אַריין — אָן אַ שום אַרבעט פון זייער זייט. דאָס זעלבע איז מיט דער אַלץ פאַרכאַפנדיקער הסתדרות. דער אמת איז, אַז די הסתדרות, ד. ה. די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט אין ארץ ישראל זענען גאָרנישט אַזעלכע

„פארכאפערס". פארקערט, אדרבא: די הסתדרות וויל, אז יידן פון אלע לענדער און פון אלע סאציאלע שיכטן זאלן קומען קיין ארץ ישראל אויפלעבן דעם באדן, פלאנצן גערטנער, אקערן די פעלדער, גרינדן פאבריקן, איינפירן נייע מלאכות און אנטוויקלען דאס לאנד פאר נייע עולים, פאר נייע יידישע איינוואנדערער־מאסן, דאס הייסט, מיט אנדערע ווערטער, אז די הסתדרות וויל און שטרעבט דערצו, אז דאס יידישע לאנד זאל אויפגעבויט ווערן פאר יידן, פארן יידישן פאלק, וועלכעס נייטיקט זיך אין אן אייגענער נאציאנאלער היים. און אויפבויען דאס לאנד, קולטיווירן דעם באדן, אנטוויקלען די לאנדווירטשאפט, אויסבויען די שטעט, איינפירן אינדוסטריעס און פארמערן די קאמערץ, אזוי, אז עס זאל זיין פלאץ פאר אלץ נייע יידישע איינוואנדערער קאן מען נאר ווען די גאנצע ארבעט וועט געטון ווערן דורך יידן. די הסתדרות איז נאר קעגן אזעלכע יידישע קאפיטאליסטן, וועלכע וואלטן וועלן קומען אין לאנד מיטן צוועק צו פארמערן זייער קאפיטאל דורך דער עקספלואטאציע פון דער ביליקער אראבישער ארבעט אזעלכע יידן בויען נישט ארץ ישראל, נישט א נאציאנאלע היים פארן יידישן פאלק, נאר זיי בויען אין ארץ ישראל א נאציאנאלע היים פאר די אראבער, ביי וועלכע דער סאציאלער האס קעגן די פרעמדע עקספלואטאטארן וואלט אנגענומען די פארמען פון א נאציאנאלן קאמף און זיי וואלטן, פריער אדער שפעטער, ארויסגעשטופט די פרעמדע פון לאנד.

און אט דאס איז דער כאראקטער און די געשיכטע פון דער הסתדרות. ס'איז דער ארגאניזירטער קאמף פאר יידישער ארבעט. און הסתדרות, דארף מען וויסן, איז נישט בלויז די גרויסע ארבעטס-קערפערשאפט, וועלכע האט באקומען אירע ארגאניזאציאנעלע פארמען אין די טעג פון חנוכה אין יאר 1920. הסתדרות, די אידייע פון הסתדרות, איז געקומען אין לאנד אריין צוזאמען מיט די עולים פון דער צווייטער עליה, אנגעהויבן פון יאר 1904. הסתדרות מיינט יענע יידישע ארבעטער, וועלכע האבן מיט מסירת־נפש און שווערע קרבנות געקעמפט פאר „כיבוש־העבודה", דאס הייסט טאקע פאר „פארכאפן די ארבעט", און, לאמיר מודה זיין: אין א גרויסער מאס האט זיך זיי דאס איינגעגעבן — זיי האבן טאקע „פארכאפט". און מיט דעם דאזיקן מין פארכאפן האט ערשט דער ציוניזם אנגעהויבן לאנגזאם, לאנגזאם זיך צו פארווירקלעכן.

— 2 —

מען קאן נישט אפשאצן דעם נאציאנאלן כאראקטער פון דער הסתדרות, נישט קענענדיק כאטש אין קורצע שטריכן די געשיכטע פון דער קאלאניזאציע אין ארץ ישראל מיט אראבישע ארבעטער. אין דער ביליקער אראבישער ארבעט איז געווען א גרויסע סכנה, אז די יידישע אנשטרענגונגען פאר ישוב ארץ ישראל זאלן זיך אויסלאזן מיט גארנישט. און נישט בלויז פריוואטע אונטערנעמער־

פלאנצער, און דאָס אפילו די סאמע „נאַציאָנאַלסטע" קאָלאָניסטן האָבן נישט באַשעפטיקט אין זייערע ווירטשאַפטן קיין יידישע אַרבעטער, נאָר אפילו אין די נאַציאָנאַל־פילאַנטראָפישע קאָלאָניעס פונעם באַראָן ראָטשילד איז געווען אַ זעלטנקייט צו טרעפן אַ יידישן אַרבעטער. און עס זענען געווען אַזעלכע יידישע „נאַציאָנאַליסטן" און חובבי־ציון, וועלכע האָבן אין זייער פאַרבלענדטקייט נישט דערזען די סכנה פון אַ קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל פון יידישע באַלעבאַטים מיט אַראַבישע אַרבעטער. אפילו אַזאַ נאַציאָנאַלער פובליציסט ווי משה לייב ליליענבלום האָט נישט אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון יידישער אַרבעט אין ארץ ישראל. אינעם יאָר תר״ן (ד. ה. אין 1890) האָבן די באַאַמטע אין ראָטשילדס קאָלאָניעס אין ארץ ישראל דערוווייטערט פון דער אַרבעט די יידישע אַרבעטער, האָט דעמאָלט ליליענבלום אינעם פּעטערבורגער „המליץ" אויסגעדריקט זיין פרייד צוליב דער דאָזיקער ידיעה, מיינענדיק, אַז דאָס וועט זיין „אַ גרויסע הילף פאַרן ישוב." קעגן דער דאָזיקער „פרייד" פון ליליענבלומען איז דאַן אַרויסגע־טראָטן אוסישקין אין „המליץ" מיט אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל „שמחה זו מה היא?" (וואָס איז דאָס פאַר אַ שמחה?). אוסישקין האָט קלאָר געזען, אַז מיט אַראַבישע אַרבעטער וועט מען נישט שאַפן קיין יידישן ישוב נאָר אַן אַראַבישן.

אַן דעם קאַמף פון די יידישע אַרבעטער פאַר „פאַרכאַפּן די אַרבעט" האָט ביי דער ביליקער אַראַבישער אַרבעט געדראָט אַ סכנה, אַז די יידישע קאָלאָניסטן און אַנדערע אונטערנעמער זאָלן צוליב זייער פּריוואַטן נוצן צוציען אַראַבישע אַרבעטער פון די אַרומיקע אַראַבישע לענדער. ארץ ישראל וואָלט דאַן געווען געוואָרן אַזוי געדיכט באַפעלקערט פון אַראַבער (און ביים נידעריקן לעבנס־מצב פון די אַראַבישע אַרבעטער וואָלטן זיי נאָר געווען געמאַכט גרויסע אָפּשפּאָרונגען פון די באַקומענע ביי יידן לוינען), אַזוי, אַז עס וואָלט נישט געווען אין ארץ ישראל קיין פּלאַץ פאַר קיין יידן. דאָס לאַנד וואָלט געווען געוואָרן טאַקע אין אמתן אַן אַראַביש לאַנד.

דער קאַמף פאַר „פאַרכאַפּן די אַרבעט" האָט, ווי שוין באַמערקט, זיך אָנ־געהויבן מיט דער „צווייטער עליה". דאָס איז די גרעסערע איינוואַנדערונג פון יידישע אַרבעטער און יוגנט פון רוסלאַנד, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין 1905, נאָך די פּאָגראָמען אין קישענעוו און האָמעל און נאָך דער רוסיש־יאַפּאַ־נישער מלחמה און דעם דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905 און אין די ווייטערדיקע יאָרן. דער דאָזיקער קאַמף האָט גענומען אַ סך יאָרן און אין די פּריוואַטע יידישע ווירטשאַפטן האָט ער נאָך ביז היינט נישט דערגרייכט פול־שטענדיק זיינע צילן.

כדי זיך צו מאַכן אַ באַגריף וועגן דעם נאַציאָנאַלן מצב פון ארץ ישראל איידער די הסתדרות האָט „פאַרכאַפּט" די אַרבעט, לאָמיר דאָ דערמאָנען איי־ניקע דאַטעס: אין יאָר 1911, דריי יאָר נאָך דעם ווי די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע האָט אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיטן אַראַבישן פּראָבלעם, זענען אין אַלע

יידישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל געווען צוזאַמען 600 יידישע ארבעטער אַקעגן טויזנטער אראַבער. און בעת טויזנטער אראַבער האָבן געאַרבעט אין די יידישע קאָלאָניעס, האָבן יידישע ארבעטער און אידעאַליסטישע יונגע יידן פאַרלאָזן דאָס לאַנד צוליב פעלן פון ארבעט. די יידישע ארבעטער זענען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַרן אידעאַל פון „פאַרכאַפּן" די ארבעט און צו ארבעטן אויף די זעלבע לוינען ווי די אראַבער. אָבער דער יידישער באַלעבאָס האָט נישט גערן צוגע־נומען קיין יידישע ארבעטער.

אָט ווי עס באַשרייבט איינער פון די גרינדער פון דגניה די שטימונג וועלכע עס האָבן אָנגעטראָפן אין ארץ ישראל די מענטשן פון דער צווייטער עליה און די באַציאונג צו די יונגע יידן, וועלכע זענען געקומען בעטן ארבעט אין די יידישע קאָלאָניעס:

„דאָס איז געווען די תקופה פון דער צווייטער עליה. דער גרויסער גלאַנץ, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט פון די ערשטע עולים, די בילוצעס, איז שוין צו יענער צייט געווען איינגעגאַנגען אָפּגעבליאַקעוועט; פון יענער באַגייסטערונג, וועל־כע עס האָבן אויפגעוועקט די „בילוצעס" בשעת זיי זענען געקומען קיין ארץ ישראל, איז קיין זכר נישט געבליבן, און די וועלכע זענען געקומען קיין ארץ ישראל אין צוואַנציק יאָר ארום, האָבן אָנשטאָט אַן אויפריכטיקן ברוך הבא, געפונען פאַרשטאָפּטע הערצער, פאַרהאַרטעוועטע פּנימער מיטן אויסדרוק פון בטול און אפילו פון שנאה. נישט ווי אויף אַזעלכע, וואָס זענען געקומען פאַר־זעצן די אָנגעהויבענע ארבעט, האָט מען אויף זיי געקוקט, נאָר ווי אויף קאָנקור־רענטן, משיגי גבול. מען האָט זיי נישט מיטגעהאָלפן נישט מיט ארבעט, נישט מיט אַן עצה, נאָר פאַרקערט, זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף איבערגעטריבענער פאַרפרעמדונג און אייזערנער עקשנות...

„דער הויפּט־גערדאַנק (ביי דער יוגנט פון דער צווייטער עליה) איז געווען, צו קריגן אַ טאָג ארבעט. אָבער נישט כדי צו עסן אָדער זיך קליידן — וועך האָט דעמאָלט געטראַכט וועגן קליידן זיך? — נאָר כדי צו באַווייזן און אײַ־בערצייגן... און דענסטמאָל איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק וועגן כיבוש העבודה, וועגן פאַרנעמען און אַריינדרינגען אין אַלע ארבעטס־געביטן — דער לאָזונג פון הפועל הצעיר." (זע: י. מנוח: „די קבוצה אין ארץ ישראל", „פרייע שריפטן", אַפּריל 1929).

און ווער זענען דאָס געווען די ארבעטער, וועלכע האָבן זיך אַזוי מקריב געווען פאַר אַ „טאָג־ארבעט" און מיט וועלכע מען האָט זיך אַזוי געוואָרפן? דאָ זענען אייניקע נעמען: יוסף אהרונאָוויטש, יוסף באַראַץ, דוד בן גוריון, א. הארצ־פעלד, אליעזר יאפע, בערל קאצענעלסאָן (ז"ל), יהודה קאָפּעלאָוויטש, דוד רמז, יוסף שפּרינצאַק, נחום טווערסקי, יצחק בן צבי און אַנדערע. דאָ דאַרף מען אָבער נאָך באַזונדער דערמאָנען אהרן דוד גאָרדאָן, דעם באַגרינדער פון דער רע־ליגיע פון דער ארבעט". דעם עלטסטן צווישן דער יוגנט פון דער צווייטער עליה,

וועלכער איז געקומען קיין ארץ ישראל שוין אין דער עלטער פון 48 יאָר, אָבער מיטן גאַנצן אידעאַליסטישן ברען פון דער יוגנט.

מיר האָבן אַלזאָ געהאַט פאַר זיך אַזאַ סיטואַציע, אַז די אידעאַליסטישע יוגנט, וועלכע איז געקומען קיין ארץ ישראל פאַרווירקלעכן דעם נאַציאָנאַלן אי־דעאַל פון אויפבויען אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק, האָט אין לאַנד נישט געקאָנט באַקומען קיין אַרבעט צוליב דער ביליקער אַראַבישער אַרבעט. און דער יידישער קאָלאָניסט, דער הייסער נאַציאָנאַליסט, האָט נישט בלויז נישט געקאָנט, נאָר טאַקע אויך נישט געוואָלט באַשעפטיקן קיין יידישע אַרבעטער. און אויך די קעסט־קינדער פונעם באַראָן ראָטשילד האָבן נישט אָנגענומען קיין יידישע אַרבעטער. דאָס האָט געפירט צו אַ פולשטענדיקער אַראַביזירונג פון דער יידישער קאָלאָניע. דער קאָלאָניסט האָט נישט געפילט קיין צוגעבונדנקייט צום באָדן, ער איז נאָר געווען אַ „צוקוקער" ביי דער אַרבעט, ווי אחד העם שרייבט אין אַ באַריכט פון יאָר 1900 וועגן דער קאָלאָניע זכרון יעקב. אחד העם באַ־צייכנט דעם דאָזיקן צושטאַנד אַלס אַ שאַנד.

און פאַרשטייט זיך, אַז ביי דער ראָל פונעם יידישן קאָלאָניסט אַלס „צו־שויער", זענען די קאָלאָניסטישע קינדער נישט דערצויגן געוואָרן צו בלייבן אין לאַנד, אין דער קאָלאָניע. דערצו איז געווען צוגעפּאַסט דאָס יידישע דערציאונגס־וועזן. פון 29 יידישע שולן וועלכע האָבן עקזיסטירט אין 1898 אין ארץ ישראל, זענען נאָר זעקס געווען העברעאישע. די אַנדערע שולן פון דער פּאַריזער אַליאַנס („כל ישראל חברים") זענען געווען פראַנצויזישע, זיי האָבן דערצויגן די יידישע קאָלאָניסטישע יוגנט, באַזונדערס די פרויען, אין אַ פרעמדן, פראַנצויזישן גייסט: אָנשטאָט איינצופלאַנצן אין די קאָלאָניסטישע טעכטער ליבע צו דער לאַנד־ווירטשאַפט, האָט מען זיי געלערנט לייענען פראַנצויזישע ראָמאַנען. דער דאָזי־קער צושטאַנד האָט ביטער געקרענקט דעם באַראָן ראָטשילד דעם נדיב הידוע, און אויף זיין באַזוך אין ארץ־ישראל האָט ער אַפּעלירט צו די קאָלאָניסטן זיי זאָלן באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער און צו רעדן נישט רוסיש, נאָר העברעאיש.

— 3 —

געפינענדיק זיך פאַר אַזאַ סיטואַציע ווי די קאָנקורענץ פון דער ביליקער אַראַבישער אַרבעט, וועלכע האָט לויט די באַקאַנטע עקאָנאָמישע געזעצן פאַר־שטעלט דעם וועג דעם יידישן אַרבעטער (כאָטש פון שטאַנדפונקט פון טיפער פאַרשטאַנענע עקאָנאָמישע אינטערעסן האָט זיך באַדאַרפט לוינען אפילו פאַרן פּריוואַטן יידישן אונטערנעמער צו באַצאָלן דעם יידן העכערע אַרבעטס־לוינען כדי צו פאַרהיטן די אַראַביזירונג פונעם לאַנד), געפינענדיק זיך פאַר אַזאַ סי־טואַציע האָבן די יידישע אידעאַליסטן, וועלכע זענען געקומען קיין ארץ־ישראל פאַרווירקלעכן דעם ציוניסטישן אידעאַל, נישט געהאַט קיין אַנדערן וועג ווי נאָר

צו אָרגאַניזירן זיך אין חברישע אַרבעטס-קאָאָפּעראַטיוועס: כדי אויף אַזאַ אופן
צו קענען בייקומען די ביליקע אַרבעט פון די פעלאַכן. אַזוי האָבן די מענטשן
פון דער צווייטער עליה געמאַכט פאַרשידענע פּרוון פון אָרגאַניזירטער, שות־
פותער חברישער אַרבעט, פּרוון וועלכע האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט אין דער
גרינדונג פון די ערשטע קבוצות כנרת און דגניה (1908). נישט קענענדיק באַ־
קומען קיין אַרבעט ביי באַלעבאַטים, האָבן די אַרבעטער געמוזט טראַכטן צו ווערן
באַלעבאַטים פאַר זיך, אָבער נאָר אַזעלכע באַלעבאַטים, וועלכע לעבן פון אייגע־
נער אַרבעט און עקספּלואַטירן נישט די אַרבעט פון אַנדערע אַרבעטס־חברים.
דאָס איז, פאַרשטייט זיך, נישט געגאַנגען אַזוי לייכט ווי עס רעדט זיך. מען
האָט באַדאַרפט בייקומען די פאַרשידענע „קינדער־קראַנקייטן", די פאַרשידענע
אידעאָלאָגישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע, פּראָפעסיאָנעלע און עקאָנאָמישע שוועריִ־
קייטן. די קבוצה האָט קודם כל באַדאַרפט באַווייזן, אַז זי איז נישט קיין פּלאַץ
אין דער לופט, נאָר אַז זי קאָן זיך אַוועקשטעלן אויף פעסטע עקאָנאָמישע יסו־
דות. און די קבוצה האָט דעם דאָזיקן עקזאַמען דורכגעמאַכט. פאַרמעס וועלכע
האָבן פריער געאַרבעט מיט דעפיציט, האָבן באַוויזן ביי דער שותפותדיקער אַר־
בעט פון די אַרבעטער אונטער אייגענער אַדמיניסטראַציע, באַלד אַרויסצוקומען
פון דעפיציט און זיך אַליין אויסצוהאַלטן.

די קבוצה האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן אַלס אַ בעסערע ווירטשאַפטלעכע
און אַרבעטס-אָרגאַניזאַציע ווי די קאָלאָניסטישע חברותא („זידלונגס־גענאָסנ־
שאַפט") פון פּראָפעסאָר פראַנץ אָפּענהיימער. בעת אין דער קבוצה הערשט
פונעם ערשטן מאָמענט אָן דער פּרינציפּ אַז די אַרבעטער דאַרפן אַרבעטן לויט
זייערע פעאיקייטן און פון דער שותפותדיקער הכנסה דאַרף יעדער אַרבעטער
באַקומען לויט זיינע באַדערפענישן (צ. ב. אַרבעטער מיט קינדער אָדער מיט
אַלטע נישט אַרבעטס-פעאיקע טאַטע־מאַמע דאַרפן באַקומען אויך צו באַפרי־
דיקן די באַדערפענישן פון זייערע נישט אַרבעטנדיקע פאַמיליען מיטגלידער),
האָט אין אָפּענהיימערס „זידלונגס־גענאָסנשאַפט" דער אַרבעטער באַקומען אַ
לוין לויט זיין אַרבעט. די אַרבעטער האָבן דאָרט געאַרבעט אונטער דער אָנפי־
רונג פון אַגראָנאָם און אונטער אַן אַדמיניסטראַציע וואָס האָט נישט באַלאַנגט
צום אַרבעטער־קאָלעקטיוו. די זידלונגס־גענאָסנשאַפט מרחביה, וועלכע איז איינ־
געאָרדנט געוואָרן אין יאָר 1910 אויף אַ שטח פון 3.500 דונאַם וואָס דער יידי־
שער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט איר געגעבן, פינאַנצירנדיק אויך דעם אויפבוי פון
וווינונגען, רעמאַנענט, וכדומה, האָט זיך נישט געקאָנט האַלטן. אגב, אין דער
דאָזיקער אויפן באָדן פון קרן קימת און פון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, אויסגעבויטער
גענאָסנשאַפט, האָט דער אַדמיניסטראַטאָר זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון באַ־
שעפטיקן אויך אַראַבישע אַרבעטער. צוליב דעם איז אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט
צווישן די יידישע אַרבעטער און דעם אַדמיניסטראַטאָר, וואָס האָט מיטגעווירקט
צו דער ליקווידאַציע פון דער גענאָסנשאַפט.

די קאָלעקטיווע זעלבסשטענדיקייט, אומאָפּהענגיקייט און סאָלידאַרישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די אַרבעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס דער בעס־טער סטימול אין דער אַרבעט און אין דער עקאָנאָמישער פירונג פון דער קבוצה. אָבער דאָ טאָר מען נישט פאַרגעסן אָן דעם הויכן מאָראַלישן ווערט פון די אַר־בעטער. „די דאָזיקע אַרבעטער" — שרייבט אַדאָלף בעהם — „זענען געווען מענטשן פון אַ זייער הויכער קולטורעלער און מאָראַלישער מדרגה. זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל קרבנות-גרייטקייט, עקשנות, אינטעליגענץ און פאַך־קענ־טעניש, אַז נאָך אַ רעלאַטיוו קורצער צייט, זענען אויף די ערטער וווּ עס זענען פריער געווען זומפּן און שטיין־מדבריות, אַנטשטאַנען מוסטער־ווירטשאַפטן".

עס וועט אפשר אינטערעסאַנט זיין צו וויסן עפּעס וועגן דעם בילדונגס-גראַד פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ-ישראל. דער בילדונגס-צענז וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן די אַרבעטער דעם 1-טן סעפּטעמבער 1926 האָט גע־געבן די פאָלגענדע דאַטעס:

1085 פון די אַרבעטער און אַרבעטאָרינס וואָס האָבן געענטפערט אויפן צענז, האָבן געהאַט אוניווערזיטעט־בילדונג: (4,4%); 9.715 האָבן געהאַט גימנאַזיע־בילדונג (40.4%). 7.212 האָבן געהאַט פאָלקס־שול-בילדונג (30%). 5257 האָבן געהאַט אַ חדר־דערציאונג (22%). אין דער לעצטער קאַ־טעגאָריע זענען געווען דאָס רוב תימנים. וואָס ס'איז נוגע די אַרבעטער פון מזרח-אייראָפּע מיט בלויז חדר־דערציאונג, קאָן מען זיך משער זיין, אַז זיי האָבן שפּע-טער דורך קורסן און זעלבסט-בילדונג באַרייכערט זייערע קענטעניש. דאָ איז נאָך כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אַרום 57 פּראָצענט פון די אַרבעטער מיט אוני-ווערזיטעטס־ און גימנאַזיע בילדונג זענען געווען באַשעפטיקט אין דער אַגריקול-טור. ווו נאָך אין דער וועלט איז פאַראַן אַן אַרבעטערשאַפט מיט אַזאַ הויכער בילדונגס מדרגה?

אָבער די דאָזיקע אַרבעטער וועלכע זענען געווען גרייט צו טון די שווער־סטע אַרבעט פאַרן נידעריקסטן לוין, נאָר די נשמה צו דערהאַלטן, האָבן דאָך קיין אַרבעט נישט באַקומען. אין דער קאָלאָניע יבניאל איז אין 1909 אויסגעקו-מען איין יידישער אַרבעטער אויף 17 אַראַבישע. אין פּתח-תקווה האָט מען אָפּט דערקלערט אַ באָיקאָט אויף יידישע אַרבעטער. (דאָס איז געווען זייער „טיר פון האָפענונג" — די „האָפּענונג" איז אַלזאָ געווען אַ ישוב פון עטלעכע צענדליק אָדער עטלעכע הונדערט יידישע באַלעבאַטים מיט טויזנטער אַראַבישע אַרבעטער).

אין דער דאָזיקער סיטואַציע איז דער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער פאַר „פאַרכאַפּן די אַרבעט" געווען נישט בלויז אין אינטערעס פון די אַרבעטער גופא, נאָר דאָס איז געווען אַ נאַציאָנאַלע נויטווענדיקייט. ס'איז געווען אַ קאַמף פאַר דער פאַראידישונג פון ארץ ישראל. און דורך דער קאָאָפּעראַטיווער און קאָ-מוניסטישער אַרבעטס-אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט אין

דער פאָרם פון דער קבוצה, האָבן די יידישע ארבעטער דעם דאָזיקן קאמף גע־וואונען — פאר זיך און פארן ארץ ישראל.

עס גייט נישט אריין אין די ראמען פון דער דאָזיקער ארבעט צו שילדערן די קאמפן, אָנשטרענגונגען און ליידן פון די יידישע ארבעטער אויף דעם לאנגן אנטוויקלונגס־וועג פון דער קבוצה, אָנגעפאנגען פון 1908 ביז צום היינטיקן טאָג. אָבער אויף איין פּרינציפּיעלן פונקט דארף מען דאָ אָנווייזן:

דער קאמף פאר יידישער ארבעט פאר „פארכאַפונג" אָדער „דעראָבערונג פון דער ארבעט" וואָלט נישט געווען געהאט קיין דערפאָלג אָן דער שטיצע פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע און פון די נאציאָנאַלע פאָנדן. דאָס מיינט, אז עס זענען נישט ריכטיק די טענות, אז ארץ ישראל קאָן אויפגעבויט ווערן בלויז דורך דער פרייער איניציאַטיווע פון פּריוואטן קאפּיטאל און ארבעט. ביי דער ביליקער אראבישער ארבעט וואָלט דער יידישער קאפּיטאל, אפילו פון „נאציאָ־נאַלע", ציוניסטישע קאפּיטאליסטן שטענדיק ליבער באַשעפטיקט אראבישע אר־בעטער איידער יידישע, דאָס הייסט, אז ביי פרייער פּריוואטער איניציאַטיווע וואָלט „פּאַלעסטינע" קיינמאָל נישט געווען געוואָרן „ארץ ישראל". די יידישע פּריוואטע ווירטשאפט וואָלט געווען פאַרפעסטיקט אין אן אומגעהויערער מאָס די עקאָנאָמישע פּאָזיציע פון די אראבער, אזוי אז מיט דער צייט וואָלטן די אראבער געווען פון זיך אראָפּגעוואָרפן דעם דינעם און פיזיש שוואכן שיכט פון יידישע קאפּיטאַליסטן־עקספּלואַטאַטאָרן. אַלזאָ אפילו פונעם שטאַנדפּונקט פון זייערע אייגענע אינטערעסן האָט זיך נישט געלוינט פאר יידישע „קאפּיטא־ליסטן" און פּריוואַטע אונטערנעמער צו זוכן די ביליקע אראבישע ארבעט און צו באַיקאָטירן יידישע ארבעט.

אדאנק דער ארבעט פון דער יידישער ארבעטערשאפט מיט דער שטיצע פון די נאציאָנאַלע פאָנדן (באָדן פון קרן קימת, קרעדיטן פון קרן היסוד, וכדומה) איז „פּאַלעסטינע" פּאַקטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ארץ ישראל.

די וואָס רעדן בייזוויליקע רייד, אז די ארבעטער זענען די קעסט־קינדער פון די נאציאָנאַלע פאָנדן, ווייסן נישט וואָס זיי רעדן. דאָס וואָס די נאציאָנאַלע פאָנדן טוען פאר דער יידישער ארבעטער־קאָלאָניזאציע טוען זיי אין אינטערעס פון ציוניזם, אין אינטערעס פון באזעצן יידן אויפן באָדן פון ארץ ישראל, ווייל באָדן געהערט פּאַקטיש, שטענדיק און אומעטום נישט צו די, אויף וועמעס נאָ־מען ער איז פאַרשריבן אינעם גרונט־בוך, נאָר ער געהערט אין נאציאָנאַלן זינען צו די, וועלכע באַארבעטן אים מיט זייער שווייס און בלוט.

אדאנק דער געמיינזאמער ארבעט פון דער הסתדרות און פון קרן קימת האָבן מיר היינט אין ארץ ישראל קרוב צו 50.000 יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטער, וועלכע לעבן פון אייגענער ארבעט, נישט עקספּלואַטירנדיק קיין פרעמדע ארבעט און נישט ווערנדיק עקספּלואַטירט. די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַזיס פון דער יידישער ארבעט, האָט מיטגעהאָלפן דערצו, אז גרויסע שטעט

ווי תל-אביב, חיפה, הדר הכרמל, די נייע ירושלים, א. א. זענען אויסגעבויט געוואָרן כמעט אויסשליסלעך דורך יידישע אַרבעטער און אויך די יידישע אינ־דוסטריע אין ארץ ישראל אַרבעט היינט כמעט אויסשליסלעך נאָר מיט יידישע אַרבעטער. אָט אַזוי איז אַדאַנק דער „אַלץ פאַרכאַפנדיקער" הסתדרות ארץ ישראל געוואָרן פאַקטיש א ר ץ י ש ר א ל, אַ לאַנד פון יידישער אַרבעט, פון יידישן געדאַנק, פון יידישן קולטור-אויפטו און דערפאַר טאַקע אַ לאַנד פון באַרעכטיקטע יידיש־נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און האָפענונגען.

— 4 —

דאָ רעדט זיך וועגן דער הסתדרות ווי וועגן אַ צייטלעכער איינהייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ ישראל. די אידייע פון דער הסתדרות האָט זיך אָנגעהויבן אַרום 1903 אין די יידישע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, פוילן, גאַליציע, ליטע א. א. ווו די יידישע יוגנט און אַ טייל פון די יידישע אַרבעטער האָבן זיך צוגעהערט צו אויסשיקינס רוף צו גיין קיין ארץ ישראל און צו טון דאָרט נאַציאָנאַלן דינסט פאַרן יידישן פאָלק. דער נאַציאָנאַלער דינסט, וועלכן אוסישקין האָט געמיינט, איז געווען: אַרבעטן אויף די פעלדער פון ארץ ישראל. די אידייע פון נאַציאָנאַלן דינסט האָבן די מענטשן פון דער צווייטער עליה, אָנגעפאַנגען פון 1904 פאַרוואַנדלט אין אַ טאַט: אינעם קאַמף פאַר יידישער אַרבעט און אין אַרבעט בפועל ממש. אַרבעט ביי די שווערסטע באַדינגונגען. יענע יידישע אַרבעטער און אידעאַליסטישע ציוניסטן-סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן עולה געווען קיין ארץ ישראל אָנגעפאַנגען פון יאָר 1904, האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער הסתדרות. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן די אידייע פון דער הסתדרות און געשאַפן אפילו אייניקע אינסטיטוציעס, וועלכע זענען שפּעטער אַריין אין דער הסתדרות.

היינט איז די הסתדרות, וועלכע איז פאָרמעל געגרינדעט געוואָרן אין 1920 מיט 4.350 מיטגלידער, אַ ריזיקע קערפּערשאַפט מיט קרוב צו 142.000 מיטגלידער (דאָס איז די שאַצונג פון אָנפאַנג 1945).

צוזאַמען מיט די קינדער פון די מיטגלידער און „הנוער העובד", די אַרבעטער-יוגנט, וועלכע ווערט נישט אַריינגעציילט צווישן דער הסתדרות-מיטגלידערשאַפט, רעפּרעזענטירט היינט די הסתדרות מער ווי אַ העלפט פון דעם ישוב. מיט אירע פאַרשידענע פּראָדוציר־ און פאַרברויכס-קאָאָפּעראַטיוועס, מיט אירע פאַרשידענע בוי־ און אַרבעטס-אונטערנעמונגען, מיט אירע סינדיקאַטן, מיט אירע קבוצות, מיט איר פאַרמיטלונג צווישן דער אַגריקולטורעלער פּראָדוקציע פון די קבוצות און די יידישע קאָנסומענטן פון די שטעט בילדעט די הסתדרות אַ ריזיקן טייל פון דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט פונעם ישוב. אָבער מיט איר גאַנצער עקאָנאָמישער און קולטורעלער מאַכט בילדעט די הסתדרות נישט קיין

שטאט אינעם ווערנדיקן יידישן שטאט. די הסתדרות איז אַן אויפבוי-אָרגאַן פון דעם יידישן שטאט, אַן אויפבוי־ארבעט וועלכע ווערט געטון אין פולער האַר־מאָניע מיט די נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן, מיט דער יידישער אַגענץ, מיט דעם ועד-לאומי און מיט דער פולער אחריות פאַר דער יידישער ענטוויקלונג פון דער גאַנצער וועלט.

די הסתדרות איז פאַקטיש נישט קיין קלאַסן־אָרגאַניזאַציע לויט דעם מוס־טער פון די ארבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער, נאָר זי איז אַ נאַ־ציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע אינעם פולסטן זינען פון דעם וואָרט. שטרעבנדיק צו שאַפן גוטע ארבעטס־באַדינגונגען פאַרן יידישן ארבעטער, פאַרמערט די הסתד־רות דעם סאָציאַלן וווילשטאַנד פון אַ העלפט פונעם ישוב, דורך וואָס זי שאַפט אויך די סאָציאַלע יסודות פאַר אַ העכערער נאַציאָנאַלער קולטור — פאַר דער העברעאישער קולטור אין ארץ ישראל, וועלכע איז היינט נישט קיין קולטור פון מיוחסים, נאָר פונעם גאַנצן פאָלק. אָט אַזוי איז די הסתדרות דער כוח, וועלכער פאַרווירקלעכט די נאַציאָנאַלע אידייע פון אַ יידישער מדינה דורך דער נאַציאָ־נאַלער ארבעט-טאַט.

(1945)

# דער גרויסער אומבאַקאַנטער

— 1 —

כמעט אין יעדער יידישער שטוב אין דער אַלטער רוסלאַנד, אין פּוילן און באַזונדערס אין גאַליציע און בוקאָווינע האָט געהאָנגען זיין בילד: אַ ביליק-אומ־קינסטלעריש בילד — פאַבריק-פּראָדוקציע פאַרן מאַסן פאַרקויף. אין אַ סך היי־זער איז דאָס בילד געווען געפּאָרט מיט דעם בילד פון אַן אַנדערן יידן, וועלכער האָט אויך זיך באַמיט צו העלפן זיינע אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע ברידער: משה מאָנטעפיאָרע. האָט דער איינער משה — באַראָן הירש — געהאָלפן די אָרימע יידן בפועל ממש, דורך גרויסע געלט פאָנדן, האָט דער אַנדערער משה — משה מאָנטעפיאָרע געווירקט מער דורך שתדלנות ביי די גרויסע שררות לטובת די אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע פון זיין פאָלק. לויט די היינטיקע באַגריפן וואָלט דאָס הייסן, אַז מאָנטעפיאָרע האָט געוואָלט העלפן דורך פּאָלי־טישע אופנים — וואָרים אויך שתדלנות איז אַ פאָרם פון פּאָליטיק — בעת הירש האָט געהאַלטן פון „דירעקטער הילף”, וועלכע ער אַליין האָט פינאַנסירט. דאָס פאָלק אָבער האָט צונויפגעפּאָרט דיביידע משהס ממש צו אַן איינהייטלעכער לעגענדע און זייערע בילדער איינגעראַמט צוזאַמען.

אין אַ טייל יידישע שטיבער האָט מען צו די צוויי משהס צוגעגעבן נאָך אַ דריטן: משה בן מיימון. געווען כיטרע פאַבריקאַנטן וועלכע האָבן באַפרידיקט די דאָזיקע פאָלקס-באַדערפעניש. וואָס פאַר אַ שייכות איז געווען צווישן דעם בייעריש־בעלגישן פינאַנץ־מאַן, דעם ענגלישן שתדלן און דעם מעדיקער-פילאָ-זאָף פון דער מאורישער שפּאַניע? נו, דאָס פאָלק געפינט שוין אַ שייכות: האָבן זיי נישט אַלע דריי געהייסן משה? איז דאָך קלאָר, אַז אַלע דריי דאַרפן זיין אויף איין בילד, בפרט אַז ס׳איז אויך דאָ אַ פּאַרטיקער פּסוק: ממשה ועד משה. לא קם עוד כמשה.

צו וועמען דער „לא קם” האָט זיך באַצויגן? נו, פאַרשטייט זיך, אַז צו דעם, וועלכער איז געווען אַ באַראָן, און וועלכער איז געווען רייך, רייכער אפשר ווי דער קייסער, און וועלכער האָט זיין גאַנצן רייכטום ממש אוועקגעגעבן אויף צו העלפן יידן אין זייער שווערער לאַגע.

די לעגענדע, וועלכע דאָס פֿאָלק האָט געוועבט אַרום דער פּערזאָן פֿון דעם גרויסן פינאַנץ־מאַן, האָט געצויגן יניקה נישט בלויז פֿון די פֿאַרשידענע הילפֿס־אינסטיטוציעס וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן פֿון זיינע פֿאָנדן און ווי די אַרבעטנ־דיקע פֿאָלקסמאַסן האָבן באמת געקראָגן הילף — זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די לייַ־קאַסעס אין די פֿאַרשידענע שטעט פֿון תחום המושב אין רוסלאַנד און אין גאַליציע — נאָר באַזונדערס אין אַ וואָרט, וועלכעס דער גרויסער פילאַנטראָפּ האָט געזאָלט זאָגן נאָכן טויט פֿון זיין אייגנציקן זון לוסיען אין יאָר 1887: „איך האָב פֿאַרלוירן מיין זון, אָבער נישט מיין יורש; דאָס יידישע פֿאָלק וועט זיין מיין יורש". אַזוי האָט מען זיך דערציילט אין די יידישע שטעטלעך, אין די שולן און בתי מדרשים, אין גאַס און אין שטוב. אָבער אין אַ ענציקלאָפּעדיע־אַרטיקל וועגן דעם באַראָן ווערט דער דאָזיקער זאָג אַנדערש איבערגעגעבן. לויט יענער גירסא האָט דער באַראָן באַשטימט אַלס זיין יורש נישט דאָס יידישע פֿאָלק, נאָר די „מענטשהייט". לויט דעם שרייבער אין דער דערמאָנטער ענציקלאָפּעדיע האָט דער באַראָן אין זיין הילפֿס־טעטיקייט נישט געקוקט אויף רעליגיע אָדער ראַסע נאָר אויף דער נויט פֿון די מענטשן, און אַז נאָר די נויט פֿון די רוסישע יידן, נישט זייער ראַסע אָדער גלויבן האָט אים באַוויגן צו קומען זיי צו הילף.

די דאָזיקע דערקלערונג פֿון דעם ענציקלאָפּעדיע־שרייבער איז, לויט מיין מיינונג, נישט ריכטיק. אין עצם פֿאַל איז דאָס נאָר אַ האַלבער אמת. עס קאָן געמאָלט זיין, אַז דער באַראָן, דערצויגן אין דער ליבעראַלער געדאַנקען־וועלט פֿון דער אייראָפּע פֿון 19־טן יאָרהונדערט האָט געטראַכט אין מענטשהייטס קאַטעגאָריעס, און אַז ער האָט זיינע הילפֿס־ווערק געשאַפֿן פֿאַר דער „מענטשהייט". אָבער די מענטשהייט איז פֿאַר אים נישט געווען קיין אַבסטראַקטער באַגריף. טראַכטנדיק צו העלפֿן מיט דעם איבערפֿלוס פֿון זיין רייכטום דער ליידנדער מענטשהייט, האָט ער דערזען צום ערשטן און כמעט אויסשליסלעך די יידן, די סאַמע אָרימסטע, די סאַמע אונטערדריקטע און פֿאַרפֿאָלגטסטע פֿון דער גאַנצער מענטשהייט. און אַזוי האָט ער אָנגעהויבן זיין גרויסע פילאַנטראָפּישע טעטיקייט קודם־כל פֿאַר די יידן אין דער טערקיי, דערנאָך פֿאַר די יידן אין גאַליציע און בוקאָווינע און אין אַנדערע לענדער.

צי קאָן מען אָננעמען, אַז פּלאַנענדיק די דאָזיקע גראַנדיעזע הילפֿס־אַקציע פֿאַר די ליידנדע יידן אין אַלע וועלט טיילן, אַז אָנבאָטנדיק דער רוסישער רעגירונג 50 מיליאָן פֿראַנק צו פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן, אַז שאַפֿנדיק די ייק"אַ, די קאָלאָניזאַציע אונטערנעמונגען פֿאַר יידן אין אַרגענטינע, אין קאַנאַדע און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָט דער באַראָן הירש געטראַכט נאָר וועגן דער „מענטשהייט" און גאָרנישט וועגן דעם פֿאָלק, וועלכעס איז פֿאַרפֿאָלגט געוואָרן צוליב זיין רעליגיע און זיין בלוט? ס'איז נישט צו גלויבן, אַז דער גרויסער פינאַנץ־מאַן, דער פּראַקטישער געשעפֿטס־מאַן זאָל האָבן זיך אַליין אַזוי אָפּ־

געגאַרט. ניין, דער באַראָן הירש האָט נישט אויסגעגעבן אַרום הונדערט מיליאָן דאָלאַר אויף צו העלפן עפּעס אַן אַבסטראַקטער, אומפּערזענלעכער מענטשהייט. ווי דער היסטאָרישער משה האָט ער „געזען די פּיין פון זיין פאָלק" און ער האָט זיך צוגעהערט צום געשריי פונעם פאָלק וואָס האָט געליטן פון זיינע אונטער־דריקער, און ער האָט דערקענט זיין חוב צו העלפן די אונטערדריקטע וועלכע האָבן געליטן צוליב זייער יידישקייט. אָט אַזוי האָט משה מאָריץ הירש געהאָלפן דער מענטשהייט, „אָן אונטערשיד פון ראַסע און גלויבן". און דעריבער ווייזט מיר אויס ריכטיקער די יידישע פאָלקס־גירסאַ: אלס זיין יורש האָט דער באַראָן באַשטימט דאָס יידישע פאָלק.

אָבער איין זאַך איז נויטיק צו פאַרצייכענען און פעסטצושטעלן הײַנט צום פופציק־יעריקן יאָרצייט פון דעם גרויסן פילאַנטראָפּ: אויב ער האָט אויך געשאַפן אינסטיטוציעס צו העלפן ליידנדע מענטשן „אָן אונטערשיד פון גלויבן און ראַסע" איז אָבער קיין איינציקע פון זיינע הילפס־ווערק נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַנטיסעמיטיזם, ווי דאָס איז געשען מיט אַ סך אינסטיטוציעס פון קלענערע אַסימילאַטאָרישע פילאַנטראָפּן אין דייטשלאַנד און אין פוילן (וואַ־וועלבערג) פון וואַנען מען האָט שפּעטער אַרויסגעוואָרפן די יידן.

— 2 —

אַרום הונדערט מיליאָן דאָלאַר האָט באַראָן הירש אַריינגעלייגט אין די פאַרשידענע הילפס־אינסטיטוציעס וואָס ער האָט געשאַפן פאַרן יידישן פאָלק. הונדערט מיליאָן דאָלאַר איז אין קאַפּיטאַל קאָנדענסירטע גראַנדיעזע טאַט. מיט אַזאַ קאַפּיטאַל ווערט געשאַפן פאַר אַ פאָלק ממש אומבאַגרענעצטע מעג־לעכקייטן. דערביי דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז הונדערט מיליאָן דאָלאַר מיט פופציק־זעכציק יאָר צוריק איז געווען די ווערט אפשר פינף מאָל אַזוי פיל ווי הײַנט. אָבער חוץ דער דאַזיקער — און אלס אַן אויסווירקונג פון דער דאַזיקער טאַט דאַרף באַטראַכט ווערן דער יידישער ישוב אין אַרגענטינע — און חוץ דער פאָלקס־לעגענדע, וועגן וועלכער מיר האָבן אויבן גערעדט, איז דער באַראָן הירש אייגנטלעך געבליבן פאַר אונדז דער גרויסער אומבאַקאַנטער. ווען דער באַראָן איז געשטאָרבן מיט אַ פופציק יאָר צוריק האָט מען אים מספּיד געווען אין אַלע שולן פון גאַנץ תפוצות ישראל; מען האָט אַ סך יאָרן געפּראַוועט יאָרצייטן נאָך אים און ווידער געהאַלטן רעדעס און געזונגען שבחים איוף דער גרויסקייט פון זיין טאַט. אָבער ער אַליין איז אונדז דאָך געבליבן אומבאַקאַנט. אַ וואָסע־רער מענטש איז ער געווען, דער דאַזיקער יידישער קרעזוס, וועלכער האָט אַוועק־געגעבן אַזאַ ריזיקן פאַרמעגן פאַר יידן? ווי אַזוי האָט ער געדענקט וועגן זיין „יורש", וואָס איז געווען זיין יידישער אידעאַל? איז ער געווען אַן אַסימילאַנט, דער באַראָן? האָט ער געוואָלט אַז יידן זאָלן ווערן אויס יידן? עס זענען פאַראַן

פארשידענע מינים און פארשידענע מדרגות פון אסימילאציע. אמת, אין די יידי־שע שולן וואס זענען אויסגעהאלטן געוואָרן פון די פאָנדן פון דעם באראָן, האָט מען געלערנט יידישע קינדער פראַנצויזיש, פויליש, שפּאַניש און אין אַנדערע שפּראַכן. אָבער דאָס איז געווען אַ צייט־מאָדע. פון דעם קאָן מען נישט דרינגען, אַז דער גרויסער פילאַנטראָפּ זאָל האָבן געשטרעבט, אַז יידן זאָלן אויפהערן צו עקזיסטירן אלס פאָלק, אַז זיי זאָלן זיך אויסמישן מיט די פעלקער צווישן וועלכע זיי לעבן.

באַראָן הירש, וועלכער איז נאָך דער בר־מצוה געשיקט געוואָרן קיין בריסל צו זיין ווייטערדיקער אויסבילדונג, האָט באַקומען אונטערריכט אין יידישקייט און אין העברעאיש. פאַר דעם האָט געזאָרגט זיין מוטער, וועלכע האָט געשטאַמט פון די ווערטהיימערס פון פראַנקפורט. מען דאַרף געדענקען, אַז דער באַראָן הירש איז נישט געווען קיין אויפגעקומענער גביר. ער איז געווען פון מוטערס צד ווי פון פאָטערס צד אַ קינד פון יידישע פּאַטריציער. דעם באַראָן־טיטל האָט ער געירשנט פון זיין פאָטער, באַראָן יוסף הירש און אויך זיין זיידע, דער בייע־רישער הויפּט־באַנקיר יעקב הירש האָט שוין געהאַט דעם טיטל „פאָן". אַזעלכע מענטשן, אפילו ווען זיי זענען פּאָליטיש, אָדער אידעאָלאָגיש אַסימילאַנטן, פאַר־לייקענען נישט זייער שטאַם און זיכער ווילן זיי נישט דעם אונטערגאַנג פון זייער פאָלק.

אויב דער באַראָן הירש איז געווען אַן אַסימילאַנט, איז ער דאָס געווען אין גייסט און אין די פּאָליטישע באַדינגונגען פון זיין צייט.

זיין באַציאונג צו יידן און יידישקייט איז געווען די באַציאונג פון אַ רייכן פּאַטריציער, פון אַ מענטשן, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין אַ רייכער סביבה מיט ממש אומבאַגרעניצטע מעגלעכקייטן און וועלכער האָט אַליין געהאַט גרויסע מאַטעריעלע דערפאָלגן אינעם לעבן.

שוין אלס 21־יעריקער בחור איז הירשט אַ פּאַרטיקער פינאַנץ־מאַן און ער פירט דורך די פוזיע פון די צוויי גרויסע באַנק־הייזער, בישאָפסהיים און גאָלד־שמידט, אין בריסעל. מען קאָן זיך אויסמאָלן, אַז אַ מענטש פון אַזאַ סאָציאַלער פּאָזיציע מיט אַזאַ פאַמיליען־באַוווסטזיין, נעמט זיך דאָס רעכט צו האָבן זיינע אייגענע געדאַנקען און שטרעבונגען וועגן זיין פאָלק און וועגן די ליידנדע יידן, וועלכע ער איז גרייט צו העלפן אין אַ גרויסן מאַסשטאַב. ער איז געווען דער מאַן פון טאַט און ער האָט נישט געפונען פאַר נייטיק, נישט פאַר קלוג צו רעדן אָדער צו שרייבן וועגן זיין טאַט. דערפאַר איז זיין פערזענלעכקייט פאַר אונדז ממש אומבאַקאַנט. ס'איז נישט געבליבן קיין סימן פון זיין גייסטיקער באַציאונג צום יידישן פאָלק און צו יידישקייט.

אויב מיר קענען א געוויסן פערזענלעכן שטריך פון דעם גרויסן פילאנ־טראפ, האבן מיר דאס צו פארדאנקען זיין גרויסן פאליטישן קעגנער — דעם ד״ר הערצל. ווען נישט דער היסטארישער צוזאמענטרעף פון טעאדאר הערצל און באראן הירש אין טאג פון 2־טן יוני 1895, וואלט נישט געווען געבליבן קיין שום גייסטיקער שפור פון דער פערזענלעכקייט פון באראן הירש. דאס וואלט געווען באמת א גרויסע שאד. און דא מוז מען אויסדריקן די באדויערונג, פארוואס ס׳איז נאך ביז היינט נישט אונטערגענומען געווארן דער פרווו צו שילדערן דאס לעבן און די פערזענלעכקייט פון באראן הירש. ערגעץ מוזן דאך זיין דאקומענטן, פארצייכענונגען, בריוו, וכדומה. דערווייל אבער זעען מיר גע־וויסע שטריכן פון דער פערזענלעכקייט פון דעם באראן אינעם שפיגל פון הער־צלס באריכט וועגן זיין איינציקן צוזאמענטרעף מיט אים. אויך אין זיינע טאג־ביכער דערמאנט הערצל א סך מאל דעם „גרויסן געלט-ייד״.

אלס כאראקטעריסטיש דארף מען פארצייכענען דעם פאקט, וואס הערצל ווענדעט זיך מיט זיין פלאן וועגן דעם יידנשטאט צוערשט צו באראן הירש. אים וויל ער צום ערשט דעם סוד מגלה זיין. דאס גיט אונדז א באגריף וועגן דער פאזיציע פונעם באראן אין יענער צייט.

הערצל הויבט אן זיין שמועס מיט דער קריטיק פונעם באראנס פילאנ־טראפיע, וועלכע ער האלט פאר פאלש. אויף אזא אופן, זאגט ער, האדוועט מען אויס שנארער, און הערצל ווייזט אן, אז ביי קיין שום פאלק איז נישטא אזוי פיל ווילטעטיקייט און אזוי פיל בעטלעריי ווי ביי אונדז יידן, און ער דריקט אויס די מיינונג, אז דער פאלקס-כאראקטער ווערט דעמאראליזירט דורך צופיל פילאנטראפיע. הירש אנערקענט אז הערצל האט רעכט.

דא האבן מיר אלזא איין כאראקטער־שטריך.

אינעם ווייטערדיקן המשך פון דעם היסטארישן שמועס, קומט הערצל צו רעדן וועגן דער נויטיקייט צו דערהויבן דעם גייסטיקן און מאראלישן ניווא פון די יידן. און דא פאלט אים באראן הירש אריין אין די רייד:

„ניין, ניין, ניין! איך וויל גארנישט דערהויבן דעם ניווא. אלע אומגליקן קומען דערפון, וואס די יידן שטרעבן צו הויך. מיר האבן צופיל אינטעליגענטן. מיין כוונה איז, אפצוהאלטן די יידן פון רייסן זיך צו דער הויך. זיי זאלן נישט אזוי שטארק פראגרעסירן. די גאנצע שנאה צו די יידן קומט פון דעם״. ווייטער האט הירש גערעדט וועגן ארגענטינע, וועגן די אומפאסיקע עלעמענטן וועלכע זענען געקומען צום אנפאנג פון דער קאלאניזאציע. און ווען הערצל הויבט אן עקספאנירן זיין פלאן וועגן ארויסנעמען די יידן פון די לענדער פון אונטער־דריקונג, איבעררייסט אים ווידער:

ה י ר ש : — ווי וועט איר נעמען דאָס געלט? ראָטשילד וועט זיך פאַר־צייכענען מיט 500 פראַנק.

ה ע ר צ ל : — דאָס געלט? איך וויל צונויפזאַמלען אַ יידישע נאַציאָנאַלע הלוואה פון צען מיליאַרד מאַרק.

ה י ר ש : — פאַנטאַזיעס! די רייכע יידן וועלן קיין געלט נישט געבן. די גבירים זענען שלעכט, זיי גייט נישט אָן די לײדן פון די אָרימע.

ה ע ר צ ל : — איר רעדט ווי אַ סאָציאַליסט, באַראָן הירש!

ה י ר ש : — דאָס בין איך. איך בין גרייט אַלץ אוועקצוגעבן, אויב די אַנ־דערע וועלן מוזן טון דאָס זעלבע.



דאָ האָבן מיר אַ פּאָר שטריכן צו דער גייסטיקער און מאָראַלישער פּערזענ־לעכקייט פון דעם באַראָן הירש. ער רעדט מיט גרינגשעצונג וועגן ראָטשילדן און וועגן דער קאַרגשאַפט פון די אַנדערע גרויסע גבירים וועלכע ווילן גאָר נישט גיבן פאַר קיין יידישן צוועק. מיר זעען דאָ דעם באַראָן הירש אַלס סאָציאַליסט. צי איז ער דאָס טאַקע געווען? צי איז ער דאָס געווען אַלע טעג פון זיין לעבן? דאָס איז שווער צו אורטיילן פון דעם איינעם באַריכט. אָבער אַז ער איז גע־ווען גרייט „אַלץ אוועקצוגעבן", דאָס איז, ווייזט אויס, נישט ווייט פונעם אמת. ער האָט דאָך אוועקגעגעבן כמעט אַלץ.

— 4 —

וואָס האָט הערצל געטראַכט וועגן דעם באַראָן, נאָכדעם ווי עס האָט זיך נישט איינגעגעבן צו געווינען אים פאַר זיין פּלאַן?

עטלעכע טעג נאָך זיין באַזוך ביי הירשן, דעם 7־טן יוני 1895 רעדט הערצל אין זיין טאָג־בוך מיט אַ געוויסער פּאָליטישער גרינגשעצונג וועגן דעם באַראָן. אָבער אַ מאָנאַט שפּעטער, דעם 7־טן יולי, פאַרצייכנט ער אין זיין טאָגבוך:

„מיר ביידע זענען נאַטורן, וועלכע באַווייזן זיך ביים אָנהויב פון נייע צייטן — ער איז דער געלט־קאַנדאַטיערע, (פירער), איך דער גייסטיקער קאָנ־דאָטיערע. ווען דער מענטש זאָל גיין מיט מיר צוזאַמען, וואָלטן מיר געקענט ברענגען צו אַן אומבייט פון די צייטן".

און דעם 27־טן יולי שרייבט הערצל אַ בריוו צו הירשן אין וועלכער ער זאָגט צווישן אַנדערעס פּאָלגענדעס:

„די לעגענדעס וואָס זענען פאַרשפּרייט וועגן אייער פּערזאָן זענען קענטיק פאַלש. איר פאַרנעמט זיך מיט יידישע עניים ווי מיט ספּאָרט אַזוי ווי איר לאָזט יאָגן פערד, אַזוי לאָזט איר יידן וואַנדערן. קעגן דעם פּראָטעסטיר איך צום שאַרפסטן. דער ייד איז נישט קיין שפּילצייג.

ניין, ניין, אייך גייט עס נישט וועגן דער זאך גופא״...

אין דעם דאזיקן בריוו, דעם לעצטן וואס הערצל האט געשריבן צום פינאנץ־מאן, דריקט זיך אוים מער כעס ווי גרינגשעצונג. דער פאקט וואס נאך אלעמען האט הערצל נאך געפונען פאר נויטיק צו שרייבן צו הירשן, באווייזט אז ער האט נישט געקענט אריבערגיין צום טאג־אָרדענונג איבער זיין עפיזאָדישן צו־זאמענטרעף מיט אים. און ער הערט נישט אויף צו דערמאָנען דעם באראָן אין די ווייטערדיקע אויפצייכענונגען אין זיין טאָג-בוך.

און דעם 31-טן אפריל, ווען הערצל קלויבט זיך צו דער רייזע צום גרויס־הערצאָג פון באדען (וועלכער דארף אים עפענען א וועג צו קייזער ווילהעלם) באקומט הערצל די ידיעה אז דער באראָן איז געשטאָרבן. הערצל באדויערט דאָן פארוואָס ער האט אים נישט באצייטנס צוגעשיקט דעם „יידנשטאט״, און ער שרייבט ווייטער:

„...זיין מיטווירקונג וואָלט געוועזן געקענט העלפן צום שנעלן זיג פון אונ־דזער זאך... יעדנפאלס איז זיין טויט אן אבידה פארן יידישן פאָלק. צווישן די רייכע יידן איז ער געווען דער איינציקער, וועלכער האט געוואָלט אויפטון עפעס גרויסעס פאר די אָרימע. אפשר האָב איך אים נישט ריכטיק באהאנדלט. עס קומט מיר פאָר, אז מיר זענען היינט, אָרימער געוואָרן...

„...וואָס פאר א מאָדנער טאָג דאָס איז: הירש שטארבט און איך קום אין פארבינדונג מיט פירשטן...

„די יידן האָבן פארלוירן דעם באראָן הירש, אָבער זיי האָבן מיך און נאָך מיר וועלן זיי האָבן אן אנדערן״.

אינעם שפיגל פון די דאָזיקע טאָג-בוך פארצייכענונגען קאָן מען דערקענען געוויסע שטריכן פון דעם גרויסן פילאנטראָפ. דער באראָן הירש איז נישט גע־ווען קיין געוועגלעכער „געלט־ייד״ און עס וואָלט כדאי געווען זיך בעסער צו באקענען מיט זיין פערזענלעכקייט.

# ר׳ מרדכי

זיינע פריינט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שול, אָפּצוגעבן כבוד זיין נאָמען. אַלע זענען זיי געקומען, קיין איינער האָט נישט געפעלט. נאָר ער איינער האָט געפעלט. ער איינער, ר׳ מרדכי, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געפעלט, ווי לאַנג די פיס האָבן אים געטראָגן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אַרויסצוווייזן פריינטשאַפט אַ חבר, אָדער אָפּצוגעבן כבוד דעם נאָמען פון אַ פאַרשטאָרבענעם, וועלכער האָט זיך דאָס פאַרדינט.

בכלל פעלט ער היינט, ר׳ מרדכי. מען מערקט און מען פילט דאָס דאָזיקע פעלן ביי יעדער גרעסערער אָדער אינטימערער ציוניסטישער צי סתם־יידיש־געזעלשאַפטלעכער צוזאַמענקונפט.

זיין פעלן פילט זיך היינט מער ווי ווען עס איז אין די לעצטע צוויי־דריי יאָר, אין וועלכע ער איז מחמת קראַנקייט געוואָרן מער אַ יושב־אוהל, אָדער ער איז גאָר געלעגן אין בעט. ער, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיטן לעבן און וועמענס אַלע חושים האָבן זיך ממש געריסן צום ציבור־לעבן, פלעגט אָפט ווידערשפעניקן די דאָקטוירים און דער פאַמיליע, וואָס האָט אים שטרענג אָפּגעהיט, און זיך אַרויסרייסן פון בעט, פון שטוב, כדי זיך צו באַגעגענען מיט אַ חבר, מיט אַ פריינט, כאָטש אויף אַ ווייל לעבן מיטן געזונטן, נאָרמאַלן, לעבעדיקן לעבן! אין אַזעלכע מאָמענטן, ווען מען האָט אים דערזען ביי אַ קאַפע הויז טישל נאָך אַ לענגערער אָדער קירצערער קרענק, האָבן פריינט זיך דערפרייט און מען האָט אויפגעשטעלט אַן אויער, זיך צוצוהערן צו זיינע חכמהפולע שיחת־חולין. אָבער דער דאָזיקער תענוג איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן וואָס אַמאָל זעלטענער. שוין זייט אַ פינף יאָר האָט ר׳ מרדכי געקרענקט און זייט אַ דריי יאָר איז ער געווען מער קראַנק ווי געזונט און מען האָט אים זעלטענער געזען אין דער געזעלשאַפט.

פאַרשטייט זיך, אַז קיינעם האָט ר׳ מרדכי נישט אַזוי שטאַרק געפעלט, און קיינעם איז ער נישט אַזוי פילבאַר אָפּגעשטאָרבן ווי אונדז פון דער ציוניסטישער משפחה. און דאָ מיין איך די ציוניסטישע משפחה אין איר ברייטסטן פאַרנעם. לויט זיין פאַרטיי־פּאַספּאָרט איז ר׳ מרדכי געווען אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, יאָרנלאַנג באַלאַנגט צום עקזעקוטיוו פון דער פע־

דעראַציע, מערערע מאָל פאַרנומען אַמטן אין פּרעזידיום, און אין אַ געוויסן פּעריאָד געווען איינער פון דעם טריאומוויראַט, וואָס האָט פּרעזידירט און אָנגעפירט מיט דער פעדעראַציע. חוץ דעם איז די פעדעראַציע געווען פשוט ר׳ מרדכים היים. און ער האָט אָפּגעהיט אַלע מצוות-מעשיות פון אַן אָרגאַניזירטן פּאַרטיי-מענטש. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם האָט ער זיין ציוניסטישן אינטערעס נישט איינגעשלאָסן אין די ד׳ אמות פון זיין פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע. ר׳ מרדכי ראַזאָווסקי איז געווען אַ ציוניסט אינעם ברייטסטן און טיפסטן זין פון דעם וואָרט. ער איז געווען אַן אייגענער ביי מזרחי פּונקט אַזוי ווי ביי די פּועלי-ציון. צו אַלעמען איז ער געקומען מיט זיינע טענות און תביעות נישט ווי אַ דרויסנדיקער, וועלכער מוז אָפּהיטן געוויסע כללים פון דיפּלאָמאַטישער העפלעכקייט, נאָר ווי אַן אייגענער, וועלכער מאָנט און פאָדערט, זאָגט מוסר ווען מען דאַרף. און מען האָט אים אין אַלע צווייגן פון דער ציוניסטישער משפחה פאַרערט און רעספּעקטירט ווי אַן אייגענעם. מען האָט זיך צוגעהערט צו זיינע שטראָפרייד, נישט אָפּפרעגנדיק זיין אויטאָריטעט; מען האָט זיך צוגעהערט צו זיינע שטראָפרייד אפילו דאַן, ווען מען האָט זיי באַטראַכט פאַר נישט באַרעכטיקט.

אַזוי איז ר׳ מרדכי געווען אַלס ציוניסט און אַלס ייד, אַלס יידישער פאָלקס-מענטש. ער איז געווען דער יידישער פאָלקסמענטש אינעם בעסטן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט. אין דער דאָזיקער באַציאונג האָט ער זיך אונטערשיידט פון די אַנדערע פירנדע פּערזענלעכקייטן אינעם היגן ציוניזם. ראַזאָווסקי איז אַלס ציוניסט נישט געווען קיין אָפיציעלע פּערזענלעכקייט. זיין פּערזענלעכקייט האָט זיך נישט געקענט אריינפּאַסן אינעם אייזערנעם פּאַנצער פון אָפיציעלער שטייפקייט. דערצו איז ער געווען צופיל אימפּולסיווע נאַטור.

דאָס זענען נאָר אייניקע שטריכן וועגן דער פּערזענלעכקייט פון ר׳ מרדכי ראַזאָווסקי. מיר ווילן נאָך אַלץ נישט פון אים נעמען אָפּשייד און אוועקגיין און פאַרגעסן. מרדכי ראַזאָווסקי, דער ציוניסט, וועלכער האָט באַלאַנגט צו דער גאַנצער ציוניסטישער משפּחה, דער פאָלקס-מענטש, וועלכער איז געווען אַ זווי-בערער, נאָבלער, שטאָלצער מענטש, איז געווען אַ שיינער רעפּרעזענטאַנט פונעם אַרגענטינער יידנטום. און דאָס אַרגענטינער יידנטום וועט אים נישט פאַרגעסן.

# וועגן איינקייט

הער זיך צו, מיין זון, צו מיינע רייד און לאָז מיינע ווערטער פאַרנעמען דיין האַרץ:

טאָמער קומט איינער און רעדט צו דיר וועגן איינקייט, טאָ האַלט דיר גוט צו די קעשענעס.

וואָרום, ס'איז גאָר לייכט מעגלעך, אַז דער מענטש וויל דיך באַגנבענען. אָדער ער קומט דיך אָפּנאַרן.

— וואָס־זשע, פרעגסטו, מיין זון, צי איז דען איינקייט אַזאַ שלעכטע זאַך?

ניין, מיין זון. חלילה. איינקייט איז אַ טייערע זאַך, אַ גאָר טייערע זאַך. איינקייט איז אַ בריליאַנט. און פּונקט אַזוי ווי ס'איז פאַראַן מער פאַלשע ווי אמתע בריליאַנטן, פּונקט אַזוי איז פאַראַן מער פאַלשע ווי אמתע איינקייט.

דערפאַר זאָג איך דיר, מיין זון, פאַרנעם מיין וואָרנונג און לאָז דיך נישט אָפּנאַרן פון די הענדלער, וועלכע פאַרקויפן ביליקע גלעזערנע שטיינדלעך פאַר טייערע בריליאַנטן.

אָבער ווי אַזוי, פרעגסטו, קאָן מען דערקענען צווישן די פּרעדיגער פון אמתער איינקייט און די הענדלער מיט פאַלשע בריליאַנטן?

טאָ הער זיך איין, מיין זון: אויב עס קומט צו דיר איינער און רעדט צו דיר אין נאָמען פון איינקייט, פרעג אים קודם: דו, וואָס דו רעדסט אין נאָמען פון איינקייט, זאָג מיר, וואָס און וויפל ביסט דו גרייט מ ק ר י ב צ ו ז יי ן פאַר דער דאָזיקער איינקייט? וויפל ווילסט דו פון דיין עקשנות און פון דיין נאַרישקייט און פון דיין גאווה נאָכלאָזן אין אינטערעס פון דער איינקייט?

וואָרום, זיי ווייסן, מיין זון, אַז אין אַלע גאַסן, אויף אַלע מערק און פאַר אַלע שטאָט־טויערן דרייען זיך אַרום די דאָזיקע פּרעדיגער פון איינקייט, וועלכע מיינען נישט קיין איינקייט, נאָר זייערע אייגענע אינטערעסן. ווי די הענדלער מיט פאַלשע בריליאַנטן, ווילן זיי אַלעמען אָפּנאַרן, כדי דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זיך שטעלן הינטער זיי און זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן. און טאָמער קומט איינער און ווייזט אָן אויף זייערע פאַלשע און קרומע דרכים, רייצן זיי

אויף דאָס פאָלק: זעט, זאָגן זיי, דאָס איז אַ שלעכטער מענטש, ער צעשטערט די אייניקייט.

דעריבער זאָג איך דיר, מיין זון, היט דיך פאַר די פאַלשע פרעדיגער פון אייניקייט און לאָז דיך נישט אָפּנאַרן פון די שאַלקען. וואָרום פאַלשע, אָפּגע-נאַרטע אייניקייט איז ערגער ווי אומאייניקייט.

ווי אַזוי־זשע, פרעגסטו, דאַרף זיין די אמתע אייניקייט?

די אמתע אייניקייט, מיין זון, איז נישט די אייניקייט פון אַ טשערעדע שאָף, וועלכע לויפן נאָך אָן אַ שום שכל, נאָך זייער פאַסטוך, אָדער מחמת מורא פאַר זיין בייטש. די אמתע אייניקייט איז די אייניקייט פון מענטשן, וועלכע פירן זיך מיט חכמה, און ווו יעדער מענטש האָט דאָס רעכט צו וועקן צו פאַר-שטענדיקייט און צו וואָרענען פאַר פאַלשע קרומע וועגן. דאָרט, ווו עס הערשט אמתע אייניקייט, האָט יעדער מענטש אַ רעכט צו זאָגן אַ דעה און קהל הערט אוים די דעה, אפשר איז אין דעם טאָקע דאָ אַ קלוגער און גערעכטער געדאַנק. און אויב אַן ארויסגעזאָגטע דעה איז נישט קלוג און נישט נוצלעך, איז מען דעם מענטשן דאָך נישט מבזה און מען פאַרשעלט אים נישט מיט קיין שום קללות, נאָר מען באַווייזט אים, אַז זיין דעה איז אַ טעותדיקע.

דאָרט, אָבער, ווו עס רעגירט די פאַלשע, אָפּנאַרערישע אייניקייט, דאָרט רעגירן די עקשנים, די בעל־גאווהניקעס און די בייזוויליקע מענטשן. דאָרט טאָר קיינער קיין דעה נישט זאָגן. און טאָמער טרעפט זיך, אַז איינער וואָרנט פאַר דעם פאַלשן וועג, אויף וועלכן דער כלל ווערט פאַרנאַרט פון די אָפּנאַרערישע פירערס, שילט מען אים מיט בייזע קללות און מען איז אים מבזה אין דער עפנטלעכקייט, כדי דאָס פאָלק זאָל זיך נישט צוהערן צו די ריכטיקע רייד.

דאָס הייסט, אַז אמתע אייניקייט איז ענג פאַרבונדן מיט גייסטיקער פריי־הייט, מיטן רעכט פון קריטיק און מיט סבלנות, אָדער ווי זיי רופן דאָס היינט, טאָלעראַנץ. סבלנות קודם כל. ווו ס'איז נישטאָ קיין סבלנות צו אַ וואָרט פון קריטיק, דאָרט איז נאָר פאַראַן הערשעריי און קנעכטשאַפט, אָבער נישט קיין אייניקייט.

# בן-גוריון האָט אומגליקלעך געמאַכט דאָס יידישע פאָלק

וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, יידן, סאַראַ צרות דער דאָזיקער בן־גוריון האָט שוין אָנגעטון און טוט נאָך אַלץ אָן אונדזער אומגליקלעך פאָלק! ס׳איז ממש נישט נאָכצודערציילן וויפיל צרות דער דאָזיקער מענטש האָט אונדז שוין אָנגעטון. קודם איז ער אַרויס מיט דעם דאָזיקן פּלאַן פון חלוקה. אָנשטאָט צו נעמען דאָס גאַנצע לאַנד אויף ביידע זייטן ירדן, האָט ער געאַר־בעט מעשים, אַז אפילו דאָס קליינע שטיק לאַנד אויף מערב־זייט פון ירדן זאָל צעטיילט ווערן אויף צוויי חלקים און מיר זאָלן באַקומען נאָר איין חלק.

איז דאָס נישט געווען קיין אָפענער פאַראַט? נאָכדעם ווי מנחם בייגין האָט באַזיגט די הונדערט טויזנט-קעפּיקע בריטישע אַרמיי אין ארץ־ישראל, האָט מען נאָר באַדאַרפט אַ ריר-טון מיט דינעם פינגער און פשוט נעמען ארץ־ישראל — גאַנץ ארץ-ישראל מיטן עבר-הירדן, מיט נאָך עפּעס דערצו. די „אַין״ וואָלט זיך געווען געפרייט, ווען יידן דערקלערן זיך גרייט צוצונעמען דאָס גאַנצע ביסל מדבריות — און פּטור אָן עסק. אבדולאַן וואָלטן זיי געווען באַ-שטימט אַלס באַד־גוי אין מרחץ פון חיפה און האדזש על הוסעיני וואָלט גע־ווען באַקומען די שטעלע פון שבת-גוי אינעם גרויסן בית-מדרש פון תל־אביב...

איז געקומען דער דאָזיקער בן-גוריון, דער דאָזיקער דיקטאַטאָר, און האָט אַלץ קאַליע געמאַכט, אַלץ פאַרדאָרבן. אַנשטאָט צו נעמען אַ גרויס לאַנד, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון דער „און״ בעטן תחנונים, מען זאָל אונדז געבן דאָס קליינע לענדעלע, וואָס איז געבליבן נאָך דער חלוקה און אפילו פאַר דעם דאָזיקן קליינעם לענדעלע מוזן מיר ערשט פירן מלחמות מיט די פאַרשידענע אַראַבער.

מילא, מלחמה איז מלחמה. אַ קונץ ביי אונדז צו פירן און געווינען אַ מלחמה? פרעגט, אדרבא, וועלכן יידן איר ווילט, דאָ אין באַר „לעאָן״ אָדער אין קאַפע „קאָמערסיאַל״ אָדער אין „סאַראָקאַבאַנאַ״ אין מאָנטעווידעאָ, וועט איר הערן, וויפיל מלחמות מען קאָן געווינען — בפרט ווען מען געפינט זיך אַביסל ווייטער פון די פייער־ליניעס, ווו ס׳איז נישטאָ קיין סכנה צו באַקומען אַ קויל אין קאָפּ.

אָבער דער דאָזיקער בן-גוריון, נישט בלויז, וואָס ער פירט אַליין נישט

גוט די מלחמה, לאזט ער אויך די אנדערע נישט פירן. די מענטשן פון אירגון צבאי לאומי און לוחמי חירות ישראל האבן געוואלט אביסל צוהעלפן, האט ער נישט געלאזט. האבן די מענטשן פון אירגון זיך געבראכט אן אייגענע שיף מיט אביסל וואפן און מוניציע, האט ער, דער דאזיקער דיקטאטאר, נישט געלאזט אויסלאדן דאס פעקל מכשירים. אין א מלוכה, האט ער געטענהט, איז נישט דערלאזבאר, אז ווער עס וויל, זאל זיך אליין פארשאפן געווער און זיך פירן די מלחמה פריוואט, מחוץ פון דער רעגירונג. דער דאזיקער דיקטאטאר האט אפילו געוואגט צו לאזן ארעסטירן עטלעכע פאטריאטן, פרייהייטס-קעמפער דערפאר, וואס זיי זענען געווען פארדעכטיקט אין האבן ארגאניזירט די דער-מארדונג פון דעם „און"-פארמיטלער, גראף בערנאדאט. און דאס איז א דע-מאקראט! און דאס איז א ראש פון א יידישער רעגירונג: א מענטש, וואס לאזט ארעסטירן יידישע פאטריאטן!

נאר וואס קאן מען דערווארטן פון א מענטשן, וועלכער איז געווען א קאָ-לאבאראציאניסט פון די ענגלישע אונטערדריקער. מען זאגט אפילו, אז ער האט מיט זיין פאליטיק אויסגעקעמפט דעם באשלוס פון דער „און" צו אנער-קענען דאס רעכט פונעם יידישן פאלק צו גרינדן די יידישע מלוכה; ער איז געווען דער, וואס האט קעגן די וואקלעניש פון א סך „פאטריאטן" פראקלא-מירט די מדינת-ישראל; ער האט צוזאמען מיט זיינע מיטארבעטער ארגאני-זירט די יידישע מלוכה, געשאפן פון גארנישט די מלוכה-מאשין, ארגאניזירט די נאציאנאלע ארמיי. טאקע אינמיטן דער מלחמה, ווארים ישראל האט נישט געהאט קיין רואיקן טאג פון זינט דעם 29טן נאוועמבער פון פאריקן יאר; ער האט באזארגט מיט וואפן און מיט אלעם נויטיקן די ארמיי; ער, אדער די רעגירונג אונטער זיין פירערשאפט, האט נישט געלאזט ארייינפאלן דאס לאנד אין כאאס, אין וועלכן די ענגלענדער האבן עס בכיוון איבערגעלאזט; ער האט פארזיכערט דעם אינערן פרידן אין לאנד, נישט געקוקט אויף די פארשידענע ווידעראנאנד-קעמפנדע כוחות; ער אדער זיין רעגירונג האט דערמעגלעכט די נארמאלע פונקציאנירונג פון באן און פאסט, געשאפן די אנפאנגען פון א ים-פארקער און פון א ציווילער אוויאציע — חוץ דער מיליטערישער — און פאר-בונדן דאס לאנד מיט דער וועלט — אבער וואס טויג דאס אלץ, אז ער איז א דיקטאטאר, אז ער רויבט צו די פרייהייט ביי אלע פאטריאטן, וועלכע ווילן צוגרייטן א שטאטסקלאפ קעגן זיין דיקטאטור. וואס פאר א דעמאקראטיע איז דאס, וואס דערלויבט נישט, אז פרייע בירגער פון א פרייער מלוכה זאלן זיך האבן אן אייגענע ארמיי און זיך ברענגען פאר דער דאזיקער ארמיי אביסל וואפן און אמוניציע פון אויסלאנד.

נו, כ'פרעג אייך: איז דאס דעמאקראטיע? איז דאס פרייהייט? איז דאס יידישער פאטריאטיזם? האט זיך געלוינט צוווארטן כמעט צוויי טויזנט יאר אויף תחית-המתים פונעם מלכות-ישראל, כדי פרייע בירגער פון דער יידישער

מדינה זאָלן זיין אָפּהענגיק פון א רעגירונג? ווייניק צרות האָבן יידן געליטן פון גויאישע רעגירונגען, מוזן מיר נאָך היינט ליידן פון א יידישער רעגירונג? צו דעם האָבן מיר באַדאַרפט האָבן א יידישע רעגירונג, כדי מען זאָל פאַרשליסן אין תפיסה יידישע פּאַטריאָטן פאַר אַזאַ קליינִיקייט ווי דערשיסן א פאַרמיט־לער פון דער „און", וועלכער איז דערצו נישט געווען אונדזער פריינט?

נאָר וואָס דאַרף מען דאָ לאַנגע ראיות, אז דער דאָזיקער בן־גוריון מיט זיין רעגירונג זענען פשוטע דיקטאַטאָרן און פּחדנים — יאָ: פּחדנים! דאָס וועט אייך באַווייזן יעדער פּאַטריאָטישער יינגל אין בוענאָס איירעס און אין מאָנטעווידעאָ! און דעם בעסטן באַווייז, אַז ער איז א דיקטאַטאָר, דער דאָזי־קער בן־גוריון, קענען אייך ברענגען זיינע אייגענע חברים, די לינקע פון מפ"ם. וואָרים אויך די באַזונדערע קאָמאַנדע פון פּלמ"ח, פון דער שטורעם־טרופּע פון צבא הגנה, האָט דער דאָזיקער דיקטאַטאָר אויפגעלייזט. שרייען זיי, די לינקע, אַז בן־גוריון האָט ליקווידירט די בעסטע טרופּע פון דער ישראל־אַרמיי, ווייל זיי באַשטייען לרוב פון לינקע כחות. בן־גוריון האָט אפילו גע־ענטפערט, אז נישט ער, נישט קיינער, טראַכט וועגן אויפליזן דעם פּלמ"ח, ער וויל נאָר אָפּשאַפן די באַזונדערע קאָמאַנדע און די באַזונדערע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע פון פּלמ"ח. אין א נאַציאָנאַלער אַרמיי איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר באַזונדערע קאָמאַנדאָס, — טענהט ער, און אז דער פּלמ"ח קאָן נישט עק־זיסטירן אייביק ווי אַן אויסגעקליבענע טרופּע, ווייל מען רעקרוטירט נישט קיין סאָלדאַטן באַזונדערס פאַר פּלמ"ח און באַזונדער פאַר אַנדערע טיילן פון דער אַרמיי. אין דער נאַציאָנאַלער אַרמיי בילדן זיך אויס א טייל פּעאיקע סאָל־דאַטן, וועלכע קענען צוזאַמען זיין די קאַמפּס־עליטע, אָבער קיין באַזונדערע קאָמאַנדאָ פאַר אַזאַ סאָלדאַטישער עליטע איז נישט אין אינטערעס פון דער אַרמיי, נישט דאָס קען שטאַרקן די שלאָגפעאיקייט פון די דאָזיקע טיילן.

אָבער דאָס זענען לאָגישע אַרגומענטן פון דעם דאָזיקן דיקטאַטאָר בן־גוריון, און מיר, לינקע, האַלטן נישט פון קיין לאָגישע אַרגומענטן, ווען דאָס איז קעגן אונדזערע פּאַרטיי־אינטערעסן. און בכלל: ווער וועט זיך צוהערן צו די לאָגישע אַרגומענטן פון א דיקטאַטאָר?

איז, ווי איר זעט, האָט דאָס יידישע פאָלק גענוג צרות פון דעם דאָזיקן בן־גוריונען און פון זיין רעגירונג, וועלכע טויג צו גאָרנישט און וועלכע האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, וואָס איז איר נישט געקומען. וועגן דער אויסערן־פּאָלי־טיק פון דער דאָזיקער רעגירונג איז נישט כדאי צו רעדן אפילו. וואָס, משה שערטאָק איז אויך א מיניסטער? ס'איז צרות, צרות. נאָר השי"ב זאָל זיך מרחם זיין איבער זיין פאָלק...

# דאַנקבאַרקייט

דאַנקבאַרקייט — האָט אַמאָל געשריבן קאַרל קראַוס — איז די טבע פון אַ מענטשן, זיך דאָס גאַנצע לעבן צו שמירן מיט זאַלב, ווייל ער האָט אַמאָל געהאַט קרעץ.

נו, דאָס איז שוין אפשר אַ צו ראַדיקאַלע נעגאַציע פון דער פליכט צו דאַנקבאַרקייט. אָבער דאָ האַנדלט זיך גאָרנישט וועגן דאַנקבאַרקייט פאַר אַ באַקומענער טובה, אָדער פאַר ארויסגעוויזענער פריינטשאַפט. ניין, עס האַנדלט זיך וועגן דאַנקבאַרקייט פאַר לאָזן לעבן.

האָט איר שוין געוווינט אַמאָל אין אַ ווייטער געגנט פון שטאָט, ווו ס'איז אייך אויסגעקומען שפּעט אין דער נאַכט צו גיין דורך איינזאַמע, פינצטערע גאַסן? יעדער מענטש, וועלכער באַגעגנט אייך אויפן וועג אין אַזאַ איינזאַמער פינצטערער גאַס, פאַרדינט זיך אייער אייביקע דאַנקבאַרקייט דערפאַר, ווייל ער האָט אייך נישט דערהרגעט. וואָרום, ווען ער זאָל אייך וועלן נעמען דאָס לעבן, איז נישטאָ קיינער, וואָס זאָל אייך באַשיצן און וואָס זאָל אייך ראַטעווען פון דעם פרעמדנס הענט.

נו, טאַקע דאַרף מען אַזאַ מענטשן נישט זיין אייביק דאַנקבאַר, נאָר דערפאַר וואָס ער הרגעט אייך נישט?

אָבער צוריקגעשמועסט, פאַרוואָס זאָל דער פרעמדער אומבאַקאַנטער מיך וועלן הרגענען? האָב איך אים דען עפּעס שלעכטס געטון? איז ער דען אַ מערדער? דוכט מיר, אַז מיין דאַנקבאַרקייט צו דעם פרעמדן בלויז דערפאַר, וואָס ער האָט מיך געלאָזט לעבן און נישט דערהרגעט, וואָלט געווען פאַר אים אַ דערנידערונג. פאַר בלויז נישט־הרגענען, פאַר בלויז לאָזן לעבן, קומט קיינעם קיין דאַנק נישט. אַ נאָרמאַלער מענטש, אַ נאָרמאַל מאָראַלישער מענטש איז נישט קיין מערדער. אַז מענטשן זאָלן לאָזן לעבן איינער דעם אַנדערן איז אַ נאַטירלעכע זאַך. הרגענען, מערדעריי איז אומנאַטירלעך — ס'איז פונקט אַזוי קעגן דער נאַטור פונעם מענטשן ווי קעגן דער מאָראַל.

און נאָך ווייניקער ווי צו אַ יחיד, דאַרף מען פילן דאַנקבאַרקייט לגבי אַ רבים, לגבי אַ מלוכה, בלויז דערפאַר, וואָס זי האָט געלאָזט לעבן. ס'ליגט אויך אין דער טבע פון דער מלוכה, אַ וואָסערע מלוכה דאָס זאָל נישט זיין און אַ

וואָסערער רעזשים עס זאָל אין איר נישט הערשן, צו באַשיצן דאָס מענטשלעכע לעבן. אין אַזאַ פאַל מאַכן ציוויליזירטע מלוכות נישט קיין חילוק צווישן אייגענע בירגער און אויסלענדער. באַשיצן דאָס לעבן פון אַ מענטשן, פון יעדן מענטשן, אָן אונטערשיד, איז די עלעמענטאַרסטע פליכט פון יעדער מלוכה. דאָס הייסט, אַז זיין דאַנקבאַר אַ געוויסער מלוכה בלויז דערפאַר, וואָס זי האָט מיך געלאָזט לעבן אין אַ מאָמענט, ווען מיין לעבן איז אין אַנדערע לענדער געווען אין סכנה, — זיין דאַנקבאַר בלויז דערפאַר, זאָג איך, איז אַ דערנידערונג פאַר דער דאָזיקער מלוכה.

די דאָזיקע טעאָרעטישע באַמערקונגען וועגן דער מאָראַל פון דאַנקבאַרקייט באַציִען זיך צו אַן אַרטיקל פון דעם סאָוועטישן דיכטער איציק פעפער, וועלכן איך האָב געלייענט אין מאָנטעווידעער „אונדזער פריינט", און ווי דער דערמאָנטער „רעכנט זיך אָפּ" מיט יעקב לעשטשינסקין וועגן ענין ביראָבידזשאַן, און דרך אגב, „דערלאַנגט" ער אין פנים אריין „די רענעגאַטן אַ לאַ שמערקע קאַטשערגינסקי", „וועלכער איז לעבן געבליבן אַדאַנק דעם ראַטנפאַרבאַנד", און וועלכער צאָלט נישט אָפּ מיט דער גייטיקער מאָס דאַנקבאַרקייט דעם לאַנד, וואָס האָט אים געלאָזט ראַטעווען זיך פון טויט.

מיט דער דאָזיקער פאָדערונג פון דאַנקבאַרקייט פאַר אַ לאַנד בלויז דערפאַר, וואָס מען איז דאָרט געבליבן לעבן, קאָן מען נישט מסכים זיין סיי פון עטישן ווי פונעם פּאָליטישן שטאַנדפּונקט. מיר ווייזט אויס, אַז איציק פעפער האָט אַ זייער נידעריקע מיינונג וועגן ראַטנפאַרבאַנד, ווען ער געפינט פאַר נייטיק צו פאָדערן דאַנקבאַרקייט בלויז פאַר לאָזן ראַטעווען דאָס לעבן.

די דאַנקבאַרקייט, וועלכע איציק פעפער פאָדערט, איז אַ פּאָליטישע. דאָס הייסט, אַז די מענטשן, וועלכע האָבן בשעת די נאַציִשע אויסראָטונגס-אַקציעס זיך געראַטעוועט קיין רוסלאַנד און דאָרט געבליבן לעבן, דאַרפן דערפאַר, מחמת דאַנקבאַרקייט לויבן און פּרייזן דעם פּאָליטישן רעזשים אין רוסלאַנד — אפילו ווען דער דאָזיקער רעזשים זאָל זיין קעגן זייערע פּאָליטישע, פילאָזאָפישע און עטישע אָנשויאונגען. דער דערמאָנטער קאַטשערגינסקי, אַ זייער טאַלאַנטפולער שרייבער, וועלכער האָט געקעמפט אין די פּאַרטיזאַנען, און אויך דער ווילנער פּאָעט חיים גראַדע, דער שרייבער סוצקעווער, וועלכער געפינט זיך היינט אין ישראל, די דיכטערין רחל קאָרן, און אַנדערע שרייבער, ווערט פאָרגעוואָרפן אומדאַנקבאַרקייט לגבי דעם ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט זיי, ווי איציק פעפער דריקט זיך אויס, „געראַטעוועט און אָפּגעהיטן פון די פאַשיסטישע האָרדעס". אַזאַ דאַנקבאַרקייט הייסט פשוט פאָדערן פון מענטשן, זיי זאָלן פאַרלייקענען זייער עטישן און פּאָליטישן געדאַנק, און בלויז צוליב דאַנקבאַרקייט, זיין די וואָרט־זאָגער פון אַ פּאָליטישער און מלוכהשער שיטה, מיט וועלכער זיי קענען, לויט זייער געוויסן, נישט מסכים זיין.

ס'איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז נישט רוסלאַנד, נישט די סאָוועט־

טישע רעגירונג פאָדערן אזא מין קנעכטישע דאנקבארקייט. נאָר די יידישע קאָ־מוניסטן זענען עס די, וועלכע שרייען אין אלע גאסן, פאָדערנדיק די דאזיקע דאנקבארקייט און זיי גיסן אויס זייער ביטערן און היליקן צאָרן איבער די אלע, וועלכע קענען נישט צאָלן אזא פרייז.

וואָרום, אויב ס'איז אמת, אז מען דארף צוליב דאנקבארקייט דערפאַר, וואָס מען איז אין אַ געוויסן לאַנד געוואָרן „גערעטעוועט און אפּגעהיט פון די פאשיסטישע הארדעס", אויף אייביק זיין גייסטיק פארבונדן מיט דעם רעזשים פון דעם באַטרעפנדן לאַנד, וואָלט מען געקאָנט פאָדערן אזא מין דאנקבארקייט אויך פון יענער קליינער צאָל יידן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אין פראַנ־קאָ־שפּאַניע און אין מוסאָלינים איטאַליע, און זיי וואָלטן — מחמת דאנקבאר־קייט — באַדאַרפט זיין קעגנער פון די, וועלכע האָבן אראָפּגעוואָרפן מוסאָליניען, און וועלכע ווילן אראָפּוואַרפן פראַנקאָן. איך מאַך דאָ נישט קיין פארגלייך צווישן די רעזשימען — איך רעד נאָר וועגן דער דאנקבארקייט, ווי עס פאָ־דערט זי איציק פעפער און די אַנדערע יידישע קאָמוניסטישע פירער.

פון שמערקע קאַטשערגינסקין, פון חיים גראַדע, פון רחל קאָרן פאָדערט מען אייביקע דאנקבארקייט, וואָס דאַרף גיין ביז צו פולשטענדיקער גייסטיקער זעלבסטפאַרלייקענונג, בלויז דערפאַר, וואָס מען האָט זיי דערלויבט צו לעבן; אָבער עס זענען פאַראַן יידן אין געוויסע לענדער, וועלכע האָבן דערגרייכט אין מאַ־טעריעלן רייכטום, און תענוגי עולם הזה, עפּעס מער ווי די שרייבער, און דאָך פאָדערט קיינער נישט פון די דאָזיקע יידן אזא מין דאנקבארקייט, ווי איציק פעפער פאָדערט פון די דערמאָנטע שרייבער, פאַרן נאַקעטן לעבן.

אָבער דאָ אונטערשטרייכן מיר נאָכאַמאָל, אז נישט רוסלאַנד, נישט די סאָוועטישע רעגירונג מאָנט אזא מין דאנקבארקייט, נאָר די יידישע קאָמוניסטן זענען דאָס די, וועלכע דערנידעריקן דערמיט רוסלאַנד נאָך מער ווי זיך אליין.

איציק פעפערס ארטיקל איז אייגנטלעך געווידמעט צו אַ פּאָלעמיק מיט יעקב לעשטשינסקי וועגן ביראָבידזשאַן. ס'איז דער באַקאַנטער אופן פון פּאָ־לעמיק, פון אונטערדריקן דעם קעגנער מחשבות און כוונות, וועלכע ער האָט קיינ־מאָל נישט געהאַט. לעשטשינסקיס טענות וועגן ביראָבידזשאַן זענען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט. אזוי ווי געוויסע קאָמוניסטישע שרייבער זענען געגאַנגען אין אַ געוועט פון איבערטרייבונגען וועגן ביראָבידזשאַן, אָנגעבנדיק פאַנטאַסטישע צאָלן וועגן דער יידישער באַפעלקערונג אין יענעם ווייטן געגנט, האָט לעש־טשינסקי אין אַ רייע אַרטיקלען איבערגעחזרט די זעלבע פאָדערונג:

זאָגט וויפל יידן זענען פאַראַן אין ביראָבידזשאַן. זאָל מען פאַרעפנטלעכן אַן אָפיציעלע סטאַטיסטיק — און לעשטשינסקי האָט אונטערגעשטראָכן, אז ער וועט נישט ציען אין ספיקות אָפיציעלע סאָוועטישע דאַטעס. און איצט ווערט מען געוווירו פון פעפערס אַרטיקל, אז „קיין הונדערט טויזנט יידן זענען נאָך אין ביראָבידזשאַן נישטאָ". דאָס איז איצט, ביים סוף פון 1948. אָבער אין

1945 זענען געווען, לויט א טייל שרייבער-פראפאגאנדיסטן , 150.000 יידן, און לויט א בראשור, וואס איז ארויסגעגעבן געווארן דא, אין בוענאס-איירעס, מיט א דריי יאר צוריק, זענען דאן געווען אין ביראבידזשאן 115.000 יידן. און איצט, זענען נאך קיין הונדערט טויזנט יידן דארט נישטא.

וויפל זענען יא דא? — דעם דאזיקן „סוד" וויל איציק פעפער נישט מגלה זיין. ער דערציילט נאר, אז „בלויז אינעם יאר 1947 זענען געקומען קיין ביראַ־בידזשאן 1770 פאמיליעס". נו, לאמיר אננעמען, אז די אלע פאמיליעס זענען יידישע, און לאמיר רעכענען דורכשניטלעך צו פיר פערזאן אויף א פאמיליע, הייסט דאס 7.070 נפשות. אויב מען זאל אפילו אננעמען, אזא אזא צאל האט איבערגעוואנדערט אין יעדן פון די לעצטע דריי יאר, וואלט דאס באטראפן ארום 21.000 ניי-צוגעקומענע. בשעת מלחמה זענען קיין יידן אין ביראבידזשאן נישט צוגעקומען. דער יידישער באפעלקערונגס-שטאנד פאר דער מלחמה איז געווען ארום 30.000. דאס הייסט, אז לויט אן אפטימיסטישער שאצונג דארפן זיך געפינען אין ביראבידזשאן ארום 50.000 יידן. הלוואי כן ירבו. נאר פארוואס האלט מען דאס אזוי בסוד?

# וועמען דאַרף מען שיסן?

שוין א צייט ווי מען זעט נישט אין די צייטונגען קיין טעלעגראַמעס פון אַטען. טעלעגראַמעס פון אַטען, האָט איר אפשר שוין באַמערקט, ברענגען זייט צוויי יאָר נישט קיין אַנדערע ידיעות ווי נאָר וועגן שיסן קאָמוניסטן. אין אַטען שיסט מען קאָמוניסטן אין הורט. די לעצטע מעלדונג פון אַטען איז געווען וועגן דער דערשיסונג פון 8 קאָמוניסטן. אָבער אָפטמאָל איז די צאָל פון די דער־שאָסענע א גרעסערע. איך דערמאָן זיך א טעלעגראַמע פון אַטען וועגן דער צע־שיסונג פון צוואַנציק קאָמוניסטן.

כ׳וויים נישט צי עס ווערט ערגעץ געפירט א חשבון וועגן די דערשאָסענע קאָמוניסטן אין אַטען און אין אַנדערע שטעט און דערפער אין גריכנלאַנד. ס׳איז אויך נישט באַקאַנט, אויף וויפל דאָס שיסן קאָמוניסטן ווירקט אויף אָפּצו־שוואַכן די קאָמוניסטישע געפילן אָדער אָנשויאונגען אָדער בכלל דעם קאָמו־ניסטישן „ברען" ביי דער גריכישער באַפעלקערונג. ס׳איז אפילו נישט באַ־וווסט, צי די דערשאָסענע קאָמוניסטן אין גריכנלאַנד זענען געווען טאַקע כשרע קאָמוניסטן לויט דער „ליניע" מאַרקס־לענין־סטאַלין. און צי איז טאַקע זיכער, אַז די דערשאָסענע קאָמוניסטן זענען געווען פאַלנע קאָמוניסטן. ווי אַזוי אייגנט־לעך קען א געריכט באַשטימען צי א געוויסער באַשולדיקטער איז א קאָמוניסט צי עפּעס אַנדערש? — און אויב מען שיסט פאַר זיין א קאָמוניסט מוז דאָך א געריכט באַווייזן די שולד פון דעם באַשולדיקטן. ווי אַזוי־זשע ווערט דאָס פעסטגעשטעלט וועגן געוויסע מענטשן, אַז זיי זענען קאָמוניסטן — סיי זיי זענען, סיי זיי זענען נישט קיין מיטגלידער פון קיין קאָמוניסטישער פּאַרטיי?

איך קען א טייל מענטשן, וועלכע האַלטן זיך פאַר קאָמוניסטן און וועלכע זענען דאָס נישט. איז דאַרף מען אַזעלכע מענטשן, ווען זיי וואָלטן זיך געפונען אין אַטען, דערשיסן, צי נישט? אָט האָב איך די טעג באַקומען פון ווין אַן אויס־שניט פון א דאָרטיקער צייטונג, אין וועלכער ס׳איז פאַראַן א באַריכט וועגן א דעמאָנסטראַציע אין א געוויסער שטאָט אין עסטרייך. דאָס איז געווען א דע־מאָנסטראַציע דער עיקר פון פרויען קעגן דעם פעלן פון געוויסע לעבנסמיטלען. די דעמאָנסטראַנטקעס האָבן אויסגעלאָזט זייער גאַנצן כעס צו א האָטעל פון דעם אָרט, ווו עס ווערט, לויט זייער מיינונג, באַהאַלטן א סך שפּייז, דער עיקר

מילך, אייער און צוקער, פאַר די געסט וואָס קומען לעבן אַ גוטן טאָג אין דעם האָטעל. און די געסט זאָלן געווען זיין יידן. דאָס אַלץ איז געווען נאָר אַ חשד. אָבער פאַר די ווילד געוואָרענע ווייבער איז דאָס געווען גענוג צו שרייען: „אַ טויט די יידן". „אין די גאַז־קאַמערן מיט די יידן". און אַ טייל ווייבער האָבן געשריגן — „אַ טויט די יידן — זאָל לעבן סטאַלין".

פרעגט זיך איצט, צי זענען די דאָזיקע ווייבער קאָמוניסטקעס און צי וואָלט זיי געקומען צו דערשיסן ווען זיי וואָלטן געמאַכט אַזאַ דעמאָנסטראַציע אין אַמען? וואָרום דער רוף „זאָל לעבן סטאַלין" פאַרמסרט זיי אַלס קאָמוניסט־קעס. נאָר גיי פאַרלאָז זיך אויף ווייבער און אויף ווייבערישן קאָמוניזם, אַז ביי זיי אין מוח קענען זיך פאָרן אַזעלכע צוויי געדאַנקען ווי „אַ טויט די יידן" און „זאָל לעבן סטאַלין".

מילא, איז וועגן ווייבערישן קאָמוניזם נישטאָ וואָס צו רעדן. אָבער דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ מאַנסבילשן ענין: דער קאַמף צווישן קאָמוניסטן אין יוגאָ־סלאַוויע. אָט אַנטלויפט אַ גענעראַל אַ קאָמוניסט פון אַ רעגירונג וועלכע באַ־טראַכט זיך און וועלכע איז ביז נישט לאַנג, אויך פון קאָמוניסטן, באַטראַכט געוואָרן אַלס קאָמוניסטישע, און דער גענעראַל ווערט אויף דער גרעניץ דער־שאָסן — פון קאָמוניסטן. און אָט גיט זיך איין אַן אַנדערן קאָמוניסטישן גענע־ראַל צו אַנטלויפן פון יוגאָסלאַוויע קיין רומעניע. און דער אַנטלאָפענער גענע־ראַל און קאָמוניסט באַשולדיקט די יוגאָסלאַווישע רעגירונג אין פאַראַט פון די פאָלקס־מאַסן, פון פאָלק און פון קאָמוניזם, וכדומה, וכדומה פאַרברעכנס. פרעגט זיך ווידער, וואָס וואָלט געווען ווען די ביידע צדדים פון די יוגאָסלאַווישע קאָ־מוניסטן וואָלטן זיך געפונען אין גריכנלאַנד — וועלכע פון זיי וואָלט דאָס גרי־כישע געריכט פאַרמשפּט צו דערשיסן?

דאָס איז נישט צום לאַכן. דאָס איז אַ שטיק מענטשלעכע טראַגעדיע פון דעם איצטיקן דור. וואָרום ס'איז דאָך קלאָר, אַז אויב מען דאַרף שיסן קאָמו־ניסטן, דאַרף מען דאָך לפּחות וויסן, וועלכע מען דאַרף שיסן און וועלכע האָבן אַ רעכט צו בלייבן לעבן. און ס'איז אויך אַ פראַגע, וועלכע קאָמוניסטן האָבן אַ רעכט צו שיסן זייערע געוועזענע חברים: דער גענעראַל טיטאָ זיינע קעגנער, אָדער די קעגנער פון טיטאָן האָבן אַ רעכט צו דערשיסן אים, טיטאָן, צוזאַמען מיט אַלע זיינע מיטאַרבעטער און חברים?

איר וועט מסתמא טענהן, אַז דער גאַנצער ענין אינטערעסירט אייך ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. וואָרום וואָס אַרט אייך ווען קאָמוניסטן, דאָרט ער־געץ אין יוגאָסלאַוויע רייסן זיך אַרום און שיסן זיך? — אַזוי קענט איר טראַכטן. זאָג איך אייך, אַז ס'איז נישט גוט, ס'איז נישט געזונט אַזוי צו טראַכטן. ווי לאַנג מענטשן שיסן איינע די אַנדערע, דאַרף מען כאָטש אַ פרעג טון: קינדער, פאַר וואָס שיסט איר איינער דעם אַנדערן, פאַרוואָס פאַרגיסט איר אייער בלוט?

וואָרום סיי אין גריכנלאַנד ווי אין יוגאָסלאַוויע פאַרגיסן ברידער דאָס בלוט

פון ברידער. און דאָס קומט פאָר אין אַ תקופה, וועלכע מען באַטראַכט אַלס באַ-
הערשטע פונעם גייסט פון נאַציאָנאַליזם. און דאָס וואָס פּאַסירט אין גריכנ-
לאַנד און אין יוגאָסלאַוויע עקזיסטירט אין פּאָטענץ אויך ביי אַנדערע פעלקער.
און ביי יעדן פאָלק קענען פּאַסירן אַזעלכע זאַכן, אַז ברידער שיסן ברידער.
אויך ביי אונדז קומט דאָס פאָר. ביי אונדז באַגייט מען שפיכת דמים דערווייל
אין ווערטער. דורך פאַרשפּרייטן רכילות, דורך אויפרייצן ברידער קעגן ברי-
דער, און די וואָס העצן, זענען דערווייל נישט קיין קאָמוניסטן, נאָר דווקא פּו-
נעם אַנדערן עקסטרעם.

דערפאַר מאַקע דאַרף דער ענין אַלעמען אינטערעסירן — אַלע פעלקער.
אויך אונדז. יוגאָסלאַווישע סטודענטן אין פּראַג באַשולדיקן דעם מאַרשאַל טיטאָ
אין פירן אַן „אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק". און „באָרבאַ", די קאָמוניסטישע
צייטונג אין בעלגראַד דערקלערט, אַז די באַשולדיקונגען וואָס די קעגנער וואַרפן
אויף טיטאָן, האָבן אַרויסגערופן אַ פרייד צווישן די אימפּעריאַליסטן פון מערב.
ווער-זשע זענען דאָס די אמתע שולדיקע אין פאַרשטאַרקן דעם מערב־אימפּע-
ריאַליזם? וועלכע קאָמוניסטן דאַרף מען שיסן — ווען שיסן איז שוין געוואָרן
דער לעצטער אַרגומענט?

# רק כך

כ׳לייען אין דער צייטונג, אַז אַ ייד פּאָרט אַרום איבער די שטעט פון לאַנד מיט אַ קאָנפערענץ איבער דער טעמע: „רק כך״. רק כך איז דער טייטש „נאָר אַזוי״. נאָר אַזוי, און נישט אַנדערש. עס איז פאַראַן נאָר איין און איינציקער וועג; איין און איינציקער מעטאָד: רק כך. אַלע אַנדערע וועגן און מעטאָדן און מיטלען טויגן נישט.

„רק כך״ איז די פּאָליטישע פילאָזאָפיע פון פּשטיותדיקע מענטשן, וועלכע פאַרשטייען נישט די קאָמפּליצירטקייט פונעם לעבן, בפרט די פאַרשידענע גורמים פונעם קאָלעקטיוון מלוכהשן לעבן. דערצו זענען די רק כך־פילאָזאָפן גרויסע עקשנים און זיי ווילן בשום אופן נישט זען, די פאַרשידנאַרטיקע אַנדערע כוחות און גורמים, וועלכע ווירקן בשותפות צו דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון די מענטשלעכע געזעלשאַפטן. און ס׳איז אַן אַלטער כלל, אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין מער בלינדערע מענטשן, ווי די וועלכע ווילן נישט זען.

מענטשן, וועלכע זענען נישט דערצויגן געוואָרן צום פּאָליטישן דענקען, זעען אין די דערשיינונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן נאָר אַ רעזולטאַט פון עפּעס איין מאָטיוו אָדער פון אַ כוח, וואָס איז אַליין נישט מער ווי אַ רינגל אין אַ לאַנגער קייט פון אורזאַכן און ווירקונגען. אָט איז פאַרן פּשוטן יידן פּלוצים ממש ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל אַזאַ זאַך ווי מדינת ישראל. דער פּשוטער מענטש ווייס, אַז זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס ביז צוריק אין די עלטסטע דורות, האָבן געבעטן גאָט, גערעדט וועגן גאולה, וועגן ארץ ישראל, וועגן דעם, אַז יידן פון דער גאַנצער וועלט זאָלן ווידער צונויפגעזאַמלט ווערן אין דעם אַלטן לאַנד פון די אבות. און אָט פּלוצים איז דאָ אַ יידיש לאַנד. ווי אַזוי איז דאָס געוואָרן דאָס יידיש לאַנד? ווי אַזוי האָבן מיר דאָס דערגרייכט?

נו, וואָס איז דאָ צו פרעגן לאַנגע קשיות? עס איז דאָך קלאָר, אַז דאָס האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די דאָזיקע קלוגע און מוטיקע יונגעלייט, וועלכע האָבן געוואָרפן אַ באָמבע און ווידער אַ באָמבע, און נאָכאַמאָל אַ באָמבע, אַנטוענדיק צרות די פרעמדע מושלים, די ענגלענדער, אַזוי אַז פאַר צרות און פאַר פּחד האָבן זיי געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. און אויף אַזאַ אופן, רק כך, האָבן מיר באַקומען אַן אייגענע מדינה. און פאַרשטייט זיך, אַז אויך פאַר דער צוקונפט איז נישטאָ

קיין אנדער מיטל: רק כך. און אלע פאקטארן, און אלע כוחות, און אלע הייליקע אנשטרענגונגען און קאמפן און די גאנצע ארבעט פון צוויי דורות יידן ווערט אוועקגעמאכט מיט דער האנט ווי זאכן אן א שום באדייטונג.

ס׳איז לייכט, שפילעוודיק לייכט, אויף אזא אופן צו דערקלערן מלוכהשע, סאציאלאגישע דערשיינונגען: אלץ גייט-צו און אנטוויקלט זיך און וואקסט רק כך — נאר אזוי, דורך עטלעכע באמבעס, עטלעכע רעוואלווערן און ביקסן מיט די אנדערע מכשירים. און אזוי מאכט מען פון רק כך א פילאזאפיע פון דער געשיכטע און א לערע פאר דער טאג־טעגלעכער פאליטיק פון דער צוקונפט. און עס איז איבעריק צו דערמאנען, אז די מענטשן פון „רק כך״ פאדערן זייער שכר, פאר זייער גרויסער פאליטישער חכמה, ווארום ווי קען נאך זיין א ספק, אז אזעלכע פאליטישע חכמים דארפן זיין די לערער און די פירער פונעם יידישן פאלק? ווער דען אויב נישט זיי? זענען זיי אפשר נישט די קלוגסטע פאליטיקער און די בעסטע פאטריאטן? צי האט נאך ווער ספקות, אז נאר דורך זייער פאליטישער חכמה און דורך זייער אנטשלאסנקייט, האבן מיר דערגרייכט וואס מיר האבן דערגרייכט? ניין, עס קאן נאר קיין ספק נישט זיין. רק כך — נאר דורך די באמבעס און דורך די צרות וואס די העלדן פון רק כך האבן אנגעטון די ענגלענדער האבן מיר דערגרייכט א יידישע מדינה מיט א יידישער רעגירונג.

די גאנצע געשיכטע פונעם ציוניזם מיט זיינע פארשידנאַרטיקע גייסטיקע און פאליטישע און סאציאלע קאמפן ווערט בטל אקעגן דעם פשטותדיק נאאיוון רק כך.

ווי אזוי דעראבערט א פאלק א לאנד? נו יא, מערסטנס מיטן כוח פון די וואפן. אמאל קומט דאס פאר מיטן כוח פון עקספאנסיע: א פאלק איבערפאלט מיט זיין מיליטערישן כוח א שכניש לאנד, באזיגט דאס און ווערט דער בעל־הבית אין דעם לאנד און איבער דעם באזיגטן פאלק. אמאל קאן א פאלק פון דערווייטנס שיקן א מיליטערישן כוח אויף איינצונעמען א לאנד. אבער יעדנפאלס מוז דאס פאלק וואס וויל מאכן אזעלכע דעראבערונגען האבן ערגעץ א באזיס אויף צוצוגרייטן זיינע מיליטערישע כוחות און זיין באוואפענונג און עס מוז אויך זיין אן עקאנאמישע באזיס פאר דער באשפייזונג פון די קעמפנדע ארמייען.

די יידן האבן נישט געקענט קומען פון דער פרעמד מיט באמבעס און מיט ביקסן ארויסטרייבן די אראבער און איבערנעמען ארץ ישראל. ערשטנס וואלט די גאנצע וועלט געזען אין אזא מין דעראבערונגס־פעלד־צוג א מוראדיקע רציחה. ווארום מיט אלע אונדזערע היסטארישע טענות, וואלטן מיר אפילו קיין געפגרטע קאץ נישט איבערצייגט, אז ארץ ישראל איז אונדזער און אז די אראבער דארפן אונדז דאס לאנד איבערגעבן. און אז מיר האבן נישט געהאט קיין מיליטערישע, נישט קיין עקאנאמישע באזעס פאר קיין שום לאנד־דעראבערונג איז דאך נישט נייטיק צו דערמאנען.

אלזא, כדי יידן זאָלן קענען קומען מיט פּאָליטישע טענות און פאָדערונ־גען אויף ארץ ישראל, און כדי זיי זאָלן קעמפן פאר דער דורכפירונג פון זייערע פּאָליטישע תביעות, איז נייטיק געווען, אז זיי זאָלן קודם זיין אינעם לאַנד.

אלזא נישט דורכן רעוויזיאָניסטיש-אירגוניסטישן „רק כך", נאָר דורך דער קרבנות־פולער, אָנגעשטרענגטער ארבעט פון די „בילוים", פון די חלוצים פון דער צווייטער עליה און פון די שפּעטערדיקע חלוצים, וועלכע האָבן געשאַפן דעם יסוד פאַר דער באַזעצונג פונעם לאַנד מיט דער הילף פונעם קרן קימת און פון קרן היסוד און פון דער הסתדרות העובדים איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער מדינת ישראל. און דאָ איז נייטיק צו אונטערשטרייכן שאַרף: אפילו די אירגוניסטישע באָמבעס און אַנדערע בראַוואָר־שטיק וואָלטן נישט געווען מעג־לעך, אָן דער פריערדיקער מי־פולער ארבעט פון יאָר-צענדליקער פון אונדזערע חלוצים. אָבער צו דער דאָזיקער גרונטלעגנדער ארבעט פאַר דער יידישער מלו־כה האָבן די כהנים פון רק כך קיין פינגער נישט צוגעלייגט — פאַרקערט, זיי האָבן די דאָזיקע ארבעט געשטערט.

די חלוצים אָבער, וועלכע האָבן אויסגעטריקנט די זומפּן פון עמק, די חלו־צים וועלכע האָבן געפּיבערט, און ביי מאַלאַריע-קראַנקייטן געבויט דאָס לאַנד, די חלוצים וועלכע געווייסע ציוניסטישע פּאַטריאָטן ווילן היינט אוועקרוקן אין פאַרגעסנהייט, — די דאָזיקע חלוצים האָבן אויך געלייגט דעם יסוד פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דעם ישוב. וואָרום דער ישוב איז דאָך זייער פּראַצע.

דאַרף מען דאָ דערמאָנען די געשיכטע און די קרבנות פון „השומר", פון דער חלוצישער וועכטער-אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פאַרטיידיקט די ישובים קעגן אַראַבישע און בעדואינער איבערפאַלער? פאַראַן אין ארץ ישראל גענוג קברים, וועלכע דערציילן דעם היינטיקן דור וועגן דעם הייליקן פּאַטריאָטיזם, דעם העלדישן מוט פון די שומרים, וועלכע האָבן נישט געקאַרגט מיט זייער לעבן פאַר דער פאַרטיידיקונג פונעם לאַנד. און לאָמיר נאָר נישט פאַרגעסן, אז פון דער וועכטער־אָרגאַניזאַציע פון די חלוצים איז אַרויסגעוואַקסן די הגנה, די דאָזיקע וואונדערבאַרע פאַרטיידיקונגס-אָרגאַניזאַציע, וועגן וועמענס קלוגע און מוטיקע מעשים קומענדיקע דורות וועלן דערציילן.

אלזא, נישט רק כך, נאָר אזוי און אזוי, און אזוי. און אמאָל אויך אַנדערש. און זאָלן די כוהנים פון „רק כך" נישט מאַכן דעם אָנשטעל פון טריאומפאַטאָרן, וועלנדיק איינרעדן דעם גאַאיוון פאָלק, אז אָט טוט דאָך היינט די רעגירונג פון ישראל, דאָס וואָס זיי האָבן אזוי לאַנג געפּרעדיגט — זייער רק כך.

וואָרום ס'איז נישט נייטיק געווען, אז עס זאָלן קומען די גרויסע חכמים און באַלערנען דאָס פאָלק, אז ווען מען ווערט איבערגעפאַלן פון א שונא דאַרף מען זיך פאַרטיידיקן. די אירגוניסטישע חכמים וועלכע הערן נישט אויף צו אַנט־דעקן אַמעריקע וואָלטן באַדאַרפט וויסן, אז עס ליגט אין דער מענטשלעכער טבע,

זיך צו פאַרטיידיקן קענען און איבערפאַל. מיר האָבן דאָ שוין דערמאָנט ווי די חלוצים האָבן צוגעגרייט, אָרגאַניזירט זייער זעלבסטפאַרטיידיקונג — זייער הגנה.

די כּוהנים פון „רק כך" דערמאָנען אָן יענער יידענע, וועלכע האָט יעדן מאָל ווען איר מאַן איז אַרויס אין גאַס, אים דערמאָנט, אַז ער זאָל אָנטון א וואַרעמען מלבוש, ווי וואַרעם דאָס וועטער האָט נישט געזאָלט זיין. אָבער ווען דער מאַן האָט אין א קאַלטן טאָג אָנגעטון א וואַרעמען מלבוש, האָט די יידענע טריאומפירט; ענדלעך, זאָגט זי, ביסטו געקומען דערצו, אז א ווייב דאַרף מען פאָלגן.

# יוגנט פון היינט

וואָס מען זאָל נישט טראַכטן וועגן דער יוגנט פון היינט, איז אָבער איין זאַך זיכער, געמלעך, אַז אין פערציק יאָר אַרום, וועלן די היינטיקע בחורים און מיידלעך פון 17 ביז 27 יאָר, זיין מיט 40 יאָר עלטער. זיי וועלן זיך דאַן געפינען אין דער פּסיכאָלאָגישער סיטואַציע, אין וועלכער די מענטשן צווישן 57 און 67 אָדער 70 געפינען זיך היינט. וואַרשיינלעך וועלן זיי זיך אין 40 יאָר אַרום נישט וועלן באַטראַכטן אַלס אַלטע לייט. פאַרקערט, זיי וועלן זיך פילן אַביסל געקרענקט, ווען די 19 אָדער 20-יעריקע וועלן זיי וועלן אָוועקמאַכן מיט דער האַנט אַלס זקנים, וועלכע פאַרשטייען נישט דעם גייסט פון דער צייט, אָדער גאָר אַלס אָפּגעשטאַנענע עובר בטלס. פאַרקערט, מען קאָן אָננעמען כמעט אַלס זיכער, אַז די היינטיקע יונגעלייט צווישן 17 און 27 יאָר, וועלן אי״ה אין 40 יאָר אַרום אַראָפּקוקן פון דער הויך פון זייער 60-יעריקער לעבנס-דערפאַרונג, אויף די נאָך יונגע, נישט דערפאַרענע „צוצאַקעס״.

איך שרייב דאָס אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ידיעה וועגן דער אַרעסטירונג פון עליזאַבעט לאַצאַרוס, צוזאַמען מיט איר פריינט עליאַס דזשייקאָב, ביי וועלכע די בעלגישע פּאָליציי זאָל כלומרשט האָבן געפונען אויפריים בריוו, גרייטע אָפּצושיקן צו ענגלישע פּאָליטישע אָדער רעגירונגס-פּערזאָנען. עליזאַבעט לאַצאַרוס, זאָגט זיך אין דער ידיעה, איז אַלט 21 יאָר, און וואַרשיינלעך איז דער בחור וועלכער האָט איר באַגלייט און וועלכן מען האָט אַרעסטירט צוזאַמען מיט איר, נישט קיין סך עלטער. די דאָזיקע עליזאַבעט לאַצאַרוס מיט אירע 21 יאָר ווערט באַצייכנט אַלס העלדין פון דער רעזיסטענץ-באַוועגונג אין פראַנקרייך, און זי האָט אפילו באַקומען אַן אויסצייכנונג פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, דעם „קרייץ פון רעזיסטענץ״. דאָס איז אַלזאָ גאָר נישט קיין פּשוט מיידל. וואָרים מען דאַרף געדענקען, אַז פראַנקרייך איז שוין כמעט דריי יאָר באַפרייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. דאָס הייסט, אַז עליזאַבעט לאַצאַרוס איז שוין געווען אַ העלדין פון דער רעזיסטענץ באַוועגונג ביי 18, 17 און אפשר שוין אין דער עלטער פון 16 יאָר. דאָס איז נישט קיין אויסערגעוויינלעכע זאַך. אין פראַנקרייך, ווי אין בעלגיע ווי אין רוסלאַנד און פּוילן האָבן געקעמפט אין דער רעזיסטענץ-באַוועגונג אָדער אין די פּאַרטיזאַנען נישט בלויז 16-יעריקע, נאָר אויך אַ סך

יינגערע. שוין 12־יעריקע און אפילו 10 יעריקע קינדער, וועלכע, האָבן זיך גע-וואַלט ראַטעווען פון טויט דורך די נאַצישע מערדער, זענען אַנטלאָפן אין די וועל־דער און דאָרט געקעמפט צוזאַמען מיט די מער דערוואַקסענע פּאַרטיזאַנען. די מערהייט פון די פּאַרטיזאַנען זענען בכלל באַשטאַנען פון יונגע מענטשן, די דורכשניטס-עלטער איז אוודאי געווען אַרום די 20 יאָר.

מען קאָן אויך אָננעמען אַלס זיכער, אַז דער פּראָצענט פון יונגע יידישע פּאַרטיזאַנען איז געווען אַ העכערער ווי ביי דער יוגנט פון די אַנדערע פעלקער וואָס זענען אונטערדריקט געוואָרן פון די דייטשן. דאָס איז געווען פּשוט דער־פאַר, ווייל די יידישע יוגנט איז געווען באַדראָעט פון גרעסערע סכנות ווי די אַנדערע. און מען קאָן אויך פאַרשטייען, אַז אַ יוגנט, וועלכע איז אויפגעוואַקסן אין אַזעלכע געפאַרן, אַ יוגנט, וועלכע האָט געלעבט חדשים־לאַנג, אפשר יאָרן-לאַנג אין די וועלדער, אַ יוגנט וועלכע איז געווען געצוווּנגען צו פירן דאָס ווילדע וואַלד־לעבן, נישט באַשיצט פאַר קעלט, פאַר רעגן, פאַר דער נאַכט און פאַרן הונגער, — אַ יוגנט וועלכע האָט כסדר געזען דעם טויט פאַר די אויגן, — אַזאַ יוגנט איז פּסיכאָלאָגיש בעסער באַוואָפנט פאַרן לעבנס-קאַמף און זי האָט אויך, אָן אַ פאַרגלייך מער דערפאַרונגען פאַרן לעבנס־קאַמף ווי מיר מיט אונדזערע יאָרן פון דערפאַרונגען.

אָבער נישט בלויז די יוגנט פון דער רעזיסטענץ באַוועגונג און פון די פּאַרטיזאַנען, אויך די יוגנט פון די לענדער וועלכע האָבן נישט פאַרזוכט דירעקט דעם טעם פון מלחמה, אויך די יוגנט למשל פון די לאַטיין-אַמעריקאַנער לענ־דער, איז היינט אַן אַנדערע ווי מיר זענען געווען מיט 40 יאָר צוריק. די יוגנט, די 17- ביז 27 יעריקע פון מיט 40 יאָר צוריק, זענען נאָך אַלץ געווען „סטאַ־טעטשנע", ווילע קינדער, מיר זענען אויפגעוואַקסן אָן געפאַרן — טאַטע און מאַמע האָבן אונדז באַשיצט פאַר געפאַרן, און מיר האָבן געטאָן וואָס טאַטע און מאַמע האָבן געהייסן און וואָס גוטע און פרומע לייט האָבן אונדז געהייסן. אין אונדזערע קינדער־יאָרן איז ספּאָרט נאָך געווען אַ נישט שטאַרק פאַרשפּרייטער שפּיל, דער קינאָ האָט אין אייראָפּע ערשט זיך אָנגעהויבן אַרויספּיקען פונעם איי, קיין עראָפּלאַנען זענען נאָך נישט געווען, אפילו דער אויטאָמאָביל איז נאָך געווען אַ זעלטענע זאַך און וועגן דער ראַדיאָ האָבן מיר געלייענט די פאַנטאַזיעס אין בעלאַמיס באַוווּסטן ראָמאַן פון יאָר 2.000. וואָס פאַר אַ געוואַלדיקער אונ־טערשייד איז צווישן דער יוגנט פון היינט און דער יוגנט פון מיט 40 יאָר צו-ריק. דער גייסט פון דער היינטיקער יוגנט ווערט מער געבילדעט פונעם ספּאָרט־פּלאַץ ווי פון דער שולע. און ספּאָרט איז אַקטיוויטעט, טאַט — אָן לאַנגע טראַכ־טענישן. די מוזט שוין צוריקשלײַדערן דעם באַל — נישט געטראַכט — אויב נישט מיטן פוס, אָדער מיטן קני, איז מיטן קאָפּ. די טאָרסט נישט פאַרשפּעטיקן קיין רגע, און טאָמער פאַרשפּעטיקסטו, טאָמער פאַרטראַכסטו זיך, האָט דיך דער קעגנער שוין איבערגעשפּרונגען, האָסטו שוין פאַרשפּילט.

דערצו קומט דער טעכנישער גייסט פון דער צייט, די ידיעות וועגן דערפינדונגען פון נייע וואפן, נייע פארניכטונגס-מאטעריאלן צוזאמען מיט די ידיעות וועגן גישט אויפהערנדיקע מלחמות, רעוואָלוציעס מאכט־פארכאפונגען דורך א שטאַטס-קלאפ, דורך איבערראַשונג — יעדנפאלס דורך שנעלער האנדלונג. דאָס פאַרשפרייט אין דער יוגנט פון היינט די סימפאטיע פאר שנעל האנדלען און נישט טראכטן, פאר געבן דעם קעגנער א קלאפ און נישט פרוון באזיגן אים דורך ארגומענטירן.

אָט אזא איז דער גייסט פון דער יוגנט פון היינט: זי, די יוגנט פון היינט, וועט ליבער געבן צוויי קלעפ, איידער איין מאָל זיך פארטראכטן. זי איז בכלל קעגן צופיל ארגומענטירן, קעגן רעזאָנירן. דערפאר טאקע געפינט מען די יוגנט פון היינט נאָר זעלטן ביי די דעמאָקראטישע פארטייען, וואו די הויפט־טעטיקייט באשטייט אין ארגומענטירן, און רעזאָנירן און איבערצייגן די אייגענע און די קעגנער, און דערנאָך אין אָפשטימונגען, אין רעכענען, ווער ס'איז די מאיאָריטעט און ווער די מינאָריטעט. די יוגנט פון היינט וויל נישט ארגומענטירן און וויל זיך נישט צוהערן צו די לאָגישסטע ארגומענטאציעס. זי וויל אויך נישט אָנערקענען דאָס רעכט פון דער מאיאָריטעט צו דער רעגירונגס־מאכט, און די פליכט פון דער מינאָריטעט צו פאָלגן — ביז זי וועט זיך פארוואנדלען אין א מאיאָריטעט. די יוגנט נייגט צו די עקסטרעמען: רעכטס אָדער לינקס — יעדנפאלס אויפן אויסערסטן עק. די יוגנט איז קאָמוניסטיש אָדער נאציאָנאליסטיש-פאשיסטיש. און די ערשטע כאראקטעריסטיק פון דעם עקסטרעמיזם — קאָמוניזם, פון לינקס, אָדער פאשיזם, פון רעכטס — איז, אז די יוגנט וויל זיך נישט פארנעמען מיט קיין דיסקוסיעס און מיט קיין דעמאָקראטישע שפילן אין וואלן — די יוגנט, סיי די עקסטרעם רעכטע ווי די עקסטרעם לינקע, וויל האָבן א פירער, וועמען זי זאָל פאָלגן. די יוגנט ווערט פשוט פארשיכורט פונעם פירער פרינציפ אפילו ווען זי גיט זיך נישט אָפ קיין רעכענונג דערפון. האָט די יוגנט זיך אָנגעשלאָסן אין א פירער, דאן גלויבט זי אין אים ווי אין א גאָט. די דאָזיקע גרייטקייט פון דער יוגנט זיך איבערצוגעבן אינגאנצן אין רשות פון א פירער און פון זיינע אונטערפירער, בילדעט די גרעסטע געפאר פאר אונדזער צייט. דאָס גיט אָפט שארלאטאנעם די מעגלעכקייט צו שפילן מיטן גורל פון פעלקער.

אָט אזוי בילדעט די יוגנט פון היינט א כסדר וואקסנדיקע געפאר פאר א פרידלעכער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט צו א צושטאנד פון דעמאָקראטישער אָרדענונג. פון אלע זייטן קומען ידיעות וועגן אויפברויזן פון דער יוגנט, באזונדערס פונעם עקסטרעם רעכטן לאגער. ס'איז פשוט שווער צו באגרייפן, וואָס פאר א כוח איז דאָס, וואָס ציט די יוגנט צו די פאשיסטישע לאָזונגען? אָט איז, למשל, א ידיעה פון בוקארעשט וועגן אן ארעסט פון 36 מיטגלידער פון דער אויפגעלעבטער פאשיסטישער יוגנט־אָרגאניזאציע פון דער אייזערנער גווארדיע. פרעגט זיך, וואָס פאר א כוח איז דאָס וואָס ציט די דאָזיקע יוגנט

צום פּאַשיזם? וואָס פּאַר אַ גליקן דערוואַרטן זיי פונעם פּאַשיזם? צי איז דאָס בלויז די נידעריקע לײדנשאַפט פון שנאה צו יידן און די שטרעבונג צו אונטערדריקן, צו שלאָגן יידן?

בכלל רייסט זיך די יוגנט פון הייגט צו פרי אריין אין פּאָליטישן קאַמף — וואָס ווייניקער זי איז דערצו טעאָרעטיש צוגעגרייט. די סאַמע דעמאָקראַטישסטע דעמאָקראַטיע גיט שטימרעכט ערשט די בירגער פון פאַרענדיקטן 21-טן לעבנס-יאָר. אָבער די יוגנט פון היינט וויל נישט וואַרטן ביז צו דער דאָזיקער עלטער־גרעניץ און זי נעמט שוין אָנטייל אין פּאָליטישן קאַמף פון 18-טן, אָדער אפילו פון 16־טן יאָר אָן. ס'איז אַ באַוווסטער פאַקט, אַז פון אונדזערע עקסטרעמיסטן, וועלכע זענען געשטאַנען אַלס אָנגעקלאָגטע פאַרן ענגלישן געריכט אין ארץ-ישראל זענען כמעט אַלע געווען אין די יאָרן פון 18 ביז 20 יאָר. געווען עטלעכע עלטערע פון 20, אָבער אויך אייניקע ייִנגערע פון 18 יאָר. אין דורכשניט זענען זיי זיכער געווען נישט עלטער פון 20 יאָר. און די דאָזיקע 18 ביז 20 יעריקע טוען נישט בלויז דאָס וואָס אַ טייל רופן אָן טעראָריזם און וואָס זיי באַצייכענען אַלס מלחמה קעגן ענגלאַנד, נאָר זיי אַליין באַשטימען ווי אַזוי און ביז ווען און מיט אַ וואָסערע מיטלען די דאָזיקע „מלחמה” דאַרף געפירט ווערן, און דאָס איבעריקע פאָלק, דאָס הייסט, די עלטערע דאַרפן זיך אונטערוואַרפן דעם ווילן פון דער יוגנט.

די דאָזיקע עליזאַבעט לאַצאַרוס, למשל, מוז דאָך זיין אַ גאָר פּרעכטיקער יונגער מענטש. אַלס אַ יונג קינד האָט זי זיך שוין פאַרדינט די אויסצייכענונג פונעם „קרייץ פון רעזיסטענץ”. מיר פאַרשטייען און מיר פילן־מיט איר האַס קעגן די ענגלענדער. אָבער ווען זי דערקלערט, אַז קעגן די ענגלענדער וועט זי קעמפן ביז דער לעצטער שעה פון איר לעבן, האָט מען אַ רעכט זיך צו באַציען מיט אַביסל סקעפּטיק צו דער דאָזיקער דערקלערונג און ליבער צו וואַרטן — וואָס זי וועט זאָגן און וואָס זי וועט טאָן אין 40 יאָר אַרום. און ווייל מיר ווייסן נישט וואָס עליזאַבעט לאַצאַרוס וועט דענקען און טוען אין יאָר 1987, און זי און אירע חברים ווייסן דאָס אויך נישט, איז נישטאָ קיין שום באַרעכטיקונג, אַז זיי, דאָס הייסט, עליזאַבעט לאַצאַרוס און אירע חברים, זאָלן אַליין באַשטימען די קאַמף מעטאָדן, וועלכע דאָס יידישע פאָלק דאַרף באַנוצן אין זיין קאַמף פאַר ארץ-ישראל. דער מעטאָד פון שיקן אויפּריים-בריוו צו די ענגלענדער געפעלט אונדז נישט — אונדז, מיט 40 יאָר עלטערע פון עליזאַבעט לאַצאַרוס. און מיר זענען זיכער, אַז אין 40 יאָר אַרום, און אפשר שוין אין 20 יאָר אַרום, וועט דאָס אויך איר נישט געפעלן און זי וועט רעדן וועגן דעם ווי וועגן אַ נאַרישקייט פון די קינדער-יאָרן. און צי מוז טאַקע דאָס יידישע פאָלק זיך לאָזן פירן פון קינדערישע נאַרישקייטן?

# עטוואָס וועגן העראָאיזם

איך שרייב דאָ אויף צוויי נעמען: שלמה בן טוב און שלום יהודא (יודעל־מאַן). וויפל ארגענטינער יידן קענען די דאָזיקע נעמען? וויפל יידן אין ארגענטינע ווייסן עפּעס וועגן די צוויי יונגע יידן, וועלכע האָבן געהייסן שלמה בן טוב און שלום יהודא? וואָרום די צוויי לעבן נישט מער. איך מוז דאָ מודה זיין דעם אמת, אַז איך אַליין האָב אויך נישט געדענקט מער די צוויי נעמען. איך האָב ערשט געמוזט אָנפרעגן אין ביורא פון קרן קימת. דאָס הייסט, אַז די צוויי נעמען וועלכע איך האָב דאָ אַוועקגעשטעלט, זענען געפאַלן ביי דער ארבעט פון בנין־הארץ פאַר גאולת הארץ. אָבער מען רעדט נישט וועגן זיי און מען מאַכט נישט פון זיי קיין העלדן־לעגענדע. מען דערמאָנט נישט זייערע נעמען אפילו ביי אונדז אין ארגענטינע, ווו מען וואָלט זיי באַדאַרפט נישט פאַרגעסן.

וואָרום שלמה בן טוב און שלום יהודא זענען געפאַלן ביים אויפשטעלן אַ יידישן דאָרפישן ישוב אויפן באָדן פון קרן קימת, וואָס איז געקויפט געוואָרן פאַר געלטער געזאַמלטע פון ארגענטינער יידן. דאָס דאָרף ביי וועמעס אויפשטעלן אין איין נאַכט די צוויי דערמאָנטע יונגע יידן זענען געפאַלן, פון אראַבישע קוילן, האָט באַקומען דעם נאָמען נאות מרדכי, צום אָנדענק פון אַ טייערן ארגענטינער ייד, ר׳ מרדכי ראָזאָווסקי ז״ל.

איך האָב דאָ דערמאָנט די נעמען פון די צוויי געפאַלענע יונגע יידן נישט כדי צו מאַכן עמיצן אַ פאָרוואורף, הלמאי מען האָט אַזוי גיך פאַרגעסן זייערע נעמען, נעמען פון העלדן פון בנין הארץ. וואָרום דאָס פאַרגעסן איז אין דעם דאָזיקן פאַל אַ נאַטירלעכע זאַך. די וואָס פאַלן אויפן מזבח פון בנין הארץ האָלטן נישט פון קיין טעאַטראַלער העלדישקייט. דאָס זענען די געוועינלעכע העלדן פון דער אַרבעט, און שלמה בן טוב און שלום יהודא זענען נישט די איינציקע. נישט די ערשטע און נישט די לעצטע, וואָס האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן אין דער הייליקער ארבעט פון בנין הארץ. די צאָל פון די דאָזיקע שטילע אַנאָנימע העלדן איז שוין אַ גאַנצער לעגיאָן.

און אָט דאָס איז דער כאַראַקטער פון די דאָזיקע העלדן פון דער ארבעט. די העלדן פון בנין הארץ: דאָס וואָס זיי האַלטן גאָרנישט פון זייער העלדישקייט, וואָס זייער העלדישקייט האָט נישט אין זיך קיין ברעקל טעאַטראַליש־

קייט. די העלדישקייט איז דאָ קודם כל אַ קאָלעקטיווע, אַן אמת חברישע. פאַרן אַרויס דרייסיק אָדער פערציק יונגע יידן אין אַ נאַכט אויפצושטעלן אַ דאָרפישן ישוב. דער ישוב מוז אויפגעשטעלט ווערן אין משך פון דער נאַכט — אַלץ מוז פאַרטיק ווערן אין דער דאָזיקער נאַכט: די וווין־באַראַקן, דער לייען־זאַל, דער שפייז־באַראַק, דער ברונעם, דער לייכט־טורעם, די אַרומצוימונג מיט שטעכיקע דראָטן, וכדומה נייטיקע זאַכן. רעליגיעזע חלוצים שטעלן אויך אויף אַ שול און אַ ספר תורה ווערט אַריינגעטראָגן אין דעם נייעם קיבוץ טאַקע באַלד די ערשטע נאַכט.

ביי דער דאָזיקער אַרבעט, ווו מען מוז שאַפן אַ קאָלעקטיוון „יש" פון גאָר־נישט אין איין נאַכט, איז מען זייער אָפט אויסגעשטעלט צו סכנות. די סכנות זע־נען קעגן כלל. אַלע ווייסן דאָס און אַלע אַרבעטן מיט דער דאָזיקער שטילער באַשיידענער העלדישקייט, וואָס די פליכט פון בנין הארץ פאָדערט פון אַלע. און פאַלט איינער ביי דער דערפילונג פון דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער פליכט, איז אַוודאי גרויס דער טרויער פון די איבערגעבליבענע חברים. אָבער דאָס איז נישט קיין מאָטיוו פאַר טעאַטראַלער העלדישקייט. וואָרום דער יחיד איז דאָ אַ טייל פון כלל. דער יחיד וואַרפט זיך אונטער דעם ווילן פון כלל. און ווען דער יחיד מוז שטאַרבן, שטאַרבט ער מיט דעם טרייסט־געפיל, אַז דער כלל, דער קאָלעקטיוו לעבט ווייטער און ער וועט פאַרענדיקן די אָנגעהויבענע אַרבעט. דעם דאָזיקן אַבסאָלוט אומטעאַטראַלישן העראָאיזם, דעם העראָאיזם פון נאַציאָנאַלער פליכט־דערפילונג זעען מיר ביי יוסף טרומפעלדאָרן, וועלכער שטאַרבט מיט די ווערטער „אין דבר — טוב למות בעד ארצנו" — ס'מאַכט נישט — ס'איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונדזער לאַנד".

אַזוי האָט געהערט טרומפעלדאָר אין דעם מאָמענט ווען אַן אַראַבישע קויל האָט איבערגעריסן זיין יונג לעבן.

„ס'איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונדזער לאַנד" — אָבער שטאַרבן קעגן דעם ווילן פון לאַנד, צום שאָדן פון לאַנד? שטאַרבן צוליב אַ העראָאישן זשעסט, אָדער צוליב עקשנות און גאווה?

ס'איז נישט קיין גרויסע זאַך אַוועקצוואַרפן זיין לעבן „פאַרן ווויל פון פאָלק", ווען דאָס פאָלק נויטיקט זיך נישט אין אַזאַ קרבן. אַוועקוואַרפן זיין לעבן קעגן דעם ווילן פון פאָלק איז נישט קיין העראָאיזם.

# ווענן — מזוזות און נאָך עפּעס

דאָ נישט לאַנג איז מיר אויסגעקומען צו זיצן ביי אַ טיש מיט עטלעכע יונ־געלייט פונעם סאַמע לינקסטן ציוניסטישן לאַגער. ס'איז געווען אַ טאָג נאָכדעם ווי ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז גאָלדע מאירסאָן, די אַמבאַסאַדאָרשע פון דער רעגירונג פון ישראל אין מאָסקווע, האָט דערקלערט, אַז ווי ווערט מיטגענומען קיין מאָסקווע מזוזות אָנצושלאָגן אויף די טירן פון דער אַמבאַסאַדע, און אַז זי ווערט אין דער אַמבאַסאַדע פירן אַ כשרע קיך און אָנצינדן שבת־ליכט פּריוואַט פאַר־נאַכט. די ראַדיקאַלע לינקע יונגעלייט האָבן איבערגעגערעדט מיט כעס און פאַר־ביטערונג די דאָזיקע ידיעה. אַ טייל פון זיי האָבן צום כעס צוגעגעבן ביטערן חוזק — אָט אַזוי ווי נאָר יידן קענען.

בין איך געזעסן און זיך צוגעהערט צו דער שאַרפער פאַרדאַמונג און צום ביטערן חוזק פון די מזוזות און פון דער כשרער קיך, וואָס די דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטערן פון ישראל וויל איינפירן ביי זיך אין מאָסקווע. און ווי געוועגלעך האָט מען דערביי געשיט „פעך און שוועבל" אויף דער „רעאַקציאָנערער מפא"י", פון וועמענס שוים עס קענען אַרויסקומען אַזעלכע „פינצטערע רעליגיעזע זאַ־באַבאָנעס".

דעם אמת געזאָגט, האָט מיך די ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע און דער בי־טערער חוזק נישט אַ ברעקל אפילו אינטערעסירט. גיכער האָט דאָס מיך גע־נודיעט, ווי תמיד ווען מען דאַרף זיך צוהערן צו באַנאַלע טענות.

וואָרום, אין אַן אמתן, וואָס איז זיך דאָ אויפצורעגן איבער אַ מזוזה אָדער איבער אַ כשרן ראָסל־פלייש? באַזונדערס איבער דעם ראָסל־פלייש: וועמען דאָס שמעקט, און וועמען עס שמעקט נישט, דער קאָן זיך גיין זוכן אַ טריפהנעם ביפ־שטיק. אָבער צי קען גערמאָלט זיין אַז אַ מענטש נישט קיין נאַר זאָל „צוליב אַ פּרינציפּ" נישט וועלן עסן קיין כשרן ראָסל־פלייש? יעדער בר דעת ווערט פאַר־שטייען, אַז אַ פּראָגרעסיווער מענטש וועלכער איז נישט לגמרי פאַרנאַרישט גע־וואָרן פון זיינע „פּרינציפּן" דאַרף קודם כל זיך באַציען מיט טאָלעראַנץ צו די פּרינציפּן פון אַנדערע מענטשן, וועלכע ברענגען אים נישט קיין שאָדן. ס'איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז פאַר מענטשן, פאַר וועלכע כשרות איז אַ רעליגיעזער פּרינציפּ איז נישט מעגלעך צו עסן פון אַ קיך וועלכע היט נישט אָפּ די דינים

פון כשרות. דאקעגן די וואָס האַלטן נישט פון כשרות, ברענגען ניט קיין גרויסן קרבן אויב זיי דאַרפן אַמאָל עסן ביי אַ כשרן טיש.

און דאָ דאַרף מען אײנזיגען האָבן אַ זייער וויכטיקן פאַקט: ישראל איז נישט דאָס לאַנד פון בלויז אַטעאיסטן, פון יידן, וואָס זענען צעקריגט מיטן רבונו של עולם. ישראל איז דאָס לאַנד פון אַלע יידן, פון פרומע און נישט פרומע. און אפילו די סאַמע נישט פרומע, די סאַמע אפּיקורסים וועלן נישט פאָדערן, אַז אַ רעליגיעזער פרומער ייד זאָל נישט טאָרן זיין קיין מיניסטער אין ישראל, אָדער זאָל נישט טאָרן פאַרטרעטן ישראל אין אַ דיפּלאָמאַטישער מיסיע אין אויסלאַנד. עס קאָן געמאָלט זיין, אַז עס זאָל זיך טרעפן גאָר אַ געשיקטער דיפּלאָמאַט אַ מזרחיסט אָדער אַ מענטש פון אגודת ישראל אָדער פון אַ נאָך פרומערער רעליגיעזער ריכטונג, — צי וועלן מיר אַזאַ מענטשן צווינגען צו פאַרלייקענען זיינע רעליגיעזע פּרינציפּן און זיין טראַדיציאָנעלן לעבנס-שטייגער? אָדער זאָל מען אין דער יידישער אַמבאַסאַדע אָדער לעגאַציע אויפקלאַפּן מזוזות ווען עס וועט קומען אַ רעליגיעזער געזאַנדטער און אַראָפּרייסן די מזוזות ווען עס וועט קומען אַ מיניסטער, לאָמיר זאָגן, פון השומר הצעיר?

וועגן דעם ענין מזוזות איז כדאי צו רעדן אפילו מיט פּראָגרעסיווע יידן. זאָל מען אויף מיר נישט האָבן קיין תרעומות, ווען איך וועל אויסדריקן דעם חשד, אַז גאָר אַ סך יידן האָבן אַראָפּגעריסן די מזוזות פון זייערע טירן נישט אַזוי צוליב פריידענקערישקייט, נישט אַזוי צוליב „פּראָגרעס" ווי נאָר צוליב דעם, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אַז מען זאָל שוין ביי זייער טיר וויסן, אַז דאָ וווינט אַ ייד. איך האָב געקענט דאָקעגן אַן אַנדערן פאַקט פון אַ יידן וואָס איז געווען גאָר ווייט פון רעליגיעזער יידישקייט און וועלכער האָט געהאַט אויף זיין טיר אַ מזוזה. דאָס איז געווען אַ הויכער באַאַמטער ביי די עסטרייכישע אייזנבאַנען אין גאַליציע, אַ באַאַמטער, וועלכער האָט געוווינט אַלס איינציקער ייד אין אַ הויז פון באַאַמטן. האָט ער דווקא ביי דער דרויסנדיקער זייט פון זיין טיר אויפגעשלאָגן אַ מזוזה: זאָלן זיי וויסן, האָט ער געזאָגט, אַז דאָ וווינט אַ ייד.

און וואָס איז דען אַ מזוזה סוף כל סוף? ס'איז דאָך נישט מער ווי אַ סימבאָלישער צייכן, וועלכער דאַרף דערמאָנען דעם יידן אין געוויסע פּרינציפּן פונעם יידישן עטישן געזעץ: „און די דאָזיקע ווערטער וואָס איך האָב דיר היינט געבאָטן, זאָלסטו דיר נעמען אין הארצן אריין: דו זאָלסט זיי לערנען דיינע קינדער און זאָלסט רעדן וועגן זיי, ווען דו קערסט זיך אום אהיים, ווען דו גייסט אין וועג, ביים לייגן־זיך און ביים אויפשטיין"... דאָ איז אַלזאָ פאַרשריבן, דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, די פליכט פונעם פאָטער איבערצוגעבן זיינע קינדער די לערע און די עטישע געזעצן פון זיין פאָלק. נישטאָ אין דעם קיין שום קלעריקאַליזם.

מען קאָן פאַרשטייען, אַז מענטשן מיט אַ ראַציאָנאַליסטישן צוגאַנג צום

לעבן קענען אויסקומען אָן מזוזות און בכלל אָן די אַלע טראַדיציאָנעלע סימבאָלן.
מיר ווילן האָפן, אַז אין מדינת ישראל וועט קיין שום מענטש נישט דאַרפן ליידן צוליב זיינע פרייע אָנשויאונגען און צוליב זיין לעבנס־פירונג וואָס וועט נישט זיין אין הסכם מיט דער רעליגיעזער טראַדיציע. אין דער יידישער מדינה וועט מוזן הערשן קענגזייטיקע טאָלעראַנץ פון די פרומע צו די נישט־פרומע און פאַרקערט, און חוץ טאָלעראַנץ וועלן די יידן אין דער יידישער מדינה דערצויגן ווערן צו טאַקט און צו קעגנזייטיקן רעספּעקט. דער נישט־פרומער ייד וועט רעספּעקטירן דעם פרומען יידן לפּחות נישט ווייניקער ווי דעם רעליגיעזן קריסט אָדער מאַכמעדאַנער. און ס'איז דאָך קלאָר, אַז דעם נישט פרומען איז זעליש לייכטער צו טאָלערירן דעם רעליגיעזן יידן ווי פאַרקערט. וואָרים סוף כל סוף, וואָס אַרט עס דעם נישט פרומען, ווען דער רעליגיעזער מענטש גייט זיך זיינע דרכים? ער ברענגט דאָך קיינעם נישט קיין שאָדן מיט דעם.

# אַ בריוו צו אַ פריינט, אַ קאָמוניסט

האָסטו דיך שוין איינמאָל פאַרטראַכט וועגן דעם, ליבער פריינט, פאַרוואָס בײַ אונדז יידן זענען פאַראַן אַזוי פיל „שונאים פון רוסלאַנד"? דו לייענסט דאָך זיכער אויך קאָמוניסטישע בלעטער אין אַנדערע שפּראַכן און ס'וואָלט דיר באַדאַרפט אויפפאַלן, פאַרוואָס בײַ קיין שום אַנדער פאָלק טרעפט מען נישט אַזוי פיל באַשולדיקונגען אין „שנאה צום ראַטנפאַרבאַנד" ווי בײַ אונדז יידן. צי גיבן מיר יידן טאַקע דעם גרעסטן פּראָצענט „שונאים פון רוסלאַנד"?

בײַ קיין שום אומה ולשון איז נישט אַזוי לייכט צו ווערן געשטעמפּלט אַלס שונא פון רוסלאַנד ווי בײַ אונדז יידן. בײַ אַנדערע פעלקער באַקומט מען אַזאַ טיטל, ווען מען פירט טאַקע אָן אַ סיסטעמאַטישע העצע קעגן רוסלאַנד, קעגן דעם סאָוועטן-רעזשים און קעגן דער סאָוועטישער רעגירונג. בײַ אונדז איז געגוג, אַז דו זאָלסט וואַגן אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט קעגן עפּעס דאָרט אַ קלענערן אָדער גרעסערן „פּראָגרעסיוון עלעמענט", און דו ביזט שוין געשטעמפּלט אַלס אַ שונא פון ראַטנפאַרבאַנד.

מילא, שונא פון ראַטנפאַרבאַנד, וואָלט נאָך געווען צום אויסהאַלטן. מוז מען דען זיין פאַרליבט אין אַזאַ צי אַן אַנדערן פּאָליטישן רעזשים? אָבער „שונא פון ראַטנפאַרבאַנד" ווערט באַלד דער אויסגאַנגס-פּונקט פון אַ גאַנצער סעריע זידלערייען און פאַרלוימדונגען. וואָרים אויב דו ביסט אַ שונא פון ראַטנפאַרבאַנד, ביסטו שוין ממילא אַן אַגענט פונעם אַנטי-סאָוועטישן „בלאָק", אַ פינצטערער רעאַקציאָנער, אַ פאַשיסט, אַ „פאַרשווין", אַ שונא פונעם אַרבעטער-קלאַס, אַ שונא פונעם סאָוועטישן יידנטום, אַ פיינט פון די פּראָגרעסיווע יידישע מאַסן, אַ שונא פונעם יידישן פאָלק, אַן עובר ישראל און — וואָס אין דער קאָרט. די אַלע ערן-טיטלען באַקומסטו אומזיסט, פריי פון יעטוועדער טאַקסע, נישט דו הויבסט אָן צו וויסן, פאַרוואָס דו האָסט דיר פאַרדינט אַזוי פיל טיטלען.

בעת בײַ אומות העולם מוזטו האָבן געגומען אָנטייל אין עפּעס אַ פאַשיסטישער רעוואָלוציע, דו מוזט זיין אַן אַקטיווער מיטגליד פון אַ פאַשיסטישער פּאַרטיי, אָדער אָנפירן טאַקע סיסטעמאַטיש אַן אַנטיסאָויעטישע העצע, כדי דו זאָלסט געשטעמפּלט ווערן אַלס אַ שונא פון ראַטנפאַרבאַנד, באַקומט מען דעם דאָזיקן טיטול בײַ אונדז אַ סך לייכטער. בײַ אונדז איז שוין אַ לעשטשינסקי אַ

„גיפטיקער פיינט פון ראטנפארבאנד" און א „מלחמה־צינדער"; ביי אונדז איז א ש. ניגער, ווי איר וועט זיך דערמאָנען, געקומען קיין ארגענטינע נישט מיט קיין אנדערער מיסיע, ווי נאָר דווקא אלס „אגענט פון די אנטי-סאָוועטישע, אימ-פעריאליסטישע אינטערווענטאָרן" (א פיינעם אגענט זיך אויסגעזוכט!), און פארשטייט זיך, אז דער אלטער ר. אבראמאָוויטש איז נישט עפּעס אנדערש ווי אן אגענט פון דעם אנטיסאָוועטישן בלאָק" (דאָס באוויזן דאָך זיינע מער ווי 50 יאָר קאמף פאר סאָציאליזם...), און ביי קיין שום אנדער פאָלק נאָר דווקא ביי אונדז יידן, האָבן צוויי סאָציאליסטישע פירער, ערליך און אלטער, געמוזט דערשאָסן ווערן אלס — „אגענטן פון נאַציזם"... פארוואָס האָט דאָס נישט פאסירט מיט קיין סאָציאליסטן פון אנדערע פעלקער, נאָר דווקא מיט יידישע? פארוואָס האָבן, אויסגערעכנט, יידישע סאָציאליסטן געמוזט דערשאָסן ווערן אָן א פּראָצעס, און זייער נאָמען האָט געמוזט באשמוצט ווערן אלס „אגענטן פון נאַציזם"?

דאָס איז דערפאַר, ווייל די יידישע קאָמוניסטן רעכענען זיך וויינציקער מיט דער יידישער עפנטלעכער מיינונג ווי די קאָמוניסטן פון אנדערע פעלקער מיט זייער עפנטלעכער מיינונג; דאָס איז דערפאַר, ווייל ביי אונדז האָבן די קאָמו־ניסטן איינגעפירט א מין מאָראלישן טעראָר קעגן יעטווועדער קריטיק פון זייע-רע מעטאָדן. ביי אונדז האָט זיך איינגעפירט א מעטאָד, אז וועגן רוסלאנד מעג מען רעדן אָדער שרייבן נאָר אין א טאָן פון א הונדערט־גראַדיקן ענטוזיאזם. עס איז נישט דערלויבט קיין ברעקל סקעפּסיס, און טאָמער וואגסטו ארויסצורעדן א וואָרט פון קריטיק, ביזטו שוין אן אנטיסאָוועטישער אגענט, א פּראָוואָקאטאָר און אזוי ווייטער ביז צו אן עובר ישראל. דער דאָזיקער מעטאָד, פון מאכן צום נאָר דאָס גאנצע פאָלק ישראל, גייט אזוי ווייט, אז מיט א צייט צוריק האָט דער אָרגאַן פון די היגע יידישע קאָמוניסטן גאנץ ערנסט דערקלערט, אז פירן א פּאָ-ליטישן קאמף קעגן די קאָמוניסטן, איז דאָס זעלבע, ווי מאכן יד אחת מיט די אנטיסעמיטן. דער דאָזיקער סאָפיזם ווערט באוויזן אויף אזא אופן: אנטיקאָמו־ניזם איז דאָך פאשיזם און פאשיזם איז דאָך אנטיסעמיטיזם, דערפאַר, ר' יש-ראל, דאַרפסטו איבערגעבן דאָס גאנצע יידישע געזעלשאפטלעכע לעבן אין רשות פון די יידישע קאָמוניסטן און נישט רעדן קיין וואָרט. און טאָמער רעדסטו א וואָרט, וועט מען דיך תיכף דערקלערן פאר א „פּראָוואָקאטאָר", וכדומה.

איינע פון די אומזיניקסטע און צוגלייך חוצפּהדיקסטע שטיק פון פּאָליטי־שער שווארץ-קינצלעריי, איז די שטרעבונג פון די קאָמוניסטן צו בינדן דאָס יידישע געזעלשאפטלעכע לעבן אין דער גאַנצער וועלט אונטער א פּראָ־רוסישער אָריענטאַציע. רוסלאנד איז א וועלט-מאכט און ווי יעדע וועלט-מאכט האָט זי אירע אינטערעסן — גערעכטע צי אומגערעכטע, דאָס אינטערעסירט אונדז נישט. אָבער רוסלאנדס אינטערעסן זענען נישט און מוזן נישט זיין אידענטיש מיט די אינטערעסן פון די יידן, פון א מיטלשטאנדס-פאָלק, וואָס איז צעזייט

און צעשפרייט איבער דער גאנצער וועלט. נישט רוסלאנד טראכט, נישט מיר פאָדערן דאָס פון איר, אז זי זאָל זיך אין אירע וועלט פּאָליטישע שאַך־צוגן רע־כענען מיט יידן און מיט יידישע אינטערעסן. אז רוסלאנד האָט געפונען פאר פּאַסיק צו שליסן א פריינטשאַפטס־אָפּמאַך מיט היטלער-דייטשלאַנד, האָט זי גאָרנישט געטראכט וועגן יידן, און מאָלאָטאָוו האָט דאַן איבערגעגעבן אין היט־לערס רשות א שטיק לאנד מיט אנדערהאלבן מיליאָן יידן, נישט פאָדערנדיק קיין שום גאראַנטיעס פאר דער דאָזיקער באַפעלקערונג, כאָטש די סאָוועטישע רעגי־רונג האָט גאַנץ גוט געוווּסט, א וואָסערער עס וועט זיין דער גורל פון די דאָזיקע יידן אונטער דער נאַציִשער הערשאַפט און נאָך דערצו בעת מלחמה. און פּאָק־טיש האָבן די דייטשן אין יענער צייט פּאַגראָמירט די יידישע באַפעלקערונג אויף דער גאַנצער לענג פון דער דעמאָלסדיקער דייטש-רוסישער גרעניץ־ליניע, זיי האָבן געפייניקט און געמאָרדעט יידן ממש פאר די אויגן פון די סאָוועטישע גרע־ניץ־פונקציאָנאָרן, און די סאָוועטישע רעגירונג האָט נישט געפונען פאר נויטיק צו רעדן א פריינטלעך וואָרט פאר די פּאָגראָמירטע. מסתמא איז דאָס נישט גע־וועזן אין רוסלאַנדס אינטערעסן. כאָטש אין אזא לאַגע, ווו א גאַנצע באַפעלקע־רונג ווערט אונטערגעוואָרפן די ערגסטע פייניקונגען און שחיטות, איז די פליכט פון א הומאַנער רעגירונג צו אינטערווענירן. איך וויל דאָ דערמאָנען די אינטער־ווענץ פון דער קייזערלעכער דייטשער רעגירונג ביי דער מיט איר באַפריינדע־טער טערקישער רעגירונג לטובת די פּאָגראָמירטע ארמעניער, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די דאָזיקע פּאַקטן ווערן דאָ דערמאָנט, נישט כדי צו וועקן אַנטי־רוסישע געפילן. פאר אונדז יידן איז יעדער „אַנטי" פרעמד און שעדלעך. עס זענען ניטאָ ביי אונדז קיין „אַנטי־רוסן" אָדער גאָר „שונאים פון ראַטנפאַרבאַנד" — ניין, נישטאָ אזא זאַך ביי אונדז. נישטאָ ביי אונדז קיין שונאים פון ראַטנפאַרבאַנד, אָבער מיר ווילן נישט און מיר טאָרן נישט זיך אידענטיפיצירן מיט דער פּאָ־ליטיק פון ראַטנפאַרבאַנד און באַזונדערס טאָרן מיר נישט דערלאָזן, אז צוליב די אינטערעסן פון א געוויסער פּאַרטיי, זאָלן יידן אין די אַמעריקאַנער לענדער אויסגעשטעלט ווערן אַלס די עקספּאָנענטן פון דעם קעמפנדן רוסנטום, אָדער אַלס פאַרטיידיקער פון רוסישע אינטערעסן, קעגן וועלכן ס'איז פון די אַמעריקאַנער לענדער. מיט איינעם וואָרט, מיר יידן זענען נישט קיין „שונאים פון רוסלאַנד" אָבער אויך נישט קיין רוסאָפילן, צ. ב. אינעם סכסוך צווישן רוס־לאַנד און אַמעריקע. דער פּאָליטישער אידעאַל פון אונדז יידן איז ווילקיס „איין וועלט" — איין גאַנצע איינהייטלעכע וועלט אָן דיפּלאָמאַטישע אינטריגעס, אָן מלחמה־העצערייען און אָן נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע אָדער ראַסישע רדיפות.

דעם דאָזיקן פּונקט וועגן אונדזער באַציאונג צו רוסלאַנד און צו סאָוועטי־שער פּאָליטיק דערמאָן איך דאָ נאָר דרך אגב. וואָס ווייסן מיר פשוטע מענטשן וועגן די גרויסע חכמות פון דער הויכער פּאָליטיק? מיר האָבן צו טון נאָר מיט

די היימישע, קליינע יידעלעך, וועלכע, ווען מען דעקט אויף א וועלכן ס'איז פון זייערע בלאָפן, שרייען זיי תיכף, אז מען טשעפּעט רוסלאנד, אז מען איז א שונא פון ראטנפארבאנד. איך ווייס נישט, ווי מען דענקט אין סאָוועטישע רעגירונגס־קרייזן וועגן דער דאָזיקער ביטרער טאַקטיק, און צי מען איז דאָרט בכלל אינ־פאָרמירט וועגן די דאָזיקע פּארטיי־קונצן. די דאָזיקע טאַקטיק, באזונדערס פון די יידישע קאָמוניסטן, וועט אמאָל ברענגען רוסלאנד מער שאָדן ווי נוצן.

די הויפּט־סיבה פון די צוזאמענשטויסן צווישן דער קאָמוניסטישער טאַק־טיק און די אנדעריש־דענקנדע מענטשן און גרופּן, ליגט, דוכט מיר, אין דעם, וואָס די קאָמוניסטן טייטשן אויס פאַלש דעם פּרינציפּ פון פרייהייט פון גע־דאנק און פרייהייט פון קריטיק. עס רעדט זיך דאָ נישט וועגן רוסלאנד. זאָל זיך רוסלאנד רעגירן אזוי ווי זי וויל און זאָל איר דאָס ווויל באַקומען. אין אינערע רוסישע ענינים מישן מיר זיך נישט אריין. אמת, ווען רוסישע צייטונגס־שריי־בער, ווי למשל, דער באוווסטער זאסלאווסקי פון דער מאָסקווער „פּראַוודאַ״, וויל איינרעדן דער וועלט, אז דווקא דער סאָוועטישער וואַל־סיסטעם איז דער דעמאָקראַטישסטער און אז די סאָוועטישע פּרעסע האָט מער פרייהייט ווי די אמעריקאנער, קענען מיר זיך נישט איינהאַלטן פון א געוויסן שמייכל. אגב דער־מאָנט מען זיך (נישט מאַכנדיק קיין פאַרגלייכן), אז אויך מוסאָליני פלעגט אין זיינע פּאָלעמישע רעדעס אוועקשטעלן זיין רעזשים אַלס דעם דעמאָקראַטישסטן.

אָבער, ווי געזאָגט, דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן רוסלאנד. עס האַנדלט זיך וועגן אונדז דאָ. ס'איז דאָך קלאָר, אז דאָ, אין די אמעריקאַנער לענדער, פאָר־דערט נישט קיין שום קאָמוניסט, אז עס זאָלן דאָ איינגעפירט ווערן דער סאָוועטישער וואַל־סיסטעם אָדער די סאָוועטישע פּרעסע־געזעצן, לויט וועלכע נאָר די רעגירונגס־פּאַרטיי האָט א רעכט אַרויסצוגעבן צייטונגען. אין די אמעריקאַנער לענדער פאָדערן אויך די קאָמוניסטן פולע דעמאָקראַטישע רעכט און פולע פריי־הייט פון געדאַנק און פרייהייט צו מעגן קריטיקירן די רעגירונג, כאָטש זיי הערן נישט אויף זיך צו פארכלינען איבער דער סאָוועטישער פּראַקטיק.

און אָט וועגן אָט דעם פּונקט האָב איך, וועט מיר נישט זיין שווער זיך מיט דיר צו פארשטענדיקן, ליבער פריינט. דו, מיין פריינט, ביזט א קאָמוניסט, אָבער דו ביזט א מענטש מיט א ברייטער קולטור און אויך מיט פּאָליטישער קולטור. טאָ, זאָג מיר, כ'בעט דיך, ווי אזוי פארשטייסטו די פרייהייט פון געדאַנק, די פרייהייט פון קריטיק? פארשטייסטו דאָס אפשר אזוי, אז מיר, דאָ, זאָלן מעגן קריטיקירן די פּאָליטיק פון אונדזער רעגירונג און פון אַלע רעגירונגען פון אַלע לענדער, נאָר די פּאָליטיק פון סטאַלין און פון מאָלאָטאָוון זאָל מען נישט טאָרן אָנרירן? די דאָזיקע פראגע שטעל איך דיר נאָר סתם צוליב פּרינציפּ. אין דער פּראַקטיק גייט עס אין אונדזער יידיש וועלטל נישט אזוי וועגן סטאַלין און מאָ־לאָטאָוון, ווי וועגן אונדזערע לאָקאַלע יידישע קאָמוניסטן, וועלכע פאָדערן פאַר זיך מער פּריווילעגיעס ווי דער פּויפּסט פון רוים. וואָרים אפילו דעם פּויפּסט

קריטיקירט מען דאָך אויך אַמאָל. אונדזערע קאָמוניסטן אָבער טאָלערירן נישט קיין שום קריטיק קעגן דער פּאָליטיק, וועלכע זיי באַשטימען. דאָס וואָס זיי באַשטימען, איז הייליק. ווילן זיי, זענען זיי ציוניסטן, ווילן זיי, דערקלערן זיי דעם ציוניזם פאַר רעאַקציע און אימפּעריאַליזם. ווילן זיי, מאַכן זיי אַ הבדל צווישן דעם ניו־יאָרקער און דעם בוענאָס־איירעסער ייווא, דעם ערשטן לייגן זיי אין חרם און דעם אַנדערן דערקלערן זיי אַלס הייליק. און אַזוי ווייטער אין פאַרשיידענע ענינים פון יידישן לעבן. און ווער עס וויל נישט אָנערקענען זייער חרם און גלויבט נישט אין זייער הייליקייט, דער ווערט באַשטראָפט מיט די שענדלעכסטע זלזולים.

פרעג איך דיך, ליבער פריינט, וואָס זאָל טון אַזאַ פּשוטער ייד ווי איך, וועלכער וויל נישט פאַרזינדיקן זיין נשמה? מוז איך אָננעמען באהבה אַלע קאָמוניסטישע שקרים, אַלע פאַרדרייאונגען פון באַקאַנטע פאַקטן און נאָר שווייגן, נישט עפענען קיין מויל? מוז איך גלויבן אין דעם קאָמוניסטישן „פאַקט", אַז ערשט נאָך דער מלחמה... איז אויפֿ כח געשאַפן געוואָרן „אַ פּליטים פּראָבלעם" און אַז יידן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן... „מיטן איינציקן ציל, כדי צו פאַרשווערן די לאַגע פון דער פּוילישער פאָלקס־רעגירונג"? גלויבסטו נישט, ליבער פריינט, אַז אַלס ייד און אַלס איינוווינער פון אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, האָב איך נישט בלויז דאָס רעכט, נאָר אויך די פליכט, אַרויסצוטרעטן קעגן אַזעלכע און ענלעכע בולטע שקרים? האָט נישט יעדער יידישער מענטש, וועלכער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, דאָס רעכט און די פליכט צו באַקעמפן אַ פּאָליטיק, וועלכע ער באַטראַכט פאַר שעדלעך פאַרן יידישן כלל? אַלס קולטור-מענטש, אַלס מענטש פון פּאָליטישער קולטור, מוזטו, ליבער פריינט, דאָס דאָזיקע רעכט אָנערקענען. און דאָס זענען די צוויי שטאַנדפּונקטן, וועגן וועלכע איך האָב גערעדט אין אַ פריערדיקן בריוו: דער שטאַנדפּונקט פון פרייהייט פון געדאַנק און דער שטאַנדפּונקט פון גייסטיקער דיקטאַטור. קלייב דיר אויס, ליבער פריינט, דעם שטאַנדפּונקט, וועלכער פּאַסט דיר בעסער.

# צי זענען מיר טאַקע אַן עם חכם ונבון?

פּאַרטראַכטנדיק זיך וועגן דעם גורל פונעם יידישן פאָלק ווערט מען צומאָל באַהערשט פון געפילן פון יאוש. טיילמאָל שטעלט מען זיך די געוויסנס-פראַגע, צי איז דער גורל פון ישראל צווישן די פעלקער נישט קיין פאַרדינטער? פאַרמאָגן מיר די נויטיקע מאָראַלישע גבורה, זיך צו קענען אַרויסרייסן פון די סכנות פון אומקום, וועלכע דראָען אונדז פון אַלע זייטן?

אונדזערע אַלטע האָבן געהאַט דעם מוט, צו רעדן שאַרפע ווערטער, ווען עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז דאָס פאָלק שטייט נישט אויף דער מאָראַלישער הויך. זיי האָבן געהאַט דעם מוט אויסצושרייען ומפני חטאינו גלינו מארצנו, ונתרחקנו. מעל אדמתנו — „צוליב אונדזערע זינד זענען מיר פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד און דערווייטערט געוואָרן פון אונדזער ערד״. דער היינטי־קער דור אָבער האָט נישט דעם מאָראַלישן כוח און נישט דעם בירגערלעכן מוט צו אָנערקענען באַגאַנגענע זינד אָדער טעותים. מיר זענען אַלע פּאַטריאָטן, גרוי־סע יידישע פּאַטריאָטן, אָבער פּאַטריאָטיזם האָט ביי אונדז אַ פּאַרטיי־שטעמפּל, און די גאַנץ גרויסע פּאַטריאָטן האַלטן נאָר דעם פּאַטריאָטיזם פון זייער פּאַרטיי-מאַרקע פאַר דעם איינציק ריכטיקן. אַלע אַנדערע טויגן צו גאָר נישט און זיי ווערן דענונצירט אַלס פאַרראַט.

ס׳איז דאָך באמת מאָדנע וואָס ביי אונדז קומט איצט פאָר. אונדזער פאָלק האָט איבערגעלעבט איינע פון די שוידערלעכסטע קאַטאַסטראָפעס, וואָס קיין שום פאָלק אין דער וועלט האָט ווען עס איז דורכגעמאַכט. מער ווי אַ דריטל פון אונדזער פאָלק איז פאַרלענדט געוואָרן ביי די שוידערלעכסטע פייניקונגען און דערנידעריקונגען. אין דער פייניקונג און אין די מערדערייען האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט, אַ חוץ די דייטשן, נאָך אַ זיבן־אַכט פעלקער. און די גאַנצע וועלט פון דער אַזוי גערופענער קריסטלעכער ציוויליזאַציע איז געשטאַנען ביי דער זייט און זיך צוגעקוקט מער אָדער ווייניקער גלייכגילטיק צו דער דאָזיקער סיס־טעמאַטישער מאַסן-מערדעריי. נאָר זייער ווייניקע פון די פעלקער האָבן אַרויס-געוויזן אַ העכערע מאָראַל און געפּרוווט רעטן כאָטש אַ טייל פון די ליידנדע יידן. אָבער דאָס זענען געווען דווקא קלענערע פעלקער, ווי די שוועדן, די דענער, און טיילווייז די האָלענדער, די בעלגיער און די פראַנצויזן. אָבער די מעכטיקס־

טע פעלקער האָבן זיך גאַנץ קאַלטבלוטיק צוגעקוקט צום מאַסן־מאָרד. און באַזונדערס גרויס־בריטאַניע האָט מיט דער גאַנצער אכזריות געשטערט די רעטונג פון יידן, האַלטנדיק פעסט פאַרשלאָסן די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר די, וועלכע מען וואָלט געוועז געקענט רעטן.

און איצט, נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, איז די וועלט פאַרסמט פון אַנטיסעמיטיזם נאָך מער ווי פאַרן זיג איבער היטלערן. ס'איז נישטאָ קיין מיטגעפיל מיט די ליידנדע יידן ביי די קריסטלעכע פעלקער.

א פאָלק וועלכעס געפינט זיך אין אַזאַ לאַגע וואָלט באַדאַרפט זיך מאָראַליש שטאַרקן, אָפּלאָזן אַלע קליינע אינערע סכסוכים און בילדן איין פאַראייניקטן כוח, וועלכער זאָל אונדז מאַכן שטאַרק אַקעגן אונדזער איבערמעכטיקן שונא.

אָבער וואָס זעען מיר אין דער ווירקלעכקייט? ס'איז פשוט אַ בושה אין פנים און חרפה אין הארץ ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אונדזער פאָלק איז פאַרטייאיש צעשפּאָלטן און צעריסן מער ווי אַלע פעלקער פון דער וועלט. מיר האָבן היינט מער פּאַרטייען ווי פאַר דעם גרויסן בראָך וואָס האָט אונדז געטראָפן. און די פּאַרטייען האַלטן זיך יעדע איינע ווי אַ צוועק פאַר זיך. דער פּאַרטיי־אינטערעס ווערט געשטעלט איבער די הייליקסטע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, איבער דעם גורל פון גאַנצן פאָלק. און פון די פּאַרטייען גייט אַרויס אַ גייסט פון שנאה, וועלכער שוואַכט אָפּ די כוחות פונעם פאָלק.

ס'איז אַ טרויעריקער פאַקט, וועלכן מען מוז פעסטשטעלן, אַז די פּאַרטייאישע מחלוקתן און שפּאַלטונגען זענען אין ערגעץ נישט אַזוי שטאַרק ווי אינעם לאַגער פון ציוניזם. פאַראַן פּאַרטייען און פּאַרטיי־מענטשן, וועלכע זוכן שוין נישט דעם דרך הישר, דעם בעסטן וועג וועלכער זאָל קענען פירן צום נאַציאָנאַלן ציל. דער עיקר איז, אַז די אייגענע פּאַרטיי זאָל האָבן רעכט, אַז די עקשנות פון די דאָזיקע פּאַרטיי־פירער זאָל אויספירן — מעג דערביי דאָס פאָלק צו גרונט גיין.

ווען מען קוקט זיך צו צו די דאָזיקע פּאַרטיי־רייסערייען, פּאַרטיי־אינטריגעס און צו דעם האָס וועלכער ווערט קולטיווירט אין געוויסע פּאַרטייען קעגן יידן וועלכע געהערן צו אַן אַנדערער פּאַרטיי, מוז מען מסופק זיין, צי זענען מיר טאַקע אַן עם חכם ונבון — אַ קלוג און פאַרשטענדיק פאָלק. אַ קלוג און פאַרשטענדיק פאָלק דאַרף באַשטייען פון קלוגע און פאַרשטענדיקע מענטשן. און ווי איז דאָס מעגלעך, אַז קלוגע און פאַרשטענדיקע מענטשן זאָלן זיך נישט קענען פאַרשטענדיקן איבער דעם וועג וועלכן זיי דאַרפן גייען, אויב זיי האָבן איין און דעם זעלבן ציל? און ווי איז דאָס מעגלעך אַז קלוגע און פאַרשטענדיקע יידן זאָלן זיך נישט קענען פאַרשטענדיקן איבער דעם ציל וועלכער לאָזט זיך דערגרייכן ביי דער געגעבענער לאַגע, און איבער די מיטלען וועלכע מען דאַרף אָנ-

װענדן, און איבער די װעלכע מען מוז אויסמיידן, אויב מען װיל נישט פאר־שפילן דעם ציל?

לאָמיר אדרבא, פּרוּװן און זיך אריינטראַכטן: צי זענען מיר טאַקע דער עם חכם ונבון װאָס מיר רעדן זיך איין צו זיין? ענדיקט זיך נישט אונדזער „חכמה״ ביי די פּשוטע קליינע און גרויסע קאָמערציעלע געשעפטן און געשעפטלעך? װוּ האָבן מיר אַלס פאָלק ארויסגעװיזן פּאָליטישע חכמה? דער ארץ־ישראלדיקער געדאַנק איז ביי אונדז באַקעמפט געװאָרן פון לינקס און רעכטס מיט די נידע־ריקסטע און ביליקסטע מיטלען נאָך ביז די לעצטע פאָר יאָר. מיט װיפיל בייסנ־דיקער „חכמה״ האָט מען נישט אָפּגעחוזקט פון די טיפּשים, װעלכע האָבן גערופן די יידן זיך צו באַזעצן ביי „דער מוטער רחלס קבר״. פון דער זייט פון קאַפּיטאַל און פון כלומרשט „רעװאָלוציאָנערן״ סאָציאַליזם האָט מען באַקעמפט דעם ציו־ניזם װי אַ רעאַקציאָנערע באַװעגונג. יעדער פון די חכמים האָט געהאַט פאַרן יידישן פאָלק אַן אַנדערן װעקסל מיט אַנדערע הבטחות. בעת איינע האָבן גע־הייסן דעם יידישן פאָלק זיך פאַרלאָזן אויפן זיג פון ליבעראַליזם, פון קאָנסטי־טוציעס און פון „אויפקלערונג״, האָבן די אַנדערע געהייסן װאַרטן אויפן „זיג פון פּראָלעטאַריאַט״. װאָס ס'איז געװאָרן פון די אַלע הבטחות און פון דעם פאַרלאָזן זיך אויף דרויסנדיקע באַװעגונגען און כוחות, װייסן מיר שוין.

ניין, דעם קאַמף קעגן ציוניזם און די גלייכגילטיקייט אָדער די העפלעכע „סימפּאַטיע״ פון די ברייטע מאַסן צום ציוניזם דורך די אַלע יאָרן, באַװייזט נישט, אַז מיר זענען דער עם חכם ונבון, װעלכן מיר רעדן זיך איין צו זיין. און, ליידער, אויך דער צעשטערנדיקער פּאַרטייאישער און פערזענלעכער קאַמף אין דער ציוניסטישער באַװעגונג גיט אונדז נישט קיין רעכט צום טיטל פון אַן עם חכם ונבון.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַ שטייגער, די ענגלענדער אין אונדזער לאַגע. װען ענגלענדער װאָלטן מוזן זיין ציוניסטן און קעמפן פאַר דער דערגרייכונג פון אַן איינגן לאַנד, צי קאָן מען גלייבן, אַז אויף אַ ציוניסטן־קאָנגרעס פון ענגלענדער װאָלטן געװען אַזוי פיל פּאַרטייען און אַזוי פיל מיינונגען און שפּאַלטונגען אין יעדער פּאַרטיי באַזונדער און אַזוי פיל פערזענלעכע קידערװוידערס? װאָלטן אויך ענגלענדער צוליב יעדער קוצו של יוד פון אַ קליין „אידייעלע״ זיך אָפּגעשפּאָלטן פון איין פּאַרטיי און געגרינדעט אַ נייע פּאַרטיי מיט נייע „אַנשװיאונגען״ און „פּראָגראַמען״ מיט נייע פּאַרטיי־אידעאָלאָגיעס און פּאַרטיי־שנאה? מיר דוכט, אַז װען ענגלענדער װאָלטן מוזן זיין ציוניסטן, װאָלט ביי זיי עקזיסטירט נישט מער װי צװיי פּאַרטייען: אַן אַרבעטער־פּאַרטיי און אַ סתם נאַציאָנאַלע פּאַרטיי. און די צװיי פּאַרטייען װאָלטן זיך װי עס איז צונויפגערעדט. יעדנפאַלס, צו אַזאַ פּאַרטיי־כאַאָס װי ביי אונדז און צו אַזאַ פּאַרטייאישער שנאה װאָלט ביי זיי נישט געקומען.

ניין, װאָס מער מען טראַכט זיך אריין אין אונדזער פּאָליטישן גערודער,

דאָס שווערער ווערט צו גלויבן, אז מיר זענען פּאָלקס-פּאָליטיש אַן עם חכם ונבון. אונדזער פּאָליטיק איז נישט בלויז נישט איבעריק קלוג, נאָר אָפטמאָל, (עוויאַן!) האָט זי אין זיך בולטע סימנים פון עקסצעסיווער נאַרישקייט. מען קאָן זאָגן, אז די נאַרישקייט טראָגן אַריין אין אונדזער לעבן געוויסע פּערזאָנען פּאָ־ליטיקאַנטן. אָבער דער פאַקט וואָס מיר קענען זיך אַלס פּאָלק נישט אָפּטרייסלען פון די דאָזיקע פּאָליטיקאַנטן און זייערע פאַרשידענע פּאַראַלעלע אָרגאַניזאַציעס, „קאָמיטעטן" און „ראַטן", זאָגט נישט קיין עדות לטובת אונדזער פּאָליטישער חכמה.

אין איינער פון די פילע שריפטן וואָס דערשיינען איצט וועגן דער אויס-ראָטונג פון די יידן דורך די דייטשן אין די פאַרשידענע שטעט אין פּוילן, האָב איך די טעג געלייענט וועגן איינעם א דייטשן מערדער וועלכער האָט זיך איזדע־קעוועט איבער די יידן מיט א באַזונדערער אכזריות. אָבער נישט באַנוגנדיק זיך מיט דעם פיזישן פּייניקן זיינע קרבנות, האָט ער זיך געוואָלט איבער זיי נאָך מער מאָראַליש איזדעקעווען, און רייצנדיק זיך מיט די געפּייניקטע יידן, האָט ער אויסגעשריגן: „פאַרפלוכטע יודען, איר זענט דאָס דומסטע פּאָלק אין דער וועלט!" לייענענדיק דעם דאָזיקן אויסרוף האָב איך מיך אַריינגעטראַכט אין דער דערשלאָגענער שטימונג פון די פיזיש און מאָראַליש געפּייניקטע יידן, וועלכע דער בעסטיאַלישער מערדער דערקלערט נאָך אַלס גייסטיק מינדערווערטיק, אַלס דאָס „דומסטע פּאָלק אין דער וועלט". א וואָסערע האָט געקאָנט זיין די שטי־מונג פון די דאָזיקע יידן, ווערנדיק אזוי באַליידיקט אין דעם מאָמענט ווען זיי האָבן שוין געזען דעם טויט פאַר די אויגן?

„דאָס דומסטע פּאָלק פון דער וועלט" — און דאָס צו הערן פון א דייטש, א זון פון דעם ווירקלעך פּאָליטיש דומסטן פּאָלק אין דער וועלט. צי האָט דאָ נישט דער דומער דייטש זיך געוואָלט איזדעקעווען איבער די „קלוגע יידן". ווי איינער רעדט: נו, זעט, מיט אייער גאַנצער חכמה געפינט איר זיך איצט אין מיין רשות, אין רשות פון איינעם, וועלכן איר באַטראַכט זיכער ווי א נידעריקע, געמיינע בעסטיע!

און אפשר האָט דער דייטש אין זיין בעסטיאַלישקייט א מאָמענט גע־טראַכט גאַנץ פאַרנונפטיק און לאָגיש: „איר יידן זענט דאָך דאָס דומסטע פּאָלק אין דער וועלט". איר האָט געלעבט אַרומגערינגלט פון שונאים, וועלכע האָבן געוואָלט אייער אומקום. און איר האָט זיך געלעבט אזוי לייכטזיניק אין טאָג אַריין, זיך פרייענדיק מיט קליינע דערפאָלגן אין געשעפט און נישט אַכטנדיק אויף די סכנות וואָס האָבן אייך געדראָט פון דער שנאה פון אייערע שכנים.

יאָ — דאָס דומסטע פּאָלק אין דער וועלט: בלי ספק וואָרצלט אונדזער „דומהייט" אין אונדזער עטישן וועלט־באַנעם, אין אונדזער מאָראַלישן אָפּטי־מיזם, אין אונדזער גלויבן אין סאָציאַל-עטישן פּראָגרעס, אין דער גייסטיקער דערהויבונג פון דער מענטשהייט און אין נאָך אַנדערע שיינע אידעאַלן. צוליב

די אידעאלן האָבן מיר פאַרזען, אַז מיר לעבן צווישן מענטשן-וועלף: אונדז איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז אין „20־טן יאָרהונדערט" זאָל מעגלעך זיין אַזאַ אויס-ברוך פון ווילדער רציחה ווי די וואָס האָט ווירקלעך פּאַסירט ביי דער מיטהילף פון זיבן־אַכט פעלקער און ביי דער גלייכגילטיקייט פון דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט. מיליאָנען יידן האָבן געלעבט צווישן בלוטיקע שונאים און נישט געטראַכט וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג און נישט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו אַנטלויפן פון דעם אָרט, וווּ עס האָט זיי געדראָט מאַסן-אומקום.

דאָס דומסטע פאָלק פון דער וועלט? — אַזוי האָט אפשר געקאָנט טראַכטן דער דייטשער מערדער אין זיין ביטערער איראָניע. אָבער מיר זענען נישט אַזאַ דום פאָלק, כאָטש מיר ליידן פון אונדזער גלויבן אין דער מענטשהייט. אָבער קיין עם חכם ונבון זענען מיר אין נאַציאָנאַל פּאָליטישן זין אויך נישט. די האַר־שפּאַלטערייען פון אונדזערע פּאַרטייען זענען גאָר ווייט פון יעטווועדער פּאָלי־טישער חכמה. און דער ענגהאַרציקער סעקטן-גייסט פון די דאָזיקע פּאַרטייען, וועלכע זענען שטענדיק גרייט מקריב צו זיין דאָס גאַנצע פאָלק פאַר אַ קוצו של יוד פון זייערן אַ פּראָגראַם פּונקט, איז אויך נישט קיין אויסדרוק פון קיין גרוי־סער פּאָליטישער חכמה. איך וויל דערמיט נישט זאָגן, אַז מיר קענען אויסקומען אָן פּאַרטייען. פּאַרטייען זענען די באַדינגונגען פאַר יעטוועדער דעמאָקראַטיע. אָבער די פּאַרטייען דאַרפן דינען די נאַציאָנאַלע אינטערעסן און די דאָזיקע אינ־טערעסן דאַרפן בילדן זייער גרעניץ איבער וועלכער זיי טאָרן נישט אַריבערגיין. צום גליק הויבט מען אָן דאָס צו פאַרשטיין אין ישראל.

# יידן אין דער פרעמד

עס איז פֿאַראַן אַ געוויסער סאָרט יידן, וועלכע לעבן אין דער פרעמד און ווירקן אין דער פרעמד, דאָס הייסט, אין אַ וועלט, וועלכע איז פֿאַר זיי פרעמד, אָדער, וועלכע באַטראַכט זיי אַלס פרעמדע. דאָס זענען קודם־כל יענע יידישע אינטעלעקטואַלן, די שריפֿטשטעלער, דיכטער, פּובליציסטן, זשורנאַליסטן און קינסטלער, וועלכע שרייבן אין די שפּראַכן פֿון זייערע לענדער וועגן ליטעראַרישע, היסטאָרישע אָדער פּאָליטישע פּראָבלעמען פֿון די פֿעלקער צווישן וועלכע זיי לעבן, אָדער זיי שאַפֿן זייערע קינסטלערישע ווערק אין דער שפּראַך פֿונעם לאַנד. די דאָזיקע יידישע אינטעלעקטואַלן זענען אייגנטלעך היימלאָזע. זיי לעבן מיט דער אילוזיע, אַז זייער גייסטיקע היים איז דאָס פֿאָלק, די קולטור און די שפּראַך אין וועלכער זיי שרייבן. ביז צו אַ געוויסן גראַד קענען זיי דורכקומען מיט דער דאָזיקער אילוזיע. כאָטש נישט אומעטום און נישט אין יעדער צייט איז אַזאַ אילוזיע מעגלעך. וואָרום ליטעראַטן און קינסטלער זענען די סאַמע סענסיבלסטע מענטשן. זיי דערפֿילן יעדן פּרעמדאַרטיקן טאָן, יעדן נישט נאַציאָנאַלן זשעסט, יעטוועדן שפּראַך־קנייטש גיכער ווי דער פּשוטער בשר־ודם. זיי דערפֿילן דערפֿאַר זייער לייכט דאָס יידישע, אָדער אפֿילו נאָר אַ שמץ פֿון יידישקייט אין אַ קונסטווערק, אָדער אין אַ ליטעראַרישער אַרבעט פֿון אַ יידישן אויטאָר, וועלכע פּרעטענדירט צו זיין אַ ווערק פֿון דער באַטרעפֿנדער נאַציאָנאַלער קולטור.

חוץ דער אַזוי צו זאָגן „שאַרפֿערער נאָז" ביי די ליטעראַטן און סתם אינטעלעקטואַלן אויפֿן געביט פֿון קינסטלערישן און ליטעראַרישן שאַפֿן, זענען אויך פֿאַראַן ביי זיי באַציאונגען פֿון אַ נידעריקערער קאַטעגאָריע, ווי קנאה, נישט־פֿאַרגינערײַ, קאָנקורענץ און בכלל אַלץ וואָס גייט אַריין אין די גרעניצן פֿון מאַטעריעלע אינטערעסן.

עס קאָן געמאָלט זיין, אַז די מאַטעריעלע אינטערעסן רופֿן אַרויס ביי די אינטעלעקטואַלן פֿון די פֿאַרשידענע פֿעלקער יענע באַציאונג פֿון כלומרשט נאַציאָנאַל־קולטורעלער אָדער נאַציאָנאַל־עסטעטישער רעזערווירטקייט אַקעגן זייערע יידישע קאָלעגן. אָבער, אַזוי צי אַזוי, איז אַ פֿאַקט, אַז די אינטעלעקטואַלן בילדן כמעט ביי אַלע פֿעלקער דעם אוואַנגאַרד פֿון די אַנטיסעמיטישע באַוועגונ־

גען. הויבן הויבט זיך אָן דער דאָזיקער אינטעלעקטועלער אַנטיסעמיטיזם אַלס אַ כלומרשטע אָפּוועך „קעגן דער פאַרפלייצונג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור דורך דעם פרעמדן יידישן גייסט", וכדומה טענות פון דער אַנטיסעמיטישער פראָזעאָלאָגיע. אַ פאַקט איז, אַז נאָך פאַרן פּאָליטישן אַנטיסעמיטיזם איז אין דייטשלאַנד שוין געווען שטאַרק פאַרשפּרייט דער ליטעראַרישער אַנטיסעמיטיזם און דער אַנטיסעמיטיזם אויף די אוניווערזיטעטן. ביי די דייטשן און ביי די פעלקער, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער דער גייסטיקער השפּעה פון די דייטשן, ווי די פּאָליאַקן, רומענער, מאַדיאַרן, סלאָוואַקן, קראָאַטן א"א, האָט אין די אוניווערזיטעטן געבושעוועט דער שאַרפסטער אַנטיסעמיטיזם. די דייטשע אוניווערזיטעטן זענען שטענדיק געווען דער פאַרפלאַנצונגס-אָרט פון אַנטיסעמיטישע געפילן.

דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער, אַז די אינטעלעקטואַלן פון די פעלקער האָבן זיך פשוט געוואָרט קעגן דער קאָנקורענץ פון די יידישע שרייבער, פּובליציסטן און קינסטלער. פאַרשטענדלעך, אַז נישט תמיד זענען דאָס געווען די אינטעלעקטואַלן פון ערשטער קאַטעגאָריע. אָבער אויך די יידן, וועלכע האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אין די קולטורן פון די פעלקער, זענען נישט תמיד געווען פון ערשטער קאַטעגאָריע. נעבן אַ יאַקאָב וואַסערמאַן, אַן אַרטור שניצלער, אַ ריכאַרד בער האָפמאַן, נעבן אַ סטעפאַן צווייג, זענען געווען מאַסן יידישע זשורנאַליסטן, און פאַבריקאַנטן פון ראָמאַנען, פון טעאַטער־פּיעסן און פון ליטעראַטור־קריטיק, וועלכע האָבן נישט געקענט אַרויסרופן קיין יראת הכבוד ביי די אינטעלעקטואַלן פון די פעלקער צווישן וועלכע די דאָזיקע יידן האָבן געלעבט און געשריבן.

אַט אַזוי האָט זיך אָפּט געשאַפן אַ באַציאונג פון קנאה און שנאה וואָס האָט געהאָלפן פאַרשטאַרקן דעם אַנטיסעמיטיזם אויך אין די נישט־גייסטיקע ראַיאָנען פונעם לעבן.

דאָ דאַרף מען אָבער אויך אין זינען האָבן דעם יידן אַלס קאָנסומענט פון קולטור-שאַפונגען. די אַנטיסעמיטישע שרייבער, וועלכע רעדן אין זייער נישט-פאַרגינערַיי וועגן דער פאַרפלייצונג פונעם ליטעראַרישן מאַרק דורך די שאַפונגען פון יידן, פאַרגעסן, און זיי פאַרגעסן אפשר בכיוון, אַז די יידישע שרייבער אין די פאַרשידענע שפּראַכן, האָבן אַ גרויסע מאַסע פון יידישע לייענער. אַזעלכע שרייבער ווי וואַסערמאַן, שניצלער, די צווייגס, פויכטוואַנגער, פראַנץ ווערפעל, וכדומה. האָבן צווישן זייערע לייענער פיל מער יידן ווי מיר שטעלן זיך דאָס פאָר אויפן ערשטן מאָמענט. די דערמאָנטע שרייבער האָבן זיכער אַ מאַיאָריטעט יידישע לייענער נישט בלויז אין זייער שפּראַך, נאָר אויך אין די איבערזעצונגען פון זייערע ווערק אויף ענגליש, שפּאַניש, רוסיש און אין אַנדערע שפּראַכן.

אָבער נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער לאַגע זענען די דאָזיקע שרייבער

אין אַן אַנדערער לאַגע ווי זייערע נישט־יידישע קאָלעגן. אפילו ווען די דאָזיקע שרייבער יידן האָבן זיך געפונען אין זייער שפּראַך־היים, אַלזאָ למשל די דייטש־שרייבנדע יידן אין דייטשלאַנד, די פּויליש־שרייבנדע אין פּוילן, זענען זיי דאָך נישט געווען אין דער זעלבער סיטואַציע ווי די נאַציאָנאַלע שרייבער פון די באַטרעפנדע שפּראַכן. וואָרום, ווי עס איז שוין אויבן געוואָרן אָנגעוויזן האָבן די נישט־יידישע שרייבער שטענדיק געקוקט אויף זיי, מיט קנאה־שנאה און צוליב דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע האָט מען זיי באַטראַכט פאַר פרעמדע.

אומבאַקוועמער איז געוואָרן זייער לאַגע, ווען דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן פירן די באַוווּסטע אַנטי־יידישע פּאָליטיק, און ווען די יידישע אינטעלעקטואַלן האָבן געמוזט צוזאַמען מיט דער מאַסע פון די דייטשע יידן פאַרלאָזן דייטשלאַנד. אויף דער עמיגראַציע האָבן די יידישע שרייבער פּשוט פאַרלאָרן דעם קולטור־באָדן פון אונטער זייערע פיס. אין דייטשלאַנד האָבן זיי געקאָנט שאַפן זייערע ווערק פאַר אַ גרויסן טייל פון יידישע לייענער און פאַר אַ געוויסן טייל פון דעם דייטשן דעמאָקראַטישן פּובליקום. אין אויסלאַנד אָבער האָבן די דייטש־שרייבנדע יידן פּשוט פאַרלאָרן זייער כאַראַקטער אַלס דייטשע שרייבער. זיי זענען פּשוט אַנטוואָרצלט געוואָרן. און יענע פון זיי, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין אַמעריקע, און וועמענס ווערק האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייט צו ווערן אין אַמעריקאַנישע איבערזעצונגען (אין ענגליש און אין שפּאַניש), זענען דאָך געבליבן אַנטוואָרצלטע. די אַמעריקאַנער קולטור־עפנטלעכקייט קאָן זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבן. מען ווייסט פּשוט נישט, וווהין מען דאַרף זיי צורעכענען. איך האָב דאָ שוין אָנגעוויזן אויף דער כאַראַקטעריזירונג פון פראַנץ ווערפעל אין אַ היגן בלאַט אַלס טשעכאָסלאָוואַק און זיין ליטעראַריש ווערק אַלס ווערק פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער ליטעראַטור. די דאָזיקע אַנטוואָרצלטקייט איז אגב געווען די טיפערע סיבה פון סטעפאַן צווייגס טראַגישן טויט.

די טראַגעדיע פון סטעפאַן צווייג איז אייגנטלעך די טראַגעדיע פון די אַלע שרייבער, וועלכע האָבן פאַרלאָרן זייער נאַציאָנאַלן שאָטן. ביי אַ טייל פון זיי איז דאָס פּשוט אַ טראַגיקאָמעדיע. מענטשן זענען אין דער פרעמד גייסטיקע רעפּרעזענטאַנטן פון אַ פאָלק און פון אַ קולטור, וועלכע ווילן זיי נישט אָנערקענען אַלס זייערע רעפּרעזענטאַנטן.

ווען זיי וואָלטן זיך קענען אומקערן צום יידישן פאָלקסטום, וואָלט זייער גייסטיקע סיטואַציע געווען אַ גאַנץ אַנדערע. אָבער זיי האָבן צו ווייניק יידיש־קייט, צו ווייניק יידישע קולטור אין זיך, צו קענען זיך דעקלאַרירן אַלס יידן — אַלס יידישע שרייבער. צום שווערסטן איז די דאָזיקע סיטואַציע פון די יידן פּוילישע שרייבער. אין דער פּוילישער ליטעראַטור איז די אָנערקענונג פאַר אַ שרייבער אַ ייד געווען נאָך שווערער צו דערגרייכן ווי ביי די דייטשן — אפילו די ראַדיקאַלסטע אַסימילאַציע האָט דאָ ווייניק געהאָלפן. אויך אין פּוילן איז געווען אַזאַ לאַגע, אַז די יידן וועלכע האָבן געשריבן פּויליש האָבן אייגנטלעך

געשריבן פאַר אַ גרויסן טייל יידישע לייענער. די וויטלינס, די טובימס און די אַנדערע יידן וועלכע האָבן געשריבן פּויליש, האָבן געשאַפן — כאָטש קעגן זייער כוונה — פאַר אַ רוב יידישע לייענער. הײַנט אָבער, געפינענדיק זיך אין אויס־לאַנד, זענען זיי באמת אין דער פרעמד. די פּוילישע סביבה אין אויסלאַנד איז פאַר זיי פרעמד און באַטראַכט זיי פאַר פרעמדע, און אין דער יידישער געזעל־שאַפט זענען זיי נאָך מער פרעמד. אַזוי הערן מיר, אַז איינער פון די באַדיי־טנדסטע יידיש־פּוילישע דיכטער האָט אויפגעהערט שרייבן. ער האָט פּשוט ניט פאַר וועמען צו שרייבן. פאַרלוירן זיין לייענער־קרייז. און שרייבן אויף צו ווערן איבערגעזעצט אין אַנדערע שפּראַכן איז ער נישט קיין „פאַבריקאַנט". אַזוי גייען פאַרלוירן דורך דער אַסימילאַציע יידישע אינטעלעקטועלע כוחות.

# טעאָדאָר לעסינג

ווען דער טעלעגראַף האָט פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן דעם מאָרד איבער טעאָדאָר לעסינג, אין זיין וווינונג אין מאַריענבאַד, האָט די גאַנצע וועלט אויפ־געציטערט. נאָך קיינמאָל איז אַן אומשולדיקער מענטש נישט אַזוי קאַלט, פּלאַנמעסיק, אויסגערעכנט, דערמאָרדעט געוואָרן ווי דער דאָזיקער טעאָדאָר לעסינג, פון זיין דייטשן מערדער.

אין די נעקראָלאָגן נאָך טעאָדאָר לעסינגן האָבן די בלעטער געבראַכט די סטערעאָטיפּ-דאַטעס: ער האָט געשריבן אַזאַ און אַזעלכע ביכער, ער האָט באַ-לאַנגט צו אַזאַ און אַזאַ פּאָליטישער ריכטונג — און פּאַרטיק.

א טייל „גוט אינפאָרמירטע" יידישע בלעטער האָבן נאָך דערמאָנט לע-סינגס קאַמף פאַר זיין בירגערלעכן רעכט, זיין קאַמף פאַר זיין קאַטעדרע אין דער אוניווערזיטעט האַנאָווער, קעגן די נאַציסטישע סטודענטן און די נאַציס-טישע פּראָפעסאָרן — אַ קאַמף, אין וועלכן (אין דער ווייַמאַרער רעפּובליק!) עס האָט דאָך געזיגט די רעאַקציע. מען האָט אויך דערמאָנט זיין מוטיק וואָרט קעגן דעם מיליטאַריסטישן געטשקע הינדענבורג, און אגב מען האָט אויך פאַר-צייכנט, אַז טעאָדאָר לעסינג איז געווין אַ ציוניסט — אַ פּועלי ציוניסט.

דאָס איז געווען אַלץ. מער האָט מען אין אונדזער יידישן לאַגער נישט גע-וווּסט.

טעאָדאָר לעסינג האָט אין די לעצטע וואָכן פון זיין לעבן געהאַלטן אַ פאָר-טראַג אין פּועלי ציוניסטישן צענטער אין פּראַג, אַ פאָרטראַג, וועלכן ער האָט דערנאָך איבערגעחזרט אויך אין אַנדערע שטעט פון טשעכאָסלאָוואַקיע. דער דאָזיקער פאָרטראַג איז געווען נישט קיין פּאַרטייאישע לעקציע אָדער פּראָפּאַ-גאַנדע — ווי מען קען דאָס אַליין פאַרשטיין ביי אַזאַ טיפן דענקער ווי לע-סינג. לעסינגס פאָרטראַג איז געווען אַ מין חשבון הנפש פון אַ ייד אַ דענקער, אַ ייד, וועלכער איז אויפגעוואַקסן אין דייטשטום און זיך דערצויגן אין דער דייטשער גייסטיקייט.

דער פאָרטראַג, וועלכער איז געווען לעסינגס לעצטע אַרבעט, איז אַרויס פון דרוק. ס'איז אַ ביכל פון קנאַפּע 30 זייטן טעקסט אונטערן טיטל „דייטש-לאַנד אונד זיינע יודען". אָבער מען קען זאָגן אָן אַ גוזמא, אַז נאָך זעלטן ווען

האָט אַ מענטש געזאָגט אַזויפיל אין אַזאַ קליינער שריפט פון קנאַפּע 30 זייט־לעך. אין דעם דינעם ביכעלע איז אויסגעדריקט די וועלט־אַנשויאונג פון אַ יידן, וועלכער איז געווען אַ ייד און אַ דייטש (און ביידע אין העכסטן און טיפסטן גייסטיקן זין פון וואָרט), אַ ציוניסט און אַ קאָמוניסט.

„איך בין אַ ציוניסט. בין אַ דייטש. בין אַ קאָמוניסט. וואָס וויל דאָס אַלץ זאָגן?".

די פראַגע שטעלט זיך טעאָדאָר לעסינג. און ער ענטפערט:

„אַ ציוניסט בין איך, ווייל איך בין געבוירן אַ ייד. אָבער אַ ייד, וואָס האָט נישט געהאַט דאָס גליק אויסצוּוואַקסן אין אַ העברעאישער דערציאונג, אָדער אין דער יידישער רעליגיע. איך בין שוין געווען 24 יאָר אַלט, ווען איך בין פון אַ פאַרקריסטלעכטער און נישט מער ריין־בלוטיקער פאַמיליע צוריקגעקומען צום יידנטום. אָבער דער ציוניזם האָט מיר קיינמאָל נישט געשטערט זיך צו פילן אַלס איינער פון דעם גרויסן פעלקער־אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער שטרעבט צו אַ נייער וועלט־אָרדענונג און וועלכער זאָגט אָן דער וועלט אַ ניי גליק.

„איך בין אַלזאָ, — שרייבט לעסינג ווייטער — גלייכצייטיק ציוניסט און סאָציאַליסט. און נאָך אַ דריטס — גיט לעסינג אָפּ זיין חשבון הנפש:

„איך בין אַ דייטש! און ווען איך זאָג, איך בין אַ דייטש, איז דאָס נישט גלאַט אַזוי גערעדט, און דאָס איז נישט צוליב מורא און ס'איז אויך נישט צוליב אונטערוואַרפן זיך אונטערן נאַציאָנאַלן שגעון פון דער צייט. מיין דייטשטום איז דאָס באַקענען זיך פון דעם טראָפּן צו זיין קוואַל. פונעם בוים צו זיינע וואָרצלען. דאָס איז די באַקענטעניש צו דער שפּראַך, וועלכע רעדט אַרויס פון מיר, דאָס גייסטיקע ברויט, פון וועלכן איך לעב. דאָס איז די באַקענטעניש צו דער ערד אין וועלכער עס רוען אַלע, וועלכע עס האָבן מיך געליבט; פון וועלכע עס זיינען געוואַקסן אַלע, וועלכע איך האָב ליב".

אָט אַזאַ דייטש איז ער געווען, דער ייד טעאָדאָר לעסינג, וועלכן דייטשע מערדער האָבן „אין אינטערעס פון דער דייטשער נאַציע" דערמאָרדעט. אַזאַ דייטש איז ער געווען, ער, דער ציוניסט, וועמען דער ציוניזם האָט נישט גע־שטערט צו דערוואַרטן פונעם אינטערנאַציאָנאַל און פונעם קלאַסן־קאַמף דאָס גליק פאַר דער מענטשהייט.

אַזאַ דייטש איז ער געווען, דער ייד און ציוניסט טעאָדאָר לעסינג: זיין צוגעהעריקייט צום דייטשנטום איז געווען ווי פון טראָפּן צום ים, פון בוים צו זיינע וואָרצלען. טעאָדאָר לעסינג, דער ייד, האָט זיך געפילט אַלס אַ דייטשער בוים, צוגעבונדן צו זיינע דייטשע וואָרצלען. ווו האָט איר נאָך אַזעלכע דייטשן? וויפיל האָט איר אַזעלכע דייטשן?

(אגב, צו ט. לעסינגס דייטשטום וועט מען זיך נאָך מוזן אומקערן; באַ־זונדערס צום פּונקט ווו זיין דייטשטום טרעט אָפּ דעם וועג אַן אומבאַדינגטן יידנטום).

דאָך! ריכאַרד וואַגנער איז זיכער אַזאַ בוים. געטע, לוטער, פיכטע. ווער וועט זיי אַלע ציילן? און אַלע זענען זיי פאַרבונדן, צונויפגעוואַקסן מיט זייערע וואָרצלען. דייטשע וואָרצלען. נאָר ביי זיי אַלע איז דאָס אומבאַוווסט. אַזוי אומבאַוווסט טאַקע, ווי ביי אַן אַלטן דייטשן דעמב. דאָס נאָכקלערן וועגן דעם אייגענעם דייטשטום, דאָס אַנאַליזירן די אייגענע געפילן איבער די אייגענע פאַרוואַקסנקייט מיט די דייטשע וואָרצלען, דאָס איז אַ יידישער ענין. אַזוי נאָכקלערן, אַזוי געפיל־מעסיק זיך באַוווסט ווערן פון זיין דייטשטום, דאָס קען נאָר אַ ייד, אַ ייד, וואָס איז אָדער וויל זיין אַ ייד און דייטש, אָדער אַזאַ ייד, וואָס וויל דערטרינקען דעם ייד אין זיך אין זיינע דייטשע געפילן, אין זיין בכיוונדיקן „דייטשן באַוווסטזיין".

טעאָדאָר לעסינג איז נישט דער ייד, וועלכער וויל פאַרגעסן, אָדער מאַכן פאַרגעסן דעם ייד אין זיך — ער האָט געזוכט דעם ייד אין זיך. ער איז פון אַ נישט־יידישער וועלט, פון אַ נישט־יידישער בילדונג צוריקגעקומען צום יידנ־טום. ער איז אויך נישט קיין גייסטיקע טאָפּל־פיגור, ייד און דייטש — ווי מיר קענען פון דעם מין אַ סך אין דער דייטשער ליטעראַטור, אַזאַ טאָפּל־פיגור איז געווען היינריך היינע: דייטשע סענטימענטאַליטעט און יידישער סאַרקאַזם. היינע איז געווען נאַציאָנאַל פּילפּאַכיק. אין לעסינגן אָבער בילדן יידנטום און דייטשטום איין איינהייט. זיין דייטשטום ווערט געטראָגן פון די עטישע אידעאַלן און פּרינציפּן פון יידנטום.

טעאָדאָר לעסינגס יידנטום איז הימל־ווייט פון יענעם ראַציאָנאַליסטיש־מאַטעריאַליסטישן נאַציאָנאַליזם פון אונדזערע האַלב־געבילדעטע. יידנטום, יידישער נאַציאָנאַליזם, ציוניזם, איז פאַר אים נישט קיין ענין פון אַ פּראַקטיש־פּאָליטישער אויסרעכענונג, פון אַ פּאַרטיי־דאָגמע. יידנטום איז פאַר אים די פאָרם און דער גייסטיקער אינהאַלט פון מענטש־זיין.

„צוויי אומגעהויערע נאַטור־כוחות — שרייבט לעסינג — וועבן דעם טע־פּיך פון דער געשיכטע: דאָס פאָלק און די אמונה.

„נאַציאָנאַל", „פאָלקיש" — דאָס איז די מסורה פונעם בלוט, די ליידנ־שאַפט, אין וועלכער אַ מענטש וואַקסט־אויף. זיין גורל. זיין נאַטירלעכע גע־מיינשאַפט.

„אָבער מחוץ פון דער דאָזיקער פאָלקס־און היימאַטס־געמיינשאַפט איז נאָך פאַראַן אַ צווייטע געמיינשאַפט, אַן אינטערנאַציאָנאַלע, אַן אויסער־מענטשלעכע, מען קען זאָגן, אַ קאָסמישע געמיינשאַפט, די צוזאַמענגעהערי־קייט מיט דעם און אין דעם, וואָס איז אייביק. דאָס, וואָס איז געווען, נאָך איידער ס'איז געווען מענטש און ערד, און וואָס עס וועט בלייבן אַ שאָטן, אַ חלום, דאָס דאָזיקע אייביקע, דאָס דאָזיקע צוגעבונדן־זיין צום אייביקן, דאָס רופן מיר רעליגיע".

נאַציע און גלויבן, זענען פאַר ט. לעסינג די צוויי מקורות, פון וועלכע עס

איז אַרויסגעקומען אַלץ, וואָס איז גרויס און שיין, אָבער אויך אַלץ דאָס מיאוסע און מוראַדיקע אינעם מענטשן. מלחמה און קנאה צווישן די פעלקער, די אומ־טאָלעראַנץ און די שנאה צווישן די סעקטעס — אַלץ מיאוסע וואַקסט פון דעם דאָזיקן מקור: פאָלק און גלויבן. די מלחמות צווישן פעלקער זענען שרעקלעך. נאָך מוראַדיקער זענען די גלויבנס־מלחמות. פאַראַן אומגעהויער פיל רעליגיעס. און יעדע האָט רעכט! און יעדער מיינט, אַז ער טוט גוט. אָבער ווי וועלף וואָלטן זיי זיך באַפאַלן איינע די אַנדערע, ווען עס זאָל נישט זיין די דאָזיקע אייביקע איינהייט, וועלכע איז נישט נאַציאָנאַל און נישט רעליגיעז, און וועלכע מיר רופן „גייסט". פונעם גייסט וואַקסט אַרויס דאָס געוויסן פון די פעלקער. דער גייסט ערשט מאַכט אונדז צו מענטשן און אונטערשיידט אונדז פון די חיות.

גייסט איז אָבער נישט דייטש, נישט טשעכיש, נישט יידיש און נישט אַראַביש. גייסט איז דאָס איינע פון אַלע רעליגיעס. די איינהייט פון גייסט איז אַלע פאַרשידנאַרטיקייטן, איבער פעלקער און גלויבנס־געמיינשאַפטן „אַלס פּאָלינאַציאָנאַלער (פיל־פעלקערלעכער) שטאַט, אַלס פרידלעכע פּאָליטיק, אַלס א רעכט, וואָס שטאַמט פון פאַרנונפט, בקיצור — אַלס לאָגיק און עטיק".

אָט אַזוי ווערט די איינהייט פון גייסט ביי לעסינגן צום מקור פון אַן אַל־מענטשלעכער פּאָליטיק, וועלכע שטיצט זיך אויף לאָגיק און עטיק.

„ווייי צו דעם פאָלק — רופט אויס לעסינג — וועלכעס פאַרזינדיקט זיך קעגן די געבאָטן פון דער מענטשלעכקייט. צוזאַמען מיט זיין געוויסן האָט אַזאַ פאָלק פאַרלוירן אויך זיין נשמה, זיין מאָראַלישן כוח (עטאָס) — אַלע זיינע לעבנס־כוחות".

„ס'איז מעגלעך — זאָגט לעסינג ווייטער — אַז אונדזער בלוט צעשיידט אונדז. אָבער אונדז פאַרבינדן אונדזערע טרערן. דער שוויים פון אונדזער אַר־בעט קייטלט אונדז צוזאַמען.

„פאַרוואָס רופן מיר זיך קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן? פאַרוואָס זאָגן מיר „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך?" ווייל מיר ווייסן, אַז סאָלידאַריטעט אין דער נויט איז תמיד אויך די סאָלידאַריטעט פון גייסט".

אין נאָמען פון דער סאָלידאַריטעט פון גייסט טרעט לעסינג אַרויס קעגן אַלע פאַשיזמען און (שטאַטס)־נאַציאָנאַליזמען פון אייראָפּע און אַמעריקע, אין נאָמען פון דער איינהייט פון גייסט טרעט ער אַרויס קעגן פעלקער־שנאה און מלחמות און קעגן דער נאַציאָנאַליסטישער אויפגעבלאָזנקייט און גדלנות, וואָס זאָגט: „מיר זענען טאַקע באַרבאַרן, אָבער, גאָט צו דאַנקען, דייטשן". אינעם גדלנותדיקן נאַציאָנאַליזם זעט לעסינג די סכנה פאַר יעדן פאָלק און אַקעגן יע־נע דייטשע פילאָזאָפן, וועלכע באַקעמפן אינעם יידן דאָס קריסטנטום, דעם „אויס דער נאַטור אַרויסגעטראָטענעם גייסט, באַמערקט לעסינג:

די פעלקער, קודם־כל דאָס דייטשע פאָלק, שפּירן אינעם יידן דעם מוראַ־דיקן, נאַטור־פרעמדן געניוס פון רוחניות, דעם פיינט פון פאָרמען און פאַרבן,

פון מיטוס, בילדער, טראכטן און פאָלקס־מנהגים. יידיש איז פאַר זיי אַלץ, וואָס באַזינגט די אייגענע נאַטור און די באַזונדערקייט פון דער פאָלקס־נשמה. „יידיש" איז לויט זיי, די צאָל, די מאַטעמאַטיק, דאָס געלט און דער באָלשעוויזם, דאָס אַבסאָלוטע, די זאַך אַן און פאַר זיך. „איך בין איבערצייגט, — זאָגט לעסינג — אַז די זונה וועלט־געשיכטע וועט נאָך אַמאָל אַריינשקרענקען דעם דאָזיקן ליגנט אין דער געשיכטע פון דער „דייטשער רעוואָלוציע". מען וועט די דאָזיקע רעוואָלוציע שילדערן אַלס דעם תחית־המתים פון דער ראָמאַנטיק, דאָס דערוואַכן פון די נאַטור־אינסטינקטן, דער אויפשטאַנד פון דער נאַציאָנאַלער ערד־זעעלע, קעגן דער חוצפה פון דעם טויט־ברענגנדיקן יידישן גאָט". אָט אַזוי, זאָגט לעסינג, דער מחבר פון „געשיכטע אַלס זין־געבונג דעם זינלאָזן", וועט מען אַמאָל אויסטייטשן דעם שגעון פון אונדזער צייט, מען וועט אַנטשולדיקן די דייטשע באַרבאַריי, דערקלערנדיק אַלץ אַלס אַן אויפשטאַנד קעגן דער יידישער גייסטיקייט.

לעסינג פאַרדאַמט די דאָזיקע כלומרשטע רעוואָלוציע, וועלכע האָט געמאַטערט און געפּייניקט אָרעמע פאָלקס־טרייע יידן און געשוינט די גרויסע יידישע פינאַנץ־לייט. און מיט פאַרביטערונג און שפּאָט רעדט ער וועגן דער קריכערישקייט און דער הינטישער חניפה פון אַזעלכע יידן ווי די פון „בונד פון יידישע פראָנט־סאָלדאַטן און פון „צענטראַל־פאַראיין פון דייטשע שטאַטס־בירגער פון יידישן גלויבן".

„ווען ס'איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע — זאָגט לעסינג — זענען זיי געוואָרן רעוואָלוציאָנערן. אין אויגוסט 1914 זענען זיי געווען ענטוזיאַסטישע מיליטאַריסטן. אין אָקטאָבער 1918, ענטוזיאַסטישע דעמאָקראַטן. און ווען עס וועט ווערן אַ מאָדע מענטשנפרעסעריי, וועלן זיי זיין ענטוזיאַסטישע מענטשנפרעסער".

ס'איז שווער אין אַ קורצן צייטונגס־אַרטיקל אפילו נאָר צו סקיצירן לעסינגס שטעלונג אינעם קאָנפליקט צווישן דייטשטום און יידנטום. לעסינגס פאָרטראַג איז אַ געדיכט־קאָנדענסירטער גייסטיקער עקסטראַקט פון זיין וועלט־אַנשויאונג אַלס ייד און דייטש, ציוניסט און קאָמוניסט. איך האָב דאָ נאָר געוואָלט אָנווייזן אויף לעסינגס פערזענלעכן קאָנפליקט צווישן זיין דייטשטום און יידנטום, וועלכער איז אויך דער קאָנפליקט פון אַזוי פיל דייטש־יידישע אינטעלעקטואַלן. (דעם דאָזיקן פּסיכישן קאָנפליקט ביי אַ טייל דייטש־יידישע אינטעלעקטואַלן צווישן זייער דייטשטום און דעם פאַקט פון זייער געבוירן געוואָרן אַלס יידן אַנאַליזירט לעסינג אין זיין בוך וועגן דעם יידישן זעלבסט־האַס).

„ווי שווער עס זאָל נישט זיין דער זעעלן־קאַמף פאַר יידן, וועלכע פילן זיך גלייך ווי איך אַלס דייטשע מענטשן — שרייבט לעסינג — מיר וואָלטן אָן שום טענות פאַרלאָזן אונדזער היים, ווען דורך דעם דאָזיקן קרבן זאָל ווירקלעך קע־

נען געלייזט ווערן די אַלטע פעלקער-פראַגע. אָבער דאָס וואָס קומט היינט פאָר אין דייטשלאַנד — אַן אכזריות, וועלכע שטייגט אַריבער אַלע גרוילטאַטן פון מיטלאַלטער, — דאָס איז אַ פאַלשע און אָפּנאַרערישע שפּיל, דורך וועלכע דייטשן און יידן ווערן אויף אַ גלייכן אופן דערנידעריקט און דעמאָראַליזירט.

„ס'איז אַ מוראדיק ביטערע שפּיל: מען אָרגאַניזירט אַן אַנטי-יידישע העצע מיטן געלט, וואָס מען האָט ביי די יידן אַרויסגעריסן". און לעסינג רעדט מיט ביטערקייט וועגן אַכציק מיליאָנענדיקן פאָלק, וועלכעס באַטראַכט פאַר זיין געשיכטלעכער מיסיע צו מאַכן אַ סוף צו אַ הייפל פון קוים זעקס הונדערט טויזנט „נישט אַרישע" מענטשן. און די דאָזיקע פאַרניכטונגס אַרבעט ווערט געטון גרינטלעך, געמיין און מעטאָדיש, און דערביי טרייהאַרציק און מיט אַ גוטן געוויסן!

לעסינג פאַרגלייכט די אַנטיסעמיטישע פאַרניכטונגס-פּאָליטיק מיטן סיסטעם פון דער שפּין, וועלכע וואַרגט די פליג, זויגט ביי איר אויס דאָס בלוט און דאַן וואַרפט זי אַרויס דעם טויטן קערפּער. ווען דאָס יידישע פאָלק וואָלט אַמאָל געוועזן געטון אַזאַ זאַך, וואָלטן אַלע ביכער פון דער געשיכטע געהאַלטן אַ משפּט איבער אונדז, און אַלע וואָלטן געשריגן: „זעט, אַזוי איז דער ייד!" היינט מוזן מיר זאָגן: „דאָס איז דייטש!"

אינעם אינערלעכן קאָנפליקט צווישן דייטשטום און יידנטום אין לעסינגס נשמה, איז אַלזאָ געבליבן לעסינג דער ייד, דער געשיכטלעכער ייד, וועלכער רופט אויס כלפּי דעם דייטשן אַנטיסעמיטיזם: „דאָס איז דייטש!"

„דאָס איז דייטש" — דאָס איז דער יידישער געשיכטלעכער אורטייל. און אויך דאָס ווייטערדיקע איז יידיש, עכט-יידיש, כאָטש דאָס גייט שוין אַריין אין לעסינגס געשיכטס-באַנעמונג, איז זיין „געשיכטע אַלס זין-געבונג דעם זינלאָזן", (געשיכטע וואָס וויל דערקלערן דאָס וואָס האָט נישט קיין זינען) דאָס וואָס לעסינג שרייבט: ..

„מען קען יעדן רשעות פון דער געשיכטע שפּעטער פאַרענטפערן. יאָ, די גאַנצע אַזוי גערופענע וועלט געשיכטע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי דאָס שפּעטערדיקע געבן אַ זין צו זינלאָזע צופאַלן און אכזריותן. ווען מען איז באַגאַנגען אַן אומגערעכטיקייט קעגן אַ מענטשן אָדער קעגן אַ גרופּע מענטשן, דאַן פאָדערט אונדזער גאווה, אַז מיר זאָלן געבן עפּעס אַ זין צו אונדזער אומגערעכטיקייט. און ווי קען מען דאָס בעסער טון, ווי דערקלערן אונדזער אומגערעכטיקייט מיט דער שלעכטקייט פון די, וועלכע מיר האָבן געטון אומרעכט!"

און וועגן די „גוטע דייטשן", וועלכע קוקן צו די אכזריות און שווייגן, שרייבט לעסינג:

„מיר האָבן הונדערטער טויזנטער דייטשע קינדער געליבט און געלערנט. מיר האָבן הונדערטער טויזנטער דייטשן געהאָלפן און זיי גוטס געטון. דייטשע מענער האָבן צו אונדז גערעדט וועגן פריינטשאַפט, דייטשע פרויען — פון לי-

בע. אַלע האָבן געדרעדט וועגן זייער טרייהייט. אַ, דייטשע טרייהייט. מע קען זי פון דער עדדא, און פון ניבעלונגען־ליד. איצט איז צייט צו באַווייזן די דאָזיקע טרייהייט. וואָס, נישט קיין וואָרט אפילו פון פּראָטעסט? דאָס וועט זיין שווער צו פאַרגעסן!"

אָבער לעסינג, וועלכער האָט נישט געקענט פאַרגעסן די גלייכגילטיקייט פון די יידן, דער דאָזיקער „ציוניסט און קאָמוניסט" און אַבסאָלוטער ייד, האָט נישט פאַרגעסן אין די צענדליקער טויזנטער דייטשע אַרבעטער און סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן, וועלכע מען האָט געמאַטערט אין די קאָנצענטראַציע לאַגערס און אין די היטלעריסטישע תפיסות פּונקט אַזוי ווי די יידן. און ער, וועלכער האָט זיך געשטעלט אויפן קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון דער יידישער מאָראַל „דו זאָלסט" — „דו זאָלסט נישט" — ער לערנט די פעלקער ווי אַזוי מען קען זיין נאַציאָנאַל און צוגלייך גערעכט און יושרדיק צו די אַנדערע פעלקער.

„ווען יונג בלוט ווערט קראַנק — שרייבט ער — ווען אַ קינד ווערט באַפאַלן פון אַ קלעפּיקער קראַנקייט קען דער דאָקטאָר העלפן, פאַרשאַפנדיק דעם קראַנקן קינד אַ סערום פונעם בלוט פון אַן עלטערן מענטשן, וועלכער האָט שוין אַמאָל איבערגעשטאַנען די זעלבע קרענק. די יונגע פעלקער פון אייראָפּע זענען איצט קראַנק. זייער גוף ציטערט אין פיבער פון אַ קריזיס. זיי האָבן פאַר זיך אַן אויפגאַבע, וועלכע איז פאַרן פאָלק און פאַרן פאָלקס שטאַט פון היינט שווער צו לייזן. זיי ווילן און מוזן זיין נאַציאָנאַל. זיי דאַרפן און מוזן אָבער גלייכצייטיק זיין סאָציאַל. די יונגע פאָלקס קערפּערס קרעכצן: „עס איז אוממעגלעך. מען קען נישט לעבן נאַציאָנאַל אין זיך, און גלייכצייטיק שוועבן צווישן די פעלקער. מען קען נישט גלייכצייטיק זיין איבער די זאַכן און אין די זאַכן, נישט גלייכצייטיק אַ גערטאַ־מענטש און אַ וועלט־בירגער".

אָבער ישראל סבא שמייכלט: „מען קען דאָס דאָך! מען מוז דאָס קענען! קוק אויף מיר, קינד, זע מיינע וווּנדן! ווונדן, וועלכע איך האָב באַקומען דורך דיר פאַר דיר. נעם מיין בלוט און ווער געזונט!"

# ראָדאַ ראָדאַ

ראָדאַ ראָדאַ איז געשטאָרבן — אַלס פּליכטלינג אין ניו־יאָרק. זיין טויט איז נישט אַזוי באַקאַנט געוואָרן אין דער וועלט און האָט נישט אַרויסגערופן אַזוי פיל געקראַכן און אָפּשאַצונגען ווי צ. ב. דער טויט פון אַ פראַנץ ווערפעל אָדער פון אַ ריכאַרד בער־האָפמאַן. ראָדאַ ראָדאַס ליטעראַריש ווערק קאָן נישט פאַרגליכן ווערן מיט דער דיכטערישער ירושה פון די צוויי דערמאָנטע. ראָדאַ איז געווען „נאַר" אַ הומאָריסט. זיין הויפּט־זשאַנר איז געווען דער קורצער סאַטירישער אַנעקדאָט. ער איז אויך געווען דער אויטאָר פון מערערע קאָמעדיעס, אָבער פּאָפּולאַריטעט האָט ער זיך דערוואָרבן דורך זיינע קורצע אַנעקדאָטן, קליינע סאַטירישע סקיצן און שאַרפע וויצן.

געווען צייטן ווען ראָדאַ ראָדאַס נאָמען איז געווען אַ סך, אַ סך פּאָפּולערער ווי דער נאָמען פון אַ פראַנץ ווערפעל. דאָס זענען געווען די צייטן פונעם „סימפּליציזימוס" און פון דער „יוגנט", צוויי מינכענער סאַטירישע בלעטער, וועלכע זענען געשטאַנען אויף אַ זייער הויכן קינסטלערישן ניוואָ. ס'איז מאָדנע ווי אַ שטאָט קאָן אַזוי בייטן איר גוטן נאָמען און פּרעסטיזש אין דער וועלט.

מינכען, די מינכען פון היטלער און פון טשעמבערליין, איז אַמאָל, פאַר 1914, געווען עפּעס אַזוינס ווי די אינטעלעקטועלע און קינסטלערישע הויפּטשטאָט פון מיטל־אייראָפּע. די צוויי אויבן־דערמאָנטע בלעטער זענען געווען פאַרשפּרייט אויפן גאַנצן קאָנטינענט און זיי, באַזונדערס דער „סימפּליציזימוס", האָט אויסגעדריקט דעם אָפּאָזיציאָנעלן גייסט פון די ראַדיקאַלע אינטעלעקטואַלן פון מיטל אייראָפּע. דער „סימפּליציזימוס" איז געווען דער קאַמף־אָרגאַן קעגן דעם ביזאַנטיזם פון דעם הויף פון ווילהעלם דעם צווייטן און פון דעם גאַנצן אויבן־און אונטן־אַרום. אַרום דעם „סימפּליציזימוס" האָבן זיך גרופּירט אַזעלכע קינסטלער ווי טעאָדאָר טאָמאַס, היינע, וו. גובראַלטסאָן, ביאָרן ביערענזאָן (דער זון פון ביערנסטיערנע ביערנזאָן) און טאַקע ראָדאַ ראָדאַ. אינעם „סימפּליציזימוס" איז געפירט געוואָרן אין אמתן זינען פון דעם וואָרט, אַ „פריש פרייליכער קאַמף" קעגן דינאַסטישער פאַרשרויפטקייט, קעגן דער מאַכט פון פינצטערניש און קעגן יעטוועדער גייסטיקער באַשרענקטקייט. ראָדאַ ראָדאַ איז געווען אפשר דער לעצטער מאָהיקאַנער פון יענעם קרייז פונעם אַמאָ־

ליקן סימפּליציזימוס. און היינט דערוויסט מען זיך וועגן זיין טויט מיט אַ פּאַר־שפּעטיקונג פון אַ דריי מאָנאַטן.

ראָדאַ ראָדאַ איז געווען דאָס וואָס מען רופט אין דייטש אַ „האַלב־ייד". ער איז געווען דער זון פון אַ קריסטלעכער מוטער און פון דעם יידישן גוטס־באַזיצער לעאָפּאָלד ראָזענפעלד אין פּוסטאַ זדענצי אין סלאָוואַקיע, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1872. זיין אָפיציעלער נאָמען איז געווען לאַדיסלאַוס ראָזענפעלד. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַן אַרטילעריע־אָפיציר און אַלס אָפיציר איז אים אויסגעקומען צו בייטן אָפט זיין מיליטערישן דינסט־פּלאַץ. אַזוי האָט ער זיך באַקענט מיט די פעלקער פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, זיך צוגעהערט צו זייערע שפּראַכן און זייער אופן רעדן און זיך צו־געקוקט צו זייערע לעבנס־געוווינהייטן. די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט, באַזונדערס מיט די סלאַווישע פעלקער, שפּיגלט זיך אָפּ אין ראָדאַ ראָדאַס אַנעקדאָטן און וויצן. ער איז געווען דער טיפּאָווער, נישט בלויז עסטרייכישער, נאָר טאַקע עסטרייכיש־אונגאַרישער שרייבער אין דייטש. אָבער זיין וויץ איז נישט קיין דייטשער, נישט קיין עסטרייכיש־אונגאַרישער. נאָר אַ יידישער.

אַגב, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָננעמען זיך פאַר יידן, איז ראָ־דאַ־ראָדאַ אַרויסגעטראָטן נישט ווי אַ „האַלבער" נאָר ווי אַ גאַנצער ייד. דאָס האָט ער באַוויזן באַזונדערס בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט געווירקט אַלס קריגס־קאָרעספּאָנדענט ביים עסטרייכישן מיליטערישן הויפּט־קוואַרטיר. ער האָט דאַן אָפט אינטערווענירט קעגן געוויסע דערשיינונגען פון מיליטערישן אַנטיסעמיטיזם, באַזונדערס מצד די פּוילישע לעגיאָנערן.

ראָדאַ־ראָדאַס וויץ:

„מען וואַרפט מיר פאָר, אַז איך פּראָדוציר צו פיל, גאָר נישט איבער־קלייבעריש, און אַז דורך דעם שעדיק איך מיין נאָמען.

„נאַרישקייטן! איך נעם מיר אַ ביישפּיל פונעם רבונו של עולם: וואָס האָט ער נישט אַלץ געשאַפן — וויפיל מיסט איז דאָ צווישן דעם, און דאָך וואָס פאַר אַ נאָמען האָט גאָט!"

***

„דאָס איז געווען אַ דערהויבענער יום־טוב, די טויפונג פון ד"ר וואַלטער (איזידאָר) מאַנדעל! דער גלח האָט געהאַלטן אַ ווונדערשיינע רעדע, ער האָט געפּרעדיקט פון „מתי" קאַפּיטל 26, פּסוק 61:

„איך וועל גאָטס הויז צעשטערן און ווידער אויפבויען".

אַלע האָבן גראַטולירט דעם משומד און די פרוי גרעפין האָט געזאָגט: איצט איז זיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט אָפּגעמעקט און אַ נייַ לעבן הויבט זיך אָן פאַר אים אינעם שוים פון דער הייליקער קירכע.

אַלע זענען אוועקגעגאַנגען גערירט.

דערנאָך פרעגט דער גלח דעם באַדינער:
— „האָט דער ייד דיר געגעבן טרינקגעלט?"

***

„דאָס איז געווען אין טשאַטשאַק, מערב סערביע. דער פּאָפּ זאָגט מיר:
— איך לייען, פאַרחידושט, אייערע בלעטער — ווי אומטאָלעראַנט איר זענט דאָרט אין דייטשלאַנד. ביי אייך זענען דאָ שאָוויניסטן, אַנטיסעמיטן. ביי אונדז, זעסטו, איז אַזאַ זאַך אומבאַקאַנט: דאָ ווייסט מען נישט פון קיין האַס.
— איז דאָ ביי אייך אַ סך יידן?
— ניין, קינדעלע. דער לעצטער ייד איז דערהרגעט געוואָרן פאַר מער ווי 120 יאָר".

***

„ווען מען שרייבט אָפּ פון איין בוך, איז עס אַ פּלאַגיאַט.
פון צוויי ביכער — קומט אַרויס אַן עסיי.
שרייבט מען אָפּ פון דריי ביכער, ווערט אַ דאָקטאָר־דיסערטאַציע.
פון פיר ביכער — ווערט אַ פינפטער, וויסנשאַפטלעכער בוך".

***

ראָדאַ־ראָדאַ איז געווען דער שרייבער פון אַ וועלט וואָס איז פאַרשוווּנדן. זיינע קראָאַטן, סערבן, סלאָוואַקן, מאַדיאַרן און יידן און אפילו זיינע בייערישע פּויערים מיט זייער נאַטירלעכער דומהייט עקזיסטירן נישט מער. נאָר זיינע פּראָפעסאָרן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, ליטעראַטן און זשורנאַליסטן וועלן אויך נאָך אין הונדערט און אפשר נאָך אין טויזנט יאָר אַרום אָפּנאַרן די וועלט מיט זייער פּראָפעסיאָנעלער טיפּשות, איגנאָראַנץ און שלויקייט. די דאָזיקע פּראָפעסאָרן, וועלכע גיבן אַרויס וויסנשאַפטלעכע עקספּערטיזן — לויט דעם ווונטש פון זייערע אויפטראַג־געבער, די זשורנאַליסטן, וועלכע דריקן אויס די מיינונגען פון זייערע לייענער, מיינונגען, פון וועלכע זיי אַליין האַלטן נישט, — די דאָזיקע גאַנצע געזעלשאַפט איז דוכט זיך אומשטערבלעך.

ראָדאַ־ראָדאַס הומאָר איז נישט דער געפּעפּערטער, רייצנדיקער, קיצלדיקער הומאָר, וואָס רופט אַרויס אַ שטורמישן געלעכטער. זיין הומאָר איז אַ מילד גלעטנדיקער, דער הומאָר פון אַ מענטשן וועלכער קוקט אויף דער טיפּשות פון מענטשן און אויף זייערע פאַרשידענערליי געשעפטן מיט די אויגן פון אַ חכם, וועלכער בייזערט זיך נישט און וועלכער איז זיך אפילו נישט צו שטאַרק מצער צוליב דער דאָזיקער נאַרישקייט: אָט, אַזאַ איז די וועלט: אַזוי איז זי באַשאַפן געוואָרן און אַזוי וועט זי שוין אונטערגיין, ווען עס וועט קומען די צייט.

אין אַ מין פאָררעדע צו זיינעם אַ בוך „ראָדאַ־ראָדאַ און די פּערציק

שורקן" זאָגט ראָדאַ־ראָדאַ אַרויס אין אַ סאַטירישער פאָרם זיין מיינונג וועגן הומאָר. די פאָררעדע איז געשריבן אין דער פאָרם פון אַ בריוו צו אַן אַמערי־קאַנער ליטעראַטור־פּראָפעסאָר, וועלכער האָט געשריבן אַ געשיכטע פון דער דייטשער ליטעראַטור ווו ער פאַרטיקט־אָפּ די קאָמישע ליטעראַטור אין אַ זייטיקער באַמערקונג מיט קליינער שריפט. שרייבט אים ראָדאַ־ראָדאַ:

„פאַרוואָס, צום טייוול, פאַרטיקט איר אָפּ די קאָמישע דיכטונג אין אַ זייטיקער באַמערקונג מיט קליינער שריפט? וועט איר, געלערנטע, שוין קיינמאָל קיין שכל נישט האָבן? וועט איר די קאָמישע קונסט אָנהויבן צו שאַצן ערשט דעמאָלט ווען זי וועט זיין באַדעקט מיטן שימל פון אַלטקייט, ווי אַ שטייגער די קאָמעדיעס פון אַריסטאָפאַנעס?"

„הער פּראָפעסאָר" — שרייבט ווייטער ראָדאַ־ראָדאַ — „וואָס איז די סיבה פון לאַכן? לויט קאַנטן איז דאָס די אויפלייזונג פון אַ גרויסער דערוואַרטונג אין אַ גאָרנישט.

„נו, אַלע גרויסע דערוואַרטונגען פון דער מענטשהייט זענען פאַרמשפּט זיך אויסצולאָזן אין אַ גאָרנישט.

„וואָס איז סאַטירע? דאָס צוריקפירן פון אַן אויפגעבלאָזענער כלומרשטער גרויסקייט צו איר ריכטיקער מאָס.

„האָבן נישט מיר ביידע — איר און איך — אָט־ערשט צוריקגעפירט די כלומרשטע גרויסקייט וואָס רופט זיך מענטשהייט צו איר ריכטיקער מאָס?... דער מענטש איז אַ קליינע באַשעפעניש: זיין גרויסקייט איז אַ בלאָף.

איינער מעג דעם ווינציק קליינעם מענטשן אָנקוקן מיט רחמנות — דאָס איז דער הומאָריסט: דער אַנדערער מעג אויף אים קוקן מיט פאַראַכטונג — דאָס איז דער סאַטיריקער. קיינער אָבער טאָר נישט צי הויך אָפּשאַצן דעם מענטשן און זיינע תאוות — סיידן ער איז אַ נאַר".

אין איינעם פון זיינע לייכט־פילאָזאָפישע אַפאָריזמען זאָגט ראָדאַ־ראָדאַ: „עס דויערט לאַנגע יאָרן, איידער די וועלט באַמערקט, אַז אַ חכם איז געוואָרן אַ נאַר". נו, הומאָר און סאַטירע העלפן אונדז טיילמאָל אויפדעקן די טיפשות פון די חכמים.

די טיפשות פון די חכמים איז נישט די געווענלעכע דומהייט: יענע מוז מען נישט ערשט אויפדעקן: זי עקספּלאָדירט, ווי ראָדאַ־ראָדאַ באַמערקט, יעדן מאָמענט. און דאָס איז דער נחת־רוח וואָס דער הומאָר פאַרשאַפט אונדז: ער ווייזט אונדז שטענדיק נאָר די דומהייט פון די אַנדערע. און מיר זענען גענוג עגאָאיסטן, אַז צוליב דער דומהייט פון די אַנדערע זאָלן מיר נישט ציען אין ספיקות אונדזער אייגענע חכמה.

# פערדינאַנד לאַסאַל

### (צו זיין אַכציקסטן יאָרצייט)

אויפן אַלטן יידישן בית-עולם אין ברעסלאו געפינט זיך א קבר,, וועלכעס איז היינט פאַראייניזאַמט ווי אַלע קברים אויף די יידישע בית-עלמינס פון דייטשלאַנד. ביי דעם דאָזיקן קבר האָט מען קיינמאָל קיין קדיש נישט געזאָגט, קיין מעסע נישט געזונגען. אָבער דייטשע אַרבעטער פלעגן אין יעדן יאָרצייט-טאָג און אויך אין די קאַמף-טעג פונעם פראָלעטאַריאַט זיך פאַרזאַמלען אַרום דעם דאָזיקן קבר און זינגענדיק זייערע קאַמף- און פרייהייטס-לידער שטאַרקן זייער קאַמף-מוט אינעם אָנדענק פון פערדינאַנד לאַסאַל:

In Breslau ein Friednhof,
Ein Toter im Grab,
Dort schlummert der Eine,
Der Schwerter uns gab.

היינט איז דאָס קבר פאַרלאָזן, דאָס קבר פון דעם, וועלכער האָט „געגעבן שווערטן" דעם פראָלעטאַריאַט. קיינער וועט אַהין נישט קומען קיין קדיש זאָגן, קיין „מעסע" זינגען און אויך קיין קאַמף-ליד וועט זיך נישט הערן ביי פערדי-נאַנד לאַסאַלס קבר אינעם טאָג פון זיין 80-טן יאָרצייט. נישט אַפילו א בלימל וועט קיינער נישט ברענגען צום קבר.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט וועגן א קבר גייט עס דאָ. מער ווי דאָס קבר האָט די היינטיקע דייטשלאַנד צעשטערט לאַסאַלס גייסטיקע ירושה, אָט די „שווערטן", וועלכע ער האָט געגעבן דעם פראָלעטאַריאַט. יאָ, לאַסאַלס ירושה, לאַסאַלס דעמאָקראַטישער און פרייהייטס-געדאַנק איז מער ווי אַלץ צעשטערט געוואָרן אין דייטשלאַנד. און נישט בלויז אין דייטשלאַנד. צי וועט לאַסאַלס פּאָליטישער געדאַנק, דער דעמאָקראַטישער פּאַרלאַמענטאַריזם געשטיצט אויפן אַלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן און געהיימען וואַל-רעכט, אויפשטיין תחית-המתים אין דער נייער וועלט-אָרדענונג, וועלכע וועט געשאַפן ווערן נאָך דער איצטיקער מלחמה? וועט אָפּגעשאַפט ווערן פולשטענדיק יעטוועדע פאָרם פון

דיקטאטור, און וועט פארזיכערט ווערן דער דעמאָקראטישער פרינציפּ פון רעגי־רונגען וואָס זאָלן זיין פאראַנטוואָרטלעך פאר די דעמאָקראטיש געוויילטע פאר־לאַמענטן?

דוכט זיך, אז די ארבעטערשאַפט גופא שטייט היינט נישט אזוי „שטאָל און אייזן" פארן פרינציפּ פון פארלאַמענטארישער דעמאָקראַטיע. אינעם סיסטעם פון פארלאַמענטארישער דעמאָקראַטיע האָט פערדינאַנד לאַסאַל געזען אַ וועג צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. לאַסאַל האָט געטראַכט וועגן אַ רעוואָלוציע אויפן פרידלעכן וועג. אַ רעוואָלוציע, וועלכע ווערט דורכגעפירט דורך שטים־צעטלען, וועלכע די בירגער ווארפן אריין אין די אורנעס אין די טעג פון די וואַלן. די זאַך איז דאָך אזוי איינפאַך: דורכן אַלגעמיינעם און גלייכן וואַלרעכט באַקומען די ארבעטער די גלייכע רעכט־באַזיס און די גלייכע מאַכט אין דער מלוכה ווי די אנדערע קלאַסן, וועלכע זענען ביז נישט לאַנג געווען די הערשנדיקע אין דער געזעלשאַפט. און ווייל די ארבעטער זענען די מערהייט, איז דאָך פארשטענדלעך, אַז מיט דער צייט מוזן זיי באַהערשן דעם פארלאַמענט, די געזעצגעבנדע קער־פערשאַפט און דערנאָך אויך די רעגירונג וועלכע איז פאראַנטוואָרטלעך פארן פארלאַמענט און וואָס ווערט געבילדעט דורך דער פּארטיי וועלכע בילדעט די מאַיאָריטעט אין פארלאַמענט. און האָבנדיק דערגרייכט די מערהייט אינעם פאר־לאַמענט און די רעגירונגס־מאַכט אין דער מלוכה, וועט די ארבעטערשאַפט מאַכן אויפן פרידלעכן וועג די סאָציאַלע רעוואָלוציע און איינפירן בהדרגה דעם סאָ־ציאַליזם.

נו, מיר ווייסן, אַז נישט בלויז דער נאַציזם האָט אָפּגעשאַפט די פארלאַ־מענטארישע מיטן אַלגעמיינעם גלייכן וואַלרעכט, נאָר אַז אַ סך פריער האָט דאָס געטון די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. שוין זיבן און צוואַנציק יאָר עקזיסטירט דער מעכטיקער פארבאַנד פון די סאָציאַליסטישע ראַטן־רעפּו־בליקן אָן אַ שום סימן פון דעמאָקראַטישן וואַלרעכט און פון דעמאָקראַטישן פאר־לאַמענטאַריזם און עס באַווייזן זיך נישט קיין סימנים, אַז אין רוסלאַנד זאָל זיין אַ שטאַרקע בענקעניש נאָך דער דאָזיקער דעמאָקראַטיע וועלכע איז געווען לאַ־סאַלס העכסטער אידעאַל. און דער רוסישער רעזשים האָט מאַסן אָנהענגער צווישן אַ טייל אינטעלעקטואַלן אין דער גאַנצער וועלט. וואָס זשע איז דאָס, וואָס די דאָזיקע ארבעטער האָבן אזוי לייכט אָן אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע מוותר געווען אויף דער פארלאַמענטארישער דעמאָקראַטיע און אויפן אַלגעמיינעם און גלייכן וואַלרעכט (אין רוסלאַנד אין דער פּראַקטיק, און אין די אנדערע לענדער טעאָרעטיש, אויף לעתיד לבוא)?

ס'איז אפשר כדאי צו דערמאָנען, אַז די דערפאַרונג וואָס די ארבעטער און סאָציאַליסטן האָבן געמאַכט אין אַ האַלבן יאָרהונדערט מיטן דעמאָקראַטישן וואַל־רעכט האָט ווייט נישט באַרעכטיקט די האָפענונגען, וועלכע לאַסאַל האָט פאר־בונדן מיט דעם דאָזיקן רעכט. נישט קוקנדיק אויפן סאַמע דעמאָקראַטישן וואַל־

רעכט, איז די מאכט פון דער מאנארכישער, יונקערישער מיליטאריסטישער און קאפּיטאליסטישער רעאקציע אין דייטשן רייכסטאג געווען אן אן ערך שטארקער ווי די מאכט פון דער פּרעכטיק-ארגאניזירטער ארבעטערשאפט און פון סאציאליזם. און אויב אין א טייל לענדער איז דער וואל-רעזולטאט פארפעלשט געווארן דורך וואל-שווינדל, דורך שיקאנעס פון דער רעגירונג און אנדערע אומגעזעצלעכקייטן, זענען אין דייטשלאנד געווען די סאמע קארעקטסטע וואלן. טאקע אדאנק די דאזיקע קארעקטע וואלן האט די סאציאל-דעמאקראטיע איין מאל געקאנט דערגרייכן צו ווערן די שטארקסטע פּארטיי אינעם רייכסטאג. אבער אויך אלס שטארקסטע פּארטיי האט זי נישט געקאנט ווערן די מאיאריטעט, ווארום די אנדערע פּארטייען צוזאמען האבן געהאט די מאיאריטעט. און כאטש די דאזיקע מאיאריטעט איז געווען א צעשפּאלטענע און צעשלאגענע, איז זי אבער שטענדיק גרייט זיך צו פאראייניקן קעגן יעטוועדן פּרוּוו צו באדראען די קאפּיטאליסטישע ארדענונג. און אפילו ווען עס זאל זיך געווען איינגעבן די ארבעטער און סאציאליסטן אין דייטשלאנד צי אין א וועלכן ס'איז אנדערן לאנד צו דערגרייכן אזא וואל-דערפאלג, אז די סאציאליסטן זאלן בילדן די מאיאריטעט פון דער לעגיסלאטיווע, האט די קאפּיטאליסטישע מלוכה געהאט גענוג מאכט-פאקטארן אויף זיך אקעגנצושטעלן קעגן יעטוועדן רעוואלוציאנערן סאציאליזירונגס-פּרוּוו.

(לאסאל גופא באווייזט אין זיין שריפט וועגן קאנסטיטוציע, אז געשריבענע רעכט — און דאס איז דאך אויך דאס וואלרעכט — האבן א קנאפּע באדייטונג אקעגן די ווירקלעכע מאכט-פאקטארן, וואס געפינען זיך אין רשות פונעם קעניג צי פון מלוכה-שעף, אדער פון די הערשנדיקע שיכטן. און די מאטעריעלע מאכט פונעם הייניטיקן שטאט און פון דעם הערשנדיקן שיכט איז אן אן ערך שטארקער ווי אין לאסאלס צייט.)

אזוי האבן מיר טאקע געזען, אז נישט קוקנדיק אויף דער מער אדער ווייניקער גאראנטירטער און דורכגעפירטער גלייכער וואל-ארדענונג, האבן אין אלע אייראפּעאישע לענדער די אנטיסאציאליסטישע פּארטייען געהאט די מאיאריטעט. די סאציאליסטן האבן וויר-נישט-ווו געקענט דורכפירן געוויסע סאציאלע רעפארמען, וועלכע זענען געשטיצט געווארן פון די רעגירונגען און די בירגערלעכע פּארטייען. אבער אומצווווארפן די קאפּיטאליסטישע ארדענונג ערגעץ-ווו, האט נישט געקענט קומען נישט אפילו צו א פּרוּוו. די כוחות, וועלכע האבן פארטיידיקט די דאזיקע ארדענונג זענען אומעטום געווען גענוג שטארק, נישט קוקנדיק אויפן גלייכן וואלרעכט.

לאסאל, אין זיין גרויסן ענטוזיאזם פאר דער פּארלאמענטארישער דעמאקראטיע, האט נישט דערזען פּשוט די כוחות אין דער קאפּיטאליסטישער מלוכה, וועלכע זענען בכוח, געזעצלעך צי אומגעזעצלעך, זיך צו שטעלן קעגן דער דעמאקראטיע אין מאמענט וואס זי וועט פּרוּוון באדראען דעם באזיץ-שטאנד און די

פּריווילעגיעס פון די אַלטע הערשנדיקע קלאַסן. לאַסאַל האָט געמיינט, אַז ער וועט קענען אויסנוצן דעם קלאַסן־סכסוך צווישן דעם פעאָדאַלן יונקערטום און דער אויפקומענדיקער ליבעראַלער בורזשואַזיע לטובת דער אַרבעטערשאַפט. ער האָט געהאָפט ווער ווייס וואָס פאַרא גליקן דערוואַרטן דעם פּראָלעטאַריאַט פון זיין פאַרבינדונג מיט ביסמאַרקן, דעם געניאַלן פירער פונעם יונקערטום און פונעם קאָנסערוואַטיוון מלוכה־אידעאַל. זיין ליידנשאַפטלעכער קאַמף איז געווען געווענדעט קעגן דער ליבעראַלער „פאָרשריטס־פּאַרטיי" און אירע גייסטיקע פירער און ער האָט ממש פאַרשווינט דאָס יונקערטום (אגב האָט די „פאָרשריט־פּאַרטיי" אָפּגעצאָלט לאַסאַלן מיט דער זעלבער מטבע). מען מוז אָבער מודה זיין, אַז די בירגערלעכע ליבעראַלן פונעם טיפּ פון דער דייטשער „פאָרשריטס־פּאַרטיי" פון יענער צייט זענען געווען גענוג אָפּגעשטאַנען, גענוג רעאַקציאָנער און סתם צעקראָכן. אין פּאָליטישער באַציאונג האָט זיי נישט געאַרט די דורכלעכערונג פון דער קאָנסטיטוציע פון 1848 דורכן פּרייסישן קעניג און צו דער פאָדערונג פון אַלגעמיינעם גלייכן וואַלרעכט האָבן זיי זיך באַצויגן גלייכגילטיק, אויב נישט לחלוטין פיינטלעך. און אויפן געביט פון סאָציאַל־פּאָליטיק זענען זיי געווען נאָך רעאַקציאָנערער. זיי, וועלכע האָבן געוואָלט האָבן די פּאָליטישע שטיצע פון דער אַרבעטערשאַפט, האָבן אַגיטירט צווישן די אַרבעטער זיך נישט צו מישן אין פּאָליטיק, ד. ה. אַז פּאָליטיק דאַרף די אַרבעטער גאָרנישט אינטערעסירן. אין זייערע סאָציאַלע פאָדערונגען האָבן די „פאָרטשריטלער" געהאַלטן ביי די „זעלבסט־הילף"־לאָזונגען, און ביי געוויסע פאָרמען פון פּריוואַטן קאָאָפּעראַטיוויזם — אַנטקעגן דעם מלוכהשן קאָאָפּעראַטיוויזם וועלכן לאַסאַל האָט געפאָדערט.

— 2 —

ווען מען קוקט היינט צוריק אויף יענע יאָרן פון לאַסאַלס קאַמף — און מען מוז דאָ דערמאָנען אַז לאַסאַל האָט געהאַט קעגן זיך נישט בלויז דאָס רעאַקציאָנערע, אַנטידעמאָקראַטישע קעניגטום מיט זיינע געטרייע דינער און די אין עצם אַנטידעמאָקראַטישע פאָרטשריטס־פּאַרטיי, נאָר אויך אַ גרויסן טייל פון די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געלאָזט ציען אויפן שטריקל פון דער דאָזיקער פאָרשריטס־פּאַרטיי — ווען מען קוקט היינט צוריק אויף יענער תקופה, בלייבט מען באמת פאַרחידושט איבער דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער דייטשער אַרבעטערשאַפט פון יענער צייט. לאַסאַלס שטאַרקסטע אַגיטאַטאָרישע טעטיקייט צווישן די אַרבעטער פאַלט אין די זעכציקער יאָרן, פון 1860 ביז צו זיין טויט, אין אויגוסט 1864. איינע פון לאַסאַלס שטאַרקסטע אַגיטאַטאָרישע שריפטן, דאָס „אָפענע אַנטוואָרט־שרייבן" צום צענטראַל־קאָמיטעט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַן אַלגעמיינעם דייטשן אַרבעטער־קאָנגרעס, איז דאַטירט פון

1־טן מערץ 1863. דאָס „אַרבעטער פּראָגראַם" („איבער דעם באַזונדערן צוזאַ־מע:האַנג פון דעם איצטיקן היסטאָרישן פּעריאָד מיט דער אידייע פון אַרבעטער־שטאַנד") איז פון 1862. אגב, פאַר דער פאַרעפנטלעכונג פון דער דאָזיקער רע־דע איז לאַסאַל באַשולדיקט געוואָרן פונעם פּרייסישן מלוכה־פּראָקוראָר צו האָבן „אויפגערייצט צו האַס און צו פאַראַכטונג די נישט־באַזיצנדע" און דורך דעם צו האָבן „געשטעלט אין סכנה דעם עפנטלעכן פרידן". אויף דעם דאָזיקן פּראָ־צעס האָט לאַסאַל געהאַלטן איינע פון זיינע בעסטע פאַרטיידיקונגס־רעדעס, וועל־כע וועלן בלייבן אויף אייביק אַלס אַ דענקמאָל פון זיין רעדנער־קונסט. לאַסאַלס אַקטיוווסטע אַגיטאַטאָרישע טעטיקייט צווישן די דייטשע אַרבעטער פאַלט אין די זעכציקער יאָרן, דאָס הייסט 12 אָדער 13 יאָר נאָך דעם דערשיינען פונעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט פון מאַרקס און ענגעלס. און דאָך איז די דייטשע אַר־בעטערשאַפט דעמאָלט נאָך אַזוי אָפּגעשטאַנען, אַז ווילנדיק אָרגאַניזירן אַן אַל־געמיינעם דייטשן אַרבעטער־קאָנגרעס, ווענדן זיי זיך קודם צו די פירער פון דער פּאָרשריטס־פּאַרטיי כדי מיט זיי צו פאַרהאַנדלען וועגן דעם אָנשליסן זיך פון די אַרבעטער אינעם נאַציאָנאַל־פאַריין (פון די פּאָרשריטס־פּאַרטיי). און די פּאָרשריטס־פּאַרטיי אַנטזאָגט זיך, צוצולאָזן דעם אָנשלוס פון די אַרבעטער אין דעם נאַציאָנאַל־פאַריין. זיי ווייזן אויך צוריק די פאָדערונג פון דער אַרבעטער־דעלעגאַציע, אַז דער נאַציאָנאַל־פאַריין זאָל אַריינגעמען אין זיין פּראָגראַם די פאָדערונג פון אַלגעמיינעם גלייכן וואַלרעכט. דערביי האָבן נאָך די דאָזיקע רעאַקציאָנערע ליבעראַלן דעם מוט אָפּצוראָטן די אַרבעטער פון דער גרינדונג פון אַ באַזונדערער אַרבעטער־פּאַרטיי. ערשט שפּעטער ווענדן זיך די אַרבעטער צו לאַסאַלן, ער זאָל זיי אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און וועגן די מיטלען וואָס מען דאַרף אָננעמען אין פּאָליטישער, מאַטעריעלער און גייסטיקער באַציאונג. אויף דער דאָזיקער ווענדונג האָט לאַסאַל געענטפערט מיט זיין היסטאָרישן „אָפענעם ענטפער־בריוו". וועלכער האָט געווירקט צווישן די אַרבעטער „ווי אַ פייער אין אַ פּולווער־פאַס".

אין דעם אָפענעם בריוו דערלאַנגט לאַסאַל אַ טויט־קלאַפּ די סימפּאַטיעס צו דער פּאָרשריטס־פּאַרטיי צווישן די אַרבעטער. ער ווייזט אָן אַז די אַרבעטער דאַרפן זיך אָרגאַניזירן אַלס אַ באַזונדערע פּאָליטישע פּאַרטיי און פירן אַן איי־גענע פּאָליטיק. און בנוגע דעם סאָציאַלן פּראָגראַם מאַכט לאַסאַל חוזק פון די נאַאיווע אַרבעטער־פירער, וועלכע האָבן אַריינגעשטעלט אין זייער פּראָגראַם אַזעלכע פאָדערונגען ווי געווערב־פרייהייט (ד. ה. די פרייהייט צו מעגן פּראָק־טיצירן יעטוועדע מלאכה אומאָפּהענגיק פון די צעכן) און באַוועגונגס־פרייהייט, (ד. ה. די פרייהייט צו מעגן פאַרלאָזן דעם אַרבעטס־פּלאַץ און צו מעגן פאָרן פון איין שטאָט אין אַן אַנדערער). די דאָזיקע פאָדערונגען לערנט לאַסאַל די אַר־בעטער זענען געקומען מיט פופציק יאָר צו־שפּעט. (היינט — אַכציק יאָר נאָך לאַסאַלס טויט, איז דער אַרבעטער אין דייטשלאַנד און אין אַ טייל אַנדערע לענ־

דער ווידער צוגעבונדן צו דער מאַשין). און אויף די אַנדערע פּונקטן פונעם סאָ־ציאַלן פּראָגראַם פון די אַרבעטער, ווי שפּאָר־קאַסע, אינוואַליד־קאַסע, הילפס־און קראַנקן־קאַסע — ענטפערט לאַסאַל, אַז דאָס זענען גאַנץ גוטע זאַכן, אָבער צוליב דעם נויטיקט מען זיך נישט אין קיין אַרבעטער־באַוועגונג וואָס זאָל ארומ־נעמען דאָס גאַנצע לאַנד. און דאָ קומט לאַסאַל צו זיין אידייע וועגן פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיוועס, וועלכע זאָלן אָרגאַניזירט ווערן מיט מלוכהשע מיטלען. און קעגן יענע אַרבעטער, פּאַרפירטע פון דער כלומרשט ליבעראַלער שולע, וועלכע זעען אין דער אינטערווענץ פון דער מלוכה אין דער אָרגאַניזירונג פון קאָאָפּע־ראַטיוועס, אַ סכנה פאַר דער אידייע פון זעלבסטהילף, שרייבט לאַסאַל:

„ס'איז נישט אמת, אַז איך שטער עמיצן אַרויפצושטייגן אויף אַ טורעם דורך זיין אייגענער קראַפט, אויב איך דערלאַנג אים דערצו אַ לייטער אָדער שטריק. ס'איז נישט אמת, אַז דער שטאַט שטערט דער יוגנט זיך דורך אייגענער קראַפט צו בילדן, אויב ער גרינדעט פאַר זיי שולן, ביבליאָטעקן און אויב ער האַלט אוים לערער. ס'איז נישט אמת אַז איך שטער עמיצן זיין פעלד אַליין צו אַקערן, אויב איך דערלאַנג אים דערצו די פּאַסיקע מכשירים", א. א. וו.

די דאָזיקע אַרגומענטאַציע לאַסאַלס אילוסטרירט די אָפּגעשטאַנענקייט פון אַ געוויסן טייל פון דער אַרבעטערשאַפט פון יענער צייט. און כדי אַרויסצו־שלאָגן פונעם קאָפּ פון די אַרבעטער די „ליבעראַלע" זעלבסטהילף־אידייע, דער־קלערט לאַסאַל, אַז דער שטאַט איז אייגנטלעך „נישט עפּעס אַנדערש ווי די גרויסע אַסאָסיאַציע פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן", און אַז די הילף וועלכע דער שטאַט גיט די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוועס, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די „פּול־קאָם געזעצלעכע און בארעכטיקטע סאָציאַלע זעלבסטהילף", פון די אַרבעטער גופא.

— 3 —

ס'איז דאָ נישט מיין אויפגאַבע צו מאָלן אָדער אפילו נאָר צו סקיצירן לאַסאַלס אידייען־וועלט, זיין שטאַטס־פילאָזאָפיע, זיין רעכטס־סיסטעם. ליידער ווערט היינט לאַסאַל וויניק געלייענט. עס וואָלט כדאי געווען, אַז אונדזער יוגנט זאָל זיך באַקענען מיט לאַסאַלס גרונט־אידייען. אין אונדזער הסתדרות ווערן פאַרווירק־לעכט אַ היבשער טייל פון לאַסאַלס קאָאָפּעראַטיווע אידייען. אָבער פּונקט אַזוי אינטערעסאַנט ווי לאַסאַלס אידייען־וועלט און אפשר נאָך אינטערעסאַנטער איז דער מענטש לאַסאַל. ער, דער אַגיטאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פון די אַרבעטער, איז אין טיפסטן וועזן געווען אַן אַריסטאָקראַט; דער קעמפער, וועלכער האָט אונטערגעבלאָזן דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, האָט געטראָגן אין זיך אַ גרויסע מאַכט־אַמביציע. עמיץ האָט ערגעץ געזאָגט, אַז לאַסאַל איז געווען אַ קעגנער פון דער האָהענצאָלערן־דינאַסטיע אין דייטשלאַנד, ווייל ער

האָט מערער געהאַלטן פון אַ לאַסאַל־דינאַסטיע, און דאָס איז נישט געווען גלאַט אַ קלוג ווערטל; לאַסאַל איז פּאַקטיש באַהערשט געוואָרן פון טרוים וועגן מאַכט. ער, דער ייד פערדינאַנד לאַסאַל, וועלכער האָט זיך אַזוי ווייט יידענטיפיצירט מיטן דייטשטום, אַז ער האָט געקאָנט טראַכטן וועגן ווערן אַ פירער פון די דייטשן, אַזוי, אַז אפילו זיינע ביטערסטע פּאָליטישע קעגנער האָבן נישט געפּרוווט אפילו און נישט געוואַגט צו שטעלן אין צווייפל זיין דייטש־טום, איז געווען איינער פון די „פּראָבלעמאַטישע נאַטורן״. אָט דערפאַר האָט ער אין אַלע יאָרן פון זינט זיין פריען און אַביסל אַוואַנטוריסטישן טויט גע־וועקט אַזוי פיל אינטערעס ביי היסטאָריקער, ביאָגראַפן און נאָוועליסטן. מאָד־נע און נישט געווענלעך איז געווען זיין לעבנסוועג און זיין קאַמף. אַלס אַ יונגער 21־יעריקער בחור ווערט ער פאַרכאַפּט פונעם גורל פון אַן אַריסטאָקראַטישער דאַמע, דער גרעפין האַצפעלד, אַ פאַרלאָזענע פון איר מאַן און פון איר גאַנצער פאַמיליע. דער יונגער לאַסאַל וואַרפט זיך אַריין אין קאַמף פאַר דער באַעוולה־טער אַריסטאָקראַטקע, ער פירט איר פּראָצעס קעגן דעם פאַלשן מאַן, ווילנדיק דערגרייכן אַ גט פאַר דער פאַראַטענער פרוי און די רעטונג פון איר פאַרמעגן. דער דאָזיקער קאַמף פאַר דער גרעפין האַצפעלד פילט אויס לאַסאַלס שענסטע יוגנט־יאָרן. מען איז לאַסאַלן חושד אין ליבע צו דער גרעפין, אָבער ער לייקנט, ער ווייזט אָן אויפן אונטערשיד אין די יאָרן: די גרעפין איז כמעט צוויי מאָל אַזוי פיל אַלט ווי ער. אָבער זי איז אַ שיינע פרוי, און עפּעס האָט דאָ ליבע געמוזט האָבן אַ שטיקל חלק. לאַסאַל, פאַרשטייט זיך, טענהט אַז ס׳איז געווען נאָר ריינע מענטשלעכקייט, דער ווילן זיך אָנצונעמען פאַר אַ פאַרלאָזענער, פאַראַטענער פרוי. צוליב דער דאָזיקער פרוי איז לאַסאַל נישט אַרויס פון די פּראָצעסן.

נאָך דער גרעפין האַצפעלד קומט אַ צווייטע פרוי, די יונגע רוסישע מיידל סאָניאַ סאָנצעף, מיט וועלכער לאַסאַל באַקענט זיך אין אַאַכען אין 1860. לאַ־סאַל איז שוין דאַן אַ מאַן פון 35 יאָר און ער פאַרליבט זיך ביז איבער די אויערן. דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגן, איינע פון די נאַרישע ליבעס. אין זיין ברענענדיקער ליבע, שרייבט אָן לאַסאַל פאַר דעם מיידל אַ מין ווידוי, אַ שריפט פון אַ פערציק זייטן, אין וועלכער ער ווייזט אָן דעם געליבטן מיידל אויף די אַלע סכנות וואָס וועלן איר דראָען ווייבאַלד זי וועט זיך אַנטשליסן חתונה צו האָבן מיט אים, דעם רעוואָלוציאָנער און פאָלקס־פירער. לאַסאַל וויל הפנים אַז די ליבע פון דעם מיידל זאָל גובר זיין די אַלע סכנות. אָבער סאָניאַ סאָנצעף איז אַן אומשולדיק ליאַלקעלע און זי וויל נישט נעמען אויף זיך אַזעלבע סכנות און זי זאָגט אָפּ.

דערנאָך קומט אַ דריטע פרוי, העלענאַ פאָן דעניגעס, מיט וועלכער לאַסאַל באַגעגנט זיך אין קוראָרט ריגי־קאַלטבאַד אין יולי 1864. לאַסאַל צעברענט זיך ווידער אין ליבע. ער לייגט באַלד פאָר דער געליבטער פרוי, זי זאָל מיט אים

התונה האָבן. העלענא איז מסכים, כאָטש זי איז שוין א כלה פאַר אַן אַנדערן. אָבער די אַריסטאָקראַטישע משפחה שטעלט זיך אַקעגן. אין דער לײדנשאַפט שרײַבט לאַסאַל א בריוו פול באַלײדיקונגען קעגן העלענאַס פאָטער און קעגן איר חתן, דעם וואָלעכישן פירשט ראַקאָוויץ. דער וואָלעך פאָדערט אַרויס לאַסאַלן אויף א דועל און דעם 31־טן אויגוסט 1864, ווערט געטראָפן פון א נאַרישער דועל־קויל אײנער פון די שענסטע קעפּ פון דער מענטשהייט.

# יאָזעף ראָט און דער אַנטיקריסט

דער דייטשער שרייבער יאָזעף ראָט האָט זיך באַקאַנט געמאַכט אין אונ־דזער יידישן וועלט דורך זיין ראָמאַן איוב. שפּעטער האָט ער צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די יידישע לעזער מיט זיינעם אַ זייער בייז אָנגעשרי־בענעם אַרטיקל וועגן די דייטשן. אין דעם דאָזיקן אַרטיקל, וועלכער איז דער־שינען אין איינעם פון יענעם דייטשע עמיגראַנטישע זשורנאַלן, וועלכע יידישע עמיגראַנטן גיבן אַרויס, דער עיקר פאַר יידן, רעכנט זיך יאָזעף ראָט אָפּ מיט די דייטשן און ער מאַכט צוניש די גאַנצע לעגענדע וועגן דעם „פאָלק פון די דיכטער און דענקער". דאָס פאָלק פון די דיכטער און דענקער קומט אַרויס ביי ראָטן אַלס אַ פאָלק פון מיטלמעסיקע, כאָטש טיכטיקע „שפּיס־בירגער, קולטור־פיליסטער", וכדומה. דער געוועגלעכער דייטש, דער דורכשניטלעכער דייטשער בירגער, סוחר, פּראָפעסאָר איז נישט קיין קולטור־שאַפנדער און אַפילו נישט קיין קולטור־קאָנסומירנדער עלעמענט. דאָס וואָס איז אין דייטשלאַנד פּראָדו־צירט געוואָרן אין ליטעראַטור, אין קונסט איז פּראָדוצירט געוואָרן דער עיקר פאַר יידן און אין אַ גרויסער מאָס דורך יידן.

דאָס איז געווען אומגעפער דער אינהאַלט און דער טאָן פון יאָזעף ראָטס אַרטיקל. פון דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט מען באַקומען דעם איינדרוק וועגן די דייטשן, ווי וועגן אמתע באַרבאַרן, אַ פאָלק פון זאַטע, ענגאַאיסטיש־פלאַכע ביר־טרינקער. נאָך יענעם אַרטיקל האָב איך וועגן יאָזעף ראָטן באַקומען די מיינונג ווי וועגן אַ י י ד א ו י ף ל ה כ ע י ס, דאָס איז איינער פון יענעם מין יידישע נאַציאָנאַליסטן, וועלכע קומען צום נאַציאָנאַליזם פון דעם א נ ד ע ר ן ע ק ס ט ר ע ם — פון דער עקסטרעמער אַסימילאַציע. פאַראַן אַזעלכע עקס־טרעמע נאַציאָנאַליסטן צווישן די מערב־יידן. דאָס איז אַ פאַרשטענדלעכע דער־שיינונג. אַזוי ווי די דאָזיקע מענטשן קאָנען נישט זיין קיין פּשוטע נאַטירלעכע יידן, אַזוי ווי די דייטשן זענען דייטשן און די ענגלענדער — ענגלענדער, אַזוי ווי זיי זענען יידן מ י ט א ן א ר ג ו מ ע נ ט, פאַרציען זיי דעם דאָ־זיקן אַרגומענט ביז צו אַן אומנאַטירלעכן עקסטרעם און זיי ווערן עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן, פּונקט ווי זיי זענען עקסטרעמע אַסימילאַנטן אָדער אַנדערע עקסטרעמיסטן. דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פון די דאָזיקע יידן איז, אַז זיי

זענען קיינמאָל נישט, גייסטיק און אין געפיל, ב יי ז יך א י ן ד ע ר ה יי ם, זיי זענען פרעמדע פאַר די דייטשן, אָבער זיי זענען אויך פרעמד אין דער יידישער געדאַנקען- און געפילס-וועלט.

דאָס באַווייזט מיר יאָזעף ראָטס בוך „דער אַנטיקריסט" (אַמסטערדאַם, פאַרלאַג אַללערט דע לאַנגע). קיין שום יידישער ייד, און זיכער נישט קיין יידיש שרייבנדער ייד וואָלט אַזאַ בוך נישט געקענט אָנשרייבן. און אויך קיין שום קריסטלעכער דייטש, קיין שום נישט-ייד — אָדער מעג מען זיך אפשר באַנוצן מיטן וואָרט „אַריער" — וואָלט אַזאַ בוך נישט אָנגעשריבן. דאָס איז אַ בוך פון אַן אַנטוואָרצלטן יידן. אַ מענטש, וועלכער איז פאַראורטיילט צו זיין אַ פרעמדער, אַ גייסטיק פרעמדער סיי ביי יידן, סיי ביי די דייטשן.

צי איז, הייסט עס, „דער אַנטיקריסט" אַ שלעכט בוך?

דאָס וויל איך נישט זאָגן. ס'איז אַ פרעמד-אַרטיק בוך און עס מוז ווירקן פרעמד-אַרטיק קודם-כל אויף יידן, און זיכער אויך אויף דייטשן.

דער גרונט-געדאַנק פון ראָטס בוך איז, אַז אַלץ שלעכטע אין דער וועלט קומט פונעם אַנטיקריסט. דער קאַפּיטאַליזם (אָבער אין גאַנצן בוך ווערט דאָס וואָרט נישט דערמאָנט), די עקספּלואַטאַציע פונעם מענטש דורכן מענטש, די אָרעמקייט, די אומגערעכטיקייט, די שנאה פון מענטש צו מענטש און פון פאָלק צו פאָלק, די מלחמה, די גאַנצע מעכאַניזירטע קולטור, דער פילם — מיט איין וואָרט אַלץ וואָס איז שלעכט אין דער וועלט אָדער וואָס ווייזט ראָטן אויס שלעכט, ווערט אָוועקגעשטעלט אַלס ווירקונג פון אַנטיקריסט, אָדער אַלס דער אַנטיקריסט גופא. אפילו געוויסע פאָרמען פון דער מאָדערנער קונסט, פון דער אַרכיטעקטור, וועלכע געפעלט נישט ראָטן און פון דער אַמעריקאַנער הייזער-קאָנסטרוקציע, זענען פאַר ראָטן ווערק פון אַנטיקריסט. ראָט קריטיקירט אין אַ באַזונדערן קאַפּיטל די מאָדערנע קאָנסטרוקציע-פאָרמען, די הייזער וועלכע באַשטייען פון לויטער אייזן און גלאָז. די דאָזיקע הייזער געפעלן נישט ראָטן. זיי לאָזן נישט די מענטשן, וואָס וווינען אין זיי, זיין אַליין מיט זיך. די מענטשן וואָס וווינען אין די דאָזיקע הייזער רופט ראָט „דער מענטש אין דער שטייג".

„ווער אָבער האַלט דעם מענטשן געפאַנגען און לאָזט אים בלומרשט פריי-וויליק זיך איינשליסן אין דער שטייג?" — פרעגט ראָט, און ער ענטפערט:

„דער אַנטיקריסט האַלט אים געפאַנגען".

דאָ איז פשוט דער אַנטיקריסט אויסגעוואַקסן צו אַ מאַניע און ער האָט געפאַנגען — יאָזעף ראָטן.

וואָרום דער אַנטיקריסט איז ביי ראָטן נישט עפּעס אַ ליטעראַרישע פיגור. ער איז פאַר אים דער מיסטישער, ממש רעליגיעזער באַגריף, אַזוי ווי ער לעבט אין דער קריסטלעכער מיסטיק. דער אַנטיקריסט איז פאַר יאָזעף ראָטן אַ גאָר ערנסטער ענין. אין אַ ווידמונגס-בלאַט צום אָנפאַנג פון זיין בוך שרייבט ער:

„דאָס דאָזיקע בוך האָב איך געשריבן אַלס אַ ווידמונג און אַ מאָנונג, כדי

מען זאָל דעם אַנטיקריסט דערקענען אין אַלע געשטאַלטן, אין וועלכע ער באַווייזט זיך".

אָט אַזוי ערנסט איז דער ענין פאַר דעם יידיש-דייטשן שרייבער. און ס'איז זיכער אַ נייעס: אַ ייד וואָרנט די וועלט פאַרן אַנטיקריסט.

און אינעם ערשטן קאַפּיטל פון דעם בוך, וועלכעס הייסט „דער אַנטיקריסט איז געקומען", שרייבט יאָזעף ראָט:

„דער אַנטיקריסט איז געקומען אַזוי ווייט פאַרשטעלט, אַז מיר, וועלכע זענען געוווינט אים צו דערוואַרטן שוין זייט יאָרן, מיר דערקענען אים נישט. שוין וווינט ער צווישן אונדז, אין אונדז גופא. און איבער אונדז לאַסטעט דער שווערער שאָטן פון זיינע נידערטרעכטיקע פליגלען.... שוין פון לאַנג האָט ער אויסגעשיט זיין גיפט אין די אומשולדיקע נשמות פון אונדזערע קינדער. און מיר באַמערקן עס נישט!"

אָט אַזוי ווייט גייט עס. עס זעט אויס ממש אַז אין דעם יידישן שרייבער איז אַריין אַ דיבוק. דער דיבוק פון אַנטיקריסט. אומעטום, אין אַלע לענדער, ביי אַלע פעלקער, זעט ער דעם אַנטיקריסט. ער זעט ווי ער פאַרפירט אַלעמען מיט זיינע פאַלשע הבטחות. ער פאַרפירט אַלעמען, אפילו דעם וואַטיקאַן, וועמען ער דיקטירט צו אונטערשרייבן פאַלשע (ד. ה. אפנים פאַר דער קירכע נישט נוצלעכע) קאָנקאָרדאַטן...

אָבער יאָזעף ראָט וועט דאָס נישט צולאָזן: ער וועט זיך צו אים נעמען — צום אַנטיקריסט.

יאָזעף ראָט - דאָן קיכאָט וויל זיך נעמען צום אַנטיקריסט:

„און כאָטש זיין מאַכט איז אַ סך גרעסער ווי מיינע — שרייבט ער — האָב איך פאַר אים נישט קיין מורא. און איך וועל פּרווון אים צו באַזיגן".

:: :: ::

אָבער איך רעד דאָ וועגן אַ בוך און איך האָב נאָך נישט געזאָגט אַ וואָסער בוך דאָס איז. וואָס איז יאָזעף ראָטס „אַנטיקריסט": אַ ראָמאַן, אַ שטאַטס-פּאָליטיש, אַ פילאָזאָפיש, אָדער אַ רעליגיעז בוך? גאָרנישט פון דעם אַלעם. אביסל איז דאָס סאָציאַל-מאָראַלישע פּרעדיגערייַ, אביסל מיסטיק און צום גרעסטן טייל איז דאָס רעפּאָרטאַזש. רעפּאָרטאַזש מיט מיסטיש-מאָראַלישער פּרעדיגערייַ. אין אַ סך שטעלן דערמאַנט ראָטס בוך אין דעם רעליגיעז-רעוואָלוציאָנערן בוך פון דעם פּראַנצוויזישן גלחשן אפּיקורס אבע דע לאַמנע, די „ווערטער פון אַ גלוי-ביקן". דאָס איז בנוגע דער פאָרם. איך בין כמעט זיכער, אַז ראָט האָט אין דער פאָרם און אויך אין זיין פּאַטאָס זיך געלאָזט משפיע זיין פון דע לאַמנע. אָבער ראָט דערגרייכט נישט דעם רעליגיעז-רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און נישט די באַפליגלטע שפּראַך פון דעם רעוואָלוציאָנערן פראַנצויזישן גלח. אין ראָטן שטעקט

צופיל דער זשורנאַליסט. דער זשורנאַליסט לאָזט נישט אויפקומען דעם רעוואָ־לוציאָנערן נישט דעם קינסטלערישן פּאַטאָס. און ווו ראָט פאַרנעפּלט זיין שטים אין מיסטיציזם, ווירקט ער ממש באַנאַל. וואָרום מיסטיציזם און זשורנאַליזם איז נישט קיין פּאָר.

ראָט באַשרייבט, ווי געזאָגט, די פאַרשידענע זייטן פון דעם מאָדערנעם לעבן און אומעטום זעט ער די ממשלה פונעם אַנטיקריסט. פאַרשטייט זיך, אַז די מלחמה איז דאָס הויפּט־ווערק פונעם אַנטיקריסט. דער אַנטיקריסט פאַר־שטעלט זיך אין פאַרשידענע געשטאַלטן: אויך אין די ליבלעכע פּאַטריאָטן וועלכע ברענגען מתנות די זעלנער פאַר זייער אַרויסגעשיקט ווערן צום שלאַכט־פראָנט. ער באַוויייזט אונדז די מלחמה און די מלחמה־אינדוסטריע, וועלכע נעמט צונויף די טיר־קליאַמקעס, די לייכטער און אַנדערע הויז־כלים. און אויך די קירכן־גלאָקן און מאַכט פון זיי קאַנאָנען. שפּעטער, נאָך דער מלחמה, מאַכט מען פון די צעבראָכענע און אַלטע קאַנאָנען ווידער נוצלעכע שטוב־זאַכן, און ווידער קירכן־גלאָקן. אַלזאָ, אויך אינעם קלאַנג פון די קירכן־גלאָקן זיצט דער אַנטיקריסט.

ראָט באַשרייבט אויף זיין פּאַראַבאַלישן שטייגער ווי די, וואָס האָבן אַרויס־געראַטעוועט זייערע גאַנצע ביינער פון דער מלחמה, מוזן דערנאָך אין זייער היים זוכן אַרבעט אויפן אַרבעטס־מאַרק. ער איז איינער פון די זוכנדע. אַ פּאַר־לעגער פון אַ גרויסער ציימונג, וועלכן ער רופט „דער האַר פון די טויזנט צונ־גען”, פּרעגט אים צי ער וויל אים דינען.

„און איך האָב אָנגעהויבן אים צו דינען, און אַזוי בין איך געוואָרן איינע פון די טויזנט צונגען, מיט וועלכע די ציימונג האָט יעדן פרימאָרגן אַריינגערעדט אין דער וועלט אַריין. און איך האָב באַלד דערזען, אַז דאָס וואָס מיין אייגענע צונג האָט גערעדט, איז געווען נישט בלויז דאָס זעלבע וואָס עס האָבן גערעדט די אַנדערע צונגען, נאָר אַז אַלע אונדזערע צונגען האָבן זיך אויך ווידערגע־שפּראָכן; אָבער אויך דאָס ווידערשפּרעכן זיך איז נישט געווען קיין אומאָפּ־ענדערלעכער געזעץ. נאָר אַז אונדזערע צונגען זענען אַמאָל געווען אין הסכם און באַלד האָט איינער דעם אַנדערן באַשולדיקט אין ליגן. אַזוי האָט זיך דאָס כסדר געביטן יעדן מאָמענט.

„אַמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז אַ צונג האָט איבערגעחזרט וואָס מיין צונג האָט געזאָגט, אָבער זי האָט עס איבערגעחזרט אַביסל אַנדערש, אַזוי אַז ס'איז אויסגעקומען אַז מיר ביידע האָבן רעכט. איך האָב שוין נישט געוווסט, צי איך האָב גערעדט אמת צי פאַלשקייט, צי די אַנדערע האָבן רעכט צי נישט; און ווען איך האָב זיך פאַרטראַכט, אַז די וועלט הערט אויף איין מאָל אַלע אונדזערע טויזנט צונגען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס איז איר אוממעגלעך צו דער־הערן דעם אמת. ס'איז איר אויך אוממעגלעך צו דערקענען די שטים פון דער וואָרהייט, אפילו ווען זי זאָל זיך אַמאָל ווירקלעך לאָזן הערן”.

ווי מען זעט, רעדט ראַט טײלמאָל גאַנץ פאַרנונפטיקע דיבורים, און זיין בוך וואָלט געווען גאַנץ נישקשה, ווען ער זאָל נישט האָבן אין זיך דעם דיבוק פונעם אַנטיקריסט.

דער „הער פון די טויזנט צונגען" שיקט אַרויס זיין דינער, איינעם פון זיינע „צונגען" אויף רעפּאָרטאַזש אין דער וועלט. און דאָ באַקומט ראַטס בוך די דאָזיקע ווונדערלעכע פאָרם פון רעפּאָרטאַזש, געמישט מיט מיסטיציזם פון אַנטיקריסט מיט אַביסל מאָראַל-פּרעדיגעריי.

:: :: ::

ראַטס בוך איז געשריבן אין דער „איך"-פאָרם און מיר נעמען אָן, אַז דאָס רעדט ער אומעטום וועגן זיך אַליין. דער רעפּאָרטער, אָדער די „צונג פון די טויזנט צונגען" קומט אין אַ שטאָט, ווו די שליחים פון אַלע אומרואיקע פעלקער זענען פאַרזאַמלט. אום צו באַראַטן ווי אַזוי ווידער צו פאַרזיכערן די רו פון דער וועלט. „דאָס הייסט — זאָגט ראַט — זיי האָבן גאָרנישט געמיינט די ווירקלעכע רו פון דער וועלט, נאָר דעם הערשנדן צושטאַנד פון אומרו, וועלכער האָט זיך זיי אויסגעוויזן ווי אַ צושטאַנד פון אומרו און פון רו". דאָ רעדט ראַט וועגן די פאַרשידענע סכסוכים צווישן די פעלקער און ראַסן און אַנטקעגן דעם נאַציאָנאַליזם און ראַסן-שאָוויניזם פאַרטיידיקט ער דעם ריינעם מענטשלעכן פּרינציפּ. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל וואָלט פאַרדינט איבערגעדרוקט צו ווערן אין די שול-לייען-ביכער פאַר דערוואַקסענע קינדער פון אַלע פעלקער, אין אינטערעס פון אַ הומאַנער דערציאונג פון דער יוגנט.

אין אַ צווייטן קאַפּיטל אָדער רעפּאָרטאַזש רעדט ראַט וועגן סאָוועט-רוס-לאַנד, אָבער נישט דערמאַנענדיק דעם נאָמען. דאָס וואָלט אפשר נישט געשטימט מיטן מיסטישן טאָן פון דעם גאַנצן. נאָר איינמאָל דערמאָנט ראַט דעם נאָמען פון לענין, דאָרט ווו ער קריטיקירט דעם פאַקט, וואָס די פירער פון סאָוועט-רוסלאַנד האָבן געלאָזט איינבאַלזאַמירן לענינס לייכע און זי אַזוי אַרויסגע-שטעלט פאַרן פאָלק. ער זעט אין דעם אָן אָבערגלויבן. דאָס הייסט וועלן מיט גע-וואַלט ראַטעווען און פאַראייביקן דאָס „געפעס" פון וועלכן דער אינהאַלט, די נישמה איז אַרויס.

אָט ווי אַזוי ראַט הייבט אָן זיין רעפּאָרטאַזש פון רוסלאַנד:

„דאָן בין איך געגאַנגען אין דעם לאַנד, וועגן וועלכן מען האָט מיר גע-זאָגט, אַז דאָרט הערט מען נישט מער דאָס געשריי פון אָרימע און געשלאָגענע; דאָרט באַמיט מען זיך צו לאָזן לייכטן דעם אמת, גערעכטיקייט און פאַרנונפט; דאָ איז דאָס גאָלד באַזיגט, דאָס מעטאַל פון דעם אַנטיקריסט; און מען האָט דאָרט דעם נאַטירלעכן רעספּעקט פאַר יעדן איינצלנעם מענטשן-לעבן און יעדעס מענטשן-לעבן איז דאָרט הייליק".

דאָס איז דאָס פּאָזיטיווע, וואָס ער זאָגט וועגן סאָוועט־רוסלאַנד. דערנאָך קומט אויף 28 זייטן אַ רעליגיעז־מיסטישע פּאָלעמיק קעגן דער אַטעאיסטישער פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס, קעגן דעם לאָזונג „רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק" און אויך קעגן דעם צווייטן לאָזונג: „בילדונג איז מאַכט". אין דעם דאָזיקן לאָזונג זעט ראָט אַ פאַרקרימונג פון דעם אמתן קולטור־עטישן ציל פון דער בילדונג. און קעגן דעם לאָזונג „רעליגיע איז אָפּיום פאַר דעם פאָלק" פּאָלעמיזירט ראָט מיט אַ סך רעליגיעזע, טיילווייז סכאָלאַסטישע אַרגומענטן.

:: :: ::

אינטערעסאַנט איז דער רעפּאָרטאַזש וועגן די פאַראייניקטע שטאַטן. אַלס כאַראַקטעריסטיק פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן און פאַר דעם פאָלק פון די פאַראייניקטע שטאַטן נעמט ראָט האָליוווד מיט איר פילם־אינדוסטריע, וועלכע ער רופט אָן די „אינדוסטריע פון שאָטנס". מיט די „שאָטנס" און מיט דער „אינדוסטריע פון שאָטנס" פאַרנעמט זיך ראָט אויף פאַרשידענע זייטן פון זיין בוך און יעדעס מאָל נאָר אין אַ נעגאַטיוון זין. אין די גרויסע פילם־ריזן זעט ראָט נאָר מענטשן, וועלכע האָבן פאַרקויפט זייער שאָטן און וועלכע גייען אַרום נאָר ווי די „שאָטנס פון זייערע שאָטנס". האָליוווד איז די שטאָט פון די שאָטנס. דאָרט איז גאָרנישט עכט. אפילו ביימער ווערן פאַרפלאַנצט אין די עפנטלעכע גערטנער נישט אויף שטענדיק, נאָר פּראָוויזאָריש, כדי מען זאָל זיי קענען אַריבערטראָגן פון איין פּלאַץ אויף אַן אַנדערן און כדי צו קענען פאַר־קויפן זייער שאָטן די גרויסע שאָטן־פאַבריקאַנטן. מען האַנדלט אפילו מיט די וואָלקנס פון הימל. ווער עס נעמט אַראָפּ אַ פאָטאָגראַפיע פון די וואָלקנס, קען דערנאָך פאַרקויפן זייער שאָטן צו דער שאָטן־אינדוסטריע.

מיט אַ גרויזאַמער איראָניע שילדערט ער דעם מצב פון פילם־פּראָלעטאַ־ריאַט, די סטאַטיסטן, וועלכע מען דאַרף טיילמאָל האָבן פאַר גרויסע מאַסן־סצענעס. מען דאַרף טיילמאָל האָבן אַ גרויסע מאַסע פון סטאַטיסטן — דאָס שאָטן־פאָלק, וועמעס שאָטן מוז וווינען אין אַ פּאַלאַץ. און עס קומט פאָר, אַז די דאָזיקע מענטשן, וועמעס שאָטן וווינען אין פּאַלאַצן, האָבן נישט ווו איבער־צונעכטיקן אַ נאַכט. זייער שאָטן איז אין פּאַלאַץ און זיי נעכטיקן אין דרויסן.

און וועגן גאָט אין אַמעריקע שרייבט ראָט:

„אַ טייל מענטשן אין דעם דאָזיקן לאַנד זענען גאָרנישט גאָטס קינדער, נאָר גאָטס פּלימעניקעס — די ירושה־פּלימעניקעס.

„די אָרימע בעטן ביי גאָט געלט און די רייכע בעטן נאָך מער געלט.

„און טיילמאָל טוט גאָט אין דעם דאָזיקן לאַנד אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ רייכער פעטער. אַ טייל אָרימע גיט ער געלט און אַ טייל רייכע גיט ער נאָך מער געלט.

„ער פארמערט די קוימענס פון די פאבריקן און די נדבות פון די בעט־לער. ער פארהארטעוועט דאָס הארץ פון די הארטע און ער צעברעכט טײלמאָל דאָס הארץ פון די ווייכע און ער גיט די, וואָס האָבן שוין עפּעס, און ער נעמט ביי די, וועלכע האָבן גאָרנישט.

„דאָס זענען זיינע באזונדערע געזעצן אין יענעם לאַנד"...

און די אַמעריקאַנער פרייהייט — „שטייט אַלס אַ סטאַטוע פאַר די טויערן פונעם לאַנד; מען האָט זי אַרויסגעשטעלט פאַר דער טיר, און זי איז פאַר־שטיינערט געוואָרן".

איך קען מיר נישט דערלויבן אַפילו נאָר קורץ צו סקיצירן די פאַרשידענע אַנדערע רעפּאָרטאַזשן פון ראָטס בוך. איך וויל נאָר דערמאָנען דאָס קאַפּיטל „די ברכה פון דער ערד: נאַפט, קאַלי, גיפּס". אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל שילדערט ראָט קודם־כל אַ געגנט, וווּ עס געפינען זיך אין דער ערד רייכע קוואַלן פון ערד־אויל. לויט אַלע סימנים ווייזט אויס, אַז ראָט רעדט דאָ וועגן דער גאַליצישער נאַפט-געגנט דראָהאָביטש־באָריסלאַוו. ראָט ווייזט אונדז דאָ דעם גאַנצן קאָנ־טראַסט פון דער אָרימקייט פון די אַמאָליקע באַזיצער פון דער דאָזיקער „גע־בענטשטער ערד" און די ריזיקע פאַרדינסטן, וועלכע עס ציען אַרויס פון דעם פרעמדן באָדן די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן, וועלכע האָבן „שנעל אַריינגע־לייגט מיליאָנען, כדי לאַנגזאַם אַרויסצונעמען מיליאַרדן". די באַאַמטע אָבער פון די ריזיקע אונטערנעמונגען זענען נישט זיכער מיט דעם מאָרגנדיקן טאָג. אַ פּאָר הערן אין אויסלאַנד פאַרזאַמלען זיך און באַשליסן צו פוזירן זייערע אונ־טערנעמונגען און הונדערטער באַאַמטע בלייבן אָן ברויט.

און אַזוי איז אויך מיטן דאָרף, וווּ מען האָט פּלוצים אַנטדעקט קאַלי אין זיין באָדן. באַלד באַווייזן זיך הענדלער און קויפן אָפּ דעם באָדן ביי די פּויערים „פאַר אַ סך געלט". שפּעטער צאָלן זיי־צו נאָך געלט און קויפן אויך אָפּ דעם צעמענטער: דעם רו־פּלאַץ פון די טויטע, וועלכן די פּויערים האָבן פריער נישט געוואָלט פאַרקויפן. אין מיטן דעם צעמענטער שטייט די דאָרפס-קירכע. און ווען די פּויערים פאַרזאַמלען זיך צום לעצטן געבעט, כדי זיך צו געזעגנען מיט זייער קירכע, אַרבעט שוין אין דרויסן די גראָב־מאַשין, כדי וואָס גיכער צוצוקומען צו דעם מינעראַלן אוצר. און פּלוצים פאַלט־איין דער דאַך פון דער קירכע מיט דעם גלאָק, מיט דעם צלם און פיר הונדערט מענטשן ווערן פאַרשיט אין קאַלי־גרוב. „פון די גלאָקן — שרייבט ראָט — מאַכט מען קאַנאָנען, פון די 400 טויטע מאַכט מען אַמאָניאַק, און מיט דעם אַמאָניאַק פאַרגיפטעט מען די שונאים".

:: :: ::

אַזאַ מין בוך איז ראָטס „אַנטיקריסט". ס'איז אין אַ טייל קאַפּיטלען אינ־טערעסאַנט ביז גאָר און אין אַנדערע מאָדנע ביז גאָר. און אין דעם איז שול־דיק דער אַנטיקריסט. די גאַנצע קאָנצעפּציע פון אַנטיקריסט, פון צוטשעפּען דעם

קריסטלעך-דאָגמאַטישן אַבערגלויבן וועגן אַנטיקריסט צו אַ קריטיק פון די סאָ-ציאַלע, שטאַטס-פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון אונדזער צייט, איז אין עצם אַ פאַלשע. און צי דער אַנטיקריסט איז טאַקע שולדיק אין אַלע מענטש-לעכע צרות און אין אַלע פאַרברעכנס, אין וועלכע עס באַשולדיקט אים ראָט, דאָס לאָזט זיך נישט באַווייזן. אָבער זיכער איז דער אַנטיקריסט שולדיק אין פאַרדאַרבן צום טייל אַ גוטן געדאַנק אין אַ בוך, וועלכער האָט געקענט זיין אינגאַנצן אַ גוט בוך. דער אַנטיקריסט איז פשוט אַריין אין יאָזעף ראָטן.

:: :: ::

ס'איז איבעריק צו באַווייזן, אַז סיי פון ליטעראַטור-עטישן, סיי פון טאַק-טישן שטאַנדפּונקט דאַרף אַ יידישער שרייבער זיך היטן זיך צו באַנוצן מיט דער קריסטלעכער פּאַראַבאָליק אין אַזאַ אויסגעשפּראָכן-קריסטלעכער פאָרם, ווי יאָזעף ראָט האָט דאָס געטון אין זיין „אַנטיקריסט". וואָרום אויב אַ ייִד פאָר-מולירט אַלץ וואָס איז שלעכט און געמיין אין דער וועלט, קומט פונעם אַנטי-קריסט, הייסט דאָס דאָך זיך שטעלן אינגאַנצן אויפן יסוד פון דער קריסטלע-כער דאָגמאַטיק. וואָרום אויב אַלץ שלעכטע קומט פונעם אַנטיקריסט, איז דאָך דער סימבאָל פון קריסטנטום די פאַרקערפּערונג פון אַלעם גוטן. צו שרייבן — דערצו נאָך אין אַזאַ דעמאָנסטראַטיווער פאָרם פון אַ „וואָרנונג און אַ מאָנונג" — מעג דאָס טון אַ מענטש, וועלכער איז אַליין נישט קיין קריסט?

דאָס דאָזיקע באַנוצן זיך מיט דער דאָגמאַטישער לעגענדע פונעם אַנטי-קריסט, איז נאָך פאַרדריסלעכער צוליב דעם, וואָס יאָזעף ראָט דערמאָנט אין זיין בוך אָפּטמאָל אַן אַנדערע לעגענדע, אונדזער יידישע לעגענדע פון די ל"ו צדיקים. אונדזערע ל"ו צדיקים זענען די סימבאָליזירונג פון גוטסקייט, פון רחמנות מיטן זינדיקן מענטשן, און טאַקע פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט — אַ גערעכטיקייט, וואָס שטיצט זיך אויף רחמנות.

און דער אַנטיטעזיס פון די ל"ו צדיקים איז נישט דווקא דער אַנטיקריסט. עס קען צומאָל זיין, און אין דער געשיכטע איז דאָס אָפּט געווען — דער קריסט.

:: :: ::

דער אויטאָר פונעם „אַנטיקריסט" ברענגט אין זיין בוך אויך אַ רעפּאָר-טאַזש וועגן די יידן. דאָס הייסט „דער הער פון די טויזנט צונגען" האָט אים געשיקט צו די יידן. און ער הייבט אָן זיין באַשרייבונג אַזוי:

„עס שטייט געשריבן, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק וועט זיין צעזייט און צע-שפּרייט צווישן אַלע פעלקער פון דער ערד. זיי האָבן אַלזאָ נישט קיין אייגן לאַנד. און, וועלנדיק דאָס דאָזיקע פאָלק באַזוכן, ווייסט מען נישט, וווהין מען זאָל גיין. אומעטום, צווישן אונדז אַלעמען זענען מיר יידן. וווהין-זשע זאָל מען גיין, כדי צו זען נאָר יידן?

„דער הער איבער די טויזנט צונגען האָט געזאָגט: גייט דאָרט, ווו די יידן לעבן צוזאַמענגעשטופּט אין דערפער אָדער אין קליינע שטעטלעך.

„איך בין אַלזאָ געגאַנגען צו די יידן.

„און איך האָב דאָרט געטראָפן מענטשן, וועלכע זענען געווען יידן, דאָס הייסט אַלע האָבן זיי גערופן יידן. אָבער איך האָב נישט געזען קיין אונטער־שיד צווישן זיי און די אַנדערע מענטשן, סיידן אין געוויסע מנהגים פון לעבנס־שטייגער און אין דער רעליגיע".

און ער שרייבט צום „העַר איבער די טויזנט צונגען", אַז ער איז נישט אומשטאַנד די יידן אַלס אַ באַזונדער פאָלק צווישן די אַנדערע פעלקער צו באַטראַכטן.

אָבער ער לאָזט זיך דאָך אַריין אין אַ באַטראַכטונג איבער די יידן:

„איך האָב געזען קודם־כל, אַז מען באַטראַכט די יידן אַלס אַ באַזונדער פאָלק, ווייל אין זייער שוים איז צום ערשט געבוירן געוואָרן דער געדאַנק, אַז אַלע פעלקער פון דער וועלט, פון דער גאַנצער וועלט, זענען גלייכע קינדער פון גאָט.

„און טאַקע דערפאַר, ווייל זיי האָבן די ערשטע געזאָגט, אַז אַלע מענטשן און אַלע פעלקער זענען גלייכע קינדער ביי גאָט, זאָגט מען זיי, אַז די יידן האַלטן זיך פאַר באַזונדערע גאָטס קינדער.

„וואָרום אַזוי איז אין דער דאָזיקער וועלט, אין וועלכער עס הערשט דער־ווייל דער אַנטיקריסט: אַז די מענטשן, וועלכע זאָגן, אַז זיי ווילן דאָס גוטע, ווערן באַשולדיקט אין אַלעם שלעכטן.

„די אַלטע יידן האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען גאָטס אויסדערוויילט פאָלק.

„אָבער צו וועלכן צוועק האָבן זיי דאָס געזאָגט?

„צום צוועק, צו געבוירן דעם דערלייזער, יעזוס קריסטוסן, וועלכער איז געשטאָרבן אויפן צלם פאַר אַלע מענטשן פון דער וועלט.

„די גאווה פון די יידן איז אַלזאָ אין אמתן עניוות".

און ווייטער:

„די יידן זענען אַלזאָ דאָפּלט אויסדערוויילט: ערשטנס, ווייל זיי האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך יעזוס קריסטוסן; צווייטנס, ווייל זיי האָבן אים פאַר־לייקנט. די יידן זענען אַלזאָ אויסגעקליבן געוואָרן אַרויסצוגעבן פון זיך דעם דערלייזער און אים דורך זייער לייקענען אין אים, צום דערלייזער צו מאַכן".

און אָט אין דעם קריסטלעך־דאָגמאַטישן טאָן גייט עס ווייטער. עס איז אַ מין קריסטלעכע אַפּאָלאָגיע, געשריבן פון אַ ייִדן. און ווען מען רעדט וועגן אַפּאָלאָגיע, מעג מען פרעגן: צי קען דאָס נוצן קעגן אונדזערע פריינט? איך גלויב נישט. אויף פרומע קריסטן און אפשר אפילו אויף סתם קריסטן קען מען נישט ווירקן מיט אַזעלכע ביכער ווי יאָזעף ראָטס „אַנטיקריסט". און פאַר יידישע לייענער איז דער גאַנצער ענין מיטן אַנטיקריסט נאָר אַ גייסטיקע און מאָראַלישע פאַרגוואַלטיקונג. און מען לייגט אַרויס פון האַנט י. ראָטס בוך מיט אַ פאַרדרוס: אַ גוט בוך, ווען אין זיין אויטאָר זאָל נישט געווען אַריין דער דיבוק פון דעם „אַנטיקריסט".

# פראַנץ ווערפעל, דער טשעכאָסלאָוואַק

פראַנץ ווערפעל איז געשטאָרבן. מיט אים גייט אוועק פון דער וועלט אַ גרויסער דיכטער — נאָר פרעגט מיך נישט אַ וואָסערער. פראַנץ ווערפעל האָט געשריבן זיינע ווערק אין דער דייטשער שפּראַך, וועלכע איז געווען זיין מוטער־שפּראַך. און דאָך איז נישט קלאָר, צי איז פראַנץ ווערפעל געווען אַ דייטשער דיכטער?

פראַנץ ווערפעל איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1890 אין פּראַג, די הויפּט־שטאָט פון בעהמען, דאַן ווען דאָס לאַנד איז געווען אַ טייל פון עסטרייך. פּראַג איז געווען די שטאָט פון דער עלטסטער דייטשער אוניווערזיטעט, אָבער אין די יאָרן פון פראַנץ ווערפעלס יוגנט האָבן די דייטשן געבילדעט נאָר אַ קליינע מינאָריטעט אין פּראַג, אומגעפער אַ 50.000 נפשות. אין פּראַג פלעגן די טשעכן אין יענע יאָרן אָפט איינאָרדענען אַנטי־דייטשע דעמאָנסטראַציעס קעגן דער חוצפּהדיקער אויפפירונג פון די דייטשע סטודענטן. ביי די דאָזיקע דעמאָנ־סטראַציעס, ביי וועלכע די טשעכן פלעגן זינגען זייער ליד „הראָם אַ פּעקלאָ" (דונער און גיהנום) פלעגט מען איבערפאַלן און צעשלאָגן יידן אין די גאַסן און צעראַבירן יידישע געשעפטן, ווייל כאָטש די דייטשן פון פּראַג זענען אין פראַנץ ווערפעלס יוגנט־יאָרן שוין אַלע געווען אַנטיסעמיטן, זענען אָבער די פּראַגער יידן געווען אויף אַזוי פיל פּאָליטיש נאַריש, וואָס זיי האָבן פּאָליטיש און קול־טורעל געשטיצט דאָס דייטשטום און נישט ווייניק, באַוווסט און אומבאַוווסט צוגעהאָלפן צוצוגעבן אַ מער דייטשן כאַראַקטער דער שטאָט פּראַג. פאַר דעם דאָזיקן דייטשטום זייערן האָבן די פּראַגער יידן נישט איינמאָל באַקומען אי־בערן קאָפּ, בעת די דייטשן האָבן זיי געהאַסט אַלס יידן.

נאָר וואָס האָבן זיי געזאָלט טון די פּראַגער יידן? און די יידן פון בעהמען און מערען בכלל? לאָמיר זיין גערעכט און לאָמיר אָנערקענען, אַז זיי האָבן קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט. וואָרום פון דער אַלטער יידישקייט מיט דער יידי־שער שפּראַך זענען די בעהמיש מערישע יידן שוין פון לאַנג געווען אָוועקגע־גאַנגען. אין דער תקופה פונעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן ליבעראַליזם האָבן זיי זיך אַסימילירט און אויף אַ נאַטירלעכן אופן אָנגעהויבן צו רעדן דייטש און אָנגענומען דייטש אַלס זייער מוטער־שפּראַך. מען דאַרף דערביי געדענקען, אַז

טשעכיש איז נאָך דאַן נישט געווען אַזוי אַנטוויקלט און פאַרשפּרייט. אַפילו דער טשעכישער נאַציאָנאַלער היסטאָריקער פּאַלאַצקי האָט אָנגעשריבן די געשיכטע פון זיין פאָלק אין דייטש. אויך אַ טייל פון דער טשעכישער אַריסטאָקראַטיע איז געווען שפּראַכלעך אַסימילירט. האָבן די יידן אין טשעכישע לענדער זיך געזאָלט פאַרשליסן אין די ענגע ראַמען פון דער טשעכישער שפּראַך? דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונגס־וועג פון די יידן איז שטענדיק אין דער ריכטונג פון אַ ברייטער גרויסער וועלט. דייטש איז דאַן געווען די פאַרשטענדיקונגס־שפּראַך פון אַלע עסטרייכישע פעלקער, דייטש איז געווען די שפּראַך פון גאַנץ צענטראַל־אייראָפּע און פון אַ גרויסן טייל פון מזרח־אייראָפּע. האָבן די יידן אויף אַ נאַטירלעכן וועג זיך איינגעלעבט אין דער דייטשער שפּראַך.

און אַזוי האָבן די יידן, ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, פאַרשטאַרקט נישט בלויז די קולטור־פּאָזיציע פון דער דייטשער שפּראַך נאָר אויך די פּאָליטישע און סאָציאַלע פּאָזיציע פון די דייטשן אין אַזעלכע שטעט און פּראָווינצן, ווו די דייטשן זענען געווען אַ קליינע מינדערהייט. יידן זענען געווען די אַבאָנענטן און לייענער פון דייטשע צייטונגען אין פּראַג און אַ היפּש ביסל אויך די רעדאַקטאָרן. יידן האָבן באַצאָלט דאָס דייטשע טעאַטער אין פּראַג און יידישע סטודענטן האָבן שטודירט אין דער דייטשער אוניווערזיטעט אין פּראַג און אין די דייטשע טעכנישע הויך־שולן אין פּראַג און אין ברין. און דערפאַר זענען זיי געהאַסט געוואָרן פון די דייטשן — אַלס יידן, און פון די טשעכן אַלס יידן און דייטשן.

אָבער אין דער פּראָזאַאישקייט פון דעם דאָזיקן אַסימילאַטאָרישן לעבן זענען געבוירן געוואָרן שריפטשטעלער און דיכטער און וויסנשאַפטלער, וועלכע האָבן געשריבן אין זייער שפּראַך — דייטש. זיי האָבן געשריבן אין דער שפּראַך פון אַ פאָלק וואָס איז נישט געווען זייער פאָלק און נישט אַפילו דאָס פאָלק פון זייער געבורטסלאַנד. מילאַ פּריער, זענען זיי געווען עסטרייכישע שרייבער, עסטרייכישע דיכטער. עסטרייך איז געווען אַ מלוכה פון פאַרשידענע פעלקער, האָט אויך געקענט עקזיסטירן אַזאַ אינטעלעקטועלע גרופּע ווי דייטש־רעדנדע און דייטש־שאַפנדע יידן אָדער יידן פון דייטשער קולטור; אָבער נאָך דער אָפּטיילונג פון די טשעכישע לענדער פון עסטרייך, נאָך דער קאָנסטיטואירונג פון טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק האָט דאָס קולטור־דייטשטום פון די יידישע אינטעלעקטואַלן און קינסטלער אין טשעכיע באַקומען אַ מאָדנעם כאַראַקטער. צו וועמען האָבן זיי געהערט די דאָזיקע הוגאָ סאַלוס, מאַקס בראָד, פראַנץ ווערפעל און פראַנץ קאַפקאַ? פראַנץ קאַפקאַס פערזענלעכער פּראָבלעם איז געלייזט געוואָרן דורך זיין יונגן טויט. אָבער קאַפקאַס דיכטעריש ווערק איז נישט טויט. עס לעבט און לעבט־אויף אין פרעמדע שפּראַכן. טאָ וועמעס איז ער, פראַנץ קאַפקאַ און פראַנץ ווערפעל און מאַקס בראָד און דער וויינער באַקאַנטער הוגאָ סאַלוס?

וועמעס איז זייער ליטעראַריש דיכטעריש ווערק? איז עס דייטש, עסטרייכיש אָדער גאָר טשעכאָסלאָוואַקיש?

מילא מאַקס בראָד האָט באַצייטנס געפונען אַ לייזונג פאַר זיין גייסטיקער פּראָבלעם: ער איז אַ ייד און היינט לעבט ער אין תל-אביב און ער לעבט זיך אויס קולטורעל אין דער גייסטיקער סביבה פון דער נייער ארץ ישראל פּונקט ווי זיין לאַנדסמאַן הוגאָ בערגמאַן, דער פּראָפעסאָר אין דער ירושלימער אוני-ווערזיטעט. די אַנדערע אָבער, און צווישן זיי אַ דיכטער פון אַזאַ פאַרנעם ווי דער אויטאָר פון די „פּערציק טעג פון מוסאַ דאַג" איז דיכטעריש און גייסטיק אַ היימלאָזער.

אַ נעקראָלאָג וועגן פראַנץ ווערפעל אין „לאַ פּרענסאַ" הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„אין דער טשעכאָסלאָוואַקישער ליטעראַטור איז דער נאָמען פון פראַנץ ווערפעל אַ זייער געשעצטער. אַלס דיכטער קאָן מען אים באַטראַכטן אַלס דעם איינציקן פון זיין נאַציאָנאַליטעט. צווישן די פּראָזע-שרייבער גייט זיין נאָמען פּאַראַלעל מיט דעם פון אַן אַנדערן גרויסן טשעכישן שרייבער „פראַנץ קאַפקאַ".

אַלזאָ דאָ האָט איר עס: פּלוצים ווערט פראַנץ ווערפעל אַריינגערעכנט אין דער „טשעכאָסלאָוואַקישער ליטעראַטור" — אַ זאַך וואָס איז גאָרנישט בנמצא, וואָרום עס זענען פאַראַן צוויי ליטעראַטורן, אַ טשעכישע און אַ סלאָוואַקישע און פראַנץ ווערפעל געהערט נישט צו קיינער פוןביידע. און אויך פראַנץ קאַפקאַ איז נישט געווען קיין טשעכישער פּאָעט.

איז פראַנץ ווערפעל געווען אַ דייטש? נו, לויט זיין שפּראַך, זיין ליטעראַ-רישער דערציאונג און לויט זיין דיכטערישער שאַפונג האָט ער געהערט צום דייטשן קולטור-קרייז — צו יענער דייטשער קולטור וועלכע האָט באַקומען פאַר-נעם נאַציאָנאַל-סאָציאַליזם דעם טויט-קלאַפּ.

עס קאָן זיין אַז פראַנץ ווערפעל האָט וועגן זיין נאַציאָנאַליטעט געטראַכט אַזוי ווי היינריך היינע וועלכער זאָגט ערגעץ, אַז „אַזוי ווי גאָט דער באַשעפער אַזוי שטייט אויך דער דיכטער, דער נאָכשאַפער, איבער אַלע פּאַרטייען" — דאָס הייסט איבער אַלע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אָפּגרעניצונגען. אָבער אין אונדזערע צייטן איז אַזאַ מין געטלעכער קאָסמאָפּאָליטיזם אוממעגלעך. יעדער מענטש מוז צו עמיצן געהערן — באַזונדערס דער דיכטער.

וועגן פראַנץ ווערפלען איז געווען אַ קלאַנג אַז ער איז געווען געשמדט. ער האָט דעם קלאַנג אָפּגעלייקנט און ער האָט איינמאָל אין אַן ארבעט אָנגעוויזן אויף די עטישע סיבות פונעם דייטשן אַנטיסעמיטיזם. אין דער דאָזיקער אַר-בעט האָט ווערפעל פאַרטראָטן אַ דורכאויס יידישן שטאַנדפּונקט.

זיכער איז ביים אויטאָר פון „פּאַאולוס צווישן די יידן" געווען אַ שטאַר-קער יידישער באַוווסטזיין. און אויך דאָס גרעסטע ווערק פון פראַנץ ווערפלען, „די פערציק טעג פון מוסאַ דאַג", כאָטש עס האַנדלט זיך דאָרט וועגן דער בלוט-

מיקער אויסראָטונג פון די ארמענער דורך די טערקן, איז דאָך אין עצם, לויט זיין קינסטלעריש-עטישן כאראקטער א יידיש ווערק — דאָס ווערק פון א דיכ-טער וועלכער האָט א קרובהשאפט מיט די נביאים.

אָבער מיט זיין „געזאַנג פון בערנאַדעט" האָט פראַנץ ווערפעל דערגרייכט די העכסטע לויב-געזאַנגען פון דער רעליגיעז-קאַטוילישער פרעסע, און דאָס איז פאַר א דיכטער א ייד נישט קיין געוועגלעכע זאַך.

פראַנץ ווערפעלס טויט איז א גרויסע אבידה פאַר דער ליטעראַטור. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 55 יאָר. אָבער זיין ליטעראַרישע ירושה איז נישט קליין.

# פרידריך יוליוס שטאהל

— 1 —

צווישן אַלע משומדים, וועלכע האָבן זיך דערהויבן צו אַ הויכער סאָציאַלער און פּאָליטישער פּאָזיציע, איז דער בייערישער ייד פרידריך יוליוס שטאהל געווען דער פּסיכאָלאָגיש סאַמע קאָמפּליצירטסטער טיפּ. ער איז געווען, קאָן מען זאָגן, דער מוסטער פון אַ מענטשן, וועלכער איז אַרויסגעשפּרונגען פון זיין אייגענער הויט און איז דאָך געבליבן אין עצם דאָס, וואָס ער איז געווען.

פרידריך יוליוס שטאהל איז געווען דער זון פון פרומע יידישע עלטערן. זיין פאָטער, אַן אָרטאָדאָקסישער ייד, האָט דערצויגן זיין זון לויטן דעמאָלסטיקן יידישן שטייגער אין דייטשלאַנד, ביי די קוואַלן פון דער תורה און תלמוד. דער יונגער פרידריך (אויף יידיש האָט מען אים וואָרשיינלעך גערופן פייטל) האָט אין אַ קורצער צייט אויך דורכגעמאַכט דעם בילדונגס־פּראָגראַם פון גימנאַזיע. און ווייל עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז אַלס ייד וועט ער האָבן שוועריקייטן ביים עקזאַמען, האָט ער זיך, אַלס 17־יעריקער, געשמדט.

דאָס איז געווען אין יאָר 1819, ווען אַ כוואַליע פון יידן־האַס האָט אויפגעררודערט גאַנץ דייטשלאַנד. בעת די רעגירונגען און די פירשטן און אפילו מעטערניך, דער פאָטער פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע, זענען געווען גענייגט צו געבן די יידן בירגערלעכע רעכט, האָבן זיך די דייטשע שטעט, באַזונדערס דאָס קליינבירגערטום געוועהרט קעגן דעם מיט אַלע מיטלען. די אידעאָלאָגן פונעם קליינבירגערטום האָבן אויפגעפרישט קעגן די יידן די אַלטע טענות און רכילות פונעם מיטלאַלטער. אַ פּראָפעסאָר פון דער בערלינער אוניווערזיטעט, פרידריך ריס, האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך, אין וועלכן ער האָט געפאָדערט, אַז אויב מען קאָן נישט די יידן אַרויסטרייבן פון דייטשלאַנד, זאָל מען זיי נישט לאָזן לעבן און ווי ווייט מעגלעך דערנידעריקן. צווישן אַנדערן האָט דער דאָזיקער פּראָפעסאָר געפאָדערט, אַז מען זאָל צוריק איינפירן דעם יידן־שטייער און אַז יידן זאָלן מוזן טראָגן אַ געלע לאַטע, כדי מען זאָל זיי דערקענען. אַן אַנדערער פּראָפעסאָר פון נאַטור־וויסנשאַפטן, פרידריך פריעס, האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך, אין וועלכן ער האָט „באַוויזן", אַז דער וווילשטאַנד און דער כאַראַקטער פון די דייטשן ווערט באַדראָט דורך די יידן. און ער איז געקומען צום אויספיר, אַז מען דאַרף די יידן אויסראָטן ביז צום שורש.

די שאַרפסטע פאָרמען האָט די אַנטיסעמיטישע העצע דעמאָלט אָנגענומען אין בייערן, באַזונדערס אין פראַנקען, איצט דער צענטער פון דעם יידן־פרעסערישן מערזאַוויעץ, שטרייכער. צוליב דעם, וואָס דער קעניג מאַקסימיליאַן יאָזעף האָט אָנגענומען דעם באַשלוס צו באַפרידיקן די פאָדערונגען פון די יידן, אָפּצושאַפן דעם יידן־פיינטלעכן עדיקט פון יאָר 1813, און צו געבן די יידן גלייכע בירגער־לעכע רעכט, האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקע אַנטי־יידישע העצע, אָנגעפירט פון די קריסטלעכע סוחרים און קרעמער, אַ העצע, וועמענס רעזולטאַט זענען געווען פאָגראָמען אין מערערע שטעט. דער ערשטער פאָגראָם איז געווען אין ווירצבורג. דערנאָך זענען פאָרגעקומען פאָגראָמען אין באַמבערג און אין מע־רערע שטעט פון פראַנקען (פראַנקאָניאַ).

ווען מען לייענט די געשיכטע פון די דאָזיקע פאָגראָמען, מוז מען, נישט־ווילנדיק, פאַריכטן אַ היסטאָרישן טעות: די טעכניק פון פאָגראָמען איז נישט קיין דערפינדונג פון דער צאַרישער אָכראַנע: דאָס איז „דייטשע טעכניק". אין יענע פאָגראָמען אין בייערן איז מען איבערגעפאַלן די יידישע קלייטן און קראָ־מען, אַרויסגעוואָרפן אין גאַס די סחורה, פאַרניכטעט און געראַבירט. און ווען די יידן האָבן זיך געפּרוווט פאַרטיידיקן, האָבן די דייטשן זיי געשלאָגן און גע־הרגעט.

און אָט אין יענעם פאָגראָם־יאָר, 1819, האָט דער 17־יעריקער גמרא־בחור, שלעזינגער, זיך געשמדט. פון דעם אָרטאָדאָקסישן ייד איז געוואָרן אַן אָרטאָדאָקסישער פּראָטעסטאַנטישער קריסט. פון שלעזינגער איז געוואָרן שטאַהל — פרידריך יוליוס שטאַהל, דער אידעאָלאָג פון „קריסטלעכן שטאַט", דער קעמפער פאַרן אַבסאָלוטן קעניגטום „פון גאָטס גנאָד", דער פירער פון פעאָ־דאַלן פּרייסישן יונקערטום.

— 2 —

צען יאָר נאָך דעם שמד, אין יאָר 1829, איז אַרויס שטאַהלס בוך „די געשיכטע פון דער רעכטס־פילאָזאָפיע". אין דעם דאָזיקן בוך האָט דער דעמאָלט 27־יעריקער יונגערמאַן שוין אַרויסגעוויזן זיין פולקאָם רעאַקציאָנערן פּרצוף. ער שטעלט זיך דאָרט אַרויס אַלס אַ שטרענגער קעגנער פון ראַציאָנאַליזם און פון אַלע „ספּעקולאַטיווע" מעטאָדן. שטאַהל געפינט זיך אונטער דער השפּעה פון די נעפּלדיקע טעאָלאָגישע אידייען פון דעם פילאָזאָף שעלינג. אָנשטאָט דעם ראַציאָנעלן דענקען שטעלט שטאַהל אַוועק עפּעס אַ לאָגיש נישט דעפינירטע מיסטישע „איבערצייגונג", די איבערצייגונג אַז אין דער מלוכה דאַרף הערשן דער פעאָדאַלער יונקער אונטערן שוץ פון אַ קעניג „פון גאָטס גענאָד" און פון דער קירכע. די דאָזיקע „איבערצייגונג" אַנטוויקלט שטאַהל נאָך אויספירלע־כער אין זיין צווייטן ווערק, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1838, און אין וועלכן ער באַגרינדעט זיין סיסטעם פון „קריסטלעכן שטאַט".

שטאהלס „איבערצייגונג" און זיין גרונט-געדאנק איז, אז ס'איז דא א בורא־עולם, א גרויסער גאט, וועלכער איז דער האר איבער אלעמען. אין דער וועלט פאסירט גאר נישט אן גאטס ווילן. גאט פירט־אן מיט דער מענטשלעכער געשיכטע. גאט ווייזט־אן יעדן מענטשן דעם פלאץ, וועלכן ער דארף פארנעמען אין דער וועלט און אויף גאטס ווילן שטיצט זיך דער שטאט און די קירכע. דאס הייסט, אז דער שטאט מיט זיינע געזעצן, מיט זיינע רעגירער, מיט דער שטאטס-געוואלט זענען פון גאט און קעגן גאט טאר מען זיך נישט אקעגנשטעלן.

ווי מען זעט, איז די גאט־אידייע ביי שטאהלן אין עצם אן ארטאדאקסיש־יידישע. נאר וואס דער גאט פון ישראל ווערט ביי שטאהלן א גאט פון די פעא-דאלע קלאסן. דער אלטער שומר ישראל ווערט ביי שטאהלן פארוואנדלט אין א היטער פון דער פאליצייאישער ארדענונג פון די אלטע סאציאלע קלאסן און מאכטן. און דער אלמעכטיקער גאט איז מאכטלאז אקעגן דער קרומער פילא־זאפיע פון פרידריך יוליוס שטאהל, דעם געוועזענעם יידן, וועלכער וויל מיט געוואלד מאכן פון גאט א שותף פון די אריסטאקראטן, באראנען און פעאדאלן.

ס'איז מאדנע, און מען וואלט פון דאנען געקענט אנטוויקלען אן אפיקור-סישן געדאנק, ווי אנמעכטיק ס'איז דער אלטער אלמעכטיקער גאט קעגן גע־וויסע שטאטס־פילאזאפן און פאליטיקער, וועלכע שלעפן אים אריין אין פרעמ-דע ביזנעס. ווארום פארוואס גאט זאל דווקא ווילן, אז עס זאלן עקזיסטירן מלוכות מיט שלעכטע געזעצן מיט א שלעכטער ארדענונג, איז, באמת, פאר גאט־גלויביקע און גאט־געטרייע מענטשן נישט פארשטענדלעך. א וואסערן אינ־טערעס קאן גאט האבן, אז עטלעכע צענדליק אדער עטלעכע הונדערט משפחות זאלן באזיצן דעם גאנצן רייכטום פון א לאנד און דאס גרויסע צאלרייכע פאלק זאל לעבן אין דחקות און אין נויט?

אט דאס איז אבער שוין געווען דאס נישט-יידישע אין שטאהלס גאט-גלויבן. ווארום שטאהל איז ארויסגעגאנגען צו פארטיידיקן דעם עקזיסטירנדיקן קלאסן־שטאט פון פעאדאליזם און פון אריסטאקראטן-הערשאפט און ער האט ארום דעם דאזיקן שטאט אויפגעבויט פעסטונגען: די קריסטלעכע קירכע, וועל־כע איז דאך באשאפן געווארן פון גאט און — טאקע, גאט אליין. אט דערצו איז נייטיק געווען מבטל צו זיין דאס ראציאנאליסטישע דענקען און זיך צו שטיצן אויף א מיסטישער „איבערצייגונג", וועלכע „מען דארף נישט בא-ווייזן", — ווייל מען קאן זי נישט באווייזן.

שטאהל זעט אלזא די עקזיסטירנדיקע מלוכה־ארדענונג אלס א באשטימטע פון געטלעכן רצון. די מענטשן מוזן אנערקענען און רעספעקטירן גאטס ווילן. ווארום דער מענטש איז בטבע שלעכט — כי רע לב האדם — און דערפאר מוז עקזיסטירן א שטארקער שטאט מיט שטרענגע געזעצן און א שטרענגער ארדענונג, אז די מענטשן זאלן זיך מוזן האלטן אין דער מעלה. אין דעם דאזיקן שטאט פון גאטס ווילן דארף הערשן א קעניג פון גאטס גנאד, שטיצנדיק זיך

אויף אַ קאָנסטיטוציע, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס גאָטס ווילן. עס מעג זיין אַ פּאַרלאַמענט אין אַזאַ מלוכה — גאָט איז נישט קעגן פּאַרלאַמענט — אָבער דער פּאַרלאַמענט דאַרף נאָר האָבן אַ רעכט צו רעדן און צו געבן עצות דעם קעניג, אָבער נישט אָנצונעמען באַשלוסן. וואָרום דאָס האָט שוין גאָט נישט ליב. וואָרום אויב דער קעניג איז „קעניג פון גאָטס גנאָד", איז פאַרשטענדלעך, אַז די פּאַרלאַמענטן טאָרן זיך נישט שטעלן איבער דער גנאָד פון גאָט.

שטאַהלס מיסטישע אידייען און שטאַטס-טעאָריעס זענען שטאַרק צונויפגעקומען די רעאַקציאָנערע קרייזן פון יענער צייט. אַלס דרייסיק-יעריקער יונגערמאַן איז ער נאָמינירט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר פון אוניווערזיטעט אין ערלאַנגען. באַלד איז ער פון ערלאַנגען גערופן געוואָרן פון אוניווערזיטעט אין ווירצבורג און פון דאָנען האָט אים ערלאַנגען צוריק גערופן אין אַ קורצער צייט אַרום. מען האָט באַדאַרפט צוריק אַרויפפירן אויפן דרך-הישר די דייטשע יוגנט, וועלכע איז אַביסל פאַרדאָרבן געוואָרן פון די געדאַנקען פון העגעל און פיכטע.

נאָך אַ קאָנפליקט מיט דער בייערישער רעגירונג (די פון גאָט באַשטימטע רעגירונג!) איז שטאַהל אַריבער קיין בערלין. דאָ, אויף דער בערלינער אוניווערזיטעט און אין דער בערלינער געזעלשאַפט, אונטערן רעזשים פון קעניג פרידריך ווילהעלם דעם פערטן, איז שטאַהל געווען דער „ריכטיקער מאַן אויפן ריכטיקן פּלאַץ". דער קעניג און די רעגירונג האָבן זיך גענייטיקט אין אַזאַ מענטשן.

קומענדיק קיין בערלין איז שטאַהל געווען שוין אַ פּאַרטיקער, אַ גאַנצער מענטש. ער האָט שוין געהאַט פאַרטיק זיין טעאָריע וועגן דער מלוכה אַלס אַ זאַך פון גאָטס ווילן און פאַרשטענדלעך, אַז אויך די אינסטיטוציע פון דער קירכע איז פון גאָט באַשאַפן געוואָרן און מענטשן מוזן פאָלגן אַלץ, וואָס גאָט הייסט. דאָס מיינט, דאָס וואָס „גוטע און פרומע לייט" הייסן טון. און דער מענטש, וואָס האָט אויפגעשטעלט די דאָזיקע טעאָריע איז נאָך נישט געווען קיין פערציק יאָר אַלט און קוים צוואַנציק יאָר קריסט!

דער געוועזענער בייערישער גמרא־בחור איז אין בערלין געוואָרן די אמתע שטיצע פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע און פון פּרייסישן קעניגס-טראָן. ס'איז דאַן געווען אַן אומרואיקע צייט: די יאָרן פאַר 1848. די לופט האָט געשמעקט מיט רעוואָלוציע, און די מאַכטן פון דער אַלטער וועלט האָבן באַדאַרפט האָבן אַ גייסטיקן כוח, וועלכער זאָל זיי פאַרטיידיקן קעגן דעם שטורם פון די ליבעראַלע אידייען. און ווייל אויף די קאַרטאָפל-פעלדער פון די בראַנדענבורגער געמאַרקן איז קיין גייסט נישט געוואַקסן — ווי עס דריקט זיך אויס אַ דייטשער פּובליציסט — האָבן די פעאָדאַלע פּרייסישע יונקערס געמוזט באַקומען זייער פאַרטיידיקער און קעמפער אין דער פּערזאָן פון דעם געשמדטן יידן, פרידריך יוליוס שטאַהל.

אין רעוואָלוציע-יאָר 1848, איז שטאַהל געוויילט געוואָרן פון די יונקערס

אַלס זייער פֿאָרשטייער אין דער ערשטער פּאַלאַטע (סענאַט). שטאַהל איז צו־געשטאַנען צו דער גרופּע פֿון עקסטרעם־רעכטס, נישט קוקנדיק אויף זיין שמד און אויף זיין רעאַקציאָנערן פּראָטעסטאַנטיזם, האָט דער קליינער און דאַרינ־קער שטאַהל נישט געקענט אָפּמעקן פֿון זיך זיין יידישע צורה. אָבער גייסט, שכל האָט ער פֿאַרמאָגט מער פֿון אַלע זיינע הויכע און ברייט־פּלייציקע טעאַר־טאַנישע באַראָנען און יונקערס, וואָס זענען געווען זיינע קלוב־חברים. און דער־פֿאַר איז ער געוואָרן זייער פֿירער, און זיי, די יונקערס, האָבן גערן אַרויסגע־שיקט אין דער פֿאָדערשטער פֿאַרלאַמענטאַרישער קאַמף־ליניע דעם קליינעם דאַ־רינקן יידן, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט גייסט און אינטעליגענץ מער ווי זיי אַלע צוזאַמען. שטאַהל איז געוואָרן דער רעדנער און קעמפֿער פֿון דער עקסטרעמער גייסטיקער און פּאָליטישער רעאַקציע. די אינסטיטוציע פֿונעם פֿעאָדאַלן אַדעל און פֿון פֿעאָדאַלן באָדן־באַזיץ האָט ער פֿאַרטיידיקט ווי געטלעכע זאַכן, סעגן וועלכע זינדיקע מענטשן טאָרן זיך נישט אַקעגנשטעלן. דעם פּאַרלאַמענט — זוי מיר האָבן שוין פֿריער באַמערקט — האָט ער דערלויבט צו געבן עצות, אָבער חלילה נישט אָנצונעמען באַשלוסן קעגן דער רעגירונג. דאָס רעכט פֿון פּאַרלאַ־מענט צו באַוויליקן אָדער נישט צו באַוויליקן די שטייערן, וועלכע די רעגירונג פֿאָדערט, האָט ער באַטראַכט אַלס אַ מוראדיקע רעוואָלוציע. אַט אַזוי, קאָן מען זאָגן, איז דער ייד שטאַהל געווען דער אידעאָלאָג פֿון דעם מין „פּאַרלאַמענטאַ־ריזם", וועלכער איז היינט געוואָרן דער אידעאַל פֿון אינטערנאַציאָנאַלן פֿאַשיזם.

— 3 —

נאָכן דורכפֿאַל פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 1848, ווען די רעאַקציע האָט צוגענו־מען אין כוח, איז געוואַקסן שטאַהלס באַדייטונג אַלס איר פֿירער און קעמפֿער. שטאַהל איז געווען דער גייסטיקער איניציאַטאָר פֿון אַלע רעאַקציאָנערע און פֿאָלקס־פֿיינטלעכע רעגירונגס־אַקטן פֿון פֿרידריך ווילהעלמען. ער איז געווען דער אויטאָר פֿונעם געזעץ, וועלכעס האָט געגעבן דעם פּרייסישן קעניג דאָס רעכט צו נאָמינירן די מיטגלידער פֿונעם סענאַט („הערן־הויז") אויפֿן גאַנצן לעבן. און פֿאַרשטענדלעך, אַז דער קעניג האָט באַשטימט אַלס לעבנסלענגלעכע געזעץ־געע־בער נישט עפּעס מענטשן פֿון פֿאָלק, נאָר אַריסטאָקראַטן, באַראָנען, דעם שיכט פֿון פֿעאָדאַלן גרויס־באַזיץ. ער האָט אויך דייטלעך אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז די פֿעאָדאַלע יונקערס זענען דאָס דער שיכט, וועלכער דאַרף, לויט גאָטס ווילן, פֿאַרשטייט זיך, אַרומרינגלען דעם קעניג און אים שטיצן ביי זיינע רעגירונגס־געשעפֿטן.

שטאַהל איז געוואָרן דער אינטימסטער באַראַטער פֿונעם קעניג. ער האָט אים משפּיע געווען און אים געשטאַרקט אין אַלע זיינע רעאַקציאָנערע פּלענער. די דאָזיקע השפּעה איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז שטאַהל האָט איינגערעדט דעם גייסטיק־שוואַכן פֿרידריך ווילהעלם, אַז דערמיט וואָס ער האָט נישט געגעב

שטרענג צעשלאָגן דאָס פאָלק אין דער רעוואָלוציע פון 1848, האָט ער זיך פאַר־זינדיקט קעגן גאָט. וואָרום די שווערד פונעם קעניג איז „שווערד פון גערעכטי־קייט", ווייל גאָט האָט זי אים, דעם קעניג, געגעבן די דאָזיקע שווערד.

אָט אזוי האָבן מיר ווידער פאַר זיך גאָט — גאָט אַלס פיינט פון רעוואָלו־ציאָניזם. און פאַר גאָט איז אפּנים נישט קיין נפקא מינה: אַ גערעכטע צי אומ־גערעכטע רעוואָלוציע. פאַר גאָט, ווי באַוווּסט, קאָן דאָך נישט זיין קיין גערעכטע רעוואָלוציע. וואָרום יעדע רעוואָלוציע איז דאָך קעגן גאָט — קעגן דער פון גאָט באַשטימטער מאַכט. אַ רעוואָלוציע איז אַ גרויסע זינד אפילו דאַן, ווען דער אָנפירער פון דער מלוכה־מאַכט איז אַ חסר־דעה — ווי עס טרעפט זייער אָפט ביי אויטאָקראַטן, דיקטאַטאָרן און טיראַנען. און אויך פרידריך ווילהעלם איז געווען אַ גייסטיק קראַנקער. אָבער וואָס קאָן מען טון? אַז גאָט האָט אים פאָרט געגעבן די מאַכט צו רעגירן איבער זיין פאָלק. מעג מען זיך אפשר אַקעגנשטעלן גאָטס ווילן?

אָבער די פעלקער זענען טיילמאָל אַזוי זינדיק, אַז זיי דערזעען אין דעם וואָס מען שטעלט זיי פאָר אַלס „גאָטס ווילן" נישט מער ווי דעם ווילן פון גע־וויסע הערשנדיקע קלאַסן מיט זייער ערדישע, זייער זינדיקע אינטערעסן. אמת, זייער אָפט פאַסירט דאָס נישט אין דער געשיכטע, אָבער ווען די פאַלשע שפּי־לער מיט „גאָטס ווילן" טרייבן שוין צו חוצפּהדיק זייער שעלמישע שפּיל, ווערן די פעלקער טיילמאָל זעענדיק.

אָבער שטאַהל אַליין, דער געוועזענער ייד שלעזינגער, צי איז ער אויך גע־ווען אַ פאַלשער שפּילער? צי איז ער אויסן געווען אָפּצונאַרן מיט זיינע טעאָ־לאָגיש־פּאָליטישע אידייען?

אין דעם באַשולדיקט אים קיינער נישט, אפילו נישט זיינע קעגנער. ער האָט ווייזט אויס געגלויבט אין די אַבסורדע און שעדלעכע אידייען וועלכע ער האָט פאַרשפּרייט און פאַר וועלכע ער האָט געקעמפט זיין גאַנץ לעבן פון זינט ער איז געוואָרן אַ רייפער מענטש. וואָרום, באַשולדיקן אים, אַז ער האָט נישט געגלויבט, מוז מען שטעלן די פּסיכאָלאָגישע און די מאַטעריעלע פראַגע: צו וואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט האָבן?

ניין, פרידריך יוליוס שטאַהל, דער אידעאָלאָג און דער קעמפער פון דעם רעאַקציאָנערסטן יונקערישן קאָנסערוואַטיזם און פון אָרטאָדאָקסישן פּראָטעס־טאַנטיזם, איז נישט געווען קיין שווינדלער. ער האָט זיך ערלעך איינגעגלויבט אין די אַבסורדן, וועלכע ער האָט פילאָזאָפיש באַגרינדעט און פאַר וועלכע ער האָט פּאָליטיש געקעמפט. אָבער ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? אָט דאָס איז די פּסיכאָלאָגישע רעטעניש.

— 4 —

די פּסיכאָלאָגישע רעטעניש ביי שטאַהלן איז אַ טאָפּלטע: ערשטנס דאָס פּראָבלעם וועלכן מיר האָבן ערשט אָנגעצייכנט: ווי קאָן אַ גייסטיק געזונטער

נאָרמאַלער מענטש אויפשטעלן אַזאַ אַבסורדע טעאָריע פון אַ פּערזענלעכן גאָט אַלס אָנפירער פון מלוכות און רעגירונגען? ווי קאָן מען בכלל אריינשלעפּן גאָט אין די נידעריקע רעגירונגס־געשעפטן און דערצו חושד זיין גאָט אין אַזאַ נידע־ריקער אינטעליגענץ, אַז ער זאָל זיך אויסקלייבן דווקא די פּרייסישע יונקער אַלס זיין באַליבטסטן מענטשן־קלאַס?

און די צווייטע פּסיכאָלאָגישע רעטעניש איז: ווי אַזוי קאָן דאָס אַ ייד אַזוי ווייט אַרויסשפּרינגען פון זיין אייגענער הויט, צו ווערן פאַרן גאַנצן לעבן אַ קעמפער פאַר פרעמדע אינטערעסן? פון וואַנען נעמט זיך דאָס די דאָזיקע ברע־נענדיקע ליבע פון דעם אמאָליקן ייד שלעזינגער צו די פּרייסישע יונקער? ווי אַזוי, ביי אַ וואָסערע גייסטיקע אומשטענדן איז דאָס געקומען צו דער דאָזיקער אומנאַטירלעכער באַהעפטונג? און ווי אַזוי איז דאָס דער ייד, וועלכן ס׳איז אַזוי גרינג געווען זיך אָפּצוזאָגן פון זיין אמונה, ווי אַזוי איז ער דאָס געוואָרן אַזאַ פאַרברענטער, אַזאַ אָרטאָדאָקסישער פּראָטעסטאַנט? ווי אַזוי קומט דאָס וואָס ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט דער ראָל פון אַ געוועינלעכן גלויביקן פּראָ־טעסטאַנטישן קריסט, נאָר ער האָט געמוזט ווערן אַ קעמפער פאַר די רעכט פון דער קירכע און פאַר אירע סאַמע אָרטאָדאָקסישע פּרעטענזיעס?

און ווי קומט עס, וואָס דער דאָזיקער פרידריך יוליוס שטאַהל האָט אַזוי פולשטענדיק פאַרגעסן, אַז ער איז נישט געבוירן געוואָרן אין קיין יונקערישן פּאַלאַץ נאָר אין דער שטוב פון אַ יידן, און אַז ער האָט אַמאָל געהייסן שלעזינ־גער? ווי איז דאָס מעגלעך, אַז עס זאָל אים נישט געווען אַמאָל איינפאַלן, אַז די ראָל פון אַ קעמפער פאַר די יונקערישע אינטערעסן און פאַרן יונקעריש־פּראָ־טעסטאַנטישן שטאַט פּאַסט זיך נישט גוט פאַר אַ מענטשן, וועלכער האָט אַמאָל געהייסן שלעזינגער?

די דאָזיקע פראַגן קאָן איך נאָר אויפוואַרפן, אָבער פאַרענטפערן קאָן איך זיי נישט אין אַ קורצן אַרטיקל. די פּסיכאָלאָגיע פון אַ פרידריך יוליוס שטאַהל וואָלט געווען אַ גענוג אינטערעסאַנטע טעמע פאַר אַ גרעסערער ביאָ־גראַפישער נאָוועלע. אגב וואָלט דאָ אינטערעסאַנט געווען די פּסיכאָלאָגישע פראַגע וועגן משומדים בכלל. ס׳איז שווער צו באַטראַכטן דעם משומד אַלס פּסיכאָלאָגיש און גייסטיק נאָרמאַלן מענטשן. וועגן מאָראַל איז שוין אָפּגערעדט. וועגן דער מאָראַל פונעם משומד האָט דאָס יידישע פאָלק שוין אַרויסגעטראָגן זיין אורטייל.

אָבער אין דער גאַלעריע פון די היסטאָריש־באַקאַנטע משומדים שטייט די פיגור פון פרידריך יוליוס שטאַהל פאַראייניצלט פאַר אונדזער גייסטיק אויג. פון די אַלע וועלכע האָבן פאַרלאָזן דאָס יידנטום איז קיינער נישט געוואָרן אַזוי גרינטלעך אויס־ייד ווי דער געוועזענער גמרא־בחור שלעזינגער פון בייערן. ס׳איז נישטאָ קיין גלייכן צו אים. איך טראַכט וועגן געוויסע פיגורן פון דער תקופה פון די רדיפות אין שפּאַניע. אַזעלכע פיגורן ווי דער רב שלמה לוי, וועלכער האָט

זיך געשמדט און אַלס פּאַבלאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ געהעצט קעגן יידן; אָדער זיין תּלמיד רב יהושיע לאָרקי, וועלכער האָט קודם געקעמפּט קעגן זיין אָפּטריניקן רבין, אָנגעשריבן אַ בוך אין העברעאיש קעגן אים, דערנאָך זיך אויך געשמדט, איבערגעביטן זיין יידישן נאָמען און אַלס כעראָנימאָ דע סאַנטאַ פע געוואָרן אַ יידן־שונא; אָדער די משומדים פון דער פאַמיליע בענעוויסטע דע לאַ קאַבאַליע־ריאַ, אָדער כואַן דע עספּאַניאַ, אויך אַ געוועזענער רב און אויך אַ שונא, וועל־כער האָט גורם געווען אַ סך יידישע צרות און טרערן; אָט די אַלע משומדים און נאָך אַ סך אַנדערע פון יענער טראַגישער תקופה קענען נישט פאַרגליכן ווערן מיט שטאַהלן. יענע האָבן געלעבט אין אַ תקופה פון אַ רעליגיעזער פאַרבלענ־דעניש. די אמונה איז געווען אַ שטיק פון לעבן — אפשר דאָס גרעסטע שטיק. און ווער עס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פריערדיקן גלויבן איז געוואָרן, האָט געמוזט ווערן אַ קעמפער אין דער נייער מחנה קעגן זיינע פריערדיקע ברידער. יענע משומדים האָבן אייגנטלעך נישט פאַרלייקנט זייער יידישן אָפּשטאַם. פאַר־קערט, דער אויבנדערמאָנטער פּאַבלאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ האָט געצויגן זיין סדר־היחוס אַזש פון שבט לוי. אָט דערפאַר טאַקע האָט ער אָנגענומען דעם נאָמען דע סאַנטאַ מאַריאַ, ווייל, ווי ער האָט געטענהט, האָט די סאַנטאַ מאַריאַ גע־שטאַמט פון דעם זעלבן שבט.

דער ענלעכסטער צו שטאַהלן אין פונקט פון אָפּרייסן זיך פון יידישן שטאַם און פאַרגעסן אין דער אַמאָליקער יידישקייט, איז אפשר געווען דער ווילנער יודל קלאַטשקאָ, וועלכער האָט אַלס יוליאַן קליאַטשקאָ דורך עטלעכע יאָרצענד־ליקער באַשיינט די פּוילישע ליטעראַטור.

אויך יוליאַן קליאַטשקאָ האָט זיך געשמדט אין די יונגע יאָרן און אויך ער איז געוואָרן אַ פרומער קריסט און אַ קאָנסערוואַטאָר. אָבער קליאַטשקאָ איז געווען אַ שיינער גייסט, אַ פאַרליבטער אין די ווערק פון דער קאַטוילישער קונסט. און אויך זיין קאָנסערוואַטיזם איז נישט געווען דער פּראָטעסטאַנטיש־שטרענגער קאָנסערוואַטיזם פון שטאַהלן. בכלל איז קליאַטשקאָס וועלט געווען אַן עסטעטיש־מילדע. אַזאַ איז אויך געווען זיין סטיל און זיין ליטעראַריש ווערק.

אָבער יוליאַן קליאַטשקאָ, דער קאַטויליש־קאָנסערוואַטיווער פּוילישער עס־טעט, דער פריינט און חבר פון פּוילישע שליאַכציטשן און אַריסטאָקראַטן (זיין אינטימסטער פריינט איז געווען דער גראַף סטאַניסלאַוו טאַרנאָווסקי, וועלכער האָט אויך אָנגעשריבן אַ ביאָגראַפיע וועגן אים), יוליאַן קליאַטשקאָ האָט אויך פאַרגעסן, אַז זיין וויג איז געשטאַנען אין דער שול־גאַס פון ווילנע און אַז ער האָט אַמאָל אַלס אַ 13־יעריקער בחורל געשריבן העברעאישע שירים. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַמאָל געהייסן יודל, און אַז זיין לערער איז געווען דער ווילנער משכיל שמואל יוסף פין. נאָר די פּאָליאַקן האָבן נישט פאַרגעסן, און דווקא אין דער ווילנער געטאָ האָבן זיי אָנגערופן אַ גאַס אויפן נאָמען פון יוליאַן קליאַטשקאָ.

— 5 —

דאָס פּראָבלעם פרידריך יוליוס שטאַהל און אַנדערע ענלעכע פאַלן ווי טאַקע דער פאַל יוליאַן קליאַטשקאָ האָט פאַר אונדז נישט בלויז אַ ליטעראַריש פּסיכאָלאָגישן אינטערעס נאָר אויך אַ פּאָליטישע באַדייטונג. מען רעדט היינטיקע ציַיטן צווישן די פעלקער אַזוי פיל וועגן דעם יידישן „דעסטרוקטיוון גייסט”, מען וואַרפט אונדז אין קאָפּ אַריין די מאַטעריאַליסטישע געשיכטס-פילאָזאָפיע פון מאַרקסן און די „מאַרקסיסטישע” אַרבעטער-באַוועגונג. נו, מיר וואַרפן זיך גאָר נישט מיט מאַרקסן און מיט דער באַדייטונג פון זיין גייסטיקן ווערק. נאָר אויב מען מאַכט אונדז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מאַרקס שאַפונג, פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער ירושה, דאַן דאַרפן מיר דערמאָנען דעם פאַקט אַז נישט בלויז דער שעפער פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג איז געווען אַ ייד, נאָר אויך דער אידעאָלאָג און דער באַגרינדער פון פּרייסישער קאָנסערוואַטיווער פאַרטיי איז געווען דער ייד פרידריך יוליוס שטאַהל. און אויב דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם איז אַ „יידיש” ווערק צוליב זיין יידישן שעפער, איז דאָס נישט ווייניקער דער רעאַקציאָנערער פּרייסיש-יונקערישער קאָנסערוואַטיזם, די שטאַרקסטע שטיצע פון דער אַלטער אָרדענונג. זאָל די קריסטלעכע וועלט, אדרבה, אויסקלויבן, וועלכער ייד איז איר ליבער: קאַרל מאַרקס, צי פרידריך יוליוס שטאַהל.

# טראָצקי, אָדער דער וועלט-רעוואָלוציאָנער

— 1 —

הייסן הייסט עס, אַז אין פעברואַר 1917 איז אין רוסלאַנד אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע. די דאָזיקע פּאַסירונג איז אפילו געבליבן פאַראייביקט אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען די פעברואַר־רעוואָלוציע. אָבער דאָס איז איינער פון די טעותן, וועלכע חזרן זיך איבער אַזוי אָפט אין דער געשיכטע. אין אמתן איז דאָס וואָס האָט פּאַסירט אין רוסלאַנד אין פעברואַר און אין די ווייטער־דיקע מאָנאַטן פון 1917 גאָר קיין רעוואָלוציע נישט געווען. ס'איז געווען אַ רע־וואָלט פון הונגעריקע מאַסן. עס האָט געפעלט ברויט אין פּעטראָגראַד, האָבן די מאַסן געמאַכט אַן איבערפאַל איבער עטלעכע בעקערייען. הונגער-ליידנדע מאַסן זענען תמיד און אומעטום גענויגט צו אַזעלכע רעוואָלטן. ווייל, וואָס האָבן זיי צו פאַרלירן? דעם פעברואַר־רעוואָלט, אפילו נאָך דעם ווי עס האָבן זיך אָן אים אָנגעשלאָסן די סאָלדאַטן פון פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן, האָט מען געקאָנט איינשטילן מיט אַ טויזנט טאָנעס מעל און מיט אַ קאַמפּאַניע פּאָליציי־לייט אונטער דער קאָמאַנדע פון עטלעכע אינטעליגענטע סערזשאַנטן. אָבער אין פּעטראָגראַד האָט די מאַכט מיט אַמאָל דעם קאָפּ פאַרלוירן. ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל איינהאַלטן דעם רעוואָלט, באַרואיקן די רעוואָלטירנדיקע מאַסן. אַזוי איז פון דעם פּעטראָגראַדער רעוואָלט געוואָרן אַ כאַאָס אין דער גאַנצער, ברייטער און אומענדלעכער רוסלאַנד.

רעדנדיק וועגן דער דייטשער נאָוועמבער-רעוואָלוציע, באַמערקט מאַקסי־מיליאַן האַרדען זייער גייסטרייך, אַז אַזוי ווי „די אָבריגקייט האָט דעם קאָפּ פאַרלוירן, האָט די אונטעריגקייט פאַרכאַפּט די מאַכט". די „אָבריגקייט", דאָס איז די העכסטע, די אויבערשטע מלוכה־מאַכט. די „אונטעריגקייט" (דאָס וואָרט האָט האַרדען געשאַפן) דאָס זענען די אונטערשטע, די נידעריקע פאָלקסמאַסן. אין רוסלאַנד האָט די „אָבריגקייט" נאָך גיכער ווי אין דייטשלאַנד און נאָך גרינטלעכער, דעם קאָפּ פאַרלוירן. אַ סברה, אַז זי האָט גאָר אַזאַ זאַך נישט געהאַט. אָבער אין רוסלאַנד האָט די „אונטעריגקייט" נישט פאַרשטאַנען צו פאַרכאַפּן די מאַכט. ביז אָקטאָבער. אָדער, לכל הפחות, ביז יולי. אָט אַזוי גע־

פינט זיך רוסלאנד אין א צושטאנד פון כאאס פון פעברואר ביז אקטאבער.

ווען מען באטראכט די צען טעג פון דער רוסישער געשיכטע, פונעם 21־טן פעברואר, דעם רעוואלט פון די הונגעריקע מאסן אין פעטראגראד, ביז צום 2־טן מערץ, דעם טאג פון צארס אבדיקאציע, מוז מען שטוינען איבער דער קאפ־לאזיקייט, צעפוילטקייט פון א רעגירונג און פון א דינאסטיע פון א מלוכה, פאר וועמענס מאכט די גאנצע וועלט האט ביז נישט לאנג געציטערט. דער דא־זיקער צאר, וועלכער האט אויך, נאך דעם פארגעקומענעם רעוואלט אין פעטראַ־גראד, זיך געהאלטן מיט קינדישער עקשנות ביי זיין פאפירענער מאכט, און וועלכער האט נאך דעם 27-טן פעברואר, אויף דער ביטע פון ראדזיאנקאן צו באמינירן א פארלאמענטארישע רעגירונג, געענטפערט מיט אויפלייזן די דומע, דער זעלביקער ניקאלאי דער צווייטער לאזט פיר טעג שפעטער, מיט דער גרעס־טער גלייכגילטיקייט זיך ארויסרייסן די אבסאלוטע מאנארכישע מאכט און די הערשער־מאכט בכלל, גלייך ווי א קינד, ביי וועמען מען נארט־אוים זיין שפיל־צייג. און מיט דער זעלבער גלייכגילטיקייט לאזט זיך דער געוואלדיקער צאר אין עטלעכע טעג ארום ארעסטירן פון זיינע אייגענע סאלדאטן, און, אנשטאט דער קרוין, בעט ער מען זאל אים דערלויבן צו פלאנצן בלומען — אלס גע־פאנגענער.

און שוואך ווי דער צאר איז דער גאנצער הערשנדיקער קלאס, די ארים־טאקראטיע, די ביוראקראטיע, די הויכע מיליטערלייט, און די גרויסע בור־זשואזיע. קיינער רירט נישט א פינגער פארן צאר. אזא מין צעפוילטקייט און צעפאלנקייט פון א רעזשים האט די וועלט נאך נישט געזען. דאס איז געווען פשוט א קארטן־שטיבל, וועלכעס איז זיך פאנאנדערגעפאלן פון א לייכטן בלאז.

נאכן צוזאמענפאל פון דער צארישער מאכט בלייבן אויפן פלאץ דאס ליבעראלע בירגערטום, דער פראלעטאריאט און די ריזיקע מאסע פונעם פויער־טום. אבער קיין איינציקן פון די דאזיקע דריי סאציאלע כוחות פאלט־איין אויפצוהויבן די מאכט, וועלכע ליגט ממש אין גאס. יעדער איינער פון די דריי כוחות וויל עפעס אנדערש אבער וויל נישט מאכן דעם פרווו, דורכצו־פירן דאס, וואס ער וויל. די וואס האבן דורכגעפירט די בלומרשטע רעוואלוציע, האבן טאקע צעשטערט די אלטע מאכט אבער זיי האבן נישט קיין כוח, אדער זיי גלויבן נישט אין זייער כוח, אויפצובויען א נייע מאכט. אנשטאט א רעגי־רונגס־מאכט, שאפן זיי מיט אמאל צוויי. דעם 2-טן מערץ, דעם טאג פון ניקא־לאיס אבדיקאציע, קאנסטיטואירט זיך דער עקזעקוטיוו־קאמיטעט פאר דער ארדענונג און דער עקזעקוטיוו־קאמיטעט פון דעם סאוועט פון די ארבעטער און סאלדאטן-דעפוטאטן. דער דאזיקער לעצטער עקזעקוטיוו־קאמיטעט, וועל־כער וואלט זיך באדארפט פילן אלס דער באלעבאס פון דער סיטואציע, האט נישט דעם מוט איבערצונעמען אליין די מאכט. ער גיט איבער די מאכט דער ליבעראלער בורזשואזיע פון די מיליוקאווס, לוואווס א. א. און אפילו אזא פאר־

שוין ווי דעם גענעראל קארנילאָוו טאָלערירט דער סאָוועט אין דער רעגירונג, בעת ער אַליין באַנוגנט זיך מיט איין פאָרטפעל אינעם רעגירונגס-קאַבינעט — מיט קערענסקין. די ס. ר., וועלכע בילדן דאַן דעם שטאַרקסטן אָרגאַניזירטן כוח אויף דער לינקער זייט, קומען נישט אַרויס מיט זייער פאָדערונג וועגן פאַנאַנ־דערטיילן די ערד.

אָבער, נישט ווילנדיק אַליין איבערנעמען די רעגירונג און די אחריות פאַר דער פירונג פון דער מלוכה-פּאָליטיק, לאָזט דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט פונעם סאָוועט אויך דעם אנדערן עקזעקוטיוו קאָמיטעט נישט רעגירן. פאַקטיש גע-פינען זיך דאַן אין רוסלאַנד צוויי מאַכטן, וועלכע שלעפּן דעם רעגירונגס-וואָגן אין אַנטקעגנגעזעצטע ריכטונגען. די פּראָוויזאָרישע רעגירונג פּראָקלאַמירט די ווייטערפירונג פונעם קריג, אָבער דער סאָוועט-עקזעקוטיוו פּראָקלאַמירט דעם ווילן פונעם רוסישן פאָלק צו שליסן פרידן תיכף. נאָך יעדער דערקלערונג פון מיליוקאָוון וועגן רוסלאַנדס קריגס־צילן, קומט אַ קעגן־דערקלערונג פונעם סאָ־וועט-עקזעקוטיוו. צוליב די בסדרדיקע סכסוכים צווישן דער רעגירונג און דעם סאָוועט קומט עס צו אַ רעגירונגס-קריזיס. מיליוקאָוו און קאַרנילאָוו טרעטן אַרויס פון דער רעגירונג. אין דעם נייעם קאַבינעט גייען אַריין זעקס סאָציאַ־ליסטן (דער קאַבינעט איז באַשטאַנען פון 15 מיניסטאָרן). צווישן די זעקס זענען דאָ קערענסקי, טשערנאָוו, צעכעטעלי, סקאָבעלעף. דעם זעלבן טאָג (5-טן מאַי) קומט טראָצקי קיין פּעטראָגראַד. און צו דער דעלעגאַציע, וועלכע קומט אים מקבל־פּנים זיין, זאָגט ער: „די רעוואָלוציע האָט זיך נאָך נישט אָנ-געהויבן”. און די נייע סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן, וועלכע זענען אַריין אין קאָאַליציע-קאַבינעט, דערקלערט ער אַלס „פאַררעטער פונעם פּראָלעטאַריאַט”.

— 2 —

אַלזאָ: די רעוואָלוציע האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. דאָס הייסט, אַז מען האָט זי ערשט געדאַרפט מאַכן. אין דעם האָט טראָצקי געהאַט רעכט. וואָ-רים אַ רעוואָלוציע באַשטייט אין צעשטערן אַ מאַכט און אוועקשטעלן אויף איר אָרט אַן אַנדערע מאַכט. דאָס האָבן ביז איצט נישט געטון, נישט דער עקזעקו-טיוו־קאָמיטעט פון דער דומע און נישט דער סאָוועט-עקזעקוטיוו. אינעם סאָ־וועט האָט מען געהאַלטן רעדעס, זייער רעוואָלוציאָנערע רעדעס. דער סאָוועט האָט אָנגענומען און געצוווּנגען די פּראָוויזאָרישע רעגירונג דורכצופירן אַזאַ רעוואָלוציאָנערן באַשלוס ווי דעם, אַז די סאָלדאַטן זאָלן נישט דאַרפן גריסן זייערע עלטסטע מחוץ דעם דינסט. עס האָט אים נאָר געפעלט דער דאָזיקער מינימום פון רעוואָלוציאָנערן מוט, איבערצונעמען די גאַנצע רעגירונגס־מאַכט, וועלכע איז ממש געלעגן אין גאַס. דערצו טאָקע זענען געקומען פון אויסלאַנד טראָצקי און לענין. מ׳ווייסט מיט אַ וואָסערע אוואַנטורעס ס׳איז געווען פאַר־

בוגדן דאָס צוריקקומען פון די צוויי רעוואָלוציאָנערע פירער קיין רוסלאַנד. פאַר טראָצקין, וועלכער האָט זיך געפונען פאַרהאַלטן ביי די ענגלענדער, האָט מיליוקאָוו זיך משתדל געווען ביי דער ענגלישער רעגירונג מען זאָל אים נישט שטערן זיין רייזע קיין רוסלאַנד. מיליוקאָוו האָט דאָס געטון אויף דער פאָדערונג פונעם סאָוועט. אָט אַזוי האָבן די מענשעוויקעס, די ס. ר. און די קאַדעטן זיך אַליין געבראַכט זייער מלאך־המוות.

דורך זייער אומאַנטשלאָסנקייט און שוואַכקייט האָבן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען פונעם סאָוועט נישט פאַרענדיקט די רעוואָלוציע, נישט געשאַפן קיין פעסטע רעגירונגס-מאַכט. נישט באַפרייט רוסלאַנד פון דעם כאַאָס, וועלכן זיי האָבן אַרויסגערופן דורך זייער האַלבער רעוואָלוציע. און צוריקרופנדיק קיין רוסלאַנד די באָלשעוויסטישע פירער האָבן זיי אַליין גורם געווען די שפּעטער־דיקע קאַמפן און צוגעהאָלפן די באָלשעוויקעס צו פאַרכאַפּן די מאַכט.

— 3 —

מיין אויפגאַבע דאָ איז נישט צו באַטראַכטן די שעדלעכקייט אָדער נוצלעכקייט פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. די דאָזיקע פראַגע שטייט פאַר אונדז מחוץ פון דער דיסקוסיע. וואַרשיינלעך וואָלט די וועלט-רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער וועלט-מלחמה, זיך געווען שוין פאַרענ־דיקט, ווען די סאָציאַליסטישע פאַרטייען וואָלטן געווען צוזאַמען מיט די לינ־קע קאַדעטן געשאַפן אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג אין רוסלאַנד, געשטיצט אויף אַן אַגראַר־רעפאָרם לויטן פּראָגראַם פון די ס. ר. און אויף אַ ברייטן פּראָגראַם פון אינדוסטריעלער און קולטורעלער אַנטוויקלונג. אַדאַנק דער מאָראַלישער שוואַכקייט פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, איז די וועלט-געשיכטע געגאַנ־גען אין יענער ריכטונג, וועלכע עס האָבן איר אָנגעצייכנט לענין און טראָצקי. אַדאַנק דעם באָלשעוויזם זענען געקומען די סאָציאַלע אויפטרייסלונגען אין פאַרשידענע לענדער פון אייראָפּע און אַ דאַנק די באָלשעוויסטישע קאַמף־מע־טאָדן האָט זיך אַנטוויקלט אין אייראָפּע די אַנדערע פאָרם פון באָלשעוויזם — דער פאַשיזם, ס'איז אויפגעקומען אַ נייע תורה פאַר די פעלקער: די רעליגיע פון געוואַלד. רעכט, געזעץ, מאָראַל, האָבן פאַרלוירן יעטוועדן ווערט. דער עיקר איז — מאַכט. צוליב דער מאַכט מעג מען זיך באַנוצן מיט אַלע מיטלען, וועל־כע פירן נאָר צום ציל — אַלע מיטלען זענען כשר. אפילו מאָרד. אפילו מאַסן־מאָרד. אין דעם פאַרשפּרייטן זיך פון דער דאָזיקער תורה האָט דער איצט דערמאָרדעטער לעאָן טראָצקי אַ גרויסן חלק אין דער שולד. כאָטש צו זיין זכות דאַרף מען דערמאָנען, אַז אים איז אויסגעקומען צו האַנדלען אין אַ זייער באַ־וועגטער צייט אין דער צייט פון איינער פון די גרעסטע רעוואָלוציעס, ווען מענטשלעך לעבן האָט בכלל נישט קיין גרויסן ווערט. אָבער אין דער דאָזיקער

צייט האָט זיך טראָצקי ארויסגעוויזן אַלס אַ רעוואָלוציאָנערער פירער פון אַן אומפאַרגלייכלעכן פאַרנעם.

— 4 —

מיר רעדן דאָ וועגן טראָצקין אַלס פירער, נישט וועלנדיק דורך דעם בשום אופן פאַרקלענערן די באַדייטונג פון לענינען און פון די אַנדערע באָל־שעוויסטישע פּאַרטיי־גדולים. טראָצקי ווערט באַטראַכט כמעט פון אַלע פּובלי־ציסטן און היסטאָריקער, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער טעמע, אַלס דער היפוך פון לענינס כאַראַקטער. לענין איז דער שטוב־געלערנטער, דער פּראָפעסאָר, בעת טראָצקי ווערט באַטראַכט אַלס דער טריבון, דער קעמפער, דער אַקטיווער און פירנדיקער רעוואָלוציאָנער. דער באַקאַנטער איטאַליענישער פּו־בליציסט מאַלאַפּאַרטע באַטראַכט לענינען אַלס דעם סטראַטעג פון דער רעוואָ־לוציע און טראָצקין אַלס איר טאַקטיקער. און עס איז איבעריק צו באַמערקן, אַז ביי אַזאַ שטאַטס־קלאַפּ ווי ס׳איז געווען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז די טאַק־טיק כמעט אַלץ.

לאָמיר זיך נאָר אויף אַ ווײַלע דערמאָנען די אויפגאַבע, וועלכע טראָצקי האָט פאַר זיך געהאַט:

אַ ריזיק לאַנד אין אַ צושטאַנד פון אינערן כאַאָס און אַנאַרכיע. אַ שוואַ־כע רעגירונג — כמעט נישט קיין רעגירונג. דאָס לאַנד געפינט זיך אין מלחמה, אָבער די סאָלדאַטן זענען מיד און ווילן מער נישט קעמפן — פאַרוואָס זאָלן זיי קעמפן? אָבער עס זענען דאָ פּאַטריאָטן, וועלכע ווילן פאָרזעצן דעם קאַמף. ס׳זע־נען פאַראַן די פאַרבינדעטע, וועלכע שטיצן אין זייער אייגענעם אינטערעס די דאָזיקע „פּאַטריאָטישע״ שטרעבונגען. און דאַן איז דאָ דער שונא, דייטשלאַנד: וועט ער נישט אויסנוצן די שוואַכקייט פון דער אינערער קריגס־מידקייט, כדי רוסלאַנד איינגאַנצן צו דערדריקן? און דערדריקענדיק די לעצטע מיליטערישע כוחות פון רוסלאַנד, וועט דער דייטשער מיליטאַריזם נישט וועלן דערדריקן די רעוואָלוציע און רעסטאַורירן די מאַכט פון די ראָמאַנאָווס אַלס וואַסאַלן פון דייטשלאַנד? און איצט די פראַגע פון די אַהיימקערנדע סאָלדאַטן, ווי אַזוי אָרדנט מען זיי ווידער איין אין ציווילן לעבן?

די דאָזיקע אַלע פראַגן פאַרענטפערט טראָצקי, צוזאַמען מיט לענינען און די אַנדערע פירער אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן: עקספּראָפּריאַציע פון די גרוי־סע ערד־באַזיצער, פון די פאַבריקאַנטן און קאַפּיטאַליסטן. אָבער דאָ ווערט ווי־דער צעשטערט אַ מאַכט, אַן עקאָנאָמישע מאַכט, און עס ווערט נישט אויפגע־בויט קיין אַנדערע מאַכט. דער סאָציאַליסטישער שטאַט לאָזט זיך ווייט נישט אַזוי גיך אויפבויען ווי דער קאַפּיטאַליסטישער צעשטערן.

טראָצקי לייגט דאָס גאַנצע געוויכט אויף פאַרענדיקן די מלחמה. און דאָ

האַנדלט ער נישט ווי אַ רוסישער רעוואָלוציאָנער, נאָר ווי אַ וועלט־רעוואָלוציאָנער. ביי יעדן שאַך־צוג, וואָס ער ציט אין בריסק, הערט ער זיך גוט צו, וואָס וועט עפּעס זאָגן דער וועלט-פּראָלעטאַריאַט, די פֿאַרנצויזישע, ענגלישע, דייטשע אַרבעטער? דער וועלט־רעוואָלוציאָנער, וואָס איז אין אים, שוואַכט ממש אָפּ דעם דיפּלאָמאַט. ער פֿאַרגעסט, אַז די אַרבעטער אין די מלחמה־לענדער זענען אַ מאַסע, און ווי לאַנג די מלחמה איז נישט פֿאַרענדיקט, וועלן זיי אין זייער מערהייט דענקען דאָס, וואָס זייערע רעגירונגען וועלן וועלן אַז זיי זאָלן דענקען. אויף דעם דאָזיקן פראָנט זיגט צום סוף נישט די וועלט-רעוואָלוציע, נאָר דער פֿאַראייניקטער פראָנט פֿון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער: ענגלאַנד, פֿראַנקרייך און נאָרד־אַמעריקע. דער גאַנצער דיפּלאָמאַטישער שפּיל אין בריסק צווישן דעם וועלט-רעוואָלוציאָנער טראָצקי און דעם דייטשן גענעראַל האָפמאַן, איז געווען אַ ברכה לבטלה. צום סוף האָבן זיי ביידע פֿאַרשפּילט. מער נאָך רוס-לאַנד, וועלכע ווערט אַרויסגעשטויסן פֿון דער פֿאַמיליע פֿון די ציוויליזירטע פֿעלקער. מען וויל מיט איר קיין מגע-ומשא נישט האָבן. דערביי זענען אירע גרעניצן נישט פֿאַרזיכערט. די באָלשעוויסטישע רעגירונג האָט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פֿון זעלבסטבאַשטימונג פֿאַר די פֿעלקער ביז אַפילו אָפּצורייסן זיך פֿון רוסלאַנד. אין דער פּראַקטיק אָבער קען מען נישט דערלאָזן אוקראַאינע זיך אָפּרייסן פֿון רוסלאַנד. דאָ גייען אַריין אין שפּיל עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן. וואָרום אַן אומאָפּהענגיקע נאַציאָנאַלע אוקראַאינע — ווער ווייס אַ וואָסערע זי וועט זיין? מען קען נישט האָבן קיין גרויסן צוטרוי צו סקאָראָ-פּאַדסקין, נישט צו פּעטליוראַן. מען מוז אַלזאָ ווידער פֿירן מלחמה אויף אַלע זייטן; קעגן אוקראַאינע, קעגן פּוילן, קעגן די באַלטישע באַראָנען און דאָ איז מען אָפּגעשלאָסן פֿון דער וועלט. מען באַקומט נישט גאָרנישט פֿון אויסלאַנד. אין דער דאָזיקער שווערער סיטואַציע אָרגאַניזירט טראָצקי אַן אַרמיי ממש פֿון גאָרנישט און ער געווינט שלאַכטן מיט דער דאָזיקער ממש נאַקעטער און באָר-וועסער און בדוחק באַוואָפנטער אַרמיי. מיטן כוח פֿונעם רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס.

## — 5 —

אָבער מלחמות דויערן נישט אייביק. די שווערסטע מלחמה איז אויפֿן אי-נערן פראָנט. מען מוז ברענגען אין אָרדענונג די צעשטערטע ווירטשאַפט. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן די גאַנצע מאַכטלאָזיקייט פֿון דעם באָלשעוויזם סיי אויפֿן עקאָנאָמישן ווי אויפֿן פּסיכאָלאָגישן געביט. די באָלשעוויסטישע פֿירער האָבן נישט געקענט אַזוי גיך אויפֿבויען כאָטש אין די פּרימיטיווסטע פֿאָרמען אַ סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיע אויפֿן אָרט פֿון דער צעשטערטער פּריוואַט-ווירט-שאַפט. זיי האָבן אויך פּסיכאָלאָגיש נישט געקענט געווינען די מאַסע פֿאַר זייער שטאַטס-פֿילאָזאָפֿיע, און פֿאַר זייערע עקאָנאָמישע פֿאָרמען. געוואַלט און טע-

ראַר זענען צום טייל ביז היינט געבליבן די דערציאונגס-מעטאָדן פון דעם סאָ־וועטישן בירגער. אין די דאָזיקע געוואַלט-מעטאָדן האָט דער איצט דערמאָרדע־טער לעאָן טראָצקי געהאַט זיין חשובן טייל. ס'איז פאַראַן עפּעס אַ טייוולאָנישע איראָניע אין די געוואַלט-מעטאָדן פונעם באָלשעוויזם. וואָרום אין עצם ווילן דאָך די באָלשעוויקעס סאָציאַלע גערעכטיקייט, די אָפּשאַפונג פון עקספּלואַטאַ־ציע פון מענטשן דורך מענטשן. אָבער וואָס פאַר אַ ביטערע איראָניע איז דאָ אין דעם, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז די קעלערס פון דער גע־פּע־או, די סאָווע־טישע תפיסות און פאַרשיקונגס־פלעצער זענען די סטאַציעס אויפן וועג צו סאָציאַלער גערעכטיקייט.

צי האָט באמת אין די הערצער פון די באָלשעוויסטישע פירער געלעבט די אידייע פון סאָציאַלער גערעכטיקייט? האָבן זיי אַמאָל געטרוימט וועגן אַ וועלט פון גערעכטיקייט, פון שיינקייט און פון אמת?

איך האָב נישט געקענט פערזענלעך נישט לענינען, נישט טראָצקין, נישט קיינעם פון די דערמאָרדעטע באָלשעוויסטישע פירער. אָבער מיר איז שווער צו גלויבן, אַז זיי זאָלן געווען אַמאָל בענקען און טרוימען וועגן מענטשלעכער פריי־הייט און גערעכטיקייט אָט אַזוי ווי עס בענקט און טרוימט אַ נאָרמאַלער גוטער מענטש. איך גלויב פיל מער, אַז זיי אַלע זענען געווען באַהערשט פון אַ דעמאָן, לאָמיר אים אָנרופן דעם באָלשעוויסטישן אָדער רעוואָלוציאָנערן דעמאָן, וועל־כער האָט זיי געהייסן טון אַלדאָס שלעכטס, וואָס זיי האָבן געטון, לאָזנדיק זיי זיך איינרעדן, אַז זיי טוען דאָס פאַר דער טובה פון דער מענטשהייט.

ס'איז שווער צו גלויבן און איך גלויב דאָס טאַקע נישט, אַז סטאַלין אָדער מאָלאָטאָוו אָדער וועלכער נישט איז פון די מאָסקווער קרייזן, וועלכע פאַר־טיידיקן דאָרט מיט אַזויפיל ברען דעם פריינטשאַפט-אָפּמאַך מיט די נאַצישע רוצחים און מערדער, — אַז די דאָזיקע מענטשן זאָלן זיין באַהערשט פון אַ וועלכער ס'איז מענטשלעך-עטישער אידייע. און אין דער דאָזיקער באַציאונג איז לעאָן טראָצקי געווען פונקט אַזאַ מאָראַלישער אָפּאָרטוניסט ווי סטאַלין, ווי מאָלאָטאָוו, ווי אַלע באָלשעוויקעס. וואָרום קיין שום גערעכטיקייט, קיין שום מענטשלעכער אידעאַל קען נישט דערגרייכט ווערן דורך מאָרד, דורך מאַסן־מאָרד. דער מאַסן-מערדער צוליב פּאָליטישע מאָטיוון איז אַ מערדער, אַ מאַסן־מערדער. די פּאָליטיק איז נישט מכפּר אויף קיין שום מאָרד.

פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט באַטראַכט איז נישטאָ קיין שום חילוק צווישן טראָצקין און סטאַלינען. טראָצקי האָט געלאָזט אויסהרגענען מאַסן אומ־שולדיקע מענטשן און סטאַלין טוט דאָס זעלבע. פאַר איין קיראָוון האָט סטאַלין געלאָזט אויסהרגענען אַריבער טויזנט מענטשן.

און לאָמיר דאָס אָפן אַרויסזאָגן: טראָצקי אַלס דער קאָנסעקווענטער קאָ־מוניסטישער דאָקטרינער, איז געווען בלוטיקער און געפערלעכער פון סטאַלינען. און אויב די וועלט מוז שוין ליידן פון דעם באָלשעוויסטישן משוגעת איז בעסער

א סטאַליניסטישער באָלשעוויזם ווי אַ טראָצקיסטישער. ווארום טראָצקי איז גע־וועו דער אומבויגזאַמער פאַנאַטיקער, בעת סטאַלין איז מער פּראַקטיקער, און ער איז גיכער געניגט אַמאָל עובר צו זיין אויפן שטרענגן קאָמוניסטישן דאָג־מאַט, אויב די סיטואַציע פאָדערט דאָס. אָבער פון דער אַנדערער זייט, איז אויך אמת, אַז טראָצקי וואָלט קיינמאָל נישט געווען געשלאָסן קיין פריינטשאַפט־אָפּ־מאַך מיט היטלערן — נישט בלויז אַלס ייד; אַזויפיל יידישן באַוווסטזיין האָט טראָצקי נישט געהאַט — נאָר פשוט, אַלס קאָמוניסט־באָלשעוויק.

בכלל אָבער און אין יעדער באַציאונג דאַרף מען זיין צופרידן, וואָס אין דעם געראַנגל צווישן סטאַלינען און טראָצקי איז סטאַלין אַרויס דער זיגער. דער־מיט זאָל נישט געלייקנט ווערן די גאַנצע רשעות און די רציחות פון סטאַלינען קעגן דעם געוועזענעם פירער. אָבער דאָס איז דער באָלשעוויזם.

— 6 —

טראָצקיס פערזענלעכע דראַמע איז אַ באַזונדער ענין. אַ מענטש, וועלכער איז געבוירן געוואָרן צו אַקטיוויטעט, צו אַ פירער־ראָלע איז פאַרמשפּט געוואָרן צו וואַנדערן דורך דער וועלט אַלס נע־ונדניק, פאַר וועלכן מען האָט פאַרמאַכט די טויערן פון אַלע לענדער! די דאָזיקע טראַגעדיע, וועלכע האָט זיך פאַרענ־דיקט אַזוי טיף טראַגיש מיטן אייזן איבערן קאָפּ, וועט יעדער מענטש מיטפילן, כאָטש דאָס מענטשלעכע געפיל קען נישט באַטויבן דאָס באַוווסטזיין, אַז דער דאָזיקער קלאַפּ מיטן אייזן איבער טראָצקיס קאָפּ איז אַ לאָגישער רעזולטאַט פון טראָצקיס אייגענער פּאָליטיק.

דאָ דאַרף מען אויך באַטראַכטן די מאָטיוון פון טראָצקיס רעוואָלוציאָנע־רישקייט, פון זיין עקסטרעמען קאָמוניזם און פון זיין קאַמף מיט סטאַלינען. דער אויבנדערמאָנטער איטאַליענישער פּובליציסט מאַלאַפּאַרטע וויל רעדוצירן דעם קאָנפליקט טראָצקי־סטאַלין צו אַ קאַמף פאַר דער מאַכט. ס'הייסט, סיי טראָצקי סיי סטאַלין האָבן מיט זייערע אידעאָלאָגישע אַמפּערייען געמיינט גאָר־נישט מער ווי נאָר צו בלייבן ביי דער מאַכט.

קען זיין, אַז דאָס איז אמת, ביי סטאַלינען, אָבער ביי טראָצקין איז דאָס זיכער נישט אמת. טראָצקי איז צופיל רעוואָלוציאָנער, צופיל אידייאַישער פאַ־נאַטיקער, אַז ער זאָל צוליב דער בלויזער מאַטעריעלער מאַכט זיך פאַרפלאָנ־טערן אין אַ יאָרנלאַנגן קאַמף און נעמען אויף זיך אַזוי פיל שנאה און רדיפות. ניין, טראָצקי האָט זיך זיכער נישט געיאָגט נאָך דער מאַכט בלויז צוליב מאַכט. טראָצקי איז דער מענטש פון דער אידייע, דער פאַנאַטיקער פון דער אידייע — איינער פון יענע פאַנאַטיקער וואָס צוליב אַן אידייע זענען זיי גרייט אַ וועלט אונטערצוצינדן. טראָצקי האָט, אמת, נישט אונטערגעצונדן רוסלאַנד, אָבער ער האָט צוגעלייגט זיין שייטל, אַז דאָס אונטערגעלייגטע פייער זאָל נישט אויסגיין.

ער האָט דאָס זיכער געטון אַלס טיף־גלויביקער אין זיין אידייע. אָבער פאַר דער רו פון דער וועלט איז בעסער, וואָס אין דעם גערא־נגל צווישן טראָצקין און סטאַלין, האָט געזיגט סטאַלין — דער מענטש פון מאַכט — דער נישט־גלויביקער. פון סטאַלינס באָלשעוויזם האָט די וועלט גענוג צרות — פון טראָצקיס באָלשעוויזם וואָלט דער וועלט געווען שווער אויסצוהאַלטן.

(1940)

# אַ קדיש צום יאָרצייט פון היינריך היינע

— 1 —

היינריך היינע — האָט אַמאָל געשריבן געאָרג בראַנדעס — איז געווען אַ דייטש און אַ פראַנצויז, אַ ייד און אַ גריך. ס'איז נישט אונדזער אויפגאַבע, נישט מיר נעמען זיך דאָס רעכט אָפּצושאַצן היינעס דייטשנטום. ס'איז באַוווסט, אַז נישט בלויז אַנטיסעמיטישע פאַרטיי־דעמאַגאָגן, נאָר אויך אַ גאַנצע ריי דייטשע ליטעראַטור־היסטאָריקער זאָגן־אָפּ היינען יעדעס רעכט באַטראַכט צו ווערן אַלס דייטשער דיכטער. און דאָס איז געווען אַזוי לאַנג נאָך פאַרן אויפקום פונעם נאַציזם. נאָך אין דער צייט פון דער קייזערלעכער דייטשלאַנד האָט מען נישט צוגעלאָזט קיין שום מאָנומענט פאַר היינען אין דייטשלאַנד. און ווילהעלם דער צווייטער האָט אַפילו געלאָזט אַראָפּוואַרפן אַ היינע־מאָנומענט, וועלכן די עסטרייכישע קייזערין עליזאַבעט — אַ גרויסע פאַרערערין פון היינען — האָט געלאָזט אויפשטעלן אין דעם שלאָס, וועלכן ווילהעלם האָט אָפּגעקויפט נאָך דער קייזערינס טויט. און אויך נאָך לאַנג פאַרן אויפקום פונעם נאַציזם צו דער מאַכט האָבן דייטשע נאַציאָנאַליסטישע פאַנאַטיקער נישט געוואָלט לאָזן היינען אַפילו זיין נאָמען, וועלכער האָט זיי אויסגעוויזן צופיל דייטש: און זיי האָבן אים גערופן צום חוזק חיים ביקעבורג. אַזוי האָט נעמלעך געהייסן היינעס זיידע, האָבן זיי זיך נוקם געווען אין היינען און אים גערופן מיט דעם דאָזיקן יידישן נאָמען. אָבער היינעס גייסט האָט זיך אָן זיי נאָך מער נקמה דערלעבט, ווען מען האָט אין דער נאַציסטישער דייטשלאַנד, ווו מען האָט פאַרברענט די גאַנצע „יידישע" ליטעראַטור, דאָך געמוזט איבערלאָזן היינעס ליד „לאָרעליי". אין דער נאַציסטישער דייטשלאַנד האָט מען געזונגען דאָס ליד פון „חיים ביקעבורג", פאַרשווייגנדיק דעם נאָמען פון דעם דיכטער.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אַלע דייטשן האָבן געהאַט אַזאַ באַציאונג צו היינען און צו זיין דיכטערישן ווערק. געווען דייטשן, וועלכע האָבן גערעדט מיט באַוווּנדערונג וועגן היינעס דיכטערישן ווערק. שוין נישט צו רעדן וועגן ניטשען, וועלכער האָט באַקומען פון היינען „דעם העכסטן באַגריף פון אַ ליריקער", און וועלכער האָט אין די יאָרטויזנטער פון דער פּאָעזיע נישט

געפונען קיין „גלייך זיסע און ליידנשאפטלעכע מוזיק" ווי אין היינעס דיכטונג. צו די דייטשע באַוווּנדערער פון היינען געהערן אַזעלכע ווי די דיכטער פרידריך העבעל, ווי דער ליטעראַטור־היסטאָריקער שערער און אַפילו דער באַוווּסטער רעאַקציאָנערער פרייסישער היסטאָריקער טרייטשקע שרייבט וועגן היינעס „אמת־דייטשע לידער ווי די „לאָרעליי", דאָס דאָזיקע עכטע קינד פון דייטשער ראָמאַנטיק". און וואָס ס'איז נוגע היינעס „פראַנצויזנטום", וועגן וועלכן די דייטשן זידלען אים אַזוי פיל, האָט וועגן דעם געשריבן נישט קיין אַנדערער ווי ביסמאַרק, אַז ווען ער וואָלט זיך געפונען אין היינעס לאַגע, וואָלט ער אויך נישט אַנדערש געהאַנדלט. וואָלט עס מיר דען געווען געפעלן — פרעגט ביסמאַרק — ווען איך וואָלט ווי היינע געווען געבוירן אַלס ייד און מען וואָלט מיר יעדן אָוונט 8 אַזייגער פאַרשלאָסן אין דער יידישער געטאָ, און בכלל ווי מען האָט די יידן געשטעלט אונטער די שווערסטע אויסנאַמס־געזעצן"? אָט אַזוי דערקלערט ביסמאַרק היינעס ענטוזיאַזם פאַר נאַפּאָלעאָנען, וועלכער האָט אין מערב־דייטש־לאַנד אָפּגעשאַפט די יידישע רעכטלאָזיקייט.

אָבער, ווי געזאָגט, ס'איז נישט אונדזער זאַך אָפּצושאַצן דאָס דייטשטום פון דעם דיכטער פון דער „לאָרעליי". אונדז אינטערעסירט היינעס דער ייד. און דער ייד אין היינען דריקט זיך אויס נישט בלויז אין זיינע דיכטערישע ווערק ווי „רבי יהודה הלוי", „פרינצעסין שבת", דער „רבי פון באַכאַראַך", „צו אדור־מען" און אַנדערע, נאָר גאַנץ באַזונדערס אין זיינע בריוו און אין פאַרשידענע באַמערקונגען, וואָס זענען צעשפּרייט איבער אַלע זיינע שריפטן. היינע איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ באַוווּסטזיניקער ייד מיט אַ דורכאויס פּאָזיטיווער באַצי־אונג צום יידנטום אַלס היסטאָרישע און גייסטיקע און עטישע איינהייט און אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער זיך אויך דערוווייטערט פון זיין פריוואַלער באַציאונג צו דער יידישער רעליגיע און באַזונדערס צום יידישן גאָט־געדאַנק. מען קאָן זאָגן אָן אַ שום גוזמא, אַז היינע איז געווען און ער האָט זיך געפילט אַלס אַ פולשטענדיקער ייד, און דערפאַר גלויב איך, אַז מען מעג און מען דאַרף זאָגן אַ קדיש צום יאָרצייט פון דעם דיכטער, וועלכער האָט אַמאָל אין אַ שעה פון רעזיגנאַציע געזונגען:

„קיינער קדיש ווירד מאַן זאַגען
קיינע מעסע ווירד מאַן זינגען
אַן מיינעם שטערבע־טאַגע".

דער אמת איז, אַז היינען איז נישט געגאַנגען אַזוי שטאַרק אין דער „מע־סע" ווי אין אַ קדיש.

ס'איז באוווסט, אז היינע האָט זיין טויף־צעטל באטראכט אלס אן „אנטרע־בילעט צו דער אייראָפּעאישער קולטור". ס'איז אויך באקאנט, אז היינע האָט געהערט צום ענגן קרייז פון די, וועלכע האָבן סוף 1819 געגרינדעט דעם „פאריין פאר קולטור און וויסנשאפט פון יידנטום". דער דאָזיקער קרייז — אייגנטלעך איז דאָס געווען א דרייעק — איז באשטאנען פון דריי מענטשן: לעאָפּאָלד (יום־טוב ליפּמאַן) צונץ, ד"ר עדוואַרד גאנז און משה מאָזער. היינע איז שפּעטער צוגעטראָטן און גענומען אָנטייל אין אלע זיצונגען פון דעם פאריין. אָבער דער דאָזיקער פאריין, ביי וועלכן צונץ האָט אויך ארויסגעגעבן די „צייטשריפט פאר דער וויסנשאפט פון יידנטום", איז זיך אין 1824 פונאנדערגעפאלן צוליב דעם, וואָס די מערסטע פון זיינע מיטגלידער האָבן זיך געשמדט, צווישן זיי אויך איי־נער פון די גרינדער, עדוואַרד גאנז. וועגן דעם פונאנדערפאל פון דעם דאָזיקן פאריין זיינען פאראן צוויי בריוו, איינער פון משה מאזער, דער אנדערער פון לעאָפּאָלד צונץ; ביידע צו עמאנועל וואָהלוויל, און ביידע שפּיגלען אָפּ די שטי־מונג און די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע אטמאָספערע, וואָס האָט דאַן געהערשט אין די קרייזן פון די געבילדעטע דייטשע יידן.

אזוי שרייבט מאָזעס מאזער צו עמנואל וואָהלוויל אין א בריוו פון מאי 1824 צווישן אנדערן פאָלגנדעס:

„...פונעם יידנטום איז נישט מער איבערגעבליבן ווי נאָר דער שמערץ אין א טייל געמיטער... ס'איז נישטאָ קיין שום אינטערעס פארן יידנטום, אָדער וואָס עס רופט זיך אזוי אָן. ביי אַן אויסגעשטאָפּטן רבי אינעם זאָאָלאָגישן מוזעאום וואָלט מען נאָך געקענט מער יידנטום שטודירן ווי ביי די פּרעדיגן פון די ראבינער אין טעמפּל. דאָס יידנטום מוז דאָרט אויפהערן, ווו דאָס פאָלק הייבט אָן צו פארלירן און פארגעסן זיין באוווסטזיין אלס גאַנצס פאָלק".

און צונץ דריקט אויס נאָך שטארקער דעם דאָזיקן יאוש אין א בריוו צו דעם זעלבן וואָהלוויל:

„...דערצו בין איך געקומען, נישט מער צו גלויבן אין דער מעגלעכקייט דאָס יידנטום צו באנייען: מיט שטיינער מוז מען ווארפן אויף דעם דאָזיקן גע־שפּענסט, כדי דאָס צו פארטרייבן. די גוטע יידן זענען אזיאַטן, אָדער אומבא־וווסטע קריסטן, אָדער די קליינע צאָל מענטשן, צו וועלכע אויך איך געהער... דאָס יידנטום, וועלכעס מיר ווילן רעקאָנסטרואירן, איז צעריסן און איז געוואָרן דער שלל פון די בארבארן, נאראָנים, חלפנים, אידיאָטן און פּרנסים. נישט איין מאָל נאָך וועט די זון זיך ארומדרייען און אלץ טרעפן דאָס דאָזיקע געשלעכט אזוי ווי היינט: צעריסן, אריבערפליסענדיק אין דער קריסטלעכער נויט־רעליגיע, אָן א שום ווירדע, אָן א פּרינציפּ"...

צונץ האָט נאָר איין האָפענונג: די וויסנשאַפט פונעם יידנטום. זי וועט זיך ראַטעווען פונעם מבול.

א יאָר פריער רעדט היינע אין אַ בריוו צו דעם זעלבן וואָהלוויל, מיט דער זעלבער ביטערקייט וועגן די רעפאָרמאַטאָרן פונעם יידנטום, וועלכע ער באַצייכנט אַלס הינעראויגן־כירורגן, וועלכע ווילן היילן דעם קראַנקן קערפּער פונעם יידנטום מיט די פאַרנונפט־באַנדאַזשן פון שפּינוועבעכץ. „מיר האָבן נישט מער קיין כוח — שרייבט היינע — צו טראָגן אַ באָרד, צו פאַסטן, צו האַסן און אין האַס צו ליידן; דאָס איז דער מאָטיוו פון אונדזער רעפאָרמאַציע. די איינע, וועלכע באַקומען זייער בילדונג און אויפקלערונג פון קאָמעדיאַנטן, ווילן דעם יידנטום געבן אַ נייע דעקאָראַציע, נייע קוליסן, זיי ווילן דאָס יידנטום אַריינגיסן אין אַ שיינעם באַסיין פון פּאַפּענדעקל... אַנדערע ווילן האָבן אַן עוואַנגעליש קריסטנטום אונטער אַ יידישער פירמע און זיי מאַכן זיך אַ טלית פון דער וואָל פון אַ געטלעכן שעפּסל, אַ וועסטל אויסגעבעט פון פעדערן פון דער טויב פונעם הייליקן גייסט און אונטערהויזן פון קריסטלעכער ליבע, און זיי באַנקראָטירן, און די נייע פירמע שרייבט זיך: „גאָט, קריסטוס עט קאָמפּ.״ צום גליק וועט זיך דאָס דאָזיקע הויז נישט לאַנג האַלטן: זיינע וועקסלען אויף דער פילאָזאָפיע קומען צוריק מיט פּראָטעסט״...

מיט אָט אַזאַ ביטערער איראָניע שרייבט דער יונגער היינע וועגן דעם רעפאָרם־יידנטום פון יענער צייט. אין דעם זעלבן בריוו שרייבט ער ווייטער, אַז אויך ער האָט נישט קיין כוח צו טראָגן אַ באָרד, זיך צו לאָזן נאָכשרייען „ייד״, צו פאַסטן און צו עסן מצות. אין דער זעלבער צייט שרייבט ער אין אַן אַנדערן בריוו, אַז אין ענינים פון יידנטום איז ער אינדיפערענט און אַז זיין צוגעבונדנקייט צו יידישקייט („אַן דאָס יודענטום״) איז נאָר אַדאַנק זיין טיפער אַנטיפּאַטיע צום קריסטנטום.

אין אַ בריוו צו מאָזעס מאָזער פון יוני 1823 שרייבט היינע, אַז ער וואָלט וועלן אין דער „צייטשריפט פאַר דער וויסנשאַפט פון יידנטום״ „אויסדריקן זיין גרויסן יידנשמערץ״, און דאָ מאַכט ער אַ פּאָר פריוואָלע איראָנישע באַמערקונגען וועגן דעם „אַלטען הערן״ (גאָט), פאַר וואָס ער לאָזט אים ליידן קאָפּווייטיק. ס׳איז נישט פּאָליטיש קלוג פון דעם אַלטען הערן, וואָרום ער ווייסט דאָך, וואָס ער, היינע, וואָלט געוואָלט פאַר אים טון. „אָדער, פרעגט היינע, איז אפשר דער אַלטער אַליין־הערשער איבער יהודה שוין אויך געוואָרן אויפגעקלערט און ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין נאַציאָנאַליטעט און פון זיינע רעכט אויף זיינע גלויביקע לטובת געוואַגטע קאָסמאָפּאָליטישע אידייען?״

אין אַ בריוו צו מאָזערן פון סעפּטעמבער פון דעם דעם זעלבן יאָר רעדט היינע וועגן זיין יורידישן שטודיום, וועלכעס זאָל אים אין דער צוקונפט געבן ברויט. אָבער דערצו איז נייטיק קודם־כל זיך צו שמדן. קיינער פון זיין פאַמיליע איז נישט קעגן דעם, חוץ אים אַליין. אָבער ער איז אַן עקשן, שרייבט ער. „פון

מיינע אָנשויאונגען — שרייבט היינע — קאָנסטו דיר פאָרשטעלן, אז דאָס טויפן זיך איז פאר מיר א גלייכגילטיקער אקט און אפילו סימבאָליש, באטראַכט איך אים נישט פאַר וויכטיק, און א ביי די אומשטענדן, ביי וועלכע דער טויף־אקט וואָלט ביי מיר דורכגעפירט געוואָרן, קאָן ער אויך קיין שום באדייטונג נישט האָבן. פאר מיר וואָלט ער נאָר געהאַט די איינע באַדייטונג, וואָס איך וואָלט מיך געקענט מער אָפּגעבן מיט דעם קאַמף פאַר די רעכט פון מיינע אומ־גליקלעכע יידישע ברידער. אָבער נישט געקוקט אויף דעם האַלט איך דאָס פאַר אומווירדיק און עס וואָלט געוועזן א פלעק אויף מיין ערע, ווען איך זאָל מיך טויפן, כדי צו באַקומען אַן אַמט אין פּרייסן".

אין א צווייטן בריוו (אין יאַנואַר 1824) מאַכט היינע א פאָרוואורף מאזערן, פאַרוואָס ער שרייבט אים וועניק וועגן דעם „פאַריין פאַר קולטור און וויסנ־שאַפט פון יידנטום". „דענקסטו אפשר, אז די זאַך פון אונדזערע ברידער ליגט מיר נישט אין האַרץ?" — פרעגט ער זיין פריינט, און ער חזרט דערביי איבער די שבועה: „זאָל פאַרטריקנט ווערן מיין רעכטע האַנט, אויב איך וועל אין דיר פאַרגעסן, ירושלים!"

דעם 25־טן יוני שרייבט היינע, אז ער פאַרנעמט זיך מיטן שטודיום פון אַלע כראָניקעס פון יידישער געשיכטע אין שייכות מיט דעם „רבי פון באַכאַ־ראַך" און אפשר אויך „צוליב אינערע באַדערפעניש". „גאַנץ באַזונדערע גע־פילן באַוועגן מיך — שרייבט היינע — ווען איך בלעטער דורך יענע טרויעריקע אַנאַלן, וועלכע גיבן מיר באַלערונג און שמערץ. דער גייסט פון דער יידישער גע־שיכטע, אַנטפּלעקט זיך מיר וואָס אַמאָל מער און די דאָזיקע גייסטיקע וואָפן וועלן מיר אין דער צוקונפט זייער צונוץ קומען".

אָבער, גענוי צום יאָר נאָכן אָנשרייבן די דאָזיקע ווערטער, דעם 25־טן יוני 1825, טויפט זיך היינע אַלס עוואַנגעליקער. דער דאָזיקער שמד איז כאַ־ראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס ער ווערט דורכגעפירט אומגעפער א מאָנאַט נאָכ־דעם ווי היינע האָט אָפּגעלייגט זיין פּראָמאָציע־עקזאַמען אַלס יוריסט. אָבער דער שמד ענדערט אַבסאָלוט נישט זיין אינטערעס און זיין אינערע באַציאונג צום יידנטום. זעקס טעג נאָך דעם טויף־אַקט שרייבט ער צו מאזערן, אז ער האָפט דאָס יאָר צו פאַרענדיקן זיין „רבי פון באַכאַראַך". „דאָס וועט זיין א בוך — שרייבט ער — וואָס וועט דערמאָנט ווערן פון די צונגען פון אַלע צייטן".

זיין אינערע באַציאונג צום קריסטנטום און צו שמד דריקט אויס היינע אין א בריוו צו מאזערן דעם 14־טן דעצעמבער 1825, אין וועלכן ער שרייבט צווישן אַנדערן:

„...כ'ווייס נישט, וואָס איך זאָל דערצו זאָגן: קאָהן פאַרזיכערט מיר, אז גאנז פּרעדיגט דאָס קריסטנטום און ער סטאַרעט זיך די קינדער פון ישראל אי־בערצוקערן. טוט ער דאָס אויס איבערצייגונג, איז ער א נאַר; טוט ער דאָס אויס

היפאָקריטססטווע, איז ער אַ לומפּ. איך וועל נישט אויפהערן צוליב דעם גאנזן ליב צו האָבן; אָבער איך בין מודה, אַז אַ סך ליבער וואָלט מיר געווען, ווען איך וואָלט אָנשטאָט די אויביקע נאַכריכט, געוויר געוואָרן, אַז גאנז האָט געגנבעט זילבערנע לעפל.

„אַז דו, ליבער מאזער, זאָלסט דענקען ווי גאנז, קאָן איך נישט גלויבן, כאָטש קאָהן פאַרזיכערט מיר דאָס. עס וואָלט מיר זייער לייד געטון, ווען מיין איינגן געטויפט־זיין זאָל זיך דיר אַרויסווייזן אין אַ גוטן ליכט. איך פאַרזיכער דיר, אַז ווען די געזעצן וואָלטן דערלויבט דאָס גנבענען זילבערנע לעפל, וואָלט איך מיך נישט געטויפט.

„פּאַריקן שבת בין איך געווען אין טעמפּל און איך האָב געהאַט אַ פרייד צוצוהערן ווי ד״ר סאַלאָמאָן איז אַרויסגעטראָטן קעגן די געטויפטע יידן און באַזונדערס שאַרף האָט ער גערעדט וועגן די, וועלכע, צוליב אַ בלויזער האָפּער־נונג צו באַקומען אַ שטעלע, לאָזן זיי זיך אָנרעדן צו ווערן אומטריי דער אמונה פון זייערע אבות״.

היינע איז זיין גאַנץ לעבן געבליבן אַ זעלבסטבאַוווסטער ייד און ער איז געווען אַ ייד אין זיין קינסטלערישן אונטערבאַוווסטזיין. זיין טויט־אַקט פון 25־טן יוני 1825 האָט ער באַדויערט אויף אַזוי ווייט, אַז דאָס „גנבענען זילבערנע לעפל״ האָט אים אויסגעזען שענער ווי שמד.

ער האָט דעריבער פאַרדינט, אַז מען זאָל אים זאָגן אַ קדיש צו זיין יאָר־צייט. היינט ווערט גראָד 90 יאָר פון היינעס טויט. ער איז געשטאָרבן דעם 1־טן פעברואַר 1856.

(1946)

# ראָזאַ לוקסעמבורג

## (צום 20־טן יאָרטאָג פון איר טויט)

די טעג איז געוואָרן צוואַנציק יאָר פון דעם טאָג ווען דייטשע נאַציאָנאַ־ליסטן האָבן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דערמאָרדעט ראָזאַ לוקסעמבורג, די רע־וואָלוציאָנערע קעמפּפערין און טרוימערין פון דער געטאָ. דעם זעלבן טאָג איז אויך דערהרגעט געוואָרן איר קאַמף־חבר קאַרל ליבקנעכט, און ביידנס גופים זענען פון די מערדער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין וואַסער.

כ׳וויים נישט צי די קאָמוניסטן אָדער סאָציאַליסטן האָבן דערמאָנט די דאָזיקע צוויי רעוואָלוציאָנערע קעמפּער אין טאָג פון זייער יאָרצייט — דעם 15-טן יאַנואַר. ס׳איז אַגב נישט אַזוי זיכער, צי איז דער גרינדער פונעם ספּאַר־טאַקוס-בונד אין דייטשלאַנד, קאַרל ליבקנעכט געווען אַ קאָמוניסט. נישט דאָ איז דער פּלאַץ, די דאָזיקע פראַגע צו באַטראַכטן. וועגן ראָזע לוקסעמבורג איז זיכער אַז זי איז נישט געווען קיין קאָמוניסטן לויטן מאָסקווער נוסח. זי איז געווען אַ קעגנערין פון לענינס דיקטאַטור-פּאָליטיק. אין איינעם פון אירע אַר־טיקלען זאָגט זי, אַז „פרייהייט נאָר פאַר די פריינט פון דער רעגירונג, פריי־הייט נאָר פאַר די מיטגלידער פון דער רעגירונגס־פּאַרטיי, איז נישט קיין פריי־הייט. פרייהייט הייסט תמיד די פרייהייט צו מעגן דענקען אַנדערש ווי די רע־גירונג".

דאָ אינטערעסירט אונדז, נישט די קאָמוניסטין אָדער סאָציאַליסטין ראָזאַ לוקסעמבורג, נאָר ראָזאַ לוקסעמבורג די יידישע טאָכטער פון פּוילן, וועלכע איז אַלס טרוימערין וועגן אַ וועלט פון פרייהייט און יושר געוואָרן אַן אַלוועלטלעכע רעוואָלוציאָנערע קעמפערין.

ראָזאַ לוקסעמבורג איז געבוירן געוואָרן אין זאַמאָשטש, אין פּרצס שטאָט. איר פאָטער איז געווען אַ רייכער סוחר, אַן אָרטאָדאָקסישער ייד, אַ משכיל. שוין אין די קינדער־יאָרן האָט זי אַרויסגעוויזן הומאַניטאַרע געפילן צו די דינ־נער פון איר היים און אַלס אַ יונג מיידל אין דער גימנאַזיע אין וואַרשע האָט זי פאַרפאַסט אַ רעוואָלוציאָנער געדיכט אין שייכות מיט דעם באַזוך פון ווילהעלם דעם צווייטן אין פּוילן. ווען זי האָט געענדיקט די גימנאַזיע איז זי שוין

געווען פאַרשריבן ביי דער פּאָליציי אַלס אַ געפערלעכע רעוואָלוציאָנערקע, און זי האָט דעריבער געמוזט אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. אין ציריך איז זי צוגעשטאַנען צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אַלס יונגע 23-יעריקע סטודענטקע האָט זי גענומען אָנטייל אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין ציריך אין 1893 און גערופן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלטע דערפאַרענע סאָציאַליסטישע קעמפער.

ראָזאַ לוקסעמבורג האָט גענומען אָנטייל אינעם סאָציאַליסטישן קאַמף פון דריי לענדער: פּוילן, רוסלאַנד, דייטשלאַנד. אין די אַלע לענדער איז זי געווען די פאָרשטייערין פון די ראַדיקאַלע קאַמף-מעטאָדן, פון דער שאַרפער שפּראַך. אין די אַלע דריי לענדער איז זי געהאַסט געוואָרן נישט אַזוי ביי די בירגערלעכע פּאַרטייען ווי ביי די געמעסיקטע, אָדער, לאָמיר זאָגן, נישט היסטערישע סאָציאַליסטן.

היסטעריע: דאָס האָט איר אַמאָל פאָרגעוואָרפן דער פּוילישער סאָציאַליסטן-פירער דאַשינסקי. דער פּוילישער פירער איז קעגן ראָזאַן געווען זייער אומהעפלעך. אויף איינעם אַ קאָנגרעס פון די פּוילישע סאָציאַליסטן האָט דאַשינסקי זיך אויסגעדריקט וועגן ראָזאַ לוקסעמבורג, אַז זי איז אַ „היסטערישנאַ באַבאַ" (אַ היסטערישע נקבה).

ראָזאַ לוקסעמבורג איז געווען קעגן דעם פּאַטריאָטישן פּראָגראַם פונעם פּוילישן סאָציאַליזם — קעגן דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן. זי האָט פאַרטראָטן די מיינונג, אַז פאַר פּוילן איז עקאָנאָמיש בעסער צו בילדן אַן אויטאָנאָמע פּראָווינץ פון אַן אַלרוסישער רעפּובליק. די פּוילישע סאָציאַליסטן פון דאַשינסקיס חדר האָבן אָבער אין ראָזאַס קעגנערשאַפט צו דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן געזען אַן אויסדרוק פון פּוילן-פיינטלעכקייט פון דער יידישקע.

דאָ דאַרף מען דערמאָנען אַז ראָזאַ האָט אַלס קעמפערין ניט געקענט קיין גרעניץ, קיין מעסיקונג. דער אויסדרוק „היסטעריע" איז נישט געווען צו שאַרף פאַר אירע קאַמף-מעטאָדן. און די דאָזיקע היציקע לײדנשאַפטלעכע קאַמף-מעטאָדן האָט זי אָנגעווענדעט אומעטום — אויך אין דייטשלאַנד, וווּ זי איז אייגנטלעך געווען אַ פרעמדע. זי איז געוואָרן אַ דייטשע בירגערין דורך דער פאַרמעלער חתונה מיט אַ דייטשן אַרבעטער, מיט וועלכן זי האָט נישט צוזאַמענגעלעבט. אָבער די דייטשן, אפילו די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן אין איר געמוזט זען און פילן אַ פרעמדע. די יידישע טאָכטער פון זאַמאָשטש האָט אין איר רעוואָלוציאָנערן ברען נישט געקענט קיין גרעניצן און זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז אייגנטלעך איז זי נישט קיין דייטשקע און אַז איר אַריינמישן זיך אין די וויטאַלסטע פראַגן פון דייטשן פאָלק איז אפשר נישט געוווּנטשן.

ראָזאַ לוקסעמבורג האָט דוכט זיך נישט געהאַט קיין חוש פאַר נאַציאָנאַלע באַזונדערקייט, פאַר דער עקזיסטענץ פון באַזונדערע נאַציאָנאַלע אינטע-

דעסן. זי האָט זיך איינגערעדט אַז זי, די יידישע טאָכטער פון זאַמאָשטש קאָן גלייכצייטיק קעמפן קעגן די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס אין פּוילן און קעגן דער רעאַלער פּאָליטיק פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

אין מאַי 1917 האָט ראָזאַ צוזאַמען מיט קאַרל ליבקנעכט, איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער מלחמה. זי איז דערפאַר געוואָרן אַרעסטירט און איז אָפּגעזעסן אין תפיסה ביז סוף מלחמה. ווערנדיק באַפרייט נאָך דער מפּלה פונעם פּרייסישן מיליטאַריזם, האָט ראָזאַ לוקסעמבורג זיך געוואָרפן מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט אין פייער פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט זי זיך ווידער צונויפגעפונען מיט ליבקנעכטן. אין דייטשלאַנד האָט דעמאָלט געהערשט נאָסקע, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, וועלכער האָט מיט דער הילף פון מיליטאַריזם, באַקעמפט די לינקע שטרעמונגען אינעם דייטשן פּראָלעטאַריאַט. באַלד האָט מען נישט געוווסט, ווער ס'איז דער אמתער באַלעבאָס אין דייטשלאַנד: נאָסקע, צי די אין דער מלחמה געשלאָגענע מיליטער־לייט וועלכע האָבן גענומען אַרויסווייזן „העלדישקייט" אין די דייטשע שטעט.

אין קאַמף קעגן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער האָבן די מיליטער-לייט שוין נישט געוואַרט אויף נאָסקעס באַפעלן און גענומען אַרבעטן „זעלבסשטענדיק".

לוקסעמבורג און ליבקנעכט האָבן דערפילט די סכנה און האָבן זיך באַהאַלטן. אָבער דעם 15-טן יאַנואַר האָט מען זיי געכאַפּט און געשלעפּט צום שטאַב פון איינער פון די מיליטער-בריגאַדעס אין האָטעל עדען אין בערלין. מען האָט זיי ביידע פּאַראורטיילט צום טויט. ווען מען האָט ראָזאַ לוקסעמבורג אַרויסגעפירט פונעם האָטעל, איז צוגעלאָפן דער סערזשאַנט רונגע און מיט דער קאָלבע פון זיין ביקס איר צעקלאַפּט דעם קאָפּ. מען האָט זי אַ פּאַרחלשטע אַריינגעוואָרפן אין אַן אויטאָמאָביל און אַן אָפיציר האָט מיט אַ רעוואָלווער־קויל פאַרענדיקט דעם מאָרד. דעם טויטן קערפּער האָבן די מערדער אַריינגעוואָרפן אין וואַסער אַריין. און דאָס פאַרברעכן איז אַריין „ווי אין וואַסער". אָט אַזוי האָבן די היטלעריסטישע מעטאָדן אָנגעהויבן צו ווירקן נאָך אין נאָסקעס רעפּובליק.

מיט דעם מאָרד איבער ראָזאַ לוקסעמבורג און קאַרל ליבקנעכט האָט זיך אָנגעהויבן די סעריע פון פּאָליטישע מאָרדן אין דייטשלאַנד נאָך פאַר דער קאָנסטיטואירונג פון דער ווייכאַרער רעפּובליק. פינף וואָכן נאָך דעם דאָזיקן דאָפּלטמאָרד איז דערמאָרדעט געוואָרן קורט אייזנער, דער שעף פון דער מינכענער רעגירונג. דערנאָך גוסטאַוו לאַנדויער און שפּעטער לעוויען און לעווינעניעסען. און אַזוי ביז צו ערצבערגער און ראַטענאַו.

די דאָ אויסגערעכנטע דערמאָרדעטע פירער פון דער דייטשער רעוואָלוציע זענען אַלע — אַ חוץ ליבקנעכטן און דעם קאַטוילישן פירער ערצבערגער — געווען יידן. עריך מיהזאַם האָט דעמאָלט געהאַט דאָס אומגליק נישט דערמאָר־

דעם צו ווערן, כדי אין 15 יאָר שפּעטער צו מוזן ליידן די פּייניקונגען און יסו־רים אין היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגער.

פון די רעוואָלוציאָנערע קעמפער פאַר דער פרייהייט און פאַרן גליק פונעם דייטשן פאָלק האָט קיינער נישט אַזוי רעפּרעזענטירט דעם טיפּ פון „טרוימער פון דער געטאָ," ווי ראָזאַ לוקסעמבורג. זי, די עקסטרעמע ליידנשאַפטלעכע רעוואָלוציאָנערע קעמפערין איז געווען בטבע אַ מילדע, אַ צאַרטע, אַ פּאָעטישע נאַטור, וועלכע האָט אָרגאַניש נישט געקענט פאַרטראָגן קיין מיאוסקייט, קיין נידעריקייט, אָבער אויך קיין אומגערעכטיקייט. זי האָט ליב געהאַט די נאַטור מיט דער ליבע פון אַ פאַרטרוימטן פּאָעט. אין דער נאַטור האָט זי געזען סאָציאַ־ליזם. אין דער נאַטור איז נישטאָ קיין אומגערעכטיקייט, יעדעס גרעזל, יעדעס בלימל, יעדע חיה פון די קלענסטע ביז צו די גרעסטע, האָבן זיך זייערע געזעצן און זייערע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן. אין דער נאַטור איז נישטאָ קיין אומ־גערעכטיקייט. פאַרוואָסזשע זאָל דוקא ביי די מענטשן זיין אַזוי פיל אומגע־רעכטיקייט?

אין זיין בוך „טויט און געבורט פון דאַוויד מאַרקענד" פאַראייביקט וואַל־דאָ פראַנק דעם צאַרטן און מילדן כאַראַקטער פון ראָזאַ לוקסעמבורג. גייענדיק שפּאַצירן אין פעלד מיט אַ חבר, און דערזעענדיק אַן אָראַפּגעפאַלענע נעסט מיט צוויי שוועלבעלעך, קאָן די רעוואָלוציאָנערע קעמפערין נישט ווייטער גיין. זי שטעלט זיך אָפּ, הויבט אויף די צוויי שוועלבעלעך און קערט זיך אום אַהיים, אום זיי צו דערמונטערן און זיי אויסצוהיילן די פליגעלעך.

דאָס דאָזיקע בילד פון וואַלדאָ פראַנק איז אַ פאַנטאַזיע, אָבער אַ פאַנ־טאַזיע וואָס מאָלט דעם ווירקלעכן כאַראַקטער פון ראָזאַ לוקסעמבורג. אַזאַ איז זי געווען די רעוואָלוציאָנערע קעמפערין, זי וואָס איז אַזוי געווען געהאַסט צו־ליב אירע עקסטרעמע קאַמף־מעטאָדן. זי איז געווען עקסטרעם, ווייל זי האָט געהאַסט דאָס שלעכטע, געהאַסט די אומגערעכטיקייט. און זי האָט געהאַסט דאָס שלעכטע צוליב איר גוטקייט. און ווען מען מוז קעמפן קעגן אומגערעכ־טיקייט, צי מוז מען זיך רעכענען מיט עפּעס דאָרט גרעניצן, וועלכע זענען שוין אַליין פאַר זיך אַן אויסדרוק פון אומגערעכטיקייט?

(1939)

# וועגן דער עובדא צו „זאָגן די מענטשן דעם אמת"

פאַראַן מענטשן, וועלכע האָבן אַ מאָדנע דערהויבענע מיינונג וועגן דער מאָראַלישער און דערציערישער מאַכט פון אונדז צייטונגס־שרייבער. און דאָס נישט פון די, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דעם מין זשורנאַליזם וואָס געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון „אָנרייבן אַ מאָרדע", אָדער פון חניפה, נאָר פון די וועלכע דריקן פשוט אויס געוויסע מיינונגען אָן זייטיקע פניות און וועלכע באַלאַנגען דערפאַר נישט צו די „אָנגעזעענע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט". עס טרעפט דעריבער טיילמאָל, אַז צוליב דער איבערשאַצונג פון אונדזער מאָראַלישער מאַכט דערנענטערן זיך צו אונדז טיילמאָל ערנסטע מענטשן, פאָדערנדיק פון אונדז, אַז מיר זאָלן אַרויסטרעטן קעגן דער אָדער יענער עוולה וואָס פּאַסירט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, קעגן אַזאַ, אָדער אַן אַנדערע נאַרישקייט אָדער אומאָרנטלעכקייט.

אָט אַזוי איז צו מיר נעכטן צוגעקומען אַ מענטש מיט דער קאַטעגאָרישער פאָדערונג, צו פאַרדאַמען אַ געוויסע פּאַסירונג, וועלכע האָט אויך מיר אויסגעוויזן אַלס אַ נישט שיינע.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך מיך שוין אָפּגעוווינט פון דער טבע צו זאָגן שטענדיק מוסר דעם עולם. מען געווינט זיך נישט קיין פריינט מיט מוסר־זאָגן. ס'איז אויך נישט קלוג, שטענדיק צו מאַטערן די מענטשן מיטן אמת, אָדער מיט דעם וואָס מען האַלט פאַר אמת. פאַר זאָגן אַלעמען דעם אמת, קויפט מען זיך איין אַלע פאַר שונאים. ווער איז דאָס מחויב צו זיין שטענדיק גרייט צו זאָגן אַלעמען דעם אמת? אַ גוט דערצויגענער מענטש היט זיך, ווי ווייט מעגלעך, פון זאָגן די מענטשן דעם אמת. דאָס הייסט נישט, אַז ער מוז זאָגן ליגן. אָבער, אַז מען וויל לעבן אין פריינטשאַפט מיט מענטשן, איז דאָס בעסטע, נישט זאָגן זיי קיין אמתן, וועלכע זיי קענען נישט פאַרטראָגן.

אָט למשל איינער אַ קאָלעגע, וועלכער שרייבט זייער אינטערעסאַנט אָבער ער וואַרפט קיינעם נישט קיין אמתן אין קאָפּ אַריין. דערפאַר לעבט ער גוט מיט אַלעמען, און איך גלויב, אַז ער האָט גאָר נישט קיין שונאים — יעדנפאַלס נישט קיין אָפענע שונאים. דאָ נישט לאַנג האָט מען דעם דאָזיקן קאָלעגע געמאַכט אַ באַנקעט צוליב דעם יאָרצייט נאָך זיין שוויגער, איז דאָס גאַנצע שטעטל

געקומען אים באערן. מען האט געזעןביים טיש פון קאמוניסטן ביז רעוויזיא־ניסטן הויץ אנדערע חיות און עופות וואס ווידמען זיך אויף גאטס ערד. נו, כ׳פרעג אייך, אויף מיין באנקעט וועלן אויך קומען מענטשן פון אזוי פיל פאר־שידענע לאגערן?

איז, טאקע, צו וואס טויג דאס צו פייניקן דעם עולם מיט אמתן אין וועלכע ער האט נישט קיין אינטערעס, אמתן, וועלכע זענען יעדנפאלס קעגן זיינע איי־גענע אמתן מיט וועלכע ער האט זיך איינגעלעבט און פון וועלכע ער טראכט גאר נישט זיך אפצוזאגן.

און אין דעם ליגט טאקע די גאנצע שוועריקייט פונעם פראבלעם, וואס מענטשן האבן נישט ליב זיך צו שיידן פון געוויסע געוווינהייטן, פון געוויסע טעותים וועלכע זיי האלטן פאר אמתן און פון געוויסע אנגענומענע מיינונגען וועלכע האבן זיך ביי זיי פארוואנדלט ממש אין הייליקייטן.

און נישט בלויז דאס פראסטע פאלק, דער המון-עם, האלט זיך פעסט ביי זיינע אנגענומענע מיינונגען, נאר אויך די וועלכע מיר האלטן פאר מענטשן פון א העכערער אינטעליגענץ. „ס׳איז גאנץ נאטירלעך״ — שרייבט שאפענהאוער — אז מיר פארהאלטן זיך נעגאטיוו און אפווערנדיק קעגן יעדער נייער אידייע, איבער וועלכער מיר האבן זיך שוין געבילדעט א מיינונג״. דאס באציט זיך סיי צו אזוי צו זאגן שוין „איינגעגעסענע״ אידייען, וועלכע מיר האבן אנגענומען, אפט אן א שום קריטישן קאנטראל, און מיט וועלכע מיר האבן זיך איינגעלעבט, ווי אויך צו געוויסע פאסירונגען פון טאג, וועגן וועלכע מיר בילדן זיך א מיינונג לויט אונדזערע, פונעם שכל נישט קאנטראלירטע סימפאטיעס און אנטיפאטיעס. דערפאר טאקע — זאגט ווייטער שאפענהאוער — איז אן אמת, וועלכער דארף אונדז אראפפירן פון אן אנגענומענעם טעות, פאר אונדז ווי א ביטערע און עקל־דיקע רפואה, באזונדערס ווייל די ווירקונג פון דער רפואה קומט ערשט שפע־טער, בעת ביים איינגעמען איר פילן מיר נאר דעם ביטערן און עקלדיקן טעם״.

דערפאר טאקע דארף א מענטש, וואס וויל לעבן בשלום מיט דער וועלט זיך אפהאלטן ווי ווייט מעגלעך פון זאגן נישט געבעטענע אמתן. ווארים סיי ווי סיי איז נישטא קיין איין אמת פאר אלעמען. דאס וואס איז אמת פאר איין צד, איז פארן אנדערן שקר. אמתן אבער וועלכע האבן פאר געוויסע מענטשן א טעם ווי א ביטערע רפואה, וועלן זיי קיינמאל נישט איינגעמען און זיי וועלן בלייבן אייביקע שונאים פון דעם, וועלכער האט געוואגט, זיי די דאזיקע רפואה צו דערלאנגען.

אין א וויץ-בלאט האב איך אמאל געזען א צייכענונג וועלכע האט פארגע־שטעלט א מענטשן מיט א שטארק פארבאנדאזשירטן קאפ. אונטער דער צייכע־נונג האט זיך געזאגט: „נעכטן האב איך אנגעהויבן צו זאגן די מענטשן דעם אמת, און״... פאר זאגן דעם אמת באקומט מען א צעשלאגענעם קאפ.

# הומאַניטעט

ביים טשעכישן נאָוועליסט יאַראָסלאַוו האַשעק, איז פאַראַן אַ דערציילונג, אין וועלכער עס ווערט אויף אַ בייסיקן אופן און מיט אַ חנעוודיקן פיינעם הומאָר אויסגעלאַכט אונדזער אַזוי גערופענע הומאַניטעט.

עס האַנדלט זיך ביי האַשעקן וועגן אַ פאַראורטיילטן צום טויט, וועלכער מעג, ווי געוויינלעך, אין לעצטן טאָג פון זיין לעבן, זיך אויסבעטן וואָס ער וויל נאָר, אַלץ, וואָס נאָר זיין האַרץ גלוסט. דער פאַראורטיילטער באַנוצט זיך אין אַ פולער מאָס מיט דער דאָזיקער „פּריווילעגיע”. דעם לעצטן טאָג פאַר דער תליה הייסט ער זיך ברענגען פון די שענסטע און בעסטע שפּייזן, בירן און וויינען. ער ווערט נישט מיד עסנדיק און טרינקענדיק, און יעדע שעה פאָדערט ער עפּעס נייעס, נייע פליישן, נייע וויינען, נייע פאַסטעלן. אַזוי גייט עס אַ גאַנצן טאָג ביז ביינאַכט. דער תפיסה-וועכטער שטייט אַ גאַנצן טאָג גרייט אים צו דינען. אויף דער נאַכט, נאָך אַ גאַנצן טאָג אכילה, פאַרגלוסט זיך אים, דעם פאַראורטיילטן, נאָך אַ שטיק לעבער-וווּרשט. דער דאָזיקער ווונטש, ווערט פאַרשטייט זיך, דערפילט. אָבער דעם אַנדערן טאָג אינדערפרי, ווען מען דאַרף שוין נעמען דעם בחור צו דער תליה, ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז געפערלעך קראַנק.

פאַרשטייט זיך, אַז די אויספירונג פון טויט-שטראָף מוז אָפּגעלעגט ווערן. מען פירט דעם פאַראורטיילטן אַריבער אין תפיסה-שפּיטאָל. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט זיך פאַרסמט דעם מאָגן מיט דער ניט פרישער לעבער-וווּרשט.

אין שפּיטאָל ווערט דער פאַראורטיילטער אויפמערקזאַם באַהאַנדלט, צערטלעך געפּלעגט און געהיילט. באַזונדערס אַ יונגער דאָקטאָר ווענדט אָן אַ סך מי כדי צו ראַטעווען דעם פאַראורטיילטן פון זיין געפערלעכער קרענק. און די אַרבעט גיט זיך איין. ביז צו די דריי וואָכן איז דער פאַראורטיילטער פולקאָם געזונט און מען קען אים פירן צו דער תליה. דער יונגער דאָקטאָר, וועלכער האָט דעם פאַראורטיילטן אַרויסגעראַטעוועט פון אַ געפערלעכער קראַנקייט, באַקומט אַ באַלוינונג. און דער ווורשטן-הענדלער, וועלכער האָט מיט זיין פאַרדאָרבענער ווורשט געבראַכט אין סכנה דאָס לעבן פון דעם פאַראורטיילטן, ווערט באַשטראָפט.

אין דער דאָזיקער הומאָרפולער געשיכטע האָב איך מיך דערמאָנט, לייע־נענדיק וועגן אַן אַקט פון הומאַניטעט, וואָס ס'איז באַוויזן געוואָרן אין וואַרשע לגבי אַ פאַרברעכער, וועלכן מען האָט געפירט צו דער תליה.

עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ יונגן פאַרברעכער, יאַן טשעבוראַ, וועלכער האָט דערמאָרדעט אַ ריכטער אין מאָמענט, ווען יענער האָט אים פאַרמשפט צו תפיסה פאַר אַ געוויסן פאַרברעכן. איצט האָט טשעבורא באַדאַרפט באַצאָלן מיט זיי לעבן פאַר דעם לעבן פון דעם דערמאָרדעטן ריכטער. אָבער אין מאָמענט, ווען מען האָט אים געבראַכט צו דער תליה און דער שטריק איז שוין געווען אַרום זיין האַלדז, נאָר איידער די פאַל-ברעט, אויף וועלכער ער איז געשטאַנען, איז אַרויסגענומען געוואָרן פון אונטער זיינע פיס — ווי עס ווערט באַשריבן מיט אַלע פרטים אין אַ מעלדונג פון וואַרשע — האָט דער פאַראורטיילטער געקראָגן אַן אָנפאַל פון עפּילעפּסיע, ווייל ער האָט שוין לאַנג געליטן פון דער פאַליקער קראַנקייט. דער תליין האָט זיך דאַן אָנטזאָגט אים צו הענגען, און ער איז גענו־מען געוואָרן אין שפּיטאָל, זיין טויט־אורטייל איז דערנאָך פאַרביטן געוואָרן אויף לעבנסלענגלעכער געפענגעניש.

אָט, זעט איר, אַ שטיק הומאַניטעט. פאַראַן מענטשלעכע געפילן, פון וועל־כע אַפילו אַ תליין קען זיך נישט באַפרייען. וואָרים טאַקע אין אמתן, ווי קען מען דאָס נעמען אַ שווער-קראַנקן מענטשן, אַן עפּילעפּטיקער, און אים אויפהענגען? קיין שום עפּילעפּטיקער וואָלט דאָס נישט אויסגעהאַלטן. און היינט די שרעק! פון בלויזן אָנקוקן די תליה מיט די שטריק מיט דעם תליין, פאַלט דער עפּילעפּ־טיקער אַנידער פאַר שרעק. זעט איר, אַ געזונטער איז עפּעס אַנדערש. און טאַקע נאָר אַ געזונטער מענטש קען אויסהאַלטן די תליה.

דער דאָזיקער יאַן טשעבורא אָבער איז אַ גליקלעכער מענטש. אַ דאַנק זיין עפּילעפּסיע קומט אַזוי בולט צום אויסדרוק די הומאַניטעט פון אונדזער צייט. און גליקלעך איז ער אויך, וואָס די מעדיציניש‌ע וויסנשאַפט איז נאָך אַביסל אָפּגעשטאַנען און זי האָט נאָך נישט אויסגעפונען קיין מיטל קעגן עפּילעפּסיע. וואָרים ווען די מעדיצין זאָל אַביסל פּראָגרעסירן, וואָלט געווען אַ סוף צו יאַן טשעבוראַס קאָפּ און צו זיין תליינס הומאַניטעט.

# אַ מעשה מיט אַ קייסער און צוויי ארץ-ישראל-יידן

דאָס איז נישט קיין ענין אויסצולאַכן פון נאַאיווע אַלטע לייט, וואָס דער־ציילן וווּנדערלעכע מעשיות פון אַמאָליקע יאָרן. טייל־מאָל האָבן טאַקע אין אַמאָ־ליקע יאָרן זיך געטראָפן זאַכן, וועלכע זענען אין אונדזער צייט ממש אוממעגלעך. דערפאַר דאַרף מען נישט אויסלאַכן די אַלטע לייט, וועלכע רעדן מיט בענקשאַפט וועגן אַמאָליקע יאָרן.

דאָס אָבער, וואָס איך וועל דאָ דערציילן, איז אַ מעשה מיט אַ קייסער און צוויי ארץ-ישראל-יידן. און דער קייסער איז געווען, פאַרשטייט זיך, נישט קיין אַנדערער ווי דער מלך-חסד, פראַנץ יאָזעף דער ערשטער יר״ה. און די צוויי ארץ-ישראל-יידן זענען געווען יידן, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן אַ העברעאישן זשורנאַל אין ירושלים. און ווער עס האָט שוין אַמאָל אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל, ווייסט מיט וויפל דאגות און ערגערניש און האַרץ-קלאַפעניש און צרות אַזאַ עובדא איז פאַרבונדן. בפרט ווען דער זשורנאַל, וואָס מען גיט אַרויס, איז אַ העברעאישער און די שטאָט, ווו דער זשורנאַל דערשיינט, איז ירושלים, און דער־צו די ירושלים פון מיט 74 יאָר צוריק, די ירושלים פון תרל״ה. קודם זענען גע־ווען צרות מיט דער ממשלה. די ממשלה איז געווען אַ טערקישע און דער טערק האָט נישט גערן געזען, אַז זיינע אונטערטאַנען זאָלן זיך פאַרנעמען מיט דרוקן ביכער, זשורנאַלן, צי אפילו סתם צייטונגען. דאָס איז געווען צרה נומער 1. און אַ צווייטע, אַ נאָך גרעסערע צרה, איז געווען מיטן דרוק. קיין סך דרוקערייען איז דעמאָלט אין ארץ-ישראל נישט געווען, און די, וואָס זענען געווען, האָבן גע־טוינגט אויף כפרות און חוץ לזה: ווו איז די יידישע קאָנקורענץ, וואָס איין ייד מאָר נישט לאָזן לעבן דעם אַנדערן? האָט נאָר אין זינען, אַז דאָס איז געווען אין ארץ-ישראל אין יאָר תרל״ה.

הכלל, נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן מיט אַזוי פיל צרות, זענען זיך מיישב די צוויי יידן — זיי האָבן געהייסן מיכל הכהן און אברהם זוסמאַן — אַז זיי וועלן פאָרן קיין ווין שואל-עצה זיין ביים קייסער פראַנץ יאָזעף, וואָס ס׳איז צו טון אין אַזאַ נויט, און טאַקע גלייכצייטיק פאַרצולייגן דעם קייסער ירום הודו די בקשה, ער זאָל העלפן. וואָרים ווער קאָן בעסער העלפן — נאָכן רבונו של עולם — ווי אַזאַ מלך חסד ווי דער קייסער פראַנץ יאָזעף.

זענען טאַקע די צוויי יידן געפאָרן קיין ווין, און דער קייסער, דער מלך־חסד האָט זיי טאַקע געהאָלפן.

דאָס איבעריקע אָבער וויל איך נאָכדערציילן פון דעם, וואָס ס'איז פאַרשריבן אין אַ ספר, וואָס הייסט „קבץ מאמרים לדברי ימי העתונות בארץ ישראל" — אַ זאַמלונג אַרטיקלען צו דער געשיכטע פון צייטונגסוועזן אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע זאַמלונג אַרטיקלען איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער ליי־טונג פון דער צייטונגס־אויסשטעלונג, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין תל־אביב אין ניסן תרצ"ה (אַפּריל 1935) דורך דעם באַוווּסטן זאַמלער פון יידישע צייטונגען פון אַלע לענדער און פון אַלע צייטן, זלמן פּעווזנער. דער „קבץ מאמרים" איז דערשינען אין צוויי בענדער אין תל־אביב, דער ערשטער באַנד רע־דאַקטירט דורך זלמן פּעווזנער און דער צווייטער דורך דוד יודילוביץ.

אין דעם דאָזיקן צווייטן באַנד זענען דאָ צוויי מאמרים פון ח. מ. מיכלין און פון זלמן פּעווזנער וועגן אַ זשורנאַל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין ירושלים מיט הפסקות צווישן תרל"ד און תרל"ז אונטערן טיטל „האריאל". אין בוך איז אויך דאָ אַ קלישע פון דעם שער־בלאַט פון דעם דערמאָנטן זשורנאַל, וועלכעס לייענט זיך אַזוי: „האריאל, יכלכל כל דבר הדרוש לאוהבי ציון הנאמנים. מאת מיכל הכהן ואברהם זוסמאַן". און אונטן שטייט: „בדפוס המו"ל אשר נתן לנו הקיסר החסד פראַנץ יאָזעף הראשון יר"ה" — דאָס הייסט אויף יידיש: גע־דרוקט אין דער דרוקעריי פון די אַרויסגעבער, וואָס עס האָט אונדז געשאָנקען דער גערעכטער קייסער פראַנץ יאָזעף דער ערשטער, זיין לויב זאָל דערהויבן ווערן". גאַנץ אונטן אויפן שער־בלאַט זענען נאָך דאָ אַ פּאָר שורות אין דייטש, „עברעאישעס אָרגאַן פיר בילדונג אונד וויסענשאַפט, יערוזאַלעם. געדרוקט ביי מ. קאהען און א. זוסמאַן אין דער פאָן זיינער מאַיעסטעט פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן, קאַיזער פאָן עסטרייך, איהנען הולדפאָל געשענקטען דרוקעריי".

דאָס הייסט, אַז דער קייסער פראַנץ יאָזעף האָט געשאָנקען צוויי ארץ־ישראל יידן אַ דרוקעריי, זיי זאָלן אַרויסגעבן אין ירושלים זייער העברעאישן זשורנאַל „פיר בילדונג אונד וויסענשאַפט".

דאָס איז דאָך באמת אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד אין אונדזער קולטור־געשיכטע. אַ קייסער, און דערצו קייסער פראַנץ יאָזעף, שענקט צוויי יידן אַ דרוקעריי אויף אַרויסצוגעבן אַ העברעאישן זשורנאַל אין ירושלים!

די מעשה וועגן דער פון פראַנץ יאָזעף געשאָנקענער דרוקעריי ווערט באַשטעטיקט פוןביידע דערמאָנטע אויטאָרן אין דעם „קבץ מאמרים", פון חיים מיכל מיכלין און פון זלמן פּעווזנער. נאָר ביי מיכלינען קומט־אויס, אַז נאָר איינער פון די שותפים, מיכל הכהן, איז געפאָרן קיין ווין און באַקומען פון קייסער די מתנה, און לויט פּעווזנערן זענען ביידע געווען אין ווין ביים קייסער און ביידע האָבן די מתנה באַקומען. פּעווזנערס גירסה ווייזט אויך אויס צו זיין ריכטיקער, וואָרים ווען נאָר איינער זאָל געווען האָבן געפועלט די שיינע מתנה,

וואָלט ער זיכער נישט געווען אזוי גוט און פרום זיך צו טיילן מיט דער מתנה מיט זיין שותף.

און דאָס איז די מעשה פון דער געשאָנקענער דרוקעריי, אזוי ווי זי ווערט דערציילט פון ביידע דערמאָנטע אויטאָרן, מיכלין און פעווזנער: די צוויי ארויס־געבער פונעם זשורנאל „הארי‌אל" האָבן אדאנק דער השתדלות פון דעם ווינער פרעדיקער, דעם באוווסטן ד"ר אהרן יעלינעק, באקומען אן אוידיענץ ביי דעם קייסער פראנץ יאָזעף. אויף דער אוידיענץ האָבן זיי אפעלירט צום קייסער, וועלכער האָט צווישן זיינע פיל טיטלען אויך געהאַט דעם טיטל „קעניג פון ירושלים", אז ער זאָל זיי העלפן צו באקומען א דרוקעריי, אויף ארויסצוגעבן א זשורנאל צו פארשפרייטן בילדונג אין דער הייליקער שטאָט. און דער קייסער האָט דערפילט די בקשה און ער האָט זיי געקויפט א דרוקעריי מיט אלע נויטיקע מכשירים און ער האָט די דרוקעריי אוועקגעשיקט קיין ירושלים, אזוי, אז ווען מיכל הכהן איז אהיימגעקומען קיין ירושלים, האָט ער דאָרט שוין געטראָפן די דרוקעריי און דאן האָט דער זשורנאל „האריאל" ווידער אָנגעהויבן צו דער־שיינען אין דער דאָזיקער קייזערלעכער דרוקעריי.

עס פארשטייט זיך, אז די צוויי ארץ־ישראל־יידן, וועלכע האָבן באקומען די דאָזיקע שיינע מתנה פונעם קייסער, האָבן אים אָפּגעדאנקט מיט א העברעאישן שיר אין זייער אויפגעלעבטן זשורנאל, א שיר מיטן נאָמען פון פראנץ יאָזעף בראשי החרוזים. און אויך דעם ד"ר יעלינעק האָבן זיי אָפּגעדאנקט אין אן אר־טיקל אין מליצהדיקן נוסח פון יענער צייט.

אָט דאָס אלץ, זעט איר, האָט געקאָנט פאסירן אין דער גוטער אלטער צייט, ווען עס זענען נאָך געווען קיסרים אויף דער וועלט און ס'איז געווען אזא מלך־חסד ווי פראנץ יאָזעף, וועלכער האָט נישט אומזיסט געהאַט דעם טיטל „קעניג פון ירושלים", און וועלכער איז געווען אזוי לייטזעליק ניט בלויז אויפצונעמען אין אוידיענץ צוויי ארץ־ישראל־יידן, נאָר אויך צו שענקען זיי אזא טייערע מתנה, א גאנצע דרוקעריי.

נו, פרווט היינטיקע צייטן צו באווייזן אזא וווּנדער? פאראן היינט גענוג יידן, וואָס האלטן זיך פאר פעאיק און וואָס וואָלטן וועלן ארויסגעבן זשורנאלן „פאר בילדונג און וויסנשאפט". אָבער היינט זענען די צרות מיט די דרוקערייען נאָך גרעסערע ווי אין יאָר תרל"ה אין ירושלים. אנו, פרווט, זאָל אייך היינט אויפנעמען אין אוידיענץ וועלכער ס'איז פרעזידענט פון א וועלכער ס'איז רע־פובליק און זאָל זיך צוהערן צו אייערע ליידן און אייך טרייסטן מיט אזא מתנה — מיט א גאנצער דרוקעריי?

נישטאָ מער אמאָליקע צייטן מיט די אמאָליקע גוטע קיסרים!

# וועגן צייטונגס-שרייבעריי

...ניין, ליבער פריינט, איך ראט אייך נישט. דאָס איז נישט קיין שידוך פאַר אייך נישט פאַר אייער טאָכטער. אַ יונגער מאַן פון 24 יאָר, וואָס קאָן זיך נישט אויסזוכן קיין בעסערע מלאכה ווי נאָר צייטונגס-שרייבעריי, איז אַ פאַרלוירענער. פון אים וועט שוין קיינמאָל קיין לייט נישט זיין.

ווייל צייטונגס-שרייבעריי, דאַרפט איר וויסן, איז אַ פאַך פון מענטשן, וועלכע זענען אַראָפּ פון די רעלסן, און וועלכע קענען נישט צוריקגעפינען אַ גלייכן לעבנס-וועג און אַ ריכטיקע פרנסה. שוין ביסמאַרק (געוועזן אַ גוי וואָס האָט געהייסן ביסמאַרק, זייער אַ קלוגער גויעץ), שוין ביסמאַרק האָט געזאָגט, אַז צייטונגס-שרייבעריי איז אַ גאַנץ גוטער פאַך, אָבער מיטן תנאי, אַז מען זאָל אים פאַרלאָזן וואָס פריער.

אודאי: ביסמאַרק האָט געטראַכט וועגן דער צייטונגס-שרייבעריי אין דייטשלאַנד, און דאָרט איז דאָס פאַך קיינמאָל נישט געשטאַנען צו הויך אין דער מדרגה. דאָס איינציקע לאַנד ווו צייטונגס-שרייבעריי האַלט זיך נאָך אויף אַ שטיקל מדרגה, איז פראַנקרייך. דאָרט קאָן אַ צייטונגס-שרייבער מאַכן אַ קאַריערע אַלס פּאָליטיקער. ער ווערט געוויילט אין דעפּוטאַטן-קאַמער אָדער אַלס סענאַטאָר. און ווען ער איז שוין דעפּוטאַט אָדער סענאַטאָר קאָן ער שוין לייכט ווערן אַ מיניסטער. יעדנפאַלס קאָן יעדער דעפּוטאַט אָדער סענאַטאָר האָפן, אַז ער וועט אַמאָל ווערן מיניסטער. די דאָזיקע מעגלעכקייט צו ווערן מיניסטער גיט-צו דער מלאכה פון צייטונגס-שרייבעריי אַ שטיקל גלאַנץ און געזעלשאַפטלעכן פּרעסטיזש.

פאַרגליכן מיט דער פראַנצויזישער, איז אונדזער יידישע צייטונגס-שרייבעריי אַן אָרים געשעפט. אַ יידישער צייטונגס-שרייבער קאָן נישט האָבן קיין האָפנונג צו ווערן אַמאָל אַ דעפּוטאַט אָדער אַ סענאַטאָר און וועגן ווערן אַ מיניסטער קאָן ער אפילו נישט חלומען. און נאָך ערגער ווי אומעטום איז די יידישע צייטונגס-שרייבעריי דאָ אין אַרגענטינע. דאָ פאַרנעמט דער יידישער צייטונגס-שרייבער טאַקע נישט מער ווי נאָר דעם פּלאַץ פון הויז-דינער פון דער יידישער געזעלשאַפט. ער דאַרף די געזעלשאַפט אַביסל אַרומוואַשן, אויסצוואָגן, צוקעמען אַביסל, צומענטשלען, און נאָך דער אָפּגעטוענער אַרבעט דאַרף ער זיך

אליין אוועקשטעלן אין א ווינקל, מען זאָל אים חלילה נישט ארויסזען. מילא, וועגן ווערן דעפוטאט אָדער סענאַטאָר איז דאָך שוין אָפּגערעדט: אָבער אפילו א וואָקאָל אין דער חברה קדישא קאָן דאָ א יידישער צייטונגס־שרייבער קיינמאָל נישט ווערן. זעט איר, א גוי, א גויעשער צייטונגס־שרייבער וואָלט לייכט געקענט אריינקומען אין דער חברה קדישא און אין יעטוועדער יידישער אינסטיטוציע. פאַרן קלענסטן גויעשן רעפּאָרטערל פאַרנויגן זיך אונדזערע גדולים ביז צו א ווינקל פון 45 גראַד. אָבער אויף א יידישן צייטונגס־שרייבער קוקן זיי אראָפּ מיט גדלות. און אין אמתן וואָס פאַר א רעספּעקט קאָן מען האָבן פאַר א מענטשן, וועלכער קאָן גאָרנישט מער, ווי נאָר שרייבן, און וועלכער מאַכט פון דער שרייבעריי א פּרנסה, — כאָטש ביי זיין גאַנצער שרייבעריי קאָן ער ניט אפילו רעכט א טשעק אונטערשרייבן. טאָ וואָס איז דאָס פאַר א פּרנסה און וואָס איז דאָס פאַר א מענטש, וועלכער זוכט זיך אויס אזא פּרנסה?

דעריבער טאַקע, ראַט איך אייך, ליבער פריינט, ווי גאָט איז אייך ליב טוט נישט דעם שידוך! דאָס איז נישט קיין שידוך פאַר אייך, נישט פאַר אייער טאָכטער. איך זע: אייך געפעלט די מלאכה. איר זאָגט, אז תמיד איז גוט צו האַנדלען מיט א סחורה אויף וועלכער דער קונה פאַרשטייט זיך נישט. מילא וויל איך זיך מיט אייך נישט אמפּערן, צי דאָס איז באמת אזוי גוט. טיילמאָל איז דאָך בעסער ווען דער קונה פאַרשטייט זיך אויף דער סחורה וואָס ער קויפט. דאַן ווייסט ער אָפּצושאַצן איר ווערט. אָבער לאָז זיין אפילו אזוי ווי איר זאָגט, אז ס׳איז גוט צו האַנדלען מיט א סחורה, וועלכע דער קונה פאַרשטייט נישט. איז אָבער ביי דער יידישער צייטונגס־שרייבעריי א פאַרקערטער אומגליק: אז דוקא דער וואָס פאַרשטייט נישט, זאָגט מבינות. און נאָך טרויעריקער איז, וואָס מען מוז זיך ריכטן לויט זיין מבינות. און מבינות זאָגט יעדער. יעדער וואָס קויפט א צייטונג פאַר 15 סענט איז נישט בלויז א מבין און ער שרייט הויך אויס זיין מבינות אין גאַס, נאָר ער וויל, אז מען זאָל רעכענען מיט זיין מבינות. אז נישט, זאָגט ער — נאָר גיי ווייס וואָס ער וועט אַלץ טון, „אז נישט", אז מען רעכנט זיך נישט מיט זיין מבינות און מיט זיין מיינונג.

דערפאַר טאַקע ראַט איך אייך און באַשווער אייך, טוט ניט דעם שידוך מיט דעם יונגנמאַן דעם צייטונגס־שרייבער. אייער טאָכטער וועט מיט אים נישט האָבן קיין רואיק לעבן. מילא, וועגן פּרנסה איז דאָך שוין אָפּגערעדט. אין בעסטן פאַל, ווען דער יונגערמאַן זאָל אפילו ווערן דער בעסטער און אנערקענטסטער צייטונגס־שרייבער, וועט ער פאַרדינען נישט אפילו אזוי פיל וויפיל עס פאַרדינט א מיטעלער קוועטעניק. עס וועט אַלזאָ זיין פּרנסה נאָר בדוחק. ווען אייער טאָכטער וועט חתונה האָבן פאַר דעם צייטונגס־שרייבער, וועט זי זומער נישט קענען פאָרן קיין מאָר דעל פּלאַטאַ, קיין מאָנטעווידעאָ אָדער אין אַן אנדער דאַטשע. און ווייל זי וועט זיך שעמען פאַר לייטן און פאַר אירע פריינדינס, וועט זי מוזן יעדן זומער, זיך באַהאַלטן אויף א 4 וואָכן אין שטוב, נישט ארויסווייזן

זיך פאַר קיינעם כדי דערנאָך צו קענען זאָגן, אַז זי איז געוועזן אין מאַר דעל פּלאַטאַ. דאָס וועט איר פאַרשטייט זיך, קיינער נישט גלויבן, און זי וועט זיך האָבן אומזיסט געפּלאָגט. און אויב אייער טאָכטער וועט האָבן קינדער מיט דעם צייטונגס־שרייבער, וועט איר נישט האָבן קיין אייניקלעך קיין דאָק־טוירים און נישט קיין דאָקטאָרקעס אָדער פּיאַניסטקעס. פון צייטונגס שרייבע־ריי קאָן מען נישט דערציען קיין קינדער דאָקטוירים. און פאַרוואָס זאָלט איר טאַקע נישט האָבן אַן אייניקל אַ דאָקטאָר? וואָס־זשע, ס׳שטייט אייך נישט אָן?

דעריבער ראָט איך אייך נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל: טוט נישט דעם שידוך. מעג זיין, אַז דער יונגערמאַן איז אַ ווױלער יונגערמאַן. אָבער זיין פאַך איז גאָרנישט ווערט. ס׳איז נישט קיין פאַך, ביי וועלכן מען זאָל קענען מאַכן אַ לעבן מיט אַ ווייב מיט קינדער. ס׳איז נישט קיין פאַך ביי וועלכן מען קאָן האָפן צו „וואַקסן”, אין די בעסטע צייטן, ביי אַ גוטער קאָניוקטור ווען יידן־סוחרים וועלן מאַכן געשעפטן און נתעשר ווערן, וועט אייער איידעם אַרומגיין אַ פאַר־טראַכטער, אַ פאַרבטלנטער מיט זיינע בטלנישע טראַכטענישן און געשעפטן. אַנדערע יידן וועלן מאַכן געלט, גרויסע געשעפטן און ער וועט זיך חקרענען וועגן די געשעפטן, וועגן דער גוטער קאָניוקטור און פאַר אַזאַ חקירה וועט ער פאַר־דינען אויף אַן אָנבייסן. און צו די אַלע גליקן, וועט ער נאָך האָבן די גאַנצע וועלט פאַר שונאים. וועט ער וואַגן אַ וואָרט צו קריטיקירן די לינקע, וועלן זיי אים פאַרשרייען אַלס פאַשיסט, פאַררעטער פון די אַרבעטער, וכדומה. און וועט ער זיך אַמאָל אָננעמען פאַר די אַרבעטער, וועלן די באַלעבאַטים אים האַסן און דראָען צו באָיקאָטירן די צייטונג. ער וועט קיינמאָל קיין רואיקע מינוט נישט האָבן, ווייל דער ייד, וועלכער קויפט אַ צייטונג פאַר 15 סענט, האָט ליב און ער פאָדערט, אַז די צייטונג מיט אַלע אירע שרייבער זאָלן אים קיצלען ביים פּופּיק, אַז נישט, איז ער נישט צופרידן.

איך האָף, אַז איר וועט שוין פאַרשטייען, ליבער פריינט, אַז דער יונגערמאַן דער צייטונגס־שרייבער איז נישט קיין שידוך פאַר אייך. זאָגט אייער טאָכ־טער, זי זאָל מיט אים איבעררייסן, וואָס פריער, דאָס בעסער!

# פּאָליטיק

יאַן איז אַ פּויער, וועלכער באַארבעט אַ שטיק פעלד, וואָס ער האָט געירשנט פון זיינע עלטערן.

יאַן וואָלט געקענט האָבן שיין פּרנסה פון זיין פעלד און פון זיין ארבעט, וואָלט געקענט דערציען זיינע קינדער און לעבן אין נחת. האָט אָבער יאַן צוויי שכנים, איוואַן און יאָהאַן, צו וועלכע ער האָט נישט קיין צוטרוי און פאַר וועלכע ער האָט מורא אַז זיי ווילן פאַרכאַפּן זיין פעלד. איוואַן און יאָהאַן זענען זיך עקסטרע שונאים, און איינער וואָלט דעם אַנדערן וועלן דערטרינקען אין אַ לעפל וואַרימע וואַסער. און איוואַן, פון זיין זייט, און יאָהאַן פון זיין זייט האָבן נישט קיין צוטרוי צו יאַנען. און אַ חוץ די דריי, זענען פאַראַן נאָך פּויערים אין דאָרף, און אַלע לעבן אין אומצוטרוי איינער צום אַנדערן. יעדער פון זיי האָט מורא, טאָמער וועט דער אַנדערער אים באַפאַלן, אָדער טאָמער וועט איין שכן אים אי־בערפאַלן און דער אַנדערער וועט צושטיין צו זיין שונא.

אין דעם דאָזיקן פּחד און אומצוטרוי האָט יאַן זיך צונויפגערעדט מיט זשאַנען, איינער פון די רייכסטע און קלוגסטע פּויערים אין דאָרף. דער דאָזיקער זשאַן איז אויך אַ שכן פון יאָהאַנען אויף דער אַנדערער זייט פון זיין פעלד. און אויך זשאַן האָט נישט קיין צוטרוי צו יאָהאַנען. האָט זיך זשאַן צונויפגערעדט מיט יאַנען אַזוי צו זאָגן: טאָמער וועט יאָהאַן דיך איבערפאַלן און וועט וועלן פאַרכאַפּן דיין פעלד, יאַן, וועל איך, זשאַן, דיר קומען צו הילף און יאָהאַנען אי־בערברעכן די ביינער. טאָמער אָבער וועט יאָהאַן איבערפאַלן מיין פעלד, דאַן דאַרפסטו, יאַן, קומען מיר צו הילף און דו דאַרפסט אים געבן אַזעלכע שמיץ, אַז אים זאָל זיך שוין מער נישט גלוסטן צו פרעמדע פעלדער.

דאָס האָט יאַנען אַביסל באַרואיקט, אָבער נישט אין גאַנצן. אַביסל זיכער־קייט האָט ער געפילט אַקעגן יאָהאַנען; אָבער מיט איוואַנען וואָס טוט מען? — האָט ער געטראַכט.

און וואָס וועל איך טון — האָט ער ווייטער געטראַכט אין זיין אומרו — וואָס וועל איך טון, ווען איוואַן און יאָהאַן וועלן זיך צונויפרעדן און זיי וועלן ביידע איבערפאַלן מיין פעלד, איינער פון איין זייט און איינער פון דער אַנדע־רער זייט, אַזוי ווי עס האָבן שוין אַמאָל געטון זייערע עלטערן מיט מיינע עלטערן?

דער דאָזיקער געדאַנק האָט יאַנען נישט געלאָזט רוען נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. ער האָט געפּרוווט זיך צונויפרעדן מיט די אַנדערע קלענערע פּויערים פון דאָרף, אָבער די צוגעזאָגטע הילף פון די דאָזיקע פּויערים האָט אים, יאַנען, נישט באַרואיקט.

און פּונקט אַזוי ווי יאַן איז געווען אומרואיק וועגן זיין עקזיסטענץ און וועגן דער זיכערקייט פון זיין פעלד, האָט אויך זשאַן זיך נישט געפילט זיכער. אויף יאַנען אַליין האָט זיך זשאַן נישט געוואָלט פאַרלאָזן. איז ער געגאַנגען, זשאַן, און זיך צונויפגערעדט מיט איוואַנען. דאָס האָט אָבער שוין שטאַרק פאַר־דראָסן יאַנען: וואָס, דו שליסט אַ חברותא מיט איוואַנען, מיין ביטערסטן שונא? עס האָבן נישט געהאָלפן זשאַנס טענות, אַז זיין אָפּמאַך מיט איוואַנען איז חלילה נישט געווענדעט קעגן אים, יאַנען, פאַרקערט, דאָס איז כדי זיך צו פאַר־זיכערן קעגן יאַהאַנען, וועלכער איז דאָך אויך זיינער, יאַנס, ביטערסטער שונא. יאַן האָט זיך נישט געלאָזט באַרואיקן פון די אַלע טענות. און כדי זיך נוקם צו זיין אין זשאַנען, האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט זיין אייגענעם שונא, מיט יאַהאַנען. און ווייל ער האָט זיך שוין צונויפגערעדט מיט איין שונא, האָט ער שוין געמאַכט אַ חנדל אויך צום צווייטן, צו איוואַנען.

און אַלע פּויערים אין דאָרף האָבן גענומען נאָכטון דאָס זעלבע. אַנשטאָט וואָס פריער פלעגט יעדער זוכן אַ חבר קעגן זיין שונא, האָבן די פּויערים איצט גענומען צונויפרעדן זיך מיט זייערע ערגסטע שונאים. יעדער איז געווען פאַר־בונדן מיט יעדן. ס'איז געוואָרן בלומרשט אַן אַלגעמיינע פריינטשאַפט. אָבער די דאָזיקע בלומרשטע פריינטשאַפט האָט ערשט אויפסניי געשאַפן אַ שטימונג פון אומרו אין גאַנצן דאָרף. וואָרים אַזוי ווי די פריינטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן צווישן די אַלטע שונאים, האָט קיינער נישט געגלויבט אין דער אויפ־ריכטיקייט פון דער דאָזיקער פריינטשאַפט און קיינער האָט קיינעם נישט גע־גלויבט. יעדער פּויער איז געווען פאַרבונדן סיי מיט זיינע פריינט, סיי מיט זיי־נע שונאים. די פריינט פון זייער זייט, זענען אויך געווען פאַרבונדן מיט אַלע־מען. און יעדער פּויער האָט פאַרלוירן דעם צוטרוי אפילו צו זיינע פריינט. ער האָט געהאַט אַ תרעומות. פאַרוואָס דער פריינט פאַרבינדט זיך מיט זיין שונא (אַז ער אַליין האָט געשלאָסן חברותא מיט זיינע שונאים האָט ער לחלוטין פאַר־געסן). אַזוי האָט די אַלגעמיינע פריינטשאַפט נאָך פאַרמערט די אומזיכערקייט אין דאָרף, ווייל קיינער האָט נישט געגלויבט אין דער דאָזיקער פלוצימדיקער פריינטשאַפט. און כאָטש ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון גיין צו־גאַסט איי־נער צום אַנדערן: יאַן איז געגאַנגען גוט־יום־טוב ביטן צו יאַהאַנען און צו אי־וואַנען און זשאַן איז געגאַנגען צו דזשאָוואַנין, צו יאַהאַנען און צו איוואַנען. און אַלע האָבן געהאַלטן אין איין דערקלערן זיך אין ליבע און פריינטשאַפט, האָט אָבער דאָך קיינער קיינעם נישט געגלויבט. אין די אויגן זענען אַלע געווען קוצעניו־מוצעניו, אָבער הינטער די אויגן האָבן אַלע געשאַרפט די קאָסעס, צו

זיין גרייט ווען עס וועט זיך מאַכן אַן איבערפאַל. און יעדער האָט נאָר געטראַכט ווי אַזוי דעם אַנדערן שאָדן צו טון. און ווען עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אין אַ פינצטערער נאַכט, האָט איינער דעם אַנדערן אַריינגעוואָרפן אַ געפּגרטע קאַץ אין ברונעם אַריין, כּדי אים אומצוברענגען דורך אַ מגפה.

און אַזוי איז היינט דאָס גאַנצע דאָרף אויפגערודערט. קיינער קלערט נישט וועגן זיין אַרבעט. די פעלדער ווערן פאַרלאָזן, מען באַאַרבעט זיי נישט אין צייט. די פויערים גייען נישט אַרויס פון די גראַמאַדעס, וועגן אויסבעסערן די פעל־דער, דערציען די קינדער, געבן זיי צו עסן, האָבן זיי אויפגעהערט טראַכטן. די וויכטיקסטע אַרבעט איז געוואָרן, שאַרפן די קאָסעס. און נישט קענענדיק שלאָגן קיין שונא, מיט וועלכן מען איז כּלומרשט פאַרבונדן אין פרייַנטשאַפט, שלאָגט מען די אייגענע קינדער. מען לאָזט זיי נישט דעם קאָפּ אויפהויבן. מען לאָזט זיי נישט אַ וואָרט אַרויסרעדן. פאַר דאָס מינדעסטע וואָרט וואַרפט מען אין קע־לער אַריין און מען שלאָגט און מען פייניקט. מיט איין וואָרט, דאָס גאַנצע דאָרף גייט צו גרונט און ס׳איז נישטאָ קיין שום האָפענונג, פון וואַנען עס וועט אַמאָל קומען אַ דערלייזונג צו דער דאָזיקער צרה.

.(1935)

# וואָס טוט מען: קוקי נעמט זיך שרייבן

קוקי נעמט זיך שרייבן. ווען מיר האָבן דאָס דערזען דאָס ערשטע מאָל, זענען מיר, איך און מיין ווייב, אַנגענעם איבערראַשט געוואָרן. דאָס איז געווען מיט אַ צוויי חדשים צוריק. אָבער איצט איז דאָס שרייבן געוואָרן ביי קוקין אַ מין ליידנשאַפט און מיר זענען שטאַרק באַזאָרגט, אַז קוקי זאָל, חלילה, נישט פאַרפאַלן ווערן אין דער שרייבעריי.

קוקי איז אַ יונגער מענטש פון 22 חדשים, און מיר וואָלטן וועלן אים פאַר־היטן פאַר פאַלשע שריט, פון שלעכטע וועגן. און אָט האָט ער זיך גענומען שרייבן, און שוין מער ווי צוויי חדשים, ווי מען קאָן אים נישט אָפּגעוווינען פון דער דאָזיקער שלעכטער געוווינהייט. מיר, איך און מיין ווייב, זענען אומ־רואיק צוליב דעם. ווער ווייסט צו וואָס דאָס קאָן פירן, צי נישט, חלילה, צו צייטונגס-שרייבעריי.

ווען קוקי האָט זיך גענומען שרייבן מיט אַ צוויי חדשים צוריק, האָט ער געשריבן אויף די ווענט. ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט באַשרייבן די ווענט ביז צו דער הויך, צו וועלכער ער קאָן דערגרייכן. ער האָט זיך אויך ארויפגע־כאַפּט אויף אַ בעט, וואָס שטייט נעבן אַ וואַנט און באַשריבן די דאָזיקע וואַנט. און איצט האָט ער זיך גענומען שרייבן זיינע אַנמערקונגען אויף די ביכער, וועלכע ער נעמט אַראָפּ פון מיינע ביכער-ברעטער. לעצטנס האָט ער אָנגע־שריבן זיינע „אַנמערקונגען" אויף פערדינאַנד לאַסאַלס „באַסיאַט-שולצע דע־ליטש". איך ווייס נישט, צי איז קוקי מסכים מיט שולצע פאָן דעליטשן צי מיט לאַסאַלן. איך קען זיין האַנטשריפט נישט לייענען. דערצו האָט קוקי די טבע, אַז ער שרייבט, נישט בלויז אויפן ראַנד פון די בלעטלעך, נאָר איבערן גאַנצן טעקסט. צוליב דעם טאַקע בין איך נאָך מער באַזאָרגט: וואָס טוט מען, טאָמער וויל קוקי חלילה, ווערן אַ שרייבער?..

אָבער איך רעד צו אייך וועגן קוקין, און איך האָב אייך נאָך נישט דער־ציילט, ווער קוקי איז. קוקי איז מיינער אַ נאָענטער קרוב. קוקי איז אייגנטלעך נישט זיין אמתער נאָמען. דאָס איז אַ פּסעוודאָנים. דעם פּסעוודאָנים האָט ער באַקומען פון דעם מיידל, וועלכע דאַרף אויף אים אכטונג געבן, ער זאָל נישט גיין אין קיין פאַלשע וועגן. און ער רופט זיך דערוויל מיט דעם פּסעוודאָנים

גישט וויסנדיק אפילו, אז ער האָט אַן אַנדערן נאָמען. חוץ דעם פּסעוודאָנים רופט ער זיך אויך נענע. דאָס איז אייגנטלעך ביי היינטיקן טאָג זיין הויפּט־נאָמען.

ווי געזאָגט, איז נענע אַ מענטש פון 22 חדשים. אין די 22 חדשים, אָדער 95 וואָכן פון זיין לעבן האָט נענע שוין דורכגעמאַכט קאָלטס און וואָרימס. אָבער מיך אינטערעסירן דאָ מער זיינע גייסטיקע עוואָלוציעס, דער עיקר פון דער צייט פון זיין צוואַנציקסטער אָדער פינף־און־צוואַנציקסטער לעבנס־וואָך ביז היינטיקן טאָג.

קוקיס גייסטיקע באַציאונג צום לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אַלס פולשטענ־דיקע אַנאַרכיע: אַן אַנאַרכיע, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַבסאָלוטן נישט אינטערעסירן זיך וועגן קיין שום געזעצן פון היגיענע, עסטעטיק, מאָראַל און פילאָזאָפיע. די דאָזיקע אַנאַרכיע, וועלכע איז תחילת געווען בלויז אַ פּאַ־סיווע, די אַנאַרכיע פון אומבאַוווסטזיין, אויב ס'איז דערלויבט אַזאַ פילאָזאָפישע דעפיניציע, איז מיט קוקיס וויטערדיקער גייסטיקער עוואָלוציע געוואָרן אַן אַקטיווע. אַ באַוווסטע און עקשנותדיקע, נישט וועלן אָנערקענען קיין שום גע־זעצן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן פאַרן צוזאַמענלעבן פון מענטשן. די דאָזיקע אַנאַרכיע האָט זיך געגומען אויסדריקן קודם־כל אויפן געביט פון דער ליטעראַ־טור. קוקי האָט זיך תחילת אַרויסגעוויזן אַלס אַ מוראַדיקער שונא פון ליטע־ראַטור — סיי דער ליטעראַטור, וואָס ווערט קאָנדענסירט און קאָנסערווירט אויף אייביקע צייטן אין ביכער, ווי דער ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן נאָר פאַרן טאָג און וואָס גייט נישט אַרויס פון די גרעניצן פון די צייטונגען. קוקי האָט מיט אַ מין סאַדיסטישן האַס פאַרניכטעט יעדעס שטיקל ליטעראַטור, וואָס איז אים געקומען אונטער די הענט. ער האָט געריסן ביכער און געריסן צייטונגען, אַזוי אַז עס איז נישט געווען קיין זיכער אָרט אין שטוב, וווּ מען זאָל די צוויי מינים ליטעראַטור באַהאַלטן פאַר קוקיס ליטעראַטור־שנאה און פאַר זיין צעשטערונגס־ווילן.

קוקי האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן אייביקייטס־ליטעראַטור פון די ביכער און דער טאָג־טעגלעכער ליטעראַטור פון די צייטונגען — ער האָט אַלע גלייך פאַרניכטעט, נישט אָנערקענענדיק הפּנים זייער ווערט פאַרן לעבן. ער האָט אַגב פאַר אַלע מינים ליטעראַטור, פאַר ביכער און צייטונגען און פאַר שרייבערײַ געשאַפן איין קאָלעקטיוון נאָמען: „דיקאַלדיקאַל, דיקאַל". דאָס וואָס קוקי האָט איבערגעחזרט דעם נאָמען דריי מאָל, זאָל אייך נישט וווּנ־דערן. פאַראַן מענטשן עלטערע ווי קוקי, וועלכע האָבן אַ טבע איבערצוחזרן יעדעס וואָרט וואָס זיי זאָגן אַרויס צוויי־דריי מאָל און טיילמאָל נאָך מער.

מיט דער צייט, עוואָלוציאָנירנדיק גייסטיק, האָט זיך געביטן קוקיס באַ־ציאונג צו ליטעראַטור. ער איז איבערגעגאַנגען פון ראַדיקאַלער נעגאַציע צו אַן עקסטרעמען ענטוזיאַזם. אויב ער האָט פריער געריסן ביכער און צייטונגען

מתוך שנאה, האָט ער איצט געגומען רייסן פאַר גרויס ענטוזיאַזם. ביכער האָבן אָנגעהויבן אים זייער שטאַרק געפעלן. ער האָט אָנגעהויבן דערגרייכן ביז צו די העכערע פאַכן און אַרויסשלעפּן ביכער און רייסן מיט גרויס ענטוזיאַזם אַלע מיני ליטעראַטור אָן שום אונטערשיד: פּאָליטישע בראָשורן, פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור, פּאָעזיע — אויב מען האָט פאַרגעסן די ביכער צו שטעלן אויף אַ העכערער פאַך. דאָס רייסן ביכער איז געוואָרן קוקיס ליבסטע ליטעראַרישע באַשעפטיקונג.

די דאָזיקע ליטעראַרישע אַנאַרכיע האָט נישט געקאָנט לאַנג טאָלערירט ווערן. מען האָט געמוזט אַראָפּפירן קוקין פונעם דאָזיקן פאַלשן וועג אויפן וועג פון געזעץ, פון מאָראַל און פון אויטאָריטעט. די אויטאָריטעט דאָס בין איך. עס פלעגט טרעפן, אַז ווען קוקי האָט מיט זיין גאַנצן ענטוזיאַזם אַרויסגעשלעפּט ביכער פון די פאַכן און זיי גענומען רייסן, און ווען מען האָט אים אַ זאָג געטון, אַז דער „איא", דער זיידע, הייסט עס, וועט שרייען, האָט קוקי שנעל זיך אונטערגעוואָרפן דער דאָזיקער אויטאָריטעט און צוריקגעשטעלט די ביכער אויף זייער פּלאַץ.

איצט איז קוקי שוין פון לאַנג אַ מענטש, וואָס רעספּעקטירט די געזעצן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און אויך אַ געוויסע אויטאָריטעט. דאָס געזעצלעכע לעבן איז ביי אים שוין געוואָרן אַ געוווינהייט. נאָר טיילמאָל פאַלט ער אויף מינוטן צוריק אינעם אַטאַוויזם פונעם אור-צושטאַנד פון דער מענטשהייט און ער נעמט זיך דאַן פאַרניכטן די ליטעראַטור. אָבער ער דערמאָנט זיך באַלד, און ער ציט זיך צוריק אינעם געזעצלעכן לעבן, דערקלערנדיק, „איא דיקאָל-דיקאָל, נאָ". דאָס הייסט, דער זיידע זאָגט, אַז ביכער טאָר מען נישט רייסן.

בכלל אונטערהאַלט קוקי זייער פריינטשאַפטלעכע באַציאונגען צו מיר און ער האָט צו מיר דעם גרעסטן צוטרוי. ווען ער האָט עפּעס אַ ווערטפולע זאַך צו באַהאַלטן, באַהאַלט ער דאָס אין די קעשענעס פון מיין רעקל. דאָס טוט קוקי יעדן טאָג אינדערפרי ווען איך שלאָף נאָך. ער נעמט דאַן אַרויס געוויסע זאַכן פון מיינע קעשענעס, וועלכע ער פאַרשטייט, אַז זיי דאַרפן נישט ליגן אין מיינע קעשענעס, און ער לייגט אַריין זיינע זאַכן, פאַר וועלכע ער קאָן קיין בעסער באַהעלטעניש נישט געפינען.

די קעשענע־שותפות מיט קוקין איז אַ ביסל אומבאַקוועם. דאָ נישט לאַנג, קומענדיק אין רעדאַקציע און וועלנדיק אויפשליסן אַ שופלעדל פון מיין שרייבטיש, האָב איך אין דער קעשענע, ווו איך האַלט געוויינלעך דאָס שליסעלע פונעם שרייבטיש, געפונען פאַרשידענע זאַכן:

אַ פלעשעלע פון פּערפום, אַ בראָנדזענע פיגורל, אַ גומענע פיגורל, אַ קעפּל פון אַ ציין־בערשטל, אַ פינגערהוט, אַ קנאָפּ פון אַ דאַמען־מאַנטל, אַ פיסל פון אַ וועק־זייגער, גלעזערנע פּאַטשערקעס, אַ קליינע מויל־האַרמאָניקע, אַ פּאַפּירל,

און נאָך אַנדערע זאַכן. אָבער דאָס שליסעלע צום שרייבטיש האָב איך נישט געהאַט. דאָס האָט קוקי ערגעץ באַהאַלטן. בכלל נעמט קוקי אַרויס פון מיינע קעשענעס אַלץ, וואָס ער פאַרשטייט, אַז עס דאַרף נישט ליגן אין די קעשענעס, ווי למשל צייטונגס-אויסשניטן, וויזיט-קאַרטן, איינלאַדונגען צו זיצונגען וכדומה. אַט אַזוי האָט קוקי אַ דירעקטע השפּעה אויף דער וועלט-געשיכטע. וואָרים דורך דעם, וואָס ער נעמט אַרויס פון מיין קעשענע די צייטונגס-אויסשניטן, האָב איך נישט געשריבן איבער געוויסע זאַכן, וועגן וועלכע איך האָב זיך געקליבן שרייבן. און אויב איך האָב פאַרפעלט צו קומען אויף געוויסע זיצונגען, איז אין דעם שולדיק נאָר קוקי.

חוץ מיינע קעשענעס, וועלכע ער באַטראַכט פאַר זיינע, אנערקענט שוין קוקי געוויסע געזעצן פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן און אפילו אונדזער סאָציאַלע אָרדענונג. באַזונדערס דאָס געזעץ פון אייגנטום, דאָס הייסט, ער פאַרטיידיקט שוין זיין אייגנטומס-רעכט אויף געוויסע זאַכן, דערקלערנדיק קאַטעגאָריש: „עס מיאָ" (ס'איז מיינס). ער איז אָבער נישט שטענדיק גרייט צו אנערקענען דאָס אייגנטום-רעכט פון די אַנדערע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז אגב די כאַראַקטעריסטיק פון אַ טייל היינטיקע רעזשימען.

דאָס הייסט, אַז בדרך-כלל איז קוקי אַן עלעמענט פון געזעץ און אָרדענונג, און אויך מיט דער מאָראַל האַלט עס ביי אים נישט שלעכט. כאָטש עס מערקן זיך ביי אים שוין געוויסע נייגונגען פון סעקס. פאַר מיידלעך האָט ער מער אינטערעס ווי פאַר יינגלעך. אָבער דאָס גייט נישט אַרויס פון די גרעניצן פון דער מאָראַל און פון דער עפנטלעכער אָנשטענדיקייט. נאָר איין זאָרג האָבן מיר: קוקי נעמט זיך שרייבן. מילא, אַז ער באַשרייבט די ווענט, איז, נאָך אַלעמען, נישט קיין גרויסער אומגליק. אָבער דאָס וואָס ער נעמט זיך שרייבן קאָמענטאַרן אויף די טעקסטן פון ביכער, באַאומרואיקט אונדז. מיר האָבן מורא, אַז דאָס זאָל נישט צומאָל פירן צו צייטונגס-שרייבעריי. און מיר וואָלטן וועלן פאַרהיטן קוקין פון קרומע וועגן.

# בומפּי

בומפּי האָט זיך אוועקגעזעצט אויף מיין שרייבטיש און שוין צוויי טעג. אַז ער פֿאַרלאָזט נישט דאָס פּלאַץ. איך זיץ און שרייב, און בומפּי זיצט אויפֿן שרייבטיש און קוקט און קוקט. געוועלעך קאָן איך שטאַרק נישט ליידן ווען עמיץ שטעלט זיך אוועק או קוקט מיר אַריין אין די פּעדער אַריין בשעת איך שרייב. דאָס הייסט פּשוט אַריינשטופּן זיך אין יענעמס נשמה. איך באַטראַכט דאָס פֿאַר אַ צודרינגלעכקייט. און אַן אומדערצוויגנקייט איז דאָס אויך. אָבער ווען בומפּי קוקט מיר אַריין אין פּעדער און אין די שורות וואָס מערן זיך, אַרט דאָס מיך גאָר נישט. פֿאַרקערט, עס איז מיר אַנגענעם. און איך האָב ממש חשק אין מיטן דער אַרבעט צו פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיט בומפּין. עס גלוסט זיך מיר, אים אַ פֿרעג טאָן: ווי געפֿעלט דיר, בומפּי, מיין אַרבעט? זעסט, בומפּי, דאָס רופֿט מען גייסטיקע אַרבעט. אָבער ביי קיין שום אַנדערער אַרבעט ווערט דער גייסט נישט אַזוי פֿאַרגוואַלדיקט און נישט אַזוי פֿאַרפּעלשט ווי ביי דער דאָזיקער אַרבעט. און בעת איך טראַכט דאָס, דוכט זיך מיר, ווי בומפּי וואָלט זיך צוגעהערט צו מיינע נישט אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען, און ווי ער וואָלט מסכים געווען: יאָ, יאָ.

פֿון וואַנען בומפּי קומט צו מיר? קוקי האָט אים צו מיר געבראַכט. קוקי איז מיינער אַ פֿריינט. איך האָב אייך שוין אַמאָל דערציילט וועגן קוקין. אָבער איר זענט דאָך מענטשן מיט גרויסע עסקים, האָט איר אַוודאַי שוין פֿאַרגעסן. חוץ דעם איז קוקי דעמאָלט, ווען איך האָב אייך דערציילט וועגן אים, געווען אַ בחור פֿון אַ 22 חדשים. היינט איז ער שוין אַ יונגערמאַן פֿון אַן 38 חדשים און אין שכל אַ פֿאָלנער מענטש. מילא וועגן קוקיס אינטעליגענץ וויל איך ליבער נישט ריידן, ווייל איך ווייס דאָך, איר וועט מיך האַלטן פֿאַר אַ נאַר. אָבער אַ גוטער ברודער איז ער, קוקי. און ווען ער איז מיט עמיצן גוט, איז ער דאָס מיטן גאַנצן האַרצן.

אַזוי האָט ער זיך מיט אַ צייט צוריק צוגעבונדן מיט אַ שטאַרקער פֿריינטשאַפֿט צו בומפּין. דאָס איז געווען אַזאַ פֿריינטשאַפֿט, אַז ער האָט אים אָפּט ניט אָפּגעלאָזט גאַנצע טעג. טיילמאָל פֿלעגט ער אים נעמען צו זיך אין בעט אַריין. און אָט דעם דאָזיקן פֿריינט זיינעם האָט קוקי מיר איבערגעגעבן במתנה. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון קוקיס וואַרימסטער פֿריינטשאַפֿט צו מיר.

דאָס איז געווען אַזוי: אין אַ נאָכמיטאָג קומט קוקי אַריין צו מיר אין ציי־מער און פרעגט מיך צי איך וויל בומפּין. פון זיין קול האָב איך דאַן אַרויסגעהערט די אמתע פריינטשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געוואָלט האָבן בומפּין. אָבער אַזוי ווי בומפּי איז ביי קוקין אַ זייער טייערער פריינט, האָט ער פאַרלאַנגט ביי מיר איך זאָל אים דערפאַר געבן פינף סענט. און אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט ביי מיר קיין פינף סענטיקע מטבע, האָט קוקי מיר דער־קלערט אַז ער שענקט מיר אים, און תיכף אַוועקגעזעצט בומפּין אויף מיין שרייבטיש.

ווער בומפּי איז? דאָס האָב איך שיעור נישט פאַרגעסן אייך צו דערציילן. בומפּי איז אַ קליין מענטשעלע, וועלכעס קוקט אויף דער וועלט מיט אַזעלכע אָפענע און קלאָרע אויגן, אַז מען מוז צו אים האָבן צוטרוי. אגב, ווען איך זאָג אַז בומפּי איז אַ קליין מענטשעלע, מיין איך דאָס נישט אין גייסטיקן אָדער מאָראַלישן זינען. ער איז טאַקע בפירוש אַ קליין מענטשעלע. דאָס קענט איר אייך שוין משער זיין פון דעם פאַקט, וואָס איך האָב אייך איבערגעגעבן, אַז ער זיצט אויף מיין שרייבטיש. דאָס איז אַ מענטשעלע וואָס איז זיצנדיק אין גאַנצן אַ צוואַנציק סענטימעטער די הויך. בומפּי קאָן נישט שטיין, נאָר זיצן, ווייל ער איז באַשאַפן געוואָרן אָן פיס. צום גרויסן קערפּער פון גרינעם באַרכענט זענען צוגענייט אָדער צוגעקלעפּט די פּיאַטעס און צוויי הענט אויך פון באַרכענט. אָבער פון וויאָלעטער פאַרב. נאָר די דלאָניעס האָבן אַ מענטשלעכע הויט פאַרב. אויף דעם ריזיקן (רעלאַטיוו, פאַרשטייט זיך) קערפּער איז צוגעטשעפּעט אַ קליין קיילעכדיק קעפּעלע פון ווייסן מילטאָן: אין דער פאָדערשטער זייט האָט דאָס קעפּל אַ פּנים מיט אַ צוגעקוועטשטער נאָז מיט צוויי שאַרף בליקנדיקע אויגן און אַרומגענומען מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד פון ווייסן פלאַנעל. די גאַנצע באַ־שעפעניש מיט דעם הויכן פלאַכן היטל פון וויאָלעט פאַרבענער פלאַנעל, דער־מאָנט אָן דעם אַמאָליקן טערקישן סולטאַן אַבדול האַמיד.

דער נאָמען אַבדול האַמיד וואָלט דעם קליינעם מענטשעלע פון באַרכענט זיכער בעסער געפּאַסט. קודם איז דאָס אַ היסטאָרישער נאָמען. אָבער קוקי איז נאָך נישט באַקאַנט מיט קיין היסטאָרישע נעמען. ער קען נאָר די נעמען פון די פאַרשידענע מעשהלעך פון קעניגן און פון רויבער און פון פּרינצעסינס און פון מכשפים. בומפּי איז דער נאָמען פון אַ העלד פון אַזאַ מעשהלע. און אַזוי זיצט ער ביי מיר אויפן שרייבטיש, בומפּי, שוין צוויי טעג און קוקט מיר אַריין אין דער פעדער ווי איך שרייב. און איך זאָג אייך, אַז מיט בומפּין פאַרברענגט זיך טיילמאָל אינטערעסאַנטער ווי מיט געוויסע גרויסע מענטשן וועלכע זענען נישט פון באַרכענט. ער קאָן אַזוי דיסקרעט זיך צוקוקן און אַזוי דיסקרעט שווייגן, אַז נישט ביי אַ סך גרויסע מענטשן וואָס זענען נישט פון באַרכענט, וועט איר דאָס פּועלן.

# וואָס פון אַ חלום קען אַלץ אַרויסקומען

דער דאָזיקער ענין האָט אַ שטאַרקן נאָך-טעם נאָך פּיקאַנטעריע. אָדער נאָך מער: די פּיקאַנטעריע איז דאָ דער הויפּט-עלעמענט. און עס איז ממש דאָ די סכנה, אַז דער לעזער זאָל בלייבן קלעפּן ביי דער פּיקאַנטעריע און נישט דער־זען לחלוטין די געזעלשאַפטלעכע סאַטירע, וועלכע באַגלייט די דאָזיקע פּיקאַנטע געשיכטע.

ס'איז נעמלעך די מעשה פון אַן ענגלישער דאַמע, וועלכע האָט געבוירן אַ קינד פון אַ חלום. דאָס הייסט: דאָס קינד איז נישט קיין חלום. עס איז ווירק־לעכקייט. ס'איז אַ לעבעדיק, צאַפּלדיק ניי-געבוירן קינד. נאָר דאָס קינד, זאָגט די דאַמע, האָט זי געהאַט פון אַ חלום. און אַזוי ווי דער מאַן פון דער דאַמע טענהט, אַז ער איז לחלוטין אומשולדיק אין אָט דעם חלום, און אַזוי ווי ער גלויבט נישט אין דער דאָזיקער מאַכט פון אַ חלום, האָט ער געקלאָגט די פרוי אויף אַ גט. די סצענע,, דאַרפט איר וויסן, שפּילט זיך אָפּ אין די גאָר הויכע קרייזן פון דער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע. דער מאַן פון דער פרוי פון חלום איז אַ זון פון אַן ענגלישן לאָרד — לאָרד אַמטפּיל. און דאָס גיט שוין דער געשיכטע אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער.

וואָרים אַ פּשוטע פרוי זאָל האָבן אַ קינד „פון אַ חלום", וואָלט נישט גע-ווען אַזאַ וועלט-איבערקערעניש. עס טרעפן זיך אַזעלכע זאַכן. אַמאָל האָט אַ פרוי געהאַט אַ קינד פון הייליקן גייסט. מיט וואָס-זשע איז דער הייליקער גייסט ערגער פון אַ חלום? און די מעשה פונעם הייליקן גייסט האָט זיך אָנגענומען, און פּראָפעסאָרן דיקטירן וועגן דעם לעקציעס פון זייערע קאַטעדרעס. יאָ, דאָס איז די וויסנשאַפט, די פילאָזאָפיע. מיט וויסנשאַפט, מיט פילאָזאָפיע לאָזט זיך אַלץ באַווייזן. מיט פילאָזאָפישער דיאַלעקטיק קען מען באַווייזן, אַז די וועלט איז באַ־שאַפן געוואָרן פון אַ — בעזים. מען קען שאַפן אַ גאַנצע פילאָזאָפישע בעזים־סיסטעם. און ווען עס איז שוין דאָ אַ „סיסטעם" קען זיך גאָר לייכט שאַפן אַ גאַנצע שולע פון דער דאָזיקער בעזים-פילאָזאָפיע. און די אָנהענגער פון דער דאָזיקער פילאָזאָפישער שולע וועלן זיך רופן די בעזימיאַנער אָדער בעזימיסטן, און זיי וועלן אויסבילדן זייער אייגענע בעזים־פּאַרטיי, בעזים-מאָראַל, און זייער בעזים-אומטאָלעראַנץ צו די אַלע, וואָס וועלן נישט האַלטן פון זייער בעזים־פי־לאָזאָפיע און נישט באַלאַנגען צו זייער פּאַרטיי.

יאָ, אָבער צו אונדזער מעשה וועגן חלום און וועגן קינד, וואָס איז געבוירן

געוואָרן פון א חלום, קומט דאָס אַלץ נישט. ווארים דאָס דאָזיקע קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון א חלום, דאָס איז אַ ביז גאָר ערנסטער ענין. ווי כ'האָב שוין אויבן באמערקט, ווען די מאמע פון דעם חלום-קינד וואָלט זיין א פשוטע פרוי פון פאָלק, וואָלט מען ווענן דעם גאָר נישט געמאַכט אזעלכע הארבע קשיות. עס טרעפן זיך אזעלכע זאכן! און מען וואָלט אריבערגעגאנגען צום טאָג־אָרדענונג.

אָבער דאָ האנדלט זיך ווענן א דאמע פון דער אריסטאָקראטיע. א שנור פון א לאָרד. דאָס הייסט, אז ווען דער לאָרד וועט איבער הונדערט און צוואנציק יאָר שטאַרבן, דאן באקומט זיין זון דעם טיטל און די רעכט פון א לאָרד. און ווען דער זון וועט שטאַרבן, דאַרף זיין זון, אָט דאָס איצטיקע חלום-קינד, ווערן אַן ענגלישער לאָרד. און דאָ האָט איר פאר זיך אזא פּלאָנטער: דער זון פון לאָרד אמטפיל, דעם פאָטער פון דעם קינד פונעם חלום, טענהט קאטעגאָריש, אז ער איז אומשולדיק, לגמרי אומשולדיק, ער האָט נישט קיין שום שייכות צו דעם חלום פון זיין פרוי.

דאָ האָבן מיר אַלזאָ פאר זיך נישט גלאט אזוי א מאָראַלישע פראַגע, נישט קיין געזעלשאפטלעכן סקאנדאַל, נישט קיין סענסאציאָנעל-פּיקאַנט-וויסנשאַפט־לעכע פראַגע, ווי קען אַן אריסטאָקראטישע דאמע האָבן א קינד פון א חלום, נאָר דאָס איז א פראַגע, וואָס רירט אָן ממש די ענגלישע געזעצגעבונג און די ענגלי־שע קאָנסטיטוציע. ווארים דאָס דאָזיקע קינד פון דעם חלום דאַרף אמאָל ווערן ענגלישער לאָרד, א מיטגליד פון ענגלישן לאָרדן-הויז, אַלזאָ א געזעצגעבער. און דאָ קומט דער פאָטער, סער יו ראָסעל, דער, וואָס די מוטער פון דעם קינד זאָגט, אַז ער איז איר געקומען צו חלום, און דערקלערט קאטעגאָריש אַז דאָס קינד פון דעם חלום איז נישט זיין קינד!

איר פאַרשטייט אַן עסק!?

און איצט וועט איר שוין פאַרשטייען, פאַרוואָס די ענגלישע געריכטן האָבן זיך אזוי ערנסט פאַרנומען מיט דער פראַגע, צי איז מעגלעך, אַז א פרוי זאָל האָבן א קינד פון א חלום. און געפסקנט אַז יאָ, ס'איז מעגלעך. די יוסטיץ האָט דאָ געפסקנט א שאלה, וואָס געהער אייגנטלעך נישט צו איר. אָבער דאָ איז גע־שטאַנען אין קאָן נישט די וויסנשאַפט מיט אירע אמתן. דאָ איז געשטאַנען אין קאָן די מאָראַל און דער גוטער נאָמען פון דער אריסטאָקראטישער געזעלשאַפט. און די יוסטיץ האָט געמוזט פסקענען, אַז יאָ, ס'איז מעגלעך. און די דאָזיקע טעזיס פון דעם חלום-קינד איז באַשטעטיקט געוואָרן אין אַלע אינסטאַנצן פון דער ענגלישער יוסטיץ, ביז צום לאָרדן-הויז. און דאָס לאָרדן-הויז האָט געפסקנט, אַז דאָס קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן „פון אַ חלום", ווערט אנערקענט אַלס קינד פון סער ראָסעל. און דאָס קינד וועט זיין אַן ענגלישער לאָרד, ווען זיין געזעצלעכער פאָטער, וועלכער אנערקענט זיך נישט אַלס פאָטער, וועט שטאַרבן. און די מאָראַל און דער גוטער נאָמען פון אַן ענגלישער לאָרדן-פאַמיליע וועט זיין געראַטעוועט.

# אינקאַס מאָגן-קראַנקייט

נו, אוודאי ווייסט איר נישט, ווער אינקאַ איז. אָבער שעמט אייך נישט און זייט אייך מודה גאַנץ דרייסט, אַז איר ווייסט נישט. דאָס וועט נישט וואַרפן קיין שאָטן אויף אייער ליטעראַרישער בילדונג. אגב, ווייל איך גאַנץ אָפן דער-קלערן, אַז ביז נעכטן האָב איך אויך נישט געוווסט, ווער אינקאַ איז, איך האָב נישט געהאַט דעם כבוד אים צו קענען (אַלזאָ, ווי איר זעט, איז דאָס אַן „ער", נישט געקוקט אויף דעם ווייבלעך-קלינגענדיקן נאָמען). אָבער היינט, נישט בלויז איך ווייס, ווער אינקאַ איז, נאָר איך ווייס אפילו, אַז ער האָט געליטן אויף אַ שווערער מאָגן-קראַנקייט און אַז מען האָט ביי אים געמוזט דורכפירן אַ גאָר קאָמפּליצירטע כירורגישע אָפּעראַציע. אָבער די אָפּעראַציע איז געלונגען און אינקאַ וועט אי"ה באַלד ווידער זיין בקו הבריאה.

איך זאָג, אַז מען האָט ביי אינקאַן דורכגעפירט אַ קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע אויפן מאָגן. אין וואָס די קאָמפּליצירטקייט איז באַשטאַנען, פרעגט איר? נו, ער האָט מיט זיך אַרומגעטראָגן אין מאָגן, מאָלט אייך אויס, אַ גאַנצע קילאָ טשוועקעס, שטיקער דראָט און אַנדערע מעטאַלן. פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען טראָגט אַרום אין זיך אַזאַ מאַסע מעטאַל, און דערצו איז אפשר אַ טייל פון דעם מעטאַל, פון די טשוועקעס און דראָטן נישט געווען ריין, אפשר פאַרזשאַווערט, קאָן מען זיך נישט פילן גוט. מען פאַרדייט נישט דאָס עסן, מען פאַרלירט דעם אַפּעטיט און מען פאַלט-אַריין אין מעלאַנכאָלישע געדאַנקען. פון דער אַפּעטיט-לאָזיקייט איז אינקאַ פון טאָג צו טאָג דאַרער געוואָרן, דערצו איז ער אויך קראַנק געוואָרן אויף דער לעבער. מילא, די לעבער האָט מען געהיילט מיט פעניסילין. אָבער מיטן מאָגן, וועלכער האָט אין זיך געטראָגן אַ קילאָ טשוועקעס און אַנ-דערע שטיקער מעטאַל, האָט מען זיך נישט געקאָנט קיין אַנדערע עצה געבן און מען האָט אים געמוזט אָפּערירן און אַרויסנעמען פון דאָרט די אַלע איבעריקע טשוועקעס און שטיקער דראָט און אַנדערע שטיקער אייזן.

די אָפּעראַציע איז ב"ה געלונגען און אַדאַנק דער מאָדערנער כירורגיע וועט אינקאַ אי"ה באַלד ווידער געזונט ווערן, זיך באַפרייען פון זיין מעלאַנכאָלישן אומעט און צוריק באַקומען זיין נאָרמאַלן אַפּעטיט. און דאָס איז באמת אַ דער-

פרייענדע ידיעה. וואָרים אינקאַ, דאַרפט איר וויסן, איז נישט אבי-ווער. ערשט אַנומלט האָט ער אויף אַן אויסשטעלונג פון פי־צוכט באַקומען די ערשטע פּרע־מיע און מען האָט אָפּגעשאַצט זיין ווערט אין 15.000 דאָלאַר — ווי עס מעל־דעט אַ טעלעגראַמע פון פריפּאַרט אין נ. אַמעריקע. און ווען אינקאַ וועט אי״ה געזונט ווערן, קאָן מען האָפן, אַז ער וועט זיך נאָך דערווערבן גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער נאַציאָנאַלער פי־צוכט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

# ווען איך וואָלט פאַרמאָגט הונדערט פּעזעס...

ווען איך וואָלט פאַרמאָגט הונדערט פּעזעס, וואָס, מיינט איר, וואָלט איך געטון?

נו, וואָס, כ׳בעט אייך, קאָן מען טון מיט הונדערט פּעזעס? קויפן אַן אויטאָ, אַ ראָלסרויס, קאָן מען נישט פאַר הונדערט פּעזעס. קיין זומער-דירה אין אַליוואָס אויך נישט. אפשר אַ קליינעם עראָפּלאַן, פאַרן פּריוואַטן געברויך? קאָן זיין אַז נאָך דער מלחמה וועט מען דאָס קענען באַקומען פאַר הונדערט פּעזעס, מיט נאָך עטלעכע פּעזעס צום אויסצאָלן. וואָס-זשע קאָן מען באַקומען פאַר הונדערט פּעזעס, עפּעס אַ זאַך, וואָס זאָל ווערט זיין? אויפעסן אַ וועטשערע אין אַ באַאַט און זיך אַביסל פאַרוויילן, וואָלט געווען אַן אויסבּרענגעריי.

וואָס קאָן מען אויפטון מיט הונדערט פּעזעס? נעכטן האָב איך געזען אַ זאַך פאַר הונדערט פּעזעס, וואָס איז אַ ווילדע מציאה און וואָס איז ווערט, צווישן ברידער, לכל הפּחות, צען מאָל אַזוי פיל. און ווען איך וואָלט פאַרמאָגט הונדערט פּעזעס, וואָלט איך מיר תיכף איינגעקויפט אַזאַ מין מציאה.

וואָס דאָס איז פאַר אַזאַ מין מציאה, פרעגט איר? נו, דאָס וועט איר באַלד זען.

זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, וויפיל וואָלט איר אַוועקגעגעבן דערפאַר, אַז אייער נאָמען זאָל באַקאַנט ווערן צווישן מענטשן און פאַראייביקט ווערן אין דער געשיכטע? איך פאַרשטיי, אַז פאַר אַזאַ זאַך וואָלט פאַר אייך קיין שום פּרייז נישט געווען צו הויך. אַ שטייגער ווען איר ווילט אַז אייער נאָמען זאָל באַקאַנט ווערן צווישן מענטשן — וואָס טוט איר? נו, איר באַשטעלט זיך אַ מאָנאַטלעכע אַווּיסע אין צייטונג און דערפאַר צאָלט איר וויפיל מען צאָלט געווענלעך פאַר אַזאַ זאַך. כדי אייער נאָמען זאָל געדרוקט ווערן מיט קליינע אותיות אין צייטונג טאָג-טעגלעך, דאַרפט איר צאָלן אַ חודש אפשר דרייסיק פּעזעס, אָדער אפשר מער. וויפיל דאָס באַטרעפט אַ יאָר קאָנט איר שוין אַליין אויסרעכענען. אין משך פון צען יאָר דאַרף דאָס קאָסטן אפשר עטלעכע טויזנט פּעזעס. און היינט ווען איר ווילט אַז אייער נאָמען זאָל זיין געדרוקט מיט אַ ביסל גרעסערע אותיות, אַ שטייגער אַזעלכע אותיות ווי די גרויסע טיטלען

אויף דער ערשטער זייט פון דער ציימונג, וואָלט איר באַדאַרפט פאַר דעם באַצאָלן אַ הון געלט — אין צען יאָר וואָלט דאָס אייך אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן.

און אָט זעט איר, האָב איך אַנטדעקט אַ מיטל, איר זאָלט זיך קענען פאַראייביקן אייער נאָמען און דאָס זאָל אייך קאָסטן אַ קלייניקייט — אַ שמעק טאַבאַק, נישט מער.

יאָ, ס'איז ממש דערשטוינלעך, ווי ביליק מען קאָן זיך ביי אונדז איינקויפן אייביקייט, און נאָך מער דערשטוינלעך, אַז אין דער ברייטער עפנטלעכקייט ווייסט מען גאָר נישט דערפון, אָדער מען גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון וועגן דעם.

באַזוכנדיק די טעג איינע פון אונדזערע אינסטיטוציעס, האָב איך געזען איבער אַלע אינעווייניקע ווענט גרויסע פּלאַקעס פון ווייסן מאַרמאָר, מיט נעמען פון פאַרשידענע מענטשן, אויף יעדער פּלאַקע עטלעכע צענדליק נעמען איינגעקריצטע מיט גרויסע גאָלדענע אותיות. ווען איר זאָלט וועלן דרוקן אייער נאָמען אין ציימונג מיט אַזעלכע גרויסע גאָלדענע אותיות, איז גאָר נישטאָ קיין פּרייז וואָס איר וואָלט באַדאַרפט דערפאַר באַצאָלן. פאַר זיין געדרוקט צען יאָר מיט אַזעלכע גרויסע גאָלדענע אותיות אין ציימונג, וואָלט איר באַדאַרפט צאָלן אַ פאַרמעגן. און וואָס איז צען יאָר אין אַ סך־הכל? ווען מען טראַכט וועגן אייביקייט, דאַרף מען אין זינען האָבן כאָטש די ערשטע הונדערט יאָר.

נו, זעט איר, אין דער אינסטיטוציע, ווו איך בין נעכטן געווען, באַקומט איר אייער נאָמען איינגעקריצט מיט גרויסע גילדענע אותיות אויף ווייסן מאַרמאָר אויף אייביקע צייטן פאַר הונדערט פּעזעס, נישט מער.

טאָ זאָגט אַליין, כ'בעט אייך, צי איז דאָס נישט אַ ווילדע מציאה?! דאָס איז דאָך פּשוט בחינם. ווו קאָנט איר זיך היינט פאַראייביקן אייער נאָמען פאַר אַזאַ ביליקן, ממש נישטיקן פּרייז?!

אַ שטייגער, ווען איר זענט אַ שרייבער און איר ווילט אייך פאַראייביקן אייער נאָמען אין אַ בוך, איז דאָס מינדסטע בוך וואָס איר וועט היינט נעמען דרוקן דאַרף אייך קאָסטן אַרום צען טויזנט פּעזעס, איז אָבער מיט אַ בוך אַ שווערע זאַך. אָפּדרוקן און אַרויסגעבן אַ בוך איז נאָך נישט אַלץ. דער עיקר איז, ווער וועט דאָס בוך לייענען? נו, געוויינלעך וועט איר דאָס בוך קודם שיקן אין די רעדאַקציעס פון די ציימונגען. און די ציימונגס־שרייבער וועלן פון אייער בוך מאַכן אַש און שטויב און אַנשטאָט כבוד וועט איר האָבן אומכבוד. און וואָס מיינט איר וועט זיין, מיט די עטלעכע הונדערט ביכער וואָס איר וועט פאַרשענקען צווישן פריינט און ביבליאָטעקן? אפילו קיין געפּגרטער הונט וועט אייער בוך נישט עפענען — פון לייענען איז דאָך שוין גאָר נישט צו רעדן.

אַלזאָ אַריינצוקומען אין דער אייביקייט דורך אַ בוך איז אַן אומזיסטיקע האָפענונג. אין בעסטן פאַל קאָן דאָס זיין אַן אייביקייט פון אַ יאָר אָדער צוויי.

וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט אַזאַ קורצע „אייביקייט”? און דערביי דאַרף דאָס קאָסטן אַזוי פֿיל טויזנטער פֿעזעס.

אַקעגן דעם דאָזיקן מין אייביקייט, וואָס איר קאָנט דערגרייכן פֿאַר שווערע געלט דורך אָנשרייבן און אַרויסגעבן אַ בוך, איז די מאַרמאָרענע אייביקייט מיט גרויסע גאָלדענע אותיות ווערט צענדליקער טויזנטער פֿעזעס. און דאָך באַקומט איר דאָס פֿאַר אַזאַ שיבוש, ווי הונדערט פֿעזעס. פֿאַר הונדערט פֿעזעס קויפֿט איר זיך איין אַן אייביקער אייביקייט, אַן אייביקייט מיט גאָלדענע אותיות אין ווייסן שפּיגלדיקן מאַרמאָר. אָט דערפֿאַר זאָג איך אייך, ווען איך פֿאַרמאָג הונדערט פֿעזעס, וואָלט איך מיר תיכּף געקויפֿט אַזאַ שטיק אייביקייט.

# דער טויבער

איך האָב איינעם אַ פריינט, איז ער אַ טויבער. ער איז אַזוי פאַרשלאָגן טויב, אַז עס קאָסט מיך געזונט און אַ סך געדולד, דורכצודרינגען אַמאָל מיט אַ וואָרט זיין טויבקייט. דאָס הייסט, איך זאָלט מיך נישט פאַלש פאַרשטייען: מיין פריינט האָט אויערן ווי יעדער מענטש און אַ געהער ווי יעדער מענטש, און דאָך איז ער טויב, טויבער ווי אַלע טויבע, וועלכע זענען פיזיש טויב. וואָרים די טויבקייט פון מיין פריינט איז אַ גייסטיקע טויבקייט. דאָס הייסט, אַז אינעם געוועגלעכן טאָג-טעגלעכן לעבן, הערט מיין פריינט יעדן קלאַנג, יעדן שאָרך ווי יעדער מענטש מיט אַ נאָרמאַלן געהער. אָבער ווי באַלד עס קומט צו ערנסטע ענינים וועלכע שטייען העכער פון די אייגענע מאַטעריעלע אינטערעסן, איז מיין פריינט שטאָק-טויב ערגער ווי די ערגסטע טויבע. אין אַזעלכע מאָמענטן הערט מיין פריינט נאָר זיך, און ס'איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט זיך צו דערשלאָגן צו אים מיט אַ וואָרט אָדער מיט מיינעם אַ געדאַנק.

און דווקא, ממש ווי צו להכעיס, האָב איך אַן אינטערעס צו רעדן מיט דעם דאָזיקן פריינט, אים מיטצוטיילן מיינע געדאַנקען און מיינונגען, אים צו איבערצייגן וועגן דער ריכטיקייט פון מיינע געדאַנקען און וועגן דער טעותדיקייט פון זיינע מיינונגען. אָבער וואָס קאָן איך טון, אַז מיין פריינט הערט זיך גאָר נישט צו צו מיינע רייד, וויפיל איך זאָל אין אים נישט פּרווון אַריינרעדן. וואָרים גראָד אין דעם מאָמענט ווען איך וויל צו אים רעדן, רעדט ער אַליין. ער האָט בכלל אַ טבע שטענדיק צו רעדן, שטענדיק נאָר אַליין צו רעדן און נישט צו הערן וואָס דער אַנדערער זאָגט. און דערפאַר הערט ער שטענדיק נאָר זיך און דערהערט קיינמאָל נישט קיין אַנדערן געדאַנק חוץ זיין אייגענעם.

ווער ער איז דער דאָזיקער מאָדנער מענטש, פרעגט איר? נו, ער איז נישט קיין יחיד. ער איז אַ טיפּ — אַ ברייט-פאַרשפּרייטער טיפּ. איר טרעפט זיי. די דאָזיקע טויבע, ביי אַלע פעלקער אין אַלע לענדער, אין אַלע סאָציאַלע שיכטן ביי מענטשן פון די פאַרשידנסטע בילדונגס-גראַדן. דאָס זענען די מענטשן וועלכע בלייבן פאַרעקשנט מיט זייער מיינונג און וועלכע לאָזן קיינמאָל נישט צו צו זיך קיין נייעם געדאַנק, בכלל קיין געדאַנק, וועלכער קאָן אָפּשוואַכן זייער אָנגענומענע מיינונג. און זיי טוען דאָס, די דאָזיקע מענטשן, נישט צוליב אַן

אויסגערעכנטן פלאן, נאר פשוט מחמת געוווינהייט. זיי זענען פשוט נישט געוווינט און נישט דערצויגן צו הערן און אויסצוהערן אן אנדערע מיינונג ווי זייער אייגענע. זיי הערן שטענדיק נאר זיך. זיי זענען, ווי געזאגט, גייסטיק טויב, כאטש זייער חוש השמיעה איז נארמאל...

אין א געוויסן זין זענען מיר אלע אזעלכע גייסטיק טויבע, מיר אלע האלטן זיך מיט אונדזערע איינגעלעבטע מיינונגען ווי מיט אלטע חפצים צו וועלכע מיר האבן זיך צוגעוווינט און פון וועלכע מיר האבן נישט קיין חשק זיך צו שיידן. מיר האבן נישט ליב צו קאנטראלירן אונדזערע איינגעלעבטע מיינונגען, כאטש עס קאן דאך מעגלעך זיין, אז זיי האבן זיך איבערגעלעבט און זיי פאסן זיך נישט מער צו די היינטיקע באדינגונגען און אומשטענדן. מיר בלייבן טויב אקעגן יעטוועדן געדאנק, וועלכער קלאפט־אן אין טויער פון אונדזער באַוווסטזיין. מיר הערן נישט וואס מיר ווילן נישט הערן.

א טויבער איז געווען למשל היטלער. ס'איז באוווסט, אז דער „פירער" האט קיינמאל קיינעם נישט געלאזט קומען צום ווארט. אויף אוידיענצן און פריוואטע שמועסן האט נאר ער גערעדט, און ער פלעגט אזוי לאנג רעדן, ביז דעם „מיטשמועסער" איז נמאס געווארן און האט זיך מיאש געווען אליין אויך צו רעדן א ווארט.

היטלער איז נאר אביישפיל פאר אזעלכע גייסטיק טויבע. די דאזיקע „טויבקייט" מוז נישט זיין פארבונדן דווקא מיט אזא פארברעכערישן כאראקטער ווי דער פונעם געפגרטן פירער. פאראן אזעלכע „טויבע" אפילו צווישן ארנטלעכע און לייטישע מענטשן און די דאזיקע טויבקייט איז מערסטנטיילס פארבונדן אויך מיט א מין בלינדקייט. ווארים אויך מיטן געשריבענעם ווארט איז אפט שווער די דאזיקע מענטשן צו דערגרייכן.

# אַ פּליִרט מיטן טויט

צווישן די דריי מיליאָן מענטשן, וועלכע וווינען אין אונדזער הויפּטשטאָט, איז פאַראַן איינער, וועלכער דערלויבט זיך אַ לוקסוס, וואָס זעלטן אַ מענטש טראַכט וועגן דעם און זיכער קיין שום מענטש גלוסט נישט נאָך דעם. דער דאָזיקער איינער מענטש צווישן די דריי מיליאָן, איז אַ ייד, און זיין לוקסוס, וועלכן דער ייד האָט זיך דערלויבט, איז טאַקע אַ ספּעציפיש-יידישער לוקסוס. מען דאַרף טאַקע האָבן דעם אמתן „אויפגעריסענעם האַלדז" פון אַ יידן, צו גלוסטן נאָך אַזאַ מין לוקסוס.

כדי אייך נישט „אַרויסצונעמען די נשמה" מיט נישט-דערזאָגטע ווערטער וויל איך אייך שוין אויסזאָגן, אַז דער לוקסוס, וועלכן אונדזער ייד האָט זיך דערלויבט, באַשטייט אין אַ קבר, אַ קבר טאַקע פאַר אים אַליין, און שוין מיט אַ פאַרטיקער מצבה.

דאָס איז, ווי איר זעט, שוין טאַקע אַ טאָפּלטער לוקסוס. מילא, אַז אַ ייד וויל זיך באַזאָרגן נאָך ביים לעבן מיט אַ שטיקל פּלאַץ פאַר זיין אייביקער דירה, איז דאָס נישט קיין גייעס. עס טרעפן זיך אַזעלכע זאַכן. וואָרים טאַקע פאַרוואָס נישט? אַ געווענלעכע דירה, וועגן וועלכער מען ווייסט נישט, צי וועט מען אין איר וווינען אַ יאָר, צי אפילו נאָר זעקס חדשים, גייט מען אַרום זוכן און אויסקוקן וואָכן-לאַנג, אָפט אפילו מאָנאַטן-לאַנג און מיט דער אייביקער דירה פאַרלאָזט מען זיך אויף גאָטס באַראָט — ניין, אויפן באַראָט פון די גבאים פון דער חברה קדישא.

האָט זיך טאַקע אונדזער ייד נישט געוואָלט פאַרלאָזן, נאָר אין אַ שיינעם טאָג איז ער אַרויפגעגאַנגען אין חברה קדישא און גענומען האַנדלען וועגן דעם שטיקל פּלאַץ, וועלכעס ער האָט זיך אויסגעקליבן אין ליגיערס. אַ פיין שטיקל פּלאַץ. ס'וועט זיין פאַר דעם יידן אַ מחיה זיך דאָרט אַוועקצולייגן. דאָ וועט ער זיך אויף אַן אמתן אויסרוען די ביינער. דאָ וועט ער זיך אַוועקלעגן רויִק, נישט ווערנדיק באַאומרואיקט. טאָמער וועלן די יורשים נישט וועלן באַצאָלן. גיי טראָג זיך נאָך אַרום מיט דאגות וועגן דירה-געלט, אָדער טאָמער וועט מען דיך וועלן אַרויסוואַרפן פון דער דירה...

האָט טאַקע אונדזער ייד באַצאָלט דעם פולן פרייז פאַר זיין שטיקל פּלאַץ,

און זיך נישט באַנוגנט מיטן בלויזן פּלאַץ, נאָר טאַקע געלאָזט צורעכט מאַכן א קבר. וואָרים אונדזער ייד האָט נישט ליב צו פאַרלאָזן זיך אויף מענטשן. א קשיא אויף א מעשה: קען גאָר זיין, אז דעם טאָג, ווען ער וועט זיך דאַרפן אַריינלייגן אין זיין שטענדיקער דירה, זאָל אויסברעכן א שטרייק פון קברנים. איר פאַרשטייט אַן עסק? גיי לייג זיך אַוועק און וואַרט אין דער קעלט אָדער אין רעגן אָדער גאָר אין א זומערדיקער היץ ליג און וואַרט, ביז מען וועט דיר צורעכט מאַכן א געלעגער. ניין, אַזאַ זאַך איז אַן איינשטעלעניש. בפרט אין די טעג פון היצן. מען קען דאָך פּשוט אויסגיין פאַר דורשט און פאַר מידקייט. צי וועט זיך דען עמיץ דערמאָנען צו געבן א פרישן טרונק א טויטן? ליגן אַזוי אין דער היץ צי אפילו אין א רעגן און מוזן זיך צוהערן צום לשון-הרע פון די מענטשן, איז נישט קיין אַנגענעמע זאַך.

אָט דערפאַר טאַקע ווייל אונדזער ייד זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיינעם און ער האָט אַלץ באַזאָרגט, און ער האָט אַכטונג געגעבן, אז מען זאָל אים אויס-גראָבן זיין קבר, א פיינעם באַקוועמען קבר, אַזוי אז ער וועט זיך קענען אַוועק-לעגן רואיק און זיך אויסשטרעקן די ביינער איין מאָל פאַר אַלע...

און ווייל א קבר קען נישט בלייבן אָפן, האָט דער ייד זיך שוין אויך גע-לאָזט מאַכן א מצבה, א פיינע באַלעבאַטישע מצבה, מיט אַן אויפשריפט פ"נ פלוני בן פלוני, נולד (און דאָ איז אויסגעקריצט דאָס יאָר פון זיין געבורט).

מיט איינעם וואָרט: אַלץ איז שוין פאַרטיק. מען דאַרף נאָר נאָך אויס-קריצן דעם טאָג, דעם דאַטום פון זיין טויט. יעדנפאַלס האָט דער ייד נישט קיין דאגות, אז מען וועט אים אָפּנאַרן. ער האָט זיך אַלץ אַליין אויסגעקליבן, אַליין איינגעהאַנדלט און אַלץ געמאַכט לויט זיין אייגענעם גוסט. זיך אויסגעקליבן א פיינעם שטיין און דער שטיין שטייט זיך אויפן קבר און „איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר", ווען דער אייגנטימער פון דער דירה וועט דאַרפן באַזעצן דעם פּלאַץ, וועט ער נישט דאַרפן וואַרטן. אַלץ וועט שוין זיין פאַרטיק. מען וועט נאָר דאַרפן, ווי געזאָגט, אויסקריצן אויף דער מצבה דעם דאַטום פון טויט.

איצט אָבער, אין שיינע טעג, קומט דער ייד אַרויס, ער קומט צו־גאַסט צו זיין אייגענעם קבר און ער צאַצקעט זיך מיט זיין שיינער מצבה. עס פעלט נאָר נאָך, אז ער זאָל זיך ברענגען בלומען צו זיין אייגענעם קבר.

אָט דאָס הייסט פלירטעווען מיטן טויט. נאָר, פאַרשטייט זיך, אז דער וואָס פלירטעוועט אַזוי מיטן טויט איז שוין נישט קיין יונגערמאַן. ער איז שוין א ייד קיין ע"ה אַריבער די שמונים. אָבער א לוקסוס איז דאָס יעדנפאַלס, זיך אַריינצולאָזן אין אַזאַ פלירט מיטן טויט...

# טרודעלס זון

דורך די צייטונגען איז דאָ נישט לאַנג געלאָפן אַ ידיעה, אַז טעאָדאָר הערצלס אייניקל האָט באַזוכט ארץ־ישראל. הערצלס אייניקל איז היינט אַ יונגערמאַן פון 27 יאָר, אַן אָפיציר אין דער בריטישער אַרמיי, וועלכער האָט שטודירט יוריספּרודענץ אין קעמברידזשער אוניווערזיטעט, און שוין פינף יאָר ווי ער דינט אין דער אַרמיי. דאָס איז אגב דער איינציקער אייניקל פון הערצלען, דער זון פון הערצלס יונגסטער טאָכטער, טרודע.

לייענענדיק די דאָזיקע ידיעה ווערט עפּעס אומעטיק אויפן הארצן. ערשט 41 יאָר ווי הערצל איז טויט, און שוין איז זיין משפּחה כמעט ווי אויסגע־שטאָרבן און פון זיין שטאַם איז געבליבן נישט מער ווי דער דאָזיקער איינ־ציקער אייניקל, דער זון פון טרודען.

פּשוטע יידן, וועלכע האָבן זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען מיט הערצלס ביאָגראַפיע און מיט זיינע משפּחה־פאַרהעלטענישן, ווייסן מסתמא נישט, וואָס ס'איז דער מער מיט דער דאָזיקער טרודע. טרודע איז געווען הערצלס יונגסטע טאָכטער און ווי געוויינלעך דאָס יונגסטע קינד, איז זי געווען ביי אים די מער פאַרפּיעשטשעטע, כאָטש הערצל איז געווען צוגעבונדן מיט אַ באַזונדערער ליבע צו אַלע זיינע דריי קינדער: פּאולינע, האַנס און טרודע. בנוגע האַנסן האָט הערצל געהאָפט און געגאַרט אַז ער זאָל אַמאָל איבערנעמען זיין גייסטיקע און פּאָליטישע ירושה. דאָס קאַפּיטל האַנס איז אגב דאָס טראַגישסטע אין הערצלס גורל. אויך פּאולינע, הערצלס עלטסטע טאָכטער איז אַוועק פון דער וועלט, נישט איבערלאָזנדיק קיין יורש. טרודע, די יונגסטע, דורך וועמענס זון עס וועט זיך אפשר ווייטער ציען הערצלס שטאַם, האָט אויך געהאַט אַ טראַגישן סוף. זי איז געפאַלן אַ קרבן פון די נאַצישע מערדער. קיין גענויע דאַטעס האָבן מיר דאָ נישט. אין זיין צייט איז געווען אַ ידיעה, אַז די נאַציס האָבן זי אַרויס־געטריבן אַ שוואַך־קראַנקע פון אַ שפּיטאָל אין ווין. צי זי איז געשטאָרבן אין נויט און עלנט, איז מיר נישט באַקאַנט. זי איז געשטאָרבן, דוכט זיך, אין צווייטן יאָר פון דער מלחמה, זי האָט דאַן געקאָנט אַלט זיין אַ יאָר 46.

טרודע איז באַקאַנט געוואָרן אין דער ציוניסטישער וועלט דורך הערצלס אַ

פעליעטאָן אונטערן טיטל „טרודעלס טרער״. דאָס איז אגב איינע פון הערצלס שענסטע דיכטונגען וועגן דער קינדערישער נשמה.

„טרודעלס טרער״ באַציט זיך צו אַן עפּיזאָד אין דער קינדער־שטוב. די קליינע פינף יעריקע טרודעל נעמט זיך שוין לייענען. זי איז זיך מתקנא אָן די עלטערע פּאולינע און האנס, וועלכע גייען שוין אין שולע, לייענען ביכער און מאַכן יעדן טאָג זייערע שול־אויפגאַבן. טרודעל וויל באַווייזן, אַז זי איז שוין נישט אַזאַ קליינע, פאַר אַ וואָסערע מען האַלט זי — זי וויל אויך לייענען און זי נעמט זיך שוין אפילו שרייבן די איינצלנע בוכשטאַבן. זי קען שוין באַלד דעם גאַנצן אַלפאַבעט — נאָר פינף בוכשטאַבן פעלן איר נאָך. טרודעל בוכשטאַבירט ל-י־ב-ע מ-אַ־מ-אַ אָדער ענלעכע ווערטער. אָבער פּלוצים בלייבט זי שטייען פאַר אַן אומגעהויערער שוועריקייט: דאָס וואָרט „פיש״, די „ש״ פון פיש לעגט זיך צונויף אין דייטש, ווי באַוווסט, פון דריי בוכשטאַבן. דאָס קינד קאָן דאָס נישט באַנעמען. און פון טרודעלס אויגעלע פאַלט אַראָפּ אַ טרער — אַ טרער פון פאַרצווייפלונג. די טרער פאַלט ביים וואָרט „פיש״.

דאָס איז „טרודעלס טרער״, אַרום וועלכער הערצל האָט געוועבט אַ גע־וועב פון פילאָזאָפיש־דיכטערישע געדאַנקען. „טרודעלס טרער״ איז דערשי־נען אין די „נייע פרייע פּרעסע״ אין יאָר 1899. דער גורל האָט באַשערט טרו־דעלן צו וויינען ביטערע טרערן ווי יענע קינדערישע טרער, וואָס איז געפאַלן אויף אַ בלעטל פון איר קינדער־בוך... צי וועט טרודעלס זון זיך דערמאָנען אין זיין מוטערס קינדער-טרער און אין זיין גרויסן זיידן?

***

די דאָזיקע שורות זענען געשריבן געוואָרן אין 1945. שפּעטער איז געקו־מען די ידיעה, אַז טרודעלס זון, הערצלס אייניציקער יורש איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַראָפּוואַרפנדיק זיך פון אַ בריק אין טייך אַריין.

# די באַשאַפונג פון דער וועלט

ווען גאָט, דער האַר, האָט אין זיין דערהויבענעם ווילן באַשלאָסן צו באַ-שאַפן די וועלט, האָט ער געוואָלט דעם ענין פריער אַרומרעדן מיט די מלאכים. נישט ווייל ער האָט באַדאַרפט האָבן זייער עצה. גאָט, ברוך הוא, איז אַ יודע מחשבות און ער האָט געקענט וויסן לכתחילה די מיינונגען פון יעדן איינעם פון זיינע מלאכים. אָבער, האָט ער, כביכול, געטראַכט, עס פּאַסט עפּעס נישט, אַוועקצושטעלן זיינע לייט פאַר אַ געשעענעם פאַקט. זיי קענען נאָך אין דעם זען אַ געוויסע גרינגשעצונג, ווען זיי זאָלן זיך אויפכאַפּן אין אַ שיינעם פרי-מאָרגן און דערזעען פלוצים די וועלט אַ באַשאַפענע, אָן זייער מיטהילף, אָן זייער עצה, אָן אויסצוהערן זייער מיינונג אפילו. און כדי נישט צו פאַרשאַפן קיין עגמת נפש זיינע לייט, האָט גאָט כביכול געגעבן אַ פאַראָרדענונג אין זיין הויפּט-שטאַב, מען זאָל צונויפרופן אַ דעלעגאַטן פאַרזאַמלונג פון די מלאכים מיט דער וויכטיקער טאָג-אָרדענונג: די באַשאַפונג פון דער וועלט.

ווען די ידיעה וועגן דער דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרשפּרייט אין די הימלישע רעגיאָנען, האָט דער ענין, בפרט די וויכטיקע טאָג-אָרדענונג, אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינטערעס. די צייטונגען האָבן, ווי געוויינלעך, גע-בראַכט לענגערע לייט-אַרטיקלען און יעדער פון די לייט-אַרטיקל-שרייבער האָט אויסגעדריקט זיין שטאַנדפּונקט צו דער פראַגע פון דער וועלט-באַשאַפונג. איי-נע, אַ באַלעבאַטיש געמעסיקטע צייטונג האָט געבראַכט אַ לענגערן אַרטיקל, אין וועלכן זי האָט אַרומגערעדט די פראַגע פון דער וועלט-באַשאַפונג פונעם קאָסמאָגאָנישן, פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, אָנגע-וויזן די פאַרשידענע אופנים ווי אַזוי די וועלט וואָלט געקענט און וואָלט באַ-דאַרפט באַשאַפן ווערן, און איז געקומען צום אויספיר, אַז אויב ער, כביכול, וויל באַשאַפן די וועלט, זאָל ער זי באַשאַפן, מהיכא תיתא, אדרבה: כאָטש, צוריקגעשמועסט, צו וואָס דאַרף מען האָבן אַ וועלט, ווער דאַרף האָבן אַ וועלט, וואָס וויל ער דערגרייכן מיט דער וועלט? נאָר, גאָר נישט, ער וויל האָבן אַ וועלט, דער אַלטער, כביכול, זאָל ער זי באַשאַפן, אָבער אויף זיין אייגענעם אחריות.

אַן אַנדער בלאַט, „דער הימלישער פייפער" — אַ ראַדיקאַל פּראָגרעסיווע

ציימונג, האָט אויפגעהויבן אַן אַליאַרעם קעגן דער וועלט-באַשאַפונג זעענדיק אין דעם פּלאַן אַ קאָנספּיראַציע קעגן די פאָלקס-אינטערעסן און אויפפאָדערנ־דיק די פּראָגרעסיווע האַרעפּאַשנע מאַסן צו שטייען אויף דער וואך און ניט צו דערלאָזן אַז די קאַפּעלוש יידן זאָלן מאַכן שבת פאַר זיך און פאַרכאַפּן די ממשלה איבער דער וועלט, וועלכע זייער קלעריקאַלער גאָט וויל באַשאַפן. מען טאָר ניט דערלאָזן, האָט די צייטונג געשריבן, אַז די קאַפּעלוש-יידן, וועלכע זינגען לויב־געזאַנגען צו זייער גאָט, זאָלן איצט ווערן דאָס אויבערשטע פונעם שטויסל אין דער וועלט, וועלכע זייער גאָט גייט פאַר זיי באַשאַפן. באַזונדערס מוז מען וואָרענען קעגן דער סכנה, אַז אין דער וועלט וועלכע מען גייט באַ־שאַפן זאָלן די „שיינע יידן" האָבן די גאַנצע דעה, זיי זאָלן ווערן די גבאים פון דער חברה קדישא און פון אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס און די פאָלקס־מאַסן זאָלן בלייבן אין דרויסן מיט אַן אַרויסגעשטעלטער צונג.

איינע, אַ צוויי-גראָשנדיקע פאָלקס-צייטונג האָט קודם באַוויזן, אַז די וועלט האָט שוין באַדאַרפט פון לאַנג באַשאַפן ווערן און זי וואָלט שוין אפשר געווען באַשאַפן געוואָרן ווען ניט די מיאוסע שטיק פון געוויסע פאָלקס-פאַר־זאָרגער. די באַשאַפונג פון דער וועלט איז אירער אַ זיג — האָט די צייטונג געשריבן. זי האָט שוין פון לאַנג אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט צו באַשאַפן די וועלט — האָט די צייטונג געטענהט. און איצט גייט טאַקע כביכול באַשאַפן די וועלט לויט אירע פּלענער, האָט זיך די צייטונג באַרימט.

די צייטונגס-אַרטיקלען האָבן אַרויסגערופן אַ גאַנצן טומל אין די הימלי־שע רעגיאָנען. גאָט, כביכול, האָט שוין באַנג געטון פאַרוואָס ער האָט גערופן די דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונג. צו וואָס האָט ער באַדאַרפט האָבן די גאַנצע פּובלי־סיטי און דעם גאַנצן טומל, האָט זיך כביכול געטראַכט. אָבער פאַרפאַלן. גע־רופן אַ דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג מוז מען אָפּוואַרטן די פאַרזאַמלונג און מען מוז אויסהערן די מיינונגען פון די דעלעגאַטן.

דערווייל האָבן די בלעטער גענומען אַרויסשיקן זייערע רעפּאָרטערן צו „אינטערוויואירן" די מלאכים, און זיי האָבן געבראַכט די מיינונגען פון די ווייכטיקסטע רעדל־פירער פון די מלאכים וועגן דער באַשאַפונג פון דער וועלט און אויך זייערע בילדער. דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן די אַנדערע מלאכים וועלכע מען האָט ניט אינטערוויואירט און וועמענס בילדער עס האָבן ניט אַראָפּגעלויכטן פון די בלעטער. ס'איז צוליב דעם אַנטשטאַנען אַ גאַנצער טומל און אַ קריגערייַ אין דער הימלישער כאַליאַסטרע. די באַשיידענע מלאכים, וועלכע מען האָט ניט אַרויסגעזען און ניט אַרויסגעהערט, האָבן זיך גע־פילט באַ-עוולהט פון די אַנדערע מלאכים, וועלכע זיי האָבן באַטראַכט אַלס כבוד־זוכער. ס'איז געווען קלאָר, אַז נאָך אַזעלכע טומלען און אינטריגעס וועט די דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונג קיין גוטס ניט ברענגען.

דורך די פּאָלעמיקעס אין די צייטונגען זענען די געמיטער וואָס אַמאָל

מער אויפגעהעצט געוואָרן. א טייל בלעטער האָבן פּרעטענדירט פאַר זיך דעם פּאַרדינסט פאַר דער וועלט־באַשאַפונג. ווי געוועגלעך האָבן זיי געזוכט פריינט צווישן די „מאַסן", וועלכע זיי האָבן דערוויל אויפגעהעצט קעגן די וואָס „בוקן זיך צום פריץ".

אַט אַזוי האָבן זיך געמערט מחלוקתן, קריגערייען און קנאה־שנאה. די עט־לעכע טעג פאַר דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג האָבן זיך גענומען בילדן קאָמי־טעטן, קאָמיסיעס און פּאַרטייען. ס'איז אַנטשטאַנען קודם־כל דער דעמאָקראַ־טישער פאָלקס־קאָמיטעט און דערנאָך א „פאָלקס־קאָמיטעט פאַר דער פאַר־טיידיקונג פון די אינטערעסן פון די האָרעפּאַשנע מאַסן ביי דער וועלט־באַ־שאַפונג", און א פּראָלעטאַרישער קאָמיטעט און א לינקער פּראָלעטאַרישער פאָלקס־קאָמיטעט. און יעדער איינער פון די קאָמיטעטן האָט אויסגערעדט קעגן אַלע אַנדערע קאָמיטעטן און פּאַרטייען, אַז זיי ווילן פאַרכאַפּן די וועלט פאַר זיך און אַז זיי ווילן די וועלט, וואָס איז נאָך נישט באַשאַפן געוואָרן, אויס־נוצן פאַר זייערע עגאָאיסטישע אינטערעסן, וכדומה, וכדומה באַשולדיקונגען.

אין אַזאַ שטימונג פון קנאה שנאה און פון אומזיסטיקע באַשולדיקונגען פון איינע קעגן די אַנדערע האָט זיך דער עולם פאַרזאַמלט אויף דער דעלע־גאַטן פאַרזאַמלונג. און ווען אַלע זענען שוין געווען צוזאַמען און גאָט דער האר האָט זיך באַוויזן אינעם גרויסן סאַלאָן און די מלאכים פון די ערשטע בענק האָבן גענומען זינגען שירה, האָט זיך אויפגעהויבן א מוראדיקע בהלה. פונעם טומל האָבן זיך דערהערט געשרייען: „אונטערלעקערס!", „קהל'שע קעסט־קינ־דער", „איר חנפהט זיך צו צום אַלטן, כדי ביי אים אויסצונאַרן די ממשלה". וכדומה, וכדומה פיינטלעכע אויסרופן. אָבער די מלאכים האָבן זיך נישט גע־לאָזט שטערן און זיי האָבן געזונגען זייער שירה גלייך ווי גאָר נישט. און ווען זיי האָבן פאַרענדיקט די שירה און גאָט דער האר האָט דערעפנט די פאַרזאַמ־לונג, האָט זיך אויפגעהויבן א נייער שטורעם. ביי די ערשטע ווערטער וואָס גאָט דער האר האָט אַרויסגעזאָגט: „רבותי — איך האָב אייך צונויפגערופן צו דער איצטיקער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג, כדי אַרומצורעדן מיט אייך דעם ענין פון דער באַשאַפונג פון דער וועלט" — האָט א קליין דאַרינקער מלאכל מיט א הייזעריק קוויטשענדיקן קול גענומען שרייען:

...„און ווער וועט זיין פּרעזידענט פון דער חברה קדישא?"

און אַנדערע האָבן גענומען אונטערשרייען: יאָ, מיר ווילן וויסן ווער וועט זיין פּרעזידענט פון דער חברה קדישא! מיר וועלן נישט דערלאָזן, אַז די וועלט זאָל ווערן אַוועקגעגעבן אונטער דער ממשלה פון די שיינע יידן! מיר ווילן נישט, אַז די קאַפּעלוש־יידן זאָלן פאַרכאַפּן אַלע בענקלעך!

דער טומל און די בהלה האָט געגנוג לאַנג געדויערט ביז כביכול האָט זיך פאַרשאַפט אַביסל רו, כדי צו קענען דערקלערן דעם צוועק פון דער דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג. און שמייכלענדיק אין זיין ווייסער באָרד אַריין האָט כביכול א

פרעג געטון מיט א פיינער איראָניע: שוין היצט איר אייך וועגן דעם פרעזי־דענט פון דער חברה קדישא? וואָס אַרט אייך, ווער עס וועט זיין פרעזידענט פון דער חברה קדישא — סיי ווי וועט מען אייך באַגראָבן.

אין דער אומרואיקער שטימונג וואָס האָט זיך געשאַפן, האָט די דעלע־גאַטן פאַרזאַמלונג נישט געקענט דערפילן איר צוועק. די מערסטע דעלעגאַטן האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען געקומען נאָר מיט אַן אינפאָרמאַטיוון מאַנדאַט און זיי האָבן געפאָדערט, אַז גאָט זאָל נאָך צווואַרטן מיטן באַשאַפן די וועלט ביז זייער קאָמיסיאָן דירעקטיווע וועט אָננעמען אַ פּרינציפּיעלן באַשלוס.

געענדיקט האָט זיך די דעלעגאַטן פאַרזאַמלונג ווי אַלע פאַרזאַמלונגען. מען האָט באַשלאָסן רופן אַ צווייטע פאַרזאַמלונג און אויפגעפאָדערט גאָט כביכול, אַז ער זאָל זיך נישט איילן און וואַרטן ביז די דעלעגאַטן וועלן זיך צונויפקומען אַ צווייטן מאָל, שוין מיט באַשטימטע באַשלוסן.

אָבער זעענדיק די צעריסנקייט פון דער דעמאָקראַטיע און די פוסטקייט פון די פאָלקס־פירער פון די פאַרשידענע פאָלקס־קאָמיטעטן, האָט גאָט ברוך הוא באַשלאָסן צו באַשאַפן די וועלט אַליין, אָן די עצות און אָן דער מיטהילף פון דער דעמאָקראַטיע. קענען זיין ווילן איז גאָט דער האַר געוואָרן אַ דיקטאַטאָר. און פון זינט דאַן קען זיך די וועלט נישט באַפרייען פון דיקטאַטור און פון דיקטאַטאָרן.

# וועגן דעם אופן צו געבן געלט

מיין ליבער פריינט! דו וועסט דיך חידושן, פלוצים פון מיר א בריוו צו באקומען. ווער ווייסט, אין די צען יאר וואס מיר האבן זיך נישט געזען האסטו שוין אפשר אין מיר פארגעסן. אין די צען יאר וואס מיר האבן זיך נישט געזען ביזטו אוועק ווייט, ווייט צו די גאנץ גרויסע מענטשן. איך זאג דאס אן איראניע. ווארים ווער איז נאך אזוי גרויס ווי די וועלכע האבן באוויזן צונויפצוזאמלען א גרויסן קאפיטאל?

דו, ליבער פריינט, האסט דיך באוויזן ווי א גאר פעאיקער מענטש אין דער קונץ פון „מאכן״ געלט. אדער צי איז עס אפשר ניט דיין פעאיקייט? אבער דאס איז דא נישט וויכטיק. איך האב דיר נאר געוואלט זאגן, אז כאטש מיר האבן זיך נישט געזען שוין צען יאר, הער איך דאך פון דיר און איך הער זייער טשיקאווע זאכן. מענטשן, וועלכע פארשטייען זיך אויף די זאכן זאגן מיר, אז דו ביסט א פילפאכיקער מיליאנער. כ׳בעט דיך, ווי „פילפאכיק״ ביזטו אין דיין מיליאנערישקייט?

אבער אויך דאס איז נישט וויכטיק. נאר ווייסטו, די גרויסע אוויסע פון דיין פאבריק אין די צייטונגען האט מיך פאראינטערעסירט. א שיינע פאבריק! אזוי פיל בנינים! און היינט די קוימענס מיטן רויך. כ׳בעט דיך, צי שאדט דיר נישט דער רויך צום געזונט? אויך נישט דיין ווייב און קינדערלעך?

ווייסטו, ווען איך האב דערזען די דאזיקע גרויסע אוויסעס אין די צייטונגען האב איך געטראכט, אז דו ביזט דאך א פעאיקער, א קלוגער בחור און מיך האט פארדראסן פארוואס חברה האבן דעמאלט אויפן שיף פון דיר חוזק געמאכט. היינט אבער לאכסטו פון זיי.

נאר נישט דאס בין איך אויסן. איך וויל מיט דיר רעדן וועגן מער וואזשנע זאכן. איך וויל מיט דיר רעדן וועגן דיין געלט. דאס הייסט, זאלסט מיר חלילה נישט חושד זיין, אז איך וויל א חלק פון דיין געלט. חלילה! איך בין דיר נישט קיין שותף צו דיין געלט. אבער אזוי ווי איך בין דיר א פריינט וואלט איך וועלן, אז דו זאלסט נישט מאכן קיין נארישקייטן מיט דיין געלט.

דו ווייסט גארנישט, וויפיל נארישקייטן א מענטש קאן באגיין מיטן געלט אדער צוליב געלט. דו געדענקסט דאך נאך דאס ווערטל, אז מען דערקענט א

מענטשן בכיסו, בכוסו און בכעסו, דאָס הייסט אין דעם אופן ווי אַזוי ער באַנוצט זיך מיטן זיין בייטל — מיטן געלט הייסט עס, און ווי אַזוי ער פירט זיך אויף ווען ער טרינקט אויס דעם אמתן כוס און ווען ער איז אין כעס. פון די דאָזיקע דריי איז דער בייטל, דאָס געלט הייסט עס, אפשר דער וויכ-טיקסטער מאָמענט אין וועלכן דער מענטש ווייזט אַרויס זיין כאַראַקטער.

האָבן געלט, ברודער־לעב, איז אַ גרויסער אחריות. דער מענטש וועלכער האָט אַ סך געלט, קאָן זיך אַרויסווייזן אַלס אַ גאָר-גרויסער דבר־אחר, אַ קמצן וועלכער פאַרגינט זיך נישט דאָס לעבן און איז אויך פאַר לייטן, פאַר דער גע־זעלשאַפט אַ גאָרנישט. אָן אַנדערער ווידער, וואָס פאַר זיך אַליין איז נישטאָ קיין שום זאַך וואָס זאָל זיין צו טייער, איז ער אָבער אין באַציאונג צו מענטשן גאָר נישט קיין מענטש און דאָס איז אויך נישט שיין. ווער אָבער עס ווייסט בכלל נישט ווו-איין און ווו־אויס, ווער עס איז אַ קמצן ביי וויכטיקע געזעל־שאַפטלעכע ענינים און ווארפט מיט גרויסע סומען, דאָרט ווו מען קאָן יוצא זיין מיט אַ קליינער נדבה, דער באַווייזט אַז ער איז נישט דערוואַקסן צו זיין ראָל פון אַ רייכן מאַן.

אָט דערפאַר, ליבער פריינט, דערלויב איך מיר דיר צו שרייבן די דאָזי־קע שורות. איך האָב אין די לעצטע צייטן עטלעכע מאָל באַמערקט אין די צייַ־טונגען דיין נאָמען אין געלט-אויסווייזונגען פאַר כלל-צוועקן. און דערביי האָב איך באַמערקט, אַז וואָס ס'איז נוגע די געזעלשאַפטלעכע התחייבותן באַלעבאַ־טעוועסטו נישט גוט מיט דיין געלט.

איך וואָלט זיך נישט אַריינגעמישט אין דיינע עסקים, אָבער, גלויב מיר, ליבער פריינט, איך טו דאָס נאָר פאַר דיין כבוד וועגן. איך וואָלט נישט וועלן אַז דו זאָלסט ווערן צו לייטיש געלעכטער און אַז מענטשן זאָלן דיך באַרעדן. וואָרים, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט: אין געלט־ענינים מוז מען קענען אָנ־האַלטן אַ מאָס, און דו, ליבער פריינט, קאָנסט נישט אָנהאַלטן קיין מאָס.

איך בעט דיך נאָך אַמאָל אַנטשולדיקונג, ליבער פריינט, וואָס איך מיש מיך אַריין אין דיינע פּערזענלעכע ענינים. אָבער, ווי איך האָב דיר שוין גע־זאָגט, עס גייט מיר וועגן דיין כבוד, וועגן דיין פּרעסטיזש. און, חוץ דעם, זע-נען אַזעלכע זאַכן נישט בלויז פּערזענלעכע, זיי אינטערעסירן דער גאַנצער געזעלשאַפט.

ווען איך האָב זיך דערוווסט, אַז דו, ליבער פריינט, האָסט געגעבן אויפן מיליאָן קאַמפּיין נאָר 20 פונט, האָט מיך פאַרדראָסן דיין קמצנות. אַ מענטש מיט אַזאַ פאַבריק, מיט צוויי קוימענס, מיט אַזוי פיל רויך און נאָר 20 פונט פאַר אַזאַ גרויסן יידישן צוועק! דאָס האָט מיך באמת פאַרדראָסן. דערנאָך האָב איך אָבער געזען אויסגעוויזן די ביישטייערונג פון צוויי טויזנט פונט פאַר עפּעס אַ „האָגאַר פּאָליסיאַל".1) דאָ האָט מיך שוין אויפגעהערט צו פאַר־

1) אַ היים פאַר פּאָליציי־לייט.

דריסן. איך האָב געזען, אַז אינעם געלט-געבן פעלט דיר כּלל אַ מאָס. דו גיסט אָדער שענדלעך ווייניק אָדער שענדלעך צופיל. וואָרים געבן צו־פיל פאַר גע־ וויסע צוועקן איז פונקט אַזוי נישט שיין ווי געבן צו ווייניק פאַר אַנדערע אויפגאַבן.

דו, ליבער פריינט, וואָס דו האָסט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פעאיקייט און אַזוי פיל אינטעליגענץ, זיך אַרויפצואַרבעטן פון אַן אָרימען אימיגראַנט צו אַ רייכן פאַבריקאַנט, דו ווייזט נישט אַרויס קיין שום אינטעליגענץ, קיין שום מאָס, קיין שום טאַקט, שוין נישט רעדנדיק פון אחריות, אינעם געבן געלט פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן אָדער פאַר געוויסע אינסטיטוציעס אין וועלכע די געזעלשאַפט איז פאַראינטערעסירט.

אָט האָב איך געזען דיין נאָמען אינעם אויסווייז פון אַ קאָמיטעט פון קריסטלעכע ווויילטעטיקע דאַמען וועלכע פאַרנעמען זיך מיט צונייען הויזן־ קנעפלעך פאַר אָרימע קריסטלעכע יתומים. דו האָסט געגעבן אויף די דאָזיקע הויזן-קנעפלעך גאַנצע טויזנט פעזעס. געוואַלד, ברודערקע, צי פילסטו נישט ווי דו באַנאַרישסט זיך מיט אַזאַ פאַרשווענדערישקייט? טויזנט פעזעס אויף קריסטלעכע הויזן־קנעפלעך! דו, אַ ייד וועלכער פאַרגינט זיך נישט, פאַר אַ גרויסן יידישן צוועק צו געבן, מער ווי 20 פעזעס! צי-זשע פילסטו נישט, אַז די דאָזיקע ווויילטעטיקע קריסטלעכע דאַמען לאַכן דיך אויס פאַר דיין איבערגע־ טריבענער מילדקייט און פאַר דיין מאָסלאָזיקייט?

ווי דו זעסט, ליבער פריינט, האַלט איך דיך גוט אויפן אויג, שוין אַ צייט. כ׳בעט דיך, אַנטשולדיק מיר. ס׳איז אַלץ פאַר דיין כבוד וועגן, פאַר דיין פּרעס־ טיזש. איך וואָלט נישט וועלן אַז מען זאָל דיך אויסלאַכן אַלס אַ נאַרישן, טאַקט־ לאָזן, אויפגעקומענעם גביר.

אָט האָסטו ערשט לעצטנס איינגאַנצן אָפּגעזאָגט צו געבן אַ ביישטייערונג פאַר די אַרויסגעטריבענע יידן פון דייטשלאַנד. און פאַר די קרבנות פון דער ערד־ציטערניש אין טשילע פיגורירסטו מיט 500 פעזעס. דיין רחמנות פאַר די קרבנות פון טשילע געפעלט מיר זייער. אָבער פאַרוואָס האָסטו נישט אַרויס־ געוויזן כאָטש אַ ברעקל רחמנות מיט די יידן וועלכע ליגן אין די גרעסטע פּרעסט ממש אין מיטן פעלד. צי גיסטו דיר נישט אָפּ קיין חשבון אַז די אַרויס־ געטריבענע יידן פון דייטשלאַנד זענען קרבנות פון נישט קיין קלענערער קאַ־ טאַסטראָפע ווי די קאַטאַסטראָפע פון טשילע? די קרבנות פון דער טשילענער קאַטאַסטראָפע זענען כאָטש ביי זיך אין דער היים, קיינער טרייבט זיי נישט אַרויס, זיי האָבן פאַר זיך אַ צוקונפט אין זייער לאַנד און נאָך אַ קורצער צייט פון ליידן וועלן זיי, מיט דער הילף פון זייער מלוכה און פון באַפריינדעטע מלוכות, זיך ווידער איינאָרדענען. די קרבנות אָבער פון דער דייטשער פּאָגראָם־ פּאָליטיק האָבן נישט אַזעלכע גוטע אויסזיכטן. טאָ פאַרוואָס־זשע, ליבער פריינט, האָסטו זיך באַצויגן מיט אַזוי פיל גלייכגילטיקייט צו יענע קרבנות?

פאַרוואָס, ליבער פריינט, פאַרשטייסטו אַזוי גאָרנישט אָנצוהאַלטן די מאָס? צי פילסטו נישט, אַז דו מאַכסט דיך מיט דעם צו לייטנס געלעכטער?! וואָרים נישט בלויז וואָס דו האָסט נישט קיין מאָס אין געבן, ווייזטו נאָך אַרויס אַ היבש ביסל טאַקטלאָזיקייט מיט דיין טומל. כ׳בעט דיך, וואָס איז די דאָזיקע טומלעריי? אויב דו ווילסט שוין העלפן מענטשן פון אַ באַפריינדעט לאַנד, מענטשן וועלכע זענען קרבנות פון אַ גרויסער קאַטאַסטראָפע, טאָ צו וואָס טויגן מיר דיינע נאַרישע שטיק מיטן אַריינפירן אַ פּאַרטייאישן קאַמף אין דעם דאָזיקן מענטשלעכן פילאַנטראָפישן ענין? אויב דו ווילסט דיך אָפּרעכענען מיט די מענטשן פון דעם אַנדערן קאָמיטעט אָדער פון דער אַנדערער פּאַרטיי, קאָנסטו דאָס טון אַ גאַנץ יאָר אָבער נישט גראַד איצט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן העלפן געליטענע מענטשן.

כ׳בעט דיך, ליבער פריינט, אַנטשולדיק מיר, וואָס איך רעד אַזוי אָפן מיט דיר. זאָלסט נישט מיינען, אַז איך מיש זיך אַריין אין דיינע ענינים. איך האָב דיר שוין געזאָגט אַז דאָס זענען געזעלשאַפטלעכע ענינים און חוץ־דעם גייט עס מיר אין דיין כבוד און דיין פּרעסטיזש. דו ווייסט גוט אַז איך בין דיין פריינט —

# צער בעל חי

א בילד, וואָס מען קאָן אָפט באַמערקן אין די גאַסן פון בוענאָס איירעס: א פערד, וואָס איז געווען איינגעשפּאַנט מיט נאָך א ברודער זיינעם אין א שווערן לאַסט־וואָגן, האָט, א פאַרמאַטערטער, שוין נישט געקענט מער שלעפּן די שווערע מאַסע און ער האָט זיך אויסגעגליטשט און געפאַלן אינמיטן גאַס אויפן נאַסן ברוק. פאַלנדיק האָט ער זיך דערצו נאָך צעבראָכן א פוס. איז ער געלעגן, דער אָרעמער בעל־חי אין ווייטיק און אין יסורים, געלעגן אינמיטן גאַס אויף די שינעס פון טראַמוויי, אָפּשטעלנדיק אויף א היפּשער צייט דעם פאַר־קער פון טראַמווייען און אַנדערע טראַנספּאָרט־מיטלען. דער בעל־עגלה האָט געפּרווט מיט אַלע מיטלען, מיט גוטן און מיט בייזן, ווירקן אויף דער אָרעמער חיה, זי זאָל זיך אויפהויבן אָדער כאָטש א ריר־טאָן פונעם אָרט. זייטיקע מענ־טשן פון גאַס האָבן געגומען צוהעלפן דעם בעל־עגלה צו באַוועגן די פאַרמאַ־טערטע חיה — אָבער אומזיסט. עטלעכע מאָל האָבן זיי באַוויזן צו ווירקן אויפן פערד, ער זאָל זיך באַוועגן, ער זאָל זיך כאָטש א קליין ביסל אַוועקרוקן פונעם וועג, וואָס איז באַשטימט פאַרן טראַמוויי. די אָרעמע חיה האָט עטלע־כע מאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געפּרווט עטלעכע מאָל זיך האַלטן אין א האַלב ליגנדיקער פּאָזיציע, אָבער יעדעס מאָל צוריקגעפאַלן און זיך אַוועקגעלייגט מיט יאוש, ווי איינער טראַכט זיך: זאָל שוין קומען וואָס עס וויל, זאָל אפילו די גאַנצע פערדישע וועלט אונטערגיין — איך ריר מיך מער נישט פון אָרט.

אין דער אמתן איז דער באַשלוס, זיך נישט צו רירן פון אָרט, נישט געווען בלויז א רעזולטאַט פון א פערדישער פילאָזאָפיע פון יאוש, נאָר די חיה האָט פשוט נישט געהאַט קיין כוח זיך אויפצוהויבן אויף די אייגענע פיס אָדער אפילו זיך אַוועקצורוקן אביסל פון דעם פאַרנומענעם פּלאַץ.

האָט דער בעל־עגלה און די, וועלכע האָבן אים געהאָלפן, גענומען שלעפּן און רייסן און שלאָגן די חיה, און זי האָט אַלע מאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַן אומענדלעכער צער און עפּעס ווי א גע־וויין, גלייך ווי אין דעם חיהשן מוח וואָלט זיך געבילדעט א געדאַנק: וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס האָט איר זיך אויף מיר אָנגעלייגט? פאַרוואָס מאַ־

טערט איר מיך און פארוואָס לאָזט איר מיך נישט רואיק פאַרענדיקן מיין שווער לעבן?

נאָך שווערער מי און מיט די גרעסטע יסורים פאַר דער חיה האָט זיך די מענטשן איינגעגעבן אָוועקצושלעפּן מיט קייטן די פאַרמאַטערטע באַשעפעניש אַביסל אַן אַ זייט. און דאָ האָט זי זיך שוין איינגאַנצן נאָכגעלאָזט, אַוועקגע־לייגט זיך מיטן קאָפּ אויפן נאַסן פאַרבלאָטיקטן ברוק, און, זיך טרייסלענדיק פון יסורים, זיך איבערגעגעבן צו די לעצטע מחשבות פון טויט און אייביקייט.

ס׳איז געווען אַ שמערצלעכע גסיסה, וועלכע האָט געדויערט איבער דריי שעה צייט. צענדליקער, אפשר הונדערטער מענטשן זענען פאַר דער צייט פאַרבייגעגאַנגען, זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט מיט מיטלייד און מיטגעפיל אויף דער ליידנדער חיה. וויזשילאַנטן זענען געקומען און פאַרשריבן די פירמע פון דער אונטערנעמונג, וועלכע האָט דאָס פערד עקספּלואַטירט; פאַרשריבן דעם נאָמען פונעם בעל־עגלה, אויסגעפרעגט אין אַ וואָסערן צושטאַנד דאָס פערד האָט זיך געפונען ביים אַרויספאָרן. וואַרשיינלעך וועט דורכגעפירט ווערן אַן אויספאָרשונג, צי איז נישט געווען אַ פאַל פון פייניקן אַ בעל־חי. עפּעס זע־נען מיר דאָך אַ ציוויליזירטע, אַ מאָראַלישע געזעלשאַפט. פייניקן, פאַרמאַ־טערן אַ חיה איז קעגן אונדזערע מענטשלעכע געפילן. זיכער וועלן די שולדיקע באַקומען אַ שטראָף.

איך האָב פון מיין פענצטער דערזען די ליידנדע חיה און מער נישט גע־קענט איינזיצן ביים שרייב־טיש. כ׳בין עטלעכע מאָל אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס אַ קוק־טאָן אויף דער אין יסורים ליגנדיקער באַשעפעניש. דערביי האָב איך מיך באַגעגנט מיט וואָס אַמאָל נייע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און מיט רחמנות געקוקט אויף די ליידן פון דעם בעל־חי. ערשט אין אַ דריי שעה אַרום איז געקומען אַ קאַמיאָן מיט דעם צוגעגרייטן מעכאַניזם אויף אַרויפצו־שלעפּן געפאַלענע פערד. אויפן קאַמיאָן איז שוין געלעגן אַ טויט פערד, אַן אַנדערער קרבן פון היינטיקן טאָג. ווען מען האָט דעם געפאַלענעם אַרויפגע־שלעפּט אויפן קאַמיאָן מיט דער מעכאַנישער קייט, איז אין אים נאָך געווען אַן אָטעם פון לעבן. און אַזוי איז ער אַוועקגעפאָרן מיט זיין גאַנצער שווער־קייט אויף זיין אַנדערן ליידנס־ברודער.

מיך אָבער האָט ביי דעם ענין אינטערעסירט די נאַטירלעכע מאָראַל פון דעם פשוטן מענטשן. ס׳איז געווען אמת רירנדיק זיך צוצוקוקן וויפיל נאַטיר־לעכע מיטלייד צענדליקער מענטשן האָבן אַרויסגעוויזן צו די ליידן פון אַ פאַר זיי פרעמדן, אומבאַקאַנטן איין איינציקן פערד...

# אַ שיינע שיינדל פון 17-טן יאָרהונדערט שרייבט צו איר „בעלי היקר״...

נישט בלויז אין פּריוואַטן לעבן טרעפט, אַז בריוו דערגייען נישט צום אַדרע־סאַנט (באַזונדערס ווען מען פאַרגעסט זיי צו שרייבן...), נאָר אויך אין דער גע־שיכטע איז שוין אָפט פאָרגעקומען אַז בריוו, פּשוטע בריוו פון אַ טאַטן צו אַ זון, פון אַ ווייב צו אַ מאַן, וכדומה, האָבן ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט אויפן וועג. אָדער די, צו וועלכע די בריוו זענען געווען געשריבן זענען דערווייל אומגעקומען: אָדער אויסגעוואַנדערט, אָדער, זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן פון דער שטאָט — וואָס האָט זיך ביי יידן אָפט געטראָפן.

זענען פאַראַן אַזעלכע היסטאָרישע בינטלעך בריוו, ווי למשל די קראַקעווער בריוו פון יאָר 1588, וועלכע האָבן נישט דערגרייכט צו זייערע אַדרעסאַטן און זיי זענען געבליבן אין ברעסלאַוער מוזעאום: אָדער די פּראַגער בריוו פון 1619, וועלכע זענען געווען אַדרעסירט צו יידן אין ווין, צו וועלכע זיי זענען נישט דער־גאַנגען. די דאָזיקע פּראַגער בריוו זענען אַלע געשריבן געוואָרן אין איין טאָג, כאָטש פון פאַרשידענע יידן, וועלכע האָבן נישט געוווסט איינער פונעם אַנדערן. אַלע בריוו זענען פון 22־טן נאָוועמבער 1619, און זיי זענען מיט אַ שליח מיוחד געשיקט געוואָרן קיין ווין, און וואַרשיינלעך איז מיטן שליח געשען עפּעס אַ סיבה און — די בריוו זענען געבליבן ביז אין אונדזערע צייטן אין דער ווינער הויף־ביבליאָטעק.

איינער פון די דאָזיקע פּראַגער בריוו פון יאָר 1619 איז אַ בריוו פון אַ שיינע שיינדל פון יענער צייט, וועלכע האָט געשריבן צו איר „בעלי היקר״ אי־נעם יידיש דייטשן לשון און אין נוסח פון יענער צייט. די שיינע שיינדל פון פּראַג פון 1619 האָט געהייסן סאָרל, און איר מאַן האָט געהייסן לייבל סאָרל גוטמאַנס. דאָס באַווייזט, אַז דאָס האָט נישט געמוזט זיין קיין פּשוטע סאָרל, אויב איר מאַן האָט זיך גערופן אויף איר נאָמען, לייבל סאָרל גוטמאַנס.

סאָרלס בריוו האָב איך פאַר מיר אין אַ דייטשער איבערזעצונג, און איך וויל פּרוּוון איבערגעבן אים אין אונדזער היינטיקן יידיש.

שרייבט סאָרל אַזוי:

א סך גוטע, מזלדיקע, געבענטשטע יאָרן פון פרייד זאָלן קומען אויף דיין קאָפּ.

צו די הענט פון מיין הארציק געליבטן טייערן מאַן דעם צדיק, דעם נגיד און חסיד דעם גרויסן חכם און חשובן ר׳ לייב, נירו יאיר ויופיע.

ערשטנס טו איך דיר צו וויסן וועגן געזונט פון מיר און פון די קינדער־לעך זאָלן לעבן. הלוואי דאָס זעלבע צו פאַרנעמען פון דיר, אמן. צווייטנס שרייב איך דיר מיין הארציקער, טייערער, געטרייער מאַן, און איך טו דיר צו וויסן, אַז איך וואָלט געוועון געוואָלט דיר אַ סך שרייבן, אָבער איך האָב מורא געהאַט, אַז איך וועל מוזן צופיל באַצאָלן דעם שליח — אַזוי פיל האָב איך צו שרייבן, ווייל איך האָב געהאַט שטאַרקע עגמת נפש צוליב דעם וואָס שוין זיבן וואָכן, אַז איך האָב פון דיר קיין וואָרט נישט געהערט און איך ווייס נישט, ווו דו ביסט ערגעץ אין דער וועלט אָדער אפשר געפינסט דו דיך אין אַזאַ לאַגע ווי מיר דאָ. השי״ת זאָל באַלד אַלץ ווענדן צום גוטן. איך זאָל אַזוי נישט וויסן פון קיין בייז, צי איך ווייס וואָס נאָכצוטראַכטן. באמת, אַז איך ווייס נישט ווי אַזוי איך האַלט דאָס אוים אַזוי פיל צרות. דער אויבערשטער, געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען, ווייסט מיין לאַגע. איך עס נישט, איך טרינק נישט, איך שלאָף נישט, מיין לעבן איז נישט קיין לעבן!... וואָס זאָל איך טון? וועט מיך השי״ת נאָך לאָזן דערלעבן, זוכה צו זיין, דיך צו זען גליקלעך אהיימקומען צו דיין ווייב און קינדער?! גלויב מיר, בעלי היקר, איך זאָל מוזן טון, כ׳ווייס אַליין נישט וואָס, וועל איך דיך שוין קיינמאָל מער נישט אַוועקלאָזן פון דער היים, וואָרים ווען עמיץ זאָל מיר געוועון אַמאָל זאָגן, אַז איך וועל מוזן ליידן אַזוי פיל דאגות און צרות, וואָלט איך אים געוועון אַ לעבעדיקן אויפגעגעסן. נאָר וואָס זאָל איך איצט טון — איך מוז צו אַלץ זאָגן גם זו לטובה.

פון די פיל שרעקלעכע נייעס וואָס איך וואָלט דיר געהאַט צו שרייבן, קאָן איך גאָר נישט שרייבן, אויך נישט דעריבער וואָס פאַר אַ שרעק און פחד מיר האָבן איבערגעלעבט, ווען ס׳איז שיעור נישט געקומען צו אַ געלויף אין אונ־דזערע גאַסן (אַ געלויף האָט דאָן געהייסן אַן איבערפאַל פון די שונאי ישראל אויף די יידן אין די יידישע גאַסן). וואָס זאָל איך דיר אַ סך שרייבן — איך רעכן, אַז דו ביזט געגנוג קלוג, קאָנסט דיר שוין אַליין פאַרשטעלן וואָס ס׳קאָן פאַרקומען אין אַזאַ צייט. ס׳איז געוועון ווי ביי חורבן ירושלים. איצט, געלויבט השי״ת זע־נען מיר ניצול געוואָרן, זכות אבות זענען אונדז אוודאי בייגעשטאַנען. און מיר איז באַזונדערס שרעקלעך געגאַנגען. איך האָב שוין נישט קיין פעניג פון וואָס מיך צו דערהאַלטן, ווען עס זאָל מיר חלילה גיין אין לעבן. קיינער וויל איצט לייען דעם אַנדערן, מען וויל פון דער האַנט נישט אַרויסגעבן.

חוץ דעם זאָלסטו וויסן, אַז מען האָט דעם קעניג, דעם היידעלבערגער, דאָ געקרוינט מיט אַ סך כבוד און זי (די קעניגין) אויך... שרייב אויך דו אונדז וואָס ס׳איז דאָ נייעס, כדי מיר זאָלן אויך עפּעס וויסן...

ווייטער זאָלסטו וויסן, אַז ווען מיר האָבן געהאַלטן אין מיטן שרייבן זענען צו אונדז געקומען מענטשן פון ווין און האָבן קיין בריוו נישט מיטגעבראַכט ביז איך נאָך מער דערשראָקן, און זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז דו האָסט געשריבן און געשיקט אַ בריוו דורך אַ שליח און דו וואַרטסט אויף מיין ענטפער. איך האָב קיין בריוו געזען, נישט פון פאָרנט און נישט פון הינטן. דערפאַר זאָלסטו מיר מער נישט מצער זיין און שרייב מיר אַלץ אויספירלעך. איך קאָן דאָך נישט גע־פינען קיין רו אין מיין האַרץ. מען האָט מיר דערציילט, אַז דו לעבסט דיר דאָרט אַ גוטן טאָג. איך וואָלט געוואָלט איך זאָל מיר דאָס זעלבע קענען פאַרגינען. איך נעם עס דיר נישט פאַראיבל — ווי זאָגט מען: „אויס די אויגן, אויסן האַרץ". דערמיט ווינטש איך דיר אַ גוטע נאַכט פון דיין ליב ווייב, וועלכע טראַכט שטענ־דיק נאָר גוטס פון דיר און וועלכע געפינט נישט קיין רו אין איר האַרץ ביז זי הערט נישט פון דיין ליבן געזונט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר".

אַט אַזוי האָט געשריבן שיינע שיינדל פון פּראַג אין יאָר 1619. צי איז זי נישט אַן אמתע שוועסטער פון שיינע שיינדל פון קאַסריעלעווקע?

# צו וואָס דאַרף מען אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט

איך האָב אַ פּריינט, אַ לייכטזיניקן באַהעמיען, וועלכער איז אַ קעגנער פון איינאָרדענען זיך אַן אייגענעם ווינקל, אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט.

— צו וואָס דאַרף מען האָבן אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט, אַן אייגענע שטוב און דעם גאַנצן קלאַפּאַט?

מיין פריינט האָט זיך צוגעוווינט צו פרעמדע טיש, איבערצונעכטיקן יעדע נאַכט אין אַן אַנדער שטוב, און עס ווייזט אים אויס, אַז בעסער קען גאָר נישט געמאָלט זיין.

צו וואָס דאַרף אַ מענטש דעם גאַנצן עול פון אַן אייגן הויז, אַן אייגענער שטוב?

אַז יעדן טאָג עסט ער ביי אַן אַנדערן טיש. און ווו ער עסט צו מיטאָג, קומט ער ביינאַכט זיך אָנשפּאַרן אין אַ ווינקל. און ווו ער האָט נעכטן גענעסן, קומט ער היינט ווידער און וואַרט נישט מער אויף קיין איינלאַדונג. ער באַמערקט נישט אפילו ווי זיינע גאַסט-געבער ווייזן אים אַרוים אָפן זייער אומפריינטלעכקייט און זיי גיבן אים שוין גאַנץ איינדייטיק צו פאַרשטייען, אַז ער וואָלט געמעגט גיין.

ער פאַרשטייט דאָס נישט. עס קומט אים אפילו נישט אויפן זינען, אַז מען דאַרף טראַכטן וועגן אַן אייגענער דירה — כאָטש פאַר אַ נויט-פאַל. און אָנשטאָט צו סטאַרען זיך וועגן אַן אייגענער דירה, גייט ער אַרום זוכן, ווו קען מען ערגעץ ווייטער גיין צו גאַסט, ווו קען מען ווידער עסן אַ מיטאָג, און ווידער איבערשלאָפן אַ נאַכט. און ער קוקט מיט גרינגשעצונג אויף די אַלע, וואָס אַרבעטן און האָרעווען און ווילן דווקא האָבן אַן אייגענעם ווינקל.

צו וואָס דאַרף מען דאָס, פרעגט ער? און ער באַטראַכט פאַר אָפּגעשטאַנענע קליינבירגער די אַלע, וואָס ווילן נישט אייביק גיין צו-גאַסט און פירן דאָס לעבן פון אַ שטענדיקן גאַסט... אַן המצאה פון מענטשן — שרייט ער — זיך דווקא וועלן פאַרשליסן אין אַן אייגענער באַלעבאַטישקייט, זיך אָפּטיילן פון דער וועלט, ווו מען קען דאָך אַזוי לייכט יעדן טאָג באַקומען אַ פּלאַץ אָפּצועסן אַ מיטאָג און זיך צוצושפּאַרן ביינאַכט.

# דער פאַריין פון אברהם, יצחק און יעקב

אויפן פראָצעס נאָכן פשיטיקער פאָגראָם — אַ פּראָצעס קעגן די יידן, פאַר־שטייט זיך, און נישט קעגן די פאָגראָמשטשיקעס, האָט דער יידישער בלעכער לייזער בליאַכאַזש אויף דער כיטרער פראַגע פונעם פוילישן אַדוואָקאַט, צו אַ וואָסער פאַריין ער, לייזער, געהערט, געענטפערט, אַז ער געהערט צום פאַריין פון אברהם, יצחק און יעקב.

לייזער בליאַכאַזש — נישקשה, דעם דאָזיקן נאָמען מעגט איר באַהאַלטן אין זכרון. איר מעגט זיך אים פאַרשרייבן. און, נישקשה, איר מעגט שרייבן אַ „ר׳״ פאַרן נאָמען: ר׳ לייזער בליאַכאַזש. דאָס איז אונדזער אַריסטאָקראַטיע און אונדזער דעמאָקראַטיע. יעדער ייד קען זיך פאַרדינען דעם טיטל פון „ר׳״ אפילו אַ פשוטער בעל מלאכה. אויב דער בעל מלאכה איז אַ בן תורה. אַ ייד פון גוטע מידות, באַקומט ער דעם טיטל „רב״, דעם טיטל פון רבנים, לומדים און גרויסע יחסנים.

ר׳ לייזער בליאַכאַזש איז, טאַקע אַזוי ווי זיין נאָמען זאָגט, אַ ייד אַ בלע־כער, אַ בעל־מלאכה. אָבער אַ יידישער בעל־מלאכה פון אַלטן שניט. אין די פוי־לישע שטעטלעך טרעפט מען נאָך יידן בעלי מלאכה, וועלכע זענען נישט קיין פרעמדע אין אונדזער אַלטער ליטעראַטור און זענען מענטשן מיט די עכטע יידי־שע מידות. דאָ איז פאַראייניקט תורה און מלאכה און גוטע מידות צוזאַמען.

ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז אינעם פּראָצעס וועגן פאָגראָם אין פשיטיק, טרעטן אויף יידישע בעלי־מלאכות מיט אַזאַ אינטעליגענץ, מיט אַזוי פיל קלוג־שאַפט, טאַקט און ווירדע. דאָ לייענען מיר וועגן האַנטווערקער, וועגן האַנטווער־קער־עסקנים, שוסטער, שניידער, בלעכער און אַנדערע פאַכלייט. דער פון די פאָגראָמשטשיקעס דערהרגעטער מינקאָווסקי, איז געווען אַ שוסטער. אַלזאָ נישט חלילה קיין פּראָצענטניק, נישט קיין „בלוט־זויגער״ פון די אָרימע פּוילי־שע מאַסן. אַ מענטש, וואָס האָט געלעבט מיט זיין ווייב (וואָס איז צוזאַמען מיט אים דערהרגעט געוואָרן) פון זיין ערלעכער, כשרער אַרבעט.

און דער דאָזיקער דערהרגעטער שוסטער איז געווען אַ זון פון אַ פאַמיליע

פון יחסנים, א פאמיליע פון גרויסע געלערנטע, פון יוריסטן, מאטעמאטיקער, קינסטלער, בארימטע חזנים. און אין אזא שיינער משפחה איז נישט געווען קיין פגם א קרוב א שוסטער.

און אויך דער טייערער 19-יעריקער ישיבה־בחור, דער דארער חסידישער יונגערמאן יחיאל לעסקא, וועלכער האט זיך אזוי שטאלץ און אזוי פול מיט יידישן זעלבסט־באוווסטזיין געהאלטן אין געריכט און לגבי דעם אנטי־סעמיטישן אדוואקאט, אויך דער דאזיקער יונגער מאן ארבעט ביי זיין פאטער אין ווארשטאט אלס שניידער. אט: תורה און מלאכה און אלטע יידישע מידות.

אבער מיר ווילן דא רעדן וועגן דעם וואונדערבארן ייד, ר׳ לייזער בליאכאזש, און וועגן זיין פרעכטיקער האלטונג אין געריכט. דער דאזיקער יידי־שער בעל־מלאכה, וועלכער געהערט נישט צו קיין שום אנדער פאראיין, א חוץ דעם „פאראיין פון אברהם, יצחק יעקב", א פאראיין, וועלכער עקזיסטירט שוין אריבער דריי טויזנט יאר, א פאראיין, וועלכער האט פאר זיינע מיטגלידער אויפ־געשטעלט א הויכע מאראל פון מענטשלעכקייט, ברידערלעכקייט און ריינקייט. דאס איז א פאראיין, וועלכער, ווי ר׳ לייזער בליאכאזש דערקלערט, „הייסט ליב האבן אלע גוטע מענטשן". דער דאזיקער פאראיין, וועלכער לערנט א פשוטן יידישן בעל־מלאכה, אז „א גוטער גלח" (דאס הייסט א גלח א מענטש מיט א מענטשלעך הארץ), איז בעסער ווי א שלעכטער רב".

און ווי דער דאזיקער פשוטער אלטער 64-יעריקער יידישער בעל־מלאכה האט דאס געגעבן א לעקציע פון מאראל, א לעקציע פון מענטשלעכקייט דעם פוילישן כוליגאן מיט אוניווערזיטעט־בילדונג! ר׳ לייזער בליאכאזש, דער מיט־גליד פון „פאראיין פון אברהם, יצחק און יעקב", דערציילט דעם הויכן פוילישן געריכט און דעם כוליגאנישן אדוואקאט, וואס אונדזער פאראיין לערנט: „נישט גנבענען, נישט גזלענען און מען זאל ליב האבן איינער דעם צווייטן ווי זיך אליין".

אט אזעלכע יידן פארמאגט דאס פוילישע יידישע שטעטל. אזעלכע פרעכ־טיקע, ווירדיקע, שטאלצע מענטשן ווי אט דער ר׳ לייזער בליאכאזש און ווי דער דארער ישיבה־בחור און שניידער — יחיאל לעסקא.

אין דער איצטיקער שווערער צייט ווילן מיר געפינען טרייסט אין דער גייסטיקער און מאראלישער געזונטקייט פון אונדזערע פאלקס־מאסן. מיר זאגן דאס אן נארישער נאציאנאליסטישער גאווה און אן שאוויניזם: דער גערודפטער און געפייניקטער ייד שטייט מאראליש העכער, מיט א גאנצן הימל העכער איבער זיינע שונאים.

ווען פוילן זאל היינט נישט איבערלעבן א טיפע גייסטיקע און מאראלישע ירידה, וואלט מען דארט אנדערש זיך באצויגן צום יידישן מענטשן און צום יידי־שן כלל. ווארים א באפעלקערונג, וועלכע האט אין איר מאסע אזעלכע פרעכטי־קע מענטשן ווי דער דאזיקער ר׳ לייזער בליאכאזש און ווי דער בחור יחיאל לעסקא און ווי הונדערטער און טויזנטער אנדערע, אזא באפעלקערונג

דאַרף זיין אַ ברכה פאַרן לאַנד. אַ באַפעלקערונג, וועלכע איז אַרבעטזאַם און שפּאַרזאַם, אַ באַפעלקערונג, וועלכע איז נישט פאַרדאָרבן פון שיכּרות און פון אויסגעלאַסנקייט, אַ באַפעלקערונג, וועלכע ווערט באַהערשט פון אַן אַלטער טויזנט-יאָריקער מאָראַל, פון אַן אַלטער קולטור און פון אַלטע הויכע מענטש־לעכע מידות, אַזאַ באַפעלקערונג פאַרדינט זיכער נישט, אַז מען זאָל זי רודפן און מען זאָל איר פאַרביטערן די טעג און די יאָרן און נישט לאָזן לעבן. אָבער ליידער איז צווישן די רעגירנדע מענטשן פון היינטיקן פּוילן נישט פאַראַן אפילו איינער, וועלכער זאָל קענען אָפּשאַצן דעם מאָראַלישן ווערט פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַר פּוילן.

אָבער אויך אינעם לאַגער פון די מאָדערנע יידן, אינעם לאַגער פון די פאַרשידענע „פּראָגרעסיווע", „וועלטלעכע" און רעליגיעזע פּאַרטייען אונדזע־רע, דאַרף מען זיך באַציען מיט מער רעספּעקט און מיט מער פאַרשטענדעניש צו די דאָזיקע יידן, וועלכע פאַרטיידיקן מיט אַזוי פיל טאַקט און ווירדע דעם „פאַראיין פון אברהם, יצחק און יעקב", דעם „פאַראיין", וועלכער האָט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק זיך אויסגעאַרבעט סטאַטוטן פון אַזאַ הויכער מענטש־לעכער מאָראַל, צו וועלכער די היינטיקע מאָדערנע פעלקער וועלן נאָך לאַנג נישט דערגיין.

(1937)

# אין פאַל די וועלט זאָל מאָרגן אונטערגיין...

אין פאַל די וועלט זאָל מאָרגן אונטערגיין, וויל איך נישט וואַרטן ביז מאָרגן, נאָר איך וויל שוין היינט אייך דערמאָנען, טייערע פריינט, און מיט אייך אַרומרעדן אַלץ, וואָס איז נויטיק, כדי, ווען עס וועט אָנקומען דער גרויסער קראַך, זאָלט איר האָבן אַלץ דערלייִדיקט און איר זאָלט גאָר נישט פאַרשפּעטיקן.

אַז ס'איז פאַראַן אַ סכנה, אַז די וועלט זאָל מאָרגן אונטערגייען, ווייסט איר מסתמא, איר האָט מסתמא געלייענט די דערקלערונג פון דעם מעקסיקאַנער אַסטראָנאָם, כאַאַקין גאַליאַ, פונעם אַסטראָנאָמישן אָבסערוואַטאָריום אין טאַקובאַזשאַ. אמת, די היגע אַסטראָנאָמען, און באַזונדערס דער באַוווסטער מאַרטין כּיל, פאַרזיכערן, אַז די סכנה איז נישט אַזוי גרויס, און זיי גלויבן אפילו נישט, אַז כאַאַקין גאַליאַ זאָל האָבן אויסגעטראַכט אַזאַ נאַרישקייט, זאָגן זיי. זיי, די היגע אַסטראָנאָמען, הייסט עס, ווילן אפילו נישט טראַכטן וועגן דעם, אַז אונדזער וועלט קאָן מאָרגן האָבן איר סוף. זיי זאָגן, אַז דאָס איז אפשר אַ טעות — אַ טעות נישט פון דעם מעקסיקאַנער אַסטראָנאָם, נאָר פון די זשורנאַליסטן, זאָגן זיי, וועלכע האָבן דעם מעקסיקאַנער אַסטראָנאָם אפשר שלעכט פאַרשטאַנען.

איז דאָס אַלץ, וואָס אונדזערע אַסטראָנאָמען זאָגן, קענטיק, נאָר כדי אונדז צו באַרואיקן, כדי נישט צו מאַכן קיין בהלה. מיר אָבער ווילן זיך נישט לאָזן אָפּנאַרן, אויב די וועלט מוז שוין אונטערגיין, טאָ לאָמיר דאָס כאָטש וויסן אַ טאָג פריער. מיר וועלן קיין בהלה נישט מאַכן. אָבער מען דאַרף זיך דאָך עפּעס גרייטן צו אַזאַ ספּעקטאַקל.

צוליב וואָס די וועלט דאַרף מאָרגן אונטערגיין, ווייסט איר שוין מסתמא. און די, וועלכע ווייסן נישט, אָדער די וועלכע האָבן אפשר פאַרגעסן, וויל איך דאָ דערמאָנען, אַז מאָרגן נאָכמיטיק וועט דער שטערן מאַרס זיך דערנענטערן אַביסל צו נאָענט צו אונדזער ערד, און ווי געוויינלעך, ווען צוויי תקיפים דערנענטערן זיך צו־נאָענט איינער צום אַנדערן, מוז אַרויסקומען אַ מחלוקת, אַמאָל אַ פּאַטשערייַ און אַמאָל רייסן זיי זיך אויס די בערד איינער דעם אַנדערן.

דער מאַרס און אונדזער ערד (ס'רעדט זיך נאָר אַזוי „אונדזער" — אין

אמתן איז זי גאָר נישט אונדזערע; טרייבט מען ארויס יידן פון א לאַנד, איז די גאַנצע וועלט פאַר זיי פארמאַכט — גלייך ווי מיר וואָלטן גאָר נישט געווען קיין שותפים צו דער דאָזיקער ערד, וועמענס לעגאַלע קינדער מיר זענען) — אַלזאָ דער מאַרס און אונדזער ערד זענען אַזעלכע צוויי תקיפים, אַז טאָמער דערנענטערט זיך איינער צום אַנדערן, ווייל קיינער דעם אַנדערן דעם וועג ניט אָפּטרעטן, נישט אויסווייכן. פאַרקערט, זיי וועלן גיין דירעקט איינער אויפן אַנדערן — און איר קענט זיך שוין אויסמאָלן, א וואָסערער קראַך פון דעם קאָן ארויסקומען.

און מאָרגן איז דאָס טאַקע דער יום-הדין, דער טאָג פון דעם דאָזיקן קראַך. ביי אַזא צוזאַמענשטויס קאָן אונדזער ערד צעפּלאַצן אויף פּיץ-פּיצלעך — אָט אַזוי ווי א דין גלעזל, וואָס איר וואַרפט אויף דער ערד, ווען איר זענט גוט אין כעס.

מאָרגן דערנענטערט זיך נעמלעך דער מאַרס צו אונדזער ערד אויף א מהלך ממש פון א תחום-שבת — נישט מער ווי 58 מיליאָן — 58.000.000! — קילאָמעטער. און ביי אַזא נאָענטקייט, איז טאָמער ווערט ער גאָר משוגע און עס גלוסט זיך אים נאָך אַביסל נענטער אריינצופאָרן אונדזער ערד אין די גע-דערים אריין?! אָט דאָס איז טאַקע די סכנה און אָט צוליב דעם טאַקע וויל איך אייך וואָרענען און דערמאָנען, איר זאָלט נישט פאַרגעסן און אַלץ איבער-לאָזן אין אָרדענונג.

איז אייך אפשר א שאָד די דאָזיקע וועלט? איך רעכן, אַז נישט. ווער דאַרף זי האָבן די דאָזיקע פּאַסקודנע וועלט מיט איר גראָבן עגאָאיזם, מיט איר פאַלשקייט און רשעות, מיט איר פאַשיזם, נאַציזם, אַנטיסעמיטיזם און פּאָל-שער דעמאָקראַטיע און מיט אירע כלערליי רשעות און געמיינהייטן און פּאַס-קודסטוועס, מיט איר טיפּשות, אידיאָטיזם און אָן-בושהדיקייט? זאָל זי גיין צו אַלדי-רוחות, די דאָזיקע מיאוסע וועלט! גיין, מיר וועלן נאָך איר קיין טרערן נישט פאַרגיסן. און אויב זי זאָל מאָרגן אונטערגיין — זאָל זי, אַבי מיר זאָלן בלייבן פארשווינט! נאָר, ווי געזאָגט, איידער זי גייט אונטער, די וועלט, מוזן מיר זיך צוגרייטן צו דעם אונטערגאַנג און דערליידיקן אַלע אונדזערע אינטע-רעסן. אַלזאָ, קודם דאַרפט איר זען, נישט פאַרגעסן, איינקאַסירן אַלע אייערע חובות. טאָמער קומט מען אייך מאָנען, מוזט איר אייך נישט איילן — הייסט קומען איבערמאָרגן, און איבערמאָרגן, ווען די וועלט וועט שוין זיין אונטער-געגאַנגען, קענט איר ווייזן אַלע אייערע קרעדיטאָרן א פייג.

אין פאַל די וועלט זאָל מאָרגן אונטערגיין, וואָלט אפשר נישט געקענט שאַטן, איר זאָלט פריער שליסן שלום מיט אַלע אייערע קעגנער און שונאים. וואָס איז דאָ כדאי זיך צו קריגן צוליב אַזעלכע אָדער אַנדערע אינטערעסן, אַז סיי-ווי-סיי גייט די וועלט אונטער! פאַר א וועלט, וועלכע גייט-אונטער, איז

נישט וויכטיק א וואָסערע וועלט־אַנשויאונג עמיצער האָט. אַלע וועלט־אַנשוי־אונגען גייען אונטער צוזאַמען מיט דער וועלט.

דעריבער, טאָמער זענט איר צעקריגט מיט וועמען ס'איז צוליב פּאַרטיי, אידייען, אידעאָלאָגיעס, וועלט־אַנשויאונגען וכדומה פאַרשלעפּטע קרענק, טאָ מאַכט וואָס גיכער שלום: וואָרים ווען די וועלט גייט אונטער האָט דאָס אַלץ נישט קיין שום באַדייטונג.

ס'איז אויך נישט כדאַי, ווען די וועלט האַלט ביים אונטערגייען, זיך צו רייסן וועגן קאָמיטעטן, ליסטעס ווייסע, בלויע, גרינע אָדער ראָזעווע — ס'איז א גרויסע נאַרישקייט, גלויבט מיר, אין א מאָמענט, ווען מיר שטייען פאַר דער סכנה אַז מאָרגן גייט די וועלט אונטער.

זעט איר, וואָס ס'איז נוגע אונדזערע בענק, איז גוט נישט אויפגעבן דעם אינטערעס פאַר זיי. וואָרים ווען די וועלט וועט אונטערגיין, ווו וועט מען בע־מען א פּעזע ווען מען וועט דאַרפן צו מסחר?

מיט דער חברה־קדישא איז אַן אַנדערער ענין. אויב די וועלט וועט אונ־טערגייען, וועט זי האָבן א סך אַרבעט. ס'איז נאָר א סכנה, אַז עס וועלן פעלן אַר־בעטער. און וואָס וועט מען טון, אַז קברנים וועט זיך גראַד דאַן פאַרגלוסטן צו דערקלערן א שטרייק? יעדנפאַלס, בין איך ממש מקנא חברה־קדישא פאַר די גוטע געשעפטן, וואָס זי וועט מאַכן אין טאָג ווען די וועלט וועט אונטערגייען.

פאַרשטייט זיך, אַז ווען די וועלט האַלט ביים אונטערגייען, איז נויטיק זיך איבערצובעטן נישט בלויז מיט דרויסנדיקע מענטשן, נאָר אויך מיט איי־גענע דאַרף מען לעבן אין אַבסאָלוטן שלום.

אַזוי ווי די וועלט קאָן מאָרגן אונטערגייען, איז נויטיק, אַז איר זאָלט היינט דורך גאַרנישט לאָזן שטערן אייער שלום־בית. וועגן דעם מוז יעדער איינער באַזונדער טראַכטן. דיין ווייב האָט ביי דיר געבעטן געלט אויף א נייעם הוט — טאָ גיב איר גיך געלט, זאָל זי זיך נאָך היינט קויפן דעם הוט. וואָרים מאָרגן — ווער ווייסט... און טאָמער וויל זי א בראַנזאַלעט, אָדער א בריליאַנ־טענעם רינג — זאָג איר נישט אָפּ, למעה"ש. ווייל וואָס טוסטו ווען מאָרגן גייט די וועלט אונטער? צי ווילסטו דען, אַז די גרויסע וועלט־קאַטאַסטראָפע זאָל אייך טרעפן אָנגעברוגזטע, אָדער גאָר צעקריגטע?

און נישט בלויז וועגן ענינים, וואָס בין אָדם לחברו דאַרף מען טראַכטן אין אַזאַ טאָג, ווען מאָרגן קאָן די וועלט אונטערגייען, נאָר אויך וועגן דעם רבונו־של־עולם, וועגן עולם־הבא, וועגן תשובה־טון. וואָרים איר זעט דאָך שוין א וואָסערע ווערדע עס האָט די דאָזיקע גאַנצע וועלט. אָט א מינדסטע דערנענ־טערונג פון עפּעס דאָרט א מאַרס, און די גאַנצע וועלט גייט אויף שטיקלעך. טאָ וואָסזשע איז שוין די ווערט אַזאַ וועלט? אָט איז זי א וועלט, און אָט, איי־דער איר קוקט זיך אום, מאָרגן נאָכמיטאָג, איז אויס וועלט. פאַרוואָס־זשע זאָלט איר זיין אַזעלכע עקשנים און זיך האַלטן ביי אייערע נאַרישקייטן? פאַר־

געסט נישט, אז מאָרגן קאָן נעמען אַ סוף צו אייער גאַנצער וועלט און דאַן וועט איר בלייבן שטייען ווי די נאַראָנים.

דעריבער ראַט איך אייך, איידער די וועלט גייט־אונטער, טוט תשובה, און ווערט אָרנטלעכע מענטשן. און טראַכט נישט לאַנג אַריין. וואָרים אַט־אַט קאָן שוין זיין צו־שפּעט. מאָרגן קאָן די וועלט אונטערגייען. דעריבער פאַר־שפּעטיקט נישט. איידער די וועלט גייט־אונטער טוט תשובה. און פאַרגעסט אויך נישט כאַפּן אַ קאַפּעלע בראָנפן. יאָ, נעמט אַ טרונק בראָנפן און טרינקט מיט אַ גוטן ברודער לחיים. ווייל מאָרגן קאָן שוין זיין צו־שפּעט. וואָרים אַ קשיא אויף אַ מעשה: טאָמער האָט ער טאַקע נישט אָפּגעטראָפן דער מעקסי־קאַנער אַסטראָנאָם, און טאָמער גייט טאַקע מאָרגן די וועלט אונטער?

# רוזוועלטס דזשיפּ

אין נאַטאַל, אויפֿן ערֿאַדראָם, ווו די אַוויאַנען שטעלן זיך אָפּ אויף אַ קורצן אָפּרו, און עולם פּאַסאַזשירן צעשפּרייט זיך איבערן באַר פֿון לופֿט-פּאָרט, לאַזנדיק זיך „וווילגיין על חשבון הגביר״, אויפֿן רעכענונג פֿון דער קאָמ-פּאַניע, הייסט דאָס, ווער מיט אַ קאַפֿע, ווער מיט אַ קאַלטן טרונק און מיט אַ סאַנדוויטש — אין נאַטאַל פֿרעגט מיך איינער פֿון די מיטרייזנדע, צי איך האָב שוין געזען רוזוועלטס דזשיפּ. יאָ, — ענטפֿער איך, כדי אויסצומיידן ווייטערדיקע טענות. אין אמתן האָב איך דעם „דזשיפּ״ נישט געזען און נישט געהאַט קיין אינטערעס אים צו זוכן. איך האָב נישט קיין געצנדינערישע באַציאונג צו די „גרויסע״ מענטשן. רוזוועלט איז טאַקע געווען רוזוועלט, אָבער ווער קאָן דאָס אַנגיין דער דזשיפּ, אויף וועלכן רוזוועלט איז געפֿאָרן בשעת מלחמה?

אַזוי טראַכט איך מיר. אָבער אַרויסגייענדיק פֿון באַר, באַמערק איך אויף אַ זייטיקן דורכגאַנג דעם דזשיפּ, וועלכער איז אויסגעשטעלט אין אַ באַזונדערן חדר, עפּעס ווי אַ מין הייליקייט אין אַן אוהל. רוזוועלטס דזשיפּ איז אַ גאַנץ פּרי-מיטיווער וועהיקעל, אַ וואָגן אָדער אַ וועגעלע, וועלכער רופֿט נישט אַרויס קיין באַזונדערן אינטערעס, נישט מיט זיין קאָנסטרוקציע, נישט מיט זיין אויסערלעכער אויסשטאַטונג.

אָבער דאָ איז דער דזשיפּ אַוועקגעשטעלט עפּעס ווי אַ מין הייליקער מאָ-נומענט. עפּעס ווי אַ סימבאָל. און ווי מען זאָגט מיר, ווערט געפּלאַנט אויס-צובויען אַ ספּעציעלן פּאַוויליאָן, אין וועלכן דער דזשיפּ וועט אַריינגעשטעלט ווערן אַלס אַ מאָנומענט פֿאַר אייביקע דורות.

רוזוועלטס דזשיפּ איז דער וואָגן, אין וועלכן רוזוועלט איז אַרומגעפֿאָרן אין נאַטאַל ביים אויסבוי פֿונעם ערֿאַדראָם, פֿון וועלכן עס זענען געגאַנגען די אַמע-ריקאַנישע כוחות קיין אַפֿריקע און קיין אייראָפּע צום קאַמף פֿאַר דער באַפֿריי-אונג פֿון דער וועלט פֿון דער טיראַניע פֿונעם נאַציזם. אָבער מענטשן, מענטשן און פֿעלקער האָבן אַ טבע צו קאָנצענטרירן זייערע געפֿילן פֿון באַוווּנ-דערונג און דאַנקבאַרקייט אויף עפּעס אַ קאָנקרעטער זאַך. אַזוי ווערט רוזוועלטס דזשיפּ דער סימבאָל פֿון אַמעריקעס קאַמף פֿאַר פֿרייהייט און מענטשן-רעכט — קעגן נאַצישער פֿאַרשקלאַפֿונג.

איז א סימבאָל פאַר זיך גופא נישט קיין שלעכטע זאַך, ווען מען זאָל נישט פאַרבייטן דעם סימבאָל מיט דער אידייע גופא. אָבער לײַדער באַנוגנט מען זיך מיט די סימבאָלן און מען פאַרגעסט דעם עצם הענין. מען פאַרגעסט די גרונט־פּרינציפּן פון מענטשלעכקייט, פון פרייהייט און גערעכטיקייט — אַבי מען ווייזט אַרויס קעלבערנע התפעלות פאַרן סימבאָל.

אין דעם לאָקאַל, וווּ ס'איז אויסגעשטעלט רוזוועלטס דזשיפּ, איז דאָ אויף דער וואַנט אַזאַ אויפשריפט:

„צום כבוד פונעם וועלט-בירגער.

„פראַנקלין דעלאַנאָ רוזוועלט וועט בלייבן אויף אייביק א סימבאָל פון דער פרייהייט און אין פרייהייט וועט ער לעבן אייביק אינעם האַרצן פון די מענטשן".

אָט-אַזוי גיט מען אָפּ כבוד אויפן ברעג פון בראַזיל דעם וועלט-בירגער רוזוועלט, אין וועלכן מען זעט א סימבאָל פון דער פרייהייט און מען זאָגט-צו, אַז ער, דאָס הייסט זיין אָנדענק, וועט לעבן אין פרייהייט אויף אייביק אין די הערצער פון די מענטשן.

נו, וויפיל ס'איז פאַראַן פרייהייט און וועלט־בירגערטום אין בראַזיל ווייס איך נישט, אויף די פאָרמולאַרן, מיט וועלכע מען דאַרף בעטן א דערלויבעניש צו מעגן דורכרייזן דורך בראַזיל, דאַרף מען אויך פאַרשרייבן דעם „עטנישן אָפּ־שטאַם", דאָס הייסט, מיט מער פאַרשטענדלעכע ווערטער אויסגעדריקט, צו א וואָסערער ראַסע עס געהער דער מענטש, וועלכער וועט באַקומען די דערלויבע־ניש צו מעגן דורכפאָרן דורך בראַזיל. און אויב מען געפינט פאַר נויטיק צו פאָ־דערן פון מענטשן, זיי זאָלן פאַרשרייבן זייער „עטנישן אָפּשטאַם", איז א סימן, אַז עס זענען פאַראַן געוויסע „עטנישע אָפּשטאַמונגען", וועלכע קענען צומאָל פאַרקלענערן די האָפענונג פון א מענטשן צו באַקומען אַזאַ דערלויבעניש צו מעגן באַטרעטן דעם באָדן פון בראַזיל. מיט „וועלט-בירגערטום" האָט דאָס אַליץ, ווי מען זעט, קיין שייכות נישט. נאָר וואָס זאָל מען האָבן טענות צו בראַזיל? די אידייע פון „וועלט־בירגערטום" איז ווייט אפילו פון דערווירקלעכקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס וועלט־בירגערטום, וואָס איז פאַראַן אין דער פּראַקטיק פונעם מאָדערנעם פאַרקער, אין דער מעגלעכקייט אַריבערצופליען פון איין קאָנטינענט אין אַנדערן אין א מעת־לעת צייט, דאָס דאָזיקע וועלט־ביר־גערטום איז נאָך אפילו אין דער אידייע נישט פאַראַן. אין בראַזיל אָבער, כמעט ביים ברעג פון אָקעאַן, שטייט א פּרימיטיווער וואָגן, א סימבאָל פון פרייהייט און וועלט-בירגערטום — רוזוועלטס דזשיפּ. און די דערפאַרונג צווינגט צו זיין גענוג פּעסימיסטיש און נישט צו ווערן נתפעל פון דעם סימבאָל. וואָרים אַזאַ איז שוין די טבע פון מענטשן: מען באַוווּנדערט א דזשיפּ און מען פאַרגעסט און מען איז מבטל די גרויסע, די אייביקע אידייען פון דער מענטשהייט.

# קאַרל ראַדעקס 16 פֿוד ביכער

אין זיין עסעי וועגן סטאַלינען גיט איבער עמיל לודוויג אַ שמועס מיט קאַרל ראַדעקן, וואָס יענער האָט מיט אים געהאַט וועגן זיין אַמאָליקער אָפּאָזיציע-צייט. ראַדעק האָט דערציילט וועגן זיינע ערשטע טראָצקיסטישע חטאים און וועגן זיין פֿאַרשיקונג.

די דאָזיקע ערשטע פֿאַרשיקונג האָט, פֿאַרשטייט זיך, אויף ראַדעקן גע-מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט אַ גאַנץ לעבן געקעמפֿט — אַזוי האָט ער דערציילט לודוויגן — פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט, קעגן קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען. ער איז אָפֿטמאָל באַשטראָפֿט געוואָרן, פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער יוסטיץ און געזעסן אין די תּפֿיסות פֿון קאַפּיטאַליזם. אָבער איצט איז עס געווען אַ סאָציאַ־ליסטישע רעגירונג וועלכע באַשטראָפֿט אים. דאָס האָט אים געגעבן אַ סך נאָכ-צוטראַכטן.

ווען ראַדעק איז אַוועקגעפֿאָרן אין זיין פֿאַרשיקונג, אַזוי דערציילט ער לוד־וויגן, האָט ער מיטגענומען מיט זיך זעכצן פּוד ביכער. און די דאָזיקע ביכער האָבן אים געלערנט, אַז ער באַגייט אַ טעות. און ער האָט באַקומען חרטה, און אָפֿן געבעטן מחילה פֿאַר זיינע זינד.

און קאַרל ראַדעק האָט געפֿונען לייטזעליקייט אין די אויגן פֿונעם האַר, וועלכער האָט אויסגעהערט זיין חרטה און אָנגענומען זיין תּשובה. און ער איז ווידער געוואָרן אָנגענומען אַלס אַ טרייער זון פֿון דער באָלשעוויסטישער קירכע.

אָבער הפּנים אַז ס׳איז נישט באַשערט געווען ראַדעקן צו לעבן אַלס בעל־תּשובה. הפּנים אַז דער וואָרעם פֿון זינד, וועלכער האָט זיך איין מאָל אין אים אַריינגעכאַפּט, וויל שוין נישט באַפֿרייען דעם זינדיקן גוף און די נאָך מער זינ־דיקע נשמה.

ער איז, דוכט זיך, געווען אַזוי גוט און פֿרום, קאַרל ראַדעק, ער האָט ערשט אין מאָנאַט אויגוסט, ווען זיינע אַמאָליקע חברים זענען געשטאַנען פֿאַרן שטרענגן ריכטער, האָט ער, געפֿאָדערט, אַז מען זאָל זיי דערשיסן ווי משוגענע הינט.

דאָס איז דאָך דוכט זיך גענוג. בפֿרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַמאָליקע חברים. אָבער ס׳איז נישט גענוג! ווארום ס׳איז נאָך אפשר נישט פֿאַרטרוקנט געוואָרן די טינט פֿון דעם אַרטיקל אין וועלכן ראַדעק האָט אַזוי ליבנסווירדיק און

אַזוי פּריינטשאַפטלעך געפאָדערט אַז מען זאָל זיינע פריינט דערשיסן ווי משוגענע הינט, און ער איז שוין געווען ארעסטירט אליין אַ פאַרדעכטיקטער אין די זעלבע חטאים, אין דעם זעלבן פאַרראַט ווי זיינע פריינט די „משוגענע הינט".

און איצט וועט ער שטיין פאַר דעם זעלבן ריכטער אפשר און וועט זיך פאַרטיידיקן וואַרשיינלעך אַזוי ווי עס „פאַרטיידיקן" זיך אַלע פּאָליטישע אָנגעקלאָגטע אין סאָוועט רוסלאַנד. ער וועט זיכער אַלעס מודה זיין, און ער וועט בעטן אַז מען זאָל אים דערשיסן ווי אַ „משוגענעם הונט".

ווארום ס'איז נישט קיין קלייניקייט אין וואָס ראַדעק ווערט באַשולדיקט. צוזאַמען מיט די אַנדערע באַשולדיקטע — אַלע געוועזענע סאָוועטישע רעגירונגס-מענער — ווערט ראַדעק באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש מיטן צוועק „צו העלפן די אויסלענדישע אָנגרייפער צו פאַרכאַפּן און צעטיילן די טעריטאָריע פון פאַרבאַנד פון די סאָציאַליסטישע סאָוועט רעפובליקן, אראָפּצוּוואַרפן די סאָוועטישע רעגירונג און אויף איר אָרט ווידער אויפצושטעלן די הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם און פון דער בורזשואַזיע".

אָט אין אַזעלכע פאַרברעכנס ווערן באַשולדיקט געוועזענע סאָוועטישע פאָלקס-קאָמיסאַרן, געוועזענע אַמבאַסאַדאָרן, און דער אָפיציעלער פּובליציסט פון דער סאָוועטישער רעגירונג, קאַרל ראַדעק. קאַרל ראַדעק, וועלכער האָט אַ גאַנץ לעבן געקעמפט פאַר דער זאַך פון פּראָלעטאַריאַט, ראַדעק וועלכער איז געזעסן אין אַזוי פיל קאַפּיטאַליסטישע תפיסות פאַר באַדראָען די בירגערלעכע אָרדענונג, ראַדעק וועלכער איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ רעוואָלוציאָנער, ווערט איצט באַשולדיקט אין קאָנספּירירן צוזאַמען מיט די קאַפּיטאַליסטן קעגן דער סאָוועטישער אָרדענונג, און שטרעבן צו צערייסן דעם פאַרבאַנד פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן און ווידער איינצופירן דאָרט די הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם און פון דער בורזשואַזיע!...

אַ מאָדנער גורל, אָט-אָ-דער גורל פון די סאָוועטישע רעגירונגס-מענער און פירער. אַ גאַנץ לעבן, געקעמפט קעגן צאַריזם, קעגן קאַפּיטאַליזם, קעגן דער בורזשואַזיע, איבערגעזעסן אין אומצאָליקע תפיסות, זיך ענדלעך דערלעבט דעם זיג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, געהאָלפן אויפבויען די „נייע אָרדענונג" אין רוסלאַנד, געווען שטרענג און גרויזאַם קעגן יעטוועדן פּאָליטישן אָפּנויג און היינט זיך דערלעבט צו שטיין אַליין אַלס אָנגעקלאָגטער אין קאָנספּיראַציע קעגן די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן. און טאָמער איז די דאָזיקע באַשולדיקונג נאָך צו ווייניק, באַשולדיקט מען זיי נאָך אין קאָנספּיראַציע צוזאַמען מיט די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטישע אָדער פאַשיסטישע שונאים קעגן דער סאָציאַליסטישער רעפּובליק מיטן צוועק ווידער איינצופירן די הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם און פון דער בורזשואַזיע.

אַבסורד?

נו, ס'איז דער זעלבער אַבסורד ווי דאָס באַשולדיקן טראָצקין אַלס אַגענט

פון געשטאפּאָ. און מיט וואָס איז ראַדעק בעסער פון טראָצקין, זינאָוויעוו און די אַנדערע וועלכע ער האָט געהייסן אויסשיסן ווי משוגענע הינט?

פאַר מאָראַליש נאָרמאַלע מענטשן איז די באַשולדיקונג קעגן ראַדעקן פונקט אַזוי אומפאַרשטענדלעך ווי די באַשולדיקונגען קעגן די אַנדערע באָלשעוויסטישע פירער. און מיר זענען מסופק צי ראַדעק וואָלט געקענט אויפקלערן די דאָזיקע רעטעניש אפילו מיט זיינע זעכצן פוד ביכער...

(1937)

# לאָמיר גרינדן אַ נייע פּאַרטיי

זייט אַ צייט טראָג איך מיך אַרום מיט דעם געדאַנק צו גרינדן אַ נייע יידי־שע פּאַרטיי. עס פעלט נעמלעך ביי אונדז נאָך איין פּאַרטיי. נאָך איינע — נישט מער. און טאַקע: פאַרוואָס זאָל איך נישט גרינדן נאָך איין פּאַרטיי? פאַראַן אַזוי פיל פּאַרטייען, וועט זיין נאָך איינע. אגב וויל איך אייך זאָגן, אַז איך האָב שוין אַ נאָמען פאַר דער נייער פּאַרטיי. אַ נאָמען איז נישט קיין קלייניקייט. איך האָב געטראַכט וועגן פאַרשידענע נעמען, אָבער דער נאָמען וועלכן איך וויל אייך פאַר־לייגן ווייזט מיר אויס דער בעסטער. יעדנפאַלס איז דאָס אַ נאָמען אַ נייער, אַ זאַך וואָס איז נאָך ביז איצט ביי אונדז נישט געווען. דער נאָמען פון מיין נייער פּאַרטיי, וועלכע איך וויל גרינדן, וויל איך זאָל זיין „אהבת ישראל".

ווי ווייזט אייך אויס אַזאַ נאָמען? אַזאַ זאַך ווי אהבת ישראל, איז ביי אונדז דוכט זיך נאָך נישט געווען. וואָרים ווער האָט זיך נאָך אַזוי פיינט ווי איין ייד דעם אַנדערן? מיר האָבן פיינט איינער דעם אַנדערן מיט אַ מאָטיוו און אָן אַ מאָטיוו — ס'איז פּשוט אַ שנאה שאינה תלויה בדבר. מיר האָבן זיך סתם פיינט. מיר האָבן זיך פיינט איינע די אַנדערע כמעט אַזוי ווי די אַנטיסעמיטן. פאַר־שטייט זיך, אַז מיר זענען חלילה נישט קיין אַנטיסעמיטן. דאָס זענען נאָר, טייל־מאָל געוויסע יידן, יידן אַסימילירטע, און כדי צו דערגרייכן די „פולשטענדיקע אַסימילאַציע", וואָס עס פאָדערן ביי אונדז למשל, די טשעכישע דעמאָקראַטן און אויך אַ טייל דעמאָקראַטן פון אַנדערע פעלקער — מוזן די דאָזיקע אַסימילירטע יידן פיינט האָבן יידן אַזוי ווי די פעלקער צו וועלכע זיי ווילן זיך אַסימילירן. וואָרים די וויכטיקסטע כאַראַקטעריסטיק פון די מערסטע פעלקער — חוץ קליי־נע אויסנאַמען — איז שנאת ישראל.

אָבער חוץ דער אַסימילאַטאָרישער שנאת ישראל איז פאַראַן אַ שנאת יש־ראל, וועלכע מען טרעפט אינעם יידישן פאָלקס־לאַגער גופא. אין דער ערשטער רייע גייט דאָ די פּאַרטיי־שנאה, דאָס הייסט די שנאה וואָס די יידן פון איין פּאַרטיי פילן צו די יידן פון אַלע אַנדערע פּאַרטייען. דערנאָך קומט די שנאה צווישן די לאַנדסמאַנשאַפטן, די שנאה צווישן „גרינע" אָדער „ווייסע" און בלויע1), ועל כולם די שנאה צווישן דזשאָינטיסטן און קאָנגרעסיסטן. קיין שנאה

1) באַצייכענונג פון וואַל־פּאַרטייען ביי לאָקאַלע יידישע אינסטיטוציעס.

צוליב אַ רב, דאָס הייסט אַז די יידן פון איין רב זאָלן פיינט האָבן די יידן פון דעם אַנדערן רב, איז ביי אונדז נישטאָ. מיר הערן אַלע רבנים ווי דעם רב. ס'איז דעריבער אויך נישטאָ ביי אונדז קיין שוחטים־שטרייט. דער רוב יידן פון ב. איי־רעס זענען נישט מדקדק און זיי עסן אַפילו שחיטות חוץ. און אויך צוליב חזנים איז ביי אונדז קיין מחלוקת נישטאָ — אויף אַזוי פיל איז דער שטח פון שנאה פון יידן צו יידן ביי אונדז גאָט צו דאַנקען אַביסל קלענער ווי ער וואָלט געקענט זיין.

דער עיקר שנאה פון יידן צו יידן איז איצט ביי אונדז די שנאה צווישן דזשאָינטיסטן און קאָנגרעסיסטן. דאָס איז אַ הייליקע שנאה.ביידע צדדים ווילן געמלעך העלפן די אָרימע, לעבנגעבליבענע יידן אין אייראָפּע. אַ קליינעקייט עפּעס: אונדזערע ברידער האָבן זעקס יאָר לאַנג געליטן פשוט יסורים פון גיה־נום — אָדער נאָך ערגער. דער שונא האָט גערדריקט, דערנידעריקט, פאַרשקלאַפט, געלאָזט הונגערן, צוזאַמענגעשטופּט אין ענגע געטאָס ווי אין אַ תפיסה, געלאָזט אומקומען פון קעלט און שמוץ און מגיפות, דערנאָך סתם דעפּאָרטירט אין פאַר־שלאָסענע וואַגאָנען ערגער ווי חזירים, געפּייניקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און געמאָרדעט מאַסנווייז אין די גאַז־קאַמערן — נישט מאַכנדיק קיין שום אונ־טערשייד צווישן אָסט־יודען און וועסט־יודען, צווישן ספרדים און אשכנזים, צווישן פרומע און אפּיקורסים, צווישן ציוניסטן, בונדיסטן, קאָמוניסטן — נישט אפילו צווישן די דזשאָינטיסטן און קאָנגרעסיסטן; און מיר האָבן זיך דאָ בשעת מעשה געלעבט, גאָר נישקשהדיק, אַ טייל פון אונדז האָבן געמאַכט מיליאָנען און מיליאָנען — פילן מיר הייגט אויף זיך אַ הייליקן חוב צו העלפן די ברידער, די יידישע פרויען און קינדער, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק און דעם כח אי־בערצולעבן דעם דאָזיקן גיהנום.

און ווילנדיק דערפילן דעם דאָזיקן הייליקן חוב, ווילנדיק העלפן די אָרימע ברידער און שוועסטער אין אייראָפּע, צעקריגן מיר זיך צווישן זיך און מיר שטייען ווי דריי פיינטלעכע צדדים: קאָנגרעסיסטן, דזשאָינטיסטן און לאַנדס־מאַנשאַפטן. דערצו האָבן מיר נאָך געהאַט מזל: עס האָט געקאָנט קומען דערצו, אַז די פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן זאָלן זיך צעקריגן צווישן זיך און יעדע לאַנדסמאַנשאַפט זאָל דערקלערן אַלס „אומגעוווּנטשענע אויסלענדער" אַלע אַנ־דערע לאַנדסמאַנשאַפטן.

אַט דערפאַר איז ביי מיר אויפגעקומען די אידייע צו גרינדן אַ נייע פּאַר־טיי — אַ פּאַרטיי פון יידן וועלכע האָסן נישט קיין אַנדערע יידן, וואָס האָסן נישט סתם, אָן אַ פּאַרוואָס; אַ פּאַרטיי פון יידן, וועלכע האָבן ליב יידן אין וועל־כע ווילן העלפן יידן — אָן שום פּניות, אָן שום בענקל־אינטערעסן, אָן וועלכע ס'איז דיקטאַטאָרישע נטיות. און פאַר דער דאָזיקער פּאַרטיי געפעלט מיר דער נאָמען אהבת ישראל. ווי ווייזט אייך אויס?

כדי איר זאָלט מיך נישט חושד זיין אין גאווה, אַז איך וויל דאָס זיין אַ

גרינדער פון א נייער פארטיי אין ישראל, דערקלער איך דא כפני קהל ועדה אז איך בין גרייט איבערצולאזן די אמטן פון פרעזידענט און וויצע-פרעזידענט און פון די סעקרעטארן און קאסירערס מיט זייערע פארטרעטער מיט אלע אמטן פון צ. ק. בכלל צו די, וועלכע ווילן איבערנעמען אויף זיך די אויפגאבע צו גרינדן די נייע פארטיי און צו ווערבירן מיטגלידער פאר איר.

כ'וויל אייך אויך מודה זיין, אז אפילו דער נאמען פון דער נייער פארטיי איז נישט געבוירן געווארן אין מיין קאפ. ווי יעדע גייסטיקע טעטיקייט, איז אויך דער דאזיקער פלאן און דער נאמען א רעזולטאט פון געדאנקען-אסאציאציע. דא נישט לאנג איז א רב, דער רב פון דעם פליטים-לאגער אין אסווינגא, נארד אמעריקע, ארוים מיטן געדאנק צו שאפן אן ארגאניזירטע פאלקס-באוועגונג פאר אהבת ישראל. דער אויטאר פון יענעם אהבת ישראל-פלאן וויל „א גוט ארגאניזירטע פאלקס-באוועגונג פאר אהבת ישראל וועלכע זאל טראגן א ברייטן נאציאנאלן כאראקטער", ער מיינט:

„אהבת ישראל, וועלכע איז מחייב צו עפעס. אהבת ישראל אן זייטיקע כוונות, נישט לשם פאליטיק, נישט לשם פארטיי, נישט אפילו לשם וועלכער נישט איז אידעאלאגיע. גאנץ פשוט: אהבת ישראל לשם אהבת ישראל, אן פניות".

„ווען איר טראכט זיך אריין אין דעם ענין — שרייבט דער דערמאנטער רב — קומט איר ערשט דערצו אפצושאצן דעם גאנצן ווערט פון אזא אהבת ישראל באוועגונג, א באוועגונג פאר אלע יידישע טעטיקייטן אן אויסנאם, כארן גאנצן יידישן לעבן און שאפן. איר דערפילט מיט אמאל די אומגעהויערע קאנסעקווענצן פון נאציאנאל-דערציערישער און פסיכאלאגישער נאטור.

„אהבת ישראל איז אן אומאויסשעפלעכער קוואל פון טרייב-קראפט פאר יידישן שאפן אין לעבן, א מעין המתגבר".

דערפאר איז נויטיק גרינדן א נאציאנאלע פאלקס-באוועגונג פאר אהבת ישראל — מיינט דער רב. ואני הקטון, וואס איך בין מיט אים מסכים, וואלט וועלן דעם פלאן אויסבעסערן און גרינדן א פארטיי פון אהבת ישראל. איך רעכן אז אין א פארטיי פון אהבת ישראל וועט נישט קומען צו קיין מחלוקות און צו קיינע שפאלטונגען צווישן רעכטע און לינקע. אהבת ישראל איז א גאר הויכער ענין. אין אהבת ישראל קענען מיר זיך דערנענטערן צו גאט, ווי זאגן מיר יעדן אוונט אין דער תפילה: אהבת עולם עמך בית ישראל אהבת — „מיט אן אייביקער ליבע טוסטו ליב האבן דאס פאלק ישראל". און אויב דאס פאלק ישראל האט די ווערט, אז דער באשעפער זאל עס ליב האבן מיט אן אייביקער ליבע, וואלט דאס זיכער געווען שיין פון אונדזער זייט, ווען מיר זאלן גרינדן א פארטיי פון אהבת ישראל.

ווי ווייזט אייך אוים? איך האב נאר איין מורא, אז די נייע פארטיי זאל נישט ווערן קיין מיטלפונקט פון וועלכער עס זאל ארויסגיין שנאה צו אנדערע פארטייען...

## ווען דער קאָנץ צו לעבן גוט מיט אַלעמען

ס'איז נישט גוט, ווען דיין נאָמען הויבט זיך אָן מיט אַן אות וואָס איז פון די לעצטע פון אלף בית. אין אונדזערע דעמאָקראַטישע צייטן פון אַבסאָלוטער גלייכהייט, ווו מען שטעלט אויס די מענטשן אין דער ריי לויט דעם אלף בית פון זייערע נעמען, קומט דיר תמיד אויס צו שטיין אין די לעצטע רייען, ווען דיין נאָמען הויבט זיך אָן מיט אַ „פ", אַ „צ" אָדער גאָר מיט אַ „ש". וואָס ס'איז נוגע נעמען, איז, דוכט זיך, די „ש" דער לעצטער אות. נישטאָ קיין פאַמי־ליען־נעמען וואָס זאָלן זיך אָנהויבן מיט אַ „ת". יאָ, אין לעמבערג האָב איך גע־קאָנט אַ פאַמיליע תאומים. אָבער דאָ אין אַרגענטינע איז אַזאַ פאַמיליע נישטאָ. דאָ איז די „ש" דער לעצטער אות מיט וועלכן עס הויבן זיך אָן אונדזערע פאַ־מיליען־נעמען. און אָט האָב איך אַזאַ מזל וואָס מיין נאָמען מוז זיך דווקא אָנ־הויבן מיט דעם לעצטן אות.

וואָס דאָס אַרט מיך — פרעגט איר — אַ וואָסערן היזק דאָס ברענגט מיר? אָ, זייער אַ גרויסן היזק. קודם כל אין רשימות פון שרייבער בין איך שטענ־דיק צווישן די לעצטע. און דאָס איז נישט קיין פאַרגעניגן. ווען נתן בירנבוים ע"ה, וועלכער האָט אין זיינע אַפּיקורסישע יוגנט יאָרן געשריבן אונטערן פסעוו־דאָנים מתתיה אחר, האָט מען אַמאָל געמאַכט אַ בייזוויליקן וויץ, אַז ער האָט זיך אויסגעקליבן דעם דאָזיקן פּסעוודאָנים, כדי ער זאָל זיין אין יעדער רשימה צווי־שן די ערשטע און נישט צווישן די צווייטע.

אויב ס'איז שוין נישט קיין תענוג צו זיין צווישן די לעצטע אָדער גאָר דער לעצטער אין אַ רשימה, איז דאָס שוין גאָר נישט גוט, ווען מען טיילט איין כיבודים לויטן אלף בית און דו באַלאַנגסט צו די לעצטע. אַזאַ זאַך האָט פּאַסירט „דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות" אויף אַ באַנקעט לכבוד ה' פלוני. דער טאָסטמייסטער, ה' אלמוני האָט באַשלאָסן מכבד זיין די אָנוועזנדע שרייבער מיט אַרויסרופן זיי צום וואָרט, לויטן אלף בית. און היינט מאַלט אייך אויס, ווען מען זיצט מיט אַ פולער רעדע אין בויך און מען מוז וואַרטן און וואַרטן און אויסהערן אַלע רעדעס פון די „א" און די „ב" און „ג" און „ד" און „ט", און ביז צו דער „ש" איז נאָך וויט, ווייט! עס דוכט זיך דיר, אַז די רעדעס וועלן זיך קיינמאָל נישט ענדיקן. און ביז עס קומט צו צו דיין „ש", איז

שוין 2 אזייגער פאַרטאָג! דאָס איז שוין באמת צו שפּעט. מען מוז אויסהערן דעם בעל־הבאנקעט. און מיין רעדע בלייבט מיר שטעקן אין גאָרגל. כ'זאָג אייך — איר זאָלט גאָר נישט געפרווּוט ווערן מיט אזא עגמת נפש!

וואָרים, מאָלט אייך אויס, אַז, פּונקט אזוי ווי אַלע באַנקעט רעדנער, האָב איך געוואָלט רעדן נישט וועגן דעם בעל־הבאנקעט, נאָר וועגן מיר אליין, וועגן מיינע פּערזענלעכע מעלות, וועגן מיינע געווינהייטן, וועגן מיינע מידות טובות, בכלל וועגן מיינע ענינים. איך האָב געוואָלט האַלטן אַ רעדע איבער דער טעמע פאַרוואָס ח' פלוני לעבט גוט מיט אַלעמען און פאַרוואָס בין איך צוקריגט מיט דער גאַנצער וועלט? וואָלט נישט בעסער געווען פאַר מיר ווען איך לעב גוט מיט אַלעמען? צו וואָס דאַרף איך מיך אַרומקריגן מיט די רעוויזיאָניסטן און די קאָמוניסטן, מיט דער אגודה און מיטן מזרחי, און מיט וועמען נישט? אַ מערכה מען האַלט מיך צוריק. ווען מען זאָל מיך לאָזן וואָלט איך זיך „אַרומ־געקריגט" מיט אַלעמען: מיטן וועלט־קאָנגרעס און מיטן דזשאָינט, מיטן „אָרט" און מיטן „ייוואָ" און מיט די לינקע, און אפילו מיט די רעכטע פּועלי ציון — מיט איין וואָרט, מיט אַלעמען, אָן אויסנאַמס...

דעם אמת געזאָגט, בין איך אייגנטלעך נישט אַזאַ קריגערישע נאַטור. מיר וואָלט אויך ליבער געווען צו לעבן מיט אַלעמען בשלום אין פולער האַרמאָניע. אָבער וואָס זאָל איך טון, אַז די מענטשן זענען דאָ מוראדיקע קנאים. יעדער איינער איז איינגעגלויבט אין זיין אמת, אין דער הייליקייט פון די אינטערעסן וועלכע ער פאַרטרעט. און טאָמער שטעלסטו אין ספיקות זיין אמת, און טאָמער וואַגסטו זיך אָקעגנצושטעלן זיינע „הייליקע אינטערעסן", ווערסטו תיכף גע־שטעמפּלט אַלס דער שונא פון דער מענטשהייט, אָדער לפּחות דער שונא פונעם יידישן פאָלק, אָדער גאָר (רחמנא לצלן!) אַלס דער שונא פון רוסלאַנד.

דעם אמת געזאָגט, בין איך נישט קיינעמס שונא און איך וואָלט וועלן זיין גוט מיט אַלעמען. איך וואָלט וועלן זיין גוט אפילו מיט די רעוויזיאָניסטן אפילו מיט די קאָמוניסטן און אפילו מיט דעם דר. יעקב העלמאַן. אָבער וואָס זאָל איך טון, אַז די מענטשן זענען דאָ אַזעלכע קנאים?! זיי טאָלערירן נישט אפילו דעם קלענסטן אָפּנויג נישט בלויז פון זייערע פּרינציפּיעלע אמתן נאָר אפילו פון זייערער אַ רעזאָלוציע וואָס זיי האָבן נעכטן באַשלאָסן און וואָס זיי וועלן מאָרגן איבערבייטן.

נעמט למשל די קאָמוניסטן: פּערזענלעך האָב איך צו זיי גאָר נישט. מיינע פאַבריקן און הייזער און פעלדער וועלן זיי ביי מיר נישט צונעמען. אויך נישט מיינע באַנק־דעפּאָזיטן. אמת, זיי וואָלטן געקענט ביי מיר צונעמען עפּעס וואָס איז מער ווערט ווי הייזער און פאַבריקן און באַנק־דעפּאָזיטן: מיין פּערזענלע־כע פרייהייט. אָבער איך ווייס, אַז זיי וועלן דאָס נישט טון, ווייל, ס'האַלט נאָך נישט דערביי, אַז זיי זאָלן באַקומען די מאַכט דערצו. דערפאַר בין איך זיי גאָר נישט קיין שונא. אמת, איך האַלט נישט פון זייער רוסאָפּיליזם. איך גלויב נישט,

אַז רוסלאַנד וועט ברענגען דער מענטשהייט די גאולה. און נאָך ווייניקער דעם יידישן פאָלק. רוסלאַנד, די היינטיקע רוסלאַנד, איז נאָר אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. און די מענטשהייט האָט פאַר זיך שענערע, העכערע אידעאַלן ווי דאָס וואָס ווערן רעפּרעזענטירט דורך רוסלאַנד.

דאָס זענען מיינע ספיקות אַקעגן די קאָמוניסטישע אמתן. דאָס זענען נישט בלויז מיינע ספיקות. אַ גרויסע צאָל אינטעלעקטואַלן פון אַלע פעלקער טיילן די דאָזיקע ספיקות. אָבער די קאָמוניסטן האָבן נישט ליב אַז מען זאָל אויסדריקן ספיקות אין זייערע אמתן און מען זאָל זיך דערלויבן קריטיקירן זייערע רעזאָלוציעס און זייער פּאָליטישע טאַקטיק. זיי האָבן ליבער געוויסע רייכע בורזשויעס אָבער אָרימע אין גייסט, ווי די מענטשן, וואָס דענקען און פרעגן קשיות און פרעגן-אָפּ געוויסע געהייליקטע אמתן.

אָבער איך וויל נישט זיין אומגערעכט: די קאָמוניסטן זענען נישט די איינציקע וועלכע דולדן נישט אַז מען זאָל שטעלן אין ספיקות זייערע אָנגענומענע אמתן. אַלע זענען אַזוי — אַלע פּאַרטיי-מענטשן אַלע אָנפירער פון די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, גרופּעס און קאָמיטעטן. מילא ביי די קאָמוניסטן האַנדלט זיך כאָטש וועגן גרויסע וועלט-פּאָליטישע און סאָציאַלע שטרעבונגען. אָבער אפילו די קאָמיטעטן מיט זייערע ברעקלעך אמתן, מיט זייערע קליינינקע מאָמענט-אינטערעסן, מיט זייערע רעזאָלוציעס פון נעכטן, וועלכע ווען מאָרגן אפשר פון זיי אַליין אָפּגעשאַפט ווערן, אויך זיי, די אָנפירער פון קאָמיטעט-אידעאַלן און קאָמיטעט-אינטערעסן דולדן נישט קיין אָפּנייג פון זייערע מ'שטיינס געזאָגטע „אמתן" און פון זייערע „געהייליקטע" אינטערעסן, און זיי זענען גרייט דורס צו זיין יעדן, וואָס דערלויבט זיך אַ וואָרט פון קריטיק קעגן זייערע עמפּרעסעס.

אָט דאָס איז עס וואָס מאַכט אַזוי שווער ביי אונדז צו לעבן גוט מיט אַלעמען — סיידן דו נעמסט אָן אַ פול מויל מיט וואַסער און שווייגסט. אָבער דאָס איז ערשט נישט גוט. די מענטשן דולדן דאָס נישט. זיין מאַיעסטעט, דער לייענער פון דער צייטונג, דולדעט דאָס נישט. ער פאָדערט פון דיר, דו זאָלסט שרייען געוואַלד, דו זאָלסט קלאַפּן מיטן האַמער, זאָלסט שניידן מיטן מעסער דאָס אַלץ וואָס אים ווייזט אויס פאַלש, קרום, פויל, היפּאָקריטיש — דאָס אַלץ וואָס ער זעט תמיד ביי יענעם און קיינמאָל נישט ביי זיך. דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז אונדזערע לייענער, די גרויסע און די קליינע מוחות, האָבן אייגנטלעך נישט ליב קיין ווייכקייט, זיי האָבן ליב שאַרפע קריטיק, קריטיק מיטן מעסער, מיטן האַמער און צומאָל אפילו מיטן בעזים — אָבער שטענדיק קעגן יענעם. אָבער קעגן זיך, קעגן דער אייגענער פּאַרטיי, קעגן דעם אייגענעם קאָמיטעט פאַרטראָגט ביי אונדז קיינער נישט, אפילו נישט דעם לייכטסטן הויך פון אַ קריטישער באַמערקונג. אונדזערע מענטשן פעלט פּשוט ווייץ צו קענען אויפנעמען מיט אַ גוטן הומאָר קריטישע באַמערקונגען. אין דער דאָזיקער

באציאונג איז אונדזער קליינוואַרג נאָך ענגהאַרציקער און באַשרענקטער פון די גרויסע.

איך מיין דאָ דאָס קליינוואַרג פון עקסטרעם לינקס און פון עקסטרעם-רעכטס. אָט די אַלע יונגעלייט, וועלכע האָבן נאָך גייסטיק און פּאָליטיש נישט געפּאַקט און נישט געמאָזלט, וועלכע האָבן קוים אַביסל פלאַץ אויף וואָנסעס אונטער דער נאָז, — זיי ווערן שוין פּונקט אַזוי היסטעריש ווי די אַלטע, ווען מען רירט אָן זייערע נאָך נישט דערקאָכטע „אמתן". און, ווי געזאָגט, איז אין דער דאָזיקער באציאונג נישטאָ קיין חלוק צווישן די עקסטרעם לינקע און די עקסטרעם רעכטע (כאָטש „רעכטע" און „לינקע" זענען דאָ נאָר רעלאַטיווע באַגריפן).

היוצא לנו מזה: ס'איז שווער ביי אונדז צו זיין גוט מיט אַלעמען. ס'איז שווער פאַר אַ דענקענדן מענטשן צו זיין גוט אפילו בלויז מיט איין צד. סיידן אַז מען שטעלט זיך איבער אַלע פּאַרטייען, איבער אַלע צדדים און מען קוקט מיט אַ פילאָזאָפישן ביטול אויף אַלע נאַרישקייטן און בייזקייטן. איז ערשטנס, צו וואָס טויג דאָס? און צווייטנס, ווו נעמט מען כוח צו אַזוי פיל עגאָאיזם אין אַזאַ שווערער צייט?

# דער פּראָבלעם פון שטיוול-פּוצעריי

אויף אַ פרויען־פאַרזאַמלונג האָבן זיך צונויפגעקליבן אויך עטלעכע מע־נער, וועלכע, פילנדיק זיך מסתמא פרעמד אין דער סביבה פון דעם אַנדערן געשלעכט, האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ זייט, אין אַ מין פּריווילעגירטער איזאָ־לאַציע. פּלוצים האָבן צוויי פון די מענער גענומען רעדן וועגן בעבעלס פרוי. דאָס איז וואַרשיינלעך געווען אַ רעזולטאַט פון אַן אומבאַוווּסטער געדאַנ־קען-אַסאָסיאַציע. פאַרשטענדלעך, אַז די מענער זענען שוין נישט געווען קיין יונגעליים. ווער פון די הײַנטיקע יונגעלייט ווייס עפּעס וועגן בעבעלס פרוי? די, וועלכע זענען געווען יונגעלייט מיט דרייסיק, מיט פערציק אָדער מיט פופ־ציק יאָר צוריק, און וועלכע האָבן אין זייער יוגנט געזוכט זיך צו באַפרייען פון די פאַרשידענע „קייטן" פון דער אַלטער וועלט דורך בילדונג און אויפקלערונג. האָבן אין יענע יאָרן וואַרשיינלעך זיך באַקענט מיט בעבעלס פרוי. אָבער איר זאָלט נישט האָבן חלילה קיין אוממאָראַלישע חשדים. בעבעלס פרוי איז נישט געווען קיין פרוי ממש, נאָר אַ בוך. דאָס איז געווען דאָס בוך פון דעם דייטשן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פירער אויגוסט בעבעל אונטערן טיטל „די פרוי און דער סאָציאַליזם". בעבעלס פרוי איז געווען דאָס לערן־בוך פון סאָציאַליזם פאַר אַ גרויסן טייל פון דער אייראָפּעאישער יוגנט, מיט דרייסיק, מיט פערציק און מיט פופציק יאָר צוריק. און אויך די יידישע יוגנט פון יענע יאָרן האָט געשעפּט וויסן און בילדונג און אויפקלערונג און טאַקע סאָציאַליזם פון דעם קוואַל פון יענעם בוך. ווער עס האָט דאָס בוך געלייענט אין רוסיש, ווער אין פּויליש, ווער אין דייטשן אָריגינאַל. אָבער אין דער תקופה צווישן דער ערשטער און דער איצטיקער וועלט־מלחמה האָט די יוגנט נישט געלייענט מער אַזעלכע ביכער, און נאָר די עלטער־ווערנדיקע פלעגן זיך פון צייט צו צייט דערמאָנען אין יענער אַמאָליקער געדאַנקען־וועלט און פון צייט צו צייט איבערחזרן דאָס פון לאַנג געלערנטע.

הערנדיק אויף דער דערמאָנטער פרויען־פאַרזאַמלונג דערמאָנען בעבעלס פרוי פון צוויי מענטשן וועלכע זענען געווען יונגעלייט מיט 40 אָדער 50 יאָר צוריק, האָט דאָס אויך מיך פאַראינטערעסירט. וואָרום אויך איך האָב מיך דאָ נישט לאַנג פּלוצים דערמאָנט אין יענעם בוך, און אויך דורך אַ טשיקאַווער אי־

דייען־אַסאָסיאַציע. ס'איז געווען אין אַ מאָמענט, ווען איך האָב מיר געלאָזט פוצן די שיך, זיצנדיק אויף איינעם פון די באַקאַנטע הויכע שטולן, בעת דער אַרבעטער האָט געאַרבעט מיט דער באַרשט, און מיט אַ שטיק טוך, באַמיענדיק זיך צו געבן דעם שוך אַ שפּיגלדיקן גלאַנץ.

צו דעם דאָזיקן אופן פון לאָזן זיך פוצן די שיך האָב איך עפּעס אַ מאָדנעם ווידערגעפיל, פון וועלכן איך קאָן מיך נאָך אַלץ נישט אָפּגעווינען. בכלל האָבן מיר אַלע, וועלכע זענען אויפגעוואַקסן אין דער גייסטיק סאָציאַלער אַטמאָספערע פון דער אַמאָליקער אייראָפּע, אַ שטאַרקן ווידערגעפיל צו געוויסע מלאכות, אָדער, גענויער, זיך צו לאָזן באַדינען פון געוויסע מענטשן, וועלכע באַדינונג מיר טראַכטן אַלס דערנידעריקנדע. און צווישן די סאַמע דערנידעריקנסטע האָבן מיר זיך צוגעוווינט צו באַטראַכטן די מלאכה פון שטיוול־פוצעריי.

דאָס איז נישט אונדזער שולד. דאָס איז פשוט אַן אַטאַוויזם וואָס איז אין אונדז פאַרבליבן פון אַמאָליקע אָפּגעשטאַנענע צייטן. שיך-פוצעריי איז אַמאָל אין אייראָפּע און איז אפשר נאָך היינט אין אַ טייל לענדער אַ דערנידעריקנדע מלאכה. אַזוי האָבן געקוקט אויף דער דאָזיקער מלאכה נישט בלויז מיר יחוסדיקע יידן, נאָר אויך דייטשן. פאַר אַזוי ווייט דערנידעריקנד האָט מען באַטראַכט די דאָזיקע מלאכה, אַז דער דייטשער ליבעראַלער פּאָליטיקער אויזשען ריכטער, האָט אַמאָל אַוועקגעשטעלט פאַר די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן די האַרבע פראַגע: ווער וועט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט פוצן די שיך? די דאָזיקע פראַגע האָט ריכטער אַוועקגעשטעלט אין דייטשן רייכסטאַג. ער איז געווען זיכער, דער ליבעראַלער שפּיס-בירגער, אַז מיט אַזאַ פראַגע הרגעט ער פשוט אַוועק דעם סאָציאַליזם. וואָרום טאַקע: איר ווילט איינאָרדענען אַ נייע געזעלשאַפט פון פאָלנער גלייכהייט, טאָ ווער וועט פוצן די שיך אין אייער סאָציאַליסטישן גן-עדן? און אַז אַ בירגער האָט אַ רעכט צו האָבן אימיצן וואָס זאָל אים פוצן די שיך — ווענן דעם איז ביי דעם דייטשן ליבעראַל גאָר קיין שום ספק נישט געווען. דאָ איז פשוט דער סאָציאַליזם געשטעלט געוואָרן פאַר אַ האַרבער פראַגע פון אָדער, אָדער: אָדער איר פירט איין אַ פולקאָמע גלייכהייט, דאַן וועט דאָך נישט זיין ווער עס זאָל פוצן די שיך — טאָ צו וואָס טויג אַזאַ געזעלשאַפטס־אָרדענונג, ווו אַן אַנשטענדיקער בירגער האָט נישט קיינעם וואָס זאָל אים פוצן די שיך? אָדער מ'וועט איינפירן אַ קלאַס פון שיך־פוצער — דאַן איז דאָך — אויס גלייכהייט, אויס סאָציאַליזם!

און, מאָדנע, בעבעל, אין זיין דערמאָנטן בוך „די פרוי און דער סאָציאַליזם" לאָזט זיך אַריין אין אַ דיסקוסיע מיט ריכטערן און נעמט זיך פאַרענטפערן די קלאָץ-קשיא װעגן דער שיך-פוצעריי אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט!

וואָס בעבעל ענטפערט אויף דער האַרבער קשיא ווענן דער שטיוול־פוצעריי געדענק איך נישט גענוי. דוכט מיר, אַז ער זאָגט, אַז אַרבעטער וועלכע זע-

נען באשעפטיקט ביי א נישט אנגענעמער מלאכה, ווי צ. ב. שיך־פוצעריי אדער קאנאלן־רייניקונג, וועלן אין דער סאציאליסטישער געזעלשאפט באקומען א העכערן לוין און זיי וועלן ארבעטן ווייניקער שעהן ווי די ארבעטער פון די אנדערע פאכן. אבער יעדנפאלס איז, דוכט מיר, אויך בעבעל מסכים, אז שטיוול־פוצעריי איז נישט קיין שיינער פאך. די דאזיקע מיינונג וועגן שטיוול־פוצעריי האט זיך דערהאלטן אין אייראפע ביז נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די שווערע ווינטער־מאנאטן פון 1918-19 האט מען זיך אומעטום ארומדערציילט, און צייטונגען האבן אויך באשריבן די סענסאציע, אז אין בודאפעסט (און דוכט זיך אויך אין ווין) האבן הויכע אפיצירן, וועלכע זענען נאך דער דעמאביליזאציע געבליבן ארבעטסלאז און אן מיטלען צום לעבן, זיך אוועקגעזעצט אין די הויפטגאסן פון שטאט, אנגעטון אין זייערע שענסטע מונדירן מיט אלע מעדאלן, מיט די באקאנטע קעסטעלעך פון די שיך־פוצער און אפגעשטעלט יעדן פארבייגייער, אנבאטנדיק זיך, צו פוצן אים די שיך. די אפיצירן האבן דאס געמאכט אזוי נאבעל, אז זיי האבן זיך אפילו אנגעטון זייערע ווייסע לעדערנע הענטשקעס צו דער דאזיקער ארבעט.

דאס דאזיקע אוועקזעצן זיך אין גאס און דאס נעמען זיך צו שטיוול־פוצעריי איז געווען א רעוואלוציאנערע טאט מצד די דערמאנטע אפיצירן. מיט דער דאזיקער טאט האבן די אפיצירן געוואלט זאגן: איר האט אונדז, וואס מיר זענען ביז נישט לאנג געווען אייער העכסטער שטאנד און אייער גרעסטער כבוד, איבערגעלאזט אן א שום פארזארגונג, טא וועלן מיר דערנידעריקן אייער כבוד דורך שטיוול־פוצעריי. דערביי האבן די היציקע מענטשן נישט א טראכט געטון, אז דער עולם קאן נאך דענקען, אז צו עפעס אנדערש ווי צו שטיוול־פוצעריי זענען זיי נישט פעאיק.

אבער דאס אלץ איז געטראכט לויט אמאליקע אפגעשטאנענע אייראפעאישע באגריפן. דא אין אמעריקע איז שטיוול־פוצעריי א פאך ווי יעדער אנדערער פאך, ווי נייען הויזן, ווי מאכן טישן אדער ווי שרייבן אין צייטונגען. דער שיך־פוצער איז אן ארבעטער ווי יעדער אנדערער ארבעטער און נישט ער און נישט דער קליענט וועמען ער באדינט מיט זיין ארבעט, באטראכטן די דאזיקע ארבעט פאר א דערנידעריקנדע.

# די זוכער פון אמת

איינער פון אונדזערע קולטור־פאראיינען האט געפייערט זיין פינף־און־צוואנציק־יאריקן יובילײ. דאס איז די יידישע ראציאנאליסטישע געזעלשאפט, וועלכע איז געגרינדעט געווארן דעם 13טן סעפטעמבער, 1916. אין איירא פע האט מען דאן געהאלטן אין סאמע ברען פון דער וועלט־מלחמה. אבער דא, אין ארגענטינע, האט מען אפשר אביסל צוגעקרעכצט, צוליב דעם בלוט־פארגיסן און די ליידן פון ערגעץ א ווייטער וועלט. אבער חוץ דעם האט מען זיך געלעבט בנעימותדיק, ווי מען לעבט זיך דא בנעימותדיק אויך היינט, כאטש די היינטיקע מלחמה באריערט שוין א סך טיפער און ערנסטער אונדזער עקזיסטענץ דא און אויף דער גאנצער וועלט.

דעמאלט, אין מיטן ברען פון דער וועלט־מלחמה, האט מען דא געקענט טראכטן וועגן אזעלכע וועלט־פרעמדע זאכן ווי ראציאנאלע דערציאונג. ווארום דאס איז געווען דער צוועק פון דער גרינדונג פון דער יידישער ראציאנאליסטישער געזעלשאפט, וועלכע האט דעמאלסט באקומען דעם נאמען „ליגע פאר ראציאנאלער דערציאונג". קען זיין, אז אין דער גרינדונג פון דער דאזיקער „ליגע" איז געווען א געוויסע אידייען־פארבינדונג מיט דער וועלט־מלחמה. דער ענין פון ראציאנאלער דערציאונג איז ווארשיינלעך געווען א טייל און אפשר דער הויפט פרינציפ פון זייער פילאזאפיע. האבנדיק פאר זיך אינעם געדאנק די מלחמה אין דער ווייטער איירא פע (און אויך אין אזיע און אפריקע), האבן זיי זיך אוודאי פארטראכט: פארוואס פירן די מענטשן מלחמה? פארוואס שלאגן זיך און מארדן זיך די מענטשן? פארוואס פארגיסן מענטשן מענטשן־בלוט? און פארוואס האסן זיך מענטשן פון פארשידענע פעלקער? און דאן זענען זיי ווארשיינלעך געקומען צום אויספיר, אז די מענטשן לאזן זיך פארפירן צו טון שלעכטס נאר מחמת נארישקייט. מחמת נארישקייט לאזן זיך די פעלקער אויפהעצן צו פירן מלחמה איינער קעגן אנדערן — א מלחמה, וועלכע ווערט געפירט נישט פאר זייערע אינטערעסן, נאר פאר די אינטערעסן פון די פירשטן, די מאנארכן, די פריווילעגירטע קלאסן, די אריסטאקראטן און קאפיטאליסטן. און מען קען זיך אויסמאלן, אז די גרינדער פון דער ליגע פאר ראציאנעלער דערציאונג האבן געטראכט און זענען געווען איבערצייגט, אז אלעס שלעכטע אין דער וועלט

קומט דערפון, וואָס די מענטשן, די פעלקער ווערן שלעכט דערצויגן. צוליב דער שלעכטער דערציאונג איז פאַראַן די נאַציאָנאַליסטישע אָנגעבלאָזנקייט ביי אַלע פעלקער. דורך דער שלעכטער דערציאונג ווערט געבוירן און וואַקסט דער שאָ־וויניזם ביי די פעלקער: דורך אַ פאַלשער דערציאונג האַלט זיך יעדער איינער פאַר בעסער פונעם אַנדערן, און דערפון נעמט זיך דער נאַציאָנאַלער און רעלי־גיעזער האַס. און ווו ס'איז פאַראַן האַס, איז שוין נישט שווער אויפצורייצן די מענטשן צו מלחמה.

אַזוי, מער אָדער ווייניקער, האָבן וואַרשיינלעך געטראַכט די גרינדער פון דער ליגע פאַר ראַציאָנאַלער דערציאונג. און דערפאַר טאַקע האָבן זיי געגרינדעט זייער ליגע. אַז מענטשן וועלן באַקומען אַ גוטע, אַ ראַציאָנעלע דערציאונג, האָבן זיי אוודאי געטראַכט, וועלן זיי וויסן, אַז אַלע מענטשן זענען גלייך, מענטשן דאַרפן זיך נישט האַסן איינער דעם אַנדערן צוליב דעם, וואָס איינער געהערט צו אַזאַ פאָלק אָדער רעליגיע, און דער אַנדערער צו אַן אַנדערן. ביי אַ גוטער דער־ציאונג, דאָס הייסט, ווען די שול-דערציאונג זאָל זיך שטיצן אומעטום ביי אַלע פעלקער אויף די זעלבע מאָראַלישע, אַל-מענטשלעכע פּרינציפּן, וואָלטן פאַר־שווונדן נאַציאָנאַלע גאווה און נאַציאָנאַלער האַס צו אַנדערע פעלקער און נאַציאָ־נאַלער עגאָאיזם, און די מענטשן וואָלטן זיך מער נישט געלאָזט פאַרפירן פון די קריגס-העצער און זיי וואָלטן זיך נישט געלאָזט פירן ווי אָקסן צו דער שחיטה און זיי וואָלטן מער נישט געוואָלט פאַרגיסן זייער בלוט פאַר די אינטערעסן פון זייערע פירשטן און קאַפּיטאַליסטן.

דער דאָזיקער געדאַנק וועגן דער מאַכט פון דער דערציאונג איז גאָר נישט אַזאַ פאַלשער, כאָטש די מענטשן, וועלכע האָבן דאָ געגרינדעט די ליגע פאַר ראַ־ציאָנעלער דערציאונג, זענען נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע פילאָזאָפן, נישט קיין ליטעראַטן, נאָר פשוטע אינטעליגענטע מענטשן, מענטשן פון ארבעט, פאַר וועלכע דאָס נאָכטראַכטן וועגן מענטשלעכע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער ענין, נאָר אַ ריין מענטשלעכע זאַך.

צווישן יענע מענטשן, וועלכע האָבן מיט 25 יאָר צוריק געגרינדעט די ליגע פאַר ראַציאָנעלער דערציאונג, איז געווען אַ גרופּע פון צען יונגע מענטשן, וועל־כע האָבן זיך גערופן די זוכער פון אמת. — דריי פון די דאָזיקע זוכער פון אמת — דאָס האָט מיר איבערגעגעבן איינער פון זיי — זענען געווען אַנוועזנד אויף דער פייערונג פונעם 25-יאָריקן יוביליי פון דער ראַציאָנאַליסטי־שער געזעלשאַפט, און היינט, ווי מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, זענען זיי נאָך אַלץ פאַרנומען מיט זוכן דעם אמת.

די דאָזיקע זוכער פון אמת זענען נישט קיין בטלנים — ווי דאָס קען זיך אויסדרוכטן — נישט קיין ליידיקגייער. זיי זענען היינט — ווי מען קען דאָס מאַטעמאַטיש אויסרעכענען — מיט פינף און צוואַנציק יאָר עלטער ווי דאַן, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן דעם אמת. דאָס זוכן דעם אמת איז אגב נישט

זייער פראפעסיע. האט איר שוין געזען אמאל א פראפעסיאנעלן אמת־זוכער? ס'איז נישטא אזא. פאר אזא פראפעסיאנעלן אמת־זוכער וואלט שוין די פראפעסיע געווארן זיין אמת. ער וואלט דאן ממילא אויפגעהערט צו ווערן א זוכער. פארקערט, ער וואלט איינגעלייגט וועלטן צו איבערצייגן אלעמען, אז דעם אמת, וועלכע די אנדערע זוכן, האט ער שוין געפונען. און ער וואלט גענומען פארשפרייטן רכילות און רודפן די אמת־זוכער. ווייל, וואלט ער געטענהט — וואס האבן זיי עפעס צו זוכן דעם אמת, אז דער אמת איז דאך שוין ביי אים?

מענטשן, וועלכע פארנעמען זיך צו זוכן דעם אמת, מוזן זיין שטארק תמימותדיק. געוויינלעך זוכט מען ביי אונדז צו מאכן א לעבן, מען זוכט צו מאכן א פעזע און צו ווערן א לייט. זוכן דעם אמת איז כלל נישט קיין ענין פאר א פראקטישן מענטשן. די וואס זוכן אמתדיק דעם אמת, וועלן אים קיינמאל נישט געפינען. גאלדזוכער, בריליאנטן־זוכער קענען לייכטער געפינען דאס, וואס זיי זוכן, ווי די זוכער פון אמת. קען מען דען כלל געפינען דעם אמת? דער געפונענער אמת איז געוויינלעך גאר קיין אמת נישט. עס איז נאר אן אפנארעריי. און ווייַ איז צו דעם אמת־זוכער, וועלכער זעצט זיך אוועק א צופרידענער, זיך איינרעדנדיק, אז ער האט שוין דעם אמת. ווארום, נאך אמאל: דער געפונענער אמת איז קיין אמת נישט. אבער צי קען זיך דען דער אמתער אמת־זוכער לאזן פארפירן דורך א פאלשן אמת?

דער אמתער זוכער פון אמת בלייבט אייגנטלעך פארן גאנצן לעבן א זוכער. ווארום אזוי ווי דעם אמת קען מען נישט געפינען — ווער ווייסט צי ער איז גאר בנמצא — בלייבט מען א זוכער פארן גאנצן לעבן. די אמת־זוכעריי איז א נשמה־ענין פון א געוויסן טיפ מענטשן. אלע גרויסע מאמינים און אלע גרויסע מקובלים זענען אייגנטלעך, אין די טיפעניש פון זייער נשמה, געווען זוכער פון אמת. טיפע, שטארקע אמונה און קבלה איז אייגנטלעך, אינעם אונטערבאוווסטזיין, א רעאקציע קעגן ספיקות, קעגן דער ניט־זיכערקייט מיט די אנגענומענע אמתן. און דערפאר זענען טאקע די אמתע מאמינים, די אמת־רעליגיעזע מענטשן טאלעראנט צו מענטשן, וועלכע דענקען אנדערש ווי זיי. אזעלכע שטארקע מאמינים ווי ר' לוי יצחק, ווי ר' ישראל פון מעזשיבאזש, זענען געווען עכט טאלעראנטע מענטשן. דאקעגן זענען מיר קליינע מענטשעלעך מיט זייערע גראשנדיקע אמתן, וועלכע זענען גרייט צו פארברענען אויפן שייטערהויפן אדער צו דערטרינקען אין א פאמניעס פון זלזולים יעדן איינעם, וועלכער וואגט זיך אקעגנצושטעלן קעגן זייערע בלומרשטע אמתן.

און אט דאס איז טאקע דער אונטערשייד צווישן די זוכער פון אמת און די וועלכע גלויבן אדער וועלכע זאגן, אז זיי האבן געפונען דעם אמת, אדער אז זיי באזיצן שוין דעם אמת: די טאלעראנץ צום מענטשן מיט אן אנדערער מיינונג. די זוכער פון אמת זענען בטבע טאלעראנט. די טאלעראנץ ליגט אין דער נאטור פון זייער אמת־זוכעריי. זוכנדיק דעם אמת, מוזן זיי זיין גרייט אויסצוהערן

יעדנס מיינונג, יעדן געדאנק. שוין דאָס אויסהערן אַ פרעמדע מיינונג, דאָס אי־בערטראַכטן אַ פרעמדן געדאַנק איז אַ מאָראַלישע און גייסטיקע מדרגה. דער מענטש, וועלכער מיינט, אַז ער באַזיצט דעם אמת, וויל נישט אויסהערן קיין שום מיינונג, וואָס איז קעגן זיין אמת. ער איז אומטאָלעראַנט נישט בלויז צום אַנדערנס מיינונג, נאָר אויך צו די מענטשן, וועמענס מיינונגען קענען זיין גע־פערלעך פאַר זיין אמת.

זוכנדיק דעם אמת, געוווינט מען זיך צו געדולד, צו טאָלערירן די מיינונ־גען, מיט וועלכע מען איז נישט מסכים, און נישט צו ווערן קיין שונא פון די מענטשן, וועלכע דריקן אויס אַזעלכע מיינונגען. אַ זוכער פון אמת מוז האָבן אַ גרויסע ליבע און אַ גרויסן דרך־ארץ פאַרן אמת. נישט קענענדיק געפינען דעם גע־זוכטן אמת, באַציט מען זיך מיט טאָלעראַנץ און מיט אכטונג צום אַנדערנס אמת. און אָט אַזוי דערגרייכט דער זוכער פון אמת אַ לעבן פון אמת, אפילו ווען ער געפינט נישט דעם געזוכטן פילאָזאָפישן אָדער מאָראַלישן אמת.

דורך דאָס זוכן דעם אמת ווערט דאָס לעבן פונעם מענטשן דערהויבן צו אַ העכערער מדרגה. די דאָזיקע עובדה פון זוכן דעם אמת פלעגט אַמאָל אויספילן די שענסטע יאָרן פון דער יוגנט. די היינטיקע יוגנט זוכט נישט קיין שום אמת. ווייל זי לעבט צו אינטענסיוו דאָס רעאַלע לעבן, דאָס לעבן פון ספּאָרט און שפּיל. די היינטיקע יוגנט איז אַזוי ווייט פונעם אינטערעס פאַרן אמת, אַז זי זוכט אים נישט און זי האָט בכלל נישט קיין צוטרוי צו איר אייגענעם אמת. די היינ־טיקע יוגנט וויל זיך אפילו נישט נעמען די מי צו זוכן   ע פּ ע ס   אַן אמת. זי פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויפן אמת פונעם פירער, וועמען זי וויל געהאָרכן, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך בכלל וועגן דער ריכטיקייט אָדער פאַלשקייט פון די באַקומענע באַפעלן.

אָבער נישט בלויז די יוגנט פון היינט, נאָר אויך די דערוואַקסענע, די יוגנט פון אַמאָל — די וואָס האָבן אַמאָל געזוכט דעם אמת, האָבן זיך מיאוש געווען אים צו געפינען. דער דור, וועלכער האָט אין זיינע יונגע יאָרן געזוכט דעם אמת ביי אַלע פילאָזאָפן, אָנגעהויבן פון די אַלטע גריכן, ביז צו קאַנטן און שאָפּענ־הויערן, איז דערגאַנגען דערצו, אַז דעם אמת קען מען נישט געפינען. און דאָס איז אייגנטלעך דער איינציקער אמת צו וועלכן עס מוז קומען יעדער אמת־זוכער. און אַנשטאָט דעם אַבסטראַקטן פילאָזאָפישן אמת האָבן מיר היינט די נויטן און די פליכטן פונעם לעבן. אַנשטאָט צו פרעגן: ווו איז דער אמת, פרעגט דער היינטיקער מאָראַלישער מענטש: וועלכער איז דער וועג, אויף וועלכן איך מוז גיין, כדי צו דערפילן מיינע פליכטן צו מיין פאָלק און צו מיינע מיט־מענטשן? און דאָס איז אפשר דער וויכטיקסטער אמת פון אונדזער צייט.

# שטאָט און דאָרף

די פּראָבלעם פון דער באַציאונג צווישן שטאָט און דאָרף, פון דער קעגנ־זייטיקער איינווירקונג פון דער שטאָט אויפן דאָרף און פון דאָרף אויף דער שטאָט, איז נישט קיין צופעליקע זאַך, וואָס האָט אונדז פּלוצים באַגעגנט אין אַרגענטינע. ווי אַלע פעלקער האָבן מיר יידן געהאַט אונדזער דאָרף, דאָס הייסט אונדזערע דאָרפישע ישובים און אונדזערע דאָרפס־יידן. אמת, ביי אונדז איז דאָס דאָרף נישט געווען אַזאַ כוח, נישט עקאָנאָמיש און נישט לויט דער צאָל, ווי ביי אונדזערע אַרומיקע שכנים. ביי אונדז האָט דאָס דאָרף נישט געקענט האָבן די דאָזיקע,אויב מען קאָן אַזוי זאָגן, ביאָלאָגישע השפעה אויף אונדזער לעבן ווי ביי אַנדערע פעלקער. אונדזער דאָרף, דאָס הייסט אונדזערע דאָרפישע ישובים זענען געווען קליינע. עס זענען געווען שנים בכפר ואחד במשפחה. אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז מיר האָבן אין דער אַלטער פּוילן און אויך אין אונגאַרן געהאַט דאָרפס־יידן. געוווען דערפער ווו עס האָבן געלעבט צו עטלעכע מנינים יידן. אַזעלכע דערפער פלעגן אפילו האָבן אייגענע חדרים פאַר קינדער און אַ געוויסע פאָרם פון קהילות, וועלכע זענען געווען צווייגן פון די קהילות פון די נאָענטסטע שטעט.

עס פלעגן אָבער אויך זיין דערפער מיט ווייניקער ווי אַ מנין יידן — דאָרט פלעגן זיך די יידן פון עטלעכע שכנישע דערפער צונויפקומען שבת און יום־טוב צו אַ מנין אין איינעם פון די דערפער און אויך דער חדר איז געווען אַ שותפותער פאַר די עטלעכע דערפער צוזאַמען.

די ווירקונג צווישן שטאָט און דאָרף איז דאַן געווען, אַז די שטאָט פלעגט באַזאָרגן דאָס דאָרף מיט אַ מלמד, מיט אַ שוחט און צומאָל אויך מיט אַ בעל־תפילה. און אַפילו אין די מאָדערנע „אויפגעקלערטע” צייטן פלעגט שטאָט באַ־זאָרגן דאָס דאָרף מיט לערערס, מיט יונגעלייט וועלכע פלעגן לערנען דער דאָר־פישער יידישער יוגנט אַביסל יידישקייט און אויך אַלגעמיינע בילדונג.

אָט אַזוי איז פאָרגעקומען אַן אויסטויש צווישן דאָרף און שטאָט: די שטאָט האָט געשיקט אין דאָרף לערער, קולטור־פאַרשפּרייטער, און דאָס דאָרף האָט געגעבן אַ פּלאַץ פאַר אַרבעטסלאָזע יידישע יונגעלייט געבנדיק זיי אַ מעגלעכ־קייט צו פאַרדינען, זיך פיזיש צו שטאַרקן און צו קענען שפּעטער אָנגיין מיט זייער שטודיום.

אין יענע צייטן, ווען יידישע שטעטלעך האָבן נאָך געהאַט זייערע אָרומי־קע דערפער, ד. ה. ווען יידן האָבן נאָך געלעבט און געהאַט פּרנסה אין די דער־פער, איז דער דאָרפס־ייד געווען אַ זייער אָנגעלעגטער גאַסט אין שטאָט. דער דאָרפס־ייד פלעגט אַריינקומען אין שטאָט אַריין צוליב וואָכעדיקע, מאַטעריעלע אינטערעסן, אָבער אויך צוליב יידישקייט־אינטערעסן. די מאַטעריעלע געשעפט־לעכע אינטערעסן זענען געווען מקח וממכר; עס זענען געווען קליינע אָדער גרע־סערע אָדער גאַנץ גרויסע אינטערעסן. דער דאָרפס־ייד פלעגט לויט זיין סאָציאַ־לע פּאָזיציע אין דאָרף, ברענגען אין שטאָט אַריין אַביסל שפּייז, אַ פּאָר עופות, אייער, פיש, גרינוואַרג וכדומה, און לויט די סחורה וואָס ער האָט געבראַכט צו פאַרקויפן, פלעגט אויך זיין איינקויף אין שטאָט: אַביסל זאַלץ, נאַפט, טאַ־באַק און אַנדערע קלייניקייטן, וועלכע ער פלעגט בייטן פאַר אַנדערע סחורות ביי די פויערים פון דאָרף. גרויסע אָרענדאַרן, יידן פּאָסעסאָרס, פלעגן שוין קומען אין שטאָט אַריין מיט גרעסערע עסקים. זיי פלעגן נישט מיטברענגען מיט זיך זייער סחורה. דאָס זענען געווען גרויסע וואַלד־געשעפטן, בראַנפן־ברענערייען וכדומה געשעפטן פון אַ קאָמערציעלן פאַרנעם.

אָבער אויך דער דאָזיקער רייכערער דאָרפס־ייד איז דאָך געווען אין עצם אַ דאָרפס־ייד. אים האָט כאַראַקטעריזירט די פערזענלעכע זיכערקייט, די זעלישע אויסגעגליכטקייט, די פעסטקייט פונעם אויפטרעטן פונעם מענטשן וועלכער לעבט אין שכנות מיט דער נאַטור. דאָס זענען געווען יידישע פּאָמעשטשיקעס, מיט וועלכע די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט האָבן געזוכט זיך משדך צו זיין.

ווי געזאָגט, פלעגט דער דאָרפס־ייד קומען אין שטאָט אַריין נישט בלויז צוליב קליינע אָדער גרעסערע מאַטעריעלע געשעפטן, נאָר אויך צוליב יידיש־קייט־אינטערעסן. אַמאָל פלעגט ער קומען זוכן אַ יידישן לערער פאַר זיינע קינ־דער אָדער אַ לערער, וועלכער זאָל אונטעררוכטן די קינדער פון עטלעכע דאָרפס־יידן. אַמאָל פלעגט ער קומען ווענן אַ בעל־תפילה, אַ מלמד פאַר אַ חדר, אַ שוחט — דאָרט ווו ס'איז געווען אַ גרעסערער ישוב — אָדער ער פלעגט קומען אויף ימים־נוראים אין שטאָט אַריין צו זיין צוזאַמען מיט אַן עולם יידן. בלייבן ימים־נוראים אין דאָרף, אַפילו ווען ס'איז געווען אין דאָרף אַ מנין יידן, איז עפּעס געווען נישט באַטעמט, עפּעס איז דאָס געווען נישט אינגאַנצן יידישלעך. פלעגט מען זיך אויפהייבן ערב ראש השנה און ערב יום כיפור און אַריינקומען אין שטאָט אַריין, ווו מען פלעגט איינשטיין ביי קרובים אָדער ביי גוטע פריינט. און ווו ער זאָל נישט געווען קומען איז דער דאָרפס־ייד שטענדיק געווען אַן אָנגעלעג־טער גאַסט אין שטאָט. עפּעס האָט מען זיך דורך אים געפילט פאַרבונדן מיט דער נאַטור, מיט פעלד און וואַלד.

אמת, דער דאָרפס־ייד איז מערסטנטיילס געווען אַן עם־הארץ. אָבער ער איז געווען אַ תמימותדיקער, אַ פרומער און ערלעכער עם־הארץ. אים האָט לחלוטין געפעלט די חוצפה און די אויפגעריסנקייט פון דעם שטאָטישן עם־

הארץ. ער איז בטבע געווען אַ מענטש פון גוטע מידות, און ער האָט דעריבער זיך געפילט ווי אַ נכבדע לגבי אַ ייד אַ תלמיד חכם. ער האָט זיך באַצויגן מיט דעם גאַנצן דרך־ארץ צו אַ ייד אַ בן־תורה. אויב ער האָט נישט געהאַט די מעג־לעכקייט צו דערציען אַ זון אַ בן־תורה, האָט ער נישט געשפּאָרט קיין מי און ער איז געווען גרייט אוועקצוגעבן זיין גאַנץ פאַרמעגן צו באַקומען אַן איידעם אַ בן־תורה.

בכלל האָט דער איד אין דאָרף געבילדעט אַ סטאַציע פון יידישקייט. אַ יידי־שער אינדזל אין דער אַרומיקער גויאישקייט. דער שטאָטישער ייד, וועלכער איז געפאָרן פון איין שטאָט אין אַן אַנדערער און פלעגט זיך אין מיטן וועג מוזן אָפּשטעלן אין אַ דאָרף, האָט געהאַט אַ יידישע שטוב ווו אַריינצוקומען, ווו עפּעס טועם צו זיין און איבערצורוען זיך. און אויב ס'איז אַמאָל נייטיק געווען צו בלייבן איבער שבת אין דאָרף, איז מען אויך נישט פאַרפרעמדט געוואָרן.

פאַרוואָס איך דערמאָן דאָ פּלוצים אין אונדזערע אַמאָליקע דאָרפס־יידן? איך ווייס, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף האָט אַרויסגעשטופּט די יידן פון דאָרף שוין לאַנג פאַרן חורבן פון דער איצטיקער מלחמה. באַזונדערס אין די פּוילישע דערפער איז וואָס אַמאָל געוואָרן זעלטענער דער ייד. איצט אָבער, ווען עס בענקט זיך אַזוי נאָך אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט דער אַלטער היים, בענקט זיך באַזונדערס נאָך דער ציכטיקער יידישער דאָרפס־שטוב, דער דאָזיקער אינדזל פון יידישקייט און פון יידישן מענטשטום אין דער פרעמדער סביבה. און יע־דעס מאָל ווען מיר קומט אויס צו באַזוכן די קאָלאָניסטן פון דער קאָלאָניע כו־ליאַ לעווין, טראַכט איך, צי וועט אפשר מעגלעך זיין דאָ אויפצולעבן די טראַ־דיציע פון אונדזער אַמאָליקער יידישער דאָרפישקייט?

איך דענק דאָ, פאַרשטייט זיך, אינעם אַמאָליקן גאַליציאישן דאָרף און אין די גאַליציאַנישע דאָרפס־יידן. יעדער פון אונדז האָט אין זיך ערגעץ אַ טראָפּן „דאָר־פיש בלוט". ערגעץ האָט מען געהאַט אַ פעטער, אַן עלטער־פעטער אָדער אַן אַנ־דערן קרוב אַ דאָרפס־ייד. איך דערמאָן זיך דאָ באַזונדערס אין מיינעם אַ קרוב, ר' שמערל ראָזנבלאַט, אַ ייד אַ הדרת־פּנים, אַ שיינער הויכער, ברייט־פּלייציקער ייד, וועלכער האָט ביי זיינע 86 יאָר ניט אפילו אביסל איינגעבויגן די פּלייצע, גע־קוקט דורך זיינע אייגענע אויגן, געגעסן מיט זיינע אייגענע ציין, גוט געהערט און נישט געליטן פון קיין איינער פון די קרענק, וואָס מיר שטאָטישע יידן ליידן. ער איז געווען אַ דאָרפס־ייד מבטנו ומלידו און יעדעס מאָל ווען ער פלעגט אַריינקומען אין שטאָט אַריין איז ביי אונדז געווען אַ שטיק יום־טוב. אמת, איבער קיין מהרש"ם קשיא האָט ער זיך קיינמאָל נישט געמאַטערט. אָבער ער איז געווען אַ געזונטער, אַ גייסטיק אויסגעגליכטער קלוגער ייד, וואָס טאַקע נאָר דאָס דאָרף קאָן אַרויסגעבן אַזעלכע יידן.

דאָ אין בוענאָס־איירעס זענען מיר אייגנטלעך נישט זשעדנע קיין דאָרפס־יידן. אונדזער קהילה איז געבויט געוואָרן און אויסגעבויט געוואָרן דורך יידן

וועלכע זענען אהער געקומען פון דאָרף — פון די קאָלאָניעס. אונדזערע אינס־טיטוציעס זענען געשאַפן געוואָרן דורך יידן פון דאָרף — פון די קאָלאָניעס הייסט עס, זענען נאָך היינט אונדזערע וויכטיקסטע עסקנים. אָבער — דאָס זענען יידן וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס דאָרף, זיך אומגעקערט מיט דער פּלייצע צו דער קאָלאָניע. מיר אָבער בענקט זיך נאָך דעם דאָרפס־יידן, וועלכער לעבט אין דאָרף, וועלכער פילט זיך גוט אין דאָרף און בלייבט אין דאָרף — נישט טראַכטנדיק, אַז דערמיט טוט ער אַ טובה דעם כלל ישראל און אַז כלל ישראל איז אים דערפאַר שולדיק אייביקער דאַנקבאַרקייט.

מיר נייטיקן זיך אין אַ נאַטירלעכן געזונטן יידישן דאָרפס־מענטשן, וועל־כער זאָל זיין אַ דאָרפס־מענטש, איבערגעגעבן מיט דער גאַנצער ליבע צום דאָרף און אויך אַ יידישער מענטש, אַ געזונטער גאַנצער יידישער מענטש, אָן קונצן און אָן דריידלעך. מיר נייטיקן זיך אין אַזאַ יידן, וועלכער, זייענדיק אַליין פי־זיש און גייסטיק געזונט, זאָל אויף אונדז שטאָטישע יידן משפיע זיין דורך זיין געזונטקייט. מיר נייטיקן זיך אין אַ געזונטער יידישער דאָרפס־שטוב ווו עס זאָלן זיך אַרומדרייען יידישע קינדערלעך — נישט געקאַרגט, ווי ביי די שטאָ־טישע יידן, ווו מען האַלט פון צוויי־קינדער סיסטעם, אָדער נאָך מער פון איין־קינד סיסטעם אָדער פון גאָר קיין קינדער סיסטעם. די דאָזיקע מאָדע איז דאָך אַ נאַציאָנאַלע קרענק, וועלכע ענדיקט זיך מיט נאַציאָנאַלן אומקום. ס'איז דאָך אַ פּשוטע רעכענונג: ביים איין־קינד סיסטעם איז מען גורם דעם אומקום פון אַ העלפט יידן. אין די שטעט שפּרייט זיך אויס וואָס אַמאָל מער די דאָזיקע מאָדע פון איין קינד. און ווען אפילו אין אַ טייל פאַמיליעס ווערן געבוירן צוויי קינ־דער, איז אָבער דאָ אַ גרויסע צאָל פּאָרלעך וואָס האָבן נישט און ווילן נישט האָבן גאָרנישט קיין קינדער. דאָס איז די שטאָט מיט אירע נויטן. און טאַקע נאָר אין דאָרף קאָן זיין אַ יידישע שטוב מיט מזל־ברכה און מיט אַ פולער שטוב קינדערלעך דערצו.

און אָט שוין צוליב דעם אַליין דאַרפן מיר זיך אָנשטרענגען און שטיצן דאָס יידישע דאָרף. מיר דאַרפן אים העלפן איבערקומען די ערשטע קינדער־קראַנקייטן. ווי שיין וואָלט דאָס זיין, ווען פון דעם ערשטן יידישן דאָרף אויפן נאָמען פון כוליאַ לעווין, זאָלן אַרויסוואַקסן נייע דערפער, ווען מיר זאָלן אַרום בוענאָס־איירעס האָבן עטלעכע יידישע דערפער, און ווו אויך אונדזער יוגנט, וועלכע שטרעבט זיך צוצוגרייטן פאַר אַ פּראָדוקטיוו לעבן אין ארץ ישראל זאָל דאָ אין אַ יידיש דאָרף קענען דורכמאַכן איר הכשרה.

**
*

לײדער האָט די דאָזיקע האָפענונג זיך אויסגעלאָזט אַ סך גיכער ווי עס האָבן דערוואַרט די סאַמע עקסטרעמסטע פּעסימיסטן.

# אויף צו מאָרגנס נאָכן זיג

„אויף צו מאָרגנס נאָכן זיג" — האָט מיט אַ צייט צוריק געשריבן כוליאַ אַלוואַרעס דעל וואַזשאָ — „וועל איך מיך אינדערפרי אָנשיכורן, כדי אַזוי צו פּייערן היטלערס מפּלה, און פאַרנאַכט וועל איך מיך אויפהענגען, כדי נישט צו דערלעבן דעם טריאומף פון דער רעאַקציע". ווען דער ציטירטער שפּאַנישער פּובליציסט און פּאָליטיקער האָט געשריבן די דאָזיקע ווערטער איז שוין דער נצחון איבער דער נאַצישער דייטשלאַנד געווען צו זען פונדערווייטנס, כאָטש ער האָט נישט אויסגעזען צו זיין אַזוי נאָענט, ווי עס האָט זיך איצט אַרויסגעוויזן. און איצט, ווען מיר האַלטן שוין אַ וואָך נאָך היטלערס כלומרשטן אָדערווירקלעכן טויט, יעדנפאַלס שוין נאָך היטלערס מפּלה, איז עפּעס אויפן האַרצן נישט אַזוי אַז עס זאָל זיך גלוסטן, אָנצושיכורן. אָבער דאָס געשפּענסט פון דער רעאַקציע גלאָצט אונדז אַנטקעגן פון אַלע זייטן, כאָטש נישט אויף זיך אויפצוהענגען, איז יעדנפאַלס אויף צו פאַרדאַרבן די שטימונג און די פולע פרייד איבער דעם דערגרייכטן זיג. עפּעס פילן מיר אַלע אין דעם דאָזיקן טאָג נאָכן זיג, אַז ס'איז נישט דאָס, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעמאָלן און אויף וואָס מיר האָבן געהאָפט אין די לאַנגע יאָרן פון ביטערקייט און לייד, אין די יאָרן פון „בלוט, שווייס און טרערן". עפּעס איז די פרייד נישט דאָס, נאָך וואָס מיר האָבן געבענקט, וואָס מיר האָבן געהאָפט און דערוואַרט. עפּעס הערשט אין אונדז אַ פּוסטקייט, אַ זעלישע ליידיקייט, וואָס איז דער אויסדרוק פון אַ נישט באַפרידיקטער דערוואַרטונג.

וואָס איז דאָס, וואָס דער זיג איבערן שונא, וואָס די מפּלה פון דעם שונא האָט אונדז געלאָזט אַזוי ניכטערן, אַזוי גאָרנישט אָנגעשיכורט? איז אפשר דער זיג נישט קיין פולער? ליגט נישט דער שונא אַ פולשטענדיק געשלאָגענער און דערשלאָגענער צו די פיס פון די זיגער? האָט אפשר געקענט זיין נאָך גרעסער דער נצחון?

נו, יאָ: מיליטעריש האָט דער זיג נישט געקענט זיין גרעסער, נישט פולשטענדיקער ווי ער איז פאַקטיש; די שפּעקולאַציעס פונעם שונא אויף אַ שפּאַלטונג צווישן רוסלאַנד און די מערב־אַליאירטע זענען נישט באַפרידיקט געוואָרן. אַזוי פיל איז דער זיג אויך אַ פּאָליטישער. אָבער די איינהייט צווישן די אַליאירטע און רוסלאַנד איז, ווייזט אויס מער אַ מיליטערישע ווי אַ פּאָליטישע; די

איינהייט, וועלכע איז נויטיק געוועזן אויף אַנידערצוּוּוּליייגן דעם דייטשן שונא, האָט אויסגעהאַלטן ביז צו דער דערגרייכונג פון דעם מיליטערישן זיג. איצט אָבער, נאָכן דערגרייכטן זיג, ווייזן זיך ברייטע שפּאַלטן אין דער איינהייטלע־כער אייזערנער וואַנט פון די אַליאירטע און מען רעדט שוין וועגן דעם קומענ־דיקן קריג און מען ציטערט שוין פאַר דער קומענדיקער מלחמה.

און אָט דאָס איז עס וואָס ברענגט אריין אַ ביטערן טראָפּן אין דער נצחון־פרייד. עפּעס פילט זיך, אַז מאָראַליש, און אויך פּאָליטיש איז דער נאַציזם נישט באַזיגט. מיר יידן פילן דאָס צום שטאַרקסטן און אונדזער חוש קאָן אין דער דאָזיקער באַציאונג זיין מאָסגעבנד.

ניין, מאָראַליש איז דער נאַציזם נישט אינגאַנצן באַזיגט. נישט בלויז אין דער ראַסן־פראַגע. נישט בלויז אינעם יידן־האַס, אין דער טעאָריע און דער פּראַקטיק, נישט צו רעספּעקטירן די בירגערלעכע און מענטשן־רעכט פון די יידן. דער נאַציזם איז נישט באַזיגט געוואָרן אין דער אידעאָלאָגיע און אין דער פּראַק־טיק פון די שטאַרקע, צו באַהערשן און צו אונטערדריקן די שוואַכע און נישט צו רעספּעקטירן קיין שום רעכט אויב עס ווייזט זיך זיי אויס, אַז דאָס רעכט פונעם שוואַכן איז קעגן זייערע מאַכט־אינטערעסן, און אפילו די גרויסע קרבנות פון די שוואַכע, די פּאַסיווע און אַקטיווע קרבנות, ווערן נישט גענומען אין אַכט פון די גרויסע און מעכטיקע.

מיר יידן גייען אַרויס פון דער דאָזיקער מלחמה אַלס די צום מערסטן באַ־עוולהטע. קיינעם פאַלט נישט איין צו נעמען אין באַטראַכט די שווידערלעכע קרבנות וואָס מיר האָבן געבראַכט. דער בלוט־פּרייז וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט באַצאָלט אין דער דאָזיקער מלחמה איז גרעסער ווי דער פון דער בריטי־שער אימפּעריע, די פאַראייניקטע שטאַטן און פון נאָך עטלעכע לענדער צוזאַ־מען. און חוץ די קרבנות פון די שחיטות און פּאָגראָמען און גאַז־קאַמערן און אַנדערע מאָרד־פאַבריקן האָבן יידן געקעמפט אויף אַלע פראָנטן אין אַלע אַלי־אירטע אַרמייען, באַזונדערס די פרייוויליקע יידישע סאָלדאַטן אין ארץ ישראל און פון דער יידישער בריגאַדע. און איצט, ווען די פעלקער פון נצחון צייכענען אָן דעם פּלאַן פון דער קומענדיקער וועלט־אָרדענונג, איז דאָס יידישע פאָלק נישט פאַרטראָטן און וועגן ארץ ישראל, זאָגט מען אונדז, וועט מען אין סאַן פראַנציסקאָ נישט רעדן. אין ארץ ישראל בלייבט אַלזאָ אַלץ ביים אַלטן. עס בלייבט דער שענדלעכער ווייסער בוך, דער דאָזיקער דאָקומענט פון בייגן זיך פאַר דער מאַכט פונעם פּאַשיזם. און אויב מען וועט אין סאַן פראַנציסקאָ נישט דערליידיקן די ארץ ישראל־פראַגע און נישט אָפּשאַפן דעם ווייסן בוך, טאָ ווו און ווען וועט מען דאָס טון?

און לאָמיר דאָס אָפן אַרויסזאָגן: אויב דאָס יידישע פאָלק וועט נישט באַ־קומען נאַציאָנאַלע רעכט אין ארץ ישראל, רעכט פון אומבאַשרענקטער איינ־

וואַנדערונג און דעם אומגעשטערטן עקאָנאָמישן אויפבוי פונעם לאַנד, וועלן מיר האָבן פולשטענדיק פאַרלאָרן די דאָזיקע מלחמה.

אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם זענען מיר נישט פאַרצווייפלט און מיר ווילן נישט פאַרצווייפלען. ארץ־ישראל וועט זיין פאַקטיש — ארץ ישראל, נישט קוקנדיק אויף אַלע בייזוויליקע שטערונגען מצד ענגלאַנד. אויב מיר וועלן ניט דערגרייכן אונדזער נאַציאָנאַלן אידעאַל מיט דער הילף און מיט דער פריינט־שאַפט פון ענגלאַנד וועלן מיר דערגיין צו אונדזער ציל אָן ענגלאַנד.

אַלע וועגן, זאָגט מען, פירן קיין רוים. אונדז פירן אַלע געדאַנקען צו אונ־דזער צענטראַלן געדאַנק, צו ארץ ישראל. און אַזוי טראַכטן מיר וועגן ארץ ישראל אויך אין דעם דאָזיקן מאָמענט פון הרת עולם, אינעם טאָג נאָך דעם גרויסן נצחון איבער דעם ברוטאַלסטן און בעסטיאַלישסטן פון אונדזערע שונאים.

(1945)

# ווי מען קוקט אויף אונדז פון דרויסן

ס'איז די אַלטע מעשה, ווי מען קוקט אויף אונדז פון דרויסן. דאָס הייסט, ווי פעלקער קוקן אויף אונדז יידן. זיי זעען אונדז זעלטן אַזוי ווי מיר זענען אין דערווירקלעכקייט. מערסטנס זעען זיי אין אונדז אַלץ וואָס ווייזט זיי אויס מיאוס און שלעכט. אָדער לפּחות קומט דאָס זיי אויס קאָמיש, אויף חוזק. טרעפט זיך אַמאָל איינער וואָס זעט אין אונדז לויטער צדיקים, ממש מלאכים. אַזאַ איינער ווען ער דערזעט שפּעטער זיין טעות, ווען ער דערזעט, אַז מיר זענען נישט לויטער צדיקים, נישט קיין מלאכים, פאַרבייט זיך זיין ענטוזיאַסטישע פריינטשאַפט צו אונדז אין אַ פיינטשאַפט, אָדער, אין בעסטן פאַל, אין אַ קאַל־טער גלייכגילטיקייט. די צרה באַשטייט אין דעם, וואָס די פעלקער, צווישן וועל־כע מיר לעבן, ווילן נישט זען אין אונדז סתם מענטשן, מענטשן אַזוי ווי זיי אַליין זענען, מענטשן מיט מעלות און חסרונות, מיט גוטע מידות אָדער מיט שלעכטע, מענטשן שיינע און מיאוסע, מענטשן מיט טאַקט, גוט דערצויגענע, אנגענעמע, און מענטשן אָן טאַקט, אומדערצויגענע און אומאַנגענעמע. אויף אָט דער צרה פון דעם פאַלשן קוקן אויף אונדז, ווייזן אָן די יידישע פּובליציסטן שוין זייט לאַנגע יאָרן — אָן דערפאָלג. שוין באַלד אַ יאָרהונדערט פירט אונ־דזער פּובליציסטיק אַ קאַמף פאַרן רעכט, אַז יידן זאָלן אויך מעגן האָבן צווישן זיך פאַרברעכער. דאָס מיינט נישט, אַז מיר יאָגן זיך נאָך אַזאַ אויסטערלישן כבוד. אין אמתן איז די שטרעבונג פון אַלע אונדזערע מאָראַליסטן, אַז יידן זאָלן זיין אַ הייליק פאָלק, אַ גוי קדוש, ווי ס'איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן פון אונדזערע לערער און געזעץ־געבער. אָבער ווען עס מאַכט זיך אַז אַ ייד איז נישט קיין הייליקער, פאַרלאַנגען מיר פון די פעלקער, זיי זאָלן אונדז אַנערקענען דאָס „רעכט", אַז צווישן אונדז זאָלן זיך אויך מעגן געפינען מענטשן נישט קיין הייליקע, נישט קיין צדיקים, און אַפילו טיילמאָל אַ פאַרברעכער. דעם יידישן פאַרברעכער — טענהן מיר צו די פעלקער — באַשטראָפט לויט אייערע געזעצן. אָבער צוליב דעם איינעם זינדיקן, באַשמוצט נישט דעם נאָמען פון אַלע יידן. גיט אונדז דאָס רעכט צו האָבן — ביי די זעלבע אומשטענדן און אין די זעלבע קאַטעגאָריעס פון סאָציאַלן לעבן די זעלבע פּראָפּאָרץ פאַרברעכער, די זעלבע פּראָפּאָרץ שעדלעכע מענטשן ווי אין אייער געזעלשאַפט. מיר ווען זיך

סטארען, אז די פראפארץ זאל ביי אונדז זיין קלענער ווי ביי אייך. איר אבער זייט אזוי גוט און איבערטרייבט נישט אונדזערע חסרונות, און דאס וואס ווייזט אייך אויס אלס שלעכט ביי אונדז.

עס מוזן נישט דווקא זיין פארברעכנס. עס קענען זיין געוויסע סאָציאלע, קולטורעלע אָדער פּאָליטישע שטרעבונגען, פאר וועלכע געוויסע געזעלשאפט־לעכע גרופּעס זענען גרייט אוועקצוגעבן זייער לעבן, אנדערע ווידער זעען אין דעם א געפאר פאר דער ציוויליזאציע, א געפאר פאר דער קריסטלעכער וועלט, א געפאר פאר גאט וויים וואס. די אביעקטן פון די דאזיקע געפארן בייטן זיך מיט דער צייט. אמאל איז דאס געווען דער ליבעראליזם. אן אנדער מאל איז דאס א געוויסע ריכטונג אין דער ליטעראטור, אין דער קונסט. ווען דער סאָציא-ליזם האט אנגענומען פארמען פון א שטארקער ארגאניזאציע פונעם אייראפּע־אישן פּראָלעטאריאט, איז דער סאָציאליזם, אָדער די סאָציאל-דעמאָקראטיע געווען די דאזיקע געפאר. און ווען עס האבן זיך געפונען אויך יידן צווישן די פארשפרייטער פון די דאזיקע „געפארן", האט מען אלע יידן פארשריען אלס די שולדיקע אין די דאזיקע כלומרשטע געפארן.

אט, למשל, ליבעראליזם. היינט איז ליבעראליזם אן ענין פון אלטע קאָנ־סערוואטיווע מענטשן, וועלכע עס פארבענקט זיך טיילמאל נאך דער „גוטער אלטער צייט". אבער איך געדענק נאך, ווען פאר געוויסע קריסטלעכע פאר־טייען איז א „ליבעראל" געווען א זידל-וואָרט. און אינעם עסטרייכישן פּאַרלאַ־מענט פון דער קייזער־צייט, פלעגן די אנטיסעמיטן באצייכענען א ליבעראל נישט אנדערש ווי „יודען-ליבעראל". און דאס איז געווען דערפאר, ווייל יידן האבן געשטיצט די ליבעראלן, מיינענדיק, אז זיי וועלן ברענגען ישועות אויף יידן. די ליבעראלן אבער, כדי אפּצוּווישן פון זיך דעם פלעק פון „יידישקייט", האבן געגעבן זייער נאמען אויף „דייטש־פּאָרשריטלעך", אונטער וועלכן נאָמען זיי האבן א געוויסע צייט געפירט א שאַטן-עקזיסטענץ.

דאס וואס ס'איז אמאל געווען דער ליבעראליזם און שפּעטער דער סאָ־ציאליזם פון דער סאָציאל-דעמאָקראטיע, דאס איז היינט דער קאָמוניזם אָ־ער באָלשעוויזם. נו, ס'איז קלאָר: עס זענען פאראן יידן־קאָמוניסטן פונקט, ווי עס זענען דאָ קאָמוניסטן ביי אנדערע פעלקער. איז אפשר ביי אונדז דער פּראָצענט פון קאָמוניסטן גרעסער ווי ביי אנדערע פעלקער? דאס איז שווער צו זאָגן. די גרוי-סע יידישע ארבעטער־ארגאניזאציעס אין די פאראייניקטע שטאטן זענען סאָ־ציאליסטיש און אפילו אנטי־קאָמוניסטיש אָריענטירט. די יידישע ארבעטער־שאפט אין פוילן פאר דער מלחמה האט געהערט צו פארשידענע פּארטייען —די קאָמוניסטן האבן געבילדעט איינע פון די דאזיקע פּארטייען און נישט די שטארקסטע. כאָטש לויט דער אנטי־יידישער פּאָליטיק פון די פּוילישע רעגי-רונגען פון די לעצטע יאָרן פאר דער מלחמה וואלט געווען א נאטירלעכע דער־שיינונג ווען די יידישע יוגנט און די ארבעטער וואלטן אין קאמף קעגן די דאזיקע

רעגירונגען געזוכט הילף אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָבער די פּראָפּאָרץ פון קאָמוניסטן אין פּוילן פאַר דער מלחמה איז ביי יידן נישט געווען גרעסער ווי ביי דער פּוילישער קריסטלעכער באַפעלקערונג. און אפילו אין רוסלאַנד, אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז די פּראָפּאָרץ פון יידן נישט גרעסער ווי די פּראָפּאָרץ פון דער יידישער באַפעלקערונג לגבי אַנדערע פעלקער.

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע באַקאַנטע טאַטזאַכן, ווערן די יידן אין אייראָפּע ווי אין אַמעריקע פאַרגעשטעלט ווי די געבוירענע קאָמוניסטן. דאָס ווערט געטון בכיוון אין אינטערעס פון רעאַקציאָנערע פּאָליטישע שטרעבונגען. בעווינס פאַרביטערטער קאַמף קעגן ישראל באַנוצט זיך מיט דעם דאָזיקן „קאָמוניסטישן" אַרגומענט. מיט דעם דאָזיקן אַרגומענט פון כלומרשטן יידישן קאָמוניזם האָט בעווין אַריינגעיאָגט אַ שרעק אין געוויסע קרייזן פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער הויך־פינאַנץ און פון מיליטאַריזם. „ישראל איז אַ קאָמוניסטישע מאַכט" — מיט דעם וויל דער סאָציאַליסט בעווין איבערשרעקן די נאָרד־אַמעריקאַנער מאַג־נאַטן פון די אויל־טרוסטן און די פּראָפעסיאָנעלע „פּאַטריאָטן". פאַרשרייענדיק די יידישע מדינה אַלס אַ פּאָטענציעל קאָמוניסטישע און אַלס אַ דורכאויס פּראָ־רוסישע, מיינט בעווין אַז מיט דעם האָט ער שוין געווונען די שפּיל. און ליידער געפינען זיך געוויסע פּאַרטייען אין ישראל, — פּאַרטייען אָן אַ פּאָליטישער דער־פאַרונג און אָן אחריות, וועלכע העלפן־צו בעווינען מיט זייער אומבאַרעכנטער פּאָליטישער פּראָזעלאָגיע, מיט זייער אומפאַראַנטוואָרטלעכער פּאַרטיי־פּאָלי־טיק, וועלכע האָט נישט קיין אַנדערע זאָרגן ווי דעם קליינעם פּאַרטיי־פּאָליטישן דערפאָלג.

איז פאַראַן אין ישראל אַ „קאָמוניסטישע" געפאַר פאַרן פרידן? די קאָ־מוניסטן און פּראָ־קאָמוניסטן אין ישראל זענען פּראָפּאָרציאָנעל נישט אַזוי צאָל־רייך ווי די זעלבע פּאַרטייען אין פראַנקרייך אָדער איטאַליע. די קאָמוניסטן אַליין זענען אַ קליינע גרופּע. מער זענען די פּראָ־קאָמוניסטן — דאָס זענען די מענטשן, וועלכע די פיינטלעכע פּאָליטיק פון ענגלאַנד, וועלכע שטרעבט נאָך אַלץ צו דערשטיקן די יידישע מדינה און די וואַקלענדיקע פּאָליטיק פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן, וועלכע גייט איצט אָפּן אויף דער ליניע פון בעווינען, טרייבט צו פאַרצווייפלען אין דעם גוטן ווילן פון די דעמאָקראַטישע מלוכות. זיי זעען דעריבער די איינציקע רעטונג נאָר אין רוסלאַנד און אין די אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע מלוכות.

פון די פאַראַנטוואָרטלעכע און פּאָליטיש דערפאַרענע יידישע קרייזן איז שוין אָפּט מאָל געוואָרן אונטערגעשטראָכן, אַז די פּאָליטיק פון ישראל קאָן זיך נישט אָריענטירן אויף איין צד — אויף מזרח אָדער מערב. שטאַרקערע און מער קאָנסאָלידירטערע מלוכות קאָנען זיך נישט דערלויבן, זיך אוועקצושטעלן אויף איין צד, און דורכדעם זיך מאַכן די אַנדערע צדדים פאַר שונאים. ישראל קאָן און וויל לעבן אין שלום און פריינטשאַפט מיט דער גאַנצער וועלט. ישראל וויל נישט און טאָר נישט און קאָן נישט זיין קיין אינסטרומענט אין דער האַנט פון

איין צד קעגן אַן אַנדערן צד. די וואָס ווילן פון ישראל מאַכן אַזאַ אינסטרומענט זענען נישט ישראלס פריינט.

ס'איז נישט אין אינטערעס פון ישראל, נישט אין אינטערעס פון יידישן פאָלק, אַז די וועלט זאָל אין אונדז אַלע זען די פּאַרטיי־קעמפּפער פאַר אַ געוויסער פּאַרטיי אָדער פאַר אַ געוויסער מלוכה. די דאָזיקע מלוכה — רוסלאַנד — נייטיקט זיך נישט אין אונדזער פּאָליטישער הילף אַזוי שטאַרק, ווי שטאַרק עס שאַדט אונדז די פאַרשפּרייטע מיינונג אַז „אַלע יידן זענען קאָמוניסטן", אָדער אַז „אַלע יידן שטייען אין דינסט פון רוסלאַנד". אַזאַ מיינונג ווערט, למשל, אַרויסגעזאָגט אין אַן אַרטיקל פון אַ געוויסענעם איטאַליענישן קאָנסול אין דאַנציג, אַמאָליקן פאַנצאַנע, אין דער זונטיק־ביילאַגע פון „לאַ פּרעגסאַ". פאַנצאַנע שרייבט וועגן דעם געוויסענעם נאַצישן „גאַו־לייטער" פון דאַנציג אַלבערט פאָרסטער, וועלכער איז נישט לאַנג פאַרמשפּט געוואָרן אין וואַרשע צום טויט און דאָרט אויפגעהאַנגען געוואָרן. אין שייכות מיט פאָרסטערן דערמאָנט דער איטאַליענישער פּובליציסט דעם נאַצישן רעזשים אין דאַנציג ווו די קאָנסולאַרע פאַרשטייער פון די פאַרשידענע לענדער האָבן געהאַט זייערע געהיימע אויספאָרשונגס־אַגענטן. ד. ה., אַז אַלע רעגירונגען זענען דורך זייערע אַגענטן אינפאָרמירט געוואָרן וועגן די שחיטות וואָס ווערן צוגעגרייט — און זיי האָבן געשוויגן.

אָבער נישט דאָס אינטערעסירט אונדז דאָ. ס'איז ווידער דער ענין מיט „אַלע יידן". דער איטאַליענישער פּובליציסט, וועלכער ווייזט נישט אויס צו זיין אַ יידן־פיינט, שרייבט, אַז „כמעט אַלע יידן וואָס האָבן געוווינט אין דאַנציג, אָנגעהויבן פון די באַנק־דירעקטאָרן ביז צו די אַלטוואַרג־הענדלער, זענען געשטאַנען אין דינסט פון דער געהיים־פּאָליציי פונעם גענעראַל־קאָנסולאַט פונעם ראַטנפאַרבאַנד."

אַלזאָ ווידער „אַלע יידן" אָדער „כמעט אַלע יידן". דער כמעט ענדערט נישט קיין סך אין דער פּסיכאָלאָגישער אָפּשאַצונג פון דער זאַך.

דאָס דאָזיקע „אַלע יידן" איז גוזמאדיק איבערגעטריבן. אָבער אַזוי זעען צומאָל אַפילו אונדזערע פריינט צווישן די גויים. וועגן די שונאים איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

וואָס קענען מיר טון דערצו?

גאָרנישט. אָדער איך וויים נישט. זאָגן אַז יידן זאָלן נישט באַלאַנגען צו אַזאַ אָדער צו אַן אַנדער פּאַרטיי? דאָס וואָלט זיין נאַריש. און חוץ דעם האָבן יידן דאָס רעכט זיך אָנצושליסן צו וועלכער פּאַרטיי עס געפעלט זיי. נאָר צי קאָן מען זיך שטענדיק פאַרלאָזן אויף יידן, אַז זיי קלויבן אויס די ריכטיקע פּאַרטיי? אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון די לעצטע פופציק יאָר האָבן יידן אין פאַרשידענע לענדער געמאַכט אַזוי פיל טעותים און געמוזט אַזוי אָפט בייטן די פּאַרטייען. אָבער דאָס איז שוין אַן אַנדערער ענין. דער עיקר איז, אַז יידן זאָלן זיך ווייניקער טומלען, און מאַכן ווייניקער פּאָליטישע נאַרישקייטן. באַטש ס'איז נישט קיין קליינִיקייט, אַ גאַנצן לעבן נישט צו מאַכן קיין נאַרישקייטן...

# אַ שמועס פאַר פּשוטע יידן וועגן טעאַטער, טעאַטער-שפּילער און אַנדערע ענינים

כ׳ווייס נישט, צי פּשוטע יידן גיבן זיך אָפּ אַ חשבון וועגן דער באַדייטונג און דער ראָל פון טעאַטער אינעם יידישן לעבן. צו די דאָזיקע פּשוטע יידן רעכן איך סתם אינטעליגענטע יידן, יידן וועלכע לייענען אַ צייטונג און אינטערעסירן זיך מיט אַלץ וואָס פּאַסירט אין דער ווייטער און אין דער נאָענטער וועלט. יאָ, אפילו אַזעלכע יידן, וועלכע גייען אַמאָל אַליין אין טעאַטער, כאָטש קיין שטאַרק וואַזשנע זאַך איז דאָס ביי זיי נישט. די דאָזיקע אַלע יידן, וועלכע זענען נישט דאָס וואָס מען רופט ביי אונדז טעאַטער-ליבהאָבער, זאָג איך, גיבן זיך גאָר נישט אָפּ קיין חשבון אַ וואָסערן פּלאַץ טעאַטער פאַרנעמט אין אונדזער יידישן לעבן.

אָט, אַ שטייגער זענען מיר יידן אַ פאָלק פון סוחרים, פון אינדוסטריאַלן, פון פּראָפעסיאָנאַלן, אַרבעטער וכדומה. מיר בילדן אויך פאַמיליעס און יעדע פאַמיליע האָט זיך אירע באַזונדערע אינטערעסן און דאגות, וועלכע זענען אייגנטלעך מער אָדער ווייניקער גלייך צו די אינטערעסן און די דאגות פון דעם רוב אַנדערע פאַמיליעס. אָבער אין דער יידישער עפנטלעכקייט, אין די יידישע צייטונגען געפינט מען נישט קיין אָפּקלאַנג פון די אַלע אינטערעסן און דאגות. אויך די אינטערעסן און די דאגות און די אויפטוען פון אונדזערע סוחרים און פּראָפעסיאָנאַלן געפינען נישט קיין אָפּקלאַנג אין אונדזערע צייטונגען. בכלל די גאַנצע וועלט פון קאָמערץ, וועלכע האָט אַזאַ גרויסע באַדייטונג אין אונדזער לעבן, ווערט זעלטן ווען דערמאָנט אין אונדזערע צייטונגען. און אויך וועגן אונדזערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס און דעם גאַנצן לעבן געפינט מען זעלטן ווען אַן אָפּקלאַנג אין אונדזערע אָרגאַנען פון דער עפנטלעכער מיינונג. אָבער וועגן טעאַטער רעדט מען ביי אונדז טאָג טעגלעך. טעאַטער פאַרנעמט אַ שטענדיקן און גענוג באַדייטנדן פּלאַץ אין אַלע אונדזערע צייטונגען. טעאַטער גייט נישט אַראָפּ פון די שפּאַלטן פון די יידישע בלעטער אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר. דאָס אַליין באַווייזט שוין, אַז טעאַטער איז אַזאַ זאַך, וועלכע פאַרנעמט אַ גאָר וויכטיקן פּלאַץ אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די לעצטע וואָכן האָט טעאַטער אַרויסגעוויזן ביי אונדז די גרעסטע אַקטי-

וויטעט און מען האָט גערעדט און געשריבן וועגן טעאַטער מער ווי וועגן אַלע אַנדערע דערשיינונגען פון אונדזער לעבן. מען קאָן זאָגן אָן אַ גוזמא, אַז. חוץ מלחמה, פאַרנעמט טעאַטער דעם ערשטן פּלאַץ ביי אונדז.

אַ קלייניקייט וואָס טעאַטער גיט אַלץ צו רעדן. עס זענען פאַראַן ביי אונדז דריי יידישע טעאַטערס און וועגן יעדן טעאַטער ווערט דערציילט יעדן טאָג אין די ציימונגען וואָס ער שפּילט היינט, וואָס ער האָט נעכטן געשפּילט און וואָס ער וועט מאָרגן שפּילן. און חוץ דעם קומען דאָך פאָר אין יעדן טעאַטער יעדע וואָך אָדער יעדע צווייטע, אָדער דריטע וואָך פּרעמיערעס — דאָס הייסט מען ווייזט אַ נייעם ספּעקטאַקל. שרייבט מען וועגן די פּרעמיערעס עטלעכע טעג פריער יעדן טאָג און דערנאָך אינעם טאָג פון דער פּרעמיערע און אַ טאָג נאָך דער פּרעמיערע און דערביי ווערט גערעדט וועגן דער פּיעסע וואָס מען שפּילט אָדער וואָס מען וועט שפּילן, און מען דערציילט די מעלות אָדער חסורונות פון די פאַרשידענע זייטן פון דער פּיעסע, און מען שרייבט וועגן דער אויפפירונג און וועגן דעם שפּיל פון יעדן אַקטיאָר און אַקטריסע באַזונדער, וועגן אַ טעאַ־טער־אויפפירונג שרייבט מען ביי אונדז אָפט מער ווי וועגן אַ דורכגעפירטער שלאַכט, וועלכע וועט אפשר גורם זיין אַ פולשטענדיקן איבערבייט פון דער וועלט.

ווי זשע טראַכט דער פשוטער ייד, וועגן דעם דאָזיקן פּלאַץ וואָס מען גיט אָפּ דעם טעאַטער? צי מיינט ער אפשר טאַקע, אַז מען מאַכט ביי אונדז אַ צו גרויסן „יעמוד" דעם טעאַטער? אָבער אַזוי טראַכטן וואָלט געווען אַ טעות. וואָ־רים דער אמת איז, אַז נישט „מען גיט אָפּ" אַ גרויסן און וואַזשנעם פּלאַץ דעם טעאַטער, נאָר דאָס טעאַטער פאַרנעמט אַזאַ פּלאַץ — אַ דאַנק זיין אייגענעם כוח און זיין אייגענער קולטורעלער באַדייטונג.

אָט האָט די טעג מאָרים שוואַרץ מיט זיין טרופּע געשפּילט צום הונ־דערטסטן מאָל אין בוענאָס איירעס. ווען מען זאָל רעכענען אַז ביי יעדער פאָר־שטעלונג זענען געווען אין דורכשניט 500 צושויער, וועט דאָס הייסן, אַז מאָ־רים שוואַרץ מיט זיין טרופּע האָבן אין אַכט וואָכן געהאַט אַ השפּעה אויף 50.000 יידן. נו, זאָגט, אדרבה, וועלכע רעליגיעזע אָדער קולטורעלע, אָדער נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט אָדער פּאַרטיי קאָן צונויפזאַמלען אין משך פון 8 וואָכן 50.000 דערוואַקסענע יידישע מענער און פרויען און אויף זיי האָבן אַ גייסטי־קע ווירקונג אָט אַזוי ווי עס האָט טעאַטער? אַזאַ ווירקונג האָט אפשר די צייי־טונג. אָבער די צייטונג ווירקט אויף איר שטענדיקן לעזער־קרייז, בעת די צו־שויער פונעם טעאַטער בייטן זיך יעדן טאָג. דאָס הייסט מען קאָן זאָגן, אַז די ווירקונג פון דער צייטונג איז אינטענסיווער. די צייטונג האמערט אריין אין די מוחות פון אירע לייענער טאָג-איין, טאָג־אויס, יאָר־איין, יאָר־אויס געווי־סע אידייען, געוויסע פּרינציפּן, וועלכע ווערן מיט דער צייט די געוווינהייטס-אידייען פונעם לייענער. דאָס גרייכט ביי אונדז צומאָל אַזוי ווייט אַז געוויסע

לייענער נעמען איבער אפילו די שפּראַך, דעם סטיל, די אויסדרוקס פאָרם פון דער צייטונג אָדער פון געוויסע „באַליבטע שרייבער". דאָס דאָזיקע רעדן „צייטונגס־שפּראַך" נעמט אָן ביי אַ טייל יידישע צייטונגס-לייענער ממש פּאַראַדישע פאָרמען.

נאָר, לאָמיר צוריקגיין צום טעאַטער. מיר האָבן אויבן אָנגענומען אַז אומגעפער 50.000 יידישע פּרויען און מענער האָבן אין משך פון 8 וואָכן געזען און געהערט די טעאַטער־שפּילן פון מאָרים שוואַרץ און פון זיין טרופּע. אויב מיר זאָלן אָננעמען אַז אויך די אַנדערע צוויי יידישע טעאַטערן זענען אין דער זעלבער צייט באַזוכט געוואָרן פון אַ 60.000 - 50 יידן, מענער און פרויען, איז דאָס צוזאַמען אַריבער הונדערט טויזנט. נו, כ'בעט אייך: וועלכע יידישע געזעלשאַפט, וועלכע פּאַרטיי, וועלכע וויסנשאַפטלעכע אָדער קולטורעלע אינסטיטוציע אונדזערע האָט דאָס די מעגלעכקייט צו ווירקן אויף אַזאַ גרויסער פאָלקס־מאַסע?

אָבער כדי זיך נישט טועה צו זיין אין חשבון מוז מען אין זינען האָבן, אַז עס זענען פאַראַן מענטשן וועלכע גייען אָפט אין טעאַטער. אַזוי אַז די הונדערט-צוואַנציק טויזנט טעאַטער גייער אין משך פון 8 וואָכן וועט זיך אפשר רעדוצירן צו דער העלפט אָדער נאָך ווייניקער, אָבער אפילו אין אַזאַ פאַל בלייבט נאָך אַלץ אָן עדה פון 50.000 דערוואַקסענע יידן, מענער און פרויען, אויף וועלכע דאָס יידישע טעאַטער, האָט געהאַט אַ השפּעה. און מיר האָבן נישט קיין אַנדערע קולטורעלע אָדער רעליגיעזע אָדער נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, וועלכע זאָל זיך אין דעם דאָזיקן פונקט קענען פאַרגלייכן מיטן טעאַטער. און אָן אינסטיטוציע, וועלכע האָט די מעגלעכקייט פון אַזאַ השפּעה דאַרף רעספּעקטירט ווערן פון אַלע יידן — אָן אונטערשיד פון רעליגיעזער אָדער פּאָליטישער ריכטונג.

און אָט האָבן מיר פאַר זיך די אינטערעסאַנטע דערשיינונג, אַז אַזאַ וואַזשנע אינסטיטוציע פאַר אונדזער קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן און פאַר דעם דערהאַלטן פון אונדזער פאָלקסטום, האָט נאָר אַ פּריוואַטע עקזיסטענץ, איז פון קיינעם נישט אָפּהענגיק, סיידן נאָר פונעם גוטן אָדער שלעכטן געשמאַק פון עולם, און ווערט אויך פון קיין שום געזעלשאַפטלעכן כוח נישט געשטיצט. דאָס הייסט, אַז אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט אָדער קאָן האָבן אַזאַ שטאַרקע גייסטיקע און מאָראַלישע השפּעה אויף הונדערטער טויזנטער יידן, איז אין איר מאַטעריעלער עקזיסטענץ נישט מער ווי אַ געשעפטלעכע אונטערנעמונג, אַלזאָ אָפּהענגיק פון צופעליקע פאַקטאָרן.

דער וויכטיקסטער יסוד אויף וועלכן עס שטיצט זיך די עקזיסטענץ פונעם יידישן טעאַטער איז — דער הונגער פון די אַקטיאָרן. אַקטיאָרן ווילן עסן, און וויל זיי קענען נישט אויף אַן אַנדערן אופן פאַרדינען אויף זייער לעבן, שפּילן זיי טעאַטער. זיי קענען שפּילן גוט אָדער שלעכט טעאַטער — אויך דאָס

איז דאָס רוב אָפּהענגיק פון צופאַל. דורך צופאַל באַקומט מען אַ גוטן גאַסט־שפּילער און רעזשיסאָר, שפּילט מען גוט טעאַטער און מען פאַרדינט אויפן לעבן. אָבער מען קאָן אויך אָנטרעפן אויף אַ נישט פּאַסיקן גאַסטשפּילער און אַ שלעכטן רעזשיסאָר, טויג דאָס טעאַטער אויף כּפּרות און אַליין בלייבט מען אויך אויף צרות.

אַלזאָ אַזאַ וואַזשנע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אינסטיטוציע ווי ס'איז ביי אונדז דאָס טעאַטער איז אָפּהענגיק פונעם צופאַל און פון דער נאַטירלעכער שטרעבונג פון די אַקטיאָרן, צו פאַרדינען אויפן לעבן. ס'איז נישטאָ ביי אונדז קיין שום אינסטיטוציע וועלכע זאָל זאָרגן פאַר דער דערציאונג פון אַקטיאָרן, פאַר דער באַנייאונג פונעם מענטשן־מאַטעריאַל אינעם יידישן טעאַטער. אַלץ איז דאָ צופאַל. צופעליק האָבן זיך געפונען אין פּוילן אָדער אין אוקראַינע אָדער בעסאַראַביע יונגע מענטשן, וועלכע זענען געגאַנגען לייכטזיניק נישט צו לערנען קיין אַנדער פאַך, און זיך צו פאַרליבן דווקא אין טעאַטער־שפּילעריי. קיינער — דאָס הייסט קיין שום יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע האָט זיי נישט געהאָלפן צו זייער אויסבילדונג. קיינער האָט זיך נישט געקימערט וועגן זייער גייסטיקער און קינסטלערישער אַנטוויקלונג. קיינער האָט זיי נישט געזעטיקט אין די טעג פון הונגער. אָבער ווען מיר קומען אין טעאַטער, זענען מיר גרויסע מבינים, גאַנצע טעאַטראַלן, און מיר זאָגן מבינות און מיר קריטי־קירן, דער איז אַזוי און דער איז אַזוי און די איז ווידער אַזוי. און עס קומען די סנאָבס און פאַרקרומען די נאָז: עט, יידיש טעאַטער — עס קאָן זיך דען פאַרגלייכן מיטן ערגסטן נישט יידישן טעאַטער? סנאָבס האָבן אַ טבע אַרויס־צווייזן באַוווּנדערונג פאַר אַלץ וואָס איז פרעמדס, וואָס איז נישט אייגנס. אויף דעם זענען זיי דאָך סנאָבס.

די סנאָבס זענען ביי אונדז אַ לאַנגע צייט געווען די געבילדעטע, די וועל־כע האָבן „געשמעלט דעם טאָן" אין אונדזער געזעלשאַפט. זיי פלעגן מאַכן חוכא וטלולא פונעם יידישן טעאַטער. דער ערשטער, וועלכער האָט גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די געבילדעטע נאַציאָנאַלע יידן אויפן יידישן טעאַטער איז געווען דר. נתן בירנבוים. און דאָס איז נאָך גאָר נישט אַזוי לאַנג אין דעם. נישט אפילו קיין פערציק יאָר. ווער האָט זיך פריער אומגעקוקט ביי אונדז אויף יידיש טעאַטער? אָרימע מענטשן פון פאָלק, שניידער־יונגען און נייטאָרינס האָבן געשפּילט פאַר שניידער־יונגען און נייטאָרינס און קעכינס. בעת אונדזער „בעסערע געזעלשאַפט" האָט „באַשיינט" דאָס טעאַטער פון די אַנדערע פעל־קער ווו זיי זענען געווען נישט גערן געזעענע געסט.

פון זיך אַליין, אָן דער מאַטעריעלער מיטהילף פון דער „געבילדעטער" געזעלשאַפט און פון דער יידישער געזעלשאַפט בכלל, און אָן דער גייסטיקער מיטאַרבעט פון דער יידישער אינטעליגענץ (ערשט אין די לעצטע 20 יאָר איז דאָ איינגעטראָטן טיילווייז אַן ענדערונג) איז דאָס יידישע טעאַטער אויסגע־

וואקסן צו דער קולטורעלער באדייטונג וואָס עס האָט היינט, איז אויסגע־וואקסן דאָס פּרעכטיקע טעאַטער פון מאָרים שווארץ און יעקב בן־עמי. און נאָך היינט זענען די יידישע אַקטיאָרן, די הויפּט־טרעגער פונעם יידישן טעאַטער. קיינער האָט פאר זיי קיין דראַמאַטישע שולן נישט געשאפן, איבערהויפּט קיינע שולן. מיט דער אייגענער אינטעליגענץ, מיט דער אייגענער עקשנות און מיט דער ליבע צו טעאַטער-שפּיל האָבן זיי געשאפן די דאָזיקע וווּנדערבארע אינסטיטוציע וועלכע רופט זיך יידיש טעאַטער. און אַזאַ באַדייטונג האָט היינט דערגרייכט יידיש טעאַטער. אַז נישט יידישע טעאַטער-פּריינט און טעאַטער פּראָפעסיאָנאַלן קומען באַוווּנדערן די דאָזיקע יידישע קונסט און דורכן יידישן טעאַטער באַקומען זיי רעספּעקט און דרך ארץ פאַרן יידישן שאַפן, פאַר יידישער קולטור.

אויף אַ געזעלשאַפטלעכער פאַרווײַלונג פון יידישע אַקטיאָרן האָט אַן אַר־גענטינער טעאַטער־דירעקטאָר גערעדט מיט ענטוזיאַזם וועגן יידישן טעאַטער, וועגן מאָרים שוואַרצס טעאַטער און ער האָט אָנגעוויזן אויף טעאַטער אַלס קול־טורעלע פאַרבינדערונג צווישן יידן און נישט יידן, צווישן דער יידישער און דער אַרגענטינער קולטור. אָט אַזוי האָבן יידישע אַקטיאָרן געשאפן אַ קולטור־רעלע פאַרבינדונג מיט דער אַרגענטינער קולטור, וועלכע די אַנדערע קרייזן פון אונדזער געזעלשאַפט האָבן נישט באַוויזן צו שאַפן.

(1938)

# פונעם קומענדיקן זיג פון דער דעמאָקראַטיע

אין די דאָזיקע צייטן, ווען דער מענטש ווערט פאַרטויבט פונעם אָרדי־נערן געשריי פון די פאַשיסטישע דעמאַגאָגן און פון זייער געזינדל, איז נויטיק זיך אָנצוגעמען מיט כוח און אויך מיט מוט און נישט צו פאַרצווייפלען. נוי־טיק איז אויך אַ ביסל דערקענטעניש איבער דאָס געמיינע, ליגנערישע און אַנ־טימענטשלעכע פון דעם פאַשיסטישן געשריי, און אַביסל גלויבן אין דעם זיג פון די מאָראַלישע כוחות אין דער מענטשהייט, גלויבן אין דעם זיג פון אמת. פון גערעכטיקייט און פון די אַלע העכערע גייסטיקע אינטערעסן, וועלכע דער־הויבן דעם מענטש צו זיין מענטשטום.

ס'איז נויטיק צו שטאַרקן אין זיך דעם גלויבן, אַז אינעם קאַמף צווישן דעמאָקראַטיע און פאַשיזם וועט זיגן די ערשטע. דאָס וועט זיין אַ זיג פון אמת איבער שקר, פון פרייהייט איבער געוואַלט, פון גערעכטיקייט איבער רשעות, פון מענטשלעכער דערהויבונג איבער דער פאַשיסטישער דערנידעריקונג פונעם מענטשן.

אַ בוך פון טהאָמאַס מאַן שטאַרקט אין אונדז דעם דאָזיקן גלויבן אינעם זיג פונעם מענטש איבער זיינע ערגסטע פיינט. אינעם זיג פון מענטשטום אי־בער פאַשיסטישער שקלאַפעריי. זאָגן אַז טהאָמאַס מאַן איז דאָס געוויסן פון אונדזער דור, וואָלט זיין אַ שוין צו באַנאַל וואָרט. און חוץ דעם רעדט דאָס געוויסן פון דער היינטיקער מענטשהייט נישט בלויז דורך טהאָמאַס מאַן, נאָר עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע באַדייטנדע שרייבער, וועלכע ליידן מיט דער נויט פון אונדזער דור און וועלכע שטאַרקן אונדזער גייסט און אונדזער גלויבן דורך זייער קאַמף קעגן שקר, און געוואַלט און קעגן דער דיקטאַטור, וועלכע שטרעבט צו פאַרניכטן אונדזער גאַנצע מאָראַלישע קולטור.

אָבער צווישן די שרייבער, דורך וועלכע עס דריקט זיך אויס דאָס געוויסן פון דער היינטיקער מענטשהייט, איז טהאָמאַס מאַן זיכער איינער פון די ערשטע און זיכער איז ער דאָס געוויסן פון דעם פאַרפירטן, אונטערדריקטן, גע־פייניקטן אָבער אויך פאַרזינדיקטן פאָלק. און אויב אַ העכערע השגחה רעגירט דעם גורל פון די פעלקער, האָט די דאָזיקע השגחה געגעבן דעם דייטשן פאָלק אַ טהאָמאַס מאַן, וועלכער זאָל מכפּר־זיין די אַלע רשעותן און געמיינהייטן,

וואָס אַ מיאוסע און נידעריקע ברואה באַגייט אין נאָמען פון די דייטשן אַלס זייער בלומרשטער פירער.

און — אויב ס'איז דערלויבט נאָך אַמאָל צו דערמאָנען די השגחה, וועל־כע רעגירט דעם גורל פון די פעלקער, האָט דאָס דייטשע פאָלק נישט געקענט ערגער באַשטראָפט ווערן ווי דורך דעם, וואָס אַ נידעריקער, געמיינער נפש, אָן וועלכע ס'איז העכערע מענטשלעכע געפילן איז געוואָרן דער פירער פון דעם דאָזיקן באמת פעאיקן פאָלק, בעת אַ טהאָמאַס מאַן מוז לעבן אין גלות, אַ פאַר־טריבענער פון יענעם פירער און אויסגעשלאָסן פון דער דייטשער בירגערשאַפט דורך יענעם נידעריקן נפש.

באמת, קיין ערגערע שטראָף האָט דאָס דייטשע פאָלק נישט געקענט באַ־קומען. אַזאַ צושטאַנד איז ערגער ווי צען פאַרלוירענע מלחמות.

וואָרים פונקט ווי יעדעס וואָרט פון יענעם נפש און פון זיינע געזעלן באַ־ליידיקט אונדזער מענטשלעך געפיל, פונקט אַזוי איז יעדעס וואָרט פון אַ טהאָ־מאַס מאַן אַ דערהויבונג פון אונדזער מענטשנטום, אַ פאַרשטאַרקונג פון אונ־דזער מוט און פון אונדזער גלויבן אין דעם אמת און אין דאָס גוטע, וואָס איז פאַראַן אינעם מענטש.

טהאָמאַס מאַן איז נישט בלויז אַ גרויסער קינסטלער, נאָר אויך אַ גרויסער מענטש. דער קינסטלער און דער מענטש בילדן ביי אים אַן איינהייט. דערמיט אונטערשיידט זיך טהאָמאַס מאַן פון אַזאַ קינסטלער, למשל, ווי קנוט האַמסון, וועלכער איז אפשר אַ גרעסערער קינסטלער פון טהאָמאַס מאַן, אָבער אַ קליי־נער מענטשל, אַ קליינער גרימצאָרנדיקער פאַשיסט.

דער גרויסער דייטשער שרייבער דערמאָנט אַגב דעם פאַל קנוט האַמסון און זיין פאַשיזם און באַזונדערס זיין מיאוסע אויפפירונג לגבי דער פון היטלערן געפייניקטן דייטשן פרידנס־קעמפער, פאָן אָסיעצקי. קנוט האַמסון האָט אין דעם דאָזיקן פאַל אַרויסגעוויזן זיין גאַנצע מענטשלעכע נידעריקייט און אויך דאָס, אַז מען קאָן זיין אַ גאָר גרויסער קינסטלער און דערביי אַ קליין מענטשעלע.

דאָס בוך פון טאָמאַס מאַן, וועגן וועלכן מיר ווילן דאָ רעדן, איז „אַכטונג אייראָפּע!” (פאַרלאַג בערמאַן־פישער, שטאָקהאָלם). אין דעם דאָזיקן בוך רעדט צו אונדז טאָמאַס מאַן וועגן דער נויט פון אונדזער דור. אין דעם בוך זענען אָפּגעדרוקט עטלעכע אויפזאַצן מאַנס פון דער צייט פון 1930 ביז צו זיין לעצטן פאָרטראַג, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין אַמעריקאַנער שטעט, אונטערן טיטל „פונעם קומענדיקן זיג פון דער דעמאָקראַטיע”.

אין די דאָזיקע עסייען, בריוו און פאָרטראָגן רעדט צו אונדז טאָמאַס מאַן דער קינסטלער, וועלכער איז גלייכצייטיק דער גרויסער קעמפער פאַר אמת, פאַר רעכט, הומאַניטעט און קעגן אַלעס נידעריקן און געמיינעם, וואָס ווערט פאַר־שפרייט דורך די דיקטאַטאָרן און זייערע דינער.

אין טהאָמאַס מאַנס וואָרט איז פאַראַן אַ קראַפט, וועלכע רייסט אונדז

מיט מיט זיין געדאנק. מיט דער מאכט פון זיין — כ'וואָלט זאָגן, ניכטערנעם פאַטאָס און מיט דער דורכדרינגלעכקייט פון זיין קלאָרער לאָגיק. טהאָמאַס מאַן פילט זיכער שטארקער, ווי וועלכער ס'איז שרייבער פון אונדזער צייט, די גע־פאַלנקייט פון זיין פאָלק. ער פילט די גאַנצע נויט און דעם עלנט, אין וועלכן דער נאַצי־פאַשיזם האָט אריינגעוואָרפן די פעלקער, וועלכע ווערן פון אים באַ־הערשט, און ער זעט קלאָר די סכנה פון דער דאָזיקער פארפירערישער באַווע־גונג פאַר די אַנדערע פעלקער. און ווייל ער זעט די סכנה, וויל ער וואָרענען די אַנדערע פעלקער, זיך נישט צו לאָזן אריינכאַפּן אין נעץ. און ער ווייזט אָן די וועגן ווי אַזוי זיך צו ווערן קעגן די פאַלשקייטן פונעם פאַשיזם.

וואָרום טהאָמאַס מאַן איז דורכאוים נישט קיין פאַרצווייפלטער. ער גע־הערט נישט צו די, וועלכע קומען אָפּשוואַכן דעם קאַמף־גייסט און וועלכע זאָגן, אַז ס'וועט גאָרנישט העלפן, אַז סיי־ווי־סיי וועט דער פאַשיזם באַקומען די אױי־בערמאַכט.

ניין, טהאָמאַס מאַן האָט אַ שטאַרקן גלויבן אינעם קומענדיקן זיג פון דער דעמאָקראַטיע. אָבער דער זיג וועט נישט קומען אַליין פון זיך. מען מוז אין דעם זיג נישט בלויז גלויבן, נאָר מען מוז פאַר אים קעמפן. און טהאָמאַס מאַן ווייזט אונדז דעם וועג, וואָס דעמאָקראַטיע מוז טון, זי זאָל באַזיגן נישט בלויז דעם פאַשיזם, נאָר אויך דעם באָלשעוויזם.

דער עיקר אָבער גייט עס קעגן פאַשיזם. טהאָמאַס מאַן ציטירט איינעם פון די הויפּט־ארגומענטן פונעם פאַשיזם, דאָס איז די כלומרשטע פארעלטערטקייט פון דער דעמאָקראַטיע, בעת דער פאַשיזם איז אַ באַוועגונג פון דער צייט, פון דער יוגנט. די דאָזיקע ארגומענטאַציע איז אַ דורכאוים פאַלשע. דער פאַשיזם איז אויך אַזוי פיל אַ יוגנט־באַוועגונג אויף וויפל ער פ א ר פ י ר ט די יוגנט. אָבער אין די רייען פון דער יוגנט זענען פאַראַן שטאַרקע אַנטיפאַשיס־טישע באַוועגונגען.

בנוגע דער „יוגנטלעכקייט” פונעם פאַשיזם און דער אַלטקייט פון דער דע־מאָקראַטיע באַמערקט טהאָמאַס מאַן:

„דער פאַשיזם איז אַ קינד — אַ מיאוס קינד — פון דער צייט און דאָס יוגנטלעכע, וואָס איז דאָ אין אים, שעפּט ער פון דער צייט. די דעמאָקראַטיע אָבער איז אָן־צייטיק מענטשלעך און אָן־צייטיקייט באַדייט יעדנפאַלס אַ געווי־סע מאָס פון פּאָטענציעלער יוגנט”...

אָבער אונטערשטרייכנדיק דאָס מענטשלעכע אין דער דעמאָקראַטיע, פאַר־געסט מאַן נישט, אַז אויך דער פאַשיזם האָט זיינע „אומצעשטערבאַרע וואָרצ־לען אינעם מענטשלעכן” — ד. ה. אין דער געוואַלט. וואָרום די געוואַלט איז פונקט אַזאַ מענטשלעך־אומשטערבלעכער פּרינציפּ, ווי דאָס רעכט. דער פאַ־שיזם גלויבט און פּראַקטיצירט די פיזישע און גייסטיקע פארגוואַלטיקונג פון די מענטשן. זי, די פארגוואַלטיקונג, איז פאַרן פאַשיזם דער פּרינציפּ, וועלכער

שאפט פאקטן, און וועלכע באזינגט נישט בלויז די קערפּערס, נאָר אויך די גע־דאַנקען. מיר זעען טעגלעך, ווי דאָס רעכט בייגט זיך פאַר דער געוואַלט. די גע־וואַלט באַהערשט די וועלט, און דאָס רעכט איז  ג אָ ר  אַן אידעע. אָבער דאָס דאָזיקע „גאָר" פון דער אידעע דאַרף נישט באַטראַכט ווערן ווי עפּעס אַ בטלני־שער פוסטער אידעאַליזם. פאַרקערט, די אידעע איז בעסער און פולשטענדיקער אָריענטירט איבער דער טבע און דער רעאַליטעט פונעם מענטש ווי דער גע־וואַלט־פּרינציפּ. וואָרום טאַקע מיט דעם טיילט זיך אויס דער מענטש פון דער אַרומיקער נאַטור, וואָס ער ווערט באַהערשט פון דער אידעע, וואָרום נאָר דורך זיינע אידעען איז ער דאָס, וואָס ער איז. „די אידעע איז דאָס ספּעציפיש און אייגנטלעך־מענטשלעכע, דאָס, וואָס מאַכט אים צום מענטשן: זי, די אידעע, איז אינעם מענטשן אַ רעאַלער נאַטירלעכער פאַקט, אַזוי, אַז וואָר עס רעספּעק־טירט נישט דעם אַנטייל פון דער מענטשלעכער נאַטור אין דער אידעע, באַגייט די נאַרישסטע און גרעבסטע טעותים". מיטן וואָרט „רעכט" ווערט אָבער די אידעע אָנגערופן נאָר ביי איינעם פון אירע נעמען. עס זענען אויך פאַראַן אַנ־דערע, ווי צ. ב. פרייהייט און וואַרהייט. ס'איז שווער צו זאָגן וואָס מען דאַרף אַוועקשטעלן אין דער שפּיץ פון דער אידעע, וועלכער באַגריף ס'איז דער גרעס־טער. וואָרום יעדער פון די דריי באַצייכנט די אידעע אין איר גאַנצקייט. רעדט מען וועגן וואַרהייט, איז מען אויך כולל פרייהייט און גערעכטיקייט: רעדט מען וועגן די לעצטע צוויי, מיינט מען דערמיט אויך די וואַרהייט. דאָס איז אַן אומ־צעטיילבאַרער קאָמפּלעקס, וועלכן מען רופט אין דער מאָראַל „דאָס אַבסאָלו־טע", אָדער, ווי מיר וואָלטן דאָס זאָגן אויף פשוטן יידיש: די מאָראַלישע אויס־געהאַלטנקייט.

די אידעע פון דעמאָקראַטיע איז די אידעע פון אמת און פון רעכט. אָבער ס'איז נישטאָ קיין אמת אָן פרייהייט און ס'איז נישטאָ קיין רעכט אָן גערעכ־טיקייט. ס'איז אָבער נישט גענוג צו באַצייכענען דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ אַלס דעם פּרינציפּ פון דער מאַיאָריטעט, אָדער גאָר צו פאַרטייטשן דעמאָקראַ־טיע מיט „פאָלקס־הערשאַפט". דאָס איז — זאָגט טהאָמאַס מאַן — אַ צווייי־דייטיק וואָרט, וואָס קען אויך אויסגעטייטשט ווערן אַלס הערשאַפט פונעם המון. וואָס פּאַסט זיך פאַרן פאַשיזם. באַטראַכטנדיק די פאַרשידענע דעפיניציעס פון דער דעמאָקראַטישער אידעע, קומט טהאָמאַס מאַן צום אויספיר, אַז די דעמאָ־קראַטיע איז די גזעלשאַפטלעכע און מלוכה־פאָרם, וועלכע איז מער ווי יעט־וועדע אַנדערע אינספּירירט פונעם געפיל  און  פונעם  באַוווסטזיין פון דער  ו ע ר ד ע  פ ו נ ע ם  מ ע נ ט ש . דער דעמאָקראַטישער רעספּעקט פאַר דער ווירדע אָדער פאַר דער חשיבות פונעם מענטשן איז הומאַניטעט. דער פאַ־שיזם טרעט מיט די פיס די ווערדע פונעם מענטשן. ער פאַרגוואַלדיקט, אונ־טערדריקט, פאַרפּירט, פאַרדומט דעם מענטשן — דער פאַשיזם באַציט זיך מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג צו די מענטשן־מאַסן, כאָטש ער חנפהט זיי. טהאָמאַס

מאַן ווייזט אָן אויף דאָס גראָטעסקע פון דער דאָזיקער מענטשן־פאַראַכטונג: וואָרום פאַראַכטונג קאָן מען פאַרשטיין ווען זי קומט פון גייסטיק אָדער מאָראַליש גאָר הויך־שטייענדע מענטשן. אָבער ביים נאַצי־פאַשיזם זענען די מענטשן־פאַראַכטער אַליין נידעריקע. מיאוסע, פאַרברעכערישע טיפּן. דורכן טעראָר וועלכן זיי פּראַקטיצירן, ווערן זיי נאָך מער פאַרדאָרבן. זייער תאווה צו מענטשן־שענדונג איז שמוציק און פּאַטאָלאָגיש. די באַהאַנדלונג פון די יידן אין דייטשלאַנד און די פּייניקונגען און דערנידעריגונגען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערס זענען די בעסטע באַווייזן פאַר דער דאָזיקער פּאַטאָלאָגישקייט. צו דער פיזישער פאַרגוואַלדיקונג קומט־צו די גייסטיקע, דורך דער פאַרשפּרייטונג פון שקרים און דורכן פאַרמאַכן דאָס מויל די אונטערדריקטע. די פאַשיסטישע פּראָפּאַגאַנדע באַצייכנט מאַן אַלס די „בייטש פון שקרים״, מיט וועלכע די דיקטאַטאָרן שמייסן איבערן פּנים זייערע קרבנות, נישט לאָזנדיק זיי ענטפערן.

ס'אַראַ חילוק ס'איז דאָ צווישן דער דיקטאַטור און דער דעמאָקראַטיע! דער פאַשיזם וויל דעם מענטשן פאַרפירן, באַהערשן דורך פּראָפּאַגאַנדע; די דעמאָקראַטיע וויל דעם מענטשן דערציען, טראָגן קולטור צו די פאָלקס־מאַסן.

עס וואָלט פאַרנעמען צופיל פּלאַץ ווען מיר זאָלן דאָ וועלן איבערגעבן דעם גאַנצן געדאַנקען־גאַנג פון טהאָמאַס מאַן וועגן דעם גייסטיקן און מאָראַלישן כאַראַקטער פון דער דעמאָקראַטיע. אָבער דער דייטשער שרייבער איז אויך נישט בלינד אויף די שוואַכע זייטן פון דער דעמאָקראַטיע, אויף אירע אינערע פּסיכאָלאָגישע סתירות.

„די דעמאָקראַטיע איז זיך סותר — שרייבט מאַן — וויל, כאָטש זי ווייסט אַלץ וועגן דער קאָסמישער שלעכטקייט פונעם מענטש און זי אַנאַליזירט אַפילו קריטיש די דאָזיקע שלעכטקייט, שטייט זי דאָך פעסט אויפן פּרינציפּ פון דער ווירדע פונעם מענטשן, גלויבנדיק אין דער מעגלעכקייט צו פירן דעם מענטשן אויף אַ גוטן וועג. אָבער אויך די דיקטאַטור איז זיך סותר דערמיט, וואָס באַפרייענדיק דעם מענטשן פונעם געוויסן און דערציענדיק אים צום אַריסטאָקראַטישן הערָאָאיזם, דערנידעריקט זי אים אָבער און פאַרשקלאַפט אים, אָן אַ שום [illegible] זיין ווירדע, זייענדיק איבערצייגט, אַז דער מענטש פאַרדינט נישט קיין [illegible] גורל. דאָ זענען אַלזאָ ביידע, סיי די דעמאָקראַטיע ווי דער פאַשיזם [illegible]. אָבער וועלכער אופן פון אומלאָגישקייט איז מער אָנשטענדיק?״

ציטירנדיק אַ וואָרט פונעם פראַנצויזישן פילאָזאָף בערגסאָן: „אַקטואיר אַלס דענקער און דענק אַלס אַקטואירנדער״, קומט טהאָמאַס מאַן צום אויספיר, אַז דעמאָקראַטיע הייסט נישט הערשאַפט פונעם פעבל, נאָר הערשאַפט פון די בעס־

טע, קלוגסטע און פּעאיקסטע. דורך דעמאָקראַטיע ווערט פאַרווירקליכט די אמתע אַריסטאָקראַטיע — וואָרום ס'איז נישטאָ קיין אַנדערע אַריסטאָקראַטיע, ווי נאָר די גייסטיקע. „דער דעמאָקראַט מאַסאַריק, דער דעמאָקראַט רוזוועלט, דער דעמאָקראַט לעאָן בלום זענען אַלס פּערזענלעך מענטשלעכע טיפּן, ווי אַלס שטאַטס־מענער זיכער אַריסטאָקראַטישער, ווי דער טיפּ היטלער אָדער מוסאָליני".

כאַראַקטעריזירנדיק די פאַרשידענע מאָראַלישע און קולטורעלע זייטן פון דער דעמאָקראַטיע, וואָרנט אָבער טהאָמאַס מאַן פאַר דער אילוזיע פון די דע־מאָקראַטן, וועלכע רעדן זיך איין צו קענען איבעררעדן די פאַשיסטישע דיקטאַ־טאָרן און זיי צו פירן אויפן דרך־הישר. (די דאָזיקע אילוזיע האָט מען געקאָנט באַמערקן, למשל, אין אַן אַרטיקל פון ווינסטאָן טשווירטשיל פון די לעצטע טעג). טהאָמאַס מאַן קוקט קריטישער אויף דער דאָזיקער זאַך און ער וואָרנט די דע־מאָקראַטן פאַר דעם געפערלעכן טעות.

ער וואָרנט אויך פאַר צופיל נאָכגעביקייט כלפּי דייטשלאַנד. יעטוועדע פאָרם פון נאָכגעבן דייטשלאַנד איז אַ גרויזאַמער קלאַפּ קעגן די פרייהייטס־שטרעבונגען פונעם דייטשן פאָלק. פריער, פאַר דער פאַרכאַפּונג פון דער מאַכט דורך היטלערן, האָט מען באַדאַרפט דייטשלאַנד העלפן. איצט אָבער באַדייט יעדעס נאָכגעבן דייטשלאַנד, אַ פאַרשטאַרקונג פון דער דיקטאַטור.

יעדעס פרידלעכע נאָכגעבן די פאַשיסטישע מלוכות ווערט פון זיי פאַר־שריבן אַלס מלחמה־געווינס. וואָרום די גאַנצע פּאָליטיק פונעם פאַשיזם איז אַן אומאָפיציעלע מלחמה. פאַרן אָפענעם אָפיציעלן קריג האָט דער פאַשיזם מורא. אָט דערפאַר דאַרפן די דעמאָקראַטישע מלוכות זיין שטרענג און נישט נאָכגע־ביק צו די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרן. אָט אַזוי וועט די דעמאָקראַטיע זיגן.

אָבער, כדי די דעמאָקראַטיעס זאָלן זיגן איבערן פאַשיזם, איז נייטיק, אַז זיי זאָלן זיך פאַרוואַנדלען פון ליבעראַלע אין סאָציאַלע דעמאָקראַטיעס. נאָר דורך אַזאַ רעפאָרם קאָן די דעמאָקראַטיע באַזיגן דעם פאַשיזם און דעם באָל־שעוויזם. טהאָמאַס מאַן ציטירט אַ וואָרט פון אַ פראַנצויזישן קאָנסערוואַטיוון פּאָליטיקער: „מיר האָבן נישט די פליכט צו קאָנסערווירן אַן אוממענטשלעכע סאָציאַלע אָרדענונג, נאָר מיר מוזן פאַרקערט, אַרבעטן, צו פאַרבייטן זי מיט אַ הומאַנער אָרדענונג, וועלכע זאָל שטעלן די פּראָדוקציע אינעם דינסט פונעם מענטש, און דעם מענטשן אין דעם דינסט פון אַ אידעאַל, וועלכעס זאָל געבן דעם לעבן עפּעס אַ זין".

אָט דאָס איז עפּעס נייעס. דאָס נייע איז, וואָס מען רופט אין פראַנקרייך „עקאָנאָמישן הומאַניזם". „דאָס נייע אין דער וועלט". איז מוסיף טהאָמאַס מאַן, ציטירנדיק אַ וואָרט פון וואַנדערוועלדן, „דאָס אייגנטלעך און ווירקלעך נייע אויף דער וועלט, איז די סאָציאַלע דעמאָקראַטיע".

דאָס, רופט אוים טהאָמאַס מאַן, איז דער אמת. די סאָציאַלע באַנייאונג פון דער דעמאָקראַטיע איז די באַדינגונג און פאַרזיכערונג פון איר זיג. די סאָ־ציאַלע דעמאָקראַטיע וועט שאַפן די אמתע „פאָלקס-געמיינשאַפט", וועלכע וועט זיך קענען אַנטקעגנשטעלן דעם פאַשיזם, סיי אין פרידן, ווי אין דער מלחמה. די סאָציאַלע דעמאָקראַטיע שאַפט דאָס געפיל פון געמיינשאַפט, וועלכע וועט פירן צו דער געמיינשאַפט פון די פעלקער.

(1937)

# צופרידנקייט מיטן גלות

די געשיכטע פון די יידן פון נאָכן חורבן איז די געשיכטע פון אַ פאָלק, וועלכעס פילט זיך פאַנאַנדערגעריסן, צעזייט און צעשפּרייט צווישן פעלקער, און וועלכעס באַטראַכט די דאָזיקע עקזיסטענץ צווישן פרעמדע אַלס אַ דערוויילי־קע. דער געשיכטלעכער אידעאַל איז, צו ווערן ווידער פאַראייניקט צו אַ נאַציאָ־נאַלער עקזיסטענץ אויפן אייגענעם באָדן און ממשיך צו זיין דאָס אייגענע לעבן פון אַמאָליקע צייטן.

דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער אידעאַל האָט געהאַט הונדערטערליי אויס־דרוקס־פאָרמען אינעם סדר התפילות, אינעם צערעמאָניאַל און אַפילו אינעם פאַ־מיליען־לעבן. קיין פּאָליטישע פאָרמען האָט דער אויסלייזונגס-אידעאַל נישט גע־קאָנט אָננעמען, ווייל ס'איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט פאַר אַ פּאָליטישער אַקטיוויטעט און פאַר פּאָליטישע אַקציעס, און בכלל האָט זיך דאָס גאַנצע יחי־דישע ווי קאָלעקטיווע לעבן אין יענע צייטן אויסגעדריקט אין רעליגיעזע פאָר־מען. אַזוי איז דער אידעאַל פון נאַציאָנאַלער ווידער־פאַראייניקונג אויסגעדריקט געוואָרן אין דער תפילה „און זאַמל אונדז צונויף פון אַלע פיר עקן פון דער וועלט", און דער אידעאַל פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג האָט באַקומען זיין אויס־דרוק אין דעם קורצן זאַץ „חדש ימינו בקדם" — באַניי אונדזערע טעג ווי אין אַמאָליקע צייטן". דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז געווען איינגעשטעלט מאָראַליש (און דאָס איז געווען אין יענע צייטן אויך פּאָליטיש) אויף דער דעראינערונג פון דעם אַמאָליקן נאַציאָנאַלן לעבן אין ארץ־ישראל און אויף דעם הייסן ווונטש און דער האָפענונג און דעם גלויבן אַז יידן וועלן זיך נאָך אומקערן קיין ארץ־ישראל און פירן אַ פריי יידיש לעבן ווי אין אַמאָליקע צייטן.

טויזנט־יעריקע בענקשאַפט נאָך דער נאַציאָנאַלער ווידער-אויפלעבונג אינעם אייגענעם לאַנד פון די אבות איז נישט געווען קיין רעזולטאַט בלויז פון די רדיפות און אונטערדריקונגען; די בענקשאַפט נאָך אַ פריי יידיש לעבן אינעם לאַנד פון ישראל איז געווען דער עצם פונעם יידישן פאָלקס־באַוווסטזיין. די דאָ־זיקע בענקשאַפט צו אַ נאַציאָנאַלן לעבן איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין לענ־דער און אין צייטן, ווען ס'איז יידן גוט געגאַנגען און ווען זיי האָבן נישט גע־ליטן פון קיין רדיפות. ערשט ווען ס'איז געקומען דער קאַמף פאַר עמאַנציפּאַציע

און ווען יידן האָבן געמיינט, אַז פאַר דאָס ביסל עמאַנציפּאַציע מוזן זיי באַצאָלן מיט זייער היסטאָרישער טראַדיציע, מיט זייער נאַציאָנאַלן „איך" און מיט דער גאַנצער געשיכטע פון די יידישע ליידן, ערשט דאַן האָבן זיך געפונען יידן וועלבע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון ציון און ירושלים, דערקלערנדיק דרייסט, אַז דאָ — דאָ אין בערלין, אָדער דאָ אין פּאַריז, לאָנדאָן, בריסל, וואַרשע — דאָ איז אונדזער ציון, אונדזער ירושלים. און צוזאַמען מיט ציון און ירושלים האָבן זיי מוותר געווען אויף זייער יידישער נאַציאָנאַליטעט, אויפן יידישן פאָלקסטום, דערקלערנדיק זיך אַלס פראַנצויזן, דייטשן, ענגלענדער, פּאָליאַקן, בעלגיער פון משהס גלויבן. דער „גלויבן" איז געווען נישט קיין זייער טיפער — דאָס איז געווען מער אַ פאָרעם זאַך, כדי זיך צו קענען ווייזן פאַר לייטן, כדי מיט דעם דאָזיקן כלומרשטן „גלויבן" צו פאַרשטעלן דעם אומגלויבן אין דער רעליגיע פון דער מערהייט פון דער לאַנד־באַפעלקערונג.

אַזוי איז די צופרידנקייט מיטן גלות געבוירן געוואָרן דורך אַן אַקט פון נאַציאָנאַלער בגידה, פון אָפּזאָגן זיך פון אַלע נאַציאָנאַלע האָפענונגען, פון אַלע נאַציאָנאַלע אידעאַלן, וועלכע האָבן געבילדעט דעם אינהאַלט פון יידישן לעבן דורך 18 יאָרהונדערטער אין גלות.

די צופרידנקייט מיטן גלות איז געקומען נישט בלויז אַלס רעזולטאַט פון נאַציאָנאַלער אבדיקאַציע, פון אָפּזאָגן זיך פון אַלע נאַציאָנאַלע האָפענונגען און שטרעבונגען, נאָר דאָס איז אויך געווען אַן אַקט פון אָפּזאָגן זיך פון כלל־אינטערעסן צוליב די אינטערעסן פון יידן יחידים. ס'איז געווען די צייט פונעם אויפשטייג פונעם ליבעראַליזם: דער ייד האָט געוואָלט אויסנוצן די נייע צייט, ער האָט געוואָלט ווערן פאַבריקאַנט, באַנקיר, פּראָפעסאָר, אַדוואָקאַט, פּאָליטיקער און זשורנאַליסט, און ער האָט דאָס נישט געקענט אַזוי לייכט דערגרייכן אַלס אַ זון פון אַ פאָלק, וועמענס אידעאַל איז עפּעס אַ קליין לענדל דאָרט ערגעץ כמעט אין מדבר, עפּעס דאָרט אַ ציון און ירושלים. נו פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז געווען אַביסל אומבאַקוועם צו זיין אַ גרויסער פאַבריקאַנט, אָדער גאָר אַ ריכטער אָדער אַ פּאַרלאַמענטאַריער אין פּאַריז, אין בערלין, אין לאָנדאָן צי אין בריסל, און דערביי צו טראַכטן וועגן ירושלים און וועגן גאולה. אַזוי האָט מען צוליב דער באַקוועמלעכקייט פון דעם יידישן בורזשוי, זיך אָפּגעזאָגט פונעם נאַציאָנאַלן „איך", מען האָט מוותר געווען אויך די אַלטע נאַציאָנאַלע אידעאַלן, כדי נישט צו שטערן די קאַריערע פון דעם יידישן בירגער, וועלכער האָט געוואָלט אינעם גלות זען זיין איינציקע היים.

זיך דערקלערן צופרידן מיטן גלות הייסט אַלזאָ, ערשטנס, מקריב זיין פאָלקס־אינטערעסן צוליב די אינטערעסן פון איינצלנע יידן, וועלכע קענען מאַכן גוטע געשעפטן אין גלות, מען קאָן אפילו ווערן מיליאָנערן, באַזיצן גרויסע הייזער, פאַבריקן און פעלדער און אפילו ווערן גרויסע ליטעראַטן ביי אַנדערע פעלקער — וואָס מער מען דערווייטערט זיך פונעם קוואַל פון דער יידישער קולטור;

צווייטנס איז דאָס אַן אויסדרוק פון אַסימילאַציע. ווארים דער אידעאַל פון אַ פאָלק קאָן נישט זיין, צו לעבן צעזייט און צעשפרייט איבער דער גאַנצער וועלט אין הונדערט מדינות און צו מוזן זיך אומעטום צופאַסן, דאָ צו דעם, דאָ צו יע-נעם פאָלק. און אפילו ווען מען שטעלט זיך אַקעגן דעם שטראָם פון אַסימילאַציע, און מען רעדט יידיש, און מען שיקט די קינדער אין יידישע שולן און מען לייענט אַ יידישע צייטונג און אַ יידיש בוך, איז מען דאָך אַלץ, און דאָס אין בעסטן פאַל, נאָר אַ האַלבער ייד, ווייל מיט דער אַנדערער העלפט לעבט מען, אָטעמט מען מיט דער קולטור פון דעם פאָלק צווישן וועלכן מען לעבט. און ווי לאַנג קאָן דויערן אַזאַ האַלבע „וועלטלעכע" יידישקייט אָן אַ גלויבן, אָן אַ נאַ־ציאָנאַלן אידעאַל, אָן אַ נאַציאָנאַלן ציל? אַ וואָסערן אידעאַל געבן מיר־מיט אונ-דזערע קינדער אויף זייער לעבנס-וועג? ווי אַזוי זאָלן זיי זיין יידן, אויב עס וועט נישט זיין קיין אַנטיסעמיטיזם און זיי וועלן נישט ווערן אַרויסגעשטויסן פון דער נישט יידישער סביבה?

כדי צו דערהאַלטן דאָס באַוווסטזיין און דעם אינטערעס אין יידישן פאָלקסטום איז אומבאַדינגט נויטיק אַ נאַציאָנאַלער אידעאַל, אַן אידעאַל פון נאַציאָנאַלער גאַנצקייט. דער גלות מיט זיין נאַציאָנאַלער צעריסנקייט מיט זיינע הונדערטערליי אָפּהענגיקייטן קאָן נישט זיין די באַזיס פאַר אַ נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. זיך דערקלערן צופרידן מיטן גלות, דערקלערן, אַז „די האָפענונג פאַר יידן אין אייראָפּע איז נישט אויסגעלאָשן געוואָרן דורך די רדיפות פון די נאַצים". הייסט קודם כל פרעדיקן אַסימילאַציע — שוין נישט רעדנדיק דערפון, אַז די דאָזיקע האָפענונג שטיצט זיך אויף לופט, אויף רויך, אויף אילוזיעס ווע־מענס פוסטקייט די יידישע געשיכטע האָט שוין באַוויזן אין פאַרשידענע לענ־דער און עפּאָכעס.

איך וויל זאָגן פשוט און פּראָסט: צופרידנקייט מיטן גלות איז די עקס־טרעמסטע פאָרם פון אַסימילאַציע. דער ייד וועלכער איז צופרידן מיט זיין עק-זיסטענץ אין גלות, מיט זיין עקזיסטענץ און מיט זיין צוקונפט און דער צוקונפט פון זיינע קומענדיקע דורות, האָט אפשר געפונען אַן אילוזיע פאַר זיך, וואָס גיט אים אַביסל גליק. אָבער מען קאָן נישט די צופרידנקייט און דאָס ביסל גליק פון דעם דאָזיקן יידן אָוועקשטעלן אַלס פאָלקס־אידעאַל. ווארים אַ פאָלקס-אידעאַל קאָן זיין נאָר דאָס וואָס פאַרבינדט דאָס פאָלק אַלס גאַנצקייט, אָבער נישט דאָס וואָס צערייסט אים, און וואָס פירט צו פאַרפרעמדקייט. דער גלות האָט נאָר איין אידעאַל: עס זאָל נישט זיין קיין אַנטיסעמיטיזם. דאָס הייסט, אַז דער איינ־צלנער ייד זאָל נישט געשטערט ווערן אין זיינע געשעפטן, אין זיין קאַריערע אַלס דאָקטאָר, פּראָפעסאָר, ריכטער אָדער אָפיציר. דערפאַר איז דער „קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם" דער העכסטער אינטערעס פון יעדער אַסימילאַציע. ווארים אַנטיסעמיטיזם איז די שטאַרקסטע מניעה פאַר דער אַסימילאַציע. אָבער עס זענען פאַראַן לענדער און עס זענען פאַראַן סיטואַציעס ווען מען איז נישט קעגן

יידן נאָר קעגן יידנטום. די אַסימילאַציע ברעכט זיך נישט דעם קאָפּ צוליב אַזאַ לאַגע. קעגן יידנטום — אדרבה: דאָס ווילן זיי, די אַסימילאַנטן דאָך אויך. זיי ווילן דאָך אויך אַז יידנטום זאָל וואָס גיכער פאַרשווינדן, עס זאָל נישט שטערן זייער „פאַרברידערן זיך" מיט די פעלקער. זיי זעען נישט, אַז אַנטי־יידנטום איז נאָך געפערלעכער פונעם אַנטיסעמיטיזם וואָס איז נאָר אַנטי־יידן. דער אַנטי־יידנטום פון דער אַסימילאַציע, הייסט אַנטי־ציוניזם, אַנטי־ארץ־ישראל. דאָס הייסט אויך „דאַאיגקייט". מיר איז גוט דאָ. איך מאַך דאָ גוטע געשעפטן. אַנ־דערע יידן מאַכן אויך גוטע געשעפטן. און די יידן פון די אַנדערע לענדער זאָלן זיך סטאַרען מאַכן גוטע געשעפטן אין זייערע לענדער. די דאָזיקע יידן מיט זייערע גוטע געשעפטן זענען דם־שונאים פון די אַנדערע יידן, וועלכע קומען זיי אַמאָל דערמאָנען וועגן ארץ־ישראל און פאָדערן ביי זיי גאָר אַ ביישטייע־רונג פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל. דאָס באַטראַכטן זיי פשוט אַלס גזילה. וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי, די „דאַאיקע" יידן, מיט ארץ־ישראל? זיי מאַכן דאָ אַזעלכע גוטע געשעפטן, אַז אין ארץ־ישראל וואָלטן זיי זיכער קיין בעסערע נישט געמאַכט. טאָ וואָס ווילן די גזלנים, די ציוניסטן, פון זיי?

***

מיט די דאָזיקע ווערטער קעגן דער גלות־צופרידנקייט, וויל איך זיך נישט אָוועקשטעלן אויפן שטאַנדפונקט פון די פאַרנייגער פון גלות. דער גלות איז אַ היסטאָרישע דערשיינונג וועלכע דאָס יידישע פאָלק דאַרף היסטאָריש בייקומען דורך נאַציאָנאַלער אויפלעבונג אין אַן אייגענער מדינה. ערשט דאַן ווען מיר וועלן האָבן אַ נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ אין אַן אייגן לאַנד וועט דער גלות באַקו־מען אַ תיקון און אַ זין. די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ אין אַן אייגן לאַנד איז דער לאָגישער המשך פון גלות. דעריבער איז, ווער עס רעדט וועגן יידישן המשך קאָן זיך נישט אָפּזאָגן פון דער מיטאַרבעט פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און פאַר דעם ווידעראויפבוי פון דעם אַלטן לאַנד פונעם יידישן פאָלק. ס'איז אָבער נישט מעגלעך קיין יידישער המשך אין גלות אָן נאַציאָנאַלער צונויפזאַמלונג און ווידעראויפבוי. ווער עס רעדט וועגן יידישן המשך אָן ארץ־ישראל, רעדט פאַלשקייט.

# פּאָליטישע פּראָבלעמען פון יידן אין גלות

אין אַן אַנדערן מאמר האָב איך אָנגעוויזן אויף דער קאָמפּליצירטקייט פון דער פראַגע, צי מיר דאַרפן זיך יאָ אָדער נישט אַריינמישן אין די אינטערעסן פון די פעלקער. די פראַגע באַציט זיך אָבער נישט בלויז צו פּאָליטיק, נאָר אויך צו אונדזער באַטייליקן זיך אין דער קולטור פון די פעלקער. מען קאָן זאָגן אָן אַ שום גוזמא, אַז אַ גרויסער טייל פונעם אַנטיסעמיטיזם אין די קרייזן פון די דייטשע אינטעלעקטואַלן, שרייבער, זשורנאַליסטן, קינסטלער האָט געהאַט זיין שורש אין דעם צו־שטאַרקן, אַקטיוון אָנטייל פון די יידן אין דעם דייטשן קולטור־לעבן. פּאַקטיש האָט אין דייטשלאַנד עקזיסטירט אַ שאַרפער „ליטעראַרישער" און אויך טעאַטראַלער אַנטיסעמיטיזם נאָך לאַנג פאַר היטלערן. אין דעם דאָזיקן אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַ גרויסע מאָס קנאה און נישט־פאַרגינעריי. דעם דייטשן ליטעראַרישן מיכעל האָט פּשוט פאַרדראָסן, הלמאי די יידן זענען די הויפּט־וואָרטזאָגער און פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ אין דער ליטעראַרישער און קינסטלערישער קריטיק, אין טעאַטער, אין דער זשורנאַליסטיק. און דאָס, וואָס יידן האָבן זיך אַזוי הויך באַרימט מיט די גרויסע יידישע לייסטונגען, מיט דער גרויסער צאָל יידישע נאָבעל־פּרעמירטע, האָט אַרויסגערופן ביי די מערסטע דייטשן פאַרדרוס, שפּאָט און קנאה. אין איינעם פון זיינע פּאָלעמישע אַרבעטן האָט דער באַוווּסטער אַנטיסעמיטישער גראַף רעווענטלאָוו אָפּגעחוזקט פון די יידן, וועלכע באַרימען זיך מיט אַלע זייערע ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע גדולים. דאָס דאָזיקע שטענדיקע עקסהיבירן זיך מיט אונדזערע גרויסע גייסטיקע טאַלאַנטן האָבן די גויים אויפגענומען מיט צאָרן און שפּאָט. די דייטשן האָבן זיך געפילט דערנידעריקט זיי האָבן געזען זייער ליטעראַטור, זייער גייסטיק לעבן באַהערשט פון אַ מענטשן־גרופּע, וועלכע זיי האָבן נישט באַטראַכט פאַר דייטשן.

די דאָזיקע סיטואַציע האָט אַרויסגערופן אַ רעאַקציע אויך אינעם נאַציאָנאַלן יידישן לאַגער. נאָך אין מערץ 1912, האָט דער דייטש־יידישער פּובליציסט ד"ר מאָריץ גאָלדשטיין, פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אינעם זשורנאַל „דער קונסטוואָרט", אין וועלכן ער האָט געשריבן:

„מיר יידן פאַרוואַלטן דעם גייסטיקן באַזיץ פון אַ פאָלק, וועלכעס לייקנט אונדזער באַרעכטיקונג און פעאיקייט דערצו. די דאָזיקע אַזוי שאַרף פאָרמו־לירטע טאַטזאַך, וועלכע מוז אויפרעגן דאָס בלוט ביי יידן ווי ביי נישט־יידן, פאָדערט די אַנטשלאָסענע מאָסנאַמען. דער דאָזיקער קאָנפליקט מוז אויף אַ וועלכן עס איז אופן געלייזט ווערן...“

גאָלדשטיינס אַרטיקל האָט דעמאָלט אויפגערודערט די געוויסנס סיי ביי יידן ווי ביי דייטשן. דער אַרטיקל איז לעבהאַפט דיסקוטירט געוואָרן אין אַלע לאַגערן און נאָך ביז אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויפקום פונעם נאַציזם איז גאָלדשטיין אָפט ציטירט געוואָרן.

פאַקטיש האָט גאָלדשטיין אָנגעטאַפּט מיטן פינגער אויף אַ קולטורעלער ווונד, וועלכע איז פאַראַן ביי אַלע פעלקער.

אונדז אינטערעסירט דאָ דער עיקר די פּאָליטיק און דער אופן ווי די פעל־קער קוקן אויף אונדזער עקספּאַנירן זיך אין זייערע פּאָליטישע און סאָציאַלע קאַמפן. פון די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, ווען די יידן יאַקאָבי, לאַסקער און באַמבערגער האָבן געפירט זייערע קאַמפן קעגן ביסמאַרקן, ביז צו דער נאָמינירונג פון לעאָן בלום אַלס פּרעמיער פון פראַנק־רייך, איז ביי די דייטשן און אויך ביי די פראַנצויזן פאַראַן געווען אַ שטאַרקע אינערע רעאַקציע קעגן דעם, אַז יידן זאָלן שפּילן די ערשטע פידל אין דער פּאָ־ליטיק. און די דאָזיקע רעאַקציע אויף דער קריסטלעכער זייט האָט שוין פון פריער אָנגעטראָפן אַ רעאַקציע אויף דער יידישער זייט. אין קאָנסערוואַטיווע און אין בירגערלעך־„רואיקע“ קרייזן האָט מען שטענדיק געקוקט מיט אַ געוויסן אומרו אויף די יידישע פאָרשטייער, וועלכע עקספּאַנירן זיך צו פיל אין די פּאָ־ליטישע און סאָציאַלע קאַמפן. וואָרום כאָטש די יידישע פּאַרלאַמענטאַריער אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך זענען פאָרמעל און פּאָליטיש געווען די רעפּרעזענ־טאַנטן פון זייער נישט־יידישער וועלערשאַפט און פון זייערע נישט־יידישע פּאַר־טייען, האָבן דאָך זייערע פּאָליטישע קעגנער זיי באַטראַכט אַלס יידן און זייערע בלומרשטע זינד פאַרשריבן אויפן חשבון פון די יידן. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי דער אויפקומענדיקער יידיש־נאַציאָנאַלער באַוועגונג צום אָנפאַנג פון אונדזער יאָרהונדערט די לאָזונג: זיך נישט צו עקספּאַנירן צופיל אין די אַלגעמיין־פּאָלי־טישע קאַמפן, און באַזונדערס זיך נישט אַריינצומישן אין די ענינים, וועלכע גייען אונדז דירעקט נישט אָן.

אַ טייל יידישע פּובליציסטן זענען אין דער פראַגע פון נישט־עקספּאַנירן זיך דערגאַנגען ביז צום עקסטרעם. אַזוי למשל האָט מאַקס נאָרדוי אויף אַן אָנקעטע וועגן די יידן אין רומעניע, צום סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, געענט־פערט, אַז מען דאַרף געבן די רומענישע יידן פולע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטי־קונג, פולע בירגערלעכע רעכט, אָבער נישט קיין פּאָליטישע רעכט. מאַקס נאָרדוי האָט געוואָלט, אַז די רומענישע יידן זאָלן אַליין מוותר זיין אויף די פּאָליטישע

רעכט, האַלטנדיק אַז דאָס אָנטיילנעמען אין די פּאָליטישע קאַמפן, אין וואַלן און אין פּאַרלאַמענט קאָן די יידן קיין גוטס נישט ברענגען. ווייל מיט וועלכער פּאַרטיי די יידן זאָלן נישט גיין, וועלן זיי ארויסרופן די שנאה פון די אַנדערע פּאַרטייען און נאָר העלפן פאַרשטאַרקן דעם אנטיסעמיטיזם, נישט געווינענדיק גאָרנישט פון זייערע פּאָליטישע רעכט און פון זייער פּאָליטישער אַקטיוויטעט.

נאָרדוים ענטפער האָט אין זיין צייט ארויסגערופן לעבהאַפטע דיסקוסיעס און נאָרדוי איז לײדנשאַפטלעך באַקעמפט געוואָרן אפילו פון אַזעלכע יידן ווי „רבי" יוסף שמואל בלאָך.

נאָרדוים שטעלונג איז אפשר געווען אַ טעותדיקע, וואָרום אין אַ פּאַרלאַמענטאַריש רעגירט לאַנד קאָן קיין שום גרופּע נישט האָבן פאַרזיכערט אירע בירגערלעכע רעכט און איר סאָציאַל־עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, אויב זי איז אויסגעשלאָסן פון די פּאָליטישע רעכט — דאָס הייסט פון פּאַסיוון און אַקטיוון וואַלרעכט. אָבער נאָרדוי האָט מיט זיין שאַרפן חוש באַנומען אין רומענישן פאָלק און ער איז געווען זיכער, אַז סיי־ווי וועלן יידן אין רומעניע אפילו ווען זיי וועלן האָבן זייערע פּאַרטרעטער אינעם פּאַרלאַמענט, נישט זיין אין דער לאַגע צו פאַרטיידיקן זייערע בירגערלעכע רעכט. ווי מיר האָבן דאָס געזען, אגב, אין פּוילן, באַזונדערס אין די לעצטע צען יאָר פאַר דער מלחמה. דערפאַר טאַקע איז נאָרדוי געווען גרייט מקריב צו זיין די פּאָליטישע פאַר די בירגערלעכע רעכט.

אָבער פּונקט ווי דעמאָלט און אפשר נאָך מער ווי דעמאָלט איז היינט שווער צו רעקאָמענדירן וועמען ס'איז, מותר צו זיין אויף וועלכע ס'איז רעכט. ווי שטאַרק די פּאָליטישע רעכט זאָלן אונדז נישט האָבן אַנטוישט, קאָנען מיר אויף זיי נישט מוותר זיין — שוין נישט אַזוי צוליב אונדז ווי אין אינטערעס פונעם גאַנצן לאַנד. וואָרום אין אַ לאַנד, ווו אַ געוויסער טייל פון דער באַפעלקערונג ווערט אויסגעשלאָסן פון וועלכע ס'איז אַלגעמיינע רעכט, איז די דעמאָקראַטיע קראַנק, און דער גאַנצער רעכט־סיסטעם איז נישט קיין זיכערער. מיר קענען זיך דעריבער נישט אָפּזאָגן פון אונדזער אַנטייל אינעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. אָבער אין אונדזער פּאָליטישער אַקטיוויטעט טאָרן מיר זיך קיינמאָל נישט דערווייטערן פון יידישער אחריות. די יידישע אחריות פאָדערט פון אונדז זיך נישט צופיל צו עקספּאָנירן אָן דער שפּיץ פון עקסטרעמע פאַרטייען, וועלכע קענען אונדז נישט פאַרטיידיקן אין אַ מאָמענט, ווען מיר געפינען זיך אין אַ באַדראָטער סיטואַציע. האָבן אפשר די דייטשע און עסטרייכישע סאָציאַליסטן געקאָנט פאַרטיידיקן די יידן אין דער נויט? אין סכסוכים צווישן פעלקער דאַרפן מיר זיך היטן, זיך קיינמאָל נישט צו שטעלן אויף דער זייט פון דעם שטאַרקן קעגן דעם שוואַכן —— אפילו ווען אַ טייל פון אונדז ווייזט זיך אויס, אַז דער שטאַרקער האָט רעכט. נישקשה, דער שטאַרקער וועט שוין אַליין זיין שטעטל באַשטיין — אָן אונדזער הילף און אָן אונדזער טומל.

און אויך דאָס דאַרפן מיר געדענקען: דאָרט, ווו אַ פאָלק זעט זיך באַדראָט

אין זיין עקזיסטענץ און אין זיין נאציאָנאַלער פרייהייט, זאָל אונדזער באַציאונג נישט זיין אַזאַ, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק זאָל אין אונדז זען זיין שונא. פעלקער האָבן אַ גוטן זכרון. פעלקער פאַרגעסן נישט, ווער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט קעגן זיי אין אַ טראַגישן מאָמענט.

און דער עיקר: מיר זענען אַן אַלט פאָלק, אָבער מיר פירן זיך אויף טייל־מאָל ווי פעלקער־קינדער, וועלכע הויבן ערשט אָן זייער געשיכטע. מיר לאָזן זיך צופיל פאַרכאַפּן פון די פּאַסירונגען פונעם טאָג. דערפאַר זענען מיר אַזוי אָפט די אַנטוישטע.

מיר דאַרפן דענקען געשיכטלעך. די מענטשלעכע געשיכטע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אין 1945 און זי וועט זיך אויך נישט אָפּשטעלן אין די קומענדיקע יאָרן. פעלקער און לענדער און מלוכות בייטן זיך און קיינער פון אונדז קאָן נישט וויסן, ווי אַזוי דאָס אָדער יענץ לאַנד וועט אויסזען אין צוואַנציק אָדער גאָר אין פופציק, אין הונדערט יאָר אַרום. און אָט דאָס פאַרשטיי איך אונטער נישט אַריינמישן זיך: נישט מאַכן זיך אומזיסטיקע שונאים. נישט אַריינשטופּן די הענט אין פייער, ווו מיר קאָנען זיך נאָר אָפּבריען די פינגער. דאָס הייסט נישט, אַז מיר דאַרפן בלייבן פּאָליטיש פּאַסיוו. אָבער אין אונדזער פּאָליטישער אַקטיוויטעט דאַרפן מיר זיין אַביסל איינגעהאַלטענער, דיסקרעטער, זיך נישט שטעלן קיינמאָל אָן דער שפּיץ פון פּאָליטישע באַוועגונגען, דאָס איז נישט גע־זונט פאַר אונדז און נישט פאַר די באַוועגונגען.

# דריי דערמאָרדעטע

צווישן אַ מאַסע פון פינף מיליאָן אָדער מער פאַרפייניקטע און דערמאָרדעטע איז, דוכט זיך, נישט קיין נפקא מינה צי עס זענען געווען דריי מער, אָדער דריי ווייניקער. אין דער מאַסע איז עפּעס ווי מיר וואָלטן פאַרלוירן פון אויג די איינצלנע ווייטיקן און איינצלנע שיקזאַלן. מיר זענען גאָר נישט בכוח אריינצונעמען אין אונדזער באַגריף אַזוי פיל גרויל און אַזוי פיל אימה פון פינף מיליאָן מאָל מאָרד, פון פינף אָדער זעקס מיליאָן פאַרפייניקטע און אין פיין און דערנידעריקונג אומגעבראַכטע מענטשן־לעבנס. בפרט ווען יעדן איינעם פון די דערמאָרדעטע האָבן די רוצחים נישט בלויז צוגענומען דאָס לעבן, נאָר מיט טויט־שרעק און פיין און דערנידעריקונג פאַרלענגערט דעם מאָרד־אַקט, אַזוי, אַז זיי האָבן יעדן איינעם פון די דערמאָרדעטע געמאָרדעט נישט איין מאָל, נאָר צען מאָל, הונדערט מאָל.

אָבער פאַר אונדז איז פאַראַן נאָר די מאַסע, נאָר די גרויסע צאָל, די טויזנטער יידן, וועלכע מען האָט אריינגעטריבן אין די דעפּאָרטאַציע־וואַגאָנעס, און וועלכע מען האָט נאָך לאַנגע פּייניקונגען אריינגעטריבן אין די גאַז־קאַמערן. אָדער מען האָט זיי געטריבן אין אַ וואַלד אריין און זיי געהייסן אויסגראָבן קברים פאַר זיך אַליין, און דערנאָך האָט מען זיי אויסגעשאָסן מיט מאַשין־געווער אין די קברים אריין.

אָבער דאָס אַלץ איז מאַסע. מיר הערן וועגן 20.000, וועגן 30.000, וועגן 100.000 יידן דערמאָרדעטע אין איין שטאָט און די מאַסע פאַרשטעלט פאַר אונדז דעם צער און די יסורים און די פּיין פון דעם איינצלנעם מענטשן. ערשט ווען פון דער מאַסע פון די דערמאָרדעטע ווייזן זיך אַרויס איינצלנע פּנימער, באַזונדערס ווען דאָס זענען פּנימער פון באַקאַנטע, דערפילן מיר דעם גאַנצן ווייטיק און די גאַנצע פאַרשאָלטנקייט פון די רוצחים.

די טעג בין איך געווויר געוואָרן וועגן דריי פון די דערמאָרדעטע — דריי פון אַ מאַסע פון פינף מיליאָן. די דריי זענען: דער מאָלער אברהם ניימאַן, דער פאָלקסטימלעכער פּאָעט מ. געבירטיג און דער היסטאָריקער ד״ר ע. רינגעלבלום. איך האָב זיי אַלע דריי געקענט און דערפאַר רופט די ידיעה וועגן זייער טויט דורך די הענט פון מערדער ביי מיר אַרויס אַ טיפן שמערץ.

דער מאַלער אברהם נײמאַן איז געװען אַ צאַרטער קינסטלער, צאַרט אַלס מאַלער, אַלס שריפטשטעלער און אַלס מענטש. ער איז געקומען קײן קראָקע אין דער צײַט װען עס זענען דאָרט געװען שלום אַש און אברהם רײזען. אַ ײדישער קינסטלער װאָס זאָל האָבן אינטערעס פאַר דער ײדישער ליטעראַטור און װאָס זאָל אַלײן שרײַבן ײדיש, איז אין יענע יאָרן (אַרום 1905) נאָך געװען אַ זעלטנ־הײט. ער האָט באַלד געװוּנען פרײַנט אין קראָקע און אױך אַ לעבנס־פרײַנט — די טאָכטער פון דעם באַװוּסטן בוך־דרוקער יוסף פישער, בײַ װעמען עס האָט זיך געדרוקט די ערשטע מאָדערנע ײדישע װאָכנשריפט „דער יוד" און װו פּרץ האָט געדרוקט זײַן „פאָלקס־ביבליאָטעק" און ביאַליק־ראַװניצקי דעם ספר האגדה. דורך דער חתונה מיט אַ קראָקעװער ײדישער טאָכטער איז נײמאַן פאַרבונדן געװאָרן מיט קראָקע, װו ער האָט געפונען דעם טױט דורך די הענט פון די מערדער.

דער היסטאָריקער דר ע. רינגעלבלום איז געװען אַ פּאַרטײ־מענטש. אַ פירנדער מיטגליד פון דער פּאַרטײ פון די לינקע פּועלי ציון. אָבער ער האָט זיך נישט פאַרלױרן אין דער פּאַרטײ. ער האָט נאָך געהאַט צײַט און װילן אַרױסצוגעבן װיכטיקע היסטאָרישע אַרבעטן. באַזונדערס װערטפול זענען זײַנע אַרבעטן צו דער געשיכטע פון די ײדן אין װאַרשע, װעלכע ער האָט פאַרעפנט־לעכט אין די „היסטאָרישע שריפטן" פונעם ײדיש װיסנשאַפטלעכן אינסטי־טוט (באַנד 1 און 2). רינגעלבלום האָט אױך אַרױסגעגעבן היסטאָרישע דאָקו־מענטן צו דער געשיכטע פון די ײדן אין פּױלן און אײניקע אַרבעטן אױך אין פּױליש.

חוץ זײַנע װיסנשאַפטלעכע פאָרשונגס־אַרבעטן האָט רינגעלבלום זיך אױף אַ ערנסטן אופן פאַרנומען מיט פאַרשפּרײטן קולטור צװישן דער ײדישער אַר־בעטערשאַפט.

ד"ר רינגעלבלום איז געװען אַ זון פון אַ באַלעבאַטישער משפחה אין סטאַ־ניסלאַװ (דרום־מזרח־גאַליציע). ער איז דערמאָרדעט געװאָרן ערשט אין מערץ פון דעם יאָר. װעגן זײַן מאָרד מעלדעט דער אונטערערדישער ײדיש־נאַציאָנאַ־לער קאָמיטעט אין פּױלן אין אַ באַריכט צו ד"ר שװאַרצבאַרט, אינזש. אַנזעלם רײס און ד"ר אריה טאַרטאַקאָװער. אין דעם באַריכט װערט דערצײלט, אַז די געשטאַפּאָ האָט אַנטדעקט די אונטערערדישע באַהעלטעניש פון ד"ר ע. רינגעל־בלום אױף דער „אַרישער" זײַט פון דער שטאָט, אין װעלכער ער האָט ביז אין דער לעצטער מינוט אינטענסיװ געאַרבעט. ער איז דערשאָסן געװאָרן צוזאַמען מיט זײַן פרױ און זײַער זונדעלע און נאָך 35 אַנדערע באַװױנער פון דער באַ־העלטעניש. ער האָט איבערגעלאָזט אַ רײַע כראָניקאַלישע װערק פון גרױסן װערט, װעלכע געפינען זיך אין רשות פון דעם דערמאָנטן אונטערערדישן „ײדיש נאַציאָנאַלן קאָמיטעט" אין פּױלן. הלװאי די מענטשן פון דעם קאָמיטעט זאָלן בלײַבן לעבן און די איבערגעבליבענע מאַנוסקריפּטן פון דעם דערמאָרדעטן יונגן

געלערנטן (רינגעלבלום איז געווען א מענטש פון א יאר 44) זאָלן נישט פאַר־לוירן גיין.

דער דריטער פון די דריי דערמאָרדעטע, מ. געבירטיג, איז באַקאַנט יעדן יידן, וועלכער הערט אמאָל א יידיש לידל. א מאַסע לידער פון געבירטיגן זענען באַקאַנט און ווערן געזונגען אומעטום אין דער וועלט ווו עס קלינגט די יידישע שפּראַך.

מ. געבירטיג האָט אָנגעהויבן שרייבן יידישע לידער, ווען ער — האָט נאָך נישט געקענט שרייבן קיין יידיש. דאָס איז געווען מיט א 40 יאָר צוריק. ער פלעגט מיר דאַן ברענגען זיינע יידישע לידער פאַרן „יידישן ארבעטער", וועלכן איך האָב דאַן רעדאַקטירט, געשריבענע מיט לאַטייניש ער שריפט. וואַרשיינלעך האָט ער זיך שפּעטער אויסגעלערנט שרייבן יידיש. נישט קוקנדיק אויף דער פרעמדער שריפט, איז זיין שפּראַך געווען עכט יידיש, פון דעם ווייכן קראָקע־ווער יידיש. געבירטיג איז געווען א הארציקער מענטש, א האַרעפּאַשניק מיט א פּאָעטישער נשמה. אין די יאָרן ווען וועלכע עס רעדט זיך דאָ, איז געבירטיג געווען אַן אָנגעשטעלטער אין א מעבל־געשעפט. דאָס איז א פאַך ביי וועלכן מען מוז שווער ארבעטן. און דער ארבעטסטאָג איז דאַן געווען נישט קיין 8 שעהדי־קער, נאָר 12 שעה האָט מען געאַרבעט. און נאָך אזא שווערן ארבעטסטאָג האָט געבירטיג נאָך געהאַט אַן אינטערעס צו שרייבן און צו זינגען לידער. דאָס איז געווען אין אמתן זינען פון דעם וואָרט א „נאַטור־זינגער" ווי די דייטשן פלעגן דאָס אָנרופן. געבירטיג איז אין זיינע לידער פּשוט און אומגעקינצלט, אזוי פּשוט און אומגעקינצלט ווי עס איז דאָס לעבן.

זינגט ער זיך אזוי:

העי, קלעזמאָרים, גוטע ברידער!
איר באַקומט פון מיר אויף וויין
שפּילט מיר אויף א פריילעך לידל,
שלעפּט מיין מרה שחורה איין.
טרויעריק איז מיר אויפן הארצן,
כ'פיל, דאָרט עפּעס נאָגט און קוועלט:
ס'בענקט נאָך עפּעס מיין נשמה
און איך ווייס נישט וואָס מיר פעלט.

אזוי זינגט ער, געבירטיג, ווען „קינדער־יאָרן, זיסע קינדער־יאָרן" וואָס בלייבן אייביק וואַך אין זיין זכרון.

און ער זינגט ווען דער מאַמע — דער מאַמע מאַטיוו ציט זיך ממש ווי א רויטער פאָדעם דורך א גרויסער צאָל פון זיינע לידער. און לעבן דעם מאַמע־מאָטיוו האָט געבירטיג א סך וויג־לידער און ווידער לידער פון קינדער־יאָרן, די קינדער יאָרן פון א יידיש חדר יינגל. און פאַרשטייט זיך, אויך ליבע־לידער — ס'איז ליבע פון פּשוטע אָרימע מענטשן:

„חנהלע מיין לעבן, חנהלע דו מיין,
כ׳וויל דו זאָלסט דאָס רעטעניש
מיר געבן צו פאַרשטיין —
ווען דו קומסט מיר אויפן זינען.
מעגן רוישן די מאַשינען,
מעג דאָס בינעלאַייזן ווערן קאַלט,
האָב איך אַזוי ליב און גערן
שעהן לאַנג פון דיר צו קלערן,
כ׳זע פאַר מיר דיין טייער ליב געשטאַלט.״

ער איז געווען אַ האַרציקער מענטש, דער האָרעפּאַשניק־פּאָעט און פאָלקס־זינגער מרדכי געבירטיג. האָבן זיי אים דערמאָרדעט, אַזוי ווי זיי האָבן דערמאָר־דעט טויזנטער און טויזנטער אַנדערע יידן, אַזוי ווי זיי האָבן געמאָרדעט די אומשולדיקע עופהלעך, די יידישע קינדערלעך.

# אַ שמועס וועגן נקמה

מיר זענען געזעסן עטלעכע מענטשן, מענער און פרויען, און גערעדט וועגן אַן ענין, וועגן וועלכן מען רעדט זייער אָפט ביי אונדז די לעצטע צייטן — וועגן נקמה. וועגן וואָס יידן זאָלן היינט נישט רעדן, קומט מען אַלץ צו דער דאָזיקער אַזוי צו זאָגן צענטראַלער טעמע: ווי אַזוי זאָל מען, ווי אַזוי וואָלט מען באַדאַרפט נקמה נעמען פון אונדזערע שונאים פאַר זייערע גרוילדיקע און שענדלעכע רציחות קעגן אונדזערע ברידער? ווי אַזוי קען מען נעמען נקמה פון די רוצחים פאַר זייער פייניקן און מאַטערן דורך טויזנטערליי עינויים די יידן ביי דער שקלאַפן־אַרבעט, פאַר די פייניקונגען אין די דעפּאָרטאַציע־וואַגאָנעס, פאַר די טויט־לאַגערן אין אָשוויענטשים, מאַידאַנעק, טרעבלינקע און צענדליקער אַנדערע מאָרד־לאַגערן? צי איז אפשר אונדזער נקמה־דורשט אַן אומבאַרעכטיקטע אָדער אוממאָראַלישע? גיכער וואָלט געווען אוממאָראַליש פון אונדזער זייט, ווען מיר זאָלן נישט פילן די דאָזיקע נקמה־באַדערפעניש, ווען מיר זאָלן ווי צעקראָכענע גוטע מלאכימלעך אַלץ מוחל זיין, אַלץ פאַרגעסן.

צי מעג אַ נאָרמאַלער מאָראַלישער מענטש מוחל זיין אַזעלכע פאַרברעכנס? דאָס זענען דאָך נישט קיין געוועינלעכע פאַרברעכנס, וואָס שלעכטע מענטשן באַגייען, ווען זיי פאַלן אַריין אין רציחה, קעגן איינעם, וועלכן זיי האַלטן פאַר זייערן אַ שונא. די פאַרברעכנס פון די דייטשן קעגן אונדז זענען דאָך פאַרברעכנס קעגן דער נאַטור; דאָס זענען פאַרברעכנס נישט בלויז קעגן דאָס מענטשלעכע אין אונדז, נאָר אַפילו קעגן דעם לעבעדיקן וועזן אין אונדז. די פאַרברעכנס, וועלכע די דייטשן זענען באַגאַנגען קעגן אונדז, האָבן דאָך נישט זייערס גלייכן אין גרויזאַמקייט אַפילו צווישן די ווילדע בלוטדורשטיקע חיות. טאָ ווי קאָן מען אין אַזאַ פאַל זיך אָפּזאָגן פון נקמה? ווי קאָן מען זיין אַ גוטער צעקראָכענער מלאך און מוחל זיין דעם שונא?

זיצן יידן און דערציילן פאַרשידענע איינצלנע פאַלן פון דער בלוטיקער געשיכטע פון די דייטשע גרויזאַמקייטן. דערציילט אַ פרוי אַ פאַקט, וועלכן זי האָט ערגעץ געהערט אָדער געלייענט, וועגן אַ דייטש, וועלכער האָט ביי אַ פאַרבייגייענדער יידישער פרוי אַרויסגעריסן איר קינד, וואָס זי האָט געטראָגן אויף די הענט, און עס אַריינגעשליידערט אין די פלאַמען פון אַ ברענענדיק הויז. דער־

ביי האָט ער זיך געריי צט מיט דער אָרימער פרוי: אויב דו ביסט אַ געטרייע מאַמע, שפּרינג אַריין אין די פלאַמען און ראַטעווע אַרויס דיין קינד.

צי זענען דאָס מעשיות פון דער פאַנטאַזיע? האָט אַן איבערגעשראָקענע פאַנטאַזיע אויסגעטראַכט אַזעלכע גיהנום־בילדער? דאָס זעט דאָך אויס קעגן דער נאַטור אַפילו פון די סאַמע פאַרדאָרבנסטע דעגענערירטע מענטשן. אָבער דייטשן זענען באַגאַנגען בלוטיקע מעשים פון רשעות און אכזריות, וואָס שטעלט זיי טאַקע אַוועק מחוץ פון דער מענטשלעכער נאַטור. עס זענען וועגן דעם פאַראַן דערציילונגען פון עדי ראיה. עס זענען פאַראַן וועגן דעם פאַרצייכענונגען אין הונדערטער באַגלויביקע דאָקומענטן.

איז טאַקע נקמה נישט בלויז באַרעכטיקט — זי איז אַ מאָראַלישע פליכט. און אַגב זענען מיר יידן נישט די איינציקע, וועלכע טראַכטן וועגן נקמה. רוסן, פּאָליאַקן, טשעכן, מאַדיאַרן, גריכן, איטאַליענער, פראַנצויזן, בעלגיער, האָלענדער, נאָרוועגער, דענער — אַלע פעלקער, וועלכע האָבן געליטן און ליידן נאָך פון די דייטשן, אַלע פעלקער, וועמעס זין זענען פאַרשלעפּט געוואָרן צו שקלאַפן־אַרבעט צו די דייטשן, דורשטן נאָך נקמה — זיי ברענען פשוט פון נקמה־דורשט.

מיר יידן האָבן געליטן מער, צען מאָל, הונדערט מאָל אַזוי פיל ווי די אַנדערע פאַרשקלאַפטע פעלקער. אונדזער נקמה־געפיל איז טאַקע דאָס צום מערסטן באַרעכטיקטע.

זיצן יידן, יידישע מענער און פרויען, און ר'עדן וועגן נקמה. מען רעדט אַרום די באַקאַנטע, שוין טויזנט מאָל איבערגעחזרטע טעמע: וואָס מען וואָלט באַדאַרפט טון מיט היטלערן. און יעדער באַזונדער שטרענגט זיך אָן אויסצודריקן דאָס גאַנצע ביסל גרויזאַמקייט, וואָס ליגט ערגעץ באַהאַלטן אין די נשמה־טיפענישן פון יעדן איינעם פון אונדז. און מיט אָט אַזאַ גרויזאַמקייט וואָלט ער וועלן באַשטראָפן היטלערן.

היטלערן! נו, יאָ: היטלער איז דער דאָזיקער לומפּיגער, הזירישער טייוול, דער דאָזיקער טיילאָנישסטער פון אַלע טייוואָלים, אין וועמענס קאָפּ ס'איז אפשר געבוירן געוואָרן די דאָזיקע פאַרשאָלטענע אידעע אויסצוראָטן אַ גאַנץ פאָלק דורך גרויזאַמע פּייניקונגען און מאָרד. אָבער היטלער איז דאָך נאָר איינער, און צי איז טאַקע היטלער דער פאָטער פון דער „אידעע“, צי איז נישט אפשר די דאָזיקע אידעע געבוירן געוואָרן אינעם קאָפּ פון אַ געבעלס, אַ הימלער, אַ גערינג, אַ ראָזענבערג אָדער אַ יוליוס שטרייכער? און ווען אַפילו היטלער זאָל זיין דער אויטאָר פון דעם אויסראָטונגס־פּלאַן, צי קאָן מען דורך דער באַשטראָפונג פון איין מענטשן אַפילו מיט דער גרויזאַמסטער שטראָף אָפּוואַשן דאָס בלוט, וואָס אַ גאַנץ פאָלק האָט פאַרגאָסן? איז היטלער גענוג צו זיין אַ כפרה פאַר אַלע דייטשן?

אַלע זענען איייניק, אַז איין היטלער איז אַ צו־קליינע, צו־שוואַכע כפרה. צוזאַמען מיט היטלערן האָבן געפּייניקט און געמאָרדעט קודם־כל זיינע נאָענטסטע

מיטאַרבעטער: הימלער, גערינג, געבעלס, ריבענטראָפּ, פונק, פראַנק און אַלע גאַולייטערס, גובערנאַטאָרן, ס. ס.־פירער, גענעראַלן, קאָמאַנדאַנטן, געשטאַפּאָ־לייט, היטלער־יוגנט — דאָס אַליין איז שוין אַ מחנה פון עטלעכע הונדערט טויזנט פאַרברעכער.

אָבער צי זענען נאָר די פירער און אונטערפירער פאַרברעכער, און די אַנ־דערע, די פון דער מאַסע, וועלכע האָבן נאָר אויסגעפירט די באַפעלן פון די פי־רער, זענען אפשר אומשולדיק? צי איז פאַראַן אַזאַ געזעץ, וואָס זאָל צווינגען מענטשן צו פייניקן און צו מאָרדן אַנדערע מענטשן צי קאָן אַ מענטש, וועלכער איז באַגאַנגען אַ מאָרד, זיך פאַרענטפערן, אַז ער האָט געמאָרדעט, ווייל ער האָט באַקומען אַזאַ באַפעל?

ניין, אַזעלכע באַפעלן זענען אומגעזעצלעך סיי אין ציווילן ווי אינעם מי־ליטערישן רעכט. ווער עס באַגייט אַ מאָרד, איז אַ מערדער און איז פאַראַנט־וואָרטלעך, אפילו ווען ער האָט באַקומען דערצו אַ באַפעל. וואָרים קיין שום מענטש איז נישט פאַרפליכטעט און ער טאָר נישט אויספירן קיין פאַרברעכע־רישע באַפעלן. אפילו אַ סאָלדאַט טאָר נישט אויספירן אַזעלכע באַפעלן. און פאַראַנטוואָרטלעך, גלייך פאַראַנטוואָרטלעך ווי זייערע פירער, זענען אויך יע־נע דייטשן, וועלכע האָבן געמאָרדעט און געפייניקט יידן, נישט ווייל זיי האָבן דערצו באַקומען באַפעלן, נאָר ווייל אין דער נאַצישער דייטשלאַנד און אין די דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער איז נישט פאַרבאָטן צו מאָרדן יידן. פאַר־קערט, דאָס איז אַ פּאַטריאָטישער טאַט.

דאָס הייסט, אַז פאַר די רציחות קעגן די יידן זענען אַלע דייטשן פאַר־אַנטוואָרטלעך — די פירער ווי די געפירטע. די פירער זענען באַזונדערס פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר אָפּשאַפן דאָס מענטשלעכע רעכט, די מענטשלעכע מאָראַל און פאַר דערפירן דאָס פאָלק צו דער מאָראַלישער און פסיכישער מדרגה פון חיות־רעות.

אינמיטן דעם שמועס וועגן אונדזער פליכט צו נעמען נקמה, ספּעציעל פאַר די געפייניקטע און דערמאָרדעטע יידישע קינדער, האָט איינע פון די פרויען זיך געווענדעט צו איינעם פון די אָנוועזנדע מענער, אַ יידיש־פּוילישער וויסנשאַפטלער מיט דער פראַגע: זאָגט מיר, הער דאָקטאָר, איר וואָלט געווען פעאיק צו שיסן אויף די קינדער פון געבעלסן? דער, דורך דער דאָזיקער פראַגע איבעראַשטער, האָט זיך אַ קורצע ווײלע פאַרטראַכט און דאַן האָט ער גע־ענטפערט מיט אַ באַשטימטן טאָן:

ניין, דאָ אין אַמעריקע נישט: אָבער אין דייטשלאַנד אָדער אין וועלכן ס׳איז פון די אָקופּירטע לענדער וואָלט ער געשאָסן אויף די קינדער פון די נאַצישע מערדער.

די שטימונג איז געווען אַן אויפגערעגטע. מיר האָבן גראָד געהאַט אין דער־האַנט אַן ענגליש־געשריבענעם דאָקומענט, ווו עס זענען געווען פאַרצייכנט די

נעמען פון יידישע שרייבער, מאָלער, טעאַטער־אַרטיסטן, זשורנאַליסטן, פּעדאַ־גאָגן, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, געלערנטע, כלל־טוער, וועלכע די דייטשן האָבן אויסגעמאָרדעט אין פּוילן. אין דער רשימה זענען געווען אַ סך נעמען, וועלכע די אַנוועזנדע האָבן געקענט פּערזענלעך און מיט אַ טייל פון זיי געווען פּער־זענלעך באַפריינדעט. אין איינער פון די רשימות איז געווען דער נאָמען פון יאַנוש קאָרטשאַק, דעם דאָזיקן גוטן מענטשן און קינדער־פריינט, וועלכער האָט אינעם לעבן גאָרנישט געשטרעבט פאַר זיך, און וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט די קינדער. דערמאָנענדיק דעם נאָמען פון יאַנוש קאָרטשאַק האָט מען ווידעראַמאָל דערציילט דעם פאַקט פון קאָרטשאַקס עקידה־וועג בראש פון די יתומים פון אָטוואָצק צו די דעפּאָרטאַציע־וואַגאָנעס, וועלכע האָבן געפירט דעם גרויסן קינדער־פריינט צוזאַמען מיט זיינע געליבטע קינדער צו די גאַז־קאַמערן.

נאָך אונטערן איינדרוק פון דער דערציילונג וועגן דער שווידערלעכער שאַנדטאַט פון די דייטשן אין פּוילן, האָט דער אינטעלעקטואַל דערקלערט מיט אַ זיכערן טאָן: יאָ, אין דייטשלאַנד און אין די פון די דייטשן אָקופּירטע לענ־דער וואָלט ער געוועזן פעאיק צו שיסן אויף די קינדער פון די רוצחים.

איך האָב מיך אָנגערופן: ניין, הער דאָקטאָר, איר וואָלט דאָס נישט גע־טון. וואָרום סוף־כל־סוף זענען דאָך די קינדער אומשולדיק. מיר גלויבן דאָך נישט אין דער ראַסן־טעאָריע. די קינדער קען מען דאָך דערציען צו גוטע מענטשן!

(1944)

# נאָך וועגן נקמה

צי איז פאַראַן נאָך אין אַ וועלכער ס'איז שפּראַך די פראַזע „זיך דערלעבן אַ נקמה"? די דאָזיקע פראַזע קלערט־אויף אין אַ באַדייטנדער מאָס די פּסיכאָ־לאָגיע און די מאָראַל פון נקמה ביי יידן. ביי אונדז ווערט נקמה פאַרשטאַנען מערסטנטיילס ווי אַ גאָט־שטראָף. דאָס הייסט, דער מענטש וואָס טוט שלעכטס, באַקומט זיין שטראָף, און מיר דאַרפן גאָרנישט צולייגן קיין האַנט דערצו, אויס־צושלאָגן אַ צאָן פאַר אַ צאָן און אַ אויג פאַר אַן אויג. אָט אַזוי איז אונדזער נקמה אַן אַבסאָלוט מאָראַלישע זאַך. דער גורל אַליין באַשטראָפט די מענטשן פאַר זייערע פאַרברעכנס און פאַר זייער שלעכטסקייט. מיר דאַרפן נישט און מיר טאָרן נישט הרגענען און פּייניקן דייטשע פרויען און קינדער דערפאַר וואָס זיי האָבן אַזוי געטון מיט אונדזערע פרויען און קינדער. אָבער ס'איז פאַראַן אַ גע־רעכטיקייט אויף דער וועלט און דער שלעכטער מענטש און שלעכטע פעלקער באַקומען זייער שטראָף פאַר אַלע זייערע שלעכטע מעשים. און די שטראָף איז ממש ווי אין דער תורה שטייט: אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן.

וועגן דעם דאָזיקן מין שטראָף וואָס די דייטשן באַקומען איצט לייענען מיר אין אַ טעלעגראַמע פון שטאָקהאָלם:

„צייטונגס־ידיעות פון בערלין דערציילן וועגן כוואַליעס פון פרויען און קינדער, פאַרהונגערטע, אויסגעצערטע און ממש טויט פון קעלט קומען אָן כסדר אין דער הויפּטשטאָט פון רייך. די דאָזיקע טרויעריקע קאַראַוואַנע קומט פון פּוילן, פון מזרח־פּרייסן און פון שלעזיע, אַנטלויפנדיק אין פאַרצווייפלונג פאַר דעם אַוואַנגאַרד פון די רוסישע טרופּן. בערלין איז די ערשטע סטאַציע פאַר די פּליטים, ווו זיי רוען זיך אויס פון דער וואַנדערונג. אַלע באַן־סטאַציעס זענען פאַרפּלייצט פון מענטשן, אויף אַזוי ווייט, אַז דאָס בילדעט אַ שווערע פּראָבלעם פאַר די לאָקאַלע רעגירונגס־אויטאָריטעטן".

אָט אַזוי אַנטלויפן איצט דייטשע פרויען און קינדער. ס'איז נישט אַזוי לאַנג אין דעם, ווען די דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן יידישע פאַמיליעס פון זייע־רע היימען, פון וועלכע זיי האָבן גאָרנישט געטאָרט מיטנעמען. יידישע פאַמי־ליעס האָבן אַלץ געמוזט איבערלאָזן פאַר די דייטשן, וועלכע האָבן פאַרנומען די יידישע היימען מיט אַלץ, וואָס דאָרט איז געווען. פון בערלין און פון די אַנדערע

באַמבאַרדירטע שטעט האָבן די דייטשן אַרויסגעשיקט זייערע פרויען און קינ־דער קיין פּוילן צו פאַרנעמען די יידישע וווינונגען, בעת זיי האָבן געשלעפּט די יידן, די פרויען און די קינדער אין די מאָרד־לאַגערן, אין די גאַז־קאַמערן פון מאַידאַנעק, אָשוויענטשים אָדער טרעבלינקע. איצט מוזן די זעלבע דייטשע פרויען צוריקלויפן אין די באַמבאַרדירטע דייטשע שטעט, און כאָטש מען שטופּט זיי נישט אָן אין פאַרמאַכטע פאַרזיגלטע וואַגאָנעס אָן לופט, אָן וואַסער, אָן שפּייז, — איז שוין דאָס נע־ונדע לעבן פון פּליטים אויך געווג אַלס אַ דערוויי־ליקע שטראָף.

אָט וואָס עס זאָגט זיך ווייטער אין דער ציטירטער טעלעגראַמע:

„ס'איז פאַראַן אַ שטאַרקער אומרו וועגן דעם גורל פון 100.000 קינדער, וועלכע זענען אין זיין צייט עוואַקואירט געוואָרן פון בערלין קיין אָסט־פּרייסן, פּוילן און שלעזיע. די בערלינער צייטונגען סטאַרען זיך באַרואיקן די פאַמיליען־פאַטערס, דערקלערנדיק, אַז ס'איז נאָך דאָ אַ האָפענונג, אַז די קינדער וועלן געראַטעוועט ווערן איידער די סאָוועטישע אַרמייען וועלן איבערשניידן אַלע קאָמוניקאַציעס".

די שוועדישע צייטונג „אַפטאָנטידנינגען" איז מודיע, אַז די רוסישע כוחות זענען אַריין אין לאָדזש, איידער די באַפעלקערונג האָט געהאַט צייט צו אַנט־לויפן. אַ סך דייטשן זענען אַרויפגעשפּרונגען אויף די זיך צוריקציענדע דייטשע טאַנקען, אַנדערע זענען איבערגעפאַלן די וועגענער און אַנדערע טראַנספּאָרט־מיטלען, פאַנצער־וועגענער, מאָטאָריזירטע קאַנאָנען, און אַזוי זענען זיי אין לעצטן מאָמענט אַנטלאָפן".

אָט אַזאַ גורל האָט געטראָפן די דייטשן אין לאָדזש, וועלכע האָבן זיך רו־איק צוגעקוקט צו דער פאַרשקלאַפונג, פּייניקונג און אויסראָטונג פון די יידן אין לאָדזש. און נישט בלויז זיי האָבן זיך צוגעקוקט, נאָר זיי האָבן צוגעהאָלפן און גענומען אַ חלק אינעם רויב פונעם יידישן אייגנטום. איצט האָבן זיי געמוזט אַזוי אַנטלויפן — אָן דעם רויב, און אַ גרויסער טייל פון זיי וועט איצט מוזן אָפּגעבן דין וחשבון פאַר אָנטייל אין די פאַרברעכנס.

אָט אַזוי שטראָפט דער גורל פאַר רשעות און שלעכטקייט:

„אין בערלין פאָרן דורך די גאַסן לאַנגע רייען פון אָפענע וועגענער, אי־בערפולטע פון פּליטים, וועלכע זיצן אויף זייערע קופערטעס און פּעק, אין וועל־כע זיי האָבן זיך מיטגענומען אַביסל זאַכן פון ערשטן באַדאַרף.

„עס ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז די פּליכטלינגע זענען אויסשליסלעך פרויען און קינדער. דער רויטער קרייץ פון בערלין האָט באַשטימט אַז אַלע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער וואָס זענען נישט אויפן פראָנט, זאָלן געבן מעדיצינישע הילף די פּליטים, באַזונדערס די שווער קראַנקע און די פאַרפרוירענע.

„אַ שווערער פּראָבלעם איז צו באַזאָרגן די פּליטים מיט שפּייז און קליי־דער. אין בערלין זענען אַלע רעזערוון אויסגעשעפּט".

אַט דאָס לײדן איצט די דײטשן. אוודאי איז דאָס נישט אפילו אַ הונ־דערטסטער חלק פון די צרות און די פּײן וואָס זײַנען האָבן אָנגעטון די ייִדן, ייִדי־שע פרויען און קינדער. אָבער אַלס אַ שטראָף פון גאָט איז דאָס גענוג.

און די גרעסטע שטראָף פאַר די דײטשן איז, וואָס קײן שום מענטש, קײן שום פאָלק האָט מיט זײ נישט קײן רחמנות. וואָרום זײ האָבן פון זײערע הער־צער אַרויסגעריסן דאָס געפיל פון רחמנות. דאָס דײטשע האַרץ, די דײטשע נשמה זענען געוואָרן אַ שטײניקער באָדן פון רשעות, פון אכזריות אָן אַ ברעקל רחמנות, אָן אַ ברעקל מיטגעפיל פאַר מענטשלעכע לײדן, אָן אַ ברעקל שאַנד פאַר זײערע פאַרברעכנס און פאַר זײער גרויזאַמקײט. און מענטשן וועלכע האָבן נישט קײן רחמנות מיט אַנדערע, פאַרדינען נישט קײן רחמנות.

אוודאי וואָלט מען באַדאַרפט האָבן רחמנות אויף די קינדער. אָבער צי וועלן נישט פון די קינדער אויסוואַקסן נאַצים, ס. ס.־לײט, געשטאַפּאָ־לײט און סתם רוצחים — אויב דײטשלאַנד זאָל בלײבן דאָס וואָס זי איז הײַנט? רחמנות מיט די קינדער — יאָ. אָבער אויך היטלער איז אַמאָל אַ קינד געווען. געבעלס איז אַמאָל אַ קינד געווען. הימלער איז אַמאָל אַ קינד געווען. די מערדער אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זענען אַמאָל קינדער געווען. די פּײניגער פון די ייִדן, די וואָס האָבן געטריבן די ייִדן אין די דעפּאָרטאַציע־וואַגאָנעס און די וועלכע האָבן געיאָגט די ייִדן אין די גאַז־קאַמערן — זענען אַמאָל קינדער געווען. אויך די קינדער־מערדער זענען אַמאָל קינדער געווען. פון דײטשע קינדער זענען אויס־געוואַקסן די דאָזיקע בײזע שלאַנגען, וועלכע האָבן געוואָרגן און געפּײַניקט און געמאָרדעט אַלע אײראָפּעאישע פעלקער, איבער וועלכע זײ האָבן באַקומען די מאַכט.

דײטשע קינדער: שוין אַלס קינדער זענען זײ דערצויגן געוואָרן צו רשעות, צו הינטישקײט, צו פאַרברעכן. זעקס־יעריקע און נאָך קלענערע קינדער האָט מען געלערנט פײַנט האָבן ייִדן, זיך איזדיקעווען איבער ייִדישע קינדער. די היטלער־יוגנט — צען ביז צוועלף־יעריקע שקצים — האָבן גענומען און נעמען אָנטייל אין דער פּײַניקונג פון ייִדן.

דאָס גרעסטע פאַרברעכן פון די דײטשן איז טאַקע דער דאָזיקער פאַקט, וואָס זײ האָבן אַרויסגעריסן פון אונדזערע הערצער דאָס געפיל פון רחמנות אפילו צו זײערע קינדער. מיר ייִדן זענען אַ פאָלק פון רחמנים בני רחמנים. אינעם לעצטן מאָמענט האָבן מיר רחמנות אפילו מיט אונדזער גרעסטן שונא וואָס האָט אונדז שלעכטס געטון. אָבער די דײטשן האָבן דורך זײער חיהשער רציחה אוועקגענומען בײַ אונדז אונדזער רחמנות־געפיל צו אַ געפאַלענעם שונא. דאָס וועלן מיר זײ קײנמאָל נישט מוחל זײַן.

# אַ יידישע עמיגראַציע-פראַגע אין יאָר 1872

ס'איז מאָדנע ווי גרונד־פּראָבלעמען פון יידישן קיום האָבן זיך געפּלאָנ־טערט ממש פאַר די פיס און ווי אינטעליגענטע יידן און אפילו פירנדע יידישע גייסטער זענען איבער זיי אריבערגעגאַנגען און זיי נישט באַמערקט אפילו. אַט, למשל די פראַגע פון יידישער מאַסן־עמיגראַציע פון אייראָפּע. די דאָזיקע פראַ־גע איז שוין געווען אַקטועל נאָך פאַר די פּאָגראָמען פון 1881 און פאַר די אַנטי-יידישע „פּראָוויזאָרישע רעגלאַמענטן" פונעם צאַרישן מיניסטער איגנאַטיעוו פון מאַי 1882. מיר באַגעגענען זיך מיט דער דאָזיקער פראַגע שוין אין יאָר 1872 אין רומעניע. די צייטן פון גירושים זענען דאַן שוין געווען אריבער. אין כמעט אַלע אייראָפּעאישע לענדער זענען די יידן שוין געווען גלייכבארעכטיקטע בירגער — חוץ אין רוסלאַנד און רומעניע. אין דעם דאָזיקן לעצטן לאַנד האָט די רעגירונג געלאָזט אויפרייצן די פאָלקס-מאַסן קעגן די יידן. איבערפאַלן אויף יידן אין רומעניע זענען געוואָרן' אַ טעגלעכע דערשיינונג. און די יידן, דאָס הייסט, די מער ענערגישע, די מער אַקטיווע האָבן אָן טראַכטן וועגן אויסוואַנ־דערונג.

אָן אָפּקלאַנג פון דעם דאָזיקן דראַנג צו מאַסן-אויסוואַנדערונג הערן מיר ארויס פון אַ בריוו פון אָקטאָבער 1872 פון דעם יידיש-דייטשן דיכטער בער-טאָלד אוערבאַך צו זיינעם אַ פריינט. אוערבאַך האָט זיך דאַן געפונען אין פּאַ־ריז, וווּ עס האָט זיך שוין געהאַט געבילדעט אַ רומענישער קאָמיטעט. און בער־טאָלד אוערבאַך דערציילט אין דעם בריוו אַז „נעכטן אָוונט" איז ער געווען איינגעלאַדן אויף אַ זיצונג פונעם רומענישן קאָמיטעט, קודם זענען געקומען עלף יידישע עמיגראַנטן פון בוקארעסט מיט רעקאָמענדאַציעס פון דעם אַמע־ריקאַנער גענעראַל קאָנסול אין רומעניע, בנימין פרענקלין פעיכאָטאַ, מען זאָל די עמיגראַנטן העלפן מיט הוצאות אויף צו פאָרן קיין אַמעריקע. דער דאָזיקער אַמעריקאַנער קאָנסול פעיכאָטאַ איז געווען אַ ייד און ער האָט אָנגעפירט אַן ענערגישן קאַמף פאַר דער עמאַנציפּאַציע פון די רומענישע יידן. וועגן זעלבסט־עמאַנציפּאַציע האָט מען דאַן נאָך נישט געטראַכט. ערשט אין צען יאָר ארום, אין 1882 איז ארויס דר. לעאָן פּינסקער מיט זיין ווײ־געשריי וועגן דער יידי־שער היימלאָזיקייט און מיט זיין רוף צו אויטאָ-עמאַנציפּאַציע, זעלבסט־באַ־

פרייאונג. אָבער אויך דער קאַמף פאַר עמאַנציפּאַציע האָט נישט אָפּגעשאַפט די נויט פון עמיגראַציע.

אין זיין בריוו דערציילט אוערבאַך וועגן די ענינים וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן אויף דער זיצונג פונעם „רומעניש קאָמיטעט" אויפן טאָג-אָרדענונג איז געשטאַנען די פראַגע וועגן צונויפרופן אַ יידישן קאָנגרעס אין בריסל. אָבער פאַרן צוטרעטן צו דער פראַגע וועגן קאָנגרעס, זענען געלייענט געוואָרן קורצע האַרץ-רייסנדע בריוו פון יידן, פון רומעניע — פאַרשטייט זיך, וועלכע ווילן אַלע אויסוואַנדערן. 18.000 יידן, די מערסטע פון זיי האַנטווערקער, ווילן אויסוואַנדערן און פּעיכאָטאַ, דער אַמעריקאַנער קאָנסול, שרייבט, אַז די צאָל וועט וואַקסן ביז צו הונדערט טויזנט.

דאָס איז געווען, מיר שטרייכן דאָס אונטער נאָך אַמאָל, אין יאָר 1872. שוין דעמאָלסט זענען געווען אין רומעניע 100.000 יידישע עמיגראַציע קאַנדידאַטן. די צאָל פון די רומענישע יידן איז דאַן געווען אומגעפער 250.000 נפשות. און ווער קאָן זאָגן, צי האָבן אויך די אַנדערע 150.000 נישט געוואָלט אויסוואַנדערן?

שרייבט אוערבאַך אין זיין בריוו:

„צום קאָנגרעס אין בריסל וועלכער דאַרף פאָרקומען ענדע דעם מאָנאַט (סוף אָקטאָבער 1872) זענען געמעלדעט דעלעגאַטן פון לאָנדאָן, אַמסטערדאַם, פּאַריז, ווין, בערלין און אויך פון ניו־יאָרק. די רומענישע רעגירונג וויל פעדערן די אויסוואַנדערונג פון די יידן.

„נאָכדעם ווי מערערע אָנוועזנדע האָבן שוין געהאַט גערעדט — שרייבט אוערבאַך — האָב איך אויך גענומען דאָס וואָרט און באַמערקט, אַז פּעיכאָטאַ האַנדלט אַביסל נישט באַטראַכט, אויף אַזאַ נישט צוגעגרייטן אופן אָנצוהויבן אַ מאַסן-עמיגראַציע. איך גלויב — האָב איך געזאָגט — אויסצודריקן נישט בלויז מיין אייגענע מיינונג נאָר אויך די מיינונג פון די אַנדערע, אַז מיר זענען נאָך נישט אין דער לאַגע אָנצונעמען אַ באַשלוס וועגן אַ מאַסן-עמיגראַציע. יאָ, איך האַלט דעם דאָזיקן פּלאַן פאַר געפערלעך. דאָס זעט דאָך אויס ממש ווי אַ גירוש און עס קאָן האָבן זייער שלעכטע רעזולטאַטן. וואָס וועלן מיר טון, ווען איבער אַ יאָר וועלן אויסברעכן רדיפות אויף יידן אין גאַליציע אָדער ערגעץ־אַנדערש? זאָל ווידער דער יידישער קאָנגרעס אָרגאַניזירן אַ נייע עמיגראַציע? און צי וועט אַזאַ פּראַקטיק נישט אויסגענוצט ווערן פון דעמאַגאָגן און העצערישע גלחים, כדי צו אינסצענירן נייע רדיפות און גרויל־טאַטן קעגן די יידן? הער פּעיכאָטאַ האָט נישט דאָס רעכט אַריינצוּוואַרפן אין דער אייראָפּעאישער וועלט אַזאַ שווערע פּראָבלעם. כאָטש ס'איז אמת, אַז דער ייד האָט אין זיך עפּעס קאָסמאָפּאָליטישקייט, האָט ער דאָך אָבער אויך אַ געפיל פון פּאַטריאָטיזם. דורך דעם דאָזיקן געדאַנק פון מאַסן־אויסוואַנדערונג ווערט אַריינגעבראַכט עפּעס ציגיינערישקייט אין דער פּאָזיציע פון די יידן. דאָס איז זייער

געפּערלעך, און איך דערמאָן מיך, אַז ווען מען האָט אַמאָל פאָרגעלעגט אַן אינדיאַנער שבט, ער זאָל אויסוואַנדערן, האָבן די עלטסטע פון דעם שבט גע־ענטפערט: „יאָ, מיר וועלן אויסוואַנדערן, אָבער גיט אונדז מיט די קברים פון אונדזערע אבות. אָט אַזוי איז דאָס. מיר זענען פאַרוואָרצלט אין דעם לאַנד ווו אונדזערע עלטערן און אבות רוען אין זייערע קברים. די פראַגע וועגן מאַסן־עמיגראַציע קאָן דעריבער נישט אַזוי כאַפּנדיק באַהאַנדלט ווערן. מען מוז די זאַך פריער גוט באַטראַכטן".

אַזוי האָט געקוקט אויף דער לאַגע פון די יידן צווישן די פעלקער דער דיכטער פון די „שוואַרצוואַלדער דאָרפגעשיכטן", בערטאָלד אוערבאַך, וועלכער איז אַ געוויסע צייט געווען אַן אינטימער פריינט פון משה העס. בערטאָלד אוערבאַך איז געווען קעגן יידישער מאַסן־עמיגראַציע צוליב צוויי מאָטיוון. איין מאָטיוו איז געווען אַ ראָמאַנטישער: די קברים פון אונדזערע אָבות, און דער צווייטער איז געווען פון דעם מין וואָס רעכנט זיך מיט דער מיינונג פון די גוים: דאָס הייסט אויב מיר וועלן אייסוואַנדערן פון לענדער, ווו מען רודפט אונדז, וועלן די גוים אונדז חלילה נאָך באַטראַכטן ווי ציגיינער. אָבער די זעלבע גוים האָבן, נישט געקוקט אויף אונדזערע אַלטע פילהונדערט יעריקע קברים, נישט געקוקט אויף אונדזער פאַרוואָרצלטקייט אין די לענדער, אונדז דאָך קיינמאָל נישט געגעבן קיין האַלבן יאָרהונדערט מנוחה. אין די לאַנגע יאָר־הונדערטער פון אונדזער צוזאַמענלעבן מיט זיי אויף איין באָדן, האָבן זיי קיינ־מאָל נישט אויפגעהערט אויף אַ לענגערער צייט אונדז צו פאַרפאָלגן, אונדזער עקזיסטענץ צו באַדראָען און אונדזערע עלעמענטאַרסטע מענטשן־רעכט צו באַ־שרענקען. און זיי האָבן שטענדיק געהאַט די מאַכט, נישט צו לאָזן אַנטוויקלען אונדזערע פעאיקייטן און סאָציאַלע און מענטשלעכע מעלות, און ווען מיר האָבן זיך געהאַלטן פאַר פעסט איינגעוואָרצלט אינעם באָדן פון דעם לאַנד, האָבן זיי באַוויזן, אונדז אויסצוואָרצלען דורך זייער אַנטי־יידישער פּאָליטיק אָדער דורך אַנטי־יידישע מעשים.

נישט געקוקט אויף דער שנאה פון אונדזערע שכנים און אויף די נישט אויפהערנדיקע רדיפות האָבן מיר דאָך דעם בטחון נישט פאַרלוירן. ווי לאַנג מיר זענען געווען גלוביק האָבן מיר זיך געטרייסט: דער אויבערשטער וועט העלפן. שפּעטער האָבן מיר אָנגעהויבן האָפן אויפן „ליכט פון דער אויפקלע־רונג", אויפן פּראָגרעס, אויפן סאָציאַליזם און אויף אַנדערע גוטע זאַכן. אין אונדזער איינגעבוירענעם אָפּטימיזם האָבן מיר זיך שטענדיק געמאַכט אי־לוזיעס: אַז די הערשאַפט פון שנאה און פון רדיפות, די ממשלת זדון מוז אַמאָל אויפהערן. ווי לאַנג איז דאָס דער שיעור אַז די מענטשהייט זאָל לעבן אין פינצ־טערניש? אין דער צייט פון בערטאָלד אוערבאַך האָבן אונדזערע מענטשן גע־זאָגט: עפּעס לעבן מיר דאָך אינעם אויפגעקלערטן 19-טן יאָרהונדערט. נו, צי פּאַסט דאָס פאַרן 19-טן יאָרהונדערט, אַנטיסעמיטיזם און רדיפות אויף מענ־

טשן, נאָר צוליב דעם וואָס זיי זענען יידן, וואָס זיי באַלאַנגען צו אַן אַנדערער אמונה, הייסט עס? ניין, דאָס מוז אויפהערן. דאָס ביינצנטע יאָרהונדערט קאָן נישט פאַרטראָגן אַזאַ חרפּה.

און דערנאָך איז געקומען דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט און צו דער חרפּה האָט נישט געקומען קיין סוף. פאַרקערט, מענטשן האָבן פאַרלוירן דאָס געפיל פון בושה. עס האָט אויפגעהערט צו זיין אַ חרפּה צו האַסן יידן, צו רודפן יידן און אפילו צו מאָרדן יידן. ס'איז געוואָרן אַ מאָדערנע זאַך. היטלער האָט דער חרפּה געגעבן אַ נאָמען: ליקווידאַציע פון דער יידן־פראַגע. אָבער נישט געקוקט אויף אַלץ, זענען נאָך אַלץ פאַראַן יידן, וועלכע געפינען פאַר זיך יעדעס מאָל אַ נייע אילוזיע. און אין יעדער תקופה זענען די דאָזיקע יידן זיכער, אַז „אַזוי קאָן דאָס וויטער נישט גיין". אַז איצט הויבט זיך אָן אַ נייע וועלט מיט נייע פּראַגנאָזן. איר וועט זען: איצט וועט עס טאַקע שוין נעמען אַ סוף. מען וועט איינפירן שטרענגע שטראָפן קעגן אַנטיסעמיטיזם. עס וועט שוין זיין גוט. און איצט, 75 יאָר נאָך יענער אַנטיסעמיטישער העצע אין רומעניע, וועלכע האָט בויטיק געמאַכט אַ „רומענישן קאָמיטעט" און אַ יידישן קאָנגרעס, איצט, נאָך דער מוראדיקער מאַרטיראָלאָגיע וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט אין גאַנץ אייראָפּע, און נאָכן זיג איבער די נאַצי־פאַשיסטישע כוחות, איז דער אַנטיסעמיטיזם גאָר נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. פאַרקערט, דער יידן־האַס איז אַריינגעדרונגען טיף אין די רייען פון די זיגער איבער נאַציזם. עס זענען אָבער נאָך אַלץ דאָ יידן וועלכע קענען זיך נישט אָפּזאָגן פון די אַלטע אילוזיעס און וועלכע זענען זיכער אַז איצט הויבט זיך שוין אויף אַן אמת אָן אַ נייע תקופה: מען וועט איינפירן שטראָף אויף אַנטיסעמיטן. אין רומעניע האָט מען ערשט פאַרמאַכט אַ צייטונג פאַר רעדן שלעכטס אויף יידן, פאַר אויפרייצן צו שנאה קעגן יידן.

און אַזוי גייט דאָס כסדר דורך די יאָרן און יאָרהונדערטער.

# די געשיכטע פון א געטאָ

דער טעלעגראַף האָט געבראַכט א ידיעה וועגן א גזירה פון דער סלאָוואַקי־שער רעגירונג, אַז אַלע יידן פון בראַטיסלאַוואַ מוזן פאַרלאָזן די שטאָט. בראַ־טיסלאַוואַ איז ביי אונדז א פרעמדער נאָמען, א נאָמען אָן טראַדיציע. עפּעס אַנדערש איז, ווען מען רופט די שטאָט ביי איר היסטאָרישן נאָמען, פּרעסבורג. דער נאָמען פּרעסבורג דערמאָנט אונדז אין א שטאָט פון תורה און חכמה, די שטאָט פונעם חתם סופר און פון דער באַרימטער פּרעסבורגער ישיבה. חוץ דעם איז פּרעסבורג געווען א שטאָט פון א גאַנצער רייע אָנגעזעענע יידישע פּאַטרי־ציער־פאַמיליעס. יידן פון פּרעסבורג זענען געווען צווישן די גרינדער פון דער ווינער קהילה און פון מערערע גרעסערע קהילות אין דייטשלאַנד. נישט אומ־זיסט ווידמעט אַן אויטאָר פון א געשיכטע פון די ווינער יידן, זיגמונד מייער, א גרויסן טייל פון זיין בוך דער געשיכטע פונעם פּרעסבורגער געטאָ, ווייל א גרויסער טייל פון די ווינער יידישע פּאַטריציער־פאַמיליעס האָבן געשטאַמט פון פּרעסבורג.

זיגמונד מייער, דער ווינער ייד און דער היסטאָריקער פון די ווינער יידן, איז אַליין געווען א געבוירענער פון פּרעסבורג און ער האָט זיך אין זיינע אַלטע יאָרן נאָך דערמאָנט אין דער פּרעסבורגער געטאָ, אין וועלכער ער האָט פאַר־בראַכט זיינע קינדער־יאָרן. זיגמונד מייער האָט דערלעבט א שיינע עלטער פון א ניינציק יאָר. געבוירן אין 1831 אין פּרעסבורג, האָט ער אין 1916, אין מיטן דער וועלט-מלחמה, אַרויסגעגעבן זיין בוך איבער די ווינער יידן. ער האָט אי־בערגעלעבט די ערשטע וועלט־מלחמה און ס'איז אים נאָך באַשערט געווען צו זען דעם צוזאַמענברוך פון דער האַבסבורגער מאָנאַרכיע. ער איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער היסטאָריקער, דער דאָזיקער פּרעסבורגער־ווינער ייד. ער איז געווען א סוחר, א סוחר פון מערב־אייראָפּעאישן טיפּ, א סוחר מיט א סאָ־לידער ליטעראַרישער און וויסנשאַפטלעכער בילדונג. ער האָט אויך אַרויסגע־געבן אַן אויטאָביאָגראַפיע אונטערן טיטל „איין יידישער קויפמאַן". לויט זיינע אָנשויאונגען איז זיגמונד מייער געווען א טיפּאָוועד ווינער ליבעראַל־אַסימילאַ־טאָרישער ייד, וועלכער האָט נישט געקאָנט באַנעמען אַפילו די יידיש־נאַציאָ־נאַלע אידייען און שטרעמונגען, וואָס זענען אויפגעקומען צום סוף פונעם 19טן

יאָרהונדערט. ער האָט געהאַט דאָס גליק וואָס ער האָט נישט דערלעבט די איצ־טיקע עפּאָכע פון היטלערן. דערפאַר רעדט ער וועגן דער געטאָ, ווי וועגן אַ זאַך פון די אַלטע פאַרשוואונדענע צייטן, צייטן, וועלכע וועלן שוין נישט מער צוריק־קומען. און אָט ווי מייער האָט באַשריבן די פּרעסבורגער געטאָ, 60 יאָר נאָכדעם ווי די געטאָ איז געעפנט געוואָרן און ס'איז די יידן דערלויבט געוואָרן צו לעבן און זיך צו באַוועגן פריי אין דער גאַנצער שטאָט.

:: :: ::

נאָר זייער ווייניק פון די היינט־לעבנדיקע מענטשן האָבן אַמאָל געזען פאַר זייערע אויגן אַ געטאָ — הייבט אָן זיגמונד מייער זיין שילדערונג וועגן דער פּרעסבורגער געטאָ. — די דאָזיקע געטאָ, וועלכע איז געווען אַ מוסטער־טיפּ פאַר אַלע אַנדערע, איז באַשטאַנען פון איין־איינציקער, לאַנגער, שמאָלער גאַס. יעדן אָוונט איז די גאַס פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער שטאָטישער פּאָליציי מיט דיקע אייזערנע גראַטעס און קיין שום איינוווינער פון דער גאַס האָט זי ביינאַכט נישט געקענט פאַרלאָזן, אויב דער שטאָט-וועכטער האָט אים נישט געוואָלט עפענען דעם טויער פון אייזערנע גראַטעס.

ווי מען זעט, איז די פּרעסבורגער געטאָ פון אַמאָל נישט געווען אַזוי אָפּ־געשלאָסן פון דער וועלט ווי די געטאָס ביי די נאַציס. דאָרט זענען די יידן געווען איינגעשלאָסן נאָר ביינאַכט, אָבער בייטאָג האָבן זיי געמעגט אַרויס־גיין אין שטאָט און קומען אין געשעפטלעכער פאַרבינדונג מיט די מענטשן מחוץ דער געטאָ. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, איז דאָס לעבן אין דער געטאָ גע־ווען אַ געגנוג פאַרפינצטערט לעבן, אַ לעבן, וואָס איז געווען איינגעקאָוועט אין איין שמאָלער גאַס.

„אין דער דאָזיקער ענגער גאַס, — שרייבט מייער — וועלכע דאָס געזעץ האָט נישט דערלויבט אויסצוברייטערן, זענען אין מיין צייט געווען צוזאַמענ־געשטופּט עטלעכע טויזנט מענטשן. אין דער דאָזיקער ענגער גאַס האָבן זיי גע־מוזט לעבן, וווינען און שטאַרבן. אין דער דאָזיקער גאַס, וווּ דער הימל איז גע־לעגן טריב און שווער איבערן קאָפּ, האָט מען נאָר געאַרבעט, געזאָרגט און מען האָט נישט געהאַט קיין שום פרייד, וואָס מאַכט דאָס שווערע לעבן אביסל אָנ־גענעם. אין דעם רוים צווישן די גראַטעס האָט מען נישט געהערט קיין געלעכ־טער, אפילו נישט פון די קינדער. יענס וואָרט, מיט וועלכן דער ייד טרייסט זיך איבער אַלע צרות „מיר זענען אין גלות", איז געבוירן געוואָרן אין געטאָ.

„אויף די פּנימער פון אַלע מענטשן איז געלעגן עפּעס אַ פחד, ווי ביי מענטשן, וועלכע האָבן מורא פאַר עפּעס אַ סכנה אָדער וואָס זענען ערשט אַרויס פון אַ שווערער סכנה. די שטימונג פון די מענטשן אין דער געטאָ אַקעגן דער דרויסנדיקער וועלט איז געווען יאוש.

„אין געטאָ האָט לגמרי געפעלט די שטימונג פון פאָלקסטימלעכער נאאי־וויטעט. דער געטאָ־ייד איז געווען סאַרקאַסטיש. נאָר ווער עס האָט מיטגעלעבט און מיטגעליטן מיט די געפאַנגענע אין דער געטאָ, דער קאָן פאַרשטיין דעם בייזן סאַרקאַזם פון אַ לודוויג בערנע, דעם ציניזם פון היינען און דער קאָן אויך באַגרייפן פאַרוואָס יידן האָבן אַרויסגעגעבן אַזעלכע פערזענלעכקייטן ווי יאָהאַן יאַקאָבי, אַדאָלף פישהאָף, פערדינאַנד לאַסאַל און קאַרל מאַרקס."

ווי אַזוי האָט מען געוווינט, געאַרבעט, געהאַנדלט אין דער געטאָ?

ווי מען זעט, איז די פּרעסבורגער געטאָ באַשטאַנען פון איין־אייני־ציקער שמאָלער גאַס. אַ גאַס באַשטייט פון צוויי שורות הייזער. אין דער געטאָ, זענען די צוויי זייטן פון דער גאַס געווען אָפּהענגיק פון צוויי פאַרשידענע אַד־מיניסטראַטיווע איינהייטן אָדער רעגירונגען. איין שורה הייזער האָט אָנגע־שפּאַרט אָן אַ באַרג און האָט באַלאַנגט צו דער גיטער־אַדמיניסטראַציע פון גראַף פּאַלפי. און די אַנדערע זייט האָט געהערט צו דער שטאָט. די זייט גאַס, ווו די הייזער האָבן אָנגעשפּאַרט אָן דעם באַרג, האָט געהאַט ענגע פינצטערע הויפלעך, ווו די זון איז קיינמאָל נישט צוגעקומען און ווו די לופט איז געווען אַ שטיקנ־דיקע, אַ פאַרסמטע. ס'איז נישט געווען קיין קאַנאַליזאַציע. דורך פינצטערע געדרייטע האָלץ־טרעפּ האָט מען זיך געמוזט אַרויפדראַפּען אין די ענגע דירות אַריין, וועמענס הינטערשטע ווענט, אָן פענצטער, זענען געווען פייכט און די צימערן זענען געווען פינצטער. קיין שום הויז האָט נישט קיין ברונעם.

פאַר דער גאַנצער געטאָ זענען געווען נישט מער ווי צוויי געמיינדע־ברונ־נעמס, פון וועלכע מען האָט באַקומען אַ שלעכט וואַסער.

אויף דער צווייטער זייט גאַס זענען די וווינונגען געווען אַביסל בעסער, אָבער אַלע וווינונגען צוזאַמען האָבן נישט געקלעקט פאַר דער וואַקסנדיקער באַ־פעלקערונג, און קיין נייע דירות האָט מען נישט געטאָרט צובויען.

אָט אַזוי איז די וווינונגס־פּראַגע געוואָרן די, וואָס האָט צום מערסטן גע־דריקט די אַלץ־וואַקסנדיקע יידישע באַפעלקערונג. וואָס ווייניקער וווינונגען עס זענען געווען, אַלץ העכער האָבן די באַלעבאַטים אַרויפגעשרויפט דאָס דירה־געלט — אין דעם איז נישט געווען קיין חילוק צווישן יידישע און קריסטלעכע באַלעבאַטים. און דאָס הויכע דירה־געלט האָט ווידער געצוווּנגען די איינוווי־נער פון דער געטאָ זיך נאָך מער צוזאַמענצורוקן, צו לעבן נאָך ענגער, צו עט־לעכע מענטשן אין איין חדר.

נאָך שווערער איז געווען צו באַקומען אַ לאָקאַל פאַר אַ געשעפט. אַזוי ווי די יידן האָבן נישט געטאָרט האָבן קיין געשעפט מחוץ דער יידישער גאַס, זענען אַלע לאָקאַלן פון אונטערשטן שטאָק פון די הייזער געווען פאַרדונגען פאַר גע־וועלבן. די באַלעבאַטים האָבן געריסן די העכסטע דירה־געלט פאַר אַ געוועלב. דאָס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אינעם 18־טן יאָרהונדערט האָבן אַלע יידן זיך אונטערגעשריבן אין דער קהילה, אַז קיינער וועט נישט דינגען קיין געוועלב,

פון וואַנען דער פריערדיקער לאַקאַטאָר האָט זיך אַרויסגעצויגן צוליב דער הע־
כערונג פונעם דירה־געלט. די דאָזיקע קעגנזייטיקע התחייבות איז דאַן אַריין אין
די תקנות פון דער פרעסבורגער קהילה, און יעדער ניי־צוגעקומענער ייד האָט זיך
געמוזט אונטערוואַרפן אונטער דער דאָזיקער תקנה.

פון דער דאָזיקער וווינונגס-נויט האָבן געליטן די רייכע, נישט ווייניקער
ווי די אָרימע. און ס'איז נישט געווען קיין שום אויסוועג פון דער
געדריקטער לאַגע ביז ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די געטאָ און ס'איז דערלויבט
געוואָרן די יידן צו וווינען און צו האַנדלען אין דער גאַנצער שטאָט.

די יידן האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו באַזיצן קיין אייגענע הייזער אָדער
באָדן. אויב אַ ייד האָט געוואָלט קויפן אַ הויז, האָט ער געמוזט אונטערשטעלן אַ
קריסט און דורך פאַרשידענע היפּאָטעקאַר־שיינען און אַנדערע באַוואָרעניש, זיך
געמוזט פאַרזיכערן, אַז דער קריסט זאָל אים נישט אַרויסוואַרפן פון זיין איי-
גענעם הויז. פאַרשטענדלעך, אַז אַפילו אַזעלכע הייזער-קניות האָט דער ייד גע־
קאָנט ריזיקירן נאָר אין דער יידישער גאַס. וואָרים מחוץ דער יידישער גאַס האָט
דאָך דער ייד בכלל נישט געטאָרט וווינען. דערצו האָט עקזיסטירט אין אונגאַרן
נאָך אַזאַ מאָדנע רעכט, אַז אַן אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע, וועלכע האָט פאַר-
קויפט אַ הויז, האָט געקאָנט נאָך פופציק יאָר צוריק פאַרכאַפּן דאָס דאָזיקע
פאַרקויפטע הויז. קיין רעכט־מיטלען זענען דערצו נישט געווען. דער אַריסטאָ־
קראַט, וועלכער האָט געוואָלט צוריק באַקומען זיין פאַרקויפט הויז (פאַרן פּרייז,
וועלכן ער אָדער זיין פאַמיליע האָט באַקומען מיט פופציק יאָר צוריק!) האָט גע־
מוזט פּרווון מיט כוח אַרויסוואַרפן דעם אָדער די איינוווינער. דער מאַגיסטראַט
האָט זיך נישט געמישט אין אַזעלכע געשעפטן און ער האָט נישט געגעבן קיין
פּאָליציי־הילף נישט דעם איבערפאַלער, נישט די איבערגעפאַלענע.

זיגמונד מייער דערציילט, אַז ער האָט, אין יאָר 1844, בייגעוווינט אַלס צו־
שויער אַזאַ קאַמף, צווישן דעם באַלעבאָס פון אַ הויז און דעם אַריסטאָקראַט,
וועלכער האָט געוואָלט דאָס הויז צוריק פאַרכאַפּן. טירן, טויערן און פענצטער
פונעם הויז זענען געווען פאַרקלאַפּט; דער באַלעבאָס פונעם הויז האָט זיך גע-
דונגען מענטשן מיט פעסטע ידים, וועלכע זענען געשטאַנען גרייט צו פאַרטיי-
דיקן דאָס אייגנטום-רעכט פון דעם יידישן באַלעבאָס. דער אַריסטאָקראַט איז
געקומען מיט אַ כאַפּטע פויערים פון זיין דאָרף, וועלכע האָבן זיך גענומען מיט
העק אויפהאַקן די טויערן פון דעם הויז. נאָך אַ קורצן קאַמף האָבן זיך די צדדים
אויסגעגלייכט. דער אַריסטאָקראַט האָט באַקומען אַן אָפּפאַרטיקונג פאַר דער
פאַרלענגערונג פונעם פאַרקויף-קאָנטראַקט אויף נאָך פופציק יאָר. אָבער נאָך
פופציק יאָר האָט דאָס אייגנטום-רעכט שוין געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע באַזיס אין
אונגאַרן.

***

מיט וואָס האָבן זיך יידן פּאַרנומען אין דער איינציקער שמאָלער גאַס, אין וועלכער זיי האָבן געמעגט וווינען און אַרבעטן? האַנטווערקער זענען געווען זייער ווייניק. דאָס האַנטווערק אין פּרעסבורג, ווי אין אַנדערע שטעט אין יענע ציטן, (אַ חוץ פּוילן), איז געווען קריסטלעך. קיין שום קריסטלעכער בעל-מלאכה האָט נישט געוואָלט אָננעמען אין דער לער אַ יידיש ייִנגל, נישט ער האָט געגעבן אַרבעט אַ יידישן געזעלן. קיין שום ייד האָט נישט געקאָנט ווערן קיין מיטגליד אין אַ צעך. אָבער פונדעסטוועגן איז געווען אין דער יידישער גאַס אַ געוויסע צאָל יידישע שניידער, היטלמאַכער, קירזשנער, צימער-מאָלער, טאַפּעצירער, זייגערמאַכער, גאָלדשמידן, גלעזער און אַנדערע „לייכטע" פאַכן.

די האַנטווערקער האָבן געהאַט בצימצום פּרנסה — קיין פאַרמעגן האָט קיינער פון זיי נישט געמאַכט. חוץ די שניידער, זענען די יידישע בעלי-מלאכות געווען אַרבעטער פון אַ מינדערער קאַטעגאָריע, און אפילו אין געטאָ האָט מען זיי קיין בעסערע אַרבעט נישט געגעבן. זיי האָבן אויך נישט געהאַט קיין געהויבענע פּאָזיציע אין קהילה. אַז אַ בעל-מלאכה זאָל אויסגעקליבן ווערן אין קהילה ראַט — איז געווען אומדענקבאַר. די האַנטווערקער האָבן אגב געוווינט אַלע אויף דער ערגערער זייט פון דער גאַס, אויף דער זייט, וואָס האָט אָנגעשפּאַרט אָן דעם באַרג. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל אויף דער אַנדערער, אויף דער בעסערער זייט, זענען אָנגעגאַנגען די מאַגיסטראַטישע געזעצן, לויט וועלכע יידן האָבן זיך נישט געטאָרט פאַרנעמען מיט קיין מלאכה, פשוט צוליב דעם, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט זיין קיין מיטגלידער פון צעך. אָבער אויף דער זייט וואָס האָט באַלאַנגט צו דער גיטער-פאַרוואַלטונג פון פירשט פאַלפי, האָבן נישט געהאַט קיין שליטה די מאַגיסטראַטישע געזעצן. דאָרט האָט געהערשט געווערקס-פרייהייט. דאָס האָט געגעבן די יידישע האַנטווערקער די מעגלעכקייט צו אַר-בעטן אין זייער פאַך.

אָבער, ווי געזאָגט, די גרויסע מערהייט פון די איינוווינער פון דער יידי-שער גאַס האָט זיך פאַרנומען מיט האַנדל. אין דער שמאָלער גאַס איז געווען איין געוועלב נעבן אַנדערן. איינס אַקעגן דעם אַנדערן.

עס וועט אויסזען מאָדנע, אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז די באַדינגונגען פון דער געטאָ האָבן סטימולירט דעם יידישן האַנדל. קודם-כל צוליב דעם, וואָס יידן האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרנעמען מיט קיין שום אַנדערע פּראָפעסיעס (חוץ דעם אָרימען האַנטווערקערטום) און אויך צוליב דער האַנדלס-פרייהייט אין דער געטאָ. דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז די יידן אין דער געטאָ האָבן גע-האַט האַנדלס-פרייהייטן, וועלכע עס האָבן נישט געהאַט די איינוווינער פון דער אָפענער שטאָט.

וואָרים אין פּרעסבורג האָט דאָן אויך אין דער קאָמערץ עקזיסטירט דאָס אַלטע צעך-געזעץ. כדי צו עפענען אַ נייע קראָם, האָט מען געמוזט אין צעך אָפּגעבן אַן עקזאַמען און באַקומען אַ סערטיפיקאַט, אַז מען איז פעאיק צו פאַר-

קויפן פעפער אָדער לייוונט אויף אַ העמד. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אין דער שטאָט זענען געווען וויי־ניק קאָמערציעלע הייזער, באַזונדערס אין דער מאַנו־פאַקטור־בראַנזשע און אין זיידן־סחורה. אין דער יידישער גאַס אָבער, האָט גע־הערשט פולע קאָמערציעלע פרייהייט אויףביידע זייטן גאַס.

אָט אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט אין דער ענגער יידישער גאַס אַ ברייטער האַנדל פון טעקסטיל־סחורות, באַזונדערס דער דעטאַל־האַנדל. פרעסבורג איז געווען די קרוינשטאָט, ווו עס פלעגט אָפּהאַלטן זיינע סעסיעס דער אונגאַרישער סיים. עס פלעגן זיך דאַן צונויפקומען קיין פרעסבורג די אַריסטאָקראַטישע סיים־מיטגלידער מיט זייערע פרויען און אַנדערע באַגלייטער און זיי פלעגן קומען איינקויפן אין געטאָ, ווו זיי האָבן געקאָנט זיך אויסקלייבן אַ וואָסערע סחורה זיי האָבן נאָר געוואָלט.

נעבן דעם דעטאַל־האַנדל האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ גאַנץ באַדייטנדער הורט־האַנדל, וועלכער האָט באַדינט דער עיקר די יידישע קליינע קרעמערס, וואָס זענען אַרומגעפאָרן מיט זייער סחורה איבער די דערפער. פאַר די דאָזיקע וואַנ־דערנדיקע דאָרף־קרעמער האָט אַ גרויסע קריסטלעכע קאָמערציעלע הויז גע־האַלטן ספּעציעל אַ יידישן אָנגעשטעלטן, וועלכער פלעגט מיט די דאָזיקע יידן קאָרעספּאָנדירן אין יידיש און זיי שיקן די רעכענונגען אויף יידיש.

עס וועט נאָך אינטערעסאַנט זיין צו פאַרצייכענען, אַז דער עסטרייכישער הורט־מסחר אין קאָנפעקציע־קליידער האָט זיך אָנגעהויבן אין פרעסבורג. און אַזוי ווי די עסטרייכישע קליידער־קאָנפעקציע איז אייגנטלעך געווען די ערשטע אין דער וועלט, קאָן מען זאָגן, אַז דער הורט־מסחר פון קאָנפעקציע־קליידער האָט זיך אָנגעהויבן אין פרעסבורג און איז פון פרעסבורג אַריבער קיין ווין.

# היסטאָרישער רעוויזיאָניזם

פּוילן איז פאַר ייִדן געוואָרן כמעט אַ פרעמדער ענין. אין פּוילן זענען היינט פאַראַן נאָר אַ פערטל אַזוי פיל ייִדן ווי אין רומעניע, וויינציקער ווי אַ העלפט פון דער צאָל ייִדן אין אונגאַרן און פּונקט אַזאַ אומגעפער איז די פּראָפּאָרץ פון די ייִדן פון גאַנץ פּוילן צו דער צאָל ייִדן אין פּאַריז. ביי אַזאַ מצב איז פאַר־קלענערט געוואָרן די באַדייטונג פון פּוילן פאַר דער ייִדישער עפנטלעכקייט. פאַ־ראַן היינט ביי אונדז נאָר אַ קנאַפּער אינטערעס פאַר פּוילישע ענינים — סיידן ביי פּראָפעסיאָנעלע קאָמוניסטן, וועלכע האָפן אַז פּוילן וועט ווערן דער פּרוזדור צום קאָמוניסטישן מלכות שמיים — אַ האָפענונג, וועלכע קאָן זיך אַרויסווייזן אַלס אַ טעות. פאַר פּשוטע ייִדן אָבער האָט פּוילן, די רעאַלע, זיך ווידער אויפ־בויענדע היינטיקע פּוילן, פאַרלוירן דעם אינטערעס, וואָס זי האָט ביי אונדז אַרויסגערופן אין די יאָרן פאַר 1939. פּוילן איז פאַר אונדז דאָס לאַנד פון ייִדישן חורבן, דאָס לאַנד פון פּיין, דאָס לאַנד פון ייִדיש בלוט און טרערן און דאָס לאַנד פון דעם אַש פון מיליאָנען פאַרברענטע ייִדן. און אַפילו פאַר אַזעלכע ייִדן, וועל־כע זענען געווען פאַרבונדן מיט פּוילן דורך פאַרשידענע פעדים פון קולטור און פּאָליטישן געדאַנק, איז היינט נישטאָ מער דער אַמאָליקער אינטערעס. וואָרים וואָס קאָן פאַרבינדן די דאָזיקע ייִדן מיט פּוילן, ווען ס׳איז נישטאָ קיין שום פאַמיליען־פאַרבינדונג, ווען אַלע פאַמיליאַרע און סענטימענטאַלע בינדונגען זע־נען אויסגעריסן געוואָרן מיט דעם וואָרצל?

נעמט מען היינט אַ פּויליש בוך אין האַנט אַריין, ווי אַ בוך פון אַ ווילד־פרעמד לאַנד, צו וועלכן מען האָט נישט און מען האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין שום באַציאונג. און דאַן וווּנדערט מען זיך אַליין, ווי קאָן אַ לאַנד ווערן אַזוי פאַרפרעמדט, אַזוי גלייכגילטיק? דאָס דאָזיקע לאַנד איז דאָך אַמאָל געווען ממש ייִדיש־לאַנד, כאָטש דער בלויזער געדאַנק, דאָס בלויזע געפיל אַז דאָס איז „ייִדיש לאַנד" איז פון די פּאָליאַקן באַטראַכט געוואָרן ממש אַלס הויך־פאַראַט. ווי זענען פּוילישע זשורנאַליסטן און שרייבער נישט באַפאַלן שלום אַשן אין יאָר 1912, ווען ער האָט געוואַגט צו שרייבן, אַז פאַר אים רוישט די ווייסל אויף ייִדיש. דאָס איז געווען פאַר די פּאָליאַקן עפּעס נאָך מער ווי הויך־פאַראַט. דאָס איז געווען שטאַטס־פאַראַט. און דאָך, וואָס האָבן מיר געקאָנט טון: פאַר אונדז

אַלעמען האָט די ווייסל געדרוישט אויף יידיש און נישט בלויז די ווייסל, נאָר אויך דער סאַן, דער דונאַיעץ, דער דניעסטער און די צענדליקער אַנדערע טייכן אין פּוילן האָבן אונדז איינגערוימט זייערע סודות אויף יידיש און די גאַנצע פּוילישע נאַטור האָט מיט אונדז צוזאַמען געפּראַוועט שבת נאָך יעדע זעקס טעג פון אַרבעט.

יאָ, פּוילן איז געווען פאַר אונדז יידיש לאַנד, נישט געקוקט אויף דער אַרומיקער שנאה צו אונדז, נישט געקוקט אויף דער פייַנטלעכער אַטמאָספערע וואָס דער קלויסטער האָט פאַרשפּרייט קעגן אונדז. נישט געקוקט אויף די יעדעס יאָר זיך ווידערהאָלנדיקע עלילת־דם העצעס, אויף די „שילער געלויפן" (פּאָגראָמען בלע"ז) און אויף די שטענדיקע פּראָצעסן מיט די צעכן און די קריסטלעכע סוחרישע קאָנגרעגאַציעס.

יאָ, פּוילן איז געווען יידיש לאַנד, באַזונדערס אין די שטעט, באַזונדערס די מיטלערע און קלענערע שטעט, פון וועלכע מיר האָבן די מערסטע אויסגעבויט און ווו מיר יידן האָבן געבילדעט דעם רוב, און אין אַ טייל כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג. די דאָזיקע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן זענען געווען צענטרומס פון יידישער תורה און חכמה, פון יידישן לערנען, פון יידישן לעבנס־שטייגער, פון יידישע מידות און — פון יידישער אַרבעט, פון יידישער עקאָנאָמישער טעטיקייט. אָבער דאָס אַלץ איז אין פּוילן שוין מער נישטאָ און וועט שוין מער נישט זיין... טאָ וואָס איז אונדז היינט פּוילן? אַ לאַנד ווו צווישן עטלעכע און צוואַנציק מיליאָן פּאָליאַקן לעבן 80, 90 אָדער 100.000 יידן, אַרומגערינגלט פון דער שנאה פון דעם רוב פּאָליאַקן.

מיט אַזאַ געפיל נעם איך היינט אַ פּויליש בוך אין האַנט אריין. אגב אַ ביז גאָר אינטערעסאַנט בוך. „די פּוילישע ליטעראַטור אויף דער עמיגראַציע". (פאַרלאַג „פּאָלי גראַפיקאַ" לאָדזש, 1946). ס'איז אַ מין אַנטאָלאָגיע פון ליטעראַרישע און פּובליציסטישע אַרבעטן, וואָס פּוילישע דיכטער און פּובליציסטן האָבן פאַרעפנטלעכט בשעת דער מלחמה אין ענגלאַנד. דאָס בוך איז רעדאַקטירט פון אַנטאָני סלאָנימסקי, צווישן די דיכטער אין דעם בוך זענען פאַראַן חוץ סלאָנימסקין נאָך דריי יידן: יוזעף וויטלין, יוליאַן טובים און אירענאַ טובים. צווישן די לידער איז אויך פאַראַן אַ „יידיש" ליד פון יוזעף וויטלין „צום יום הדין פון ה'תש"ז. וויטלין טענהט זיך אויס מיטן רבונו של עולם, צוליב דעם לאַנגן און אומגערעכטן משפט וואָס ער פירט קעגן דעם יידישן פאָלק. „פאַררוף די פאַרטיידיקונגס"־עדות און זאָל נעמען אַ סוף צו דער דאָזיקער בלוטיקער פּאַראַדיע פון דעם יום הדין!" — רופט אויס דער דיכטער.

און נאָך אַזעלכע טענות האָט וויטלין צום רבונו של עולם:

„אָנשטאָט ווינדעלעך לייגט מען אונדז תכריכים שוין אין די וויגן, פון שלאָגן זיך אין האַרצן איז אונדז שוין די האַנט פאַרשטיינט, יעהאָוואַ! באַווייז זיך שוין אַמאָל צום געריכט און דעק אויף דעם טעות אין פּראָטאָקאָל,

פון דיין טראָן איבער וואָלקנס גיי אראָפּ און נעם זיך אָן פאַר אונדז — אָקעגן דיר!"

נאָר נישט דאָס בין איך אויסן. צווישן די פאַרשידענע זאַכן אין דעם בוך האָט מיך צום מערסטן פאַראינטערעסירט אַן ארבעט פון אָליגיערד גורקאַ, אונ־טערן טיטל „דער היסטאָרישער רעוויזיאָניזם אַלס איבערבוי פונעם פּוילישן דענקען". דער דערמאָנטער אויטאָר וויל דורכפירן אַ רעוויזיע פון דער פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע און פון דער פּוילישער פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע. ער וויל אויסרייניקן די פּוילישע געשיכטע פון איר סענטימענטאַל־פּאַטריאָטיש־לעגענ־דאַרישן כאַראַקטער, וועלכע ער באַטראַכט אַלס אַן אומגליק פאַר פּוילן. ער באַ־טראַכט די אָפיציעל־אָנערקענטע פּוילישע געשיכטע שרייבונג אַלס אַן אופן פון „באַליגנערן" דאָס פאָלק. אַ דאַנק דעם דאָזיקן „באַליגנערן" איז אנטשטאַנען, האָט זיך אויסגעבילדעט ביי די פּאָליאַקן אַ מין אתה בחרתנוטום, צום שאָדן נישט בלויז פונעם היסטאָרישן אמת, נאָר אויך צום שאָדן פון אַ געזונטער דע־מאָקראַטישער רעאַלער פּאָליטיק. פון די מאָדערנע פּוילישע שרייבער האָט צום מערסטן בייגעטראָגן צו באַליגנערן דאָס פאָלק און די פּוילישע יוגנט, שיענקע־וויטש מיט זיין ראָמאַן „מיט פייער און שווערד". אַדאַנק דער ראָמאַנטישער היסטאָריאָגראַפיע האָט זיך פאַרשפּרייט ביים פּוילישן פאָלק אַ מין איינרעדע־ניש, ווענן באַזונדערע זעלנערישע טוגענטן, און אַז זיי, די פּאָליאַקן זענען בכוח צו שלאָגן אַ פילפאַכיק שטאַרקערן קעגנער. דער פּוילישער היסטאָריקער ציטירט אַ דערקלערונג פון אַ פּוילישן הויכן מיליטאַר, וועלכער האָט געזאָגט אין פּאַריז אַז מיט זייער פּאַטריאָטיזם און זייער ענטוזיאַזם וועלן זיי אויסגלייכן די פעלנ־דע דיוויזיעס און די שווערערע באַוואָפענונג.

די ליגנערישע געשיכטע־שרייבונג און דער קינדישער פּאַטריאָטיזם פון די פּוילישע מאַסן, דער יוגנט און פון דער פּוילישער אינטעליגענץ, האָט גורם גע־ווען די פּוילישע טראַגעדיעס אין 1788 און אין 1939. מען וואָלט געווען געקאָנט אויסמיידן דעם פאַל פון פּוילן אין 18־טן יאָרהונדערט — זאָגט דער ציטירטער אויטאָר — ווען מען זאָל געווען אָנהויבן די סאָציאַלע און פּאָליטישע סאַנירונג אביסל פריער און נישט אין 1788, ווען פּרייסן, רוסלאַנד און עסטרייך האָבן שוין געהאַט באַשלאָסן צו צעטיילן זיך מיט דער פּוילישער מלוכה. פּונקט אַזוי, זאָגט גורקאַ, האָט פּוילן געקאָנט אויסמיידן די קאַטאַסטראָפע פון 1939, ווען זי וואָלט אין 1938 געווען זיך פאַרבונדן מיט סאָוועט־רוסלאַנד, און צוזאַמען מיט טשעכאָסלאָוואַקיע געווען געקעמפט קעגן דייטשלאַנד. דער גורל פון אַ פאָלק, זאָגט דער ציטירטער אויטאָר, ווערט געוווּנען אָדער פאַרשפּילט דורך מענטשן. ער אָנערקענט נישט די תירוצים און טענות, לויט וועלכע פּוילן איז צוויי מאָל געפאַלן אַ קרבן אַדאַנק איר געאָגראַפישער לאַגע.

אָליגיערד גורקאַ האָט צונישט געמאַכט דעם ראָמאַנטישן ליגן פון די פּוי־לישע היסטאָריקער, לויט וועלכע אַ קליינע צאָל פון פּוילישע „העראָען" האָבן

געהאַלטן אין שאַך אַ האַלבן מיליאָן קאָזאַקן און טאַטערן אין דער שלאַכט ביי זבאַראזש. ער ווייזט אָן מיט היסטאָריש־סטאַטיסטישע דאַטן און פאַקטן, אַז ס'איז נישט געווען אפילו אַ צענט־חלק פון אַ האַלבן מיליאָן. דאָס זעלבע זאָגט ער וועגן די פוילישע לעגענדעס וועגן איבערפאַלן פון מחנות טאַטערן פון 250 טויזנט מאַן. די דאָזיקע מחנות, זאָגט ער, זענען באַשטאַנען פון עטלעכע טויזנט אָדער העכסטנס עפּעס אַריבער צען טויזנט מאַן. און די דאָזיקע קליינע מחנות טאַטערן זענען אַריבער צוויי הונדערט מאָל איבערגעפאַלן די פוילישע לענדער און דאָרט אָנגעמאַכט חורבות. ד. ה. אַז די לעגענדע, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן באַזונדערס דורך שיענקעוויטשעס ראָמאַנען וועגן דעם אויסערגעוועהנלעכן פּוילישן העראָאיזם, איז נישט מער ווי לעגענדע. אויך די באַוווסטע פּוילישע היסטאָרישע לעגענדע וועלכע דערקלערט פּוילן אַלס פעסטונג פונעם קריסטנטום קעגן דעם מזרח — איז נישט מער ווי אַ לעגענדע.

אַלגיערד גורקא איז נישט קיין שונא פון זיין פאָלק, נישט קיין פאַרעטער חלילה. ער איז אָן אמתער פוילישער פּאַטריאָט, אָבער ער גלויבט, אַז מיטן היס־טאָרישן אמת דינט מען מער דעם פּאַטריאָטיזם ווי דורך דערציען די יוגנט צו אַ פאַלשן ראָמאַנטישן פּאַטריאָטיזם וועלכער האָט נישט קיין שום יסוד אין די היסטאָרישע טאַטזאַכן. דורך דעם פאַרשפּרייטן פון כלומרשט פּאַטריאָטישע היסטאָרישע ליגנס דערפירט מען אַ פאָלק צו אַזעלכע טראַגעדיעס ווי פּוילן האָט איבערגעלעבט אין 1788 און אין 1939.

דער פּוילישער אויטאָר באַרירט אין זיין אַרבעט אָפּט די יידן און די יידנ־פראַגע אין פּוילן. ער איז זיכער, אַז די ווילדע אַנטיסעמיטישע ראַסן־העצע אין פּוילן איז אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגערופן געוואָרן פון פרעמדע אַגענטן, וועל־כע האָבן געוואָלט אויף אַזאַ אופן אָפּשוואַכן פּוילן. (אַ שאָד וואָס ער דערמאָנט נישט די ראָל פון דעם פּוילישן קלער אין דער פאַרשפּרייטונג פון חשדים און שנאה צו יידן; האָט דער קלער אויך געווירקט אַלס אַגענט פון פרעמדע אינ־טערעסן?) אָבער נישט בלויז דער יידן־האַס — אויך די שנאה צו די דיסידענטן אין 18-טן יאָרהונדערט איז לויט גורקאַן געווען אַ רעזולטאַט פון אַ העצע פון אויסלענדישע אַגענטן (און פון קלער?) אַדאַנק די רדיפות קעגן די דיסידענטן איז געקומען צו דער צעטיילונג פון פּוילן, אָדער אפשר איז דאָס געווען בלויז אַן אויסרייד? און אַדאַנק דעם ווילדן אַנטיסעמיטיזם אין דער נייער פּוילן פון סוף 1918 ביז סעפּטעמבער 1939 איז פּוילן אַזוי אָפּגעשוואַכט און דעמאָראַלי־זירט געוואָרן, אַז מיט דעם גאַנצן טרומייטערדיקן פּאַטריאָטיזם פון דער פּוי־לישער יוגנט און פון די נאַציאָנאַליסטישע „פּאַטריאָטן" איז פּוילן צוזאַמענגע־בראָכן אין משך פון זעקס טעג.

גורקא שרייבט: „ווען עס האָט זיך דערנענטערט די צעטיילונג פון פּוילן (אין 1788), האָט דער פּוילישער עולם, אַדאַנק דער העצע פון אַ געהיימער רו־סישער אַגענטור, הונדערט מאָל מער זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע פון די דיסי־

דענטן (די נישט קאטוילישע קריסטן) ווי מיט אַלע אַנדערע פּאָליטישע פּראָבלע־מען. און פּונקט אַזוי, ווען פּוילן האָט זיך דערנענטערט צו דער קאַטאַסטראָפּאַ־לער סיטואַציע אָנגעפאַנגען פון יאָר 1935, האָט דער כּלל פּאָליאַקן, אַ דאַנק דער אָפּענער און געהיימער אַגיטאַציע נישט בלויז פון די דייטשן נאָר אויך פון די איטאַליענער, זיך פאַרנומען הונדערט מאָל מער מיט יידן און מיט דער העצע קעגן די מאַסאָנען „ווי מיט אַלע אַנדערע פּראָבלעמען". דערביי זענען די פּוילי־שע צייטונגס־לייענער אַזוי סיסטעמאַטיש פאַרדומט געוואָרן, אַז די צייטונגען האָבן זייער העצע קעגן די יידן און מאַסאָנען פאַרבונדן מיטן קאַמף קעגן „די אויסלענדישע אַגענטן".

און דאָ דערמאָנט דער פּוילישער אויטאָר דעם „אַבסאָלוטיזם פון די סטו־דענטן" און דאָס אַריינמישן זיך פון דער יוגנט אין דער אַקטיווער פּאָליטיק, מיט דעם אונטערשייד בלויז וואָס אין 18־טן יאָרהונדערט האָט די יוגנט גע־שלאָגן די יידן נאָר אין די וואָכן־טעג, און די דיסידענטן אין די זונטיקן, אָבער אין 20־טן יאָרהונדערט האָט מען אין פּוילן געשלאָגן יידן אַלע טאָג.

צו וואָס די דאָזיקע העצע האָט פּוילן פאַרפירט ווייסן מיר שוין. די פּוילי־שע מאַסן זענען אָבער נאָך נישט קליגער געוואָרן פון דער דאָזיקער ביטערער דערפאַרונג, נישט געקוקט אויף דעם שפּריכוואָרט וואָס זאָגט, אַז „דער פּאָליאַק וועט קליג נאָכן שאָדן". אָבער לפּחות אַ געוויסער טייל פון דער פּוילישער אינ־טעליגענץ וועט אפשר עפּעס לערנען פון די שאָדנס וואָס די אַנטיסעמיטישע העצע האָט געבראַכט דעם פּוילישן פאָלק. די פּוילישע יידן אָבער האָבן געליטן דעם גרעסטן שאָדן און דאָס נוצט אונדז נישט אפילו אויף קלוגער צו ווערן. מיר זענען אין דער דאָזיקער באַציאונג שוין גענוג „קלוג". כאָטש פון גורקאַס „היסטאָרישן רעוויזיאָניזם" וואָלטן אויך מיר געקענט לערנען. אויך מיר נויטיקן זיך אין אַ רעוויזיע פון געוויסע אָנגענומענע געשיכטס־פילאָזאָפישע באַהויפּטונ־גען, וועלכע פאַרפירן אונדז אָפּט צו פאַלשער פּאָליטיק. און וואָס גורקאַ זאָגט וועגן דעם „אַבסאָלוטיזם פון די סטודענטן" איז נישט גאָר ווייט פון דעם וואָס מיר ליידן איצט פונעם אַבסאָלוטיזם פון אונדזער יוגנט.

# קאָמוניסטישע צענזור

מיר יידישע זשורנאַליסטן געפינען זיך אייגנטלעך אַלע אונטער דער צענזור פון אונדזערע קאָמוניסטן. און אַ צענזור איז דאָס גאָר אַ שטרענגע. דאָס איז אַ צענזור, וועלכע שטראָפט נישט בלויז פאַר אָפענע חטאים, וועלכע ציַיטונגס־שרייבער באַגייען אָפּט במזיד, נאָר אויך פאַר בלומרשטע חטאים, וועלכע מען באַגייט טיילמאָל בשוגג, בלא יודעים, דורך אַ נישט פּאַסיק וואָרט, דורך אַ וואָרט צופיל אָדער אַ וואָרט צו ווייניק, צומאָל אפילו דורך אַן איבעריקער אָדער אַ פעלנדיקער פּינטעלע. די קאָמוניסטן, דאָס הייסט, באַזונדערס „אונדזערע" קאָמוניסטן, געהערן צו יענע שטרענגע און בייזע צענזאָרן־ריכטער, וועלכע זענען שטענדיק דן לכף חוב. ווען עמיצער שטייט אין חשד ביי זיי אויף זינדיקע מחשבות, קאָן ער שוין זיין זיכער, אַז ער וועט קיינמאָל ביי זיי קיין זכות נישט געפינען.

דער מעטאָד פון דער דאָזיקער צענזור פון אונדזערע קאָמוניסטן באַשטייט אין דעם, וואָס אַן אַרטיקל פון אַ מענטשן וועלכן זיי האַלטן פאַר אַ זינדיקן ר"ל, ווערט פון זיי אַזוי לאַנג איבערגעטייטשט, אונטערגעטייטשט, אויסגעטייטשט און אַריינגעטייטשט, אַז עס קומט אויס נישט אַנדערש, נאָר דער מחבר פון אַזאַ אַרטיקל איז חייב דיני מיתה.

אני הקטן — — זאָל מיר הש"ית מוחל זיין, געהער צו די דאָזיקע זינדיקע, וועלכע זענען, אָן אַ משפּט, ביי די קאָמוניסטן חייב מיתה. און ווייל אַזאַ שטרענגן, כאָטש פאַר זיי גערעכטן פּסק, קענען זיי נישט דורכפירן, איז יעדעס מאָל, ווען זיי דאַרפן האַלטן אַ משפּט איבער מיין זינדיקייט, זענען זיי יוצא מיט אַביסל פאַרלוימדונג, אַביסל באַשמוצן מיין נאָמען, און בכלל אוועקשטעלן מיך אַלס אַ שוואַרצן רעאַקציאָנער, אַ פאָלקס־פיינט, און אפילו אַ שונא פון יידישן פאָלק, כדי אויף אַזאַ אופן צו מאַכן פון מיר אַן אָפּשרעקעניש פאַר קאָמוניסטישע און „פּראָגרעסיווע" אנשי שלומינו.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך מיך פאַרזינדיקט מיט מיין נאָטיץ „היסטאָרישער רעוויזיאָניזם". איך האָב גלאָסירט אַן אַרטיקל פון אַ פּוילישן היסטאָריקער, וועלכער פאָדערט שוין פון לאַנג אַ רעוויזיע פון דער פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע אין אַ דעמאָקראַטישן און קולטור־פּאָליטיש־פּראָגרעסיוון זין. דער פּוי-

לישער היסטאָריקער וויל אָפּרייניקן די פּוילישע געשיכטע פון דער אַלטער ליג־נערישער נאַציאָנאַליסטישער ראָמאַנטיק און זי צוריקפירן צום אמת פון די גע־שעענישן. די דאָזיקע אַרבעט פון אַ באמת פּראָגרעסיוון פּובליציסט — פּראָגרע־סיוו נישט אינעם גייסט פון אונדזערע „פּראָגרעסיווע עלעמענטן" — האָב איך גלאָסירט דורכאויס פּאָזיטיוו, צושטימענדיק צו זיין מיינונג, אַז ווען פּוילן וואָלט אין יאָר 1938 געווען זיך פאַרבונדן מיט סאָוועט־רוסלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע און אַרויס אין קאַמף קעגן דייטשלאַנד, וואָלט זי געווען אויסגעמיטן די קאַ־טאַסטראָפע וואָס האָט איר געטראָפן.

אָבער אינעם אַריינפיר צו דער ציטירטער נאָטיץ האָב איך געשריבן אַזעל־כע זינדיקע מחשבות:

„פּוילן איז פאַר יידן געוואָרן כמעט אַ פרעמדער ענין. אין פּוילן זענען היינט פאַראַן נאָר אַ פערטל אַזוי פיל יידן ווי אין רומעניע, ווייניקער ווי אַ העלפט פון דער צאָל יידן אין אונגאַרן און פּונקט אַזאַ אומגעפער איז די פּראָ־פּאָרץ פון די יידן פון גאַנץ פּוילן צו דער צאָל אין פּאַריז. ביי אַזאַ מצב איז פאַר־קלענערט געוואָרן די באַדייטונג פון פּוילן פאַר דער יידישער עפנטלעכקייט".

האָבן די דאָזיקע שורות אַרויסגערופן דעם שאַרפן חשד פון מיין קאָמוניס־טישן צענזאָר. וואָרים די קאָמוניסטישע צענזאָרן שטייען אויף דער וואַך, און היטן שטרענג, אַז מען זאָל נישט אַרויסזאָגן קיין שום זינדיקן געדאַנק קעגן וועלכן ס'איז פון די לענדער, אַלס וועמענס אומגעבעטענע אַדוואָקאַטן און צענ־זאָרן זיי שטעלן זיך אַרויס. אין פריערדיקע יאָרן זענען זיי געווען די אַדוואָקאַטן נאָר פון רוסלאַנד, היינט וואַרפן זיי זיך־אויף אַלס די צענזאָרן און אַדוואָקאַטן פון פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, יוגאָסלאַוויע און בולגאַריע — כאָטש איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַז קיין איינציק פון די דערמאָנטע לענדער האָט זיי נישט אי־בערגעגעבן דעם דאָזיקן פּונקט אַזוי נאַרישן ווי בייזוויליקן צענזאָרן־אַמט.

וואָרים, גאַנץ רואיק און זאַכלעך באַטראַכט: איז פּוילן ניט געוואָרן פאַר יידן „כמעט אַ פרעמדער ענין"? אין דעם איז נישטאָ קיין שום פיינטלעכער געפיל צו דער היינטיקער פּוילן און נישט קיין שום כוונה אויפצוהייבן די פריערדיקע פּוילן אַקעגן דער היינטיקער. ס'איז אַ פּשוטע געפילס־זאַך. פריער איז פּוילן געווען אַ לאַנד פון כמעט דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן, מיט אַ רייך יידיש קולטור־לעבן, פון וועלכן עס האָבן געשעפּט די יידישע קיבוצים פון די ווייטסטע לענ־דער מעבר לים. און היינט איז פּוילן אַ לאַנד מיט 80 אָדער 90, אָדער 100.000 יידן, דאָס הייסט אַז פון יידישן פאָלקס־שטאַנדפּונקט האָט פּוילן היינט פאַר יידן נישט די באַדייטונג אפילו פון אַ רומעניע, פון אַן אונגאַרן אָדער אפילו פון איין שטאָט פּאַריז. האָב איך מיט דעם אפשר געפעלשט טאַטזאַכן? וואָס דאַרפן מיר ווייט זוכן: אַז אין איין בוענאָס־איירעס זענען היינט דאָ מער יידן ווי אין גאַנץ פּוילן. דאָס זענען דאָך פאַקטן, וועלכע לאָזן זיך נישט מבטל זיין. און לויט די דאָזיקע געשאַפענע פאַקטן שאַפן זיך סענטימענטאַלע און פּאָליטישע באַצי־

אונגען. און ווען איך האָב געשריבן, אַז „פּאַר פּשוטע יידן האָט פּוילן, די רעאַלע, זיך ווידעראויפבויענדיקע הײנטיקע פּוילן פאַרלוירן דעם אינטערעס, וואָס זי האָט בײַ אונדז אַרויסגערופן אין די יאָרן פאַר 1939", האָב איך דאָך ווידער גאָר אַרויסגעזאָגט דאָס וואָס איז, און חלילה, נישט געפעלשט קיין פאַקטן אָדער שטימונגען. איך האָב נאָר דעם ציטירטן זאַץ אין אײַלעניש נישט ריכטיק פאָר־מולירט. איצט וואָלט איך געשריבן, אַז די הײנטיקע פּוילן רופט נישט אַרויס בײַ אונדז דעם אינטערעס, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר איר, ווען פּוילן איז גע־ווען אַ לאַנד מיט אַ גרויסן יידישן ישוב. אין דעם ליגט נישט קיין שום שנאה צו דער הײנטיקער פּוילן, פאַרקערט, איך פּערזענלעך רעד וועגן פּוילן מיט אַ געפיל פון ווײמוט. וואָרים פּוילן איז דאָך געווען פאַר אונדז יידיש לאַנד (נישט „אַ" יידיש לאַנד — ווי מײַן קאָמוניסטישער צענזאָר ציטירט פאַלש). און עס איז מיר קיינמאָל נישט אײַנגעפאַלן, און זיכער פאַלט דאָס נישט אײַן קיין שום יידן, צו באַשולדיקן די אָפיציעלע פאָרשטייער פון דער הײנטיקער פּוילן אין דער גרויסער יידישער טראַגעדיע אין פּוילן, נישט עס איז דאָ ערגעץ ווו אַ סימן פון אַזאַ מחשבה אין דער ציטירטער נאָטיץ, וועלכע האָט געגעבן מײַן קאָמו־ניסטישן צענזאָר אַ מאָטיוו, אַרויסצוטרעטן אַלס אַדוואָקאַט פון דער הײנטיקער פּוילן. דאָס איז באמת אַן אומגעבעטענער אַדוואָקאַט, וועלכער וואַרפט זיך אַליין אויף. די גאַנצע פּאָלעמיק פון מײַן קאָמוניסטישן צענזאָר קעגן מיר האָט נישט קיין יסוד אין די טאַטזאַכן, נישט אין דעם וואָס איך האָב געשריבן. זײַנע קונ־ציקע אויסטײַטשן און איבערטײַטשן פון מײַנע רייד געהערן צו די ביליקע פאַר־טײַאישע פּאָלעמיקעס וועמענס גײַסטיקער כוח באַשטייט אין פעלשונגען און פאַרדרייאונגען.

ס'איז נישט געווען קיין שום סיבה, אַז מײַן קאָמוניסטישער צענזאָר זאָל נעמען אין שוץ דעם קליינעם יידישן ישוב אין פּוילן קעגן מיר. אויך דער דאָזי־קער ישוב נויטיקט זיך נישט אין אַזאַ אַדוואָקאַט. און נאָך ווייניקער נויטיקט זיך דער קליינער יידישער ישוב אין פּוילן אין די אַדוואָקאַטישע פעלשונגען און אינסינואַציעס, מיט וועלכע עס באַנוצט זיך מײַן קאָמוניסטישער קעגנער, וועל־כער דריקט אויס דעם פאַרדאַכט, אַז „אַפילו די פאַגראָמען און עלילת דם-הע־צערס" (פון דעם אַמאָליקן פּוילן) האָבן פאַר מיר „אַ געוויסע אַטראַקציע", און אַז דאַקעגן קען איך „נישט פאַרדײַען דאָס נײַע פּוילן אין וועלכן עס לעבן דאָך פאָרט הונדערט טויזנט יידן".

נו, איך בין אַ פּוילישער ייד און פון קינדווייז אָן בין איך געוווינט געוואָרן דערצו, אַז אַ פּוילישער שייגעץ זאָל נאָכוואַרפן אַ שטיין אָדער צומאָל אַ קופּ־קעלע בלאָטע פון אַ מיאוסן ריח. און דעריבער אַרט מיך נישט דאָס קופּקעלע בלאָטע וואָס מײַן קאָמוניסטישער צענזאָר וואַרפט מיר נאָך.

און צום סוף נאָך אַ וואָרט וועגן „מלכות שמים".

„גאָרמאַלע יידן — שרייבט מיין בעל פּלוגתא — האָפן און לעבן מיט דער האָפענונג אויף אַ בעסער און שענערער וועלט, און זיי פרייען זיך מיט יעדן פריידיקן גרוס וואָס קומט אָן פון דעם אָדער יענעם וועלט־ווינקל, אויך מיט די פריידיקע גרוסן, וואָס קומען גליקלעכערווייז לעצטנס אָן פון פּוילן. פרעמד און קאַלט קענען זיין בלויז, וועלכע האָבן נישט קיין נשמה און קיין הארץ"...

גו, לאָמיך מודה זיין, אַז דאָס דאָזיקע מיט דער „נשמה" און מיטן „הארץ" געפעלט מיר זייער שטאַרק, דאָס נעמט מיין נשמה און מיין הארץ — כאָטש דאָס איז גאָרנישט, אָבער טאַקע גאָר־גאָרנישט מאַרקסיסטיש. און הלמאי זאָל איך לייקענען: מיר ווייזט אויס, אַז אַ טייל פון אונדזערע קאָמוניסטן לאָזן זיך שוין צופיל פירן פון דער „נשמה" און פון „הארץ". זיי לאָזן זיך פירן, הייסט דאָס אויף אַ פאַרקערטן וועג. דאָס באַציט זיך נישט צו פּוילן, נישט צו קיין שום קאָנקרעט לאַנד. דאָס באַציט זיך צו דער אַבסטראַקטער אידייע וועגן דער בע־סערער און שענערער וועלט. און דאָ וויל איך זאָגן מיין קעגנער פון „נשמה און הארץ", אַז ס'איז גאָר נישט אַזאַ אידעאַלע „בעסערע און שענערע וועלט", די וועלט, אין וועלכער מיין קאָמוניסטישער קעגנער וויל אונדז אריינשטופּן: דאָס איז די וועלט ווי דעמאָלט ביים באַרג סיני, ווו מען האָט אונדז אַלע פאַרזאַמלט און מען האָט אונדז געזאָגט: נעמט איר אָן די תורה איז גוט, אויב נישט וואַרף איך אויף אייך אַרויף דעם באַרג און צעקלאַפּ אייך די קעפּ. אפילו אַזאַ זאַך ווי די תורה איז נישט גוט, ווען מען מוז זי אָננעמען אונטער דער דראָאונג, אַז אויב נישט וועט מען אַרויסגיין מיט צעקלאַפּטע קעפּ, אָדער מען וועט בכלל נישט אַרויסגיין...

די „בעסערע און שענערע וועלט" פון אונדזערע וועלט־פאַרבעסערער קען זיך זיין אַ גאַנץ גוטע וועלט, (כאָטש איך וואָלט זי וועלן די דאָזיקע וועלט, מיט אַ ביסל ווייניקער פּאָליציי און אַביסל מער פערזענלעכער או גייסטיקער פריי־הייט), — אָבער עס קאָן נישט גוט זיין פאַר אונדז קיין שום וועלט, פאַר וועל־כער מען שטעלט אונדז אַוועק, ווי אַמאָל ביים באַרג סיני און מען דראָט אונדז: אָדער איר זענט מסכים צו דער דאָזיקער וועלט, אָדער אויב נישט וועט מען אויף אייך אַרויפוואַרפן דעם באַרג און מען וועט אייך די קעפּ צעקלאַפּן; אָדער מאָדערן גערעדט: אויב נישט די בעסערע וועלט אונטער דער סאָוועטישער הש־גחה, דראָט אייך אַ וועלט פון פּאָגראָמען, אַנטיסעמיטיזם, גאַז־אויוונס וכדומה, וכדומה. קיין שום פאָלק ווערט נישט אַוועקגעשטעלט אין אַזאַ נויט־לאַגע ווי מיר יידן. קיין שום פאָלק דראָט מען נישט, אַז טאָמער קומט חלילה צו אַ בייט פון רעגירונגס־סיסטעם אין אַ וועלכער עס איז פון די דאָזיקע בעסערע וועלטן, קאָן אויף זיי קומען פּאָגראָמען, שחיטות, און אונטערגאַנג. נאָר אונדז יידן שטעלט מען אַוועק פאַר אַזאַ באַרג סיני. און דאָס איז נישט גוט. ס'איז נישט גוט פאַר אַ פאָלק, ווען זיין סיטואַציע ווערט אַזוי צוגעשפּיצט, אַז ס'איז נישטאָ פאַר אים

קיין אנדערע ברירה: אָדער ער נעמט אָן די בעסערע וועלט, אָדער, ווען ניט, דאַן מעג ער זיך געזעגענען מיט דער וועלט און מיט יענער וועלט און מיט אַלע וועלטן. ס'איז נישט גוט און נישט ערלעך אריינצוצווינגען אַ פאָלק אין אַזאַ ענגער לאַגע. און דערפאַר געפעלט מיר נאָך אַלץ בעסער די וועלט אפילו פון אַזאַ „טיראַניע", ווו ס'איז דאָ מעגלעכקייט פאַר אַ וואַלאַס, — ווי אַ וועלט, פון וועלכער ס'איז דאָ נאָר איין אויסוועג — אין דער פיין פון גיהנום.

# פייוול דער פאָלקאָווניק

פאַרשטייט זיך, אַז מיט דעם איז געמיינט דער פּאָלקאָווניק פון דער רויטער אַרמיי, פייוול מיכלין. האָט איר שוין געהערט אַמאָל אַזאַ נאָמען פון אַ פּאָלקאָווניק? פּאָלקאָווניק פייוול! בכלל, אַז אַן אָפיציר, זאָל זיך דערלויבן צו לאָזן רופן מיט אַזאַ מין פּשוטן יידישן נאָמען?

דער אָפיציר איז ביי יידן תמיד געווען די פאַרקערפּערונג פון דער העכסטער און שטרענגסטער מלוכה־אויטאָריטעט. נישט בלויז די אָפיצירן פון די העכערע און מיטעלערע ראַנגן, נאָר אפילו אַ פּשוטער לייטענאַנט פלעגט שוין אַרויסרופן אַ מוראדיקן רעספּעקט צו זיין אוניפאָרם. אַ קלייניקייט, די אָפיצירישע אוניפאָרם. זי איז געווען רויט אָדער בלוי, אָדער געל אָדער גרין, אָדער אַ צונויפמישונג פון צוויי פאַרבן. און היינט די זילבערנע אָדער גאָלדענע באָרטן מיט וועלכע עס איז געווען באַנייט די דאָזיקע אוניפאָרם! און היינט די גאָלדענע בענדלעך, וואָס דער אָפיציר האָט געהאַט צוגענייט צום קאָלנער פון זיין מונדיר, און דאָס אָפּגעצאַצקעטע אָפיצירישע היטל, און די בלישטשענדיקע לאַנגע שווערד! נו, כ׳בעט אייך, קאָן אַ מענטש וועלכער איז אָנגעטון אין אַזאַ מונדיר, זיך רופן יאַנקל, שמיל, סראָל, אָדער גאָר פייוול? לכל הפחות האָט אַזאַ אָפיציר געמוזט הייסן מאַקסימיליאַן אָדער איגנאַץ, אָדער רודאָלף אָדער היינריך. אָבער פייוול? זאָל אונדז גאָט ברוך הוא שומר ומציל זיין!

אייגנטלעך האָבן זיך די פעלקער בכלל נישט געאיילט צו דערלאָזן אַ יידן אַרויפשטייגן צו דער הויכער מדרגה פון אַן אָפיציר. אין דער צאַרישער רוסלאַנד האָט אַ ייד נישט געקאָנט זיין קיין אָפיציר. און אין דייטשלאַנד אויך נישט. ערשט אין דער מלחמה פון 1914־18 איז אַ געוויסע צאָל יידן אין דער דייטשער אַרמיי אַוואַנסירט געוואָרן צום ראַנג פון לייטענאַנטס און אונטער־לייטענאַנטס. קיין העכערע ראַנגן האָבן יידן אין דער דייטשער אַרמיי קיינמאָל נישט דערגרייכט.

אין דער פראַנצויזישער, אין דער איטאַליענישער און אין די אַנדערע מערב אייראָפּעאישע אַרמייען האָבן יידן געקענט אַרויפשטייגן ביז צו די העכסטע ראַנגן — דאָרט האָט מען נישט געקוקט אויף דער אָפּשטאַמונג נישט אויף דער

רעליגיע. אַנטשיידנד איז געווען נאָר די געפאָדערטע פעאיקייט, בילדונג און די פערזענלעכע דערשיינונג.

פון די לענדער פון די יידישע מאַסן ישובים האָבן יידן געקאָנט זיין אָפי־צירן אין עסטרייך און אין אונגארן. ביז צו די מיטעלערע אָפיצירישע ראַנגן, ד. ה. אויבערלייטענאַנט און הויפּטמאַן האָבן יידן געקענט דערגרייכן אָן א שום מניעה. דער גייסט פון אָפיצירישע קאָלעגיאַליטעט איז געווען אזוי שטארק אין דער עסטרייכיש אונגארישער ארמיי, אז אפילו ווען עס זענען געווען אָפיצירן אַנטיסעמיטן, האָבן זיי זיך געמוזט היטן נישט ארויסצוווייזן קיין שום גרינג־שעצונג צו א יידישן אָפיציר. אָבער אַז א יידישער אָפיציר אין עסטרייך זאָל זיך געווען דערלויבן צו הייסן פייוול, אָדער הערש אָדער לייב איז געווען פשוט אָן אוממעגלעכקייט. מיט אזא יידישן נאָמען וואָלט קיין שום אָפיציר נישט גע־ווען געקענט אריינגיין אין זיין אוניפאָרם און ער וואָלט זיך נישט געווען גע־קאָנט ווייזן פאר זיינע נישט יידישע קאָלעגן. ווער קאָן זיך דאָס אויסמאָלן א וואָסערן שרעק און א וואָסערן חוזק עס וואָלט געווען ארויסגערופן אין א פאר־זאמלונג פון אָפיצירן ווען מען וואָלט געווען ארויסגערופן אָן אויבערלייטענאַנט אברהם לייב אָדער א הויפּטמאַן הערש?! און אויך אין דער פוילישער ארמיי האָט א יידישער אָפיציר נישט געקאָנט וואגן זיך צו רופן מיט א יידישן נאָמען. דאָס איז געווען פשוט אומדענקבאר.

אין דער געמיינזאַמער עסטרייכיש־אונגארישער ארמיי ווי אין די באזונ־דערע עסטרייכישע און אונגארישע ארמיי-טיילן זענען געווען ווי געזאָגט א היפּ־שע צאָל אָפיצירן ביז צום ראנג פון הויפּטמאַן (קאפּיטאַן). העכערע ראַנגען, פון מאַיאָר ביז ווייטער ארויף, איז שוין געווען אביסל שווערער פאר א יידן צו דער־גרייכן, כאָטש אוממעגלעך איז אויך דאָס נישט געווען און קיין געזעצלעכע מניעות, אויך נישט. אין דער געמיינזאמער ארמיי זענען געווען יידישע מאַיאָרן, פּאָלקאָווניקעס (אָבערסטן) און אפילו גענעראַלן. פארשטענדלעך, אז פאר א גע־שמדטן ייד איז לייכטער געווען צו דערגרייכן די העכסטע שטאַפּלען פון דער מיליטערישער לייטער. אָבער, ווי געזאָגט, עס זענען געווען אין עסטרייך עטלע־כע גענעראַלן יידן, פארשטייט זיך, שטארק אסימילירטע יידן, קיין גענעראַל פייוול אָדער אָבערסט יאַנקל איז נישט געווען.

אמת, ס'זענען געווען אָפיצירן ציוניסטן און אפילו א גענעראַל א ציו־ניסט. דאָס איז געווען דער גענעראַל ריטער פאָן אייז, וועלכער איז געווען דר. הערצלס א מיטארבעטער אין דער פארוואַלטונג פון דעם ציוניסטישן צענטראַל־אָרגאַן „די וועלט". איר פארשטייט א מדרגה: א ציוניסטיש בלאַט מיט א גע־נעראַל אַלס אדמיניסטראַטאָר! גענעראַל פאָן אייז האָט איבערגענומען דעם אד־מיניסטראַטאָר-פּאָסטן, ווייל ער האָט געוואָלט עפּעס טון ציוניסטישע ארבעט. דער גענעראַל האָט זיך אזוי ערנסט באַצויגן צו זיין ציוניזם, אז אויף די אַלטע

יאָרן, אַלס פּענסיאָנירטער גענעראַל האָט ער זיך גענומען לערנען העברעאיש און אין מיליטערישן מאַרש־טעמפּאָ איינגעחזרט פּקוד פּקדתי.

אָבער וואָס איז אפילו דער דאָזיקער ציוניסטישער גענעראַל קעגן דעם פּאָל־קאָווניק פּייוול מיכלין! אַ פּאָלקאָווניק פּייוול מיכלין! אַ פּאָלקאָווניק, וועלכער הייסט אַזוי פּשוט פּייוול, מיט דער זעלבער זעלבסטפאַרשטענדלעכער פּערזענ־לעכער ווירדע מיט וועלכער אַנדערע אָפּיצירן רופן זיך דימיטרי אָדער אַלעקסעי, אָדער יעפים. און דערצו די דאָזיקע פּשוטע יידישע שפּראַך! אַ פּאָלקאָווניק אַ ייִד, רעדט צו די יידן פון זיין לאַנד און צו די יידן פון דער וועלט. און אַ וואָסער לשון ער רעדט:

„איך בין אַ סאָלדאַט. ווערטער זענען נישט מיין געווער. און אויב מיינע ווערטער זעען אויס בלאַס, בעט איך אייך, מיינע צוהערער, אַז איר זאָלט עפענען אייערע הערצער צו דער ליבע און דעם האַס, מיט וועלכע איך אָטעם".

און פּאָלקאָווניק פּייוול מיכלין אָטעמט מיט אַ הייסער ליבע און מיט אַ נאָך הייסערן האַס. דאָס איז דער האַס פון אַן אמתן סאָלדאַט. דער פּאָלקאָווניק פּייוול מיכלין איז געווען אַ ייִנגל פון 19 יאָר ווען עס איז געקומען די רעוואָ־לוציע. ביז 19 יאָר איז ער געווען אַ קינד פון אַ פּאָלק אָן רעכט. „די רעוואָלוציע האָט מיר געגעבן די רעכט פון אַ מענטשן" — זאָגט ער. און ער האָט רעכט. וואָרום אין דער צאַרישער רוסלאַנד וואָלט פּייוול מיכלין נישט געווען געקענט ווערן קיין פּאָלקאָווניק. און אָט דער פּייוול מיכלין, וועמען די רעוואָלוציע האָט געגעבן די רעכט פון אַ מענטשן, דערהערט פּלוצים, ווי די היטלעריסטישע האָר־דעס האָבן געמאָרדעט און געפּייניקט יידישע מענער, פרויען און קינדער, ווי זיי האָבן באַגראָבן יידן לעבעדיקערהייט, ווי זיי האָבן אין וויטעבסק אַריינגעטריבן אַלע יידן פון דער שטאָט אין אַ פּאַלאַץ פון דער רויטער אַרמיי, מענער, פרויען, קינדער, אַלטע לייט און קראַנקע און אונטערגעצונדן דאָס הויז מיט אַלע יידן אינעווייניק.

ווען דער פּאָלקאָווניק פּייוול מיכלין האָט דערהערט וועגן די דאָזיקע רציחות קעגן זיינע ברידער, האָט ער אויף אַ ווייל פאַרגעסן אין זיין פּאָלקאָווניק־ראַנג, און ער האָט זיך געפילט נאָר אַלס דער ייד פּייוול מיכלין. און ער האָט דאַן צו זיך אַזוי געזאָגט:

„פּייוול מיכלין! אין וויטעבסק זענען דיינע ברידער און שוועסטער פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. היטלער ברענגט ווידער אַראָפּ אויף דער ערד דיין אומגליקלעכע קינדהייט. ער וויל אַז די פּאָגראָמען זאָלן זיך קיינמאָל נישט אָפּשטעלן. דו, פּייוול מיכלין, ביסט אַ בירגער פון אַ לאַנד, ווו אַ מענטש וואָס הייסט פּייוול איז אַ גלייכער מחותן מיט אַלעמען, ביסט אַ סאָלדאַט און אַ ייד. אין פאַרלויף פון 25 יאָר האָסטו געלעבט ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע. אין פאַרלויף פון 25 יאָר האָסטו געפורעמט דיין לעבן ווי דו האָסט געוואָלט, דו האָסט געוואָלט

זיין א סאָלדאַט און איצט ביסטו אַ פּאָלקאָווניק. דו האָסט געוואָלט פאַר־טיידיקן דיין לאַנד, און דיין לאַנד האָט דיר געגעבן געווער אין די הענט. קיינער פאַרלאַנגט נישט פון דיר מער ווי מען פאַרלאַנגט פון אַנדערע, און קיינער אַנטזאָגט דיר נישט דאָס צו וועלכן דו ביסט באַרעכטיקט. אָבער די שונאים פון דיין לאַנד, די שונאים פון דיין פאָלק זאָגן: „ניין, פּייוול מיכלין האָט נישט דאָס רעכט צו לעבן, ווייל ער איז אַ ייד". וואָס וועט זיין דיין ענטפער צו די שונאים, פּייוול מיכלין?"

און פּייוול מיכלין רעדט ווייטער אַזעלכע דיבורים:

„היטלער האָט אויף מיין פאָלק אָנגערייצט מערדער, רויבער, אי־דיאָטן און באַלוואַנעס. ער האָט געמיינט, אַז ער וועט באַליידיקן די יידן מיט זיין ווילדן האַס, אָבער ער האָט שלעכט אויסגערעכנט. מיר זענען שטאָלץ מיט דעם וואָס דער שונא פון קולטור און פון מענטשלעכע גע־פילן, קוקט אויף אונדז ווי אויף זיין הויפּט־שונא. ער וויל אונדז אויס־ראָטן, ווייל ער קאָן נישט געווינען."

אָבער פּייוול מיכלין איז „אַ סאָוועטישער סאָלדאַט, וועמעס האַרץ ברענט פון צער און צאָרן, פון ווייטיק און שנאה, — אַ סאָוועטישער סאָלדאַט, וואָס האַלט טייער דעם גלויבן אין זיג".

און אָט דער פּייוול און די טויזנטער אַנדערע פּייוולס און איציקס און הערשקעס זענען היינט אַ שטיק טרייסט פאַר אונדז. זיי נעמען נקמה פאַרן יידי־שן בלוט וואָס ווערט פאַרגאָסן דורך געמיינע בעסטיאַליזירטע מערדער.

און טראַכטנדיק וועגן דעם פּאָלקאָווניק פּייוול דערמאָנט מען זיך אין די יידישע סאָלדאַטן וועלכע קעמפן אויף די אַנדערע פראָנטן, אין די יידישע סאָל־דאַטן וועלכע פאַרטיידיקן די אַמעריקאַנער פרייהייט קעגן די יאַפּאַנישע פאַ־שיסטן — די געפערלעכסטע פון דער פאַשיסטישער משפחה; און מען דער־מאָנט זיך קודם־כל אין דער מוטיקער יידישער יוגנט פון ארץ ישראל, וועלכע איז גרייט צו קעמפן מיט מסירת נפש קעגן דעם שונא פון דער מענטשהייט און פון וועלכער אַ גרויסע צאָל זענען געפאַלן אין קאַמף אויף די שלאַכטפעלדער. מיר דערמאָנען זיך אין דעם עקשנותדיקן רוף פון דעם ארץ ישראלדיקן יידנ־טום וועגן אָרגאַניזירן אַ יידישע אַרמיי אינעם פאַרבאַנד פון די בריטישע אַר־מייען. אָן וועלכע ס'איז רעגירונגס־באַפעלן, אָן פּאָליציייִשע געוואַלד־מיטלען האָבן זיך די יידן פון ארץ ישראל אַליין מאָביליזירט האַרכנדיק דעם מאָראַלישן געזעץ פון נאַציאָנאַלער פליכט, פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין. די יידן פון ארץ ישראל שטייען איצט אויף דער וואַך פון דעם לאַנד פון אונדזער האָפענונג, גרייט צו גיין אַקעגן דעם שונא, ער זאָל זיך נישט קענען דערנענטערן צו די גרענעצן פון לאַנד. די קורצזיכטיקע פּאָליטיק פון דער ענגלישער רעגירונג האָט נישט געוואָלט זיך צוהערן צום רוף פון יידישן ישוב פון ארץ ישראל. אָבער אי־נעם ארץ ישראלדיקן ישוב איז פאַראַן נישט ווייניקער סאָלדאַטישער גייסט און

זיכער נישט ווייניקער גרייטקייט צו קרבנות און צו מסירת נפש ווי ביי די יידישע סאָלדאַטן פון סאָוועט־רוסלאַנד.

די סאָלדאַטן פון ארץ ישראל און די סאָוועטישע אידישע סאָלדאַטן בילדן מאָראַליש איין קעמפערישע איינהייט. אזעלכע סאָלדאַטן ווי דער פּאָלקאָווניק פייוול מיכלין וואָלטן געווען די בעסטע סאָלדאַטישע פירער פון א יידישער אר־מיי. אָבער פייוול מיכלין איז אונדז טייער, ווו און אויף וועלכן פראָנט ער זאָל נישט קעמפן. ווו עס קעמפט א פייוול מיכלין, קעמפט א שונא פון פאשיזם, א שונא פון די טיראַנען, א שונא פון באנדיטיזירן די וועלט און א קעמפער פאר א נייער, פאר א בעסערער מענטשהייט.

פייוול מיכלין — און די פייוול מיכלינס בכלל שטעלן פאָר מיט זיך א בייעם טיפ ייד, דעם ייד סאָלדאַט וועלכער איז א גוטער סאָלדאַט ווייל ער איז אַן ערלעכע יידישע נשמה.

# די פעסט וואָס גייט אַרויס פון די אוניווערזיטעטן

„די בוקארעשטער רעגירונגס־צייטונג „סייניעטא" זאָגט, אַז די אוניווערזי־טעטן האָבן פאַרפעסטעט רומעניע מיט אַנטיסעמיטיזם".

דאָס איז אַ זאַץ פון אַ טעלעגראַמע פון בוקאַרעשט. די בוקאַרעשטער רע־גירונגס־צייטונג האָט דאָס געשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַראָרדענונג פונעם רומענישן בילדונגס־מיניסטער אויסצופאָרשן די רומענישע אוניווערזי־טעטס־פּראָפעסאָרן, וועלכע סימפּאַטיזירן מיט דעם אַנטאָנעסקו־רעזשים און מיטן אַנטיסעמיטיזם.

האָט אפשר דער בוקאַרעשטער רעגירונגס־אָרגאַן איבערגעטריבן? האָט ער אפשר אויסגעטראַכט אַ בלבול אויף די אוניווערזיטעטן?

ס'איז דאָך עפּעס נישט קיין קלייניקייט אַזאַ אָנקלאָגע קעגן די אוניווערזי־טעטן, אַז זיי האָבן פאַרפעסטעט דאָס לאַנד מיט אַנטיסעמיטיזם!

מוז מען אָנערקענען, אַז דאָס רומענישע בלאַט האָט גאָר נישט איבערגע־טריבן. די באַשולדיקונג פון די אוניווערזיטעטן אין פאַרפעסטען דאָס לאַנד מיט אַנטיסעמיטיזם, איז דורכאויס אין הסכם מיט די פאַקטן.

און נישט בלויז מיט יידן־האַס האָבן די רומענישע אוניווערזיטעטן פאַר־פעסטעט דאָס אָרעמע רייכע לאַנד, נאָר אויך מיט אַלע פורעניותן פון אַלע פּאָ־ליטישע רעאַקציעס און פון אַלע פאַשיזמען.

פון זינט יאָרצענדליקער זענען די רומענישע אוניווערזיטעטן געווען די צוכט־סטאַנציעס פון יידן־האַס און פון דער גאַנצער פיינטלעכקייט צום פרייען גייסט, צו דער קולטור, און צו דער פרייער אביעקטיווער וויסנשאַפט. וואָרום ס'איז נישטאָ קיין וויסנשאַפט דאָרט ווו עס הערשט דער שקר פונעם אַנטיסע־מיטיזם און פון דעם ראַסיזם.

אין די רומענישע אוניווערזיטעטן איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן די דאָזיקע גיפטיקע פלאַנץ וואָס האָט זיך גערופן די „אייזערנע גווארדיע" — אַ באַנדע פון מערדער און פאַרברעכער וואָס קיין גלייכע צו זיי געפינט מען נישט אין די סאַמע נידעריקסטע שיכטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברעכער־וועלט. אַ חבר און לערער פון דער דאָזיקער פאַרברעכער־באַנדע מיט אוניווערזיטעטס שטודיען איז דער באַוווסטער מערדער פּראָפעסאָר האָריאַ סימאַ. פאַר דעם דאָזיקן גע־

לערנטן פאַרברעכער איז נאָך אפילו די רעגירונג פון אַנטאָנעסקון געווען צו ווייניק פאַשיסטיש, און ער האָט קעגן איר רעבעלירט. און דער דאָזיקער פאַרשוין איז אַ מאַטעמאַטיקער.

דאַרף מען אפשר דערמאָנען נאָך נעמען? דער געוועזענער רומענישער פּרעמיער גאָגאַ, וועלכער איז געשטאָרבן פאַר האַרצווייטיק דערפאַר וואָס ער האָט נישט געקענט דורכפירן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט זיין יידן־פּרעסערישן פּראָגראַם, איז געווען אַן אינטעלעקטואַל — אַ ליטעראַטור־היסטאָריקער. און זיין מייסטער און פירער אין אַנטיסעמיטיזם איז געווען דער אַלטער קוזאַ, וועלכער איז געווען פּראָפעסאָר פון — אַנטיסעמיטיזם אויף דער בוקאַרעשטער אוניווערזיטעט. דער אַלטער רשע, וועלכער איז איצט אַ מאַן פון אַ יאָר ניינציק האָט דערלעבט אַזאַ צרה, אַז יידן אין רומעניע האָבן באַקומען גלייכע רעכט מיט אַלע בירגער, און אַז אַ רומענישער בילדונגס־מיניסטער לאָזט אויספּאַרשן אַנטיסעמיטישע סימפּאַטיעס פון די אוניווערזיטעטס־פּראָפעסאָרן. דאָס הייסט אַז אַנטיסעמיטיזם איז אין רומעניע געוואָרן אַ שטערונג פאַר אַן אוניווערזיטעטס־פּראָפעסאָר. אויב דער אַלטער קוזאַ וועט דאָס אויסהאַלטן מוז ער האָבן אַ האַרץ פון אייזן.

אַ קלייניקייט עפּעס, אַז אַן אַנטיסעמיט זאָל נישט קענען זיין קיין פּראָפעסאָר אין אַ רומענישער אוניווערזיטעט! דאָס איז דאָך שוין באמת סוף וועלט!

אָבער לאָמיר נישט זיין פּאַרטייאיש, און לאָמיר, כדי צו פאַרלייכטערן די שולד פון די רומענישע אוניווערזיטעטן, דערמאָנען, אַז די רומענישע אוניווערזיטעטן זענען נישט געווען די איינציקע אין וועלכע ס'איז געפּלעגט געוואָרן די פּעסט פון אַנטיסעמיטיזם. די דאָזיקע פּעסט איז פאַרשפּרייט געוואָרן פון כמעט אַלע דייטשע און עסטרייכישע און פּוילישע אוניווערזיטעטן. בכלל זענען די אוניווערזיטעטן שוין פון אַלטע צייטן אָן געווען די צוכט־סטאַנציעס פון אַלע פינצטערע אידייען און באַוועגונגען און דער עיקר פון יידן־האַס. די אוניווערזיטעטן אין די לאַטיינישע לענדער האָבן זיך טיילווייז באַפרייט פון דעם אומהור־מאַנעם גייסט. אין די דייטשע אוניווערזיטעטן האָט אויף אַ קורצן מאָמענט, אין דער צייט אַרום 1848 אַ בליץ געטון דער גייסט פון הומאַניזם, פון בירגערלעכער און גייסטיקער פרייהייט. אָבער נאָך דעם קורצן בליץ האָט זיך אַהין צוריק אומגעקערט דער גייסט פון דער פינצטערניש, דער גייסט פון אַ באַשרענקטן נאַציאָנאַליזם און פון ראַסן־האַס. פון די אוניווערזיטעטן איז פאַרטריבן געוואָרן דער פרייער גייסט, דאָס רעכט פון פרייער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און דערפאַר האָט זיך דאָרט ברייט אַוועקגעזעצט דער גייסט פון נאַציאָנאַלער גאווה און פון נאַציאָנאַליסטישער באַשרענקטקייט און מער ווי אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס פונעם מאָדערנעם מלוכה־לעבן האָבן די אוניווערזיטעטן אין יאָרן־לאַנגער אַרבעט צוגעגרייט דעם היינטיקן גייסטיקן און מאָראַלישן צושטאַנד אין די דייטשע לענדער. ווען צ. ב. אין עסטרייך, מערקט זיך אַ געוויסער ווידערשטאַנד

קעגן דעם נאַציזם. קומט ער נישט פון די אוניווערזיטעטן, נאָר פון די אַרבע־טער־רייען.

מען מוז אונטערשטרייכן, אַז דער אוניווערזיטאַרישער אַנטיסעמיטיזם איז געווען דער שאַרפסטער און בלוטיקסטער אין פּוילן. און אויך אויף די פּוי־לישע אוניווערזיטעטן קאָן מען אָן אַ גוזמא אָנווענדן דאָס וואָרט פון דעם רו־מענישן רעגירונגס־בלאַט, אַז זיי האָבן פאַרפעסטעט דאָס לאַנד מיט אַנטיסע־מיטיזם.

אַט דאָס איז די ביטערע איראָניע פון דער געשיכטע. די יידן פון דער לי־בעראַלער עפּאָכע האָבן אַוועקגעשטעלט די גאַנצע יידישע האָפענונג אויפן „ליכט פון בילדונג און אויפקלערונג", אָבער אַט דאָס „ליכט" האָט דווקא פאַרשפּרייט אַ פינצטערן שיין און פאַרפינצטערט די מוחות מיט רעליגיעזן און ראַסן־האַס, מיט נאַציאָנאַליסטישער גאווה, און מיטן גייסט פון געטאָ־בענק און פון סטו־דענטן־פּאָגראָמשטשיקעס.

אָבער מיר זענען אומפאַרבעסערלעכע אָפּטימיסטן. מיר האָפן, אַז דער גייסט פון דער פינצטערניש, דער גייסט פון שנאה וועט אין דער וועלט פון נאָך דער מלחמה פאַרשווינדן פון די אוניווערזיטעטן און אַז פון זיי וועט באמת אַרויס־לייכטן האָס „ליכט פון בילדונג און אויפקלערונג".

# די פּאַרטיי פונעם פאָלקס-ווילן

גיט אַ קוק, גיט אַ קוק, טייערע יידן, כ׳בעט אייך: פאַרוואָס איז נישט פאַראַן ביי אונדז קיין „פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן"? פאַרוואָס איז נאָך קיי־נעם פון אונדז נישט איינגעפאַלן צו גרינדן אַ פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן? און פאַרוואָס האָט טאַקע מיר אַליין דער קאָפּ נישט געסטאַיעט צו גרינדן אַזאַ פּאַר־טיי פונעם פאָלקסווילן?

אפשר נישט קיין שיינע פּאַרטיי, די פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן? אפשר נישט קיין שיינער נאָמען פאַר אַ פּאַרטיי, פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן?

דוכט זיך, אַז קיין שענערע און בעסערע פּאַרטיי, און קיין שענערער און בעסערער נאָמען ווי „פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן" איז שוין גאָר נישט מעגלעך. און פאַרוואָס איז דאָס ביז איצט קיינעם פון אונדז נישט איינגעפאַלן, צו גרינדן אַזאַ פּאַרטיי, די פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן?

פאַרוואָס איז דאָס ביז איצט נישט איינגעפאַלן די אַלע יידן פון די קאָמי־טעטן, פון די אַלטע און פון די נייע קאָמיטעטן און פון די קאָמיטעטן, וועלכע בייטן זייער נאָמען פאַר יעדער וואַל, פאַרוואָס, פרעג איך, איז קיינעם פון די דאָזיקע יידן נישט איינגעפאַלן צו גרינדן אַ פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן?

מיר אַלע ווייסן דאָך אַז די קאָמיטעטן, וועלכע האָבן עקזיסטירט ביז איצט, האָבן זיך שוין אונדז אַלעמען צוגעגעסן. וואָרים צי אַזאַ קאָמיטעט רופט זיך פאָלקס-קאָמיטעט פון דער דעמאָקראַטישער ליסטע, צי ער רופט זיך דע־מאָקראַטישער פאָלקס-קאָמיטעט, אָדער פאָלקס-קאָמיטעט פון די ראָזעווע דע־מאָקראַטן, אָדער ראָזעווער פאָלקס-קאָמיטעט פון די גרינע דעמאָקראַטן, איז דאָס אַלץ נודנע, נודנע אַז מען קאָן שטאַרבן פון נודנעקייט. פאַרוואָס האָבן די דאָזיקע יידן, וועלכע מאַכן ביי אונדז די וואַלן און וועלכע פאַרזאָרגן אונ־דזערע אינסטיטוציעס און בענק מיט די סאַמע ראָזעווע דעמאָקראַטישסטע און אַנטי-קאַפּעלושדיקע פאַרשטייער, פאַרוואָס איז דאָ ביז איצט נאָך קיין איין מאָל נישט איינגעפאַלן צו גרינדן אַן אמתן דעמאָקראַטישן פאָלקס-קאָמי־טעט, אַ קאָמיטעט פונעם פאָלקס-ווילן? דאָס וואָלט דאָך בפירוש געווען עפּעס נייעס!

איצט, פאַרשטייט זיך, טאָר מען דעם דאָזיקן נאָמען מער נישט באַנוצן.

איך דערלויב נישט. דאָס איז (דערווייל) מיין פּאַטענט. אויב איר ווילט גרינדן אַ פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן, מוזט איר קודם מיט מיר רעדן.

און איר מיינט, אַז נאָר פאַר דער לאָקאַלער פּאָליטיק טויג דער דאָזיקער נאָמען? זענט איר זיך במחילה שטאַרק טועה. די פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן קען ארומנעמען אַלע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס, אַלע פּאָליטישע שטרעמונגען, שטרעבונגען. ציִלן און אידעאַלן. למשל, אינעם ציוניזם. דאָ זענען שוין אַלע נעמען אויסגענוצט. און טאָמער ווילט איר גרינדן אַ נייע פּאַרטיי, האָט איר גלאַט קיין נאָמען נישט. איר האָט דאָ אַלטע ציוניסטן און נייע ציוניסטן, און קאַפּיטאַליסטישע ציוניסטן, און סאָציאַליסטישע ציוניסטן און רעליגיעזע און נישט-רעליגיעזע: איר האָט סתם ציוניסטן און סתם נישט קיין ציוניסטן, און בני ציון, און דורשי ציון, און חובבי ציון, און ילדי ציון, און זקני ציון, און בוני ציון, און בנות ציון און יעדער פון זיי האָט אַ באַזונדערן פּראָגראַם און אַ באַזונדערע וועלט-אַנשויאונג און אַ באַזונדערע אידעאָלאָגיע און אַ באַזונדערע פּאָליטיק און לעצטנס איז אַרויסגעקומען די מאָדע אפילו אויף באַזונדערע העמדלעך. אָבער פון די אַלע אידעאָלאָגיעס און וועלט-אַנשויאונגען און פּראָגראַמען און אידעאַלן און העמדלעך ווערט דעם פּשוטן יידן דער מוח צעמישט. און היינט מאָלט אייך אויס, אַ וואָסערע קלאָרקייט עס וואָלט אריינגעקומען אין די יידישע מוחות, ווען מיר זאָלן האָבן אַ „פּאַרטיי פונעם יידישן פאָלקס-ווילן"! אַלע קשיות וואָלטן מיט איין מאָל פאַרענטפערט געוואָרן, אַלע מחלוקתן וועגן אידעאָלאָגיעס, פּראָגראַמען, פּאָליטיק, וואָלטן מיט איין מאָל אויפגע-הערט דורך דער קלאָרער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי פונעם יידישן פאָלקסווילן.

אַ וואָסערע ס'איז די אידעאָלאָגיע, די וועלט-אַנשויאונג, די פּראָגראַם, דער פּאָליטישער ציל פון דער פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן? וואָס איז דאָ אַזוי פיל קשיות צו פרעגן? אויף די אַלע פראַגן געפינט איר דאָך אַן ענטפער שוין אינעם נאָמען פון אונדזער פּאַרטיי: דער פאָלקסווילן. אַלץ וואָס געהערט צו אַ פּאַרטיי, אַן אידעאָלאָגיע, אַ וועלט-אַנשויאונג, אַ פּראָגראַם און אַ פּאָליטיק — אַלץ ווערט באַשטימט דורכן פאָלקסווילן. אָט דערפאַר הייסט דאָך, אָדער וועט הייסן אונדזער פּאַרטיי די „פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן", אָדער גענויער „פּאַרטיי פונעם יידישן פאָלקסווילן".

וואָס ס'איז דער פאָלקסווילן — פרעגט איר? נו, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אָפּהענגיק פון דעם, וועלכער וועט גרינדן די פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן. אויב איך וועל גרינדן די פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן, וועל איך באַשטימען, וואָס ס'איז דער פאָלקסווילן. איך וועל זיך דאַן אָפּזאָגן פון אַלע אינטעלעק-טואַליסטישע ספיקות און איך וועל דערקלערן, אַז דאָס וואָס איך זאָג און וואָס איך וויל, דאָס איז דער פאָלקסווילן. און די וואָס וועלן זיך אַקעגנשטעלן דעם פאָלקסווילן — מיין ווילן הייסט דאָס, וועל איך פאַרשרייען אַלס עוכרי ישראל, אַלס פאָלקס-פאַררעטער וכדומה. און אויב מיין פאָלקסווילן וועט זיין אַ

„פּראָגרעסיווער", וועל איך דערקלערן אַלע קעגנער פון דעם דאָזיקן פאָלקס־ווילן אַלס „רעאַקציאָנערע עלעמענטן", אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, פאַשיסטן, פאָלקס-פיינט, וכדומה. טאָמער אָבער וועט זיך מיר פאַרגלוסטן צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן פאָלקסווילן, וועל איך אַלע קעגנער באַצייכענען אַלס העצער, דע-מאַגאָגן, אַנטינאַציאָנאַליסטן וכדומה.

פאַרוואָס ס'איז מיר איצט פּלוצים איינגעפאַלן דער ענין מיטן פאָלקס־ווילן? דאָס איז אַזאַ מעשה. דאָס האָט יעדנפאַלס צו טון מיט אַקטועלער פּאָ-ליטיק.

ביי די וואַלן צום אונגאַרישן פּאַרלאַמענט איז אויפגעטראָטן אויך די „פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן". די דאָזיקע פּאַרטיי איז די עלפטע פון די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם וואַל־קאַמף. דער דאָזיקער נאָמען „פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן" האָט מיך אַזוי פאַרכאַפּט, אַז איך קאָן זיך ממש נישט מוחל זיין, פאַרוואָס ס'איז נישט מיר פריער איינגעפאַלן צו גרינדן די זעלביקע פּאַרטיי ביי אונדז. וואָרים טאַקע אין אמתן, צי איז דען פאַראַן אַ שענערע, אַ מער דע־מאָקראַטישערע פּאַרטיי? און, צווישן אונדז גערעדט, צי קאָן מען דען דאָס „פאָלק" בעסער אָפּנאַרן ווי דורך אַ פּאַרטיי פונעם פאָלקסווילן?

# אַ ליציטאַציע

די טעג האָב איך בייגעוווינט אַ ליציטאַציע. איך זאָג אַ „ליציטאַציע", און נישט אַ „רעמאַטע", ווי מען רופט אָן די זאַך אין היגן לאַנד. ליציטאַציע איז, דוכט מיר, אין דעם פאַל אַ פאַסיקערער נאָמען ווי רעמאַטע. ליציטירט האָט מען נישט קיין טערענאָס, נאָר זאַכן פון אַ מער אַבסטראַקטן אָדער מאָראַלישן ווערט. קענט איר זיך שוין אויסמאָלן, אַז קיין גרויסע באַוועגונג האָט די דאָזיקע ליציטאַציע נישט אַרויסגערופן — ס'איז פשוט נישט געווען קיין קאָנקורענטן. מען האָט געקענט קויפן די גרעסטע מציאות ממש בזול.

איך זאָג „קויפן", און דאָך ווייס איך נישט צי מעג מען דאָס אַזוי אָנרופן. וואָרים די ליציטאַציע וועגן וועלכער איך רעד דאָ, איז פאָרגעקומען אין יום-טוב און דערצו אין אַ מקום קדוש, אין אַ בית המדרש. און כאָטש עס זענען היינט פאַראַן, בעוונותינו הרבים, יידן, וועלכע קויפן און פאַרקויפן אין שבת און יום-טוב, איז אָבער אין אַ מקום קדוש וועט קיין ייד שום נישט מחלל שבת זיין אָדער מחלל יום-טוב זיין דורך קויפן אָדער פאַרקויפן עפּעס בפהרסיא. מען וואָלט דאָס בשום אופן נישט צוגעלאָזט.

און דאָך איז דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די יום-טוב טעג אין אַ היגן בית המדרש געווען בפירוש אַ ליציטאַציע, ס'איז געווען אַ בפירו-שער אַקט פון פאַרקויפן און קויפן — אין סאַמע יום-טוב אין אַ מקום קדוש. אמת, מען האָט פאַרקויפט און געקויפט נישט קיין מאַטעריעלע קאָנקרעטע סחורה נאָר אַבסטראַקטע מאָראַלישע ווערטן. מען האָט פאַרקויפט און געקויפט מצוות און מעשים טובים. אָבער אויך מצוות און מעשים-טובים בילדן ווערטן, פאַר וועל-כע מען באַצאָלט מיט אַ קעגן-ווערט — מיט געלט. דאָס געהערט צו יענע גייס-טיקע מין ווערטן אין וועלכע קולטור-מענטשן נויטיקן זיך פונקט אַזוי ווי אין די מאַטעריעלע קאָנקרעטע ווערטן.

ביי די דאָזיקע גייסטיקע ווערטן לאָזט זיך אפילו אָנווענדן קאַרל מאַרקס' טעאָריע וועגן מער-ווערט און וועגן דער עקספּלואַטאַציע פון מער-ווערט. צום ביישפּיל אַ טעאַטער-דירעקטאָר אָדער אַ קאָנצערט-ביוראָ וועלכע אַנגאַזשירן קינסטלער אויפצוטרעטן אויף געוויסע פאָרשטעלונגען אָדער קאָנצערטן און וועלכע באַצאָלן די קינסטלער אַ קלענערן פּרייז ווי די הכנסה וואָס זיי באַקומען

פונעם פּאַרקויף פון די פּלעצער. דער ריווח, וואָס בלייבט דעם אונטערנעמער, דאָס איז לויט מאַרקסן דער מער־ווערט פונעם „פּראָדוקט" איבער דעם פּרייז וועלכן זיי צאָלן דעם פּראָדוצענט — דעם מוזיקער, קאָנפערענציסט אָדער שרייבער.

עס זענען בכן פאַראַן גייסטיקע ווערטן, וועלכע ווערן פאַרקויפט און געקויפט, און אַן עליה אין שול אָדער בית המדרש איז אויך אַזאַ גייסטיקער ווערט, וועלכן מען פאַרקויפט און קויפט, באַזונדערס דאָרט ווו ס'איז פאַראַן אַ דוחק אין די דאָזיקע ווערטן, דאָס הייסט דאָרט, ווו ס'איז נישטאָ גענוג עליות צו פאַרטיילן אויף גלייך צווישן אַלע וועלכע רעפלעקטירן אויף דער דאָזיקער „סחורה". ס'איז בכן קלאָר, אַז די ליציטאַציע פון עליות אין שול איז בפירוש אַן אַקט פון פאַרקויפן און קויפן. און דאָך טוט מען דאָס בפרהסיא אין יום־טוב און אין די הייליקסטע טעג אין שול, און, נאָך מער, אין די אַלטע פרומע צייטן זענען דער דאָזיקער מין ליציטאַציעס אין שול און אין בית המדרש געווען אַ געווענלעכע דערשיינונג. ווערנער זאָמבאַרט, דער באַוווסטער דייטשער עקאָנאָמיסט, וועלכער וויל באַווייזן דעם מאַטעריעלן „קאַפּיטאַליסטישן" כאַראַקטער פון דער יידישער רעליגיע, ברענגט טאַקע די ליציטאַציעס אין די שולן אויף עליות און אַנדערע מצוות אַלס אַ באַווייז פאַר דער פאַרבונדנקייט פון רעליגיע און געשעפט ביי יידן. (זע: ווערנער זאָמבאַרט, „די יודען אונד דאָס ווירטשאַפטס לעבען", אויפלאַגע 1918, זייט 249). כאָטש זאָמבאַרט אַליין איז מודה, אַז דאָס געלט וועלכעס מען באַקומט פונעם פאַרקויף פון די הייליקע זאַכן גייט אויף צדקה אָדער פאַרן אויסהאַלטן פון דער שול.

צוקוקנדיק זיך און צוהערנדיק זיך דעם יום־טוב צו דער דאָזיקער הייליקער ליציטאַציע, וואָס איך האָב שוין לאַנג נישט בייגעוווינט, און וואָס איז גאָר אַ זעלטנקייט אין די היגע שולן און מנינים, האָב איך מיך איבערצייגט ווי אויבנאויפיק עס זענען זאָמבאַרטס ארגומענטן וועגן דעם כלומרשט געשעפטלעכן כאַראַקטער פון דער יידישער רעליגיע. ביי דער ליציטאַציע האָט זיך נישט געמערקט קיין שום געשעפטלעכער אינטערעס. דער ליציטאַטאָר האָט אָנגעבאָטן די שענסטע שטיקלעך סחורה פאַר שפּאָט־ביליקע פרייזן, אָבער עס זענען נישט געווען קיין אינטערעסאַנטן. מילא כהן און לוי איז בכלל שווער געווען צו „פאַרקויפן", ווייל דאָ איז דאָך פאַראַן אַ „פּריווילעגירטער שיכט", וועלכער האָט דאָך אַזוי צו זאָגן זיין פאַמיליען־רעכט צו דעם דאָזיקן באַזיץ. מען האָט דעריבער פאַרקויפט כהן און לוי בזול — צו 6 פעזעס. און ווען די כהנים און לוים וואָלטן זיך געווען פאַרעקשנט, וואָלטן זיי באַקומען די „סחורה" אומזיסט. אָבער אויך די אַנדערע עליות, ווו ס'איז שוין נישטאָ קיין פּריווילעגירטער שיכט, האָבן אויך נישט „געצויגן" קיין לייטישן פרייז. מען האָט פאַרקויפט שלישי און רביעי און חמישי און אפילו שישי צו 5־6 אָדער זיבן פעזעס. ס'איז גאָר נישט דאָס וואָס מען זעט אויף אַ געווענלעכער ליציטאַציע. ס'האָט געפעלט דער טומל,

דאָס קאָכן זיך, דער הו־הא. זעלטן אז איין ייד האָט געוואָלט איבערבאַטן דעם פּרייז אַקעגן אַן אַנדערן — מיט איינעם וואָרט, עס האָט זיך גאָר נישט געפּילט די אַטמאָספערע פון „געשעפט". אפילו אויף מפטיר — אַזאַ טייער שטיקל סחורה — איז נאָר געווען איין קונה: פאַר 15 פּעזעס האָט מען דאָס פאַרקויפט. אַזאַ מציאה!

די יום־טובדיקע ליציטאַציע האָט מיך איבערצייגט, אַז די פאַרבינדונג צווישן געשעפט און רעליגיע איז היינט ביי אונדז זייער אַ שוואַכע און אפשר איז זי קיינמאָל נישט געווען שטאַרקער. ס'איז פּשוט נאָר געווען אַ פּאַרעם, אַ צוגאַנג. יידן האָבן איינגעהאַנדלט מצוות און כיבודים און מעשים טובים פּשוט שפּילנדיק זיך דערביי אין „געשעפט", וועלכעס מען מעג מאַכן אום יום־טוב. ס'איז דאָס געשעפט פונעם הייליקן שניידערל. יידן האָבן „פאַרקויפט" און „געקויפט", אָבער קיין צורת מטבע האָט מען דערביי נישט געזען און פאַרשריבן האָט מען אויך נישט. דאָס גאַנצע געשעפט האָט זיך געשטיצט אויף צוטרוי, אויף זכרון און אויף אָפּהיטן דאָס געגעבענע וואָרט. ווייל, נאָך אַלעמען, איז דאָס דאָך אַ הייליק געשעפט.

# אַפּיקורסות אין שול

קהלת איז דאָס בוך פון פּעסימיזם, דאָס בוך פון יאוש, און יאוש איז אפּי־קורסות. וואָרים נאָר דער מענטש וועלכער האָט אויפגעהערט צו גלויבן אין גאָט, קאָן זיך אַזוי מיאש זיין ווי דאָס טוט דער אויטאָר פון דעם בוך „קהלת", וועל־כער רופט זיך קהלת בן דוד, מלך אין ירושלים. דער מענטש וואָס גלויבט אין גאָט, דער מאמין, קאָן נישט קומען צו אַזאַ יאוש, ווי דער וואָס ווערט אויס־געדריקט פון קהלת בן דוד. פאַרן גלויביקן מענטשן איז גאָט די שטענדיקע און אייביקע טרייסט. אינעם גרעסטן אומגליק, אין דער גרעסטער צרה, אין דער טיפסטער פאַרצאַגטקייט, רופט ער צו גאָט, און די אמונה אין גאָט איז פאַר אים אַ טרייסט. געשעט אים, דעם גלויביקן אַן אומרעכט, ווייס ער אַז גאָט און זיין משפּט איז גערעכט און דאָס איז זיין טרייסט. ווייל, אויב גאָט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט, דאַן איז אויך דאָס אומרעכט גערעכט — כאָטש מיר קענען נישט דערגיין גאָטס דרכים און מיר קענען נישט פאַרשטיין דעם זינען פון זיינע משפּטים. דורכן גלויבן אין גאָט און אין דער גערעכטיקייט פון זיינע משפּטים ווערט פאַרן מאמין אויך דאָס אומרעכט פון אַ קרומען משפּט פאַר־וואַנדלט אין רעכט און גערעכטיקייט. וואָרים ס'איז נישטאָ קיין אומרעכט ביי גאָט. און אפילו אין פּנים פון טויט, איז דאָס ערשטע וואָס דער פרומער טראַכט און זאָגט: ברוך דיין אמת. דאָס איז דאָס פולסטע איבערגעבן זיך אין די הענט פון גאָט.

ביי קהלת איז אַלץ פּונקט פאַרקערט. דער גאַנצער גייסט פון דעם דאָזיקן בוך איז דער גייסט פון אומגלויבן, און דעריבער פון טיפסטן יאוש, וואָס דאָס איז די העכסטע ווידערשפּעניקייט קעגן גאָט.

שוין דער ערשטער אַריינפיר פון קהלת, דער ערשטער אויסגעשריי הבל הבלים, הכל הבל איז מרידה קעגן גאָט. וואָרים מיט חכמה האָט גאָט באַשאַפן די וועלט און דעם מענטשן. ווי קאָן דאָס אַ זינדיקער מענטש קומען און זאָגן אויף גאָטס באַשאַף אַז ס'איז הבל הבלים, אַז אַלץ איז הבל?

און אַזוי ווי דער אָנהויב, אַזוי גייט דורכן גאַנצן בוך דער דאָזיקער גייסט פון יאוש און פון פאַרניינונג. קיין ברעקל גוטס געפינט נישט קהלת אין גאָטס גאַנצער וועלט. אפילו אין חכמה און אין וויסנשאַפט געפינט ער נישט קיין

טרייסט, אויך דאָס איז הבל — נישטיקייט. אויך חכמה איז פאַר אים נישט מער ווי ווינטיאָגעניש, „וואָרים אין פיל חכמה איז פיל פאַרדראָס און מערט מען קענטשאַפט, מערט מען ווייטיק".

דאָס איז אַ געדאַנק פון אַ דורכאויס אומגלויבן, פון אַן אפיקורס. פאַר אַ גלויביקן מענטשן איז חכמה דווקא דער קוואַל פון חדווה און פון טרייסט. וואָרים דער עיקר פון חכמה, דער אָנפאַנג פון חכמה איז גאָטפאַרכיטקייט, לערנט אונדז דער אויטאָר פון משלי, וועלכער זאָל כלומרשט זיין אידענטיש מיטן אויטאָר פון קהלת.

בכלל באַקומט מען פון קהלת דעם איינדרוק, אַז זיין אויטאָר האָט געמיזט פירן אַ לעבן פון וווילטאָג און עולם הזה און פון צופיל גוטסקייט איז אים דאָס לעבן נמאס געוואָרן, ווייל קיין בעסערס פונעם גוטן האָט ער שוין נישט גע-קאָנט געפינען. אָדער ער האָט שוין מער נישט געקאָנט נהנה זיין פון עולם הזה, איז זיין הארץ אָנגעפולט געוואָרן פון יאוש און ער האָט גענומען שפייען אויף דער גאַנצער וועלט, אַז אַלץ איז הבל, אַז די גאַנצע וועלט מיטן גאַנצן וווילטאָג מיטן גאַנצן אָרום און אָרום טויג צו אַלדי טייוולאָנים. דאָס איז דער עגאָאיסט, וועלכער האָט אַ גאַנץ לעבן געלעבט נאָר פאַר זיך, נאָר מיט זיין עולם הזה, קיינ-מאָל נישט אָפּגעטיילט פון זיין רייכן טיש פאַר אַנדערע, פאַר אָרימערע פון אים, און לסוף, ווען ער זעט, אַז די גוטע טעג ענדיקן זיך אַז ער וועט דאַרפן אַוועקגיין און איבערלאָזן דאָס אַלץ פאַר אַנדערע, ווערט ער פול יאוש און כעס, און ער באַקומט פיינט דאָס לעבן און אַלץ וואָס פאַסירט אונטער דער זון (ושנאתי את החיים, כי רע עלי המעשה שנעשה תחת השמש") און ער זעט אין אַלעם נאָר „נישטיקייט און ווינטיאָגעניש".

וואָלט קהלת געווען געגלויבט אין גאָט און וואָלט ער געווען געפירט אַ לעבן פון אַ גלויביקן עטישן מענטשן, וואָלט ער געווען געלעבט נישט בלויז פאַר זיך נאָר אויך פאַר זיין משפחה, פאַר זיינע מיטמענטשן, וואָלט ער גאָר נישט געווען געקומען צו דעם יאוש, צום פעסימיזם און צו זען אין אַלץ נאָר הבל הבלים, נאָר נישטיקייט און ווינטיאָגעניש.

אגב האָט דעם אפיקורסישן פעסימיסט אַ פרומער רעדאַקטאָר אָפּגעטאָן אַ שפיצל און אויף אַ טייל ערטער פשוט פאַרדרייט דעם געדאַנק אויף פונקט פאַרקערט. למשל אין די פסוקים 24 - 26 פון קאַפּיטל ב', וועלכע איך וויל דאָ צי-טירן לויט תרגום יהואש:

„נישטאָ בעסערס פאַרן מענטשן, ווי ער זאָל עסן און טרינקען און זיך לאָזן וווילגיין פאַר זיין מי. דאָס אויך האָב איך איינגעזען, אַז דאָס איז פון גאָטס האַנט. וואָרים ווער זאָל עסן און ווער זאָל הנאה האָבן, אויב נישט איך? ווייל דעם מענטשן וואָס איז וווילגעפעלן פאַר אים (פאַר גאָט), גיט ער חכמה און קענטשאַפט און פרייד; און דעם זינדיקן גיט ער אַן עסק צו

קלייבן און צו זאמלען, כדי איבערצולאָזן צו דעם וואָס איז ווילגעפעלן פאַר גאָט. אויך דאָס איז נישטיקייט און ווינטיאָגעניש".

אָבער דעם גלויביקן רעדאַקטאָר, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען אַרויפצולייגן אַ פרומען לאַטקע אויף קהלת׳ אפיקורסישן יאוש, האָט זיך די אַרבעט נישט איינגעגעבן. די אפיקורסות קוקט דאָ אַרויס דורך די נישט געראָטענע שטעך.

די פרומע לאַטעס, דורך וועלכע מען האָט געוואָלט פאַרשטעלן דעם עגאָאיסטיש־אפיקורסישן געדאַנק פון קהלת, איז אפנים געווען די אַרבעט פון אַ נויטיקן קאָמפּראָמיס. מ׳קאָן זיך משער זיין, אַז די צונויפזאַמלער און עדיטאָרן פון תנ״ך האָבן נישט געהאַט קיין גרויס חשק אַריינצונעמען קהלת אין די כתבי קודש. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט מען זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון אַזאַ ווערק פון דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור. ווען מען וואָלט נישט געווען אַריינגענומען דאָס דאָזיקע בוך אין תנ״ך, וואָלט עס געווען פאַרלוירן געגאַנגען פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור און אויך פאַר דער וועלט־ליטעראַטור. האָט מען זיך באַמיט אָפּצופיילן אַביסל די אפיקורסות, אַרויפלייגן אַ לאַטקעלע פון אמונה אויפן אומגלויביקן יאוש — אָן אַרבעט וואָס האָט זיך נישט אינגאַנצן איינגעגעבן. וואָרים דער געדאַנק פון קהלת איז דער געדאַנק פון מרידה, פון אומגלויבן אין גאָט, און פון דאַנען נעמט זיך זיין פילאָזאָפישער יאוש און זיין סאָציאַלע רעבעלישקייט. דער פרומער צונויפזאַמלער פון די הייליקע שריפטן האָט נישט געקענט פאַרדעקן די אפיקורסישע געדאַנקען פון קהלת וועגן דער גלייכקייט צווישן מענטשן און בהמה, אַז דער מענטש ווי די בהמה האָבן דעם זעלבן טויט, דער שטאַרבט און זי שטאַרבט, און קיין מעלה פונעם מענטשן איבער דער בהמה איז נישטאָ. איז טאַקע נישטאָ קיין שום מעלה? איז אַזאַ געדאַנק נישט די עקסטרעמסטע אפיקורסות?

און אַזוי גייט קהלת און זיין גייסט פון אפיקורסות ווייטער:

„ביידע (מענטש און בהמה) קומען אַהין אין איין אָרט, ביידע זענען פון שטויב, און ביידע קערן זיך אום צו שטויב. ווער ווייס דעם גייסט פון מענטשן קינדער, צי ער גייט אַרויף, און דעם גייסט פון דער בהמה, אויב ער נידערט אונטן צו דער ערד?"

און אַזוי זעט נישט קהלת קיין ברעקל גוטס אויף דער וועלט. ער זעט „אַלע רויבערייען וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון", און ער זעט „די טרערן פון די געדריקטע און נישטאָ ווער זאָל זיי טרייסטן, און אויף דער זייט פון די דריקער איז די מאַכט"...

אַזאַ איז די וועלט פאַר קהלת. נאָר נאַרישקייט און אומגערעכטיקייט און נישטיקייט — און נישטאָ קיין טרייסט, אַ דורכאויס אומרעליגיעזער גייסט רעדט אַרויס פון דעם דאָזיקן בוך. און די פּאָר רעליגיעזע לאַטעס מיט וועלכע מען האָט געוואָלט פאַרדעקן דעם אפיקורסישן גייסט, פאַרדעקן נאָר זייער שלעכט. פון

צווישן די שפּאַלטן קוקט אַרויס די אַפּיקורסות. און דאָך איז דאָס דאַזיקע בוך אַריינגענומען געוואָרן אין דער זאַמלונג פון די הייליקע שריפטן — און ייִצקע אַדאַנק דעם איז אונדז דאָס בוך נישט פאַרלוירן געגאַנגען. און אַ וואַסערע עס איז ביי אונדז די באַציאונג צו ווערק פונעם נאַציאָנאַלן אוצר, באַווייזט דער פאַקט, וואָס מען האָט באַשטימט צו לייענען קהלת אין די שולן אין שמיני עצרת.

דאָס לייענען קהלת אין שמיני עצרת איז אין הסכם מיט דער יידישער לעבנס־פילאָזאָפיע, נישט אַוועקצולאָזן זיך צופיל אין שיכרות פון פרייד. דווקא אין שמיני עצרת, ווען יידן זענען זיך משמח מיט דער תורה, האָט מען באַשטימט צו לייענען דאָס דאַזיקע בוך פון יאוש — פונקט ווי מען האָט, פון דער אַנדערער זייט, אין תשעה באב אָנגעווענדט פאַרשידענע מיטלען אויפצוהייטערן דעם עולם. ער זאָל נישט פאַרזונקען ווערן צופיל אין עצבות און טרויער. דאָס איז די יידישע לעבנס־חכמה. און צוליב דער דאָזיקער מאָראַל האָט מען זיך נישט אָפּגעשטעלט פון לייענען אין שול אַזאַ בוך, וואָס איז אין אַזאַ סתירה צום אָפּטימיזם פון דעם יידישן גאָט־געדאַנק.

# אַרויסגעוואָרפֿענע רייד

(אין שייכות מיט אַ בוך פֿון יונה גראַדיסקי אונטער דעם זעלבן טיטל)

ס'איז נישט גוט, ווען אַ רעדנער אָדער אַ שרייבער הערט אויף צו גלויבן אין דער מאַכט און אין דער ווירקונג פֿון זיין וואָרט. עס רעדט זיך דאָ וועגן פּאָליטישע שרייבער וועמענס אויפֿגאַבע ס'איז משפּיע צו זיין אָדער צו שאַפֿן די „עפֿנטלעכע מיינונג" און צו ווירקן אויף די מאַסן פֿון פֿאָלק. אמת, די פֿאַקטן פֿון לעבן גיבן אָפֿט גענוג מאָטיוון פֿאַר אַזאַ פּעסימיזם. ווען אַ שרייבער דערזעט, אַז ער האָט נישט די געוונטשענע, די פֿאַרדינטע ווירקונג אויף די לייענער, ווען ער זעט, אַז מען לייענט טאַקע וואָס ער שרייבט, מען אנערקענט דעם ווערט פֿון זיין וואָרט, פֿון זיין באַרעכטיקטער געזעלשאַפֿטלעכער קריטיק, אָבער אין דער פּראַקטיק ענדערט זיך גאָרנישט — אַלץ פֿירט זיך ווייטער ווי געוועזן, קאָן אַזאַ שרייבער אַריינפֿאַלן אין פּעסימיזם און זיך טראַכטן, אַז זיין וואָרט האָט נישט קיין שום ווירקונג, טאָ צו וואָס טויג אים די גאַנצע מי? צו וואָס דאַרף ער זיך פֿאַרפֿיינדן און צעקריגן מיט מענטשן? אַז סיי ווי סיי דערגרייכט ער נישט מיט זיין וואָרט אָפּצושאַפֿן אָדער אָפּצושוואַכן הערשנדע מיינונגען, אידייען און שטימונגען, וועלכע ער באַקעמפֿט, ווייל ער האַלט זיי פֿאַר טעותדיקע אָדער שעדלעכע.

ס'איז, חזר איך איבער, נישט גוט, ווען אַ מענטש, וואָס דאַרף ווירקן מיט זיין וואָרט אין דער עפֿנטלעכקייט, ווערט באַפֿאַלן פֿון אַזאַ מין פּעסימיזם. ס'איז נישט גוט און געזעלשאַפֿטלעך און מאָראַליש נישט געזונט. דער שרייבער דאַרף גלויבן אין דער מאַכט פֿון זיין וואָרט — אויב דאָס וואָרט איז זיין אמת וואָרט, אויב ער שרייבט נישט לויט אַ דרויסנדיקער מאָדע אָדער לויט ווי מען פֿאָדערט פֿון אים. דאָס זעלבע באַציט זיך צום רעדנער, אויב ער איז נישט סתם אַ שיין־רעדנער, אַן אָראַטאָר, אַ שאַרלאַטאַן.

יאָ, דער מענטש, וואָס ווירקט אין דער עפֿנטלעכקייט מיט זיין וואָרט, דאַרף גלויבן און דאַרף זיין איבערצייגט אין דער ווירקונג פֿון זיין וואָרט, אפֿילו דאַן, ווען דאָס לעבן און די טאָג־טעגלעכע פּראַקטיק זאָל אים באַווייזן, אַז זיין גלויבן האָט נישט קיין שום יסוד. וואָרים, אָט זעען מיר דאָך, ווי קליין ס'איז די ווירקונג פֿון די אַזוי־גערופֿענע „גרויסע צייטונגען" אינעם פּאָליטישן לעבן פֿון די פֿעלקער. כמעט אין קיין שום לאַנד מיט דעמאָקראַטישע וואַלן, וואָטירן די וויילער־מאַסן נישט אַזוי ווי עס פּרעדיקן די גרויסע צייטונגען.

ווען מען זאָל קוקן אויף די וואַל-רעזולטאַטן פון די פאַרשידענע לענדער, וואָלט מען געמוזט קומען צום אויספיר, אַז די השפעה פון די גרויסע צייטונגען און פון די סאַמע באַליבטסטע און געלייענטסטע שרייבער אויף די מאַסן, איז די סאַמע קלענסטע. דוכט זיך אַז די באַציאונג צווישן דער לייענער-מאַסע און די שרייבער איז אַזאַ ווי עס האָט אַמאָל זיך אויסגעדריקט אין אַ ציניש ער פאָרעם דער „גרויסער" פרידריך פון פרייסן: „איך האָב מיט מיין פאָלק געמאַכט אַן אָפּמאַך — האָט געזאָגט פרידריך — אַז זיי מעגן שרייבן וואָס זיי ווילן, און איך מעג טוען וואָס איך וויל.". אויך זיין מאַיעסטעט, דער לייענער, דער פאָלקס-מענטש, דענקט אין זיין אונטערבאַוווסטזיין זייער אָפּט אַזוי ווי די פרייסישע מאַיעסטעט: מ'לייענט גערן דאָס, וואָס דער אָדער יענער „אַנערקענטער" שרייבער זאָגט, אָבער מען טוט זיך ווייטער וואָס מען טוט און מען הערט דעם שרייבער ווי דעם רב.

זאָל זשע דאָס זיין אַ באַרעכטיקטער מאָטיוו פאַר פעסימיזם ביי שרייבער? דאַרף דער שרייבער אויפהערן צו גלויבן אין זיין געזעלשאַפטלעכער שליחות? זאָל ער זיך לחלוטין מייאש זיין און לייקענען בכלל אין דער ווירקונג פון זיין וואָרט?

אַזאַ פעסימיזם וואָלט געווען נישט בלויז אומגעזונט פאַר דער געזעלשאַפט נאָר עס וואָלט אויך געווען נישט ריכטיק. וואָרים אפילו ווען מען זאָל מודה זיין אַז דער שרייבער ווירקט נישט מיט זיין וואָרט אויף אַלע הונדערט פראָצענט, וואָלט דאָך געווען אַ גרויסער טעות צו לייקענען די ווירקונג בכלל — אפילו ווען די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער ווירקונג לאָזן זיך נישט דערזען תיכף אין דער עפנטלעכקייט. וואָרים פונקט אַזוי ווי אין דער נאַטור — זאָגט עלען קעי — גייט אויך אין דער וועלט פון גייסט גאָר נישט לאיבוד. אַ וואָרט פון אַ שרייבער, אַרויסגעזאָגט אינעם טומל פונעם טאָג-טעגלעכן קאַמף, קאָן אַמאָל פאַראיבערגייען אומבאַמערקט אין דער עפנטלעכקייט. אָבער אויב דאָס וואָרט איז געווען אַ וואָרט אין צייט, אויב דאָס איז געווען אַן ערלעך אַרויסגעזאָגט וואָרט, וועט דאָס נישט פאַרשווינדן אָן צו האָבן איבערגעלאָזט אַ רושם אין די מוחות און אין די הערצער פון די לייענער, און צוביסלעך, צוביסלעך קלייבן זיך צוזאַמען די איינדרוקן, אַ וואָרט צו אַ וואָרט, ביז אַ באַשטימטער געוואָלטער געדאַנק באַהערשט די מאַסע, אויף וועלכער דאָס וואָרט האָט געהאַט אַ ווירקונג. אָט אַזוי, אין הסכם מיט דעם ציטירטן זאַץ פון עלען קעי, ווירקט דער שרייבער ווי דער פויער, וועלכער פאַרזייט זיינע קערנדלעך אין פעלד: דאָס איז זריעה פון וועלכער עס ווערט שפּעטער צייטיק אַ נוצלעכע פרוכט.

פאַר אַ פּאָליטישן שרייבער, וועלכער באַציט זיך ערנסט צו זיין שליחות, איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי „אַרויסגעוואָרפענע רייד". ניין, מיר וואַרפן גאָרנישט אַרויס, אויב דאָס, וואָס מיר שרייבן און זאָגן, דריקט אויס אונדזער ערלעכן אומפאַרפעלשטן און נישט באַהאַלטענעם געדאַנק.

# אן אמנעסטיע

ביי אומות העולם איז איינגעפירט, אז אין גרויסע נאציאָנאַלע טעג, טעג פון נאציאָנאַל-געשיכטלעכער באַדייטונג, גיט די רעגירונג אָדער דער מלוכה-שעף אַרויס אַן אַמנעסטיע, פאַרקלענערנדיק אָדער שענקענדיק אינגאַנצן די שטראָפן צו פאַרמשפטע זינדיקע. און אויך אויסטיילנדיק טיטולן און פּריווי-לעגיעס צו געוויסע פאַרדינסטפולע בירגער. מיר פראַוועון היינט אַ היסטאָרישן טאָג — פופציק יאָר פון דעם טאָג ווען דר. טעאָדאָר הערצל האָט אין באַזעל דער-עפנט דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. קיינער לייקנט נישט אַז דאָס איז אַ גרויסער היסטאָרישער טאָג. קיינער לייקנט היינט נישט, אַז דער ערשטער ציו-ניסטן-קאָנגרעס בילדעט דעם אָנהויב פון אַ נייער תקופה אין דער יידישער גע-שיכטע. אינעם טאָג פון 29-טן אויגוסט 1897 האָט דאָס יידישע פאָלק, וועלכעס איז אָפיציעל שוין געווען פאַרשוואונדן פון צווישן די לעבעדיקע פעלקער — עס האָבן אָפיציעל עקזיסטירט נאָר דייטשן, פראַנצויזן, ענגלענדער, ו"כו פון משה רבינוס גלויבן — אין דעם דאָזיקן טאָג פון 29-טן אויגוסט 1897 האָט דאָס יידי-שע פאָלק דורך זיינע ציוניסטישע שליחים אין באַזעל דערקלערט פאַר דער גאַנ-צער וועלט, אַז מיר זיינען נאָך דאָ, אַז מיר זיינען אַ פאָלק. מיר ווילן לעבן ווי איין פאָלק אין אונדזער אַלטן היסטאָ-רישן לאַנד, וועלכעס מיר ווילן ווידער אויפבויען אַלס אַ נייע היים פאַר אַלע יידן וועלכע ליידן פון אייערע פאַרפאָלגונגען און אויך פאַר אַזעלכע יידן, וועלכע ווילן סתם לעבן אַלס יידן, אַלס פרייע מענטשן וועלכע ווילן נישט שטענדיק זיך מוזן צופּאַסן צו די אַנדערע און שטענדיק זיך סטאַרען צו געפּען דאָ דעם, דאָ יענעם פאָלק.

דער 29-טער אויגוסט איז אַלזאָ ביי אונדז אַ היסטאָרישער טאָג, און ווען מיר האָבן זוכה געווען צו דערלעבן דעם יובל פון דעם דאָזיקן טאָג, וואָלט אין דעם טאָג באַדאַרפט געשען עפּעס אַ גרויסע זאַך, עפּעס וואָס זאָל אויסצייכענען דעם דאָזיקן טאָג פון אַלע אַנדערע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, עפּעס, וואָס זאָל פאַר די אויגן פונעם גאַנצן פאָלק קלאָר מאַכן אַז דאָס איז דער גרויסער היסטאָרי-שער טאָג וועלכן מיר דאַרפן פייערן גרויסמוטיק דורך אויפטוען גרויסע זאַכן.

טאָ וואָס זאָלן מיר, וואָס קענען מיר אויפטון אין דעם דאָזיקן טאָג?

נו, איך האָב אַן איינפאַל: לאָמיר אין דעם דאָזיקן היסטאָרישן ציוניסטישן

טאָג דערקלערן אַן אַלגעמיינע ציוניסטישע אַמנעסטיע, אַז די ציוניסטן פון די 39 פאַרשידענע ציוניסטישע פּאַרטייען מיט זייערע „רעכטע און לינקע פליגלען", מיט זייערע צענטרומס, זאָלן דעם טאָג אויפהערן זיך צו האַסן, צו פאַרלוימדן איינע די אַנדערע אַז זיי מאַכן יד אחת מיטן שונא, אַז זיי פאַרראַטן דאָס יידישע פאָלק, לאָמיר דעם דאָזיקן טאָג זיך אָפּזאָגן פון וואַרפן אומזיסטיקע חשדים און לאָמיר דעם דאָזיקן טאָג באַשליסן אַז ציוניסטן פון איין פּאַרטיי זאָלן נישט האַסן די ציוניסטן פון דער אַנדערער פּאַרטיי לפּחות נישט מער ווי מען דאַרף האַסן די שונאי ציון און די שונאים פון יידישן פאָלק.

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אַמנעסטיע פון דער ווידעראַנאַנדיקער שנאה וויל איך נישט אויף אייביק. חלילה! אַזאַ גזלן בין איך נישט. נאָר אַ קורצע צייט לאָמיר פּרוּוון לעבן אָן שנאה, אָן חשדים, אָן רכילות, אָן קעגנזייטיקע באַשול־דיקונגען — נאָר אַ גאַנץ קורצע צייט, לאָמיר זאָגן ביז צום סוף פון דעם דאָזיקן יובל יאָר. אַלזאָ נאָר פיר חדשים לאָמיר לעבן ווי מענטשן, וועלכע ווילן דינען איין אידעאַל, און לאָמיר נישט שטעלן אונדזער פּאַרטיי־אינטערעס און אונדזער פערזענלעכע עקשנות העכער איבער דעם דאָזיקן אידעאַל. נאָר די קורצע צייט פון פיר חדשים פון דעם דאָזיקן יובל־יאָר לאָמיר פּרוּוון לעבן און זיך פאַר־טראָגן ווי יידן, וועלכע גייען, הגם אויף פאַרשידענע וועגן, צו איין ציל — און לאָמיר נישט פאַרלירן דעם דאָזיקן ציל פון אונדזערע אויגן.

לאָמיר אויך אין דעם דאָזיקן היסטאָרישן יובל־טאָג באַשליסן, אַז מיר זאָלן זיך אַלע באַטראַכטן פאַר גלייכבאַרעכטיקטע, ווי גלייך־לײדנדע זין פונעם יידישן פאָלק, און זאָל יעדער פון אונדז אויפהערן צו באַטראַכטן זיך און זיין פּאַרטיי אַלס די סאַמע קלוגסטע, אַלס די וועלכע האָבן דעם קלאָרסטן בליק אויף מענטשן און סיטואַציעס און נאָר זיי זעען צום קלאָרסטן דעם וועג, אויף וועלכן דאָס יידישע פאָלק מוז גייען כדי צו דערגרייכן זיין ציל.

ווילסטו הייסט עס — הער איך אַ שטימע רופן — פאַראייניקן אין איין פראָנט רעוויזיאָניסטן און פּועלי ציון און השומר הצעיר?

ניין, ניין ניין! אַזאַ רודף שלום בין איך גאָר נישט און אויך נישט אַזאַ פאַנטאַזיאָר. כאָטש איך גלויב, אַז ביי אַ פאָלק פון פּאָליטישער קולטור וואָלטן רעוויזיאָניסטן און פּועלי ציון זיך נישט געמוזט דווקא רייסן ביי די נעז. נאָר דאָס איז שוין אַן אַנדערער ענין. מיין אַמנעסטיע פּלאַן גייט גאָר נישט אַזוי ווייט. פאַר מיר וואָלט שוין געווען אַ גרויסע זאַך ווען לפּחות די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון דער יידישער אַגענץ זאָלן לאָיאַל מיטאַרבעטן איינער מיטן אַנדערן און זיי זאָלן נישט אינטריגירן איינער קעגן די אַנדערע. און דאָס גרעסטע אידעאַל וואָלט געווען, אַז די, וועלכע לאָזן זיך רופן אַלגעמיינע ציו־ניסטן זאָלן זיך באַציען מיט חברישער פריינטשאַפט צו די ציוניסטן פון די לינקע גרופּעס נישט ווייניקער ווי צו די פון רעכטס. און דער גרעסטער אידעאַל

מיינער וואָלט געווען, אַז די וועלכע באַצייכענען זיך אַלס „לינקע" זאָלן נישט טאַנצן קיין פּאָליטישע עקסטראַ־טענץ מיט רעכטע און מיט לינקערע פון זיי, קעגן אַן אַנדערער ציוניסטישער אַרבעטער פּאַרטיי.

אָבער דאָס זענען אַלץ אידעאַלן, פרומע ווונטשן, חלומות, פאַנטאַזיעס, וועלכע ווערן קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט. איך מאַך מיר דעריבער נישט קיין שום אילוזיעס, אַז מיין „אַמנעסטיע" זאָל קענען פאַרווירקלעכט ווערן, ווען אפילו נאָר אויף אַ קורצער צייט פון פיר חדשים.

# אַ וויץ פון בערנאַרד שאָו און אַ סאָציאַלער פּלאַן פון אַ יידישן דענקער

אינעם לאָנדאָנער „סאַנדיי עקספּרעס" האָט ג. בערנאַרד שאָו פּאַרעפנט־לעכט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער פאַרטיידיקט „מיט זיין כאַראַקטעריסטישן הו־מאָר" און „אין אַ סאַטירישן טאָן" (ווי עס זאָגט זיך אין אַ טעלעגראַמע פון יונייטעד פּרעס) די קאָמוניזירונג פון ברויט, מילך און קליידער, איבערלאָזנדיק פאַרן פּריוואַטן קאַנדל „נאָר די טרומייטערס".

איז דאָס, זיכער, אַ זייער סאַטירישער טאָן און דער „כאַראַקטעריסטישער הומאָר" פון בערנאַרד שאָו צו קענען רעדן אַזוי לייכט וועגן אַזעלכע ערנסטע פראַגן פון דער מענטשהייט. „יונייטעד פּרעס" האָט אונדז איבערגעגעבן דעם ווייטערדיקן קיצור פון שאָוס אַרטיקל:

„די מענטשן, וועלכע נודיען אונדז מיט זייערע טענות, אַז קאָמוניזם איז אַ פאַרברעכן ווייסן נישט וואָס זיי רעדן. ווען דאָס ברויט, די מילך און די קליי־דער וואָלטן קאָמוניזירט געוואָרן שוין מאָרגן, וואָס ס'איז נישט שווער דורכ־צופירן, וואָלט דאָס געוועזן ניט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר די אויסשפּרייטונג פון אַ שוין עקזיסטירנדיקער פּראַקטיק. דאָס ברויט, די מילך און די קליידער לאָזן זיך זייער לייכט קאָמוניזירן. וואָרום יעדער מענטש עסט, טרינקט און טוט זיך אָן: אָבער אַזוי ווי נישט אַלע בלאָזן אין די טרומייטערס, קען מען נישט קאָמו־ניזירן די טרומייטערס.

לאָמיר אָננעמען, אַז מיר וועלן קאָמוניזירן און סאָציאַליזירן די זאַכן, וואָלט יעדער מענטש זיך געקענט פאַרדינען דאָס לעבן אויף אַ שיינעם אופן, אַרבעטנ־דיק פינף טעג אין דער וואָך צו פיר שעה אַ טאָג. מיר וואָלטן דאַן געהאַט קאָ־מוניזם, סאָציאַליזם און פּריוואַטע איניציאַטיוו און אַ מישונג פון דעם אַלעם. אַנטוויקלענדיק גלייכצייטיק דאָס, וואָס בילדעט די שטענדיקע טעמע פון די פּאָליטישע וויכוחים. אָבער דאַן וועלן די פּאָליטיקער ווייסן, וואָס זיי רעדן — אַ זאַך, וואָס היינט ווייסן זיי נישט".

עד־כאן דער הומאָר און דער „סאַטירישער טאָן" פון דזשאָרזש בערנאַרד שאָו. נישט מער, וואָס דער תוך פון שאָוס קלוגער עצה איז נישט זיינער. דער דאָזיקער ענין וועגן דער סאָציאַליזירונג פון שפּייז און פון קליידונג בילדעט דעם תוך פון אַ סאָציאַלן פּלאַן פון דעם עסטרייכישן יידישן דענקער יאָזעף

פּאַפּער. און דער פּלאַן איז אויך נישט קיין נייער, ווייל פּאַפּער איז געשטאָרבן, אַ 83-יעריקער, אין יאָר 1930 און מיט זיין דערמאָנטן פּלאַן איז פּאַפּער אַרויס דאָס ערשטע מאָל אין יאָר 1878. ווי מען זעט פון שאָום קורצן אַרטיקעלע, איז אים זיכער נישט אומבאַקאַנט דער נאָמען פון יאָזעף פּאַפּער. שאָו האָט צו פּאַפּערס גרונט-געדאַנק נאָר צוגעגעבן דאָס וועגן די טרומייטערס. דאָס איז זייער וויציק.

יאָזעף פּאַפּער איז אין יאָר 1878 אַרויס מיט אַ בוך אונטערן טיטל „דאָס רעכט צו לעבן און די פליכט צו שטאַרבן". דאָס בוך איז אַרויס אינעם טאָג פון וואָלטערס הונדערטסטן יאָרצייט. (וואָלטער איז געשטאָרבן דעם 30-טן מאַי 1778). פּאַפּער איז געווען אַ גרויסער חסיד פון דעם פראַנצויזישן פילאָזאָף און פריידענקער, און ער האָט געשטרעבט צו פאַרווירקלעכן אינעם לעבן וואָלטערס אידעען וועגן אַ גייסטיק-פרייע מענטשהייט, אַ מענטשהייט, וועלכע זאָל זיין באַפרייט פון אַלע איבערלעבענישן פון רעליגיע און אַבערגלויבן און פון אַלע אַלטע געוווינהייטן, וועלכע שטערן דעם מענטשן צו געניסן פונעם גליק פון גייסטיקער פרייהייט און פון שיינקייט. אָבער שטרעבנדיק צו אַ וועלט פון גייסטיקער פרייהייט, פרייע פאָרשונג און צו אַ וועלט פון שיינקייט, האָט זיך פּאַפּער אָנגעשטויסן אָן דער סאָציאַלער נויט, אָן דעם קאַמף פאַרן לעבן, פאַרן שטיקל ברויט, פון וואָס עס נעמט זיך דאָס גאַנצע עלנט פון דער מענטשהייט. אַ גרויסער טייל פון פאַרברעכנס ווערן באַגאַנגען אויס מאַטעריעלער נויט, אָדער צוליב דער שטרעבונג זיך צו באַפרייען פון מאַטעריעלער זאָרג און נויט. אָט אַזוי איז פּאַפּער דערגאַנגען נאָכצוטראַכטן וועגן די סיבות פון דער סאָציאַלער נויט, וועגן דעם פאַלשן רעכט, וועלכעס באַשיצט מער דעם רייכן ווי דעם אָרעמען (די דאָזיקע פראַגע האָט שפּעטער אויספירלעך באַהאַנדלט אַן אַנדערער עסטרייכישער דענקער, דער „יוריסטישער סאָציאַליסט" אַנטאָן מענגער), אַזוי האָט ער אויך אין דער סאָציאַלער נויט פון די פאָלקס-מאַסן געזען דעם הויפּט-מאָטיוו פון אַלע מלחמות. אַזוי איז פּאַפּער געקומען צו זיין פּלאַן „וועגן דער אַלגעמיינער דערנערונגס-פליכט", דאָס הייסט, אַז די מלוכה זאָל פאַרזאָרגן אַלע אירע בירגער מיט אַ לעבנס-מינימום, מיט שפּייז און קליידונג, דאַקעגן פאַר אַלע איבעריקע זאַכן זאָל בלייבן פרייע פּריוואַטע איניציאַטיווע און פרייע קאָנקורענץ.

דאָס בוך „דאָס רעכט צו לעבן און די פליכט צו שטאַרבן" איז כמעט אַ העלפט געווידמעט וואָלטערן און זיין געדאַנק. פּאַפּער האָט שפּעטער אויך אָנגעשריבן אַ גרעסערע ביאָגראַפיע פון וואָלטערן.

פּאַפּער שטעלט אַוועק די פראַגע פון דער סאָציאַלער נויט אַלס די, וועלכע שטופּט אַוועק אין אַ זייט אַלע אַנדערע פראַגן. ווי נאָר דער מענטש דערגרייכט אַ געוויסע עלטער, מוז ער זיך אַליין אויסהאַלטן, אָבער וואָס זאָל טון דער מענטש, וועלכער קאָן זיך נישט אַליין פאַרזאָרגן, דער מענטש, וועלכער געפינט

נישט קיין ארבעט, צו וועלכער ער איז פעאיק? און דא ווייזט אן פאפער אויף די פארשידענע סיסטעמען פון די עקאנאמיסטן און אויף די פארשידענע סאָציאַליסטישע טעאָריעס, אין וועלכע ער זעט נישט קיין הילף פאר די נויט-ליידנדע מאסן. לאָמיר, זאָגט ער, זיך נישט צופיל חקרנען וועגן די פּראָבלעמען פון ווערט, פרייז, קרעדיט, אַנבאַט און נאָכפרעג, וועגן מאָראַלישע און אוממאָראַלישע קאפיטאַליסטן, וועגן גלייכגעוויכט פון די ארבעטס-לוינען מיט די פרייזן, וועגן אנטשטייאונג פון אייגנטום, פון קאפיטאל, באָדן-אייגנטום וכדומה, וכדומה. דער עיקר איז: מיר ליידן נויט, מיר לעבן אין מורא נישט אריינצופאלן אין נויט. „אלע מענטשן בילדן א געזעלשאפט פון אזעלכע, וואס ליידן נויט אדער וואס זענען אין סכנה יעדן מאמענט אריינצופאלן אין א נויט-לאגע. אזא מצב, זאָגט פאָפער, טאָר מען לענגער נישט דולדן און מיר מוזן פאָדערן, אז מען טאָר נישט רעדן וועגן קונסט און לוקסוס, ביז יעדער מענטש אין דער מלוכה אן א שום אויסנאם, וועט נישט האָבן פארזיכערט דאס מינימום פון עקזיסטענץ.

און וואס איז דאס מינימום פון עקזיסטענץ?

דאס, זאָגט פאָפער, קאן פארזיכערט ווערן:

„דורך איינפירונג פון דער אלגעמיינער דערנערונגס-פליכט, וועלכע זאל אוועקגעשטעלט ווערן נעבן דער אלגעמיינער ווער־פליכט (מיליטער־דינסט), כדי צו דערגרייכן אן עקזיסטענץ־מינימום פאר אלע”.

די מלוכה, הייסט עס, האט די פליכט צו פארזאָרגן אלע אירע בירגער מיט דעם מינימום, וואס נייטיקט זיך צום לעבן.

„איז דאס נישט קיין מערקווירדיקער אומזין אין אונדזערע הייניטיקע מלוכה-אָרדענונגען — שרייבט פאָפער — וואס די געזעלשאפט זאָגט צו יעדן איינעם פון אירע מיטגלידער: דאס, ווי אזוי דו דערנערסט דיך און דערהאלטסט דיר דאס חיות, גייט מיך נישט אן, דאס איז דיין זאך; אבער ווי אזוי דו זאלסט דאס לעבן פארלירן, דאס גייט שוין דיך גאָרנישט אן, וועגן דעם וועלן שוין מיר אנטשיידן”.

דערפאר וויל פאָפער, אז די מלוכה, וועלכע פאָדערט פונעם בירגער, ער זאל זי פארטיידיקן מיט זיין לעבן, זאל אויך זאָרגן פאר דער דערהאלטונג פון דעם דאזיקן לעבן.

דאס מינימום, וואס פאָפער פאָדערט פאר יעדן מענטשן איז: דערנערונג, וווינונג, הייץ-מאטעריאל, הילף אין פאל פון א קרענק. אויב מען וויל, זאָגט ער, מעג מען אויך צושטעלן אומזיסטיקן אונטערריכט פון די קינדער.

אבער צי וועט די פארזאָרגונג פון אלע מענטשן מיט דעם נויטווענדיקסטן נישט גורם זיין, אז די מענטשן זאלן ווערן ליידיקגייער? פאָפער גלויבט נישט אין אזא געפאר. ווייל די מענטשן באנוגענען זיך נישט מיט דעם בלויז נויטווענדיקן. עס זענען דאך פאראן ביי דער הייניטיקער אָרדענונג אזויפיל מענטשן, וועלכע האָבן מער ווי דאס נויטווענדיקע, פונדעסטוועגן הערן זיי נישט אויף צו

ארבעטן און ארבעטן. ווייל, זאָגט ער, געלט-גייציקייט, קנאה, שטרעבונג צו כבוד, מורא פאַר לאַנגווייליקייט, ליבע צו דער פאַמיליע, וועלכע מען וויל גוט פאַרזאָרגן, אָדער דער תענוג, וואָס מענטשן האָבן פון זייערע באַשעפטיקונגען, זענען אַ גענוג שטאַרקער סטימול צו עקאָנאָמישער טעטיקייט.

וואָס ס'איז נוגע די נייטיקסטע עקזיסטענץ־מיטלען לייגט פּאָפּער פאָר, אַז די מלוכה זאָל זיי דירעקט פאַרטיילן, נישט דורך געלט, אַז יעדער זאָל זיך ערשט קויפן די זאַכן. וועגן די וווינונגען זאָגט ער פאָלגנדעס:

אין אַלע שטעט און שטעטלעך זאָלן זיין ליסטעס פון די אַלע, וועלכע מעלדן זיך אויף צו באַקומען אַ דירה. מען וועט דאַרפן אויפבויען לויט אַ גע־וויסער סכעמע אַ געוויסע צאָל איינפאַכע אַזיל־הייזער. דורך דעם וועלן פאַלן די דירה־פּרייזן פון די עקזיסטירנדיקע וווינהייזער פון די הויז־אייגנטימערס. דאָס וועט זיין אַ מין מילדע עקספּראָפּריאַציע.

דאָס איז פּאָפּערס פּלאַן, פון וועלכן בערנאַרד שאָו האָט געמאַכט אַ שפּיי־געם וויץ. איך האָב דאָ איבערגעגעבן נאָר איינציקע שטריכן פון דעם פּלאַן, וועלכער פאַרנעמט אין דעם דערמאָנטן בוך אַ 70 זייטן גרויסן פאָרמאַט. חוץ דעם האָט פּאָפּער ארויסגעגעבן אַ באַזונדער בוך, אין וועלכן ער וואַרפט אָן אַן אויספירלעכן פּלאַן פון דער אַלגעמיינער דערנערונגס-פליכט. דאָס בוך הייסט טאַקע אַזוי: „די אַלגעמיינע דערנערונגס-פליכט אַלס לייזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע". אין דעם בוך צייכנט פּאָפּער אָן זיין גאַנצן פּלאַן פון דער מלוכהשער אַדמיניסטראַציע און באַדינונג פון דער אַלגעמיינער דערנערונגס-פליכט. דאָרט לייגט ער אויך פאָר פאַראַלעל צום אַלגעמיינעם מיליטער-דינסט אַן אַלגעמיינעם דערנערונגס-דינסט. דאָס הייסט, אַז יעדער בירגער זאָל מוזן אַ געוויסע צייט דינען אין דער דערנערונגס-אַרמיי, וועלכע די מלוכה דאַרף שאַפן (אין דייטש איז דאָס אַ וואָרט-שפּיל: „ווער-אַרמיי" — „נער־אַרמיי").

פּאָפּערס פּלאַן וועגן דער אַלגעמיינער דערנערונגס-פליכט האָט היינט באַ־קומען אַן אַקטועלן ווערט. דאָס איז דוכט זיך דער פּראַקטישסטער פּלאַן פאַר דער צעשטערטער אייראָפּע. די הקדמה צו זיין בוך „די אַלגעמיינע דערנערונגס־פליכט" הייבט פּאָפּער אָן מיט די ווערטער: „דאָס דאָזיקע ווערק איז נישט קיין וויסנשאַפטלעכס, נאָר אַ פּראַקטישס". אָבער פּאָפּערס פּראַקטישקייט האָט אַ וויסנשאַפטלעכן ווערט.

פּאָפּער איז געווען אַ טיפער דענקער און אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער שריפטשטעלער. דאָס האָט ער אַרויסגעוויזן אין זיינע „פאַנטאַזיעס פון אַ רעאַ־ליסט", וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבן אונטערן פּסעוודאָנים לינקעאוס. די „פאַנ־טאַזיעס פון אַ רעאַליסט" איז אַ טיף בוך פון אַן אמתדיק פרייען גייסט. ווען דאָס בוך איז אַרויס (אַרום 1905) האָבן די עסטרייכישע נאַציסטן צוזאַמען מיט די קלעריקאַלן אויפגעהויבן אין פּאַרלאַמענט אַ ווילד געשריי קעגן דעם אוממאָ־ראַלישן אויטאָר. דאָס בוך איז דעריבער אין עסטרייך פאַרבאָטן געוואָרן.

# באַרמאַט

ווען ס׳איז אָנגעקומען די טעלעגראַפישע ידיעה וועגן דעם טויט פון יוליוס באַרמאַט אין דער תפיסה פון בריסעל, האָט דער עולם אויסגעדריקט די השערה אַז צו דעם דאָזיקן פּלוצימדיקן טויט האָט אפשר אַ מענטשלעכע האַנט צוגעהאָלפן דער השגחה. עס ווייזט אויס, אַז דער דאָזיקער פאַרדאַכט איז אויסגעדריקט געוואָרן אויך פון אַן אַנדערער זייט אין בעלגיע גופא, און דעריבער האָט די תפיסה־פאַרוואַלטונג איבערגעגעבן דעם טויטן קער־פער פון באַרמאַטן צום פּאַלמעסן, כאָטש ער איז ווי עס ווייזט אויס, געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. אָבער פון אַן אַנדערער זייט ווערט ווידער אויסגע־דריקט דער פאַרדאַכט, אַז נישט מען האָט באַרמאַטן דערהרגעט, נאָר מען האָט אים נישט געראַטעוועט פאַרן טויט. דאָס וואָלט געהייסן אַ פּאַסיווער מאָרד.

יוליוס באַרמאַט, דער גרויסער יידישער פינאַנסמאַן, איז דורך דער האָלענ־דישער רעגירונג איבערגעגעבן געוואָרן דער בעלגישער יוסטיץ אַרום 29־טן דע־צעמבער. ווען באַרמאַט איז איינגעזעצט געוואָרן אין בריסעלער אַרעסט, האָט ער זיך שוין געפילט אַ קראַנקער, וואַרשיינלעך צוליב די אויפרעגונגען אין שייכות מיטן אַרויסשיקן אים פון האָלאַנד. אין תפיסה האָט באַרמאַט געבעטן אַז מען זאָל אים אינטערנירן אין אַ שפּיטאָל, ווייל ער פילט זיך קראַנק. אָבער דער תפיסה־דאָקטאָר וועלכער האָט אים אונטערזוכט, האָט דערקלערט, אַז ער איז געזונט און אַז ער קאָן בלייבן אין תפיסה. דאָס איז געווען אַ טאָג פאַר זיין טויט. דער דאָזיקער פאַקט באַווייזט, וויפל צוטרוי מען קאָן האָבן צו תפיסה־דאָקטוירים. בפרט ווען געוויסע מאַכט־פאַקטאָרן האָבן אַן אינטערעס, אַז אַן אַרעסטאַנט זאָל ליבער אַריבער אויפן עולם האמת ווי צו ליידן אויף דער דאָ־זיקער זינדיקער וועלט.

מיר פאַרנעמען זיך דאָ מיט דעם פאַל באַרמאַט, ווייל דעם דאָזיקן מענטשן איז, ווייזט אויס, געווען באַשערט משפּיע צו זיין אויף דער פּאָליטישער אַנט־וויקלונג פון אייראָפּע. אַ חוץ דעם איז דער פערזענלעכער גורל פון די פינף ברידער באַרמאַט און דער עיקר פון דעם עלטסטן, דעם איצט פאַרשטאָרבענעם יוליוס, אויך געווען מענטשלעך אינטערעסאַנט.

די באַרמאַטס שטאַמען פון אומאַן, אוקראַאינע. זייער פאָטער איז געווען אַ מלמד, ר׳ אברהם. אַ זיידע פון די גרויסע פינאַנץ מענער, מיט וועלכע עס

האָט אַ צייט לאַנג געקלונגען גאַנץ איירעפּע, איז געווען אַ חזן אין אומאַן — ר׳ הענזל חזן.

ר׳ אברהם דער מלמד האָט זיכער קיין גרויסע גליקן ביי מלמדות נישט געמאַכט. דערפאַר האָט ער זיך צוגעטראַכט נאָך אַ פּרנסה: שדכנות. אָבער מען קאָן זיך אויסמאָלן אַז מיט די צוויי פּרנסות איז נישט געווען קיין פּרנסה אין שטוב פון ר׳ אברהמען, און זיינע קינדער, די פינף בנים, האָבן זיך זיכער אָנגעליטן אָרימקייט און דחקות און נויט מער ווי דאָס איז גייטיק פאַר יונגע מענטשן.

אַזעלכע יונגע מענטשן, וועלכע ליידן זיך אָן אַזוי פיל נויט און דחקות אין פאָטערס שטוב, ווערן געוויינלעך רעוואָלוציאָנערן, מענטשן וואָס ווילן מיט געוואַלט פאַרבעסערן די וועלט. אָבער דער עלטסטער זון פונעם אומאַנער מלמד, יוליוס, אָדער ווי ער האָט דעמאָלט געהייסן, יודל, האָט וואַרשיינלעך זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז פאַרבעסערן די וועלט איז אַביסל אַ שווערער און דערצו נישט קיין זיכערער ענין. אָנשטאָט צו פאַרבעסערן די וועלט, האָט ער דעריבער געוואָלט פּרווון אַ לייכטערע אויפגאַבע — פאַרבעסערן זיין אייגענעם מצב און דעם מצב פון זיין משפּחה. און ער איז אַרויסגעפאָרן אין אויסלאַנד, קודם אין דייטשלאַנד, דערנאָך אין האָלאַנד און געוואָרן דער גרויסער סוחר, דער מענטש מיט מיליאָנען־געשעפטן, דער פינאַנץ־מאַן, וועלכער האָט קאָנטראָלירט זעכציק גרויסע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע אונטערנעמונגען.

די דאָזיקע גרויסע געשעפטן האָט ער שוין געפירט בשותפות מיט זיינע פיר ברידער. און פירנדיק די דאָזיקע ריזיקע געשעפטן אין דער אומזיכערער צייט פון די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן, ווען מענטשן זענען פּלוצים אויפגעשווומען אַלס גבירים אָדער ווען גבירים זענען פאַראָרימט געוואָרן איבער נאַכט, האָט זיך דער פינאַנץ־קאָנצערן פון די ברידער באַרמאַט אַ וואַקל געטון און מיטגעריסן מיט זיך אַ גאַנצע רייע פון בענק און פינאַנץ־אינסטיטוציעס, מלוכהשע און פּריוואַטע. און דאָן האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע העצע קעגן די „יידישע שווינדלער״, די „אָסט־יידישע שווינדלער באַרמאַט״.

צי זענען דער איצט פאַרשטאָרבענער און די פיר נאָך לעבנדע ברידער באַרמאַט געווען שווינדלער? ביי אַזעלכע גרויסע געשעפטן ווי עס האָבן געפירט די ברידער באַרמאַט, איז שווער צו זאָגן, וו עס ענדיקט זיך די „ערלעכע״ ספּעקולאַציע און וו עס הייבט זיך אָן דער שווינדל. אַ פאַקט איז, אַז ביי דעם פּראָצעס, וועלכער איז געפירט געוואָרן פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט און בעת וועלכן די נאַציסטישע דעמאַגאָגיע האָט אַזוי אויפגעהעצט דאָס דייטשע פאָלק, — ביי דעם דאָזיקן פּראָצעס זענען די באַרמאַטס באַפרייט געוואָרן פון דער באַשולדיקונג פון שווינדל. זיי, יוליוס און האַנרי — זענען נאָר באַשטראָפט געוואָרן פאַר „אַקטיוון און פּאַסיוון כאַבאַר״.

אַז די באַרמאַטס האָבן אין דייטשלאַנד נישט באַגאַנגען קיין שווינדל אין

יורידישן און האנדלס־געזעצלעכן זין פון דעם וואָרט, באַווייזט מיר אַ געוויסע אויסגאַבע פון אַ דייטש־יידישער געזעלשאַפט.

די דייטשע יידן האָבן שטאַרק געליטן פּאָליטיש צוליב דער העצע וועגן די באַרמאַטס. און ווען די באַשולדיקונג אין שווינדל זאָל געווען האָבן עפּעס אַ יסוד, וואָלטן די דייטשע יידן זיך געווען אָפּגעטרייסלט פון די דאָזיקע „אָסט־יידן". אָבער אין דער דערמאַנטער דייטש־יידישער אויסגאַבע ווערן די באַר־מאַטס געגומען אין שוץ קעגן די פאַרלוימדונגען פון די נאַציסטן. און דער אמת איז, אַז לגבי די אינפלאַציע־געשעפטן למשל פון אַ סטינעס, זענען די באַר־מאַטס פשוט הייליקע, צדיקים.

דאָס איז וועגן דער פּערזענלעך מאָראַלישער זייט פון די באַרמאַטס. אָבער די דאָזיקע זין פון דעם אומאַנער מלמד איז שוין אַפּנים פון דער השגחה באַ־שערט געווען צו שפּילן אַ פּאָליטישע ראָלע, פשוט משפיע צו זיין די פּאָליטי־שע אַנטוויקלונג, נישט ווילנדיק אַפּילו. און פּונקט ווי זיי האָבן גורם געווען דעם וווקס פון אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד און אפשר אויך דעם אויפקום פון היטלערן צו דער מאַכט, פונקט אַזוי יועט איצט דער פלוצימדיקער טויט פון יוליוס באַרמאַט אין תפיסה ווידער האָבן אַ השפעה אויף דעם גאַנג פון די פּאָליטישע געשעענישן אין אייראָפּע.

דאָ דאַרף מען דערמאַנען, אַז אין דער אַפערע באַרמאַט איז פאַרמישט דער גובערנאַטאָר פון דער בעלגישער נאַציאָנאַל־באַנק לואי פראַנק, וועלכער איז געווען פּערזענלעך אַנגאַזשירט אין פאַרשידענע געשעפטן און געשעפטלעך פון די ברידער באַרמאַט. און אויך דער געוועזענער בעלגישער פּרעמיער, וואַן זע־לאַנד, איז שטאַרק פאַרמישט אין דער אַפערע, און נאָך אַנדערע הערן, פאַר וועל־כע אַ באַרמאַט־פּראָצעס האָט געקענט ווערן שטאַרק אומבאַקוועם.

מען קאָן זיך שוין אויסמאָלן, אַ וואָסערע הויכע פּערזאָנען האָבן געהאַט אַ אינטערעס, אַז יוליוס באַרמאַט זאָל ליבער עדות־זאָגן פאַרן בית־דין של מעלה, איידער פאַרן בריסעלער געריכט.

(1938)

# לוטער

## (צו דער פייערונג פון לוטערס 450־יעריקן געבורטסטאָג)

— 1 —

### לוטער און דער דייטשער יידן־האַס

דייטשלאַנד פייערט דעם 450-טן געבורטסטאָג פון איר גרויסן רעליגיעזן רעפאָרמאַטאָר אין אַ צייט פון טיפער גייסטיקער און פּאָליטישער געפאַלנקייט, אין אַ צייט פון אונטערדריקונג פון פרייען מענטשלעכן געדאַנק און אפילו פון דער „פרייהייט פונעם קריסטלעכן מענטשן", פאַר וועלכער לוטער האָט גע־קעמפט. צו דער פּאָליטישער אונטערדריקונג פונעם פאָלקס־ווילן קומט צו דאָס אַריינמישן זיך פונעם שטאַט אין די ענינים פון דער קירכע, דאָס אַנטשיידן רעליגיעזע פראַגן מיט דער מאַכט פונעם וועלטלעכן שטאַט. די נאַציאָנאַליס־טישע אַגיטאַטאָרן רעדן וועגן אַ נייער רעפאָרמאַציע. און פאַקטיש באַדייט דאָס, וואָס קומט איצט פאָר אין דייטשלאַנד אויפן געביט פון דער פּראָטעסטאַנטי־שער קירכע, פּשוט אַ פאַרלייקענונג פון אַלע גרונט־פּרינציפּן פון קריסטנטום. אויפן אָרט פון גלויבן אין דער קריסטלעכער דאָגמע („דער גלויבן מאַכט זעליג") איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דאָס בלוט, דער אָבערגלויבן פון בלוט. אויפן אָרט פון דער קריסטלעכער מאָראַל איז דאָ די ראַסע, אַ מין הינטישער ראַסן-געפיל, און אַ מענטש וועלכער באַלאַנגט נישט צו דער אַרישער ראַסע און האָט נישט אין זיך קיין ריין אַריש בלוט קאָן נישט אויסגעלייזט ווערן פון זיין „אייביקער זינדיקייט". און זיין נשמה קאָן נישט דערהויבן ווערן אפילו דורכן גלויבן אין דער קריסטלעכער דאָגמע און נישט אפילו דורך דער קריסטלעכער תפילה. די היינטיקע רעפאָרמאַטאָרן גייען אַזוי ווייט, אַז זיי ווילן נישט אַריינלאָזן דעם נישט-אַרישן קריסט אין זייערע אַרישע קירכן, נישט אַלס פּרעדיגער פון דעם גלויבן און נישט אַלס פּשוטע גלויביקע. דאָס קריסטנטום איז ביי זיי געוואָרן אַ „דייטש־קריסטנטום", זיי גייען אַרויסוואַרפן די אַלטע ביבל, דאָס וואָרט פון די אַלטע יידישע נביאים, וועלכעס לוטער האָט איבערגעזעצט אין דייטשע פאַר־

מען און מיט וועלכן ער האָט אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון דער דייטשער שפּראַך און פון דער דייטשער קולטור. און וואָס בלייבט פון דעם עוואַנגעלישן קריסטנטום ווען מען נעמט ביי אים אַוועק די ביבל, אונדזער תנ״ך? און ווען מען מוז נאָך אויסמעקן פון זכרון אַלץ וואָס דערמאַנט אין זיין יידישן עבר? ס׳בלייבט דאַן נישט מער ווי אַ גערמאַניש־היידנישער קולט, וועלכער וועט מיט דער צייט מאַכן שלום מיטן אַלטן וואָטאַן, דעם גאָט פון די אַלטע גערמאַנער.

אונדז יידן קאָן דער דאַזיקער קאַמף אין דער דייטשער עוואַנגעלישער קירכע זיין גאַנץ גלייכגילטיק. אויב די דייטשן ווילן אַראָפּרייסן דעם צלם פון זייערע קירכן און אַרויפשטעלן דעם אַלטן נאָרדיש־גערמאַנישן סימבאָל, דעם האַקנקרייץ, זאָל זיי דאָס וווּיל באַקומען. מיר האָבן נישט קיין שום מאָטיוו נאָכצוווייגען אַפילו איין טרער דעם צלם. ער איז פאַר אונדז קיינמאָל נישט געוועזן קיין סימבאָל פון מענטשן־ליבע און פון מענטשלעכן געפיל צו געפייניקטע און אונטערדריקטע. און אויב די דייטשן ווילן איצט אַראָפּרייסן דעם דאָזיקן צלם און אויף זיין אָרט אַרויפקלאַפּן דעם האַקנקרייץ, זייער איצטיקן סימבאָל פון נאַציאָנאַלן עגאָאיזם, פון ראַסן־שטאָלץ און ראַסן־האַס, זאָלן זיי דאָס געזונטערהייט טון — אונדז איז עס כמעט גלייכגילטיק.

אויך אונטערן סימבאָל און אין נאָמען פון אַלטן קריסטלעכן צלם האָט מען אונדז נישט ווייניק געראַדפט און געהאַסט און געפייניקט, און די דייטשע עוואַנגעלישע קירכע האָט נישט פאַרשפּרייט ווייניקער האַס פון די אַנדערע נישט רעפאָרמירטע קירכן. און דער רעפאָרמאַטאָר אַליין — מאַרטין לוטער, ווי האָט ער געהאַסט די יידן, ווי האָט ער געגאַרט, צו ברענען און בראָטן די יידן לעבעדיקערהייט!

לייענט מען היינט לוטערס שריפטן מוז מען אויסרופן: אַך ווי היטלעריסטיש איז דער דאָזיקער לוטער געוועזן 450 יאָר פאַר היטלערן! אמת, פאַר אים איז נאָך נישטאָ דער דאָזיקער באַגריף פון ראַסע, צוליב וועלכן די דייטשן האַסן און רודפן היינט. פאַר לוטערן איז געוועזן דער גלויבן, דער גלויבן אין זיין קריסטנטום. און פאַר די וואָס האָבן נישט געגלויבט אין זיין גלויבן, פאַר די האָט ער נישט געוואָלט וויסן פון קיין שום רחמנות. „ווילן זיך די יידן נישט באַקערן (שמדן), ווילן מיר זיי צווישן אונדז נישט דולדן, און נישט ליידן״ — האָט לוטער געזאָגט אין איינער פון זיינע פּרעדיקטן.

די דאָזיקע פּרעדיג האָט לוטער געהאַלטן אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט. זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן גייסט, דער מאָראַל און דער רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ פון דעם גרויסן דייטשן רעפאָרמאַטאָר. אין דער דאָזיקער פּרעדיג האָט ער אויפגעפאָדערט די גלויביקע קריסטלעכע מענטשן, די יידן צו פאַרטרייבן. און אָט ווי אַזוי דער גרויסער רעפאָרמאַטאָר האָט געהעצט קעגן די יידן:

„...אַ חוץ דעם האָט איר די יידן נאָך אין לאַנד, וואו זיי טוען אָן גרויסע

שאַדן. ווען זיי זאָלן אונדז אַלע קענען הרגענען, וואָלטן זיי דאָס געטון און זיי טוען דאָס אויך אָפט און זייער גערן. באַזונדערס די, וועלכע געבן זיך אויס פאַר דאָקטוירים און וועלכע קענען די רפואות וועלכע זענען אייך אין דייטש־לאַנד באַקאַנט און וועלכע מען באַנוצט ווען מען וויל איינעם פאַרסמען, אַזוי אַז ער זאָל שטאַרבן אין אַ שעה אַרום אָדער אין צען אָדער אין צוואַנציק יאָר. זיי קענען די דאָזיקע קונסט. דאָס האָב איך אַלס אַ דאָרפס־קינד אייך געוואָלט זאָגן צום לעצטן מאָל. ווילן זיך די יידן נישט שמדן („באַקערן"), ווילן מיר זיי צווישן זיך נישט דולדן" (ציטירט ביי גרעצן).

לוטער קאָן רעדן מיט נאָך מער שנאה, טאַקע ווי אַ היינטיקער היטלע־ריסט. אין אַ קאַמף־שריפט, וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט אַלס פאָלעמיק קעגן געוויסע יידן־פריינטלעכע שטימונגען צווישן זיינע אָנהענגער, אין דעם ביכל „וועגן די יידן און זייערע שקרים" (אין יאָר 1542) ווייזט זיך לוטער אַרויס אַלס אַן אמתער פאַנאַטישער העץ־גלח.

„די קריסטן, שרייבט ער, זאָלן נישט האָבן די שוואַכקייט פון רחמנות צו די יידן: ער רעדט אָן דעם קייזער און די פירשטן, זיי זאָלן אַרויסטרייבן די יידן. און קלערנדיק, אַז די פירשטן וועלן אים אפשר נישט פאָלגן, צוליב זייער אינטערעס, פאָדערט ער אויף די גלחים און די פאָלקסלייט זיי זאָלן אויפהעצן די געמיינדעס קעגן די יידן. ווען ער זאָל האָבן אַ מאַכט איבער די יידן, — באַ־מערקט ער — וואָלט ער געלאָזט צונויפרופן די יידישע געלערנטע און פירער און וואָלט זיי געדראָט „זייערע צונגען פון הינטן דורכן האַלדז אַרויסצושניידן, אויב זיי וועלן נישט באַווייזן אַז דאָס קריסטנטום לערנט צו גלויבן נישט אין איינעם גאָט נאָר אין דריי געטער".

און אויף אַן אַנדער אָרט רופט ער אויס, אַז „ס'איז אַ גרויסער פעלער פון אונדז קריסטן, וואָס מיר האַלטן די יידן פריי און מיר באַשיצן זיי און פאַרזי־כערן זייער עקזיסטענץ".

און אָט די דאָזיקע רעדע פון לוטערן איז אַזוי מאָדערן, אַז געבעלס וואָלט זי היינט געקאָנט האַלטן:

„וואָס קלאָגן זיך די יידן — שרייט אויס לוטער — אַז זיי האָבן ביי אונדז אַ שווערן גלות („האַרטע געפאַנגענשאַפט"), מיר קריסטן זענען כמעט 300 יאָר פון זיי געמאַטערט און גערודפט געוואָרן, אַז מיר האָבן אַ רעכט צו קלאָגן, אַז זיי האָבן אונדז קריסטן געפאַנגען און געהרגעט"... ווי די היינטיקע דייטשע יידן־האַסער דריקט אויס לוטער צופרידנקייט וואָס מען פאַרטרייבט די יידן פון פראַנקרייך, פון בעהמען, אויך פון רעגענסבורג, מאַגדעבורג און פון פיל אַנ־דערע שטעט.

און אָט דער דאָזיקער אויפרוף צו פּאָגראָמען:

„וואָס־זשע זאָל ווערן — פרעגט לוטער — פון דעם דאָזיקן פאַרשאָלטע־נעם פאַרדאַמטן פאָלק?" און ער ענטפערט, אַז: קודם דאַרף מען פאַרברענען די

שולן פון די יידן. „דאָס דאַרף מען טון צום כבוד פון אונדזער האַר (קריסטוס) און צום כבוד פון קריסטנטום". דאַן עצהט דער רעפאָרמאַטאָר, אַז די קריסטן זאָלן צעשטערן די הייזער פון די יידן און די יידן צונויפטרייבן אונטער איין דאַך אָדער אין אַ שטאַל ווי די ציגיינער. (לוטער, האָט ווייזט אויס נאָך נישט געוווּסט פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן). ווייטער פאָדערט ער, אַז מען זאָל ביי די יידן אַוועקנעמען אַלע סידורים, תלמוד־עקזעמפּלאַרן, און אַפילו דעם תנ"ך זאָל מען ביי זיי מיט געוואַלט אַוועקנעמען, און מען זאָל די יידן פאַרבאָטן צו דאַווענען און דאָס אַרויסרעדן פון גאָטס נאָמען. דאָס זאָל זיין פאַרבאָטן דורך טויט־שטראָף („ביי פאַרלוסט דעם לייבעס אונד לעבענס"). די רבנים דאַרף מען פאַרבאָטן צו לערנען יידישקייט. די מאַכט זאָל פאַרבאָטן די יידן צו רעדן און דורכצוגיין די גאַסן. זיי דאַרפן נאָר זיצן ביי זיך אין דער היים. אויך זאָל מען ביי די יידן צונעמען זייער געלט, כדי דערמיט צו שטיצן די יידן וואָס ווילן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. די שטאַרקע יידן און יידענעס זאָל די מאַכט נעמען צו צוואַנגס־אַרבעט, און זיי האַלטן שטרענג, זיי זאָלן פאַרדינען זייער ברויט אין שווייס פון זייער פּנים, און נישט אין פוילקייט. לוטער באַווייזט אויך פון דער תורה, אַז יידן באַנוצן זיך מיט קריסטן־בלוט און אַז צו דעם צוועק צאַפּן זיי אָפּ בלוט פון קריסטלעכע קינדער.

אָט אַזאַ פריינט אונדזערער איז ער געווען, דער דייטשער רעפאָרמאַטאָר.

— 2 —

## לוטער און דער טייוול

מען קאָן נישט האָבן קיין קלאָרן באַגריף וועגן לוטערן, ווען מען דערמאָנט נישט זיין אַבערגלויבן אין טייוול, אין נישט־גוטע, אין מכשפות און אין פאַר־שידענע אַנדערע שרעק־געשטאַלטן. דער טייוול־גלויבן דערגייט ביי לוטערן ביז צו אַ היסטערישן משוגעת. היינע, רעדנדיק וועגן לוטערס גלויבן אין טייוול, דערמאַנט די געשיכטע ווי לוטער, בעת ער האָט אויף דער וואַרטבורג איבער־זעצט די ביבל, איז ער איינמאָל אַזוי געשטערט געוואָרן פון'עם טייוול, אַז פאַר כעס האָט אים לוטער געוואָרפן דעם טינטער אין קאָפּ אַריין. און היינע באַ־מערקט דערצו מיט זיין געוועגלעכן וויץ: זינט דעמאָלט האָט דער טייוול אַ מוראדיקן פּחד פאַר דער שוואַרצער דרוק־פאַרב. און ס'איז כדאי צו אונטער־שטרייכן, אַז דווקא דער דייטשער טייוול האָט אַממערסטן פּחד פאַר דער דרוק־פאַרב.

לוטערס טייוולס גלויבן איז אַ נאַטירלעך קינד פון זיין רעליגיעזער היס־טעריע און אויך זיין יידן־האַס שטאַמט פון דעם דאָזיקן קוואַל. אויף אַזוי פיל איז לוטערס יידן־האַס ערלעכער ווי דער ראַסן־אַנטיסעמיטיזם פון די היינטיקע

דייטשע יידן־פּרעסער. לוטערס יידן־האַס נעמט אין זיין ווילדקייט טיילמאָל אָן ממש גאַאיווע, תמימותדיקע פאָרמען. ווען מען קומט אים אמאָל בעטן ער זאָל זיך אָננעמען פאַר יידן, ענטפערט ער מיט פאַרדראָס, אַז ער האָט זיך איינמאָל אָנגענומען פאַר די יידן, און זיי האָבן אים דערפאַר אַפילו נישט באַדאַנקט מיט אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן...

בכלל איז לוטערס גאַנצע רעליגיעזע טעטיקייט אַ רעזולטאַט פון אַ קראַנק־הייט. זייענדיק אמאָל שווער קראַנק אין זיינע יונגע יאָרן, האָט ער געטון אַ שבועה דער הייליקער אַנאַ צו ווערן אַ מאָנאַך. צוליב אַ קרענק איז ער געוואָרן אַ גלח. און אַ קרענק, אַ פּסיכישע קרענק איז די אומטאָלעראַנץ, זיין האַס צו יידן און זיין שטענדיקע מלחמה מיטן טייוול. יאָ, אַ מלחמה. מיר האָבן שוין אויבן געבראַכט דעם פאַל מיטן וואַרפן דעם טייוול אַ טינטער אין קאָפּ אַריין. און אַזעלכע מלחמות מיטן טייוול האָט לוטער געפירט דורך זיין גאַנצן גלחשן לעבן.

און זיינע „טיש־רעדן" (וועלכע זענען אויפגעצייכנט געוואָרן פון זיינע תלמידים) איז פאַראַן אַ באַזונדער בוך „פונעם טייוול און זיינע ווערק". די דאָזיקע פאַרשידענע מעשיות פונעם טייוול זענען אַ דאָקומענט פון אַ קראַנקן מוח און אַ קראַנקער נשמה, אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, זייער קולטור־היסטאָרישער באַדייטונג. מיר ווילן דאָ נאָר איבערגעבן אייניקע טיטלען פון לוטערס רעדעס און מעשיות וועגן טייוול: „אַ גאָטלאָזער מענטש איז אַ בילד פונעם טייוול";

„דער טייוול איז געשווינדער ביטערער גייסט, וועלכער קען לעסטערן אַפילו די בעסטע ווערק, וואָס פרומע קריסטן טוען פאַרן הייליקן גייסט";

„דער טייוול פּלאָגט אונדז מיט אונדזערע זינד";

„דער טייוול פירט און באַהערשט אַלע הערצער פון די פושעים";

„דער טייוול איז די אורזאַך פון טויט, פון אַלע מגיפות און קרענק";

„דער טייוול איז דער תלין פון אונדזער הער גאָט";

„דער טייוול באַאומרואיקט די מענטשן אין שלאָף";

„דעם טייוול מוז מען זיך אַנטקעגנשטעלן מיט וואָרט און תפילה, אַנדערש קאָן מען נישט צעברעכן זיין מאַכט;

„ווי אַזוי מען טרייבט אַרויס די טייוולאָנים";

„דעם טייוול זאָל מען נישט פאַרבעטן אין גאַסט";

„צי קאָן דער טייוול צוריקקומען, ווען מען האָט אים שוין אמאָל באַזיגט?";

„דעם טייוול קאָן מען פאַרטרייבן מיט פאַראַכטונג און דורך חוזק (לע־בערלעכע פאָסן)";

„אין וועלכע חיות דער טייוול באַהאַלט זיך צוממערסטן".

דאָס זענען נאָר אייניקע פון 125 טיטלען.

אין איינער פון די טייוול־מעשהלעך, דערציילט לוטער:

„אונדזער הער גאָט שיקט נישט קיין שום אומגליק, קיין שום קרענק אויף

דער וועלט ווי נאָר דורכן טייוול, פון וועלכן עס קומען אַלע צרות, הונגער און קרענק. דאָס פּאַסירט דאַן ווען מען וויל זיך נישט פאַרכטן פאַר גאָט, און מען טוט נישט דעם הער גאָטס וואָרט...

„מיין קרענק, האָט געזאָגט הער מאַרטינוס (לוטער), וועלכע איך האָב פון קאַפּ־שווינדל און אויך אַנדערע ווייטיקן איז נישט נאַטירלעך. עס העלפט מיר נישט, וואָס איך זאָל נישט נעמען און טון, כאָטש איך טו אַלץ וואָס דער דאָק־טער הייסט מיר".

לוטערס דערציילונגען וועגן דעם טייוול און זיין צורעדן צו שלעכטע מעשים („אַנפעכטונגען" אויף לוטערס שפּראַך) זענען דאָקומענטן פון אַ קראַנ־קער נשמה און מאַטעריאַל פאַר פּאַטאָלאָגן. אין זיין היסטעריע זעט לוטער דעם טייוול אין פאַרשידענע חיות, און ער שטעלט זיך צום קאַמף מיט די דאָזיקע געשטאַלטן פון טייוול ווי דאַן קיכאָט ז"ל מיט די ווינט־מילן.

אַ חוץ דעם טייוול גלויבט לוטער אין פאַרשידענע אַנדערע טייוולאָנישע באַשעפענישן און געשטאַלטן, ווי למשל אין פּאָלטער־גייסטער (עפּעס אַזאַ מין ווי אונדזערע „נישט־גוטע דייטשלעך") ווי אויך אין פאַרביטענע קינדער (דאָס זענען טייוולאָנישע קינדער וועלכע דער טייוול לאָזט איבער ביי די קימפּעטאָ־רינס אויפן אָרט פון זייערע פאַרכאַפּטע קינדער). די דאָזיקע פאַרביטענע קינ־דער הייסן אויף דייטש „וועקסעל־באַלג", און ד"ר לוטער דערציילט וועגן די פאַרביטענע קינדער ווי וועגן זיכערע פאַקטן.

דאָ איז איינע פון לוטערס טיש־רעדן וועגן די אויסגעביטענע קינדער („וועקסל־קינדער", „וועקסעל־באַלגען"):

„פאַרביטענע קינדער, דערציילט לוטער, לייגט דער שטן צו די קימפּעטאָ־רינס אויפן אָרט פון זייערע אייגענע קינדער, כדי די לייט צו פּלאָגן. עס טרעפט זיך, אַז ער פאַרפירט מיידלעך אין וואַסער אַריין, ער מאַכט זיי מעוברת, און האַלט זיי ביי זיך ביז זיי געבוירן דאָס קינד; דערנאָך לייגט ער די קינדער אין די וויגן, נעמט אַרויס די אמתע קינדער און פירט זיי אוועק. אַזעלכע קינ־דער, זאָגט מען, לעבן נישט לענגער ווי 18 ביז 19 יאָר".

אָט אַזאַ איז געווען לוטערס טייוולס־גלויבן. ער דערציילט די פאַרשידענע טייוולאָנישע מעשיות ווי פאַקטן, וועלכע ער אַליין האָט איבערגעלעבט. דער דאָזיקער דיאַבאָליזם איז געווען אַ טייל פון זיין רעליגיעזן גלויבן און פאַרשטייט זיך, אַז די יידן האָבן נישט געקענט האָבן קיין הויכע מיינונג וועגן לוטערס אַבערגלויבן, וועגן זיין פּסיכאָפּאַטאָלאָגישן דיאַבאָליזם און וועגן זיין גאַנצער רעפאָרם. און דאָס איז אפשר געווען דער מקור פון זיין יידן־האַס.

# לאָמיר זיך איבערבעטן!

יאָ, לאָמיר זיך איבערבעטן! לאָמיר זיך איבערבעטן, ווייל ס׳איז בכלל נישט שיין צו זיין ברוגז. און וויפיל איז דאָס דער שיעור, אַז מענטשן זאָלן זיין ברוגז? סוף כל סוף האָט קיינער פון אונדז דעם אַנדערנס קרעטשמע נישט אונטערגע־צונדן, די קאַפּאָטע נישט פאַרשמירט. אי וואָס פאַר אַ זינען האָט דער לאַנגער ברוגז?

און חוץ דעם האַלטן מיר דאָך עפּעס אין די ימים־נוראים. ערב יום כיפּור מוז מען זיך דאָך סיי ווי סיי איבערבעטן. אָדער זאָלן מיר אפשר זיך בלייבן שונאים אויך איבער יום־כיפּור? נו, איז ווער־זשע וועט אונדז פאַרגעבן אונדזע־רע זינד, וואָס בין אָדם לאָדם, אויב מיר וועלן זיך אַליין נישט פאַרגעבן?

חוץ יום־כיפּור און חוץ די עשרת ימי תשובה האָבן מיר היינט אַ באַזונ־דערן מאָטיוו זיך נישט צו זיין קיין שונאים און בכלל צו פאַרקלענערן דעם שטח פון שנאה אין אונדזער לעבן. אויב האַסן, דאַרפן מיר נאָר די שונאים, די רוצחים, וועלכע האָבן געמאָרדעט אונדזער פאָלק. מיר דאַרפן האָבן אַזוי פיל כוח צו האַסן אונדזערע שונאים, אַז עס קאָן נישט בלייבן מער קיין כוח פאַר אינערער שנאה, פאַר שנאה פון איין יידישן צד צו אַ צווייטן. דער האַס צו די שונאים און צי די רוצחים פון אונדזער פאָלק דאַרף אונדז פאַראייניקן צו איין נשמה־איינהייט. דער בלויזער פאַקט פון געהאַסט ווערן פון די זעלבע שונאים, פאַראייניקט אונדז שוין אָביעקטיוו, בלא יודעים אַפילו. זענען די רציחות פון די זעקס יאָר נאַצישער טיראַניע נישט געווען אפשר גענוג אויף צו פאַראיי־ניקן אונדז און אויף צו פאַריאָגן די ברידער־שנאה פון אייִדזער מחנה?

פאַרוואָס זענען מיר זיך דען געוואָרן אַזעלכע שונאים · מיר אינעם ציוי־ניסטישן לאַגער? מיר זענען זיך געוואָרן שונאים צוליב אַן אידעאַל — זאָגט מען. אַ טייל פון אונדז גלויבט צו דינען אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד אויף אַזאַ אופן, און אַנדערע מיינען, אַז דער דאָזיקער אופן איז נישט גוט, פירט ניט צום צוועק. און זיי לייגן־פאָר אַן אַנדערן מעטאָד. און אַזוי ווי צדדים זענען ביי אונדז פאַראַן אַ סך — ווי ביי יעדן לעבעדיקן פאָלק — ווערט ביי אונדז גע־פירט אַ קאַמף צווישן די פאַרשידענע צדדים און אין קאַמף אַנטוויקלען זיך אָפּט געפילן פון שנאה.

אָבער עס זענען פאַראַן בײַ אונדז צדדים, וועלכע רעדן זיך צונויף און קו־מען צו אַ פּשרה אין געוויסע פראַגן, און פאַראַן אַזעלכע צדדים, וועלכע ווילן גאָר נישט לאָזן רעדן מיט זיך. דאָס זענען די צדדים, וועלכע האַלטן זיך פאַר די קלייִנסטע, פאַר די, וועלכע פאַרשטייען בעסער פון אַלעמען ווי אַזוי מען דאַרף פירן יידישע פּאָליטיק און וועלכע באַטראַכטן זיך אויך פאַר די בעסטע יידישע פּאַטריאָטן. אָבער די דאָזיקע „בעסטע יידישע פּאַטריאָטן" האַנדלען אָפט אומ־פּאַטריאָטיש — צוליב זייער צופיל פּאַטריאָטיזם. וואָרים וואָס צופיל טויג נים. קיין שום מענטש איז נישט מחויב צו זיין מער פּאַטריאָט פון דעם כלל פון זיין פאָלק, קיין שום מענטש איז נישט מחויב און האָט נישט קיין רעכט, צוליב זיין מכלומרשטן „בעסערן פּאַטריאָטיזם" צו האַנדלען קעגן דעם ווילן פונעם כלל און אַרויפצווינגען זיין ווילן אָדער דעם ווילן פון זיין גרופּע דעם כלל. און זיכער איז נישטאָ קיין שום מאָראַלישער זינען אין דער שנאה פון אַ קליינער גרופּע צום כלל, וועלכער וויל זיך נישט אונטערוואַרפן דעם ווילן פון דער דאָזיקער קליינער מינדערהייט.

אָבער דאָס מאָל ווילן מיר זיך איבערבעטן — דאָס מאָל דאַרפן מיר, מוזן מיר זיך איבערבעטן. מיר לעבן איצט באמת היסטאָרישע טעג. דער חלום פון זיבעציק דורות יידן האַלט אין ווערן אַ ווירקלעכקייט. אונדזער דור וועלכער האָט איבערגעלעבט די מאָדערנסטע שחיטות אויף יידן איז באַשערט אויך אי־בערצולעבן דעם אָנפאַנג פון דער גאולה. אַזאַ גראַנדיעזער היסטאָרישער מאָ־מענט דאַרף אונדז אַלעמען פאַראייניקן אין איין ברודער בונד. עס דאַרף אויפ־הערן די שנאת אחים צוליב — פּאַטריאָטיזם. ס'איז נישטאָ אַזאַ פּאַטריאָטיזם. וועלכער זאָל באַרעכטיקן אַז אַ פאָלק זאָל צעריסן ווערן אין פיינטלעכע מחנות.

אויב מיר זענען דער דור, וועלכער האָט נאָך מוראדיקע ליידן דערלעבט דעם אָנפאַנג פון דער גאולה, דאַרפן מיר מאַניפעסטירן אונדזער דאַנקבאַרקייט דער השגחה אין אַ ברידערלעכן באַשלוס צו אַרבעטן מיט אַלע כוחות, אַז דער צוויי טויזנט־יאָריקער חלום פון אונדזער פאָלק זאָל פאַרווירקלעכט ווערן אין האַרמאָ־נישער צוזאַמענאַרבעט פון אַלע יידן.

מיר מוזן זיך באַמיען אויסצומיידן פאַר יעדן פּרייז מחלוקת און פיינטלעכע מאַניפעסטאַציעס ביים לייגן דעם פונדאַמענט פאַר דער יידישער מלוכהשאַפט.

אוודאי וועט דער שטח וועלכן מיר וועלן באַקומען פאַר אונדזער מלוכה זיין אַ קליינער און וועט נישט קיין גענוגנדער פאַר די נויטן פון די יידן וועלכע זענען שוין מיד פון גלות. אָבער די פּאָליטישע קאָנסטעלאַציע איז אַזאַ, אַז קיין סך מער קאָן מען איצט נישט דערגרייכן. קיין שום בר־דעת וועט נישט זאָגן, אַז ווייל מיר קענען נישט פאַרווירקלעכן אַלע הונדערט פּראָצענט פון אונדזער אי־דעאַל, דאַרף מען נישט אָננעמען דאָס וואָס מען קאָן אין דעם מאָמענט דער־גרייכן.

וועלט געשיכטלעכע פּראָצעסן ווערן קיינמאָל נישט דורכגעפירט מיט איין

מאָל און אויך גרויסע מענטשלעכע אידעאַלן ווערן נישט פאַרווירקלעכט מיט איין מאָל. אַ פאָלק, און אַ אידעאַל מוזן טיילמאָל האָבן צייט. און כאָטש ס'איז אמת, אַז, ווי מען זאָגט, די צייט איז קעגן אונדז, איז זי דאָס יעדנפאַלס נאָר דאַן, ווען מיר האָבן נישט קיין אייגענעם פּונקט אויף דער ערד ווו מיר זאָלן זיך קע־נען אָנשפּאַרן מיט אונדזער פאָלקסטום. אָבער האָבנדיק אַ קליינע מלוכה, האָבן מיר די מעגלעכקייט צו וואַרטן אויף געשיכטלעך גינסטיקע מאָמענטן. ווען אונדזער רעכט וועט אַנערקענט ווערן אין זיין גאַנצער פולקייט.

אָט האָבן מיר פאַר זיך אַ ביישפּיל — איינעם פון הונדערט — יוגאָ־סלאַוויע. ווי לאַנג איז דען, ווען דאָס סערבישע פאָלק איז באַהערשט געוואָרן פון די טערקן? און ווי לאַנג איז אין דעם, ווי די סערבן זענען געווען צעטיילט און צעריסן אין פינף מלוכהשע איינהייטן? היינט בילדן די סערבן און קראָ־אַטן אַ שטאַרקע מלוכה אין פאַרבינדונג מיט דעם מעכטיקן ראַטנפאַרבאַנד. דאָס איז אַן אַנטוויקלונג פון עטלעכע און דרייסיק יאָר.

אַ פאָלק מוז טיילמאָל צייט האָבן צו וואַרטן, אָבער אַ פאָלק טאָר זיך ניט לאָזן צופיל צייט אויף נישט אויסצונוצן אַ שאַנס וואָס דער היסטאָרישער מאָ־מענט ברענגט. די באַשלוסן פון דער פאַלעסטינע־קאָמיסיע פון דער „און". וועלכע וועלן ווי מיר האָפן אָנגענומען ווערן פון פלענום פון די פאַראייניקטע פעלקער בילדן דעם דאָזיקן היסטאָרישן שאַנס. דאָס דאַרפן מיר אָננעמען מיט פרייד, און לאָמיר זיך נישט קריגן, וועגן דעם ווער עס האָט גורם געווען דעם דאָזיקן דערפאָלג — אַלע האָבן אים גורם געווען, — אַלע וועלכע אַרבעטן און קעמפן אין ארץ־ישראל און פאַר ארץ־ישראל; און לאָמיר זיך נישט אַרומ־קריגן, אַז דאָס דערגרייכטע איז צו ווייניק. לאָמיר זיך ליבער איבערבעטן און לאָמיר אַרבעטן צוזאַמען מיט פאַראייניקטע כוחות, כדי אין דער קליינער יידי־שער מלוכה צו שאַפן דעם מאַקסימום מעגלעכקייטן פאַר דער מעגלעכסט גרעסטער צאָל יידן. און וועגן דאָס איבעריקע זאָלן אונדזערע אייניקלעך זאָרגן, וואָרים לא עליך המלאכה לגמור.

# דער זין פון אחדות ישראל

היינט און אין די נאָענטסטע טעג פילט יעדער ייד וואָס לעבט אַ יידיש לעבן זיך שטאַרקער פאַרבינדן און פאַרקניפּט מיטן יידישן כלל, מיט יידישער צוקונפט און מיטן גורל פון כלל ישראל. אין די דאָזיקע טעג פילט איטלעכער ייד, שטאַרקער ווי אין אַנדערע טעג פון יאָר, די פאַרבונדנקייט פון זיין פּערזענלעכן גורל און פון גורל פון זיין פאַמיליע מיטן גורל פון פאָלק ישראל. דער ייד קען נישט בעטן אַ גוט יאָר פאַר זיך, נישט דערמאָנענדיק דערביי דאָס גאַנצע פאָלק פון הויז ישראל. „אינעם בוך פון לעבן, פון ברכות און ישועות, זאָלן מיר און דאָס גאַנצע פאָלק ישראל פאַרשריבן ווערן צו אַ גוט לעבן און צו פרידן" — דאָס איז איינע פון די תפילות וועלכע ווערט אין די קומענדיקע טעג איבערגעחזרט עטלעכע מאָל אין טאָג. און אַזוי זענען אַלע אונדזערע תפילות געהאַלטן אין דעם גייסט פון פאָלקישער גאַנצקייט. דער יחיד מיט זיינע אינטערעסן, מיט זיינע באַגערן און ליידנשאַפטן, גייט אריין אין כלל און ער עקזיסטירט נאָר אַלס אַ טייל פונעם כלל.

עס איז נישטאָ און עס איז נישט מעגלעך קיין גליק פאַרן יחיד אויב דער כלל לעבט אין אומזיכערקייט און אומגליק. און אַזוי איז דער גורל פונעם כלל דער גורל פונעם יחיד. ס'איז נישטאָ און ס'איז נישט מעגלעך פאַרן יחיד קיין אויסוועג פון דער דאָזיקער לאַגע פון אונדזער פאָלק.

דאָס איז נישט בלויז אַבסטראַקטע מאָראַל, דאָס איז פּראַקטיק, דאָס איז לעבנס־דערפאַרונג, דאָס איז יידישע געשיכטע. די דאָזיקע לאַגע איז אויך באַ־שטעטיקט געוואָרן אין די יאָרן פון דער לעצטער וועלט־מלחמה. צווישן די מי־ליאָנען יידן וועלכע האָבן פאַרענדיקט זייער לעבן אין די גאַז־קאַמערן, וויפל זע־נען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געמיינט, אַז זיי בינדט גאָרנישט צונויף מיטן יידישן כלל, אַזעלכע וואָס האָבן געפּרוווט איבערשניידן דעם גורל־בונד צווישן זיך און דעם פאָלק?

אָבער דאָס האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן. קיין שום צווייג קאָן נישט מיט געוואַלד זיך אָפּרייסן פון איר שטאַם און זיך דערנאָך באַהעפטן מיט אַן אַנדערן שטאַם. און עס איז נישטאָ קיין עקזיסטענץ־מעגלעכקייט פאַר אַן אָפּגעריסענעם צווייג.

פון דעם איז געדרונגען דער געדאַנק און די מאָראַל פון אחדות ישראל. די דאָזיקע אחדות איז פאַראַן און זי עקזיסטירט אפילו אויסערהאַלב פון אונ־דזער ווילן און פון אונדזערע וואונטשן. מיר אָבער דאַרפן דער דאָזיקער, מחוץ אונדזער ווילן עקזיסטירנדיקע אָביעקטיווע אחדות פאַרשטאַרקן דורך אונדזער באַוווּסטן ווילן און דורך אונדזער באַוווּסטער שטרעבונג געבן איר אַן אָנהאַלט און אָנצייכענען איר אַ ציל.

אחדות ישראל מיינט נישט אַז דאָס גאַנצע פאָלק ישראל זאָל זיין איין טשערעדע און זיך לאָזן בלינד פירן פון איין פאַסטעך מיט זיין שטעקן. אחדות ישראל מיינט אַ העכערע מאָראַלישע איינהייט. אַן איינהייט וועלכע טויט נישט אָפּ דעם גייסט פון דעם יחיד, אָבער זי פירט דעם יחיד און אויך גרופּעס פון יחידים צו זעלבסט־באַהערשונג, צום אונטערגעבן דעם אייגענעם רצון אונטערן רצון פונעם כלל.

די דאָזיקע כלל־מאָראַל איז די אמתע נאַציאָנאַלע מאָראַל, נישטאָ קיין אַנ־דערע. אין דער כמעט צוויי טויזנטיעריקער געשיכטע פון אונדזער לעבן צווישן פיינטלעכע פעלקער אונטער אַ פרעמדער, פיינטלעכער צו אונדז הערשאַפט, איז אונדזער נאַציאָנאַלע מאָראַל געווען דער ריזיקער כוח, וועלכער האָט אונדז צו־זאַמענגעהאַלטן, וועלכער האָט אונדז גייסטיק דערהויבן ווען דער שונא האָט אונדז דערנידעריקט, און וועלכער האָט אונדז געשטאַרקט אין מאָמענטן פון שווע־רע לײַדן און מאַטערנישן. דער דאָזיקער מאָראַלישער כוח איז אונדזער גרעס־טער, אונדזער טייערסטער פאַרמעגן. ער, דער דאָזיקער מאָראַלישער כוח, האָט אונדז, דעם פאָלק אָן אַ לאַנד, דעם פאָלק אָן אַ מיליטערישן כוח, דעם פאָלק אָן אַ פיזישן באַשיצער, דעם פאָלק וואָס איז אומעטום געווען פאַרהאַסט, דערני־דעריקט און פאַרפאָלגט, — ער האָט אונדז דערהאַלטן אַלס פאָלק, חלילה נישט נידעריקער פון אַנדערע קולטורעל הויך־שטייענדיקע פעלקער.

אַדאַנק דעם מאָראַלישן כוח פון אחדות ישראל האָבן מיר זוכה געווען צו דערלעבן די דאָזיקע אתחלתא דגאולה וואָס מיר האָבן איצט אין דער מדינה פון ישראל. אָבער ערשט איצט, ווען מיר האָבן דערגרייכט דעם אָנפאַנג פון גאולה דאַרפן מיר אַרבעטן, דאַרפן מיר זיך אָנשטרענגען אויסצוברייטערן די גאולה וואָס אַמאָל ווייטער און ווייטער, ביז מיר וועלן דערגרייכן די פולע גאולה. און דער וועג צו דער פולער גאולה פירט דורך אחדות ישראל. נישטאָ קיין אַנ־דער וועג.

און ווידעראַמאָל דאָס זעלבע: אחדות ישראל מיינט נישט קיין ווילנלאָזע טשערעדע, וועלכע לאָזט זיך פירן בלינדערהייט פון אַ פאַסטעך מיט אַ גרויסן שטעקן. אחדות ישראל מיינט נישט קיין גייסטיקע פאַרקריפּלונג. אחדות ישראל נישט בלויז וואָס זי פאַרטראָגט זיך גוט מיטן קריטיש־דענקענדן מענטשן, נאָר זי פאָדערט, אַז דער יידישער יחיד זאָל שטרעבן צו גייסטיקער דערהייבונג, ער

זאָל טראָגן מיט זיך דעם באַוווּסטזיין אַז ער דאַרף רעפּרעזענטירן דעם העכערן מין מענטש, דעם מאָראַליש שענערן און דערהויבענערן.

מאָראַלישע שלימות, גייסטיקע דערהייבונג פונעם יידישן מענטשן דאַרף פירן צו דער פאַרשטאַרקונג פון אחדות ישראל אָבער נישט, זיך צו האַלטן העכער פון אַלעמען און זיך צו שטעלן איבערן כלל. אחדות ישראל — דאָס מוז מען תמיד ווידער איבערחזרן — איז מאָראַלישע אויטאָדיסציפּלין. אחדות ישראל איז אָבער אויך נישט מעגלעך אָן אהבת ישראל. פּראַקטיש גערעדט, הייסט עס: אויב דיר געפעלט נישט די פירונג פון דער אָדער יענער לעגאַלער אויטאָריטעט אין ישראל אָדער אין תפוצות ישראל, האָסטו דאָס רעכט צו קריטיקירן, האָס אַ רעכט דיך צו פאַראייניקן מיט אַנדערע יידן, וועלכע האָבן דעם זעלבן געדאַנק וואָס דו, כדי מיט זיי צוזאַמען קעמפן פאַר אַ בעסערונג פון דעם מצב וועלכן דו באַטראַכסט פאַר שלעכט און שעדלעך. דו טאָרסט אָבער נישט מיט דיין קריטיק דערנידעריקן דעם כבוד און דעם פּרעסטיזש פון די, וועלכע פאַרנעמען אַ פאַר־ראַנטוואָרטלעכע שטעלע אינעם פאָלק.

אין דיין אומצופרידנקייט מיט דער פירונג אין ישראל, אין דיין קריטיק פון דעם אָדער יענעם רעגירונגס־פאַרשטייער, טאָרסטו נישט פאַרגעסן, אַז דיין קריטיק שטיצט זיך אויף הנחות וועלכע קענען זיין פאַלש. דיר זענען נישט באַ־קאַנט די פאַרשידענע פּרטים פון אַ סיטואַציע, וועלכע צווינגט אפשר די פאַראַנט־וואָרטלעכע פירער אין ישראל צו האַנדלען אַזוי ווי זיי האַנדלען און נישט אַזוי, ווי דיר ווייזט אויס פאַר בעסער.

און דער עיקר פון אַלע עיקרים: נישט מבזה זיין אין דער עפנטלעכקייט די פירער אין ישראל, נישט דערנידעריקן זייער כבוד און נישט פאַרשפּרייטן סענן זיי קיין רכילות און קיין שקר. דאָס באַציט זיך צום קאַמף צווישן די פּאַרטייען, וועלכע פּאַרטיידיקן און בויען ישראל.

אָט דאָס מיינט אחדות ישראל. אחדות ישראל מיינט נאַציאָנאַלע פאַראַנט־וואָרטלעכקייט, אחריות, זעלבסט־דיסציפּלין, דאָס מיינט, נישט האַלטן זיך פאַר בעסער, פאַר פרומער, פאַר פּאַטריאָטישער פון די אַנדערע — ווען די דאָזיקע אַנדערע דינען דעם אידעאַל פון ישראלס באַנייאונג.

מען קען נישט פאַרשטאַרקן די מאַכט פון ישראל אָן אחדות ישראל. מיר ווייסן, אַז ישראל מוז שטאַרק זיין כדי צו קענען עקזיסטירן צווישן פעלקער וועל־כע זענען צאָלרייכער און שטאַרקער פון אונדז. און דורך קיין שום זאַך ווערט ישראלס כוח נישט אַזוי אָפּגעשוואַכט ווי דורך אומנוציקע מחלוקתן, דורך בייז־וויליקע קריטיקעס, דורך פאַרשפּרייטן פון שקרים און רכילות. דאָס אַלץ וואָלטן יידן באַדאַרפט איבערלאָזן פאַר די שונאי ישראל. יידן דאַרפן זיך היטן קודם־כל פון פאַרשפּרייטן בייזוויליקע ליגנס קעגן יידן און באַזונדערס קעגן יידישע פי־רער — דורך אַזאַ אַרבעט שטאַרקט מען די הענט פונעם שונא און מען גיט אים צו מוט אַרויסצוטרעטן קעגן אונדז.

„עשה לך בציון שם נוראות, כאז תצליחנה" — מאך דיר אין ציון א נאָמען פון א שטאַרקן, אז מען זאָל פאַר דיר מורא האָבן, דאַן וועסטו באַגליקן — זאָגט דער פייטן. לאָמיר אין זינען האָבן, נישט אַרויסצורופן ביי די שונאים די מיי־נונג, אַז מיר זענען שוואַך דורך אונדזער צעריסנקייט, דורך קריגערייען, מחלוקת און שנאת חינם. דאָס אַליץ איז קעגן אחדות ישראל.

# אייביקייט און אלמענטשלעכקייט

מיר זענען אן אייביק פאָלק און אַן אַלוועלטלעך פאָלק. אין אונדזער אַל־טער שפּראַך ווערן די צוויי באַגריפן אויסגעדריקט מיט איין וואָרט: עם עולם. אונדזער אייביקייט ווערט געמאָסטן מיט דער אייביקייט פון צייט און רוים.

מיר זענען אן אייביק פאָלק. און אַן אַלוועלטלעך פאָלק. אונדזער געשיכ־טע הויבן מיר אָן פון בראשית, פון דער וועלט־באַשאַפונג. וווּ איז נאָך פאַ־ראַן אַ פאָלק וועלכעס זאָל אַזוי פאַרבינדן זיין זיין מיטן זיין פון דער וועלט? און ווען מיר הויבן אָן אַ נייַ יאָר, רעכנט זיך דאָס דאָזיקע יאָר נישט פון עפּעס אַ היסטאָרישער פּאַסירונג, נאָר פון דער אייביקייט, פון ברא־שית — פון דער וועלט־באַשאַפונג.

זה היום תחילת מעשיך, זכרון ליום ראשון — דאָס איז דער טאָג פונעם אָנפאַנג פון דיינע מעשים, אַן אָנדענק צום ערשטן טאָג פון דער וועלט־באַ־שאַפונג.

אָט אַזוי זענען אונדזערע ימים טובים. אָט אַזאַ איז ספּעציעל דער דאָזי־קער יום־טוב אונדזערער, דער יום־טוב פון יאָר־אָנפאַנג, פון ראש השנה.

דאָס איז די אידייע פון אייביקייט. און די צווייטע אידייע, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דער אידייע פון אייביקייט איז די אידייע פון אַלוועלטלעכקייט און אַלמענטשלעכקייט.

די אידייע פון אַלמענטשלעכקייט דריקט זיך אויס אין אַן אַ שיעור תפי־לות און פּיוטים וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע צייטן פאַר דעם דאָזיקן יום־טוב.

„דו געדענקסט די מעשים פון דער וועלט און דו דערמאָנסט אַלע באַ־שעפעניש פון אַמאָליקע צייטן" — מיט די דאָזיקע ווערטער הויבט זיך אָן איינע פון די שענסטע און געדאַנקען־טיפסטע תפילות פון ראש־השנה. די דאָ־זיקע אידייע פון אַלמענטשלעכקייט חזרט זיך איבער צענדליקער מאָל אין די תפילות פון ראש השנה. אַלמענטשלעך איז דער כאַראַקטער פון אונדזער גע־דאַנק און פון אונדזער מאָראַל. נישטאָ קיין פּלאַץ ביי אונדז פאַר ראַסן־גאווה און פאַר ראַסן־שנאה. אין דעם טאָג ווען ישראל דערנענטערט זיך צו גאָט,

אָפּצושליסן די חשבונות פונעם יאָר, איז נישט קיין שום חלוק צווישן ייד און נישט־ייד.

חשוב גר ואזרח למשפט אחד — זאָגט איינער פון די פייטנים. דאָס הייסט, דער פרעמדער און דער אייגענער ווערן אָפּגעשאַצט ווי גלייכע ביים משפט. דאָס איז נוגע יחידים און דאָס איז אויך נוגע פעלקער און לענדער.

די אידייע פון אייביקייט און די אידייע פון אַלמענטשלעכקייט איז קודם כל אַ מאָראַלישע אידייע. די דאָזיקע אידייע זאָגט צום יחיד, צום איינצלנעם מענטשן: דו ביזט נישט אַליין אויף דער וועלט דו ביזט נאָר אַ צווייג פון אַ גרויסן בוים. דער בוים האָט נאָך אַן אַ שיעור צווייגן און נאָך מיט אַן אַ שיעור וואָרצלען איז ער פאַרוואָרצלט אין דער אייביקייט.

דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער: די אידייע פון אייביקייט איז די אי־דייע פון אחריות. געדענק, אַז אַ וועלט איז נישט הפקר. דו ביזט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דיינע מיט-מענטשן, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיין פאָלק, פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַרן עבר און פאַרן עתיד.

די דאָזיקע עטישע אידייע ווערט אויסגעדריקט אויף אַ פאָלקסטימלעכן אופן ווען דעם בוך וואָס ווערט געעפנט און ווו עס געפינט זיך די חתימה פון יעדן מענטשן. אָדער ווי עס דריקט זיך אויס איינער פון די פייטנים: ספרים נפתחים ומעשים מתגים — עוברים לפניך וחשבון נותנים — ביכער ווערן גע־עפנט און מעשים ווערן דערציילט — זיי גייען פאַרביי פאַר דיר און זיי גיבן אָפּ חשבון.

יעדער מענטש איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים, יעדער דאַרף אָפּגעבן דין וחשבון אויפן משפט פון דער געשיכטע און פאַר די קומענדיקע דורות.

און פאַראַנטוואָרטלעך איז יעדער מענטש פאַר זיינע מעשים. קיינער איז נישט אויסגעשלאָסן פון מאָראַלישן אחריות. אודאי איז די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פון די גרויסע און מעכטיקע, פון די פירער און די הערשער און רעגי־רער פון די פעלקער, גרעסער ווי דער אחריות פון די קליינע מענטשעלעך. אָבער די קליינע מענטשעלעך קענען זיך נישט באַפרייען פון אחריות ווען זיי קלייבן זיך־אויס שלעכטע און פאַלשע פירער, וועלכע פאַרפירן די מענטשהייט צו רשעות און צו זייער אייגענעם אונטערגאַנג.

אין אַ שווערער צייט פאַר דער מענטשהייט פייערן מיר היינט אונדזער ראש השנה. אין אַ צייט, ווען שקר און רשעות און געמיינהייט האָבן זיך אַוועקגעזעצט ברייט אויסשטרעקנדיק מיט חוצפה די הענט נאָך דער הער־שאַפט איבער דער וועלט, אין אַזאַ מאָמענט איז גוט, אַז מיר זאָלן זיך דער־מאָנען אין דעם טיפן מענטשלעכן געדאַנק פון אונדזער יום־טוב פון אייביקייט. די אידייע פון אייביקייט איז די אידייע פון אחריות פון מענטשן און פעלקער.

און די אידייע פון אחריות איז די אידייע פון פרייהייט. די אידייע פון אחריות פאַרטראָגט נישט קיין שקלאַפעריי — נישט קיין שקלאַפעריי פון יחידים און נישט קיין שקלאַפעריי פון פעלקער. די אידייע פון אייביקייט דאַרף אונדז געבן מאָראַלישן כוח, כדי צו קענען ביישטייען די רשעות פון אונדזערע אונטערדריקער און שונאים, וועלכע זענען אויך די אונטערדריקער און שונאים פון דער גאַנצער מענטשהייט. אָט מיט דעם דאָזיקן אַלמענטשלעכן געדאַנק לאָמיר פייערן אונדזער יום-טוב פון אייביקייט.

(1937)

# הנני העני ממעש

איך בין דער אָרימער אין מעשים. א זינדיקער, אַן אומווירדיקער און אומ־פעאיקער קום איך בעטן צו דיר פאַרן פאָלק ישראל —

די דאָזיקע הקדמה צו די מוסף׳דיקע תפילות פון ראש השנה וואָלטן זיך באַדאַרפט נעמען צום האַרצן אונדזערע פּאָליטיקער, פּאַרטיי־פירער, עסקנים, פאַרזאָרגער, פּובליציסטן און שרייבער.

וויפל ליידט נישט דאָס יידישע פאָלק פון דער איינרעדעניש, פון דער גרויסהאַלטעריי און פון דער עקשנות פון אונדזערע פאַרשידענע „געבוירענע" און אַרויפגעקלעטערטע פירער, שתדלנים, פּאָליטיקער, מנהיגים, עסקנים און סתם פאַרזאָרגער?

אומעטום, אין אַלע לענדער, ליידן מיר פון דער דאָזיקער מכה. אומעטום רייסן זיך ביי אונדז אַרום די מענטשן, וועלכע רעדן זיך איין, אַז זיי זענען דערצו געבוירן געוואָרן צו זיין פירער פונעם פאָלק, זיי זענען די געבוירענע שליחי־ציבור, זיי זענען דערצו פּשוט באַשטימט געוואָרן פון דער השגחה און קיינער האָט נישט די באַשיידנקייט מסופק צו זיין אַמאָל אין זיינע גייסטיקע כוחות, אין זיין מאָראַלישן ווערט און אין זיין פּערזענלעכער חשיבות. אַלע רייסן זיי זיך אַרום און אַלע וואָלטן וועלן זיין פירער, פאַרזאָרגער פונעם פאָלק ישראל.

זייער קליין איז ביי אונדז די צאָל פון מענטשן מיט אחריות. קודם־כל טראַכט מען וועגן דעם אייגענעם „איך". און דערנאָך ווידער וועגן איך. און אין דער דריטער שורה אַלץ ווידער נאָר וועגן דעם איך. און צוליב די איך־אינטערעסן איז מען מקריב נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. צוליב דעם אייגענעם „איך" איז מען גרייט אויפצורודערן דאָס גאַנצע פאָלק, די געזעלשאַפט אָדער אפילו נאָר אַ געוויסע אינסטיטוציע, אַ גרופּע, ווו אַזעלכע מענטשן מיט איך־אינטערעסן קומט אוים צו ווירקן.

אומעטום, סיי ביי די גרויסע, סיי ביי די קלענערע אינטערעסן זענען עס די מענטשן, וועלכע עס פעלט דער חוש פאַר אחריות און וועלכע זענען תמיד גרייט אַלץ צו צעשטערן, אַבי צו באַפרידיקן זייער נאַרישן, זינדיקן „איך"־קולט. אין עצם פון כאַראַקטער איז נישטאָ קיין גרויסער חילוק צווישן די „גרויסע" מזי־קים, די וואָס פאַרנעמען זיך צו צעשטערן גרויסע אַלוועלטלעכע יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס, כדי צו באַפרידיקן זייערע נאַרישע עגאָאיסטישע אַמביציעס, און די

וועלכע טוען די זעלביקע אַרבעט אויפֿן געביט פֿון דער לאָקאַלער יידישער פּאָ־ליטיק, אויפֿן געביט פֿון דער קהילה אָדער אַפילו פֿון אַ וועלכער נישט איז באַ־זונדערער גרופּע. אומעטום זענען עס די זעלבע קליינע מענטשעלעך (און די, וואָס מאַכן אַ גרימאַסע פֿון גרויסקייט, זענען נאָך קלענערע מענטשעלעך) וועלכע זענען שטאַרק פֿאַרנומען פֿונעם גלויבן אין זייער אייגענעם איך. די דאָזיקע עבודה זרה צום אייגענעם איך, דער דאָזיקער אומגליקלעכער קולט צו דער אייגענער נישטיקער פּערזענלעכקייט, ברענגט אונדז נאָך מער אומגליקן און צרות און שוואַכט אונדז נאָך מער אָפּ, ווי אַלע פֿיינטלעכע אַקציעס און אַלע גזירות פֿון אונדזערע שונאים.

אויף דעם דאָזיקן געביט זענען מיר יידן פֿון היינטיקן דור אפשר דאָס זינדיקסטע פֿאָלק אויף דער גאַנצער וועלט. קליין איז ביי אונדז די צאָל פֿון מענטשן מיט אַ שטאַרקן אחריות־געפֿיל. און גרויס איז דער עגאָאיזם, דער ווילן צו דינען די אייגענע אינטערעסן, מקריב צו זיין דעם כלל־אינטערעס פֿאַר די פּערזענלעכע אינטערעסן; גרויס איז ביי אונדז די פּוסטקייט, דאָרט ווו ס'איז נישטאָ קיין פּערזענלעכער מאַטעריעלער אינטערעס, סתם אַזוי צו וועלן „זיך־אַרויסווייזן" פֿאַר לייטן. און צו דער דאָזיקער פּוסטקייט קומט־צו די עקשנות, וועלכע בילדן צוזאַמען איין גרויסע נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפֿטלעכע מכה.

און דערפֿאַר וואָלט מען באַדאַרפֿט אָנשטאָט דער „תּפֿלה לש"ץ", דעם הנני העני ממעש, וועלכע עס זאָגט שוין היינט קיינער נישט אין אונדזער עפֿנטלעכן לעבן, וואָלט מען באַדאַרפֿט אָנשרייבן אַ נייע תּפֿלה פֿאַר „קהל", אַ תּפֿילה, וועלכע קהל זאָל זאָגן: באַהיט אונדז, רבונו של עולם פֿאַר די פֿאַלשע שליחי־ציבור, פֿאַר די, וואָס זענען אָרים אין מעשים און וואָס האָבן נאָר תּמיד זיך אין זינען, די וואָס האַלטן נאָר זיך פֿאַר די קלוגסטע, די בעסטע און די ווירדיקסטע, בעת זיי זענען נאַריש, אומווירדיק און שלעכט, און זיי האָבן נאָר אין זינען זייער אייגענע נאַרישקייט, און זייער אייגענע עקשנות — באַהיט אונדז פֿאַר זיי, גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק און פֿון יעקב. אמן.

(1938)

# די קללה פון שנאת אחים

צו מיר זענען פרום, צו נישט, צו מיר גייען דאַווענען, צו נישט, סיי ווי זענען מיר אין די דאָזיקע טעג געשטימט אויף חשבון הנפש.

אין אמתן זענען אין די טעג פון ראש־השנה און יום כיפור אַלע יידן אין שול. אַלע יידן דאַווענען, יעדער לויט זיין נוסח — עס רעדט זיך וועגן די, וועלכע האָבן אַ פּערזענלעכן נוסח.

דער עיקר איז, אַז אַלע זענען אין שול. מיט זייער גייסט, מיט זייער נשמה, מיט דער נשמה יתירה זענען אַלע יידן אין שול. אַלע האָבן מיר דאָך דעם זעלבן אינטערעס און דעם זעלבן הייסן ווונטש, אַז עס זאָל פאַרשווינדן די הערשאַפט פון פאַלשקייט, די ממשלת זדון פון דער ערד, און אַז די גאַנצע רשעות זאָל זיך אויסלאָזן ווי אַ רויך אין דער לופטן.

דער נוסח פונעם דאַווענען האָט דאָ שוין נישט קיין גרויסן באַדייט. דער עיקר איז די עטישע איינשטעלונג צו גאָט און וועלט. דער עיקר איז אונדזער אַלעמענס בענקשאַפט נאָך אַ וועלט פון שלום און פון יושר און אמת און גע־רעכטיקייט. דער עיקר איז אַז עס זאָל אויפהערן די הערשאַפט פון שנאה און פון פעלקער־צעטיילונג און אַז אַלע זאָלן מאַכן איין בונד — „ויעשו כולם אגודה אחת" ווי עס זאָגט זיך אין אונדזער אַלטער תפילה, אָדער עס זאָל זיין „איין וועלט" — ווי עס האָט דאָס אויסגעדריקט דער נ. אַמעריקאַנער שטאַטס־מאַן.

די קללה פון דער וועלט איז די צעשפּאַלטונג, די צעטיילונג אויף צע־קריגטע און צעברוגזטע פעלקער און אויף פעלקער־בלאָקן, וועלכע אינטריגירן און טראַכטן אוים רכילות איינע קעגן די אַנדערע. די קללה פון דער וועלט — דאָס זענען די שקרים וועלכע איין צד טראַכט אויס קעגן דעם אַנדערן און וועלכע פאַרשטעלן האַרטנעקיק דעם וועג פאַרן אמת.

דאָס איז די קללה פון דער וועלט, און ווייל אויך מיר לעבן אין דער דאָ־זיקער וועלט פון צעריסנקייט, פון רשעותדיקן עגאָאיזם, פון רעכט־האָבעריי, ווו יעדער איינער מיינט אַז ביי אים איז דאָס רעכט, **און אַז מען דאַרף זיך** נישט צוהערן צו דעם וואָס דער אַנדערער זאָגט, — **ווייל מיר לעבן אין דער** דאָזיקער וועלט פון קללה, האָט זיך אויך אין אונדזער **מחנה פאַרשפּרייט** די

דאָזיקע קללה — די קללה פון שנאת אחים, וואָס איז די ערגסטע און מוראדיקסטע פון אַלע קללות.

זאָל זיך ענדיקן דאָס יאָר מיט זיינע קללות — דאָס איז דער טראַדיציאָנעלער ראש־השנה־ווונטש — און זאָל זיך אָנהויבן דאָס נייע יאָר מיט זיינע ברכות. אינעם יאָר, וועלכעס מיר פאַרענדיקן היינט, האָבן זיך פאַר אונדזער פאָלק נאָך אַלע געצווייגן די קללות פון די פריערדיקע יאָרן, די קללה פון נעוגד'קייט פון הונדערטער טויזנטער יידן אין די לאַגערן, די קללה פון אומזיכערקייט פון גרויסע עדות יידן וועלכע פילן זיך נישט זיכער אין די לענדער פון אייראָפּע, ווו דער היטלעריזם האָט פאַרשטאַרקט דעם סם פון שנאה צום יידן; אַ גרויסע קללה איז אויך דאָס פאַרשליסן די טויערן פון ארץ־ישראל דורך אַ פרעמדער מאַכט וועלכע איז געוואָרן אַ פיינטלעכע מאַכט צו יידן. אָבער די גרעסטע פון אַלע קללות, וועלכע האָט זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט אינעם איצט פאַרענדיקטן יאָר תש״ז איז געווען די קללה פון שנאת אחים און מלחמת אחים. און אַקעגן דער דאָזיקער קללה דאַרפן מיר ווינטשן און בעטן מיטן גאַנצן הארצן: זאָל זיך ענדיקן דאָס יאָר מיט זיינע קללות און זאָל זיך אָנהויבן דאָס נייע יאָר מיט זיינע ברכות און קודם כל מיט דער ברכה פון ברודער־פאַרשטענדיקונג, מיט דער ברכה פון ברידערלעכער באַציאונג פון יידן צו יידן.

ס'איז נישט נויטיק אַז אַלע יידן, אַז דאָס גאַנצע פאָלק ישראל זאָל האָבן איין מיינונג אין אַלע פראַגן פון נאַציאָנאַלער גאולה, אין אַלע פראַגן פון נאַציאָנאַלן אויפבוי און פון נאַציאָנאַלן קיום. דאָס יידישע פאָלק איז נישט קיין סטאַדע שעפּסן וועלכע ווערן געטריבן פון אַ דיקטאַטאָרישן פאַסטוך. אדרבא, זאָלן יידן זיך אַריינטראַכטן אין דער לאַגע פון זייער פאָלק, זאָלן יידן טראַכטן וועגן מיטלען און וועגן פון גאולה, יועגן מעטאָדן פון נאַציאָנאַלן אויפבוי, און וועגן פאַרזיכערן דעם נאַציאָנאַלן קיום. אָבער מיינונגען און געדאַנקען זענען נישט דערצו, אַז איטלעכע פּאַרטיי, איטלעכע גרופּקעלע זאָל זיך מעגן טון וואָס זי האַלט פאַר גוט, נישט קימערנדיק זיך וועגן די געדאַנקען און מיינונגען און אינטערעסן פונעם כלל. די ברכה פון מענטשלעכן געדאַנק איז, ווען פון די פאַרשידענע געדאַנקען פון יחידים און גרופּן קריסטאַליזירט זיך אויס דער כלל געדאַנק, דער נאַציאָנאַלער געדאַנק וועלכער דאַרף אָנפירן מיטן נאַציאָנאַלן ווילן מיט דער נאַציאָנאַלער טאַט. דאָרט אָבער ווו יחידים און גרופּן ווילן מיט געוואַלד דורכפירן זייער געדאַנק, זיך באַציענדיק מיט ביטול צו דעת הקהל — דאָרט הויבט זיך אָן די קללה פון הפקרות, די קללה פון מרידה, און די ערגסטע פון אַלע קללות — די קללה פון שנאת אחים.

ס'איז איבעריק דאָ צו דערמאָנען די פאַרשידענע דערשיינונגען און פּרטים פון שנאת אחים וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין אונדזער פאָלק באַזונדערס אין דעם לאַנד, ווו עס איז קאָנצענטרירט אונדזער גאַנצער נאַציאָנאַלער ווילן

— אין ארץ־ישראל. אין דעם לאנד פון אונדזער נאציאנאלער צוקונפט, דער־גרייכט די ברודער־שנאה שוין אזוי ווייט, אז געוויסע יידישע גרופעס האסן די אנדערע יידישע פארטייען מער ווי דעם פרעמדן שונא. און די שנאה שפרייט זיך אוים פון טאג צו טאג — זי גרייכט שוין ביז צו די סאמע שפיצן.

מיר יידן, וואס מיר זענען אזוי סענסיטיוו צו דער קלענסטער פארלוימ־דונג, צום קלענסטן שקרל וואס ווערט פארשפרייט קעגן אונדז פון אונדזערע דרויסנדיקע שונאים, — מיר זענען אליין די גרעסטע שונאים און רכילות־פארשפרייטער קעגן אנאנדער. איצט, למשל, איז שטארק אין מאדע צו פאר־שפרייטן רכילות קעגן דער יידישער ארבעטערשאפט אין ארץ־ישראל, קעגן דער הסתדרות קעגן דער יידישער אגענץ, און קעגן דער הגנה און ווידער קעגן דער ארבעטערשאפט, וועלכע מען מאכט פאראנטווארטלעך פאר אלע כלומר־שטע עבירות פון דער אגענץ און פון דער הגנה. די ארבעטערשאפט אין א״י באגייט א גרויסע זינד: זי בויט דאס לאנד — אונטער אלע באדינגונגען. און זיי, די ארבעטער, האבן די העזה, צו וועלן עסן צו דער זעט, צו לעבן ווי ציוויל־ליזירטע מענטשן און צו קענען דערציען זייערע קינדער צו געבילדעטע זין פון זייער פאלק און זייער לאנד און אז די פאליטיק פון אונדזער פאלק און פונעם ישוב זאל זיין געטראגן פון דער אידייע פון נאציאנאלן אחריות און נישט לויט דעם ווילן פון קליינע נישט דיסציפלינירטע גרופעס. יעדער ווייסט, אז די אר־בעטער אין ארץ־ישראל „עסן זיך נישט איבער״, די ארבעטער פירן א געגוג שווערן לעבן, אבער דאס פארקלענערט נישט זייער ליבע צום לאנד און צום פאלק — ווארים דאס פאלק דאס זענען דאך זיי אליין. אדאנק די ארבעטער האבן מיר היינט אין ארץ־ישראל א ישוב פון קרוב צו 700 טויזנט נפשות.

ס׳איז א פארשטענדלעכע זאך, אז די ארבעטער זעען זיך אן אינעם ישוב און אויך אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. אין א דעמאקראטישער געזעל־שאפט קאן דאס גאר אנדערש נישט זיין. אבער געוויסע קרייזן זענען אזוי פאר־בלענדט פון א געוויסן סארט „נאציאנאליזם״, אז זיי האלטן די שנאה צו דער ארבעטערשאפט ממש פאר א פאטריאטישע פליכט.

פון דער שנאה צו דער ארגאניזירטער ארבעטערשאפט אינעם ישוב נע־מען זיך פארשידענע ארויסטרעטונגען פון קרייזן וועלכע האלטן זיך פאר פאט־ריאטישע און וועלכע זענען א שטארקע סכנה פאר דער קומענדיקער יידישער מלוכה. ווארים אויב געוויסע גרופעס וועלן זיך נישט וועלן אונטערווארפן דער נאציאנאלער אויטאריטעט פון דעם ישוב אדער פון דער קומענדיקער מלוכה, וועט אונדזער נייע יידישע מלוכהשאפט באדראט ווערן פון אינערע קאמפן, וועלכע קענען האבן א ביז גאר טראגישע ווירקונג פאר די יידן אומעטום אין דער וועלט.

און דעריבער איז אונדזער געדאנק אין די דאזיקע טעג פון חשבון הנפש באהערשט פון דעם הייסן ווונטש: זאל נעמען א סוף צו דער קללה פון שנאת

אחים און פון מלחמת אחים! זאָל זיך אָנהויבן די ברכה פון גערעכטער פאַר־שטענדיקונג. זאָלן יידן זיך נישט פירן ווי די שונאים, וועלכע ווילן אפילו נישט אויסהערן איינער דעם אַנדערן. לאָמיר קודם אויסהערן די טענות איינער פו־נעם אַנדערן און לאָמיר מסכים זיין מיט דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ, אַז די מיינונג און דער ווילן פון דער מערהייט איז דאָס אויבערשטע געזעץ אין יעדן פאָלק וועלכעס וויל זיך פירן לויט די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטיע און גערעכ־טיקייט. הלוואי זאָל דער דאָזיקער פּרינציפּ זיין אונדזער גייסטיקער פירער אינעם קומענדיקן יאָר און אין אַלע ווייטערדיקע יאָרן.

# על חטא שחטאנו

איר מעגט זיין א מאמין אדער אן אומגלויביקער אדער גאר אן אטעאיסט; איר מעגט זיין פרום און גייען דאווענען, א סך דאווענען, ווייניק דאווענען, אדער גארנישט דאווענען — סיי ווי מוזט איר מודה זיין, אז דער ענין פון זיך מתוודה זיין איז א גרויסע זאך. דאס איז א ביז גאר וואזשנער מאראלישער ענין. איטלעכער מענטש באגייט עוולהס, איז עובר אויף פארשידענע געזעצן פון מאראל און רעכט, האנדלט אומגערעכט, טוט-אפ מעשים וואס א גוטער און ארנטלעכער מענטש דארף נישט טון — איז דערפאר נויטיק אז דער מענטש זאל נישט פארבלייבן אין זיין אומגערעכטיקייט, ער זאל נישט בלייבן אויף אייביק פארבונדן מיט זיינע מיאוסע מעשים, מיט זיינע זינד קעגן מענטש און כלל, נאר ער זאל זיך דערמאנען, אז ער האט געזינדיקט, אז ער האט אפגעטון מעשים נישט שיינע, און כדי צו לייטערן זיין נשמה, זאל ער זיך מתוודה זיין פאר זיך גופא און פאר זיין גאט.

ווידוי איז גאר א הויכער ענין פאר דער מאראלישער זעלבסט-ריייניקונג פונעם מענטשן. נישט אומזיסט איז דערפאר ווידוי א זייער וויכטיקע אינסטי־טוציע אין כמעט אלע רעליגיעס.

ס׳איז באוווסט די באדייטונג פון ווידוי אין דער קאטוילישער קירכע. דער מענטש וועלכער גייט זיך מתוודה זיין פאר אן אנדערן מענטשן, ווארפט־אראפ פון זיך א גרויסן חלק פון זיין גאווה און פון דער מאראלישער אומרייניקייט מיט וועלכער ער האט זיך אנגענומען אויף זיינע קרומע וועגן דורך אומעטישע מע־שים.

ביי אונדז יידן איז די מענטשלעכע פערזענלעכקייט מער סווערען. דער ייד דארף נישט גיין צו אן אנדערער פערזאן זיך מודה זיין אויף זיינע זינד, און די דאזיקע אנדערע פערזאן, א מין הייליקער פארמיטלער צווישן דעם מענטשן און גאט, זאל אים געבן מחילה און סליחה און רייניקונג. כאטש א געוויסע פארם פון דעם מין ווידוי האט געפרווווט איינפירן דער חסידיזם, דורך דעם וואס גלויביקע פלעגן קומען צום רבין זיך מתוודה זיין און בעטן אים, דעם רבין, ער זאל זיי ארויסהעלפן צוריק געפינען דעם גלייכן וועג פון פרומער יידישקייט, זיי זאלן חלילה נישט געשטראפט ווערן.

בדרך כלל, אין דער יידישער עטיק איז דער יחיד א סוווערענע פערזענ־לעכקייט. ער דארף נישט גיין זיך מתוודה זיין פאר א צווייטער פערזאן, ס'איז גענוג, ער זאל זיך מתוודה זיין פאר זיך גופא, ער זאל זיך דערמאנען אין זיינע שלעכטע און מיאוסע מעשים, און חרטה האבן און באשליסן נישט צו גיין מער אויפן וועג פון שלעכטס און פון אומגערעכטיקייט.

די שענסטע און מענטשלעכסטע פארם פון ווידוי איז אונדזער תפילה זכה, וואס מען זאגט פאר זיך אין דער שטיל פאר כל־נדרי:

„האר פון אלע וועלטן, פאטער פון רחמים און פון פארגעבונג, וואס דיין רעכטע האנט איז אויסגעשטרעקט אויפצונעמען די וואס קערן זיך אום צוריק צו דיר — דו האסט באשאפן דעם מענטשן, אים גוט צו טון. ווען עס קומט זיין סוף און דו האסט אין אים באשאפן צוויי יצרים, דעם יצר טוב און דעם יצר הרע, כדי ביי אים זאל זיין די בחירה, ער זאל קענען אויסקלייבן דאס גוטע אדער דאס שלעכטע, און כדי מען זאל אים קענען באלוינען פאר דאס גוטע, וואס ער האט אויסגעקליבן... ווי עס שטייט געשריבן: „זע, איך האב היינט פאר דיר געגעבן דאס לעבן און דאס גוטע, און דעם טויט און דאס שלעכטס, און דו קלויב אויס דאס לעבן" — און איצט, פאטער מיינער, איך האב דיך נישט געפאלגט און איך בין געגאנגען ווי עס האט מיך געפירט דער יצר הרע און אויף די וועגן פון מיין הארץ און איך האב מיך אפגעקערט פונעם גוטן און אויסגעקליבן דאס שלעכטס, און נישט גענוג וואס איך האב נישט גע־הייליקט מיינע אברים, נאר איך האב זיי מטמא געווען"...

אט אזוי איז דער ייד זיך מתוודה פאר זיך גופא, דערמאנענדיק מיט חרטה זיינע זינד קעגן זיך גופא. ווארים דער מענטש דערנידעריקט זיך גופא דורך שלעכטע און מיאוסע מעשים, דורך עבירות קעגן אנדערע מענטשן און קעגן דעם כלל.

און שוין דאס בלויזע דערמאנען זיך, אז מען איז באגאנגען א זינד, דאס בלויזע ברענגען זיך צום באוווסטזיין, אז מען האט געטון א קרומע זאך, א נישט שיינע, אן אומגערעכטע, שוין דאס אליין איז בכוח צו רייניקן דעם מענטשן פון דער טומאה פון זינד. ווארים די בלויזע אנערקענונג פאר זיך גופא, אז מען האט געהאנדלט נישט שיין, נישט עטיש, איז אן אויסדרוק פון חרטה. און חרטה איז דער וועג צו תשובה, צו בעסערונג.

מער נאך ווי די יחידים איז ביי אונדז פארעקשנט אין דער זינד דער ציבור, ציבורים פון פארטייען, ארגאניזאציעס און חברות. אויב דער יחיד ווערט אמאל אויפגעטרייסלט פון א געפיל פון חרטה איבער א באגאנגענער עוולה, איז ביים ציבור מערקט זיך דאס קיינמאל נישט. די פארהארטעוועטסטע חוטאים זענען די פארטייען. וואס פאר א זינד זיי זאלן נישט באגיין קעגן אמת, קעגן יושר, קעגן שכל־הישר, און קודם־כל קעגן דער גאנצקייט פונעם פאלק, וועלן זיי קיינמאל נישט מודה זיין, אז זיי האבן געזינדיקט אדער געשטרויכלט. וואס די פארטיי

זאָל נישט אָפּטון, האָט זי אַלץ תמיד רעכט. אַ יחיד קאָן זיך אַמאָל מודה זיין, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות, אַז ער האָט געמאַכט אַ פאַלשן שריט, אַז ער איז באַגאַנגען אַן עוולה — די פּאַרטיי וועט זיך קיינמאָל נישט מודה זיין אויף באַגאַנגענע טעותים אָדער פאַלשע שריט. די פּאַרטיי — די פּאַרטייען — מוזן שטענדיק האָבן רעכט און שטענדיק בלייבן גערעכט, אפילו ווען זייער אומרעכט און זייערע קרומע וועגן זענען בולט פאַר דער גאַנצער וועלט.

ווען עס זאָל אַמאָל קומען דערצו, אַז פּאַרטייען, דאָס הייסט פּאַרטיי־פּי־רער, זאָלן דערגרייכן די מדרגה פון פּשוטע בשר־ודמס און זיך מתוודה זיין אויף זייערע זינד באונס וברצון — וואָלט אונדזער כלל־לעבן אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן גערייניקט און דערהויבן. אָבער פּאַרטייען — דאָס הייסט די פּאַרטיי־פירער, ווילן קיינמאָל נישט אָנערקענען זייערע זינד, קיינמאָל נישט מודה זיין, אַז זיי זענען געגאַנגען אַ פאַלשן וועג — אפילו ווען דער וועג, וועלכן זיי גייען היינט, איז פונקט קאַפּויער פון דעם, וואָס זיי זענען געגאַנגען פאַריאָרן. זיי וועלן דיר תמיד באַווייזן, אַז זייער וועג איז דער איינציק ריכטיקער און אַז זיי האָבן אַלץ שוין פריער געוווסט און אַז אַלץ גוטע און נוצלעכע, וואָס פּאַסירט, איז צו פאַרדאַנקען נאָר זיי.

אַדאַנק דער דאָזיקער פּאַרעקשנטקייט אין דער זינד, אַדאַנק דער גאווה, וואָס וויל זיך נישט מודה זיין אין באַגאַנגענע טעותים און אין באַגאַנגענע עוולהס און עבירות קעגן כלל, צעשפּרייט זיך ברייט פונאַנדער אין אונדזער לעבן דער שקר, די רכילות און שנאת־חינם, וועלכע ברענגען אונדז אָפּט נאָך מער שאָדן ווי די שנאה פון די דרויסנדיקע שונאים.

ס'איז נישטאָ קיין האָפענונג, אַז עס זאָל נעמען אַזוי גיך אַ סוף צו דעם דאָזיקן מצב. כאָטש מער ווי ווען עס איז אין אונדזער געשיכטע איז איצט, ביי דער ווידעראויפגעלעבטער מלכות ישראל, נויטיק, אַז יחידים און גרופּעס און פּאַרטייען זאָלן פאַרלאָזן דעם זינדיקן וועג פון וועלן גובר זיין דעם פאָלקס־ווילן דורכן ווילן פון דער פּאַרטיי. מער ווי אין פריערדיקע צייטן איז איצט נויטיק אַ פּאַרטיי־פּאָליטישער על חטא שחטאנו קעגן די נאַציאָנאַלע אינטע־רעסן. דערווייל זענען מיר נאָך זייער ווייט פון דעם דאָזיקן וועג פון ציבורי־שער ווידוי און חרטה.

# דער אַלטער ניגון

זענען געזעסן יידן אַרום אַ טיש, יידן אין בוענאָס איירעס, און געפּראַוועט דעם סדר. און כאָטש די יידן זענען נישט קיין פרומע און זיי היטן נישט אָפּ דאָס, וואָס מען רופט „דינען גאָט", און כאָטש זיי האָבן נישט די געוווינהייט צו זאָגן תפילות, נישט אין די טעג פון חול און נישט אין די טעג פון שבת און יום־טוב, זענען זיי ביים סדר דאָך געזעסן און געזאָגט די הגדה און דערציילט די ניסים פון גאָט ברוך הוא, פּונקט אַזוי ווי עס האָבן געזאָגט און ווי עס האָבן דערציילט זייערע פאָטערס און זיידעס און עלטער-זיידעס און עלטער־עלטער-זיידעס מיט הונדערטער און הונדערטער יאָרן צוריק. זיי זענען געזעסן ביים סדר און האָבן איבערגעחזרט די דערציילונג וועגן יציאת מצרים, פּונקט אַזוי ווי עס האָבן דאָס געטאָן רבי אליעזר און רבי יהושע און רבי אליעזר בן עזריה און רבי עקיבא און רב טרפון אין בני ברק מיט 18 הונדערט יאָר צוריק און ווי עס האָבן דערציילט דאָס זעלבע וווּנדער אונדזערע אור־אור-עלטערן מיט צוויי טויזנט און מיט דריי טויזנט יאָר צוריק. און יעדער איינער פון די, וואָס זענען געזעסן אַרום דעם טיש האָבן געפילט, אַז די אַלטע מעשה וועגן יציאת מצרים איז היינט אייגנטלעך אינטערעסאַנטער, אַ סך אינטערעסאַנטער ווי זי האָט זיך אויסגעוויזן דעמאָלסט, מיט צוויי טויזנט אָדער מיט דריי טויזנט יאָר צוריק. און אויך דער נס פון יציאת מצרים איז אין משך פון די יאָרהונדערטער געוואָרן אינ־טערעסאַנטער און — אמתער. דאָס איז דאָך באמת געווען אַ גרויסער נס: צו־נויפנעמען אַ פאָלק פון שקלאַפן, אַ פאָלק פון קנעכט, אַ פאָלק, וועלכעס האָט נישט געזען איבער זיך קיין אַנדערן האַר און נישט אָנערקענט קיין אַנדערע אויטאָריטעט ווי די שומרים פונעם טיראַן, וועלכע האָבן זיי מיט דער ביימש געצווונגען צו דער שקלאַפן-אַרבעט, — צונויפנעמען אַזאַ פאָלק פון שקלאַפן און עס אַרויספירן אין דעם לאַנד פון פרייהייט, אין אַן אייגן לאַנד, און צו מאַכן די דאָזיקע שקלאַפן פאַר אַ פאָלק, וועלכעס זאָל זיך רעגירן לויט זיינע אייגענע געזעצן, לויט זיין אייגענער מאָראַל און וועלכעס זאָל אָנערקענען און זיך פריי־וויליק אונטערוואַרפן זיין אייגענער אויטאָריטעט — די אויטאָריטעט פון דעם אייגענעם געזעץ!

באמת, ערשט מיר היינט קענען אָפּשאַצן די גרויסקייט פון דעם דאָזיקן

וווּנדער. און ערשט מיר היינט, מיר, וועלכע זענען רייכער פון די מענטשן פון בני ברק מיט די דערפאַרונגען פון לאַנגע יאָרהונדערטער יידישער געשיכטע, ערשט מיר, וועלכע האָבן הינטער זיך אַזוי פיל ביטערע געשיכטלעכע דערפאַ-רונגען מיט די פעלקער, צווישן וועלכע און מיט וועלכע מיר האָבן געלעבט, אָפט־מאָל אין פריינטשאַפט, — אַ פריינטשאַפט, נאָך וועלכער עס פלעגט קומען בי-טערע שנאה און רדיפות: ערשט מיר פון היינטיקן דור, מיר, וועלכע האָבן אי-בערגעלעבט די לעצטע עלף יאָר יידישע געשיכטע און באַזונדערס די איצטיקע מלחמה-יאָרן — ערשט מיר קענען ריכטיק פאַרשטייען, אַז אפילו מיר זאָלן אַלע זיין גרויסע חכמים, אַלע פאַרשטענדיקע מענטשן, וואָס ווייסן אַלץ און וואָס פאַרשטייען אַלץ בעסער ווי די אַמאָליקע אָפּגעשטאַנענע דורות, און אפילו מיר זאָלן זיין באַהאַוונט אין אַלע וויסנשאַפטן, איז, נישקשה, מעגן מיר זיך אוועק־זעצן און דערציילן די מעשה פון יציאת מצרים, די אַלטע מעשה, ווי עס האָבן זי דערציילט יאָרהונדערטער לאַנג אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס און על־טער־עלטער־זיידעס.

און ערשט אונדזער דור קאָן ריכטיק פאַרשטייען און היסטאָריאָזאָפיש אָפּ-שאַצן דעם דאָזיקן זאַץ פון דער הגדה, אַז „נישט איינער אַליין איז אויפגעשטאַ־נען קעגן אונדז, כדי אונדז צו פאַרלענדן, נאָר אין יעדן דור שטייען זיי אויף קעגן אונדז, אונדז צו פאַרלענדן".

און אויך דעם אָפּטימיזם, וועלכער שרייט אַרויס פון יעדער שורה פון דער הגדה און דעם גלויבן אין נצח ישראל האָבן אונדזערע אבות פון מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק נישט געקענט פילן אַזוי שטאַרק ווי אונדזער דור, ווי מיר היינט. מיר קענען בעסער אָפּשאַצן דאָס גרויסע וווּנדער פון קיום פון אונדזער פאָלק ווי אונדזערע אבות מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

זיצן יידן ביים סדר און דערציילן וועגן די וווּנדער און די צייכנס און די ניסים, וואָס גאָט האָט באַוויזן זיין פאָלק. און דערציילנדיק און איבערחזרנדיק די דאָזיקע אַלטע הגדה, וויל יעדער זי דערציילן מיטן ניגון, וועלכן ער פלעגט הערן פון זיין פאָטער און זיין פאָטער האָט געהערט ביי זיין פאָטער און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער ביז אין דעם ווייטן עבר. דער ניגון איז איינגנטלעך דער זעלבער ניגון, וועלכער איז אפשר אַזוי אַלט ווי אַלט ס'איז דאָס יידישע פאָלק. אָבער איטלעכער דור האָט צוגעגעבן אַ הונדערטסטן חלק פון אַ נייעם טאָן, עפּעס אַ נייעם קנייטש, אַ נייעם בויג און אויך יעדע משפחה האָט אויסגעפו־נען עפּעס אַן אַנדערן ריטם, עפּעס אַן אַנדערן קנייטש אין דעם אַלטן ניגון.

זיצן היינט די זין, וועלכע האָבן זיך שוין לאַנג אָפּגעווווינט פון די אַלטע ניגונים, און זיי ווילן זיך דערמאָנען דעם ניגון, וואָס זיי פלעגן הערן יעדער פון זיין פאָטער, יעדער וויל דערציילן די אַלטע הגדה דווקא מיט דעם ניגון, מיט דעם קנייטש און מיט דעם בויג און דעם ריטם פון זיין פאָטער — אַנדערש פילט ער נישט קיין טעם אין דער גאַנצער צערעמאָניע.

און צוהערנדיק זיך צו די פארשידנארטיקע משפחה-ניגונים, וועלכע האבן אויף א פארשידענעם אופן אינטערפרעטירט דעם אלטן היסטארישן טראדיציא־נעלן ניגון, האט זיך אויף א ווײלע געשאפן די אילוזיע, אז דאס זענען נישט די זין, וועלכע זאגן זינגענדיק די אלטע הגדה, נאר דאס זענען פלוצים אראפגע־קומען די פאטערס פון יענער וועלט און ווי אין א פילם-בילד האבן זיך די גע־שטאלטן איבערגעביטן, און, אנשטאט די זין אין זייער מאדערנעם לבוש, האט מען געזען די פאטערס אין די קיטלען מיט זילבערנע עטרות, מיט די זילבער־געזוימטע יארמולקעס אויף זייערע קעפ און מען האט געזען בחוש, ווי די נשמות פון די טאטעס האבן אויסגעדריקט צופרידנקייט און פרייד, דערפאר וואס זייע־רע זין האבן זיי אויפגעלעבט דורך זייערע ניגונים.

אבער צי זענען מיר נישט דער לעצטער דור, וועלכער דערמאנט זיך נאך אין דעם אלטן ניגון? א וואסערע נגונים לאזן מיר איבער אונדזערע קינדער אלס גייסטיקע ירושה?

— 1 —

# צו דער געשיכטע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַרגענטינע

דער באַקאַנטער כלל־טוער ה׳ דוד גרויסמאַן האָט מיר איבערגעגעבן אַ פּעקל אַלטע פּאַפּירן, אויפרופן, צייטונגס־אויסשניטן, בראָשורן, פּלאַקאַטן, זאַמל־ליסטעס און קבלות, „לעבעדיקע" עדות פון די אָנפאַנגען פון אונדזער אַר־גענטינער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. די מערסטע פון די פּאַפּירן זענען שוין אַביסל צעפּוילט, אַ טייל טעקסטן האַלב צושטערט. אָבער אפילו אַזוי ווי זיי זע־נען, דערמאָנען זיי אונדז אין אַן אָנהויב פון אַ תקופה אין אונדזער היגן לעבן און זיי אילוסטרירן אונדז ווי אַזוי אַרגענטינער יידן האָבן געבויט זייער געזעלשאַפט און ווער עס זענען געווען די בויער.

בלעטערנדיק אין די דאָזיקע אַלטע פּאַפּירן, זעען מיר, אַז לעבן דעם אינטע־רעס פאַר דער שאַפונג און דעם אויפבוי פון די אייגענע אינסטיטוציעס פונעם היגן ישוב איז דאָ תמיד געווען לעבעדיק דאָס ברידערלעכע געפיל פאַר די יידן פון מזרח-אייראָפּע און פאַר ארץ-ישראל.

מיר האָבן אויבן גערעדט וועגן די „אָנפאַנגען" פון אונדזער געזעלשאַפט־לעכקייט. דאָס איז אפשר נישט אינגאַנצן ריכטיק. די „אָנפאַנגען" האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן באַזעצן זיך פון דער ערשטער גרעסערער גרופּע יידן אין בוע־נאָס איירעס. די חברה קדישא למשל האָט זיך געגרינדעט אין 1894 און דעמאָלט זענען שוין געווען עטלעכע יידישע פאַראיינען אָדער חברות אין שטאָט. אָבער ווען מען רעדט וועגן די אָנפאַנגען פון אַ יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, דאַרף מאַן, וו. הערשקאָוויטש, נאָום וואָליך און יוסף ליטוואַק, מאַרקאָס בראָנ־נאָך די אימיגראַציע־שטראָמען פון 1905־1910.

די ערשטע דאָקומענטן אין דעם פּעקל זענען צוויי סטאַטוטן פון צוויי קרע־דיט־אנשטאַלטן. איינער פון די אנשטאַלטן האָט געהייסן „טעסאָראָ איסראַעלי־טאַ אַרכענטינאָ" און דער צווייטער „סאָסיעדאַד קאָאָפּעראַטיוואַ איסראַעליטאַ דע קרעדיטאָ". די סטאַטוטן פונעם „טעסאָראָ" זענען געשריבן אויף שרייב־מאַשין און די פונעם צווייטן קרעדיט־אנשטאַלט זענען געדרוקט אין אַ בראָשור

ראַטיווע. דער דירעקטאָריום איז באַשטאַנען פון כאַקאַבאַ וואַים, כאַסע מעש, הערמאַן קיבריק, אַדאָלפאָ בערעזין, דוד גרויסמאַן און די וואָקאַלן: ס. זילבער־מאַן, וו. הערשקאָוויטש, נאַום וואָליך און יוסף ליטוואַק, און מאַרקאָס בראַנ־שטיין אַלס סינדיקאָ און רפאל קאַרמאַן אַלס סינדיקאָ סופּלענטע.

אַז די צוויי קרעדיט־אַנשטאַלטן האָבן פאַקטיש עקזיסטירט, האָבן מיר באַ־וויזן אין די קבלות, וועלכע מיר געפינען אינעם פּעקל. די קבלה אויף צען פּעזעס פון „סאָסיעדאַד איסראַעליטאַ דע קרעדיטאָ" איז פון 11־טן אָק־טאָבער 1910 און האָט דעם נומער 267 און די קבלה פונעם „טעסאָראָ איסראַעליטאַ ארכענטינאָ" האָט דעם נומער 631, און איז דאַטירט דעם 28-טן סעפּטעמבער 1911. אויףביידע קבלות איז אונטערגעשריבן אַלס פּרעזידענט כאַקאַבאַ וואַים.

דאָ ווילן מיר נאָך דערמאָנען אַ דריטע קבלה אויף 5 פּעזעס פון „די יידישע בעקער־אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווע". די קבלה איז פון 4-טן דעצעמבער 1912. אַלס פּרעזידענט פון דער קאָאָפּעראַטיווע איז אונטערגעשריבן פּ. וואַלד, קאַסיר י. נוגער. די קבלה האָט דעם נומער 916. אויף דער קבלה געפינט זיך נאָך אַן אויפשריפט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע איז אַ פאַרברויך־ און פּראָדוציר־קאָאָפּעראַ־טיווע. ווו איז זי אַהינגעקומען? פאַרוואָס האָט זי זיך נישט געקענט האַלטן?

צווישן די פּאַפּירן געפינען מיר אַ גרעסערן אויפרוף פונעם „יידישן קאָמי־טעט פאַר דער פאָלקס־ציילונג אין אַרגענטינע פון יאָר 1914". דער אויפרוף איז דאַטירט מאַי 1914 און עס ווערט אין אים קודם דערקלערט די גרויסע באַ־דייטונג פון אַ פאָלקס־ציילונג. דערנאָך קומט דער אויפרוף צום יידישן פּונקט: „באַזונדערס דאַרף מיט גרויס אינטערעס באַגעגנט ווערן די פאָלקס־ציילונג ביים יידישן פאָלק. ווייל אויסער די אַלגעמיינע מאָטיוון זענען נאָך פאַר די יידן פאַ־ראַן באַזונדערע, זייער־ערנסטע יידישע מאָטיוון".

אינעם אויפרוף ווערט דאַן דערקלערט, אַז „ביז איצט האָט מען איגנאָ־רירט אונדזער עקזיסטענץ". מען האָט נאָר דערמאָנט אונדזער פאָלק, ווען מען האָט גערעדט וועגן פּראָסטיטוציע, פרויען־הענדלער און אַלערליי שווינדלער". „מיט פיל איבערטרייבונג האָט מען די דאָזיקע עלעמענטן געמאַכט פאַרן שפּיגל פון אונדזער פאָלק". דער שרייבער פונעם אויפרוף זאָגט, אַז די יידן אַליין זע־נען אין דעם שולדיק, ווייל „זיי פלעגן נאָר אַרויסציען אַ פרעמדע מאַסקע אויף זייער יידישן פּנים: מען פלעגט זיך אָנגעבן אַלס „אַלעמאַן", אַלס „אוסטריאַקאָ", אַלס „רוסאָ". דעם אמת פלעגט מען פאַרשטעלן. דערפאַר פאָדערט דער אויפ־רוף, אַז יידן זאָלן ביי דער פאָלקס־ציילונג זיך געבן צו דערקענען אַלס יידן. און כאָטש ביים צענז האָט נישט פיגורירט די פראַגע פון נאַציאָן און אומגאַנגס־שפּראַך, ראָט דאָך דער אויפרוף, „ביי די פראַגן פון קינדער־שולן, פאַראיינען פון סעגנזייטיקער הילף, קאָאָפּעראַטיוועס, אָנפאַנגס־שולן, ביבליאָטעקן און פרעסע קענען מיר יאָ אָנגעבן די עקזיסטענץ פון יידיש". אויסער דעם זאָל מען

ביי דער פראגע, אין וועלכן לאנד געבוירן? — צושטעלן די באמערקונג „איס־ראעליטא". צום סוף פאדערט-אויף דער „יידישער קאמיטעט פאר דער פאלקס-ציילונג", אז די יידן זאלן אונטערשרייבן די פראגע־בויגנס אויף יידיש, „כדי כאטש דערמיט צו ווייזן די עקזיסטענץ פון אונדזער שפראך".

דער אויפרוף ענדיקט זיך מיט דעם רוף: „יידן פארלייקנט זיך נישט! רעספעקטירט זיך זעלבסט און איר וועט רעספעקטירט ווערן!"

ווער עס זענען געווען די מענטשן פונעם „יידישן קאמיטעט פאר דער פאלקס-ציילונג" זאגט זיך נישט אינעם אויפרוף, וועלכער איז אדרעסירט — „צום יידישן פאלק".

נאך דעם דאזיקן אויפרוף וועגן אן ארגענטינער יידישן ענין קומט א הילפס-אויפרוף פאר די יידישע מלחמה־קרבנות. דער אויפרוף ווייזט אויס צו זיין פון די ערשטע מלחמה־חדשים פון סוף 1914 אדער פון אנפאנג 1915. דער אויפרוף, געשריבן אין שפאניש און יידיש, שילדערט:

„די קאלאסאלע און אומדערהערטע שרפה, וועלכע האט ארומגענומען די גרעסטע נאציאנען און לענדער פון אייראפע, צעפלאקערט זיך אלס מער און ווייטער".

ווייטער זאגט זיך דארט, אז די „טרויעריקע און שרעקלעכע ידיעות... קענען נישט דערציילן אפילו א הונדערט־חלק פון דעם, וואס עס קומט פאר אין דער ווירקלעכקייט. עס איז דערום גאנץ איבעריק צו מאלן א בילד מיט געדיכטע פארבן, ווען די ווירקלעכקייט איז פיל שווארצער ווי אלץ, וואס די פעדער קען אויסמאלן".

אט אזוי האט מען אין ארגענטינע געשריבן וועגן דער „ווירקלעכקייט" פון 1914-15, וועלכע איז דאך געווען א גן־עדן אנטקעגן דער היינטיקער היטלער־ריסטישער „ווירקלעכקייט" אין פוילן און אין די אנדערע לענדער פונעם נאציזם.

אינעם אויפרוף ווערט ווייטער אנגעוויזן, אז חוץ די אלגעמיינע מלחמה־ליידן האבן די יידן „אויסצושטיין באזונדערע רדיפות און הריגות פון די נידעריקע אינסטינקטן, וועלכע האבן זיך צעשפילט אין אונדזערע שטענדיקע שונאים מער ווי תמיד"...

און:

„לויט די ידיעות, וואס קומען אן, האבן זיך געבילדעט אין אלע לענדער קאמיטעטן פון אנגעזעענסטע נאבעלע מענטשן צו זאמלען געלט לטובת די פאר־אומגליקטע. קענען מיר, די יידן פון ארגענטינע, בלייבן שטיין פון ווייטן? ניין! מיר קענען און טארן נישט בלייבן גלייכגילטיק אין אזא עת צרה!"

אונטער דער אנפירערשאפט פון דער „פעדעראסיאן איזראעליטא ארכענ־טינא" האט זיך דאן געגרינדעט א הילפס־קאמיטעט, וועלכער איז באשטאנען פון פאלגענדע פערזאנען:

גענעראל־קאסירער: יעקב יוסעלעוויץ; סעקרעטארן: שלמה ליבעשוץ און

מאנועל בראָנשטיין. וואָקאַלן: ד"ר ש. חלפן, דוד װענעציאַני, סימאָן אָסטוואַלד, ד"ר ניסענזאָן, ד"ר זשאַבאָטינסקי, נחום ענקין, אליהו ברכות, ה. גאָלדענבערג, סאַמועל לעווין, יעקב זאַסלאַװסקי, צוקערבערג, יצחק פּרעסער, אַלכּסנדר גער־שטיין, מרדכי ראָזאָװסקי, מאַרקאָס בראָנשטיין, איסידאָרא גראָדזינסקי, אַלכּסנדר יאַקובאָף, אַדאָלף לײבאָװיץ, סימאָן יוסעלעװיץ און משה זשיװאָװ.

אין אַ צווייטן אויפרוף אויף שפּאַניש, פון דעצעמבער 1915, ווערט אָפּ־געגעבן דין וחשבון, אַז דער הילפס־קאָמיטעט האָט צונויפגעזאַמלט די סומע פון 47.000 פּעזעס, פון וועלכע מען האָט איבערגעשיקט צום רעליעף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק די סומע פון 44.000 פּעזעס ווי מען זעט, זענען די קאָמיטעטן אין יענע יאָרן אומגעגאַנגען זייער שפּאָרזאַם מיט דעם עפנטלעכן גראָשן. אין דעם אויפרוף ווערן גערופן צו אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג אויף דעם 14־טן דעצעמ־בער אין סאַלאָן סאַן מאַרטין אויף ראָדריגעז פּעניאַ, די רעפּרעזענטאַנטן פון אַלע סוב־קאָמיטעטן, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט פאַר די מלחמה־קרבנות ווי אויך די רעפּרעזענטאַנטן פון די יידישע פאַראיינען אין בוענאָס איירעס און „איטלעכע פּערזאָן פון נאָבעלע געפילן, וועלכע ווילן מיטהעלפן אין אַ וועלכער ס'איז פאָרעם צו דעם הומאַניטאַרן ווערק". די גענעראַל־פאַרזאַמלונג האָט גע־האַט די אויפגאַבע אויסצוקלייבן נייע מיטגלידער פאַרן הילפס־קאָמיטעט, כדי ווייטער אָנצופירן די זאַמל־אַרבעט.

ווייזט אויס, אַז אויף דער דאָזיקער גענעראַל־פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָר־געקומען — מיר דערמאָנען נאָך אַמאָל דעם דאַטום — דעם 14־טן דעצעמבער 1915, איז באַשלאָסן געוואָרן איינצואָרדענען אַן אַרגענטינער יידישן קאָנגרעס. אָדער שטאַמט דער דאָזיקער באַשלוס נאָך פון פריער? יעדנפאַלס איז דער ערשטער יידישער קאָנגרעס אין אַרגענטינע פאָרגעקומען אין די טעג פון 26־ביזן 29־טן פעברואַר 1916.

## דער ערשטער אַרגענטינער יידישער קאָנגרעס

וועגן דעם קאָנגרעס האָבן מיר אינעם פּעקל פּאַפּירן געפונען עטלעכע אינ־טערעסאַנטע דאָקומענטן. דאָ איז קודם כל אַ קליינע פלוג־שריפט אין שפּאַניש פון 7 זייטלעך דרוק אַרויסגעגעבן פון „קאָמיטע פּראָ קאָנגרעסאָ איזראַעליטאַ ען אַרגענטינאַ". פאַרן קאָמיטעט שרייבט־אונטער ס. סווערדליק אַלס סעקרע־טאַר און ס. ליבעשוץ אַלס פּרעזידענט. אין דעם קאָנגרעס־קאָמיטעט זענען גע־ווען פאַרטראָטן די פאָלגענדע פאַראיינען און אינסטיטוציעס:

ציוניסטישע פעדעראַציע, די יידישע קאָנגרעגאַציע, עזרה, חברה קדישא ביקור חולים, תלמוד תורה עברי דר ד"ר הערצל, לינת הצדק, דורשי ציון, עסט־רייך־אונגאַרישער יידישער פאַראיין, אַסאָסיאַסיאָן כוועגטוד איזראַעליטאַ אַרכענטינאַ, תלמוד תורה מאַקס נאָרדוי, תפארת ציון, רוסישער פילאָ־דראַ־

מאַטישער פאַראיין, יידישע יוגנט פון באָקאַ באַראַקעס, כנסת ישראל דוד וואָלפסאָן, יידישע אַרבעטער יוגנט, קולטור-פאַראיין י. ל. פּרץ, יידישער אַר־בעטער ווילטעטיקייטס פאַראיין, אוניאָן איסראַעליטאַ באָקאַ באַראַקאַס, ביב-ליאָטעקאַ רוסאַ, ביבליאָטעק ד"ר הערצל פלאָרעס, תלמוד תורה פלאָרעס, פאַר־איין פון שניידער באַלעבאַטים, פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און סטודענטן („סאָסיעדאַד ליטעראַריאַ אי עסטודיאַנטיל איסראַעליטאַ"). ווי מען זעט פון דער דאָזיקער רשימה איז די גאַנצע אָרגענטינער אָרגאַניזירטע יידישע געזעל־שאַפטלעכקייט פון יענער צייט געווען פאַרטראָטן אינעם קאָנגרעס-קאָמיטעט.

דער טאָג-אָרדענונג פונעם קאָנגרעס איז געווען פאָלגענדער:

שבת אָוונט דעם 16־טן פעברואר און זונטיק פרי, פאַר־קאָנפערענצן; זונ-טיק דעם 27־טן „9 אוהר אָבענד", ערעפענונגס-זיצונג: 1) ערעפענונגס-רעדע אין שפּאַניש — ש. ליבעשוץ; 2) דער קאָנגרעס און זיינע אויפגאַבן — רעפע־ראַט פון ה' נ. געזאַנג; 3) באַגריסונגס-רעדעס. מאָנטיק דעם 28־טן, 9 אזייגער אינדערפרי, ערשטע זיצונג: „וואַלן פון פּרעזידיום, באַריכט פון די קאָמי־סיאָנען, דיסקוסיאָן פון דער פּלאַטפאָרם". נאָכמיטיק דעם זעלבן טאָג: „פאָרט-זעצונג פון דער דיסקוסיאָן, באַשלוסן". דינסטיק דעם 29־טן, 9 אזייגער אינ־דערפרי, דריטע זיצונג: „אָרגאַניזאַציאָן פונעם אַרגענטינישן יודענטום — רע-פעראַט פון ה' נ. קאַצאָוויטש; דיסקוסיאָן, באַשלוסן". דעם זעלבן נאָכמיטאָג פערטע זיצונג: „באַריכט פונעם הילפס-קאָמיטעט פאַר די יידישע מלחמה־ליידנדע — ה' י. רייך; דיסקוסיאָנען, באַשלוסן, פאַרשידענעס, שלוס-רעדע".

דאָס איז געווען די „טאַגעס-אָרדענונג" פונעם ערשטן יידישן קאָנגרעס אין אַרגענטינע, אָנהויב 1916, אַלזאָ נאָך פאַר דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנ־גרעס. און מיר שטרייכן דאָ אונטער איין פּונקט פון דעם טאָג-אָרדענונג: „אָר־גאַניזאַציאָן פונעם אַרגענטינישן יודענטום". און דער דאָזיקער פּונקט האָט געהאַט אַזאַ רעפערענט ווי נ. קאַצאָוויטש. אָבער היינט, נאָך 34 יאָר, שטייט דער דאָזיקער פּונקט נאָך אַלץ אויפן טאָג-אָרדענונג.

די אויבן דערמאָנטע פלוג-שריפט וועגן דעם קאָנגרעס, איז אינגאַנצן געווידמעט דער זאָרג וועגן די אייראָפּעאישע, און דער עיקר די רוסישע יידן. אין דער פלוג-שריפט ווערט גערעדט מיט פאַרביטערונג וועגן דער פייני־קונג פון די יידן דורכן צאַריזם. אין איין שטעלע פון דער פלוג-שריפט זאָגט זיך אַז דער פאַקט, וואָס די יידן אין אַרגענטינע לעבן אין פרייהייט, אונטערן שוץ פון דער אַרגענטינער פאָן, טאָר זיי נישט מאַכן פאַרגעסן די ליידן פונעם רוסישן גיהנום.

„אונדזערע מיטבירגער, די גליקלעכע זין אַ פריי לאַנד — זאָגט זיך ווייטער אין דער פלוג-שריפט — וואָלטן אויף אונדז געקוקט מיט פאַראַכטונג ווען מיר זאָלן זיך אַזוי אויפפירן. זיי קענען און ווייסן זייער גוט, אַז די ביר-

גער־פליכטן פון א פריי לאנד פאָדערן נישט צו פארגעסן די בלוט־פארוואנד־שאפט, וועלכע פארבינדט אונדז מיט אונדזערע ראסן־ברידער".

אָבער ווי אזוי האָבן די אָרגאניזאטאָרן פונעם ערשטן ארגענטינער יידישן קאָנגרעס געטראכט צו העלפן די גערודפטע יידן פון מזרח־אייראָפּע?

„מיר טאָרן נישט פארפלעקן אונדזער ווירדע דורך א פּחדניש שווייגן" — זאָגן זיי. אָבער וואָס דארפן מיר טון? ווי אזוי זאָלן מיר אויסדריקן אונדזער פארדאמונג?

„עס וואָלט זיין קינדיש צו טראכטן וועגן שרייערישע מאניפעסטאציעס און אָרגאניזירן פּראָטעסט־מיטינגען ביי די איצטיקע אומשטענדן. ווען מען הערט זיך נישט צו צו די רעקאָמענדאציעס אין נאָמען פון מענטשן־רעכט אפילו פון שטארקע און מעכטיקע פעלקער".

אָט אזוי האָבן ערנסטע יידן אין ארגענטינע שוין דאַן געטראכט וועגן פוסטע פּראָטעסט־מאניפעסטאציעס. אין דער פלוג־שריפט רעדט זיך וועגן אָר־גאניזירן די כוחות פון יידישן פאָלק, כדי ביי דער פרידנס־קאָנפערענץ צו פאָ־דערן רעכטלעכע זיכערונגען פארן יידישן פאָלק. ווי מען זעט, האָבן די אָרגא־ניזאטאָרן פונעם קאָנגרעס געהאט גאנץ פארנונפטיקע נאציאָנאַל־פּאָליטישע גע־דאנקען. אויך וויפיל די דאָזיקע געדאנקען זענען געבוירן געוואָרן אונטער דער השפעה פון די יידיש־נאציאָנאַלע לאָזונגען און פּראָגראמען אין אייראָפּע לאָזט זיך נישט אורטיילן מיט זיכערקייט. אָבער א געוויסע השפעה איז באמערקבאַר. נאָר לאָמיר זיך קודם צוהערן צום קאָנגרעס גופא.

## הילף פאַר אייראָפּע און ארץ־ישראל בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

וועגן דער הילפס־אקציע, דעם צוזאמענפאַר, וועגן אַן אקציע פאַר ארץ־ישראל, אַן אקציע פאַר די יתומים פון די אוקראַינער פּאָגראָמען און נאָך אנדערע יידיש־געזעלשאפטלעכע אונטערנעמונגען, האָבן מיר אין דעם דערמאָנטן בינטל פאפירן געפונען א טייל אינטערעסאנטע דאָקומענטן, וועלכע מיר ווילן דאָ באטראכטן.

די מער ווי פיר יאָר צייט צווישן דעם ערשטן ארגענטינער יידישן קאָנ־גרעס און דעם ערשטן הילפס־צוזאמענפאַר איז געווען א צייט פון א שטארקער געזעלשאפטלעכער אקטיוויטעט פון געזעלשאפטלעכע איניציאַטיוועס און פון א נישט־איבערגעריסענער זאמל־ארבעט פאַר די מלחמה־קרבנות אין פּוילן. אין דער דאָזיקער צייט האָבן די היגע געזעלשאפטלעכע עסקנים חוץ דער זאמ־לונג פאַר די מלחמה־קרבנות אין מזרח־אייראָפּע אויך דורכגעפירט א קאמפּיין פאַר „באלדיקער הילף פאַר די פרישע מלחמה־קרבנות" פון ארץ ישראל און צוויי גרויסע פּראָטעסט־מיטינגען, איינעם „קעגן די אומרעכטן, וואָס זענען

באגאנגען געוואָרן קעגן אונדזערע שוועסטער און ברידער אין פּאַלעסטינע" און דעם אנדערן קעגן די פּאָגראָמען אין פּוילן.

וועגן דער „באַלדיקער הילף פאַר די פרישע מלחמה-קרבנות" האָבן מיר אינעם בינטל פאַפּירן דריי אויפרופן, צוויי אין יידיש און איינעם אין שפּאַניש, אָבער קיינער פון די אויפרופן האָט נישט קיין דייטלעכן דאַטום. פון די אויפרופן זעען מיר נאָר אַז עס האָט דאַן עקזיסטירט אַ „קאָמיטעט פראָ וויקטימאַס דע פּאַלעסטינאַ". דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון: י. יוסעלעוויטש, ע. שום-טער, נ. ענקין, י. רייך, ד"ר פּידעלעף, ד"ר חלפן, מאַקס רעכט, מ. גליקסמאַן, ש. ליבעשוץ, ד"ר ניסענזאָן, מ. זשיוואָוו מ. ראָזאָווסקי, א. יאַקובאָף, מ. יעלי-סאַוועצקי, א. פרומקין, ה. פעלדעסמאַן און מ. קיסעלעף.

דער אויפרוף פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט הייבט זיך אָן מיט די פאָלגנדע ווערטער:

„ברידער! אַ נייער שוידערלעכער יאָמער-געשריי האָט דערגרייכט צו אונדז פון יענער זייט ים. נאָך זענען נישט געהיילט די פריערדיקע וווּנדן, און אַ נייע ביטערע בשורה האָט ווי מיט אַ שפּיז דורכגעשטאָכן אונדזערע אַזוי אויך גענוג פאַרבלוטיקטע הערצער!

„פרישע קרבנות זענען געפאַלן אויפן מזבח פון דעם אומדערבאַרעמדיקן גאָט פון מלחמה... אָבער דאָס מאָל איז נאָך דער ווייטיק פיל גרעסער און שאַרפער, ווייל דאָס אומשולדיקע בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן אויף דער ערד פון אונדזערע אבות, אויף יענער ערד, וואָס איז שוין מיט טויזנטער יאָרן צוריק געווען אָנגעזעטיקט מיט אונדזער בלוט"...

וועגן דעם דאָזיקן ענין איז פאַראַן נאָך אַ צווייטער אויפרוף, אַ רוף צו דער יידישער באַפעלקערונג פון בוענאָס-איירעס צו קומען צו אַ פּראָטעסט-פאַר-זאַמלונג זונטיק דעם 17-טן „2 אוהר נ. מ." אין סאַלאָן אוגוסטעאָ.

אין וועלכן חודש, אין וועלכן יאָר דאָס איז געווען, קען מען פון די אויפ-רופן נישט דערגיין. אויף דער פּראָטעסט-פאַרזאַמלונג האָבן געזאָלט רעדן: ד"ר חלפן, ד"ר אַראָנאָוויטש, מ. פּאָליאַק און ד. מענטשעס.

אָבער פאַרן פּראָטעסט האָט דער קאָמיטעט געפאָדערט הילף פאַר די ליידנדע:

„פריער ווי אַלץ מוזן מיר עפּעס טון אום צו פאַרגרינגערן וואָס גיכער די דרינגענדע נויט פון יענע טויזנטער, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע הייזער און וואַלגערן זיך אין שמוץ און אין אַ דאַך איבערן קאָפּ. ביז איצט האָבן זיי אויך גענוג געליטן די עקאָנאָמישע פאָלגן פון דער מלחמה, האָט מען זיי געשיקט הילף צוגלייך מיט אַלע אַנדערע מלחמה-קרבנות. ביז איצט האָבן זיי נאָך געקענט אַרבעטן אויף זייערע פעלדער און גערטנער... אָבער איצט איז די הילף פאַר זיי דרינגענד, נישט נאָר אונטערשטיצן דאַרף מען, נאָר ראַטעווען פון הונגער-טויט".

פון דער דאָזיקער שטעלע אין דעם אויפרוף קען מען זיך משער זיין, אַז דאָס איז געווען אין 1917.

## די „טראַגישע וואָך"

אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן די פּאָגראָמען אין פּוילן איז געווען אַ גרויסע אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונג מיט אַ קאָמיטעט אין דער הויפּט־שטאָט און סוב־קאָמיטעטן אין דער פּראָווינץ. צוזאַמען מיט דעם מיטינג דאָ אין דער הויפּטשטאָט זענען דורכגעפירט געוואָרן מיטינגען אין פאַרשידענע שטעט פון דער פּראָווינץ. פון די נעענטערע שטעט זענען געקומען דעלעגאַציעס און טעלעגראַפישע אַנשליסונגען אין די הונדערטער. דר דאָזיקער פּראָטעסט־מיטינג האָט נאָר געהאַט דעם איינעם חסרון וואָס ער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 29־טן יולי 1919, דאָס הייסט מער ווי 8 מאָנאַטן נאָך דעם לעמבערגער פּאָגראָם. דעם 29־טן יולי האָט מען זיך געהאַט אין פּוילן שוין אַביסל באַרו־איקט, די פּאָגראָם־ווונדן פון לעמבערג האָבן זיך שוין געהאַט אַביסל פאַרהיילט, נאָר וויר־נישט־ווו האָט אַ „האַלערטשיק" אויסגעריסן ביי אַ יידן די באָרד. און בכלל האָט דאַן געהערשט אין פּוילן דער „נאָרמאַלער" אַנטיסעמיטישער קורס.

אָבער דער פּערספּעקטיקטער פּראָטעסט־מיטינג פון יענער צייט איז צו פאַרענטפערן מיט אַ געוויסן עפּיזאָד, וועלכן די אַרגענטינער יידן האָבן אַליין איבערגעלעבט אין יענעם יאָר. מיר דערמאָנען נאָכאַמאָל, אַז דאָס איז געווען אין 1919, אין יענעם יאָר, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן מיט דער „טראַגישער וואָך". און אויב אַרגענטינער יידן האָבן אין יענעם יאָר, אין יענע חדשים נאָך אין זינען געהאַט צו העלפן די יידן אין אויסלאַנד און צו פּראָטעסטירן קעגן אומרעכט אין אייראָפּע, באַווייזט דאָס בעסער ווי אַלץ דעם לעבנס־כוח פון דעם אַרגענטינער יידנטום. דער ישוב האָט געוואָלט וואָס גיכער פאַרגעסן די טראַגישע וואָך ווי עפּעס אַ בייזן חלום. און ער האָט אויסגעמעקט דעם דאָזיקן „טראַגישע וואָך" ווי עפּעס אַ בייזן חלום. און ער האָט אויסגעמעקט דעם דאָזיקן איבער די דאָזיקע טראַגישע פּאַסירונגען צום טאָג־אָרדענונג — צו דער נאָרמאַ־לער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

אין אונדזער בינטל פּאַפּירן זענען פאַראַן צוויי דאָקומענטן, וואָס דערמאָ־נען אין דער טראַגישער וואָך. איינס איז אַ שריפט אין אַ גרויסן קוואַרט־פאָר־מאַט אונטערן טיטל „לאַ סעמאַנאַ טראַכיקאַ", אַרויסגעגעבן פון אַלבערטאָ מ. איזראַעל און ח. לאַרעאַ אָראָניאַ. און דער צווייטער דאָקומענט איז אַ רשימה פון די שאָדנס, וואָס עס האָבן געליטן יידישע אינסטיטוציעס און יחידים אין דער טראַגישער וואָך. די דאָזיקע לעצטע שריפט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם „קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט", וואָס האָט זיך געבילדעט ספּעציעל פאַרן צוועק צו פאָדערן אַנטשעדיקונג פאַר די געליטענע שאָדנס.

אין דער שריפט „לאַ סעמאַנאַ טראַכיקאַ" זעען מיר פאָטאָגראַפישע אויפ־

נאָמעס פון די געליטענע פערזאָנען. מיר זעען פּלייצעס צעשלאָגענע, צעשונ־
דענע פון אייזערנע שטעקנס און פון פוס־טריט; מיר זעען מאַרטור־אינסטרו־
מענטן, מיט וועלכע מען האָט געמאַטערט די אַרעסטירטע. אין דער רשימה זע־
נען פאַרצייכנט די נעמען פון 55 יידן, געשלאָגענע, פאַרוווּנדעטע, געפּייניקטע
אין דער טראַגישער וואָך; עס זענען אויך פאַראַן סערטיפיקאַטן פון דאָקטוירים,
וועלכע באַשטעטיקן דעם אופן פון דער פאַרוווּנדונג פון יעדן איינעם פון די
געליטענע. דעם ערשטן פּלאַץ אין דער רשימה פאַרנעמט די באַשרייבונג פונעם
איבערפאַל אויפן לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע פּועלי־ציון. די דאָזיקע באַ־
שרייבונג לייענט זיך אַזוי:

„פרייטיק דעם 10־טן יאַנואַר, 6 אַזייגער נאָכמיטאָג, איז געקומען צום
לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע פּועלי־ציון, עקזאַדער 645, אַ גרופּע פון פּריוואַטע
מענטשן, באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן און שטעקנס, אָנגעפירט פון פּאָליציי־
אַגענטן און פון רעקרוטן פון דער גאַס, האָבן זיי אַריינגעשאָסן אין לאָקאַל
אַריין. דערנאָך האָבן זיי אויפגעריסן די פענצטער און די טירן און אַריינדרינ־
גענדיק אין לאָקאַל, האָבן זיי צעשטערט אַלץ, וואָס דאָרט האָט זיך געפונען: די
מעבל, פענצטער, טירן און פּערסיאַנעס; זיי האָבן פאַרברענט די ביבליאָטעק,
אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען טויזנטער בענדער אין שפּאַניש, צווישן זיי
ווערק פון מיטרע, אַלבערדי, אַמעגינאָ, גוטיערעס און אַנדערע נאַציאָנאַלע אוי־
טאָרן. גלייכצייטיק האָבן די פּאָליציאַנטן און די ציווילע איבערגעפאַלן די
שכנהשע וווינונגען, שיסנדיק פון זייער געווער און שלאָגנדיק מיט די זעבלען
און מיט די קאָלבעס פון די מאַוזערס יעדן, וועמען זיי האָבן נאָר דערגרייכט:
מענער, פרויען און קינדער. דערנאָך זענען די מענער פאַרהאַלטן געוואָרן און
אָפּגעפירט געוואָרן אין דער 7־טער קאָמיסאַריע, ווערנדיק אַלע געשלאָגן אויפן
וועג צו דער קאָמיסאַריע און אין דער קאָמיסאַריע גופא. פון דאַנען האָט מען
זיי איבערגעפירט אין דער נייַנטער קאָמיסאַריע. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן
דער איבערפאַל אויפן לאָקאַל האָבן די איינוווינער געבעטן טעלעפאָניש הילף
ביי דער 7־טער קאָמיסאַריע. פון דאָרט האָט מען זיי געענטפערט: „די מאַני־
פעסטאַנטן ווייסן וואָס זיי טוען”... אָט אַזעלכע זאַכן האָבן געקענט פאָרקומען
אונטער איריגאָזשענס רעגירונג.

אָבער, ווי געזאָגט, די אַרגענטינער יידן האָבן דעם דאָזיקן טרויעריקן עפּי־
זאָד גיך פאַרגעסן. און זיי האָבן אים פאַרגעסן מיט אַ כיוון, כדי דער קאָשמאַר
פון די טראַגישע יאַנואַר־טעג פון 1919 זאָל נישט באַלאַסטן זייערע מוחות און
זייערע אַרגענטינער בירגערלעכע געפילן, כאָטש פאַרגעסן לגמרי אַזעלכע פּאַסי־
רונגען איז היסטאָריש נישט קיין גרויסע חכמה. נאָך דער טראַגישער וואָך האָבן
די יידן וויי טער אָנגעפירט זייער הילפס־אַרבעט פאַר די מלחמה־קרבנות און אָר־
גאַניזירט פּראָטעסט־מיטינגען קעגן די פּאָגראָמען אין פּוילן.

:: :: ::

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז די זאַמל־אַקציע פאַר די מלחמה־קרבנות איז נישט איבערגעריסן געוואָרן דורך דער גאַנצער מלחמה־צייט, כאָטש זי איז נישט די גאַנצע צייט געפירט געוואָרן מיט דער זעלבער ענערגיע און מיט דעם זעלבן טעמפּאָ. מיר האָבן פאַר זיך אַן אויפרוף פונעם צענטראַלן הילפס־קאָמי־טעט מיט דעם פאָלגנדן טעקסט:

„זונטיק־טעג פון זעלבסטביישטייערונג פאַר די יידישע מלחמה־ליידנדע. עס פאָדערן זיך וואָלונטירן! נישט צו גיין אויף דעם שלאַכטפעלד, נאָר גיין פון הויז צו הויז און פאַרשרייבן אויף צו צאָלן מאָנאַטלעכע זעלבסטבאַשטייערונג.״

די צוויי זונטיקן אויף וועלכע מען האָט אַרויסגערופן די וואָלונטירן, זענען געווען דעם 22־טן און 29־טן יולי 1917. מען האָט אַלזאָ דעמאָלט איינגעפירט אַזאַ זאַך ווי מאָנאַטלעכע זעלבסט-באַשטייערונגען. און אַזוי און אויף אַנדערע אופנים איז די אַרבעט אָנגעפירט געוואָרן דורך אַלע מלחמה־יאָרן און אויך נאָך דער מלחמה, אין 1920.

דער הילפס־צוזאַמענפאָר פון מאַי 1920 איז נישט געווען קיין אונטערנע־מונג אויף צו אָרגאַניזירן אַ קאַמפּיין, נאָר דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ מין קאָנטראָל פון די אַרבעטס-כוחות און אַ דין וחשבון פון דער אָפּגעטועטער אַר־בעט. דער הילפס־צוזאַמענפאָר איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין מיטן דעם געפירטן קאַמפּיין. פון דעם דאָזיקן הילפס־צוזאַמענפאָר וואָלטן מיר נאָך היינט געקענט עפּעס לערנען. קודם-כל: צום הילפס־צוזאַמענפאָר האָבן געהאַט אַ רעכט צו שיקן דעלעגאַטן די, וואָס האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער זאַמל־אַקציע. די סוב־קאָמיטעטן פונעם הילפס־קאָמיטעט האָבן געהאַט אַ רעכט אויף דעלע־גאַטן לויט דער צאָל פון זייערע ביישטייערער. און אויב אַ סוב־קאָמיטעט האָט נישט געקענט שיקן אַזוי פיל דעלעגאַטן אויף וויפל ער האָט געהאַט אַ רעכט לויט זיינע ביישטייערער, האָט דער איינער דעלעגאַט אויף דעם צוזאַמענפאָר געהאַט אַזוי פיל שטימען וויפל דעלעגאַטן זיין סוב־קאָמיטעט האָט געהאַט אַ רעכט צו שיקן.

דער דאָזיקער מין רעפּרעזענטאַנץ שטיצט זיך אויף אַ געזונטן פאַרנונפ־טיקן פּרינציפּ, אַז ווען דער אָנפירונג פון אַ הילפס־אַקציע דאַרפן אַנטשיידן נישט סתם עצה־געבער און פּראָיעקטן־מאַכער, נאָר מענטשן, וועלכע אַרבעטן פּראַקטיש פאַר דער הילפס-אַקציע, און וואָס מער ביישטייערער אַ סוב־קאָמי־טעט האָט דערגרייכט, אַלץ מער דעלעגאַטן האָט ער געהאַט אַ רעכט צו שיקן.

צוזאַמען מיט דעם הילפס־צוזאַמענפאָר איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „טרוי־ער־וואָך״ נאָך די מלחמה־קרבנות, און די טרויער-וואָך האָט באַדאַרפט אויסגע־נוצט ווערן פאַר אַ גרעסערער און סיסטעמאַטישער זאַמל־אַקציע.

וועגן דעם אופן פון אָרגאַניזירן די אַקציע געפינען מיר אַן אינטערעסאַנטע נאָטיץ אין „די אידישע צייטונג״ פון פּרייטיק, דעם 23־טן אַפּריל 1920. פון

דער דאָזיקער נאָטיץ קען מען נאָך היינט עפּעס לערנען; דערפאַר גיבן מיר זי דאָ איבער אינגאַנצן:

„די זאַמלונג, אין משך פון דער „טרויער־וואָך" פון דעם אַרגענטי־נער יידנטום נאָך די מלחמה־ און פּאָגראָמען־קרבנות, ווערט אָרגאַניזירט אויף פאָלגנדן אופן: עס ווערן צוגעגרייט אַ גרויסע צאָל זאַמל־ליסטעס, וועלכע וועלן צעטיילט און פונאַנדערגעשיקט ווערן צו אַלע פאַראיינען, געזעלשאַפטלעכע פּערזאָנען און אַזוי באַקאַנטע טעטיקע פּערזאָנען. די אַלע וועלן האָבן די אויפגאַבע צו זאַמלען ביי זייער קרייז באַקאַנטע.

„ספּעציעל וועגדעט זיך די קאָמיסיע צו אַלע פאַראיינען, אַז זיי זאָלן זאַמלען ביי אַלע זייערע מיטגלידער. עס איז נייטיק צו דערגרייכן אַ ל ע יי ד ן פון אַרגענטינע. אַלע, אָן אויסנאַם, זענען מחויב און דאַרפן מיט אַלעם מעגלעכן, מיט אַרבעט און געלט ביישטייערן צום דערפאָלג פון דער זאַמלונג אין דער טרויער־וואָך.

אַמבלייכסטן איז צו דערגרייכן דאָס אָרגאַניזירטע יידנטום סיי פון די אַלגעמיינע אינסטיטוציעס ווי פון די אַרבעטער־פאַראיינען און פאַר־טייען. די צוזאַמענפאַר קאָמיסיאָן האָפט דעריבער אויף דער מיטאַרבע טערשאַפט פון אַלע יידן אין אַרגענטינע, וועלכע פילן דאָך זיכער די ליידן און ווייטיקן פונעם יידנטום".

ווי מען זעט פון דער דאָזיקער נאָטיץ האָט מען דעמאָלט איבערגעלאָזט מער פלאַץ פאַר אַקטיוויטעט פאַר די פאַראיינס־מענטשן, געזעלשאַפטלעכע עסקנים און פאַר סתם יידן. צי איז דאָס אפשר דערפאַר, ווייל דעמאָלט איז אונדזער געזעלשאַפט געווען אַ קלענערע ווי היינט?

מען האָט דעמאָלט אויך געפירט די אַרבעט מער קאָנצענטרירט אין דער צייט. די „טרויער־וואָך", וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן צוזאַמען מיט דעם הילפס־צוזאַמענפאָר, איז אויך גלייכצייטיק איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער פּראָווינץ. די סוב־קאָמיטעטן אין דער פּראָווינץ זענען דערמאָנט געוואָרן איינ־צואָרדענען אין דער טרויער־וואָך הזכרה־אָוונטן, מיטינגן און דערביי האָבן באַ־דאַרפט פּראָקלאַמירט ווערן די זאַמלונגען און צוגעצויגן ווערן „טיכטיקע וואָ־לונטירן".

אויף וויפל מען קען זיך פאַרלאָזן אויף די צייטונגס־נאָטיצן, ווייזט מיר אויס פון די אויסשניטן, אַז די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט איז דאַן, באַ־זונדערס אין יאָר 1920, געווען אָן אַן ערך גרעסער און לעבעדיקער ווי ביי אונ־דזערע קאַמפּיינען פון די לעצטע יאָרן. דער פאַרקער צווישן דעם צענטראַל־קאָ־מיטעט און די סוב־קאָמיטעטן איז געווען אַ זייער לעבהאַפטיקער. מען האָט בסדר געוועקט און געמאָנט און גערופן צו דער אַרבעט. און אויך אינעם צענ־טראַל־קאָמיטעט גופא, ווייזט מיר אויס, אַז עס איז געווען מער אַקטיוויטעט ווי מיר זעען דאָס ביי היינטיקע געזעלשאַפטלעכע אַקציעס.

אָבער נישט דאָס אינטערעסירט אונדז דאָ. מיר ווילן אָנווייזן אויף דער ווירקונג פון די הילפס־אַקציעס אויפן היגן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. און דאָ דאַרף מען פעסטשטעלן דעם פאַקט, אַז די יידישע געזעלשאַפט אין אַרגענ־טינע האָט זיך אויסגעבויט דורך די הילפס־אַקציעס און בעת די הילפס־אַק־ציעס פאַר די יידן פון אויסלאַנד. אין דער אַרבעט צו העלפן די יידן פון אייראָ־פּע און פאַרן אויפבוי פון ארץ ישראל האָט דער היגער ישוב דערפילט זיין נאַ־ציאָנאַלע חשיבות און אַזוי איז געוואַקסן זיין אחריות. די דאָזיקע אחריות איז היינט גרעסער ווי דעמאָלט און עס וואַקסט אויך דער פאַרנעם און די חשיבות פון אונדזער געזעלשאַפט און פון אירע אינסטיטוציעס.

## ד ע ר  ק אָ נ ג ר ע ס

דער דאָזיקער קאָנגרעס דאַרף נאָך היינט זיין אינטערעסאַנט פאַרן רוב פון די אַרגענטינער יידן. דאָס איז צוליב דעם, וואָס אין דער צייט פון דעם קאָנגרעס איז געווען אין אַרגענטינע קוים אַ דריטל פון דער היינטיקער צאָל יידן. אין דעם דאָזיקן דריטל איז געווען אַ געוויסע צאָל קינדער אָדער נאָך נישט דערוואַקסענע. אַ היפּשער טייל פון יענעם דור איז אויסגעשטאָרבן, אַזוי אַז לפּחות 90 פּראָצענט פון די יידן, וואָס לעבן היינט אין אַרגענטינע, ווייסן גאָר נישט וועגן יענעם יידישן קאָנגרעס פון 1916.

אינעם קאָנגרעס איז דאָס אינטערעסאַנטע דער פאַקט, וואָס ער האָט פאַר־טראָטן כמעט דאָס גאַנצע, געזעלשאַפטלעך אָרגאַניזירטע אַרגענטינער יידנטום פון יענער צייט. דאָס קאָן מען זען פון דער פאָלגנדער ליסטע פון די דעלעגאַטן פון בוענאָס איירעס און פון די פאַראיינען, וועלכע זיי האָבן פאַרטראָטן:

שלמה ליבעשוץ — ציוניסטישע פעדעראַציע; ד״ר ש. חלפן און ש. הירש — קאָנגרעג. איזראַעליטאַ; ד״ר א. זשאַבאָטינסקי — עזרה; ברוך גאַרפונקעל — חברה קדישא אשכנזי; לואיס וואַלפּיש — בקור חולים; יוסף לוצקי — ת״ת ד״ר הערצל; אפרים רויזענצווייט — ת״ת הראשונה; ג. סווערדליק — ת״ת לינת הצדק; י. רייך — דורשי ציון; דוד שיפּטער — עסטרייך־אונגאַרישער פאַראיין (דער דאָזיקער פאַראיין האָט דאָ איבערגעלעבט דעם ווערסאַ־לער טראַקטאַט); גבריאל קלימאַווסקי — כאַוועגטוד איזראַעליטאַ אַרכענטינאַ; מ. טאַבאַק־מאַן — ת״ת מ. נאַרדוי; ש. טראַכטענבערג — תפארת ציון; נתנאל פראַנקעל — איד. יוגנט פון באָקאַ־באַראַקאַס; בנימין בערלאַנד — ת״ת כנסת ישראל; מרדכי צעסאַרסקי — ביבליאָ־טעק דוד וואָלפזאָן; ישראל העלפמאַן — קולטור־פאַראיין י. ל. פּרץ; הערמאַן קראַסילאַווסקי — אַרב. הילפס־פאַראיין; אשר זילבערמאַן — אונ. איזראַעליטאַ פון באָקאַ־באַראַקאַס; דוד גרויסמאַן — קולטור־פאַראיין ד״ר הערצל, פלאָרעס; פּ. שפּאָליאַנסקי — ת״ת אין פלאָרעס; חיים כהן — אגודת ישראל; לייב דראַגאַווסקי — ביבליאָטעק אין ווילע קרעספּאָ; חכם שאול סתהון — קהלת הספרדים מהרם צובה; שלמה און שמואל גוויני — חסד של אמת (אַראַבישע יידן); אברהם גאַבים — ייד. אַרב. יוגנט; יוסף חלפן — בית יעקב אין פלאָרעסטאַ; יצחק גליקסמאַן — ת״ת אין פלאָרעסטאַ; יוסף צאַלעם — שניידער באַלעבאַטים־פאַראיין.

חוץ די דאָזיקע דעלעגאַטן פון די פאַראיינען זענען נאָך געווען פון בוענאָס איירעס „פון דער יידישער באַפעלקערונג" די פאָלגנדע דעלעגאַטן:

יעקב יוסעלעוויטש, יצחק ברעסער, משה רובין, פּאַסקואַל וואַלדמאַן, מרדכי ראַזאַווסקי,

פּאַביאַן ש. הלוי, נחום ענקין, מאַנועל בראַנשטיין, אברהם א. וויינער, ד״ר יצחק ניסנזאָן, גר. פּינגערמאַן, משה קורלאַט, אלכסנדר יאַקובאָוו, שמעון יוסעלעוויטש, אל. גערשטיין, משה פּיינשטיין, יוסף פּיינשטיין, בער. קאַלעסניקאָוו, הלל מאַלימאַוואַ, מנשה סגל, מיכל גער־טשיקאָף, ב. כאַריטאַנסקי, הרב א. וויסמאַן, ראובן זינגמאַן, פּנחס כ״ץ, אברהם וועקסמאַן, נח וויטאַל, א. רייכמאַן, יוכבד וויניקאָף, ישעיהו אַנטאָנאָווסקי.

פון דער פּראָווינץ און פון די קאָלאָניעס זענען געווען די פאָלגנדע דעלע־גאַטן:

מאַנועל וואַקס, מיכל סיני, נחמן גזאַנג, נח קאַצאָוויטש, יוסף פּליישער, משה עלמאַן, ידידיה אפרון, ש. הורוויץ, ד״ר א. אַראַנאָוויטש, משה טשאַרנע, אברהם שליאַפּאַקאָף, ישראל רעזניצקי, מ. פרידמאַן, מ. פּאַליאַק, שלמה רעזניק, אהרן כאַסעלעוויטש, מיכל דרייזין, אַדאָלף גאָלדין, משה ראַשקאָווסקי, ב. שעכטער, שלמה עפּשטיין, ש. פּליטשמאַן, יעקב ליטווין, ח. לעוויט, ז. ספּעקטאָר, ג. לאַזאַראָוו, א. ד. רייצין, דוד גלאַזערמאַן, רפאל כהנא, ישראל דימאָוו, בער גוטניצקי, משה פּערצאָווסקי, ישראל גאַרעליק, משה מאַלימאָווקאַ, ש. פּערצאָווסקי, יעקב גראָסמאַן, זיגמונט סימאָנאָוויטש, יעקב גאָלדמאַן, י. כהן, יוסף יערוסאַלימסקי, יוסף כן (מאָזעסוויל), נחום גאָלדענבערג — עזרה, מאָנטעווידעאָ; משה בולגערמאַן — דאָמען־פּאַראַיין, מאָנטעווידעאָ.

פון סאַנטיאַגאָ,טשילע, זענען געווען דעלעגאַטן: ענריקע וויינבערג און שבתי קרענאָוויטש.

דער קאָנגרעס איז דערעפנט געוואָרן מיט אַ פייערלעכער רעדע פון ש. לי־בעשוץ. דאָס איז געווען אַ רעדע פון וועלכער ס'האָט זיך ארויסגעהערט דער נוסח פון הערצלס און נאָרדויס קאָנגרעס רעדן. ליבעשוץ האָט גערעדט וועגן די צאַ־רישע רדיפות, באַזונדערס אין דער מלחמה צייט. דערביי האָט ער אויך אונ־טערגעשטראָכן לויטן נוסח נאָרדוי — די „מאָראַלישע יידן-נויט״.

שילדערנדיק אויספירלעך די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פונעם צאַריזם און פון דער רומענישער רעגירונג און פאַרדאַמענדיק די רדיפות אויף די יידן, קומט ליבעשוץ צום פאָלגענדן אויספיר:

„מיינע הערן! מיר ווייסן, אַז אכט מיליאָן נפשות, אונטערדריקטע אין די דעספּאָטישע לענדער, האָבן אין זיך, נישט קוקנדיק אויף זייערע שרעקלעכע ליידן, אומגעהויערע פּראָ־דוקטיווע כוחות. מיר ווילן אַלזאָ עפענען פאַר זיי די טויערן פון בירגערלעכער און נאַציאָ־נאַלער פרייהייט, זיי זאָלן קענען פירן זייער לעבן לויט זייער יידישן אידעאַל און זאָלן אין דער זעלבער צייט פאַרשטעלן מיט זיך אַ פאַקטאָר פון אומשעצבאַרן פּאָליטישן ווערט...

„דעריבער ווילן מיר זיי העלפן אַרויסגיין פון דער מאָדערנער געטאָ פון אונטערדריקונג און אויך באַפרייען זיי פון אונדזער אייגענער אַסימילאַטאָרישער פּלוטאָקראַטיע, וועלכע... פאַרנעמט זיך בלויז מיט פילאַנטראָפּיע אַנשטאָט צו אָרגאַניזירן דאָס יידישע לעבן אויפן יסוד פון זעלבסטהילף... מיר ווילן, אַז פון דעם קאָנגרעס זאָל אַרויסגיין אַן עכטע שטאַרקע רעפּרעזענטאַנץ, וועלכע זאָל אַרויסזאָגן אונדזערע פאָדערונגען אויפן קומעדיקן פרידנס־קאָנ־גרעס. מיר ווילן, אַז אונדזער פאַרשטייערשאַפט זאָל זען, אַז מען זאָל אונדז אָפּשאַצן אַלס אַזעלכע ווי מיר זענען; זיי זאָלן איבערצייגן די רעגירונגען צו וואָס מיר זענען פעאיק און וואָס פאַר אַ כוח מיט בילדן״...

ליבעשוץ האָט דאָ אויפגעשטעלט די פאָלגענדע דריי באַזיס־פּונקטן פון דער יידישער פּאָליטיק:

„1) גלייכע רעכט פאַר די יידן מיט די אַנדערע בירגער פון די לענדער

וואָס זיי באַוווינען. אָבער נישט קיין פיקטיווע גלייכהייט אויפן פּאַפּיר, נאָר ווירקלעכע און עפעקטיווע.

2) עס זאָל אַנערקענט ווערן פאַר די יידן נאַציאָנאַלע רעכט דאָרט, ווו זיי בילדן אַ מערהייט אין דער באַפעלקערונג.

3) מען זאָל געבן די יידן, וואָס ווילן לעבן אַ נאַציאָנאַלן לעבן אין פּאַלעס־טינע, ברייטע און אומבאַגרענעצטע רעכט צו איינוואַנדערן און צו באַזיצן לאַנד אויפן גרונט פון אויטאָנאָמיע מיט רעגירונגס־מאַכט".

די דאָזיקע דריי גרונט־פאָדערונגען פון ליבעשוץ ווערן אינעם רעפעראַט פון נ. געזאַנג רעדוצירט צו צוויי:

„1) גלייכע בירגער־רעכט פאַר די יידן אין די גלות־לענדער.

2) אַן אייגענע היים פאַרן יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע".

אגב וויל איך דאָ אָנווייזן אויף דער רעדאַקציע פון ליבעשוצס צווייטע גרונט פאָדערונג:

„עס זאָל אַנערקענט ווערן פאַר די יידן נאַציאָנאַלע רעכט דאָרט, ווו זיי בילדן אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג". וועגן מינאָריטעטס־רעכט רעדט זיך דאָ גאָרנישט.

אויך אינעם רעפעראַט פון ה' געזאַנג ע"ה רעדט זיך אַ סך וועגן די רוסישע רדיפות. אָבער ה' געזאַנג רעדט וועגן די אויפגאַבן פונעם קאָנגרעס מיט מער פּרעציזקייט. איך וויל דאָ איבערגעבן פון זיין רעפעראַט אייניקע שטעלן:

„...דער יידישער קאָנגרעס אין אַרגענטינע ווי אין אַלע אַנדערע לענדער איז נישט נאָר לטובת פון אונדזערע ברידער וואָס לעבן אין רוסלאַנד, ניין. אין אים זענען בלוטיק פאַראינטערעסירט אַלע יידן בכל מקום שהם.

„דער יידישער קאָנגרעס איז נישט קיין נייע דערשיינונג אין אונדזער געשיכטע. מיר געפינען אים אונטער פאַרשידענע פאָרמען און פאַרשידענע נעמען, אין דער אַלטער ווי אין דער לעצטער צייט. אַמאָל האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט רעליגיעזע פראַגן, האָט אַרויסגעגעבן דינים און תקנות ווי יבנה, בית שמאי והלל, סוריא און פּומפּדתא. שפּעטער האָט ער זיך פאַרנומען מיט פּאָליטישע פראַגן, ווי דער סנהדרין אין פּאַריז, דער ועד ארבע הארצות און די ציוניסטישע קאָנגרעסן...

„דער יידישער קאָנגרעס איז אַן און פאַר זיך דער שטאַרקסטער פּראָטעסט קעגן דער וועלט, פאַר דעם יידישן בלוט, וואָס איז אַזוי הפקר.

„דער יידישער קאָנגרעס פירט צו דער גרויסער יידישער אייגהייט און דאָס יידנטום טרעט אויף פאַר דער וועלט מיט איין ווילן און די זעלבע פאָדערונגען.

„דער יידישער קאָנגרעס מאַכט אַ סוף צו דער שתדלנות קריכעריי און לייגט אַ וועג פאַר אַ יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

„דער יידישער קאָנגרעס וועט געבן די שליחים צום פרידנס־קאָנגרעס ווו עס

וועט באַהאַנדלט ווערן די יידן-פראַגע, די מאָראַלישע קראַפט פון אַ 15 מיליאָנענדיקן לײַדנדן יידישן פאָלק.

„דער יידישער קאָנגרעס וועט געבן די מעגלעכקייט די חסידי אומות העולם, זיי זאָלן קענען לאָזן הערן זייער שטים לטובת די יידן. ווייל אַזוי לאַנג ווי מיר אַליין ווילן זיך נישט העלפן, קאָן דאָך אונדז קיינער נישט העלפן.

„דער יידישער קאָנגרעס וועט אונדז צוגרייטן, אַז ביי דעם אויפהערן פון דער וועלט-קאַטאַסטראָפע זאָלן מיר נישט קומען מיט נדבות און פּרוטות, נאָר מיר זאָלן ראַדיקאַל העלפן די מיליאָנען פאַראומגליקטע.

„דער יידישער קאָנגרעס וועט פּראָקלאַמירן פאַר דער עפנטלעכקייט, אַז מיר לעבן נישט אין דער וועלט אַלס „אַלעמאַנס" און „רוסאָס", נאָר אַלס יידן..."

דערנאָך האָט נ. געזאַנג באַגרינדעט זיינע צוויי גרונט פאָדערונגען, וועלכע מיר האָבן אויבן איבערגעגעבן און ער פּאָלעמיזירט שאַרף קעגן די קעגנער פון די דאָזיקע גרונט-פאָדערונגען:

„מען זאָגט אונדז: פּאַלעסטינע איז נאָר נוגע אַ געוויסן טייל פון די יידן, און דער קאָנגרעס דאַרף זיך באַשעפטיקן מיט דער פאָדערונג, וואָס נעמט אַרום דעם כלל יידנטום. און מיר זאָגן, אַז אַן אייגענע היים איז נוגע אַלע יידן, ווו זיי זאָלן נישט זיין...

„מען זאָגט אונדז: „אַז מיר פאַרנייגן דעם גלות, צאַפּן־אויס זיינע קרעפטן און זאַפּטן און טראָגן דאָס אַריבער אין דער אייגענער היים. און מיר זאָגן, אַז אויב די יידן אין די פאַרשידענע לענדער זאָלן איבערהויפּט האָבן אַן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, מוזן זיי פאַר זיך האָבן דעם אידעאַלן ענד־ציל פון אַן אייגענער היים..."

און אויף דער טענה, אַז די שטרעבונג צו אַן אייגענער היים קאָן אויסגעטייטשט ווערן אַלס אומפּאַטריאָטיש, ווייזט אָן געזאַנג אויף די „טויזנטער געפאַלענע ציוניסטן אויף די פאַרשידענע שלאַכט-פעלדער.

דער אַרגענטינער סאָציאַליסט, ד"ר אַלפרעדאָ פּאַלאַסיאָס, האָט באַגריסט דעם קאָנגרעס, דערקלערנדיק:

„יעדער ערלעכער פּאַטריאָט און ליבעראַלער מענטש האָט אַ הייליקן חוב צו אונטערשטיצן מיט אַלע מעגלעכקייטן די גערעכטע פאָדערונגען פון אַן אַלט־ליידנדן פאָלק"... ער לויבט שטאַרק די אַלטע יידישע קולטור־אוצרות, וועלכע זענען אייביק געווען אַ קוואַל פון ציוויליזאַציע און פאַרשריט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. „ס'איז דאָס גרעסטע אומרעכט — זאָגט ער ווייטער — אַז אַזאַ פאָלק זאָל ווערן געהאַלטן אין צוואַנגען פון שקלאַפעריי. און זאָל זיך נישט קענען אויסלעבן פריי אַלס פאָלק מיט אַלע פעלקער גלייך." און רעדנדיק וועגן די יידן וועלכע פירן אַן אייביק מאַרטירער־לעבן אין די לענדער פון אונטערדריקונג, זאָגט ער: „פאַר די דאָזיקע יידן מוזט איר שאַפן אַן אייגענע היים און פון דאָרט וועט אויך אַרויסקומען דאָס געטלעכע וואָרט פון דעם אַלטן קולטור־פאָלק ישראל".

כאַראַקטעריסטיש פאַרן פּאָליטישן פּרעסטיזש פון דעם קליינעם יידישן ישוב פון יענער צייט, איז דער פאַקט, וואָס צום יידישן קאָנגרעס זענען אָנגע־

קומען טעלעגראַפישע באַגריסונגען פונעם פּרעזידענט פון דער אַרגענטינער דעפּוטאַטן-קאַמער, ד״ר קאָרבאַ, פון עקס מיניסטער איבאַרגורען און אַנדערע.

אינטערעסאַנט איז געווען די דעבאַטע וועגן די צוויי הויפּט-פאָדערונגען. איייניקע דעלעגאַטן זענען אויפגעטראָטן קעגן דער פאָדערונג פון פּאַלעסטינע. איינער, האָט זיך דערקלערט קעגן פּאַלעסטינע, ווייל ער איז בכלל קעגן די פּאַטריאָס (פּאַטערלענדער). פון די פּאַטריאָס קאָן בכלל קיין גוטס נישט אַרויסקומען און ער ווייזט אָן אויפן פאַקט פון דער מלחמה.

אַן אַנדערער דערקלערט זיך אַלס „ציוני״, אָבער ער ווייסט נישט, צי דאָס אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון אַן אייגענער היים אין פּאַלעסטינע, קאָן פירן צו פּראַקטישע רעזולטאַטן. ער האָט מורא, אַז מיט אַזאַ פאָדערונג זאָלן מיר חלילה נישט פאַרערגערן די יידישע לאַגע. צום סוף ווערן דאָך מיט אַ ריזיקער מערהייט אָנגענומען די צוויי פאָדערונגען: 1) גלייכבארעכטיקונג פאַר די יידן אין די גלות לענדער און 2) אַן אייגענע היים פאַרן יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע.

**
*

זייער אינטערעסאַנט איז געווען און איז נאָך פאַר אונדז היינט די דיסקוסיע איבער „די אָרגאַניזירונג פון אַרגענטינער יידנטום״. די דאָזיקע פראַגע האָט רעפערירט נח קאַצאָוויטש ע״ה. ער האָט באַטראַכט די פראַגע פון דריי שטאַנדפּונקטן: „1) די נויטווענדיקייט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע, 2) די טעאָרעטישע מעגלעכקייט פונעם פּראָיעקט און 3) די רעאַליזירונג פון דעם זעלבן אין פּראַקטישן לעבן״.

קאַצאָוויטש האָט באַטראַכט די אָרגאַניזירונג אַלס אַ מיטל פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די יידישע אינטערעסן.

„ווי אָפּטימיסטיש — זאָגט ער — מיר זאָלן נישט באַגרייפן די פרייהייט, וועלכע מיר גענייסן דאָ אין אַרגענטינע, אַ לאַנד פון גלייכהייט און פרייהייט... דאָך קאָנען מיר נישט פאַרבלייבן אַפּאַטיש צו די אָפטע דערשיינונגען פון אומגערעכטע אָנפאַלן אויפן יידנטום דאָ אין לאַנד, קעגן וועלכע עס קומט אונדז אויס צו ראַנגלען זיך, אויב מיר ווילן נישט, אַז די אַרגענטינער לופט זאָל פאַרפּעסטעט ווערן פון אַנטיסעמיטיזם... מיר טאָרן נישט פאַרלאָזן אָנצונעמען מיטלען, אַז דעם יידנטום זאָל נישט אויסקומען צוליידן פון געזעצלעכע באַשרענקונגען, וואָס קענען דאָ געשלאָסן ווערן קעגן „פרעמדע״ דורך אַ קאַפּריז פון אַ באַאַמטן פון דער עקזעקוטיוו-מאַכט, אָדער פון אַ פיינטלעכער פּראָפּאַגאַנדע קעגן אונדז מצד דער פּרעסע״.

וועגן אַזעלכע סכנות האָט קאַצאָוויטש געטראַכט שוין דעמאָלט אין יאָר 1916. און ער ברענגט „פיל פאַקטן פון אומאַנגענעמלעכקייטן וואָס מיר האָבן איבערגעטראָגן דאָ אין לאַנד פון דער פּרעסע, וואָס פאַרלויפיק האָבן זייערע אָנפאַלן נישט געהאַט קיין פּראַקטישן שלעכטן רעזולטאַט פאַר אונדז, ווייל דער באָדן דאָ איז נאָך נישט גענוג צוגעגרייט צו אַנטיסעמיטישע העצעס״. אָבער

— זאָגט ער ווייטער — „זאַמען האָבן זיי שוין יאָ פאַרזעצט אין דעם באָדן און מיר מוזן האָבן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך באַשעפטיקן אויסראָטן די ערשטע אַנטיסעמיטישע שפּראָצונגען, ווען זיי וועלן זיך באַווייזן".

קאַצאָוויטש דערמאָנט דעם קאַמף וואָס אייניקע באַאַמטע פונעם נאַציאָנאַלן בילדונגס-מיניסטעריום האָבן דאַן אָנגעהויבן קעגן די יידישע שולן פון ענטרע ריאָס און קעגן דער יידישער דערציאונג בכלל. ער דערמאָנט אַז אין דער לעגיסלאַטור פון ענטרע ראָיס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ געזעץ-פּראָיעקט וועגן די „עסטראַנכעראָ"-שולעס און ער זאָגט:

„דאָס וואָרט „עסטראַנכעראָ" (פרעמדער) שרעקט אונדז. פאַר אונדז איז דאָס וואָרט „עסטראַנכעראָ" אַ שם הנרדף מיטן וואָרט „זשיד", אין רוסלאַנד. פרעגט אַ רומענישן יידן, וואָס באַטייט דאָס וואָרט „עסטראַנכעראָ", וועט ער אייך ענטפערן מיט אַ שווערן זיפץ, וואָס וועט זיך אַרויסרייסן פון זיין ברוסט"...

שילדערנדיק פאַרשידענע דערשיינונגען פון אַנטיסעמיטיזם פון יענער צייט, פאַרלירט אָבער קאַצאָוויטש נישט דעם אָפּטימיזם און ער זעט, אַז „דער באָדן אין אַרגענטינע איז נאָך גענוג פריי פאַרן יידנטום צו בויען געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן"...

קאַצאָוויטש שטעלט אויף די פאָלגנדע פּראַקטישע אויפגאַבן פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון אַרגענטינער יידנטום:

„1) פאַרטיידיקן די יידישע אימיגראַציע אין לאַנד, ווען עס וועט זיך פאָדערן.

2) איינאָרדענען אַ סטאַטיסטישע אָפּטיילונג צונויפצוקלייבן אַלע ידיעות און ציפערן פון יידישן לעבן, רעליגיעזן, קולטורעלן, קאָמערציעלן, אינדוסטריעלן א. אַז. וו. כדי מיר זאָלן באַזיצן דעם מאַטעריאַל וואָס מיר מוזן האָבן צו באַווייזן אונדזער שאַפן און ווירקן אין לאַנד.

3) איינאָרדענען אַן אָפּטיילונג פון קאָמפּעטענטע פערזאָנען וואָס זענען באַקאַנט מיטן יודאאיזם, וועלכע זאָלן קעמפן מיט וואָרט און שריפט צו פאַרטיידיקן דאָס יידנטום ווען דאָס וועט זיך פאָדערן.

4) אַרויסגעבן אַ מאָנאַטלעכן אָפיציעלן ביולעטין מיט אַלע סטאַטיסטישע דאַטן, כדי באַקאַנט צו מאַכן די יידישע באַוועגונג אין לאַנד וועגן אַלע צווייגן פון לעבן.

5) מיטווירקן צו רעאַליזירן אָדער צו פאַרפאָלקאָמען אַלע נויטיקע וווילטעטיקע יידישע אינסטיטוציעס.

6) שאַפן נייע יידישע אינסטיטוציעס ווען די מאַטעריעלע צושטאַנדן וועלן דאָס דערלויבן".

**
*

די פראַגע וועגן דער אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגערופן אַ גאָר לעבהאַפטע דיסקוסיע. דער וויצע-פּרעזידענט פון קאָנגרעס, ד"ר אַראַנאָוויטש דערקלערט, אַז

כאָטש ער איז אין פּרינציפּ פאַר אַן אָרגאַניזאַציע פונעם ארגענטינער יידנטום, ווייל ער דאַך, אַז מען זאָל די זאַך פריער גוט שטודירן, עס זאָל נישט אויסזען, אַז מיר ווילן שאַפן אין לאַנד אַן אייגענע פּאָליטישע פּאַרטיי.

דער דעלעגאַט נ. וויטאל האָט זיך ארויסגעזאָגט קעגן דער אָרגאַניזאַציע „ווייל די יידישע באַפעלקערונג איז צונויפגעשטעלט פון פאַרשידענע קלאַסן... ווען עס וועט קומען די צייט, אַז דאָס ארגענטינער יידנטום וועט זיך נויטיקן אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וועט זי פון זיך אַליין ארויסוואַקסן".

דער סעקרעטאַר פון קאָנגרעס, טעכטער, דערקלערט „אַלס יידישער סאָציאַליסט בין איך פאַר אַ יידישער אָרגאַניזאַציע". דאָס זעלבע דערקלערט דעלעגאַט מ. פּאָליאַק, אַז „אַלס יידישער סאָציאַליסט איז ער פאַר דער אָרגאַניזירונג פונעם ארגענטינער יידנטום".

נאָך אַ שלום-וואָרט פון נ. געזאַנג ווערט אָנגענומען די פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

„1) דער יידישער קאָנגרעס א. אַז. וו. באַשליסט די גרינדונג פון דער אָרגאַניזאַציע „פאַרבאַנד פון די ארגענטינער יידן אויף נאַציאָנאַלע און דעמאָקראַטישע יסודות";

„2) פאַר דער אויסאַרבעטונג פונעם ארבעטס-פּראָגראַם און סטאַטוטן ווערט אויסגעוויילט אַ קאָמיסיע פון 35 מיטגלידער, פון אַלע שיכטן און ריכטונגען וואָס זענען פאַרטראָטן ביים קאָנגרעס".

קענטיק, אַז די קאָמיסיע פון די 35 מיטגלידער האָט דעם ארבעטס-פּראָגראַם און די סטאַטוטן פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון ארגענטינער יידנטום נישט אויסגעאַרבעט. אָבער דער פּרווו און די דיסקוסיעס פון 1916 זענען פאַר אונדז נאָך היינט אינטערעסאַנט.

